בער גרין

# פון דור צו דור

## ליטעראַרישע עסייען

איקוף 

פאַרלאַג

און בער גרין בוך־קאָמיטעט

ניו יאָרק, 1971

BER GREEN

# FROM GENERATION TO GENERATION

(Literary Essays)

*　　*　　*

ב ע ר  ג ר י ן

„פון דור צו דור"

איקוף-פאַרלאַג, ניו יאָרק

Published by

YIDDISHER KULTUR FARBAND (YKUF)

80–5th Avenue, Room 906

New York, N. Y. 10011



Printed in U.S.A.

by Prompt Press

418 West 25th Street, New York City, N. Y.

209

מיין

רבקה׳לען

געווידמעט

הילע געצייכנט פון משה קיש

אויסגעזעצט דורך חיים לינדער

בלעטער דורך ישראל רייכמאַן

נאָך ביכער פון דעם זעלבן מחבר:

„בלומען אונטער שניי״ (לידער) — 1939

„יידישע שרייבער אין אַמעריקע״ (ליטעראַרישע עסייען) — 1963

„אייביק גרין״ (לידער) — 1965

„נפתלי באַטווין״ (בראָשור) — 1935

# צו די לייענער

די עסייען, אַרטיקלען און אָפּהאַנדלונגען אין דעם בוך זיינען געשריבן און פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן ביי פֿאַרשיידענע געלעגנהייטן, אין פֿאַרשידענע ציטן.* זיי פֿאַרבינדט איין ציל: צו ווייזן דעם שעפֿערישן גאַנג, די אַנטוויקלונג פֿון אונדזער יידישער ליטעראַטור אין משך פֿון דורות; ווייזן דעם עכט־הומאַניסטישן כאַראַקטער פֿון אונדזער ליטעראַטור. די כוונה איז צו סטימולירן דעם אינטערעס פֿון די לייענער צו באַקענען זיך אינטימער, גרינטלעכער מיט די שאַפֿונגען פֿון אונדזערע עלטערע און יינגערע שרייבער — גייענדיק דירעקט צו זייערע ווערק.

„פֿון דור צו דור" שליסט־איין אָפּהאַנדלונגען וועגן דורות יידיש־שאַפֿער, וואָס האָבן אָפּגעשפּיגלט דורות יידיש לעבן. די אָפּשאַצונגען — ליטעראַריש־געשיכט־לעכע און ליטעראַריש־עסטעטישע — זיינען ניט און קענען ניט זיין — אויסשעפּ־לעך, צוליב מאַנגל אין פּלאַץ. זיי צילן צו געבן דאָס כאַראַקטעריסטישע פּנים באַהאַנדלטן שרייבער. אין אַ געוויסן זין איז דער איצטיקער באַנד אַ המשך אָדער אַ באַגלייט־ווערק פֿון מיין פֿריערדיקן בוך־עסייען: „יידישע שרייבער אין אַמע־ריקע" (1963), וואָס נעמט־אַריין אָפּשאַצונגען וועגן 37 שרייבער.

איך האָף צו קריגן די מעגלעכקייט אַרויסצוגעבן וויטערדיקע בענד, אין וועלכע עס וועלן אַריינגיין מיינע פֿאַרטיקע אָפּהאַנדלונגען וועגן נאָך אַ היפּשער צאָל יידישע שרייבער־קינסטלער פֿון מיין דור און פֿון פֿריערדיקע דורות, פֿון אַמעריקע און אַנדערע לענדער, ווי אויך ספּעציעלע אָפּהאַנדלונגען וועגן יידישע ליטעראַטור־קריטיקער און פּובליציסטן; וועגן סאָוועטיש־יידישע שרייבער; חורבן־ליטעראַטור (קדושה און גבורה); פֿאַרשיידענע מאָטיוון און געשטאַלטן אין דער יידישער לי־טעראַטור; אַלגעמיינע אַרטיקלען וועגן דער יידישער שפּראַך און ליטעראַטור (כאַראַקטער, דערגרייכונגען, פּערספּעקטיוון); פֿון וויטן אַמאָל, א. אַנד.

די אָפּהאַנדלונגען אין „פֿון דור צו דור" זיינען געווען געדרוקט אין דער „מאָרגן־פֿרייהייט" און אין די זשורנאַלן „יידישע קולטור" און „זאַמלונגען". אור־מעטום, צום סוף פֿון די אַרטיקלען, וואו עס ווערט בלויז אָנגעגעבן די דאַטע, ווען זיי זיינען געדרוקט געוואָרן, מיינט עס, אַז זיי זיינען פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן אין דער „מאָרגן־פֿרייהייט". אויף זיי אַלע ליגט דער חותם פֿון דער צייט, ווען זיי זיינען געדרוקט געוואָרן. זיי אַלע בינדט־צוזאַמען מיין ליבשאַפֿט צו דער יידי־שער ליטעראַטור (ווי אַ טייל פֿון דורותדיק יידיש־שאַפֿן), און מיין ענטוזיאַזם פֿאַר איר מערקווירדיקן וואוקס און אויסשפּרייט אין אַלע פֿאַרמען און זשאַנרען.

לאָמיר איבערגעבן אונדזערע וואונדערלעכע יידישע ליטעראַרישע אוצרות — פֿון דור צו דור!

---

* זיי ווערן געגעבן (מער־ווייניקער) אין אַ כראָנאָלאָגישן סדר: לויט די געבורט־יאָרן פֿון די באַהאַנדלטע שרייבער.

# מ י י ן   ד אַ נ ק

איך וויל דאָ האַרציק באַדאַנקען דעם „איקוף" און דעם בער גרין בוך־קאָמיטעט פאַר העלפן אַרויסגעבן מיין בוך. גאָר באַזונדערס גייט מיין דאַנק צו די פינאַנץ־סעקרעטאַרן פונעם בוך־קאָמיטעט, אסתר און שמואל קעלערמאַן, וועלכע האָבן אַריינגעלייגט אַ וועלט מיט אַרבעט אין שאַפן ספּאָנסאָרס און אַבאָנענטן. אָן זייער הילף וואָלט דער בוך ניט געקענט דערשיינען. מיין דאַנק צו אַלע אָרגאַניזאַציעס און יחידים, וואָס האָבן דורך זייערע וואַרעמע אָפּרופן דערמעגלעכט אַרויסצוגעבן דעם בוך. מיין דאַנק צום רעדאַקטאָר פון דער „מאָרגן־פרייהייט", פּ. נאָוויק, און צום רעדאַקטאָר פון „יידישע קולטור", איטשע גאָלדבערג, צו פיל פון מיינע קאָלעגן־שרייבער און צו פיל פון מיינע לייענער. פאַר דערמוטיקן מיך אַרויסצוגעבן מיינע עסייען אין בוך־פאָרם. מיין דאַנק צו מיין ליבער פרוי רבקהלע פאַר העלפן מיר טעכניש אין צונויפקלייבן די מאַטעריאַלן פאַר דעם בוך.

**בער גרין**

אויגוסט, 1971.

---

## עקזעקוטיווע פון בער גרין בוך־קאָמיטעט

ערן־פאָרזיצערס:
פּ. נאָוויק
איטשע גאָלדבערג

פינאַנץ־סעקרעטאַרן:
שמואל און אסתר
קעלערמאַן

פאָרזיצערס:
טוביה לעווין
הערשל ראָזען

פּראָטאָקאָל־סעקרעטאַרן:
איידאַ מיטשעל
חיים שוואַרץ

קאַסירער: סעם הייבער, בערל ראָלער

# אינהאַלט

אָפּטיילונג 1

## ערב־קלאַסיקער



אָפּטיילונג 2

## די קלאַסיקער



אָפּטיילונג 3

## דורות און תקופות:

## דיכטער, דערציילער, דראַמאַטורגן

# אָפּטיילונג 1



# ערב־קלאַסיקער

## מענדל לעפין

(1829־1741)

אַ באַדייטנדיקע ראָל אין דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער שפּראַך און ליטעראַטור האָט געשפּילט דער וויכטיקער פאָרשטייער פון דער יידישער השכלה אין רוסלאַנד און אין פּוילן, מענדל לעפין, אָדער ווי מ׳האָט אים גערופן מענדל סאַטאַנאָווער, אויך מענדל מיקאָליעווער.

מענדל לעפין איז געבוירן געוואָרן אין דעם שטעטל סאַטאַנאָוו, פּאָדאָליע, אין 1741 (אָדער, מעגלעך, אין 1750). ער האָט געקראָגן אַ טראַדיציאָנעל־יידישע דערציאונג, אָבער ער האָט זיך שוין ייִנגלווייז פאַראינטערעסירט אין וועלטלעכע למודים, אַ סך געלייענט, שוואַך געוואָרן אויף די אויגן און געפאָרן קיין בערלין צו היילן זיי. דאָרט איז ער באַפריינדט געוואָרן מיטן פילאָסאָף משה מענדעלסאָן, האָט געשלאָסן באַקאַנטשאַפט מיט באַרימטע דייטשע שרייבער, מיט יידישע געלערנטע, האָט שטודירט פילאָסאָפיע און מאַטעמאַטיק און האָט אַ סך באַרייכערט זיין וויסן. אויפן וועג צוריק פון בערלין האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אין בראָד און זיך באַקענט מיט נחמן קראָכמאַל און יוסף פּערל, די פירער פון דער השכלה אין גאַליציע. צוריקגעקומען קיין פּאָדאָליע, האָט ער זיך באַזעצט אין שטעטל מיקאָליעוו און האָט זיך אָפּגעגעבן מיט ווייטערדיקן שטודירן און מיט דער אַרבעט פון פאַרשפּרייטן השכלה, אויפקלערונג, צווישן די יידישע מאַסן.

צווישן זיינע ווערק אין העברעיִש, וואָס האָבן געהאָלפן דער אַנטוויקלונג פון דער השכלה, זיינען: אַ סעריע אַרטיקלען איבער נאַטור־וויסנשאַפט (פאַרעפנטלעכט אין „מאסף״, קעניגסבערג); „רפואות העם״, בערלין, 1789, אַן איבערזעצונג און באַאַרבעטונג פונעם מעדיצינישן ווערק פון פראַנצויזישן שרייבער טיסאָ; „מסעות הים״, באַשרייבונגען פון אַ רייזע צום צפונדיקן און דרומדיקן אייז־אָקעאַן (לעמבערג, 1818, באַאַרבעט לויט קאַמפּע); „חשבון הנפש״ (לעמבערג, 1811), אַ בוך מיט מאָראַלישע כללים; אַן איבערזעצונג און באַאַרבעטונג פונעם רמב״מס „מורה נבוכים״ (דער ערשטער טייל פון אָט־דעם בוך איז דערשינען שוין נאָך לעפינס טויט אין יאָר 1829 אין זשאָלקיעוו); אַן אַריינפיר צום „מורה נבוכים״ (אַרויסגעגעבן אין 1865). אין פראַנצויזיש האָט לעפין אָנגעשריבן אַן אָפּהאַנדלונג

וועגן קאַנט׳ס פילאָסאָפיע, און אַ פּראָיעקט פאַר דורכפירן אַ רעפאָרם אין יידישן לעבן אין פוילן, באַזונדערס אַ שול־רעפאָרם.

אָבער לעפינס הויפּט־פאַרדינסט באַשטייט אין זיינע איבערזעצונגען פון משלי, קהלת, שיר־השירים און תהילים אויף יידיש — אויף אַ יידיש, וואָס איז נאָענט צום היינטיקן יידיש. לעפין איז געווען אַ משכיל אַ דעמאָקראַט, אַן אויפקלערער, וואָס איז געשטאַנען נאָענט צו די יידישע פאָלקס־מאַסן. ער איז געווען פון די ערשטע משכילים, וואָס האָבן געפאָדערט אָנצואווענדן סאַטירע און איראָניע אין קאַמף קעגן דעם חסידיזם און גייסטיקער צוריקגעשטאַנענקייט אין יידישן לעבן. ער איז געווען פון די ערשטע, וואָס האָבן זיך אָריענטירט אויף דער יידישער שפּראַך, אויף דער שפּראַך פון די ברייטע מאַסן, אַלס מיטל צו פאַרשפּרייטן קול־טור. בעת דער פילאָסאָף מענדלסאָן אין בערלין האָט איבערגעזעצט טיילן פון תנ״ך אויף דייטש, האָט לעפין באַשלאָסן איבערצוזעצן די ביבל אויף יידיש.

אין זיין פּרעקטיקער איבערזעצונג האָט ער אַרויסגעהויבן די יידישע שפּראַך צו דער מדרגה פון אַ ליטעראַטור־שפּראַך. זיין איבערזעצונג פון משלי אויף יידיש איז דערשינען אין טאַרנאָפּאָל אין 1814. די איבערזעצונג פון „קהלת" איז ערשט געדרוקט געוואָרן אין 1873 אין אָדעס. די איבערזעצונגען פון „תהלים" און „שיר־השירים" זיינען פאַרלוירן געגאַנגען, כאָטש זיי זיינען געווען פאַרשפּרייט אין האַנט־שריפט. עס איז אויך פאַרלוירן געגאַנגען לעפינס אָריגינעל ווערק אין יידיש „דער ערשטער חסיד", וועגן דעם גרינדער פון חסידיזם.

וואָס איז געווען לעפינס מעטאָד אין זיין איבערזעצן משלי און קהלת?

לעפין האָט זיך ניט געהאַלטן פאַרפליכטעט איבערצוזעצן וואָרט ביי וואָרט. ער האָט קודם־כל אינזינען געהאַט די פאָלקס־מענטשן, פאַר וועמען די איבערזע־צונג איז געווען געמיינט. ער האָט זיך דערלויבט פרייהייט אין דער איבערזעצונג, פרייהייט צוליב קלאָרקייט, אָפט אויפן חשבון פון דער טראַדיציע. ער האָט אַזוי־אַרום געשטעלט די מאַסן העכער פון דער טראַדיציע. לעפין האָט, ווי מ. ווינער דריקט זיך אויס אין זיין „צו דער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור אין 19טן יאָרהונדערט", זיך דערלויבט „ניט נאָר צו איבערזעצן, נאָר אויך גאַנץ פריי צו באַהאַנדלען די אָריגינאַל־טעקסטן, איבערצוזעצן ניט וואָרט־ביי־וואָרט, נאָר צו פאַראַפראַזירן לויטן זין נאָך און איבערצוזעצן דעם אינהאַלט אינעם נוסח פון יידישע פאָלקס־שפּריכווערטער אינעם 18טן און אָנהייב 19טן יאָרהונדערט, אַריינ־צוטאָן אייגענע ווערטער און אפילו פראַזעס צוליב גרעסערער עכטקייט און נאַ־טירלעכקייט פונעם פאָלקסטימלעכן סטיל".

האַלטנדיק זיך נאָענט צום גייסט פון פאָלקס־לעבן, האָט לעפין אָנגעטאָן די ביבלישע טעקסטן פון „קהלת" און „משלי" אַ מלבוש פון דער יידישער שפּראַך פון זיין צייט, פונעם פאָלקס־לשון פון פּאָדאָליער יידן אין אַכצנטן יאָרהונדערט. ער האָט באַנוצט אַ סך סלאַוויזמען, וואָס דער אוקראַינער ייד פלעגט דאַן נוצן; ער האָט באַפרייט זיין יידיש פון אַ סך דייטשמעריזמען. ער האָט געמאַכט אַן אָנ־שטרענג צו ברענגען זיין איבערזעצונג־שפּראַך וואָס נענטער צו דער שפּראַך פון פאָלק, פון וועלכער ער האָט — קאָנטיק, מיט ליבשאַפט און פאַרגעניגן — געשעפּט גאַנצע אוצרות. באַקומען האָט זיך אין רעזולטאַט, אַז „די משלי־איבערזעצונג פון מענדל לעפין איז געווען אַן עפּאָכע־מאַכנדיק ווערק אין דעם זין פון ריינער פאָלקס־שפּראַך" (ווי עס האָט דערקלערט זלמן רייזען אין זיין בוך „פון מענדעלסאָן ביז

מענדעלע", וואַרשע, 1923). לעפינס שפּראַך אין זיין „משלי" און „קהלת" איז געווען „דער ערשטער מוסטער פון היינטיקן יידיש אין דער ליטעראַטור" (דאָרט).

לעפינס איבערזעצונג איז אַזוי־אַרום געווען גאָר ווייט פון צו זיין אַ מסורהשע איבערזעצונג. ניט נאָר איז זי ניט געווען פּינקטלעך צום אות, נאָר אויך ניט פּינקטלעך צום וואָרט אָדער אויסדרוק. דער איבערזעצער, לעפין — אגב, אַ גרויסער מייסטער און קענער פון העברייאיש, ווי בכלל אַ גרויסער געלערנטער — האָט ניט מורא געהאַט, לשם פאַרוועלטלעכן אָדער „דעמאָקראַטיזירן" דעם אינהאַלט, אַריינצושטעלן אַן אייגן וואָרט. למשל, אין זיין קהלת־איבערזעצונג (אין זאַץ 11, קאַפּיטל 5) שטעלט ער אַריין דאָס וואָרט „נעבעך". ער איבערזעצט יענעם זאַץ אַזוי: „זיס איז דער שלאָף דעם אַרבעטאָרער, צי האָט ער, נעבעך, ווינציק אָדער פיל געהאַט, אַזוי האָט ער געגעסן, אָבער די זאַטקייט דעם עושר׳ס לאָזט אים נישט שלאָפן".

לעפינס משלי־איבערזעצונג האָט באַלד נאָך איר דערשיינונג אַרויסגערופן שאַרפע פּראָטעסטן מצד אַ סך העברייאיסטן, בעלי־דקדוק און אַנדערע, וואָס האָבן אין אָט־דער איבערזעצונג אויפן פּראָסטן לשון פון פאָלק דערזען אַ פּחיתת־הכבוד, ממש אַ באַליידיקונג פאַר דעם „תנ"ך.

אין 1814 האָט דער משכיל טוביה גוטמאַן פעדער (1760־1817), גראַד אַ פאַרערער פון מענדל לעפין און פון זיין לומדות, אָנגעשריבן אַ פּאַמפלעט אין העברייאיש „קול מחצצים" — אַ בייזע אַטאַקע אויף לעפינס משלי־איבערזעצונג. פעדער, אַ שונא פון דער יידישער שפּראַך, באַצייכנט אין זיין פּאַמפלעט דאָס יידיש לשון אַלס אַ „פאַרשימלטע ירושה פון פאַרצייטן". ער שרייט, אַז „ווער עס דערזעט זי [די איבערזעצונג], ווערט פאַרטרייסלט פון איר, אויף שטיקער דאַרף מען זי צעשניידן און פאַרברענען". מיט צאָרן פרעגט ער לעפינען: „ווי קומט איר שרייבן אייערע ווערק פאַר וויבער און פאַר דינסטן?" ער גוואַלדעוועט: „איר זייט געקומען און שלמה המלכס דערהויבענעם ,משלי׳ אַריינגעוואָרפן אין בלאָטע". ער רופט: „מ׳טאָר ניט שווייגן, ביז אייער ספר וועט אָפּגערוימט ווערן פון יעדן יידיש הויז; דער, וואָס וועט אים געפינען, דאַרף אים פאַרברענען, און דער, וואָס דערזעט אים, דאַרף אים צערייסן", א. אַז. וו.

לעפינס אָנהענגער און פריינט, די משכילים פון בראָד, האָבן באַשלאָסן ניט צו דערלאָזן, אַז פעדער זאָל פאַרעפנטלעכן זיין פּאַמפלעט. דער משכיל יעקב־שמואל ביק האָט אין 1815 אָנגעשריבן אַ וויכטיקן בריוו צו פעדערן, אין וועלכן ער רופט אים, ניט צו פאַרעפנטלעכן דעם פּאַמפלעט. ביק האָט יענעם מערקווירדיקן דאָקומענט פאַרענדיקט מיט די ווערטער: „דו האָסט ניט רעכט געטאָן, פריינט! עס וועט דיר קיין גרויסן כבוד מאַכן, ווען דו וועסט דיין זידלעכץ פאַרעפנטלעכן. שיק בעסער אַ בריוו צו ר׳ מ"ס [מענדל סאַטאַנאָווער] און בעט אים איבער פאַר דעם, וואָס דו האָסט אים באַליידיקט".

יענער בריוו פון י. ש. ביק איז פון גרויס באַדייטונג. ער ברענגט וואָגיקע אַרגומענטן לטובת דער יידישער פאָלקס־שפּראַך. פון אָט־דעם בריוו און בכלל פון דער פּאָלעמיק, וואָס האָט זיך דאַן אַנטוויקלט אַרום דער משלי־איבערזעצונג, איז קלאָר געוואָרן די באַדייטונג און נויטיקייט פון יידיש אַלס אַ ליטעראַטור־שפּראַך. פעדער האָט צוריקגעצויגן זיין פּאַמפלעט פון דרוק. דער פּאַמפלעט איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן ערשט אין 1853 (פיר־און־צוואַנציק יאָר נאָך לעפינס טויט)

דורך דעם גאַליציִשן משכיל אברהם־מענדל מאָהר.

אין זיין אויבן־דערמאָנטער בראָשור וועגן איינפירן אַ רעפאָרם פאַר די יידן אין פוילן (פאַרעפנטלעכט אין 1789), האָט לעפין איבערגעגעבן בקיצור דעם אַנט־וויקלונגס־גאַנג פון דער יידישער תורה און געראָפן צו גרינדן אַ יידישע נאָרמאַלע שול מיט דער פוילישער אונטערריכט־שפּראַך אין וואַרשע און אַנדערע שטעט אין פוילן. ער האָט געראָפן אַרונטערצורייסן די מאַסקעס פון די „בעלי־מופתים", סאַטיריש פאָרשטעלן דעם חסידיזם, פאַרשפּרייטן אַלגעמיינע בילדונג צווישן יידן, איינפירן דעם לימוד פון תנ"ך אַלס הויפּט־פּונקט פון דער יידישער שול־פּראָגראַם, אָפּציִען די יידישע מאַסן פון מיסטישע שטרעמונגען, אַרויספירן זיי אויף ראַציאָנאַליסטישע וועגן, דערנענטערן זיי צו דער קולטור פון אייראָפּע.

צו זיינע הויפּט־אויפטוען געהערט אָבער זיין ערשטע מאָדערנע יידישע תנ"ך־איבערזעצונג, זיין השפעה אויף דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער שפּראַך, זיין ווירקונג אויף דעם גרויסן משלים־שרייבער דר. שלמה עטינגער און אויף גאָט־לאָבערן, זיין אויספּלאַסטערן דעם וועג פאַר אונדזער איצטיקן יידיש אַלס אַ ליטעראַטור־שפּראַך.

לעפינס „משלי"־איבערזעצונג איז איצט אַ יקר־המציאות. זיין „קהלת"־איבערזעצונג איז איבערגעדרוקט געוואָרן אין זלמן רייזענס אויבן־דערמאָנטן בוך. מיר רעכענען, אַז ס'איז כדאי צו ברענגען דאָ כאָטש עטלעכע זאַצן פון אָט־דער איבערזעצונג כדי צו געבן אַ באַגריף וועגן לעפינס יידיש, וועגן זיין ברעכן טראַדיציע, וועגן זיין סטיל און מעטאָד:

ערשטער קאַפּיטל, זאַצן 4 און 9: „איין־דור גייט פאַרביי און אַן אַנדערער דור קומט ווידער אויף, נאָר די ערד בלייבט אַזוי אייביק שטיין"; „וואָס אַמאָל איז געוועזן, דאָס אייגענע וועט טאַקע ווידעראַמאָל זיין, און וואָס עס פלעגט זיך צו טאָן דאָס וועט זיך ווידער אַלע מאָל טאָן, עס איז נאָך אַלץ קיין נייעס נישט אונטער דער זון". 2טער קאַפּיטל, זאַץ 13: „איך האָב פראַוודע אַליין געזען: אַז די חכמה איז אַזוי פיל השובער פון די נאַרישקייט ווי פיל דאָס לעכט פון דער פינצטערניש". 3טער קאַפּיטל, זאַץ 1: „אויף אַלעמען איז אַ צייט פאַראַנען, איטליכעס פיצל האָט אַ געוויסן טערמין אונטערן הימל". 4טער קאַפּיטל, זייט 6: „צומאָל איז אָבער אויך בעסער אַ זשמעניע נחת, פוןביידע הענט פול מיט האַרעוואַניע און קאָפּ־דרייעניש". 5טער קאַפּיטל, זאַץ 2: „אַזוי ווי דער חלום קומט אָן אויסגעמישט פון פיל זאַכן, אַזוי דאָס קול פון אַ נאַר מיט אַ סך גערײדערײ".

און ווייטער: קאַפּיטל 6, זאַץ 4: „וואָרים דאָס נפל'ע איז זיך אין דער שטיל אָנגעקומען, און אין דער פינצטער אַוועקגעגאַנגען, און אַזוי וועט טאַקע זיין נאָמען אין דער פינצטערניש פאַרהוילן ווערן". קאַפּיטל 7, זאַץ 6: „וואָרים אַזוי ווי דאָס טרעשטשען פון דערנער אונטערן טאָפּ אַזוי איז דאָס געלעכטער פונעם נאַר, אָבער דאָס איז הבל". קאַפּיטל 8, זאַץ 1: "ווער איז נאָך אַזוי ווי דער חכם? ווער ווייסט נאָך אַזוי גוט אין אַלעס אַ מיטלמאָס צו האָבן, די חכמה פון אַ מענטש שיינט אים אויס זיין פנים אַרויס, און זיין אויפגערוימטקייט דאַכט זיך נאָך אַמאָל אַזוי גרויס"; קאַפּיטל 9, זאַץ 5: „וואָרים די לעבנדיקע ווייסן וואויל, אַז זיי וועלן שטאַרבן און די מתים ווייסן שוין גאָרנישט: [זיי האָבן שוין גאָרנישט קיין שכר עפּעס צו־וואַרטן, וואָרים זייער געדעכעניש איז שוין פאַרגעסן געוואָרן]"; קאַפּיטל

10, זאַץ 3: „אומעטום וואוהין דער נאַר גייט, פעלט אים אַלץ אַ קלעפּקע און וויזט דעם נאַר אַרויס"; קאַפּיטל 11, זאַץ 1: „לאָז דיין ברויט מיטן וואַסער אַוועקשווימען, אַמאָל אין אַ צייט אַרום וועסטו עס ווידער געפינען". קאַפּיטל 12, זאַץ 10: „קהלת האָט געטראַכט ניצלעכע זאַכן ממציא צו זיין און אמתע זאַכן קלאָר אויפצושרייבן".

דער געדאַנק, וואָס איז אַנטהאַלטן אין דעם לעצטן ציטירטן זאַץ, באַציט זיך אויך אויפן הויפּט־צוועק פון לעפינס איבערזעצונג־אַרבעט. אַלס אַ דעמאָקראַטי־שער משכיל, האָט ער אויך הויפּטזעכלעך אינזינען געהאַט „ניצלעכע זאַכן ממציא צו זיין" און „אמתע זאַכן קלאָר אויפצושרייבן" פאַר די אינטערעסן פון די ברייטע יידישע פאָלקס־מאַסן. און כדי באמת „קלאָר אויפצושרייבן" די פאָלקס־שפּרוכן פון „משלי" און קלאָר אַרויסברענגען די סקעפּטישע פילאָסאָפיע פון „קהלת" (ווי אויך די פּאָעזיע פון „תהלים" און די פּרעכטיקע ליבע־לידער פון „שיר־השירים"), אַרויסברענגען זיי אויף אַ וועלטלעכן אופן, האָט ער זיך באַנוצט מיט יידיש אַלס אַן אינסטרומענט און אין גאַנג פון זיין אַרבעט דערהויבן די חשיבות פון יידיש.

ס'איז באַזונדער כדאי ווי געהעריק אָפּצושאַצן לעפינס ליבשאַפט צו יידיש אין אַ צייט פון שרעקלעכן ביטול בנוגע צו אונדזער פאָלקס־שפּראַך, און אָפּשאַצן אויך זיין אויפטו פאַר אונדזער מאַמע־לשון אין 18טן און אין אָנהויב 19טן יאָרהונדערט.

# דר. משה מאַרקוזי

(געב. 1745)

אין 1790 איז אין וואָלין דערשינען אַ ווערטפּולער, פאָלקס־מעדיצינישער בוך אין יידיש. עס איז אַ שאָד, וואָס וועגן אָט־דעם בוך אין אַ נאַטירלעכן, מהיהדיקן, זאַפטיקן יידיש איז אַזוי וויניק געשריבן געוואָרן.

דער בוך הייסט: „ספר רפואות הנקרא עזר ישראל". דער מחבר פונעם בוך איז געווען אַ יידישער דאָקטאָר, משה מאַרקוזי, וועלכער איז געווען באַקאַנט אַלס „דער קעניגסבערגער דאָקטאָר". דער בוך איז דערשינען אין דעם שטעטל פּאָריצק, אין וואָלאַדימיר־וואָלינער (לודמערער) אויעזד, וואָלינער גובערניע.

אָט־דער בוך איז פון גרויס באַדייטונג אויך פאַר אונדזער צייט צוליב אַ ריי אורזאַכן: 1) פון שטאַנדפּונקט פון שפּראַך און סטיל; 2) אַלס אַ ווערק, וואָס וואַרפט אַ ליכט אויפן יידישן שטייגער־לעבן אין יענער צייט; 3) אַלס אַ פּאָפּולער־וויסנשאַפטלעך, פּרעווענטיוו־מעדיציניש ווערק פון יענעם פּעריאָד.

ווער איז געווען דער מחבר?

דער מחבר פון „ספר רפואות" אָדער „עזר ישראל", דר. משה מאַרקוזי, איז געווען אַ יידישער געלערנטער, אַן עכטער אינטעליגענט מיט גאָר אַ ברייטן וויסן, אַ משכיל, אַן אויפקלערער, וואָס האָט געווידמעט זיינע גרויסע קענטעניש די ברייטע יידישע פאָלקס־מאַסן. דער „ספר רפואות" איז, קאָנטיק, געווען זיין לעבנס־ווערק.

דער משכיל מיט ליבעראַלע אידייען האָט זיך אָנגעשטרענגט צו דינען דעם פאָלק מיט זיין גרויסן וויסן און מיט זיין מעדיצינישער דערפאַרונג. דורך די בלעטלעך פון זיין מערקווירדיקן בוך שטראַלט־אַרויס זיין טיפע ליבשאַפט און געטריישאַפט צום יידישן פאָלק, און זיין וויטאָק און פאַרדרוס, וואָס די אָרעמע יידישע פאָלקס־מאַסן ווערן באַשווינדלט דורך כלערליי ליגנער, אויסוואורפן, „אַלטע באבעס״, בעלי־שמות, וואַקס־גיסערס, סתם־רמאים און קאָנקורענטן. מען קאָן זען, אַז ס׳איז געגאַנגען דעם דאָקטאָר מאַרקוזי ממש אין לעבן אויפצוקלערן די אָרעמע מאַסן, וואָרענען זיי קעגן די שווינדלער, וואָס ברענגען־אום טויזנטער מענטשלעכע לעבנס, העלפן מיט אַלע כוחות צו פאַרהיטן און פאַרבעסערן דאָס פאָלקס־געזונט.

דאָס בוך אַנטהאַלט דעריבער סיי מעדיצינישע עצות, סיי סאַניטאַריש־היגיענישע אָנווייזונגען. די גרויסע באַדייטונג, אָבער, פוּנעם בוך באַשטייט אין זיין פאָלקס־טימלעכן יידישן לשון און אין זיינע אומדירעקטע שילדערונגען פונעם יידישן לעבן־שטייגער אין פוילן אין יענער צייט און אין זיין באַרירן וויכטיקע געזעלשאַפטלעכע פראַגן.

דער מחבר, משה מאַרקוזי, איז געבוירן געוואָרן אין פּרייסן אין די פערציקער יאָרן פונעם 18טן יאָרהונדערט. ער האָט געקראָגן אַ רעליגיעזע דערציאונג, און האָט דערנאָך שטודירט מעדיצין אין דעם אוניווערזיטעט פון לייפּציג. ער האָט דאַן פּראַקטיצירט מעדיצין און האָט אַרומגעוואָנדערט אַ היפּשע צייט איבער אייראָפּע. קיין פוילן איז ער, ווארשיינלעך, געקומען אין 1774. דאָס קאָן מען דרינגען פון זיין בוך (אַרויסגעגעבן אין 1790), אין וועלכן ער דערמאָנט עטלעכע מאָל, אַז ער איז שוין זעכצן יאָר אין פוילן. די ערשטע צייט נאָך זיין אָנקומען פון פּרייסן קיין פוילן האָט ער געוואוינט אין דעם שטעטל קאָפּושץ, פיר מייל פון שקלאָוו. (קאָ־פּושץ איז דאַן געווען אין טראָקער „וואָיעוואָדסטווע״, אָרשער „פּאָוויאַט״). שפּעטער האָט מאַרקוזי געוואוינט אַ קורצע צייט אין גרויס־פוילן, און אין 1782 האָט ער זיך באַזעצט אין דעם שטעטל טוריסק (טריסק) אין וואָלין.

אין משך פון יאָרן איז מאַרקוזי געווען אַ „סקאַרב קאָרוני דאָקטאָר״, אַ דאָקטאָר אויף אַ מלוכה־שטעלע. פון זיין בוך ווערט קלאָר, אַז ווען ער האָט געוואוינט אין טוריסק, איז ער שוין מער ניט געווען אויף דער מלוכה־דינסט.

דר. מאַרקוזי איז געווען גוט באַפריינדט מיטן פּוילישן מאַגנאַט, גראַף מיכאל באַבראָווסקי. טשיקאַווע איז, אַז דער בוך „ספר רפואות״ איז אפילו געדרוקט גע־וואָרן אויף באַבראָווסקיס חשבון. אויף בלאַט דריי אין דעם בוך האָט דער מחבר (דווקא אין העברייאיש) געלויבט און באַדאַנקט דעם גראַף, „שהזיל מעות מכיסו לסייעני לדבר מצוה זה״ (וואָס האָט אַרויסגענומען געלט פון זיין קעשענע צו העלפן מיר אין אָט־דער מצווה־זאַך״).

אַרויסגעבן דעם דערמאָנטן בוך איז געווען מאַרקוזיס לאַנג־יאָריקער טרוים. דאָס האָט אים דיקטירט זיין ליבשאַפט צום פאָלק, זיין ברענענדיקער באַגער אָפּצו־ראַטעווען וואָס מער יידישע לעבנס, פאַרהיטן די ברייטע פאָלקס־שיכטן פון כל־ערליי געפאַרן פאַר זייער געזונט, דער עיקר מצד שלעכטע סאַניטאַרישע באַדינגונגען און שווינדלער, „עין־הרע אָפּשפּרעכערינס, בעל־דרשנים, וואַקס־גיסערס, וואָס מאַכן דעם אָנשטעל פון דאָקטוירים״ און אַנדערע פּיאַווקעס. זיין געטריישאַפט צום פאָלק האָט אים דיקטירט צו באַזעצן זיך דווקא אין אַ קליין שטעטל, נאָענט צו די געדיכ־טעניש פון די פאָלקס־מאַסן, און צו דערלערנען און פולקאָם באַהערשן די יידישע

שפּראַך, „יידיש־טייטש״, די שפּראַך פון די פאָלקס־מאַסן, און באַנוצן אָט־דאָס מאַמע־לשון אַלס אַ געצייג אין זיין גרויסער און ניצלעכער אויפקלער־אַרבעט.

ער האָט מיט גרויס פלייס און אינטערעס שטודירט אָט־די שפּראַך פון פאָלק, איינגעזאַפּט אין זיך די ליבע קלאַנגען פונעם וואָלינער יידיש, פון „פּויליש טייטש״, און, ווי ער דערציילט אין זיין בוך, האָט ער אָנגעהויבן אַרבעטן אויף זיין ווערק ערשט דאַן ווען ער האָט זיך אויסגעלערנט גוט יידיש. און זיין יידיש איז טאַקע צו באַוואונדערן: קלאָר, פּשוט, ריין, נאָענט צום פאָלק, קרעפטיק אין אויסדרוק, רייך אין ווערטער, פליסיק, ערדיש. דער סטיל איז אַ נאַטירלעכער, אַ וואָרצלדיקער, אַ ניט־געצוואונגענער.

מען דאַרף ניט פאַרגעסן די ביטערע קעגנערשאַפט פון די געשוואוירענע העב־רייאיסטן פון יענער צייט צו יידיש. צום שלוס פון זיין ערשטער הקדמה, און אין אַנדערע ערטער, רירט־אָן מאַרקוזי די פראַגע יידיש־העברייאיש, און גיט אָן ענט־פער אויף דער „פראַגע וואָס גאַנצע חברותות וועלן פרעגן: פאַרוואָס האָב איך מיין ספר געשריבן אויף פּויליש טייטש און ניט אויף לשון קודש. איך ווייס עס וועלן זיך זייער וויניק געפינען, וואָס מיך פאַרענטפערן וועלן קענען״ (ציטירט לויט אונ־דזער איצטיקן אויסלייג — ב. ג.).

אינזיינען האָבנדיק זיינע קריטיקער, האָט נאָך מאַרקוזי באַנוצט אַ התנצלות־טאָן, אַ טאָן פון פאַרענטפערן זיך, און דערקלערט, אַז ער האָט זיך בכיוון „קאַליע גע־מאַכט״ זיין לשון און „געלערנט שלעכט טייטש צוריידן״, כדי צו קענען דערגרייכן מיט זיין ווערק די ברייטע פאָלקס־מאַסן, וואָס פאַרשטייען ניט קיין העברייאיש. ס׳איז אָבער קלאָר פון זיין בוך און פון זיין גאַנצער שטעלונג צו פראַגן, אַז ער האָט שוין דאַן אָנערקענט יידיש אַלס אַן „אומגאַנג־שפּראַך״ פון די יידישע פאָלקס־מאַסן, און האָט זיך באַמיט צו באַנוצן אָט־די שפּראַך אויפן בעסטן אוןווירקזאַמסטן אופן.

ס׳איז אויך כדאי צו געדענקען, אַז מאַרקוזי האָט אַרויסגעגעבן זיין בוך אויף יידיש אין אַ צייט, ווען די רעאַקציע אין פּוילן האָט געפאָדערט „מיט כל המיטלען אַרויסשטופּן פון לאַנד די פאַרפלוכטע אומה״, און די „ליבעראַלן״ זיינען געקומען מיט אַ פּראָגראַם פון צוואַנג־אַסימילאַציע, צו באַקעמפן די יידישע שפּראַך. אין אַ בראָשור, אַרויסגעגעבן אין 1789 דורך דעם פּוילישן סעים־דעפּוטאַט, בוטרימאָוויטש, איז אַרויסגעשטעלט געוואָרן די פאָדערונג צו פאַרבאָטן יידיש, פאַרבאָטן צו דרוקן און אַריינברענגען פון אויסלאַנד יידישע ביכער.

דער בוך, ווי געזאָגט, איז געשריבן מיט גרויס ליבשאַפט, ממש מיט צערט־לעכקייט, צו די געפּלאָגטע, נויטליידנדיקע און עלנטע פאָלקס־מאַסן. דער מחבר ווענדעט זיך צו זיי אָפט מיט אַזוינע אויסדרוקן, ווי „מיינע פריינט״, „מיינע ליבע ברידער״, „ליבער עולם״. מען קאָן זען, אַז דער מחבר איז אויך שטאַרק פּאָפּולער צווישן זיין ליבן עולם. ער שרייבט (מיטן אויסלייג, ווי אין בוך): „איך ווייס, וואָ מיין ספר וועט קומען וועלין זיי שוין וויסן דאָס איך, ברוך השם, האָב פולע אלפים מענטשן געהאָלפן; מיין נאָמען מאַרקוזי, דער קעניגסבערגער דאָקטאָר איז באַקאַנט און זיי וועלין מיך געוויס מיט גאָט הילף פאָלגין״.

דער דאָקטאָר איז זיכער געווען גוט באַקאַנט מיטן סאָציאַל־עקאָנאָמישן און פּאָליטישן צושטאַנד פון זיין עפּאָכע, און מיט דער באַציאונג פון דער מאַכט און די הערשנדיקע קלאַסן צו די יידישע פאָלקס־מאַסן. לערנענדיק דאָס פאָלק די עלע־מענטאַרסטע כללים פון מעדיצין, היגיענע, געזונט־פאַרהיטונג, הערט ער ניט אויף

צו אונטערשטרייכן די וויכטיקייט פון אַ פּראָדוקטיוו לעבן, געבויט אויף אַרבעט; ער וואָרנט קעגן ליידיק-גייעריי און קעגן לופט-פּרנסות. דער דאָקטאָר זוכט צו היילן ניט בלויז דעם פּיזישן, נאָר אויך דעם עקאָנאָמישן צושטאַנד פון זיין פאָלק. ער ווערט ניט מיד צו באַטאָנען די וויכטיקייט צו באַפעסטיקן די עקאָנאָמישע פּאָזיציעס פון פאָלק, געבויט אויף ניצלעכער, פּראָדוקטיווער אַרבעט, דער עיקר, ערד-אַרבעט.

רעדנדיק אין בוך וועגן „בייזע קדחת פיבער״, ווייזט ער אָן ווי שעדלעך עס איז פאַרן געזונט דאָס „פיל מיסט, וואָס ביי פילע הייזער תמיד ליגט״. זיין עצה איז, אַז די לייענער זאָלן אָפּראַמען דאָס מיסט און פאַרזייען „ציבעלעס, בוריקעס, רעטעך, פּעטרישקע״. ער טענה'ט-איין מיט די לייענער: „איר וועט צוויי מאָל רווחים האָבן: איר וועט שיינע ריינע לופט האָבן, וואָס זייער געזונט איז, און וועט ניט באַדאַרפן דעם פּויער רייך מאַכן, אַלץ צו קויפן פאַר דעם לעצטן גראָשן, וואָס איר נאָך האָט, אָדער אויסגעבעטלט האָט״ (דאָ און ווייטער אונדזער איצטיקער אויסלייג — ב. ג.).

דער מחבר בעט זיך ביים עולם צו זען אַרונטערוואַרפן „די ניין און ניינציק קרעטשמעס, וואָס פּוסטע שטייען אין איטליכן שטעטל״ און אָנשטאָט זיי פאַרפלאַנצן אַ גאָרטן. ער גיט אָנצוהערעניש אויף די פּראָיעקטן פונעם געוועזענעם קאַנצלער זאַמאָיסקי פאַר אַרויסטרייבן די יידן פון פוילן. אין דעם קאַפּיטל „וועגן ליידיק-גייערס״ דערקלערט ער:

...„איך מיין, אַז איטליכער שטאָט אָדער שטעטל זיינען, בעוו״ה, פיל ליידיק-גייערס, לויטער שלום-עליכם געבערס, פיל אביונים, נאָך מער עניים, וואָרים היינטיקע צייטן האָבן אָפּגענומען, בעוו״ה, אַלע שררות די יידישע פּרנסות, — זיינען געוואָרן פון עשירים אביונים, און פון אביונים גאָר עניים, און פון די אַלטע עניים גאָר גנבים און גזלנים בעוו״ה. און דער סוף וועט ח״ו זיין, מען וועט אָדער פון אונדזער מדינה אויך מאַכן זעלנער, אָדער, נאָך ערגער, מען וועט אָנפאַנגען גאָר אַרויסטרייבן. דערנאָך, ליבע ברידער, וועט צו-שפּעט זיין אַלע עצות ותחבולות״. און ער עצה'ט: די באַלעבאַטים זאָלן זען העלפן, אַז די געזונטע אָרעמעלייט אין די שטעטלעך זאָלן קריגן פערד, אָקסן, „זיי זאָלן האָלץ ברענגען אין שטאָט צו פאַרקויפן. אַנדערע שטאַרקע זאָלן האָלץ האַקן, וואַסער ברענגען. פילע מענטשן זאָלן ניט ליידיק-גייען — לאָזן זיי אַרבעטן, למשל: „מלאָצען, בראָנעווען, אַקערן״. און ווידעראַמאָל און נאָך אַמאָל פרעגט מאַרקוזי: „וואָרום זאָלן אַזויפיל הולטאַיעס זיין און ניט אַרבעטן וועלן און אומזיסט ברויט עסן?״ און „וואָרום זאָלן ניט, הן אנשים והן נשים, אַרבעטן? ווי שעמען מיר זיך נישט פאַר אומות אחרים, דאָס ביי אונדז זאָל אַזוי פיל עניים, גנבים און גזלנים זיין בעוו״ה?״

דער מחבר גיט אַוועק אַ סך פּלאַץ אין זיין בוך אויף אויפצודעקן, דעמאַסקירן און אַרונטעררייסן די שווינדלערייען פון די פיל פאַרשיידענע „הייל״-שאַרלאַטאַנעס, וואָס זיינען געווען אַ וויסטע אַנשיקעניש אויף דעם לעבן, געזונט און די קעשעניעס פון די פאָלקס-מאַסן אין יענער צייט. ער גיט אויך געזונטע, שכלדיקע עצות אין געביט פון קינדער-דערציאונג. אין דעם קאַפּיטל „די הנהגה פאַר קינדער״ וואָרנט ער די מאַמעס קעגן אָנשטאָפּן די פּיצלעך קינדער מיט צופיל שפּייז. ער וואָרנט אויך די יידישע טאַטעס אין פוילן קעגן דעם, וואָס ווען זיי (די יינגלעך) „פיר יאָר אַלט ווערן, שיקט מען זיי שוין אין דער תפיסה אַריין צום דרדקי מלמד״. דר.

מאַרקוזי פּראָטעסטירט קעגן דעם, וואָס מען גיט דעם קינד אַזאַ „דערציאונג״, אַז מען וואַקסט אויס בלייך און קרענקלעך און מיט אַ קנאַפּן וויסן. ער עצהט צו לאָזן דאָס קינד „שלאָפן לענגער, און שפּעטער איין למדן צו ווערן״.

דער „ספר רפואות״, וואָס האָט זיכער כשר פאַרדינט דעם נאָמען „עזר ישראל״, איז אַ מערקווירדיקער דאָקומענט, אָנגעפּיקעוועט מיט שטיקער שטייגער־לעבן. אין זיין אַרטיקל „אַ אידישיסט פון 18טן יאָרהונדערט״ (אין בוך „אידישער פאָלקלאָר״, באַנד 2, וואַרשע, 1917) האָט נח פּרילוצקי ריכטיק אָנגעוויזן, אַז דער „ספר רפואות״ פאַרנעמט „אַ וויכטיק אָרט אין דער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור און פון דער יידישער קולטור, אַלס ערשט־קלאַסיקער היסטאָריש־קולטורעלער דענקמאָל״.

(„מאָרגן־פרייהייט״, 1950)

# שלמה מיימון

(1800־1753)

שלמה־זלמן פון ליטע אָדער פון ניעסוויזש האָט מען אים גערופן. געבוירן געוואָרן איז ער אין 1753 אין אַ דאָרף ניט ווייט פון ניעסוויזש, ליטע. זיין פאָטער איז געווען אַן אָרעמער אַרענדאַר. דאָס דאָרף צוזאַמען מיט פיל גיטער האָט באַ־לאַנגט צום פּריץ, פירשט ראַדזשיוויל.

דער גרעסטער טייל פון יידישן פאָלק אין פּוילן, ליטע, אוקראַינע האָט דאַן געלעבט אין שרעקלעכער נויט און אָרעמקייט. אין יידישן לעבן האָט דאַן גע־הערשט גייסטיקע מיטלאַלטערלעכע פינצטערניש, צוריקגעשטאַנענקייט, פאַרגלי־ווערטקייט. די אָנפירער פון קהל, די גבירים און רבנים האָבן ביד חזקה באַשטראָפט פאַר דעם מינדסטן אָפּנויג פון דער רעליגיעזער טראַדיציע. אָנהויבנדיק פונעם לעצטן דריטל פונעם 18טן יאָרהונדערט האָבן זיך אָבער אין יידישן לעבן אָנגעהויבן דורכרייסן די ערשטע שטראַלן פון וועלטלעכער בילדונג און וויסנשאַפט, פון איי־ראָפּייאישער קולטור, און עס האָבן אָנגעהויבן קומען צום לעבן און צום אויסדרוק די פּיאָנערן פון דער השכלה, די קעמפער פאַר אַריינברענגען אויפקלערונג אין לעבן פון די יידישע פאָלקס־מאַסן.

איינער פון אָט־די פּיאָנערן און פון די טאַלאַנטפולסטע צווישן זיי איז געווען שלמה־זלמן פון ליטע, וועלכער איז באַרימט געוואָרן אַלס שלמה מיימון, פילאָסאָף און משכיל, אַ גאָר נאָענטער פריינט פונעם פילאָסאָף, געלערנטן און שריפטשטע־לער משה מענדעלסאָן (1786־1729).

שלמה מיימונס לעבנסגעשיכטע איז אַן אויסערגעוויינלעך־פאַרבנרייכע: פול מיט גוואַלדיקע שווערקייטן, מיט אומגליקן, מיט ראַנגלענישן פאַר דער עקזיס־טענץ, מיט אַ העלדישן שטרעבן צו ליכט און וויסן, מיט קאַמף קעגן נויט, מיט אויסשטיין זיך באַליידיקונגען און בזיונות, — אַ טראַגישע געשיכטע, וואָס איז אָבער אויך רייך אין מאָמענטן פון דערגרייכונגען, פון זיג, פון אויפטו, פון ביי־קומען ביטערע נסיונות אויפן וועג פון דערוואָרבן זיך וויסן.

ריכטיק האָט אָנגעוויזן ש. דובנאָוו (אין זיין „די יידישע געשיכטע פאַר שולע און פאָלק״, באַנד 3), אַז שלמה מיימון „האָט געליטן נויט און האָט פאַרזוכט די גאַנצע ביטערקייט פון אַ וואַנדערנדן לעבן אין דער פרעמד״.

און פראָפ. ה. גרעטץ דערציילט אין זיין „די יודישע פאָלקס־געשיכטע״ (פערטער טייל): „מען קאָן זאָגן, אַז ער [שלמה מיימון] איז כמעט באַשאַפן געוואָרן ער זאָל דאָס גאַנצע לעבן ליידן דחקות און ניט האָבן אפילו איין גוטע שעה״.

זיין אויסערגעוויינלעכע לעבנסבאַשרייבונג האָט מיימון פאַרצייכנט אין זיין „אויטאָביאָגראַפיע״, געשריבן אין דייטש. אין יידיש איז „שלמה מיימונס לעבנס־געשיכטע״ דערשינען אין ווילנע אין 1927 (אין פאַרלאַג „טאָמאַר״) אין צוויי טיילן אין דער איבערזעצונג פון א. י. גאָלדשמידט. אין העברייאישער איבערזעצונג איז דער בוך דערשינען אונטערן נאָמען „תולדות שלמה מימון״ מיט אַן איינלייטונג פון טאַוויאָוו. אין 1947 האָט דער ניו־יאָרקער שאָקען־פאַרלאַג אַרויסגעגעבן די „אויטאָביאָגראַפיע״ אין אַן ענגלישער איבערזעצונג מיט אַן עפּילאָג פון מאָזעס האַדאַס.

מיימונס אויטאָביאָגראַפיע (אָנגעשריבן אין 1792) איז פון גרויסן באַדייט. אין אָט־דעם ווערק שילדערט ער ניט בלויז די טראַגישע געשיכטע פון זיין לעבן פון קינדווייז־אָן, נאָר אויך דאָס אינעווייניקסטע לעבן פון די פויליש־ליטווישע יידן, זייערע זיטן און מנהגים, די דחקות און נויט פון די פאָלקס־מאַסן, די באַציאונג פון די פוילישע מאַגנאַטן צו די יידן. אַ היפּשער טייל אין אָט־דעם ווערק איז אויך געווידמעט מיימונס מיינונגען וועגן יידנטום, חסידות, קבלה, און דער עיקר זיין אויפקלערונג וועגן דעם רמב״ם (מיימאָנידעס, רבינו משה בן מיימון) און זיינע ווערק, באַזונדערס זיין „מורה נבוכים״.

מיר וועלן דאָ איבערגעבן בלויז די ראשי־פּרקים פון דער לעבנסגעשיכטע און דערגרייכונגען פון אָט־דער קאָלירפולער פּערזענלעכקייט, פון אָט־דעם אָרעמען ייִנגל פון ליטע, וואָס האָט דערגרייכט די הויכן פון דער אייראָפּייאישער קולטור. דאָס איז דער וועג פון נע־ונד זיין, פון וואַנדערן פון ליטע קיין דייטשלאַנד, פון אַרומשלעפּן זיך אין נויט איבער שטעט און לענדער, פון זאַמלען וועלטלעכן וויסן, שטודירן פילאָסאָפיע, שרייבן פילאָסאָפישע ווערק, שרייבן אַ קריטיק אויף דעם פילאָסאָף קאַנטס „קריטיק פון דער ריינער פאַרנונפט״ און געליבט ווערן דורך קאַנטן, שרייבן אַ פירוש „גבעת המורה״ צום רמב״מס „מורה נבוכים״ און אַנדערע וויכטיקע אָפּהאַנדלונגען.

שוין אַלס קליין ייִנגל איז שלמה באַקאַנט געוואָרן אַלס „עילוי״. ער האָט געלערנט תלמוד, פּוסקים, געלייענט העברייאישע ביכער, וואָס ער האָט געפונען אין טאַטנס ספרים־אַלמער: דעם „צמח דוד״, „יוסיפון״, אַ בוך וועגן אַסטראָנאָמיע, א. אַנד. פון תלמוד איז ער אַריבער צו דער קבלה, דערנאָך צו דער רעליגיעזער פילאָסאָפיע פונעם רמב״ם. שוין אַלס 9־יאָריק ייִנגל ווערט ער באַקאַנט אַלס אַ קענער פון תלמוד. מחותנים רייסן זיך איבער אים. ..

דער פאָטער מאַכט אים חתונה צו עלף יאָר. און ווי זאָגט פראָפ. גרעטץ: „מען האָט דעם פאָטער צוגעצאָלט פאַר אים אַ מנה יפה״. די שוויגער דערגייט די יאָר דעם קליינעם בחורל: זי שלאָגט אים, לאָזט אים הונגערן. נאָך אַליין אַ ייִנגל, ווערט ער אַ מלמד פאַר קינדער פון אַרענדאַרן. צו פערצן יאָר ווערט ער אַ טאַטע.

אין יענער צייט האָט ער גענומען פאַרטיפן זיך אין דעם רמב״מס פילאָסאָ־פישן ווערק „מורה נבוכים״ („דער וועגווייזער פון די פאַרבלאָנדזשעטע״). אָט־דאָס ווערק האָט געהאַט אויף אים אַ גרויסע ווירקונג, וועגן וועלכער ער דערציילט אַ סך אין זיין לעבנס־געשיכטע. אויס גרויס פאַרערונג צום מחבר פון „מורה נבוכים״ האָט שלמה־זלמן באַשלאָסן אַ נאָמען צו געבן זיך „שלמה מיימון״.

זיין דורשט נאָך אמת, חכמה, וויסן איז אַלץ מער געוואַקסן. ער האָט דער־פילט, אַז כדי צו שטילן אָט־דעם דורשט, מוז ער זיך באַקענען מיט ביכער אין פרעמדע לשונות. ער האָט זיך גענומען לערנען די דייטשע שפּראַך. ווינטער־צייט, אין אַ ביטערער קעלט, האָט ער געשפּאַנט דרייסיק ווערסט קיין סלוצק צו אַ רב, אַ באַהאַלטענעם משכיל, צו באַנוצן זיך מיט זיינע דייטשישע ביכער וועגן פיזיק, מאַטעמאַטיק, מעדיצין, געשיכטע. דער רב האָט אים מיט פרייד אָוועקגעגעבן די ביכער. דער בחור מיטן שאַרפן מוח האָט זיי ממש געשלונגען.

אין עלטער פון 24 יאָר (אין 1777) האָט מיימון פאַרלאָזט זיין משפחה, זיין היים, און האָט זיך געלאָזט קיין דייטשלאַנד מיטן ציל צו קריגן דאָרט אַלגעמיינע בילדונג, באַקענען זיך מיט די וועלטלעכע וויסנשאַפטן. אין זיין אויטאָביאָגראַפיע דערציילט ער, וואָס פאַר אַן איינדרוק ער האָט געמאַכט אויף די יידישע סטודענטן, וועמען ער האָט געטראָפן אין קעניגסבערג. פאַר זיי איז געשטאַנען „אַ פוילישער ייד פון 25 יאָר, מיט אַ לאַנגער באָרד, אָנגעטאָן שמוציק און אָפּגעריסן, רעדט אַ משונהדיקע שטאַמלעניש, געמישט פון העברייאיש, יידיש־דייטש, פויליש און רו־סיש״. די סטודענטן האָבן זיך „געקאַטשעט פון געלעכטער״ און אים גע׳עצה׳ט צו פאָרן קיין בערלין.

ווען ער איז געקומען קיין בערלין, האָבן אים די פּאָליציי־משרתים פון קהל פאַרהאַלטן ביים שטאָט־טויער אַלס אַ בעטלער, אַ שלעפּער. זיי האָבן אים געבראַכט אין הקדש. אין שטאָט אַריין האָט מען אים ניט אַריינגעלאָזט. אין הקדש האָט מען אויף אים געוואָרפן אַ פאַרדאַכט, אַז ער איז אַן אַפּיקורס, און מ׳האָט אים אַרויסגעשיקט פון שטאָט. צוזאַמען מיט אַ בעטלער האָט ער דאַן גענומען אַרומ־שלעפּן זיך, וואַנדערן, בעטלען. אַזוי איז אַוועק אַ האַלב יאָר, ביז ער איז אָפּגעריסן־אָפּגעשליסן געקומען קיין פּויזן. דאָרט האָט ער געלעבט צוויי יאָר; געווען אַ לערער, געקראָגן אַביסל שטיצע פון גוטע מענטשן; שטודירט די ווערק פון די ענגלישע פילאָסאָפן לאָק און יום; אָנגעהויבן שרייבן.

אין 1779 איז ער צום צווייטן מאָל אָנגעקומען קיין בערלין. דאָס מאָל האָט מען אים ניט פאַרהאַלטן, ווייל ער איז געקומען צו פאָרן מיט פּאָטשט.

אין בערלין איז ער דורך אַ צופאַל געקומען איבער דעם בוך „מעטאפיזיק״ פונעם דייטשן פילאָסאָף וואָלף. זיינע קריטישע באַמערקונגען וועגן אָט־דעם בוך האָט ער צוגעשיקט צום באַרימטן אויפקלערער משה מענדעלסאָן. יענער שיקט אים אַ וואַרעמען ענטפער. שפּעטער האָט זיך מיימון באַקענט מיט מענדעלסאָנען פערזענלעך, און זיי זיינען געוואָרן פריינט. מיימון איז ניט געבליבן צופרידן מיט מענדעלסאָנס פילאָסאָפיע, וועלכע איז געווען באַאיינפלוסט פון דער וואָלף׳יאַנישער שיטה, און ער האָט דאָס אָפן געזאָגט מענדעלסאָנען. אין בערלין האָט זיך מיימון, ליידנדיק נויט, פאַרטיפט אין פילאָסאָפישע שטודיעס, ער האָט אויך שטודירט די דייטשע ליטעראַטור. „דער שאַרפער איבערגאַנג פון אָפּגעשלאָסענעם לעבן אין דער ליטע צו דעם פרייען לעבן פון אַ געבילדעטן אייראָפּייער, האָט געמאַכט אַ

שטאַרקן רושם אויף מיימונס נשמה. ער איז אַריינגעפאַלן אין „ספקות און אפיקור־סות", שרייבט ש. דובנאָוו. קלאָר איז, ווי דער סאָוועטישער ליטעראַטור־פאָרשער, מ. ווינער האָט געשריבן (אין אַרטיקלען אין מאָסקווער „עמעס"), אַז מיימון האָט דאַן „אָפּגעוואָרפן פון זיך די לעצטע רעשטן פון רעליגיעזן גלויבן".

אָבער זיינע אונטערשטיצער אין בערלין האָבן געוואָרפן אַן אומחן אויף מיי־מונען, און ער האָט זיך פון בערלין געלאָזט דורך האַמבורג קיין האָלאַנד. מענ־דעלסאָן האָט אים מיטגעגעבן אויסגעצייכנטע רעקאָמענדאַציעס. מיימון האָט זיך אָנגעליטן נויט אין זיינע וואַנדערונגען. ער איז געווען אַ צייט אין האַאַג און אַמ־סטערדאַם, און איז נאָך לאַנגע וואָגלענישן געקומען קיין האַמבורג. שפּעטער, אין עלטער פון דרייסיק יאָר, שוין מיט אַ גרויסן באַגאַזש פילאָסאָפישע קענטענישן, האָט ער באַשלאָסן, אַז ער מוז גרינטלעך שטודירן די דייטשע שפּראַך און אַנדערע פרעמדע שפּראַכן, און ער האָט שטודירט צוויי יאָר אין דער גימנאַזיע פון אַלטונאַ.

שפּעטער, ווען ער איז ווידער, צום דריטן מאָל, געקומען קיין בערלין, האָבן אים מענדעלסאָן און זיינע פאַרערער געפּרואווט מקרב־זיין און זיי האָבן אים גע־געבן אַן אויפגאַבע צו איבערזעצן פּאָפּולער־וויסנשאַפטלעכע ווערק אויף העברייאיש מיטן ציל צו פאַרשפּרייטן זיי צווישן די פאָלקס־מאַסן אין ליטע, פוילן, אוקראַינע. מיימון האָט דאַן אָנגעשריבן (אין העברייאיש) אַ לערנבוך פאַר מאַטעמאַטיק און געאָמעטריע, אַ לערנבוך פאַר נאַטור־וויסנשאַפט לויט די ניוטאָנישע פּרינציפּן, און אַ ניט־פאַרענדיקטע יידישע געשיכטע. אָט־די ווערק זיינען ניט פאַרעפנטלעכט געוואָרן.

ווידער האָט מיימון פאַרלאָזט בערלין און איז אַוועק קיין ברעסלע. דאָרט האָט ער זיך באַפריינדט מיטן דיכטער אפרים־משה קו (1731־1790), וועלכער האָט אים שטאַרק מקרב־געווען. קו איז געווען דער ערשטער יידישער דיכטער אין דער דייטשער ליטעראַטור. אין 1788 איז מיימון צום פערטן מאָל געפאָרן קיין בערלין. דאָרט האָט מיימון פאַרטיפנדיק זיך אין קאַנטס ווערק „קריטיק פונעם ריינעם פאַר־נונפט" אָנגעשריבן קריטישע באַמערקונגען צו אָט־דעם ווערק. אַ פריינט האָט זיי געשיקט צום באַרימטן דייטשן פילאָסאָף, און יענער האָט באַוואונדערט מיימונס שאַרפזין. אין זיין ענטפער האָט קאַנט געשריבן, אַז קיינער פון זיינע קעגנער האָט ניט פאַרשטאַנען אַזוי טיף זיין ווערק, ווי מיימון, און אַז „הער מיימונס ווערק אַנט־האַלט, אגב, אַזויפיל חריפותדיקע באַמערקונגען, אַז ווען ער וואָלט אים פאַרעפנט־לעכט, וואָלט ער געמאַכט אַ גרויסן איינדרוק און וואָלט זיך דערוואָרבן גרויס כבוד".

מיימון האָט קריטיקירט קאַנטן טאַקע פון קאַנטס שטאַנדפּונקט גופא. ער איז אַרויסגעגאַנגען פון קאַנטס אידעאַליסטישע הנחות אין דער פילאָסאָפיע.

אין 1790 האָט מיימון פאַרעפנטלעכט אין העברייאיש זיין קאָמענטאַר „גבעת המורה" צום רמב"מס „מורה נבוכים". אין דעם אַריינפיר צו אָט־דעם פּירוש ווערט געגעבן אַ קורצע געשיכטע פון פילאָסאָפיע.

שפּעטער האָט מיימון פאַרעפנטלעכט אין דעם „זשורנאַל פיר אויפקלערונג" אַ ריי פילאָסאָפישע אָפּהאַנדלונגען: „וועגן אמת", „וועגן די פּרינציפּן פון וויסן", „בעקאָן און קאַנט", „וועגן דער נשמה פון דער וועלט", „שפּאַציר גענג אין גע־ביט פון פילאָסאָפיע"; „פּרוואוו פון אַ נייער לאָגיק אָדער טעאָריע פון דענקען" „וועגן דעם פאָרשריט פון דער פילאָסאָפיע" א. אַנד. ער האָט אויך פאַרעפנטלעכט

אַן אָנהויב פון אַ פילאָסאָפישן ווערטער־בוך. אין 1790 איז דערשינען זיין ווערק „אַ פּרואוו וועגן דער טראַנסצעדענטאַלער פילאָסאָפיע״. מיימונס פילאָסאָפישע סיס־טעם, וועלכע האָט קריטיקירט קאַנטן פון רעכטס, האָט צוגעגרייט דעם באָדן פאַר דער פילאָסאָפיע פון פיכטען, וועלכער האָט זיך אויסגעדריקט: „פאַר מיימונס טאַלאַנט האָבן איך אָן אַ שיעור אַכטונג״. מיימונס פילאָסאָפיע איז געווען אַ פּי־לאָסאָפיע פון אידעאַליסטישן סקעפּטיציזם. עס ווערט דערציילט, אַז די דיכטער געטע און שילער האָבן שטאַרק געהאַלטן פון מיימונען.

אין די צען יאָר פאַר זיין טויט, פון 1790 ביזן יאָרן 1800, זיינען אין דייטש־לאַנד דערשינען ש. מיימונס פאָלגנדיקע ווערק (אין דייטש): 1) אַ פּרואוו וועגן דער „טראַנסצענדענטאַלער פילאָסאָפיע״, בערלין, 1790; 2) „פילאָסאָפישער ווער־טערבוך״, בערלין, 1791); 3) „לעבנסגעשיכטע״, בערלין, 1792; 4) „שטרייטיקייטן אין געביט פון פילאָסאָפיע״, בערלין, 1793; 5) אַריסטאָטעלס קאַטעגאָריעס״, בער־לין, 1794; 6) „אַ פּרואוו פון אַ נייער לאָגיק״, בערלין, 1794; און 7) „קריטישע אונטערזוכונגען פון דעם מענטשלעכן גייסט״, לייפּציג, 1797.

ביכער וועגן ש. מיימון האָבן געשריבן: פרידריך קונצע: „שלמה מיימונס פילאָסאָפיע״ (אין דייטש), היידעלבערג, 1912; מ. גערול: „די טראַנסצענדענ־טאַלע פילאָסאָפיע פון שלמה מיימון״ (אין פראַנצויזיש), פּאַריז, 1929; הוגאָ בערג־מאַן: „די פילאָסאָפיע פון שלמה מיימון״ (אין העברייאיש), ירושלים, תרצ״ב. אָפּ־האַנדלונגען וועגן ש. מיימון, וואָס זיינען דערשינען אַלס קאַפּיטלעך פון ביכער געשיכטע וועגן פילאָסאָפיע, זיינען געשריבן געוואָרן דורך יאָהאַן עדוואַרד ערד־מאַן, עדואַרד צעלער, קונאָ פישער, ערנסט קאַסירער, ר. קראָנער, א. אַנד. דער ענגלישער פילאָסאָף ס. ה. האָדזשעסאָן איז באַקאַנט אַלס אַ פאָרשער פון ש. מיי־מונס ווערק. אָפּהאַנדלונגען וועגן ש. מיימון האָט אויך געשריבן סעמיועל אַטלאַס אין דעם „היברו יוניאָן קאָלעדזש עניואַל״, סינסינעטי, 1948, און אין דעם יידישן יאָרבוך, ניו יאָרק 1950־1951.

מיימונס אויטאָביאָגראַפיע צייכנט זיך אויס מיט איר פּשטות און אויפריכ־טיקייט, און איז אַ וויכטיקער ביישטייער צו דער מעמואַרן־ליטעראַטור. אין דער „הקדמה פונעם מחבר״ צום צווייטן טייל פון זיין לעבנסגעשיכטע שרייבט ער: „ראשית האָב איך מיר געשטעלט פאַר אַ כלל אין מיינע דערציילונגען און באַ־שרייבונגען צו בלייבן געטריי דעם אמת״. אָט־דעם כלל האָט ער, זעט מען, גרינט־לעך דורכגעפירט. מ. ווינער דערמאָנט, אַז אין מיימונס צייט „פלעגט מען אָט־דעם בוך פאַרגלייכן מיט רוסאָס ,ווידויס׳״.

מיימון איז געשטאָרבן אין עלטער פון 47 יאָר, אין 1800, אין שלעזיע. ער, דער אָריגינעלער קריטישער דענקער, איז געווען איינער פון די וויכטיקסטע פּיאָ־נערן פון דער יידישער אויפקלערונג.

(צו זיין 150טן יאָרצייט)

(זונטיק, פעברואַר 4, 1951)



# מנשה איליער

(1831-1767)

אין יאָר 1767 איז אין סמאַרגאָן, ווילנער געגנט, געבוירן געוואָרן דער גרוי־סער יידישער למדן און קעמפער פאַר השכלה, מחבר פון ספרים אין העברייאיש און פון איין ספר אויך אין יידיש — מנשה פון איליע, אָדער מנשה איליער (1831-1767).

מנשה איליער האָט זיך באַרימט געמאַכט ווי אַ פאַרגעשריטענער דענקער פון זיין צייט, אַ פּרעדיקער פון סאָציאַלע רעפאָרמען אין יידישן לעבן — אַ טרוימער און וויזיאָנער, וואָס האָט ממש געווידמעט זיין לעבן פאַר „טובת הכלל", פאַר אַריינברענגען ליכט, אויפקלערונג און אויסבעסערונג אין דעם לעבן פון די יידישע פאָלקס־מאַסן.

דער פּלאָמיקער אָנהענגער און פאַרשפּרייטער פון השכלה איז געווען דער מחבר פון די ספרים „פשר דבר", „אלפי מנשה", „שקל הקודש", „סמא דחיי", מיט אַ פּאַראַלעלען טעקסט אויך אין יידיש — „לעבנס־מיטל" (איבערגעדרוקט אין זלמן רייזענס „פון מענדעלסאָן ביז מענדעלען"), א. אַנד.

אָט־דער זון פונעם סמאַרגאָנער דיין, אַ קעמפער פאַר הומאַניזם, האָט זיך אַ סך אָנגעפּלאָגט אין זיין לעבן, אין זיין געראַנגל פאַר פאַרשפּרייטן אויפקלערונג, אין זיין קאַמף קעגן די גבירים פאַר זייער גראָבער באַציאונג צו אָרעמעלייט.

אַן אויטאָ־דידאַקט, איז ער שוין אין עלטער פון פופצן יאָר באַקאַנט געוואָרן ווי אַ למדן. ער איז דאַן אַוועק קיין איליע, וואו ער איז „געזעסן אויף קעסט" און האָט געלערנט. אָפט פלעגט ער פאָרן צו זיין לערער און מדריך — צום ווילנער גאון. דעם גרעסטן איינפלוס אויף דער אויספורעמונג פון זיין פערזענלעכקייט האָבן געהאַט: דער ווילנער גאון און מנשהס קרוב, יוסף מזל, אין וועמענס ביבליאָטעק דער יונגער געלערנטער פלעגט פאַרברענגען טעג־און־נעכט.

צוליב אַ מסירה איז דורכגעפאַלן מנשה איליערס פּלאַן צו פאָרן שטודירן אין דעם דאַמאָלסטיקן השכלה־צענטער בערלין. ער האָט זיך געמוזט צוריקקערן פון קעניגסבערג קיין איליע.

אַ געראָדפטער דורך דער רעאַקציע, די קלעריקאַלן פון זיין צייט, האָט מנשה איליער ניט זוכה געווען צו זען פיל פון זיינע שריפטן אין דרוק. אַנדערע גע־דרוקטע ווערק זיינע — זיינען דורך די שונאים פון ראַציאָנאַליזם און פּראָגרעס פאַרמשפּט געוואָרן — פאַרברענט צו ווערן אין די שייטערהויפנס. די רדיפות האָבן ניט אָפּגעשראָקן דעם יונגן געלערנטן, וועלכער איז געווען באַגייסטערט פאַר די הומאַניסטישע אידייען פונעם 18טן יאָרהונדערט. ער איז געווען אַן עכטער מוסטער פון די „טרוימער פון געטאָ", וועלכע זיינען געשילדערט געוואָרן דורך דעם גרויסן ענגליש־יידישן שרייבער, נאָוועליסט, קריטיקער, דראַמאַטורג, ישראל זאַנגוויל (1926-1864).

אין די פאָררעדעס צו זיינע ווערק „העמק שאלה" (פּאַרטיפן די פראַגע) און „תיקון כללי" (אַלגעמיינע אויסבעסערונג) האָט מנשה איליער געפּרעדיקט הומאַ־

ניטאַרישקייט, „טובת הכלל״. ער האָט געחלומט וועגן מקריב־זיין זיך זעלבסט, זיין טאַלאַנט און לעבן, פאַר דעם אַלגעמיינעם גוטס, פאַר אויסבעסערן די עקזיס־טירנדיקע אָרדענונג.

וואָס האָט ער געזען אַרום זיך? ער האָט געזען, ווי „דער שטאַרקערער שלינגט־איין דעם שוואַכערן״. שוין דאַן האָט ער באַנומען, אַז „די הויפּט־סיבה פון אַלע צרות אויף דער וועלט איז די מאַטעריעלע נויט״. ס׳האָט אים געריסן דאָס האַרץ צוצוזען, ווי די מערסטע זין און טעכטער פון פאָלק „קומען ממש אום פון הונגער״. ער האָט מיט טיפן צער אויסגערופן:

„איך שעם זיך צו דאגה׳ען וועגן זיך, און וועגן די באַדערפענישן פון מיין הויזגעזינט, בעת איך זע, אַז די גאַנצע וועלט איז אין צער און נויט. איך קאָן נישט פאַרגעסן אין דער דאָזיקער גרויסער נויט, איך זע זי שטענדיק פאַר די אויגן״. געזוכט האָט ער, דער טרוימער פון יושר, צו פאַרלייכטערן דעם צושטאַנד פון די נויטליידנדיקע, באַ׳עוולה׳טע, אונטערדריקטע. זיין „באַלוינונג״ איז גע־ווען — פאַרפאָלגונגען אויף אים, באַליידיקונגען, זלזולים.

אין 1807, אין זיין עלטער פון פערציק יאָר, איז אין ווילנע דערשינען מנשהס ספר „פשר דבר״ (אַן אויפקלערונג פון ענין). געזוכט האָט דער למדן און חוקר צו באַווייזן, אַז ווייסן און גלויבן קאָנען הויזן אונטער איין דאַך, אַז עס קאָן גע־שאַפן ווערן אייניקייט צווישן חסידים און מתנגדים. געפּרעדיקט האָט ער אין זיין ווערק די אָנווענדונג פון שכל הישר, פון גראַדן שכל; גערופן האָט ער צו לער־נען זיך מלאכות — גערופן צו פּראָדוקטיווער אַרבעט אין יידישן לעבן, צו מאַכן אַ סוף צו לופט־פּרנסות. זיין לערע איז באַטראַכט געוואָרן פאַר „צו־ראַדיקאַל״, פאַר אַ שטיק „אפיקורסות״. בלויז איין עקזעמפּליאַר איז פאַרבליבן פון זיין וויכ־טיקן חיבור.

אין די פרומאַקישע קרייזן האָט מען אויך געמאַכט אַ „ויצעקו״, אַ גערודער, ווען ס׳איז (אין 1818) דערשינען אין גראָדנע זיין ווערק — היינט וואָלט מען דאָס גערופן: עסעי — „בינת מקרא״ (ווי אַזוי צו פאַרשטיין וואָס מען לייענט) — אַן אָפּהאַנדלונג וועגן טראָפּ און נגינות אין דער תורה.

נאָך ערגער האָט ער אָפּגעשניטן מיט זיין הויפּט־ווערק: „אלפי מנשה״. ווען דער דרוקער אין וואָלין האָט דערהערט, אַז ער האָט צו טאָן מיט אַן אפיקורסיש״ ווערק, מיט טריף־פּסול, האָט ער אין פּאַניק פאַרברענט די געדרוקטע בויגנס איב־איינעם מיט מנשהס כתב־יד. דער אָרעמער מחבר האָט דערנאָך ווידעראויפגעשטעלט דאָס ווערק על־פּי־זכרון, און ער האָט דאָס סוף־כל־סוף, נאָך פיל מאַ־טערנישן, אָפּגעדרוקט אין ווילנע אין 1822. אין זיין ווערק האָט ער באַהאַנדלט פראַגן פון קינדער־דערציאונג, פראַגן פון לימודים אין די חדרים.

דאָס ווערק האָט אַ סך געליטן פון מנשהס שווערן לשון, פון מאַנגל אין סיס־טעם און אין סטיל — אָבער דאָך דערשפּירט מען זיין ערלעכע, אויפריכטיקע קעמ־פערישע פּערזענלעכקייט, זיין שטרעבן צו פאַרשפּרייטן אויפקלערונג, אַלגעמיינעם וועלטלעכן וויסן צווישן יידן, דער עיקר: נאַטור־וויסנשאַפט, אינפאָרמאַציע וועגן פראַגן פון היגיעניע. ער האָט געזוכט קלאָר צו מאַכן די נויטיקייט אין געזונטע רעפאָרמען אין יידישן לעבן.

די צאָל לייענער פון איליערס העברעאישע ווערק איז געווען קליין. זעענדיק, אַז עס וואַקסט אַלץ־מער די חסידישע ליטעראַטור אין יידיש, האָט ער באַשלאָסן

צו נעמען זיך צו מאַמע־לשון אין שרייבן זיינע ווערק. אין 1823 איז דערשינען זיין ניי ווערק אין העברייאיש און אין יידיש. דער העברייאישער טעקסט האָט געהייסן „סמא דחיי", און דער יידישער — „לעבנס־מיטל". אין דעם אַריינפיר האָט ער געלאָזט וויסן, אַז ער שרייבט — „דאָס אויף איין גרינגען לשון, אַז עס זאָלן דאָס אַללע פאַרשטיין, חאָטשי פשוטע מענשין". אויך זיין יידיש ווערק, געשריבן מיט אַ שווער יידיש לשון, האָט ניט געהאַט קיין דערפאָלג.

אין דעם זעלבן יאָר (1823) איז דערשינען זיין לעצט ווערק (אין העברייאיש): „שקל הקודש" — אַ פאַרטיפטע אָפּהאַנדלונג וועגן די סיבות פונעם עקאָנאָמישן חורבן פון יידישן לעבן, אַ שאַל־רוף צוצוגרייטן די יידישע יוגנט צו פּראָדוקטיווער אַרבעט. דאָס מאָל האָט דער מחבר גענוצט אַ קלאָרן, פאַרשטענדלעכן סטיל. די אָבסקוראַנטן און „מורדי־אור" (בונטאַרן קעגן ליכט) האָבן דאָס ווערק פאַרברענט; היינט איז דאָס ספרל אַ גרויסע זעלטנקייט.

אויב דעם פאַרגעשריטענעם מחבר האָבן געפעלט צרות, האָט ער אין 1827 — אַ בן־ששים — אָנגענומען צו ווערן רב אין זיין געבורט־שטאָט סמאַרגאָן. איר טוט איין טראַכט וועגן יענער דאַטע — 1827 — און איר דערמאָנט זיך: יאָ, ס'איז דאָס יאָר ווען ס'איז אַרויס דער צאַרישער „אוקאַז" וועגן „רעקרוטשינע": נעמען רעקרוטן ביי יידן. ס'האָבן זיך באַוויזן די „כאַפּערס". דער רב האָט פון דעם בעלעמער־אַראָפּ געדונערט קעגן די מעשי־תעתועים פון די „בעלי־טובהניקעס", וואָס געכאַפּט האָבן זיי דווקא און בלויז קינדער פון די אָרעמסטע שבאָרעמסטע. מיט צוויי יאָר שפּעטער האָט מנשה איליער געמוזט אויפגעבן זיין רב־שטעלע.

אין יולי, 1831, האָט זיך געענדיקט דאָס ליידנפולע לעבן פונעם איינזאַמען השכלה־פּיאָנער. געשטאָרבן איז ער אַ קרבן פון דער כאָליערע־עפּידעמיע, וואָס האָט דאַן געבושעוועט אין יענע מקומות. זיין ביישטייער צום יידישן לעבן פון זיין צייט — ווי די ביישטייער פון די השכלה־פּיאָנערן מענדל לעפין, יהודה־לייב מרגליות, שמואל־יעקב ביק, יצחק־בער לעווינזאָן און אַנדערע — דאַרף הויך געשאַצט ווערן.

(צום צוויי־הונדערטסטן געבוירניאָר פון מנשה איליער. — אַ גרויסער געלערנטער, דענקער, פאַרשפּרייטער פון השכלה)

(פרייטיק, דעצעמבער 1, 1967)



# ישראל אקסענפעלד

(1866-1787)

מיט אַ געפיל פון באַזונדערן שטאָלץ שרייב איך וועגן דעם וויכטיקן יידישן שריפטשטעלער, משכיל און קעמפער ישראל אַקסענפעלד, וועמענס הונדערטסטן יאָרצייט מיר פאַרצייכענען איצט.

אַקסענפעלד, דער טאַלאַנטפולער דערציילער, ראָמאַניסט און דראַמאַטורג — דער גרויסער פאַרגייער פון אונדזערע קלאַסיקער — איז געווען „מיינער" אַ פּאָדאָליער: אַ געבוירענער אין נעמיראָוו, פּאָדאָליע, אין 1787.

אונדזער ליטעראַטור־געשיכטע און קריטיק האָט נאָך ווייט ניט גענוג אָפּגעשאַצט די גרויסע באַדייטונג פון אָט־דעם שעפערישן, פּראָדוקטיוון שרייבער פאַר אונדזער ליטעראַטור, דעם רעאַליזם פון זיינע בילדער פון יידישן שטייגער לעבן אין די קליינע פּאָדאָליער שטעטלעך אין אָנהויב פונעם 19טן יאָרהונדערט, זיין רייכן, זאַפטיקן, פּאָלקסטימלעכן יידיש, זיין קאַמף פאַר פאָלקס־בילדונג און אויפקלערונג.

דערצויגן און אויסגעוואַקסן אין שטעטל נעמיראָוו, אַ וויגל פון דער חסידישער באַוועגונג, איז אַקסענפעלד, אַ זון פון אַ יחסנישער פאַמיליע, געווען יונגערהייט אַ בראַצלאַווער חסיד; שפּעטער איז ער געוואָרן אַ משכיל און אַ ביטערער קעגנער און באַקעמפער פון דער חסידישער באַוועגונג.

אַקסענפעלד איז געוואָרן אַ פּאָדריאַטשיק (צושטעלער פון מאַטעריאַלן) פאַר דער רוסישער אַרמיי אין צייט פון דער נאַפּאָלעאָנישער מלחמה. זיין וועג האָט געפירט דורך פּוילן און דייטשלאַנד; ער האָט פאַרבראַכט אין ווראָצלאַוו (ברעסלוי) און אין בראָד. בעת זיין ווייַלן אין בראָד האָט ער זיך באַקענט מיטן גרויסן משכילישן שרייבער יצחק־בער לעווינזאָן, וועלכער האָט אויף אים געהאַט אַ גרויסע השפּעה. שפּעטער האָט זיך אַקסענפעלד באַזעצט אין אָדעס, וואו ער איז געווען אַן אַדוואָקאַט, אַ נאָטאַריוס און איבערזעצער.

אַקסענפעלד איז געווען דער מחבר פון פיל דערציילונגען, ראָמאַנען און דראַמען. צוזאַמען — דרייסיק ווערק, העכער דריי הונדערט דרוק־בויגן. דערשינען אין דרוק זיינען אָבער בלויז פינף פון זיינע ווערק: צוויי ביי זיין לעבן (אין לייפּציג, אין יאָר 1862): די דראַמע „דער ערשטער יידישער רעקרוט" און דער ראָמאַן „דאָס שטערנטיכל", און דריי שוין נאָך זיין טויט: די דראַמען: „מאַן און ווייב, שוועסטער און ברודער" (1867), „די געגאַרטע וועלט" (1870) און „קבצן־עושר־שפּיל" (1870) — אַלע אין אָדעס. דאָס איז — צום גרויסן שאָדן פון אונדזער ליטעראַטור — אַלץ וואָס איז אונדז געבליבן פון זיין רייכער ליטעראַרישער ירושה. אַלע אַנדערע ווערק פונעם גלענצנדן שרייבער זיינען פאַרלוירן געגאַנגען — אומגעבראַכט געוואָרן דורך דער צאַרישער רעגירונג און דורך אָבסקוראַנטן.

אין משך פון פיל יאָרן האָט אַקסענפעלד געפירט אַן ענערגישן קאַמף פאַר אָפּדרוקן זיינע משכילישע, אויפקלערערישע ווערק, געשריבן מיט קאָפּ און מיט האַרץ. זיינע באַמיאונגען האָבן זיך ניט איינגעגעבן. די צוויי אויבן־דערמאָנטע

ווערק זיינע, וואָס זיינען דערשינען פיר יאָר פאַר זיין טויט אין עלטער פון 79 יאָר אין פּאַריז, זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן ניט אין רוסלאַנד — נאָר אין לייפּציג, דייטשלאַנד. דער אַנטי־חסידישער אינהאַלט פון זיינע שאַפונגען האָט אָנגעטראָפן אין אַ שטאַרקער קעגנערשאַפט מצד די דרוקערייען אין ווילנע און זשיטאָמיר.

אַקסענפעלדס סאַמע ערשטער ראָמאַן, „ספר חסידים", אַ סאַטיריש ווערק קעגן חסידיזם, איז געשאַפן געוואָרן אין די יאָרן 1830־1835. די פינף אויבן־דערמאָנטע ווערק זיינע האָט ער געשאַפן אין די דרייסיקער און פערציקער יאָרן פונעם לעצטן יאָרהונדערט. זיין דערציילונג „זאַ דוואָומיאַ זאַיצאַמי" („נאָך צוויי האָזן"), וואָס עמיצער האָט איבערגעזעצט אויף רוסיש, האָט ער געשריבן נאָכן יאָר 1851. די געשעענישן, וואָס ווערן געשילדערט אין זיינע פינף פאַרבליבענע ווערק, נעמען אַרום דעם פעריאָד פון 1790 ביז 1827 — דאָס ערשטע יאָר פון דער צאַרישער „רעקרוטשינע".

מיט גרויס טאַלאַנט, מיט הייסן טעמפּעראַמענט, מיט טיפער קענטעניש האָט אַקסענפעלד געשילדערט און באַשריבן דאָס יידישע לעבן אין די פּאָדאָליער שטעטלעך: מעזשיבוזש, טעטיעוו, שפּיציניעץ, שאַריווקע, „ניביוואַלע" (געמיינט נעמיראָוו), „לאַיהאַיאַפּאָליע" (געמיינט וואַרשיינלעך קראַסנאָפּאָליע), א. אַנד.

זיינע הויפּט־פיילן האָט דער משכיל־שרייבער געצילט קעגן דער גוואַלדיקער פאַרגליווערטקייט און צוריקגעשטאַנענקייט אין יידישן לעבן פון זיין צייט, קעגן דער איזאָלירטקייט פון דער גרויסער וועלט און איר קולטור, קעגן חסידים און רביים, קעגן אַבערגלויבן, חושך און אומוויסנהייט, פאַלשקייט און היפּאָקריטסטווע. ווי די מערסטע משכילים, האָט ער נאַאיוו געהאַלטן, אַז בילדונג, פאָלקס־בילדונג, איז דער הויפּט־שליסל צו אַ בעסער און שענער לעבן. ער האָט געפּרעדיקט בילדונג און ערלעכע אַרבעט.

זיין הויפּט־כוונה און ציל, האָט ער אַליין דערקלערט, איז „בלויז צו ברענגען נוצן מיינע ברידער, וואָס לעבן אונטערן יאָך פון אַבערגלויבן". זיין שאַפן — האָט וועגן אים ריכטיק געשריבן דער סאָוועטיש־יידישער ליטעראַטור־פאָרשער מ. ווינער — „איז געווען פאַרבונדן מיט די באַדערפענישן פון די פאָלקס־מאַסן נאָך ליכט און אויפקלערונג. ער איז געווען פאַרבונדן מיט דער שעפערישקייט פון די מאַסן. און אָט־דאָס טאַקע מאַכט אים אונדז נאָענט און גיט אים אַ ווערט און באַדייט אין דער געשיכטע פון דער ליטעראַטור".

זיין הויפּט־באַדייט: ער איז געווען רעאַליסטיש, לעבנס־טריי אין זיינע שילדערונגען; ער איז געווען קאָמפּעריש, ציל־באַוואוסטזיניק אין זיין שאַפן. אַליין אַ פאָרשטייער פונעם אויפגעקומענעם יידישן מיטלקלאַס, אַ „סוחר פון דער דריטער גילדיע", האָט אים די שטרעבונג צו היסטאָרישן און קינסטלערישן אמת דיקטירט צו געבן עכטע, אויטענטישע בילדער פון שטעטלשן יידישן לעבן, וואָס ער האָט אַזוי גוט שטודירט און געקענט.

שוין אין 1868 — צוויי יאָר נאָך אַקסענפעלדס טויט — האָט דער ליטעראַטור־פאָרשער, י. לערנער (אין זיין רוסישן ווערק „אַקסענפעלד און זיינע שאַפונגען", אָדעס) געלויבט די „איידעלע שטרעבונג פון דעם דאָזיקן טאַלאַנטפולן שריפטשטעלער — צו זיין ניצלעך דעם פאָלק". לערנער, אַקסענפעלדס ערשטער קריטיקער, האָט דערקלערט: „ה' אַקסענפעלד איז געווען דער ערשטער, וואָס

האָט געפונען דעם געהעריקן וועג צום האַרץ פון פאָלק און געווידמעט די גאַנצע צייט זיינע, אַלע זיינע אַרבעטן, דעם שרעקלעכן קאַמף קעגן דעם פאַנאַטיזם, אויס־צואוואָרצלען אַלע פאַרדאָרבענע אידייען אין דער מאַסע און אויפדעקן די שווינד־לערייען פון די צדיקים און די צבועקעס״.

די חסידישע סביבה איז די הויפּט־טעמאַטיק אין די מערסטע פון אַקסענ־פעלדס ווערק, וואָס דעמאַסקירן מיט די מיטלען פון הומאָר און סאַטירע די רביי־אישע הויפן, די קונצן און געלט־גייציקייט פון די „בעלי־מופתים״.

דאָס לייוונט פון אַקסענפעלדס ווערק איז ברייט, זיינע בילדער קאָנקרעט, זיין לשון נאָענט צום פאָלק, זיין ציל — קלאָר. וועגן זיין ערשטן ווערק „ספר חסידים״ (וואָס איז צו אונדז ניט דערגאַנגען) האָט דער מחבר אַליין געשריבן: „דאָס ערשטע, וואָס איך האָב אָנגעשריבן, איז ,ספר חסידים׳, אַ מין דאָן קיכאָט, וואו די סאַ־טירע, דידאַקטיק און דערציילונג וועגן די אַזוי־גערופענע ,גוטע יידן׳ זיינען אַזוי צונויפגעבונדן, אַז דער עולם וועט זיך דאָרשטיק אָנזאַפּן אין דעם אינהאַלט פון דעם ווערק, אים וועט קלאָר ווערן זייער ווילדע צביעות [צוויעס], ער וועט מוזן דערפילן אַ פאַראַכטונג צו דער גאַנצע חסידישער סעקטע — און דערמיט ווערט דערגרייכט מיין ציל״.

אַקסענפעלדס ווערק, געשאַפן אויפן גרונט פון זיינע שאַרפע באָאַבאַכטונגען און פערזענלעכע דערפאַרונגען, גיבן אַ ברייט בילד פון דער סאָציאַלער באַזע פון דער חסידישער באַוועגונג, קינסטלערישע פּאָרטרעטן פון אַ ריי רביים און זייערע פיגורן, און זיי קאָנען דינען ווי וויכטיקער מאַטעריאַל פאַר די היסטאָריקער און פאָרשער פון חסידיזם אין פּאָדאָליע אין אַ באַשטימטער געשיכטלעכער תקופה (אין סוף פונעם 18טן און אין אָנהויב פונעם 19טן יאָרהונדערט). זיי ברענגען אַרויס יענע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג, וואָס האָבן זיך אין זייער פּרנסה־לאָזיקייט און סאָציאַל־עקאָנאָמישער אומזיכערקייט געקלאַמערט אין און אַרום דעם רבי׳ן. זיי שילדערן, אגב, די ביטול־באַציאונג פון אייניקע רביים צום יידישן אָרע־מאַן. למשל: אין „קבצן־עושר־שפּיל״ זאָגט דער רבי מאָטעלע טשערנאָבילער:

„עפּעס איז היינט אַ טאָג, וואָס קבצנים שלעפּן זיך. אַ מעשה, סאַמע קבצנים. וואָס, איז די גאַנצע שטאָט ניביוואַלע פאַרשוואונדן געוואָרן? מיטאַמאָל אַלע אָרעמע דולן מיך און דולן מיר אַ קאָפּ. כל צרוע וכל זב [קאָל צאָרואַ וועקאָל זאָוו] שיקט מען צו מיר. גייט אייך, איך וועל אייך הייסן אַלע, אַרויסשטופּן. יאָ, גייט און דולט מיר ניט״.

די אַנטי־חסידישע טעמע איז אַ דאָמינירנדיקע טעמע אין אַקסענפעלדס ווערק — אָבער ניט די גאַנצע טעמע. זיין גרונט־טעמע אָדער הויפּט־העלד בלייבט: דאָס יידישע שטעטל אין פּאָדאָליע און וואָלין — דאָס שטעטל מיט זיינע יידן, מיט זיין קלאַסן־דיפערענצירונג, קלאַסן־גרופּירונגען און קלאַסן־קאַמף, מיט זיינע מנהגים און פירונגען, געזען מיט די אויגן פון אַ משכיל־אינטעליגענט. דורך די דראַמעס און דורכן ראָמאַן גייען־דורך בולטע בילדער פונעם לעבן און פון די כאַראַקטערן, פיל פון זיי טיפּיזירטע, פון שטעטלשע יידישע אָרעמעלייט, באַלמעלאָכעס, קליין־קרעמער, אָקסן־הענדלער, ווײַנשענקער, בעל־אכסניות, שטאָט־רענדאַטאָרס, גרויס־סוחרים (גילדעניקעס), גבירים, פּאָדריאַטשיקעס, כלי־קודש, חזנים, שמשים, א. אַנד.

אויף דער הויכער מדרגה פונעם מחברס קינסטלערישער שילדערונג — ניט־געקוקט אויף דער רויקייט און פּרימיטיווקייט פון זיין סטיל און שרייב־מאַניר —

זאָגט עדות דער פאַקט, וואָס אייניקע פון די העלדן פון זיינע שאַפונגען קריצן זיך איין אין זכרון. דער לייענער געדענקט גוט דעם הויפּט־העלד מיכל בעלפער (אָדער מיכל מצבה) פון אַקסענפעלדס ראָמאַן „דאָס שטערנטיכל אָדער שבת־חנוכה אין מעזיביז״ (מעזשיבוזש); צי די הויפּט־העלדן פונעם אויטאָרס בעסטער דראַמע „ערשטער יידישער רעקרוט״: ר. אהרן קלוגער („בעל מחשבות, גע־לערנטער אין אַלערליי חכמות און לשונות״), און נחמן דער גרויסער, וואָס כאָטש ער ווערט באַצייכנט אַלס „אַ מה־יעשהניק, אַ צרה״, ווערט ער פאָרט אַרויסגע־בראַכט סימפּאַטיש. אגב, האָט דער מחבר געשילדערט די טיפע טראַגעדיע, וואָס די רעקרוטשינע האָט מיט זיך געבראַכט פאַר די אָרעמע מאַסן.

מען קאָן מסכים זיין מיטן צוגאַנג פונעם גרויסן יידישן ליטעראַטור־פאָרשער מאַקס עריק (אין זיין אָפּהאַנדלונג „וועגן סאָציאַלן מהות פון אַקסענפעלדס שאַפן״), אַז אַקסענפעלדס „גראַטנסטע, וויכטיקסטע ווערק״ איז זיין ראָמאַן „שטערנטיכל״; „קודם כל — לויטן פאַרנעם. דאָ זיינען געזאַמלט די וויכטיקסטע מאָטיוון פון אַקסענפעלדס שאַפן. דאָ זיינען זיי פאַנאַנדערגעאַרבעט אָן אַ פאַרגלייך ברייטער און דעטאַלער, ווי אין אַנדערע ווערק זיינע. דאָ באַקומען מיר אויך אָן אויס־געצייכנט בילד פון אַקסענפעלדס קינסטלערישע, פּאָעטישע מעגלעכקייטן. דער זשאַנר גופא, די אינטימע פאָרמע פון אַ שמועס־ראָמאַן, אַנטשפּרעכט משמעות אַמ־בעסטן אַקסענפעלדס ליטעראַרישע און געזעלשאַפטלעכע צילן״.

מיר זיינען אָבער ניט גרייט צו מינימיזירן דעם גרויסן באַדייט פון אַקסענ־פעלדס דראַמאַטישע שאַפונגען, וואָס זייער ציל איז, דער עיקר, געווען אַ ליטע־ראַרישער (צום לייענען), און ניט געמיינט פאַר אויפפירונג אויף דער בינע. גע־וויס, זיינען קענטיק אויבן־אויף די ליטעראַרישע חסרונות אין אַקסענפעלדס ווערק: זיין באַרעדעוודיקייט, זיין אָנהויפונג און איבערפלוס פון דעטאַלן, זיין אַוועקגיין צו־אָפּט פון דער צענטראַלער טעמע, זיין טעכנישע אומבאַהאָלפנקייט אין די דראַ־מען. און דאָך איז פאַראַן באַדייטנדיקע סצענישקייט אין זיינע פּיעסן, דער עיקר טאַקע אין זיין „ערשטן יידישן רעקרוט״.

ריכטיק האָט באַמערקט דער חשובער קריטיקער בעל־מחשבות (1873־1924), אַז „אַקסענפעלד איז דער פאָטער פון דער דראַמאַטישער ליטעראַטור, ווי פון יידישן טעאַטער. פון אים הויבט זיך אָן ציען דער פאַדעם, פון דר. שלמה עטינגער ביז אַ גאָטלאָבער און אַ גאָלדפאַדן״, און אַז ער „האָט מיט זיינע ווערק באַאיינפלוסט ניט נאָר אַ שלמה עטינגער [פון זאַמאָשטש, פוילן, דער פאַרפאַסער פון דער קאָ־מעדיע ,שרהקע׳ און ,קאַטאָוועסן׳ און ,משלים׳], נאָר אויך ש. אַבראַמאָוויטשן, וואָרום ביי אַקסענפעלדן געפינען מיר שוין אָנגעמערקט אַ סך טיפּן, וואָס זיינען געוואָרן נאָך דעם קלערער דורכגעפירט ביי מענדעלען״.

וויכטיק ביז גאָר איז, וואָס „געדיכט באַפעלקערט זיינען אַקסענפעלדס ווערק. עס ווימלט אין זיי מיט געשטאַלטן״ (מ. ווינער) — פּאָזיטיווע און נעגאַטיווע גע־שטאַלטן — און דער מחבר זוכט אויפצורייסן די קאָנסערוואַטיווקייט און אָפּגע־שטאַנענקייט, און מיט זיין ברייטן סאָציאַלן באַנעם און אָריגינעלקייט פון זיינע רחבותדיק־געשילדערטע בילדער שטייגט ער איבער אפילו אַזאַ באַדייטנדיקן שריי־בער, ווי דעם בירגערלעך־ליבעראַלן משכיל, דר. שלמה עטינגער (סוף 1800־1856).

אַ צעוויטאַקטער פון זיינע לאַנג־יאָריקע דורכגעפאַלענע באַמיאונגען צו גע־

פינען אַ פאַרלעגער פאַר זיינע ווערק, האָט אַקסענפעלד פאַרלאָזט אָדעס אין 1864 און איז אָפּגעפאָרן קיין פאַריז, וואו זיינע זין האָבן געלעבט און געווירקט אַלס עקספערטן־ספעציאַליסטן (איינער פון זיי אַ פּראָפעסאָר פון פילאָסאָפיע אין דעם סאָרבאָן־אוניווערזיטעט), און וואו ער איז געשטאָרבן אין זומער 1866. זיינע ווערק גיבן אונדז אַ טיפן באַגריף, אַ קלאָר בילד פון יידיש־שטעטלשן לעבן אין די ערשטע יאָרן פונעם 19טן יאָרהונדערט; זיי האָבן אָבער ניט בלויז אַ קולטור־היסטאָרישן באַדייט, נאָר אויך אַ פּראָגרעסיוו־קינסטלערישן ווערט. זיי ברענגען אונדז דעם סטיל און שרייב־מעטאָד פון אַ פאָלקס־געטרייען, קעמפנדיקן שריפט־שטעלער — דירעקט באַלד און ערב די שטורמישע, קאָלירפולע זעכציקער יאָרן פונעם לעצטן יאָרהונדערט — ערב דעם אויפקום פון מענדעלע, שלום־עליכם און פּרץ.

* * *

די ערשטע ידיעות וועגן אַקסענפעלדס גרויסער ליטעראַרישער ירושה, וועלכע איז אומגעבראַכט געוואָרן דורך דער צאַרישער רעגירונג אין אירע „פּאַראָנדקעס״, האָבן געבראַכט דער אָדעסער „קול מבשר״ און דער „המגיד״ פון 1870; אַן אַר־טיקל פון י. ציננבערג אין פערטן באַנד „פּערעזשיטאָיע״, און גאָטלאָבערס זכרונות (אין ערשטן באַנד פון שלום־עליכמס „יידישע פאָלקס־ביבליאָטעק״). אַ וויכטיק „קאַפּיטל אַקסענפעלד־ביאָגראַפיע״ איז אויך געגעבן געוואָרן דורך י. רימיניק אין מינסקער „צייטשריפט״ (באַנד 5, 1931), וואו ס'איז אָפּגעדרוקט דער אויבן־דערמאָנטער אַרטיקל פון מאַקס עריק.

ז. רייזען דערמאָנט אין זיין לעקסיקאָן, אויך בעל־מחשבות ציט אויפמערק־זאַמקייט צום פאַקט, אַז אַקסענפעלדס זון, דער פּראָפעסאָר, וועלכער איז שוין אויך לאַנג אַ שוכן־עפר, „האָט איינס עפּעס אַ זאַך פון פאָטער איבערגעזעצט אין פראַנ־צויזיש און ערגעץ־וואו פאַרעפנטלעכט״.

צום הונדערטסטן יאָרצייט פונעם גרויסן זון פונעם פּאָדאָליער יידנטום, ישראל אַקסענפעלד, וואָלט געווים געווען רעכט, נויטיק און כדאי, אַז געטרייע יידישע ליטעראַטור־פאָרשער אין פראַנקרייך זאָלן נאָכזוכן און מאַכן באַמיאונגען צו גע־פינען שפורן, מאַטעריאַלן אין פראַנצויזישער איבערזעצונג פון די ווערק פון י. אַקסענפעלד, דער נעמיראָווער ייד, וועלכער האָט מיט די אַנדערע וויכטיקע יידישע שרייבער פון דער אוקראַינע — ר׳ נחמן בראַצלאַווער (1778־1811), ר׳ מענדל לעפין פון סאַטאַנאָוו, פּאָדאָליע (1742־1819), ר׳ י״ב לעווענזאָהן פון קרעמעניץ און אַנדערע — געלייגט זיין חותם אויף דער יידישער ליטעראַטור און געהאָלפן איר אַנטוויקלונג.

(צו זיין הונדערטסטן יאָרצייט)
(זונטיק, סעפּטעמבער 11, 1966)





# יצחק־בער לעווינזאָן

(1860-1788)

דעם 18טן פעברואַר, 1960 (צוואַנציק טעג אין חודש שבט) איז אויסגעפאַלן דער הונדערטסטער יאָרצייט פונעם פאָטער און טעאָרעטיקער פון דער השכלה־באַוועגונג אין דרום־רוסלאַנד און ליטע, דעם פאַרשפּרייטער פון אויפקלערונג צווישן יידן, יצחק־בער לעווינזאָן (ריב״ל — 1788-1860), באַקאַנט אַלס „דער מענדעל־סאָן פון די רוסישע יידן". (געמיינט, נאַטירלעך, דעם יידיש־דייטשן פילאָזאָף מאָזעס מענדעלסאָן).

דער גרויסער געלערנטער און אויפקלערער, דער מחבר פון פיל פּובליציסטישע ווערק אין העברייאיש און פון „הפקר־וועלט" און אַנדערע ווערק אין יידיש, איז געווען אַ תלמיד און פריינט פון די השכלה־פירער אין גאַליציע (יוסף פּערל, נחמן קראָכמאַל, מענדל לעפין, שמואל־יעקב ביק, יצחק ערטער, ראַפּאָפּאָרט, מיזעס, א. אַנד.) און איז געשטאַנען אונטער זייער איינפלוס.

אַ געבוירענער אין קרעמענעץ, געוועזענע וואָלינער גובערניע, אין אַ פאַר־אָרעמטער סוחרים־פאַמיליע, האָט ער אין עלטער פון 18 יאָר באַזעצט זיך מיט זיין פרוי אין ראַדזיוויל, אַכט קילאָמעטער פון בראָד. ער איז זיך מיט אַ קורצער צייט שפּעטער פאַנאַנדערגעגאַנגען מיט זיין פרוי, און האָט זיך גענומען אָפּגעבן דורכאויס מיט ליטעראַרישער טעטיקייט.

נאָך דעם ווי ער האָט אַכט יאָר געלעבט אין גאַליציע, האָט ער זיך אין 1820 צוריקגעקערט קיין רוסלאַנד. ער איז געווען אַ העברייאישער פּריוואַט־לערער אין בערדיטשעוו, נעמיראָוו, אָסטרע, טולטשין. אין 1823 האָט ער זיך צוריק באַזעצט אין זיין היים־שטאָט קרעמענעץ, וואו ער האָט אָפּגעלעבט 37 יאָר אין עלנט און אין גרויס נויט, אין אַ בוידעם־שטיבל הינטער דער שטאָט, אַ געמאַטערטער פון אַ שווערער נערוון־קראַנקהייט, אַ פאַרהאַסטער פון די גבירים און קלעריקאַלן, פּי־רער פון קהל, תקיפים און כלי־קודש, וועמען ער האָט שאַרף דעמאַסקירט אין זיינע ווערק.

ריב״ל׳ס צוויי הויפּט־ווערק אין העברייאיש זיינען: „תעודה בישראל״ (זיין לעבנס־ווערק), געדרוקט צוערשט אין ווילנע אין 1828, און „בית יהודה״ (1839). „תעודה בישראל״ (דעקלאַראַציע־אָנזאָג פאַר יידן) איז געווען אַ מאַניפעסט אָדער פּראָגראַם־דערקלערונג פון דער רוסלענדישער השכלה. אין „בית יהודה״ האָט דער מחבר אָנגעגעבן זיין רעפאָרם־פּראָגראַם. אָט־די צוויי טעאָרעטיש־פּובליציסטישע ווערק, באַזירט אויף די הויפּט־הנחות און דערפאַרונגען פון דער השכלה־באַוועגונג אין בערלין און אין גאַליציע, האָבן גערופן דורכצופירן גרינטלעכע רעפאָרמען אין יידישן פעאָדאַלן לעבן. זיי זיינען געווען קרעפטיקע רופן צו וועלטלעכער בילדונג, צו פּראָדוקטיווער אַרבעט, צו מלאכה, צו ערד־אַרבעט. זיי האָבן געהאַט אַ גרויסע השפעה אויף די משכילים פון לעווינזאָנס צייט און שפּעטער.

אויף פיל יידישע יונגעלייט האָט שטאַרק (און פּאָזיטיוו) געווירקט לעווינזאָנס פלאַמיקער רוף: „דערוואַכט, מיינע ברידער! דערוואַכט פון אייער פאַנאַטישן דרימל! גענוג צו זיצן מיט פאַרלייגטע הענט און פאַרלאָזן זיך אויף נסים! גענוג צו זיין לופט־מענטשן, לעבן פון שאַכער, פון שענקען און קליין־האַנדל! מען דאַרף זיך נעמען צו פּראָדוקטיווער נוצלעכער אַרבעט, צו מלאכות און ערד־אַרבעט. מען דאַרף גרינדן ספּעציעלע געווערק־שולן, כדי גוט צו לערנען די מלאכה״.

א. ב. גאָטלאָבער (1811-1899) האָט שפּעטער דערציילט וועגן דער געזונטער ווירקונג פון ריב״לס ווערק אין פּרט פון קאַמף קעגן גייסטיקן חושך, דערוועקן ביי פיל יידן דעם דורשט נאָך וויסן, פאַרטרייבן פון זיי די שרעק פאַר די פינצטערע פאַנאַטיקער, מאָביליזירן די באַזונדערע קרייזלעך משכילים אין אַ ווירקנדיקן כוח פאַר בילדונג, וועלטלעכקייט און פּראָדוקטיוויזאַציע.

מ. עריק גיט־איבער אין זיין ווערק „די יידישע ליטעראַטור אין 19טן יאָר־הונדערט״ (מ. עריק און א. ראָזענצווייג, 1935), אַז לעווינזאָן האָט אין יאָר 1846 צונויפגעשטעלט אַ רשימה פון ווערק מיט זיבעצן נעמען. צווישן זיי זיינען געווען זיין פּערלדיקע אַנטי־חסידישע סאַטירע „דברי צדיקים״, „אפס דמים״ (אַן אַטאַקע אויף די בלוט־בלבולים קעגן יידן), „זרובבל״ (קעגן אָנפאַלער אויף יידישקייט), „בית האוצר״ (העברייאישע פילאָלאָגיע), בעלעטריסטיק, און אַנדערע.

דאָ ווילן מיר זיך הויפּטזעכלעך אָפּשטעלן אויף לעווינזאָנס ווערק אין יידיש: „הפקר־וועלט״. ריב״לס באַציאונג צו יידיש איז געווען אַ נעגאַטיווע. יידיש האָט ער באַצייכנט ווי אַ פאַרדאָרבן געמישט לשון. גערופן האָט ער יידן איינצופירן ביי זיך די רוסישע שפּראַך אָדער די דייטשע שפּראַך. און דאָך, כדי צוצוקומען צו די ברייטערע יידישע מאַסן, האָט ער זיך באַנוצט מיט יידיש (מיט אַ פאָלקסטימ־לעכן, חנעוודיקן, זאַפטיקן, וואָלינער יידיש) אין זיין „הפקר־וועלט״, אַ מעכטיקע אַטאַקע אויף קהל, דאָס הייסט, אויף די גרענדע־פּירער, נגידים, תקיפים, פּיאַווקעס, וואָס זיינען געפאָרן רייטנדיק אויפן רוקן פון דער אָרעמער, אונטערדריקטער יידי־שער פאָלקס־מאַסע. פון זיינע ווערק אין יידיש איז אויך באַקאַנט אַ סאַטיריש ליד „פּורים־שפּיל״ און זיין ביכל „לוח המכס״ (דער רוסישער צאָל־טאַריף איבער־געזעצט אויף יידיש).

זיין „הפקר־וועלט״ איז ניט געדרוקט געוואָרן אין משך פון זיין לעבן. אור־זאַכן? בויט, דאָס פעלן פון אַ דרוקעריי וואָס זאָל האָבן דעם „מוט״ אָפּצודרוקן אַזאַ ווערק, און צענזור־מאָטיוון. דאָס ווערק איז אָבער ברייט פאַרשפּרייט געוואָרן אין מאַנוסקריפּט אין וואָלין און אַנדערע געגנטן. די דעמאַסקירטע עלעמענטן האָבן

געברענט מיט צאָרן קעגן דעם מחבר. די משכילים האָבן זיך געפילט דערמוטיקט און געשטאַרקט. דאָס ווערק האָט באַווירקט לעווינזאָנס נאָענטע תּלמידים גאָט־לאָבערן און ישראל אַקסנפעלדן, אויך י. י. לינעצקין און אַנדערע אין אויפדעקן די פירונגען אין די „הויפן" פון די חסידישע רביים — די אַמאָליקע סאַטמאַרער.

„הפקר־וועלט", מיט אַ מאָטאָ: „באַך וויסאָקע, פאַן דאַלעקע" (גאָט איז הויך, דער פּריץ איז ווייט) איז אַ שאַרפע קריטיק אין בעלעטריסטישער פאָרם אויף די סאָציאַלע איבלען אין דעם פעאָדאַלן יידישן לעבן שטייגער. דאָס וויכטיקסטע אין דעם ווערק איז לעווינזאָנס טיפע סימפּאַטיע צו דער עקספּלואַטירטער יידישער אָרעמשאַפט, זיין מיטלייד מיט זייער ווי און צער.

אין דעם ווערק קומט־פאָר אַ שמועס צווישן צוויי פּשוטע יידן פון וואָלין, רב זרח און רב פייטל, מיט אַן אורח פון רייסן (ווייס־רוסלאַנד). די צוויי וואָלינער יידן דערציילן דעם גאַסט, דעם יידן פון ווייס־רוסלאַנד, פון די שווידערלעכע „פּאַ־ראַנדקעס" אין זייער געגנט: די קהל־פירער צוזאַמען מיט די נגידים און כּלי־קודש זויגן דאָס בלוט פונעם אָרעמאַן. עס ווערט פאַנאַנדערגעוויקלט אַ בילד פון היפּאָקריטסטווע, פון איזדיעקעוועז זיך איבערן אָרעמאַן, און בכלל איבערן ערלעכן מאַן: „ווער ס'איז נעבעך אַן ערלעכער מאַן, ליגט אין דער אדמה".

די צוויי וואָלינער יידן דערציילן דעם גאַסט, ווי אַזוי עס קומען־פאָר די „וויבאָרעס" (וואַלן): די נגידים און זייערע משרתים „מאַכן זיך אַליין פאַר קהלישע פירער, פאַר פּרנסים, און דער אָרעמער עולם איז געצוואונגען צו שווייגן. די תּקיפים האַלטן אים אין טעראָר. פאַר הויבן אַ שטים פון פּראָטעסט נעמט מען ביים „חצוף" אַוועק דאָס איינציקע קינד אין רעקרוטן און מען דערגייט אים בכלל די יאָרן. די פּיאַווקעס שינדן אַ פּאַס פונעם אָרעמאַן אין פאָרם פון כּלערליי שטייערן, טאַקסע, אָפּצאָלן, שווינדלערייען.

אָט הערט לשון: ר' זרח דערציילט: „אינדער אמת, זינט מען נעמט רע־קרוטן, האָט מען נאָך ניט אַוועקגעגעבן קיין עושרס קינד, קיין שום תּקיפס קינד, קיין שום פאַכטערס קינד, קיין שום בית־מדרש בחור, נאָר אָרעמעלייטס קינדער, נעבעך, ערלעכע באַלמעלאָכעס' קינדער, וואָס העלפן זייערע עלטערן אַרבעטן, ערלעכע משרתים, ערלעכע באַהעלפערס".

וואָס איז שייך שטייערן, קומט דער מחבר צום אויספיר (מיטן מויל פון ר' זרח): „דער אָרעמאַן ווערט בעוואַדע גוט אויסגעריסן; קיין עושר, קיין תּקיף גיט ברוך־השם נישט אַ קאָפּיקע; וואָס טויג עס אים? ער נעמט בעסער אַ חלק... נאָר דער אביון צאָלט". און ר' פייטל באַשטעטיקט: „דער אָרעמאַן איז תּמיד דאָס כּפּרה־הינדל".

דער מחבר גיט אַ ברייט בילד פון די „מעטאָדן" פון דער גבירישער עקס־פּלואַטאַציע; פונעם בטלנישן, ליידיק־גייערישן חסידישן לעבן, פונעם ווילדן לוק־סוס און קליידונג צווישן די גבירים.

דאָס יידיש־לשון אין „הפקר־וועלט" איז רייך אין פאָלקסטימלעכן אידיאָם, אין גלייכווערטלעך, אין פאָלקלאָר און איז דורכגעשפּרינקלט מיט רוסישע און אוק־ראַינישע ווערטער און ווערטלעך. ס'איז געוויס ריכטיק די השערה פון נ. שטיף (אין זיין ווערק „די עלטערע יידישע ליטעראַטור", קיעוו, 1929), אַז „אפשר האָט די פאָלקסטימלעכע שפּראַך און די פאָרם [פון ‚הפקר־וועלט'] געווירקט אויף אַנ־דערע יידישע שרייבער אויך עטינגער, גאָטלאָבער און אַנד)". לעווינזאָנס „הפקר־

וועלט" איז צוערשט אָפּגעדרוקט געוואָרן דורך שלום־עליכמען אין זיין „פאָלקס־ביבליאָטעק" (קיעוו, 1888). דאָס ווערק מיט אַ צווייטן טייל צו דעם, איז שפּע־טער איבערגעדרוקט געוואָרן אין אַ באַזונדערער בראָשור דורך בערנאַרד נאַטאַנזאָן.

און אָט זיינען צוויי פערזן פון לעווינזאָנס סאַטירישע גראַמען „פּורים־שפּיל אויפגערופן אין שול" (פערזן אין יידיש, צום סוף פון זיין העברייאישן סאַטירישן ווערק „תולדות פלוני אַלמוני הכזבי"):

עס לאָזן זיך אויס די גוטע צייטן,
וואָס איך פּלעג אויף קהל רייטן,
זיי האָבן געגעסן מיטן לעפל,
און איך מיטן שעפל.

אַז ביי מיר פּלעגט זיין די אסיפה,
האָב איך געהאַט פּרנסה בשפע,
פאַרביי די גוטע צייטן,
וואָס איך פּלעג אויף קהל רייטן.

מיר זעען, ווי לעווינזאָנס רעאַליסטישע קינסטלעריש־רויע שאַפונגען אין יידיש, זיינע שטייגער־בילדער, זיין אויפדעקונג פון שרעקלעכן דלות און חושך פון דער עקספּלואַטירטער יידישער פאָלקס־מאַסע, זיינע פּאָרטרעטן פון די קהל־פירער און זייערע משרתים, זיינען פאַקטיש אַן אָנהויב פון אונדזער יידישער רעאַליסטישער ליטעראַטור — די ציגל פאַר דעם שפּעטערדיקן גרויסן בנין פון אונדזער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור, די פּיאָנערן־אַרבעט, וואָס איז שפּעטער קינסטלעריש פאָר־געזעצט געוואָרן דורך אַקסנפעלדן, לינעצקין און מענדעלען, דעם זיידן, דעם גרונט־לייגער פון אונדזער פּרעכטיקן יידיש־ליטעראַרישן בנין.

(זונטאָג, מערץ 13, 1960)
(צו זיין הונדערטסטן יאָרצייט, דעם 18טן פעברואַר, 1960)

# שלמה עטינגער

(1856-1801)

אין 1856 איז אין זשדאַנאָוו, לעבן זאַמאָשטש, פּוילן, געשטאָרבן דער גרויסער יידישער דיכטער, פאַבל־מייסטער און דראַמאַטורג, דר. שלמה עטינגער (1801-1856). ס'איז נויטיק קלאָר צו מאַכן די וויכטיקע בייטראָגן פון אָט־דער זעלטענער שעפע־רישער פּערזענלעכקייט און זיין אָרט אין דער יידישער ליטעראַטור.

זאָל דאָ באַלד פון אָנהויב געזאָגט ווערן: שלמה עטינגער איז געווען אַ גרוי־סער, אָריגינעלער קינסטלער, אפשר דער באַדייטנדיקסטער קינסטלער אין דער יידישער ליטעראַטור אין דעם ביז־מענדעלע פּעריאָד. ער איז געווען אַ פאָרגייער פון דער יידישער קלאַסישער ליטעראַטור, אָדער דער קלאַסיקער פון דער פאַר־מענדעלע־ליטעראַטור. ער איז געווען, קאָן מען זאָגן, דער ערשטער וועלטלעכער יידישער דיכטער אין דעם מאָדערנעם זין פון וואָרט. מיט זיין באַרימטער, גלענצ־נדער קאָמעדיע „סערקעלע" האָט ער געלייגט דעם פונדאַמענט פאַר דער מאָדערנער יידישער דראַמאַטורגיע. ער איז געווען דער ערשטער יידישער דראַמאַטורג אין

דער פאַר־גאָלדפּאַדען עפּאָכע. מען קאָן אים אַזוי־אַרום מיט רעכט באַצייכענען אַלס דעם על'טער־זיידע פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור.

עטינגער האָט דורך זיינע לירישע, ראָמאַנטישע לידער, דורך זיינע פּרעכ־טיקע, שאַרף־זיניקע משלים און מעשהלעך, עפּיגראַמען, אַפאָריזמען, גלייך־ווערט־לעך און סענטענצן אַריינגעבראַכט נייע זשאַנרען אין אונדזער ליטעראַטור, באַ־רייכערט זי און באַרייכערט אויך די יידישע שפּראַך. באַזונדערס גרויס איז געווען זיין ווירקונג אויף דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער דראַמע און פונעם זשאַנר פון פאַבלען (משלים).

לאָמיר דאָ ברענגען אייניקע ביאָגראַפישע הויפּט־שטריכן:

דער מעסיקער בירגערלעך־ליבעראַלער משכיל שלמה עטינגער איז געבוירן געוואָרן אין אָנהויב פון יאָר 1801 אין וואַרשע אין דער פאַמיליע פון לומדים און רייכע סוחרים. ער איז קליינערהייט געבליבן אַ יתום און איז דערצויגן געוואָרן ביי זיין פעטער מענדל עטינגער, וועלכער איז געווען אַ רב אין לענטשנע. שלמה האָט זיך שוין אַלס יונגער בחור אויסגעצייכנט מיט זיין לומדות. צו פופצן יאָר האָט מען אים חתונה געמאַכט, און ער איז אַריבערגעפאָרן קיין זאַמאָשטש, וואו ער איז געווען ביי זיין רייכן שווער אויף קעסט. אין זאַמאָשטש, אַ צענטער פון השכלה, האָט ער זיך באַקענט מיט די אָנגעזעענסטע משכילים פון שטאָט. אינגיכן איז ער באַקאַנט געוואָרן צווישן די השכלה־קרייזן מיט זיינע געלונגענע גלייכ־ווערטלעך און קאַטאָוועסלעך. נאָך דעם ווי זיין שווער איז געשטאָרבן, האָט זיך עטינגערס פרוי אָפּגעגעבן מיט דער פּרנסה. זי האָט געהאַלטן אַ קראָם. נאָך דעם ווי ער האָט זיבן יאָר אָפּגעלעבט אין זאַמאָשטש, איז ער אַוועקגעפאָרן קיין אָדעס, וואו עס איז אים ניט געלונגען איינצואָרדענען זיך. פון דאָרט איז ער אַוועקגע־פאָרן קיין לעמבערג, וואו ער האָט אין משך פון פינף יאָר שטודירט מעדיצין און געענדיקט אויף דאָקטאָר. דאָרט האָט ער אויך פאָרגעזעצט זיינע פאָרשונגען פון דער דייטשער שפּראַך און ליטעראַטור. דאָרט איז ער געקומען אין קאָנטאַקט מיט די פירער פון דער אָרטיקער השכלה־באַוועגונג.

עס איז, קענטיק, געגאַנגען אין לעבן אַ צאָל בירגערלעך־יידישיסטישע שריי־בער און ליטעראַטור־פאָרשער (צווישן זיי: דר. מ. ווײַנרייך, זלמן רייזען, דר. פּינעס, ב. גאָרין און אַנדערע) צו שאַפן אַן איינדרוק, אַז עטינגער איז געווען אַ מין באַלעבעסל־יידישיסט, אַ „קונסט לשם קונסטניק", און אפילו אַ פרומער ייד. זיי האָבן געזוכט צו שאַפן דעם איינדרוק, אַז עטינגער איז, הייסט עס, בכלל נישט געווען קיין קעמפערישער משכיל. אָט־די איינשטעלונג איז לחלוטין פאַלש. עטינ־גערס ווערק, ווי אויך מאָמענטן פון זיין לעבן, ווייזן פונקט דאָס פאַרקערטע. אין זיינע ווערק באַקעמפט ער שאַרף דורך די מיטלען פון הומאָר און סאַטירע כל־ערליי סאָרטן און פאָרמען פון אָבסקוראַנטיזם, צוריקגעשטאַנענקייט, היפּאָקריטסטווע, פאַלשקייטן, חסידות און אַבערגלויבנס, צדיקיזם, טפּשות, געוויסע גרענדע־פירער, קהלשע פירער און תקיפים. ער קומט אַרויס מיט קאַמף און אויפקלערונג פאַר וועלטלעכער בילדונג, פאַר ערד־אַרבעט, פאַר פּראָדוקטיוויזירן דאָס יידישע לעבן. (די לעצטע עטלעכע יאָר פון זיין לעבן איז ער אַליין געוואָרן אַן ערד־אַרבעטער, אַ קאָלאָניסט, אין זשדאַנאָוו).

אויב ס'איז ריכטיק, אַז ער איז פון דער נאַטור ניט געווען קיין „צוימען־ברעכער" און קיין פייערדיקער, ליידנשאַפטלעכער קעמפער, איז אָבער אויך ריכ־

טיק, אַז ער האָט זיך בפירוש געמישט אין לעבן, אין געזעלשאַפטלעכע ענינים, געגומען אַ שטעלונג פון אַ משכיל אַ ליבעראַל צו קהלשע ענינים. וועגן דעם דערציילן פיל פון זיינע גלענצנדע משלים, וואָס האָבן נאָך עד־היום אָפּגעהיט די פרישקייט און צויבער פון זייער סטיל. וועגן דעם רעדט אויך זיין פּיעסע „סערקעלע“.

עטינגערן איז אויסגעקומען אויסצושטיין רדיפות מצד שמאַלקעפּיקע פּרו־מאַקעס און פאַנאַטיקער. אין זיינע ווערק פאַרדאַמט ער אויפן שאַרפסטן אופן די מוסרים פון זיין צייט. עס איז אַ סברה, אַז ער אַליין איז געווען אַ קרבן פון מוסרים. נאָך דעם ווי ער האָט שוין פופצן יאָר פּראַקטיצירט אַלס דאָקטאָר־מע־דיצין אין זאַמאָשטש, האָט ער איבעראַנייס געמוזט פאָרן קיין כאַרקאָוו צו האַלטן ווידער עקזאַמען פאַר דאָקטאָר. אַזוי ווי ער האָט זיין דאָקטאָר־טיטול געהאַט גע־קראָגן אין לעמבערג, האָט ער לויט די געזעצן פון יענער צייט ניט געטאָרט פּראַק־טיצירן אין רוסלאַנד. ער איז פאַרמסרט געוואָרן פאַר פּראַקטיצירן „אומגעזעצ־לעך“. ער האָט אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען אין כאַרקאָוו און איז צוריקגעקומען קיין זאַמאָשטש אַ פולבאַרעכטיקטער צו פּראַקטיצירן מעדיצין.

אין זיין גרינטלעכער מאַרקסיסטישער פאָרשונג וועגן שלמה עטינגערס לעבן און שאַפן באַווייזט מ. ווינער (אין זיין ווערטפולן בוך „צו דער געשיכטע פון יידי־שער ליטעראַטור אין 19טן יאָרהונדערט“, ערשטער באַנד) די פאַלשקייטן פון די באַהויפּטונגען אין ב. גאָרינס געשיכטע פון יידישן טעאַטער, אַז ש. עטינגער און י. אַקסענפעלד האָבן „ניט געהאַט קיין שום פאַרביטערטקייט קעגן קיינעם“; ווי אויך די פאַלשקייטן פון א. קאַפּעלס אַרטיקל (אין ווילנער „פּנקס“, תרע״ב), אַז „קיין־קאָנפליקטן מיט די פרומע יידן פון זאַמאָשטש“ האָט עטינגער „ניט געהאַט“. עטינגערס עפּיגראַמען, וועלכע ער האָט טרעפלעך באַצייכנט אַלס „כתבותלעך — קאַטאָוועסלעך“, ווייזן פונקט דעם היפּך דערפון. זיי ווייזן, אַז עטינגער האָט גע־פירט אַ שאַרפן קאַמף קעגן קלעריקאַליזם, קעגן אַ ריי אָנפירער פון קהל, כאָטש אין זיין פּריוואַטן לעבן איז ער ניט געווען אויסגעשפּראָכן אַנטי־רעליגיעז.

עס איז כדאי צו ברענגען אייניקע מוסטערן פון זיינע שאַרפע עפּיגראַמען צו ווייזן עטינגערס שטעלונג קעגן אַבערגלויבנס, חסידות און קלעריקאַליזם. אין זיין סאַרקאַסטישער עפּיגראַמע „אסוסע“, וועלכע איז געווענדט קעגן די רביים, „צדיקים“ און שטאָט־גבאים איז פאַראַן אָט־דער פערז:

ווער איז דער אין טלית און תפילין
מיט דער גרויסער בריל?
פאַר אים ליגט אָפן די גמרא חולין,
און ער לערנט שטיל.
דאָס איז דאָך, דאַכט מיר, ר׳ נחום,
וואָס רייסט ביי די אָרעמע אַ סך (רווחים), אסוסע!

אין זיין סאַטירישן ליד „דער ראש־הקהל“ שילדערט ער אָפּ, ווי דער תקיף פילט זיך און פירט זיך אויף גאַנץ חוצפּהדיק. דער תקיף זאָגט:

ער פלעגט נישט צו נעמען מתנות
פון אָרעמעלייט און אלמנות;
האָבן זיי נאָר זיין ווייב באַלוינט,
האָט ער זיי טאַקע פאַרשוינט.
ער איז געווען קהלס־מאַן אַ יאָר זיבן
און איז פאָרט אַן עושר געבליבן.

און:

דעם הייס איך אַרויסטרייבן אויס זער דירה,
אויף דעם זאָג איך מיר אַ שטיקל מסירה,
דעם אַ סך נתינה שטעלן;
נו, זאָל איך ניט קוועלן?...

אין זיין ברילִיאַנטענעם משל „דיביידע וועכטער" לאַכט ער אויס די פוסטע האַרשפּאַלטערישע „דיסקוסיעס" צווישן בטלנים און כלומרשטע לומדים, וואָס פּטרן אַוועק צייט אויף צו גריבלען זיך „איבער אַן אות, וואָס עס קען באַדייטן".

עטינגער האָט ניט דערלעבט צו זען זיינע ווערק אין דרוק. זיין גלענצנדע, אַנטי־צבועקישע קאָמעדיע „סערקעלע", וואָס שפּיגלט־אָפּ דעם קאַמף צווישן השכלה און פינצטערניש, איז צום ערשטן מאָל אָפּגעדרוקט געוואָרן ערשט אין 1861, פינף יאָר נאָך זיין טויט. זיינע פאַבלען, לידער, עפּיגראַמען און אַנדערע פּאָעטישע ווערק זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן דורך זיינע יורשים ערשט אין 1889 — 33 יאָר נאָך זיין טויט (אין אַ באַנד אונטערן נאָמען „משלים און לידלעך", סט. פּעטערבורג). עס איז קלאָר, אַז די הויפּט־סיבה פאַרוואָס זיינע ווערק האָבן ניט געזען די ליכטיקע שיין ביי זיין לעבן איז געווען זיין קאַמף קעגן די פאַנאַטיקער און קהלשע פּירער פון זיין צייט. זיינע ווערק זיינען אָבער נאָך ביי זיין לעבן געגאַנגען פון האַנט צו האַנט אין די קרייזן פון די משכילים און האָבן געהאַט אַ גרויסע ווירקונג. זיין קלאַסישע „קאָמעדיע „סערקעלע" איז צום ערשטן מאָל אויפגעפירט געוואָרן אין 1862 אין זשיטאָמיר דורך דער פּרוי פונעם באַרימטן יידישן געלערנטן חיים־זעליג סלאָנימסקי, הויפּט פון דער אָרטיקער ראַבינער־שול. דער שפּעטערדיקער גרויסער יידישער דראַמאַטורג גאָלדפאַדן האָט געשפּילט די הויפּט־ראָל — סערקעלע.

עטינגער איז געווען אַ קינסטלער פון אַ הויכן ראַנג, אַ רעאַליסט, אַ זעל־טענער מאָלער פון יידישן שטייגער־לעבן, מיט אַ שאַרפן חוש פאַר שפּראַך. זיין יידיש איז רייך, זאַפטיק, פאָלקסטימלעך. זיין סטיל איז שאַרף, צמצומדיק, לאַקאָ־ניש, שפּילעוודיק, רייך אין קלוגע איינפאַלן. זיין לשון ווייזט, אַז ער איז געשטאַנען נאָענט צו די יידישע פאָלקס־מאַסן, כאָטש אפשר ניט אַזוי דירעקט ווי אַקסענ־פעלד, וועלכער האָט אויך געשאַפן זיינע ווערק אין דעם זעלבן פּעריאָד, אין דעם צווייטן פערטל פונעם לעצטן יאָרהונדערט. עס קוקט־אויס, אַז זיין גרויסאַרטיקע קאָמעדיע „סערקעלע" האָט עטינגער געשאַפן אין 1825. אַ גרויסער קענער פון דער דייטשער שפּראַך, פון העברייאיש און פּויליש, איז ער היפּש באַווירקט גע־וואָרן פון די ווערק פון די דייטשע דיכטער: שילער, לעסינג, געלערט. זיין גרעסטע און וויכטיקסטע פּאָעמע „דאָס לעכט" איז געשריבן לויט שילערס „די גלאָקע". ער איז בלויז טיילווייז געווען באַווירקט פון היינען. די סוזשעטן פאַר אַרום אַ דריטל פון אַלע זיינע 67 משלים און קליינע־מעשהלעך האָט ער גענו־מען און קינסטלעריש באַאַרבעט אויף יידיש — פון די פאַבלען פון לאַפאָנטען, פלאָריאַן, געלערט און קראַשיצקי. ביים אָפּקלייבן אָט־די סוזשעטן האָט ער זיך הויפּטזעכלעך אינטערעסירט מיט משלים פון אַ סאָציאַל־סאַטירישן כאַראַקטער. זיינע ערשטע דירעקטע השפעות האָט ער געקראָגן פון די יידישע ביכלעך „די גענאַרטע וועלט" און „אַלטער לעב". אָט־די ביכלעך זיינען איבערגעזעצט געוואָרן פון דייטש אויף יידיש. דאָס ערשטע ביכל האָט אויף דייטש געהייסן „דער טאַר־טיף", און דאָס אַנדערע „ראָבינזאָן" (פון דעפאָס ראָבינזאָן קרוזאָ). עטינגער איז אויך באַווירקט געווען פון וואָלפזאָהנס ערשטער יידישער קאָמעדיע „לייכטזין אונד פראָמעלייא". זיין אייגענע גרויסע השפעה איז געגאַנגען אויף דעם שאַפן פון גאָטלאָבער, גאָלדפאַדען, ווינטשעווסקי, שלום־עליכם און פיל אַנדערע. „פון אים הויבט זיך אָן די אמתע געשיכטע פון יידישן טעאַטער אין רוסלאַנד", האָט ב. גאָרין ריכטיק באַמערקט (ז. 90, באַנד 1).

אומגעהויער גרויס איז דער קינסטלערישער בייטראָג פונעם גרויסן יידישן פאַבל־מייסטער, עפּיגראַמען־שרייבער, פאָלקס־דיכטער און דראַמאַטורג, שלמה עטינגער.

(„מאָרגן־פרייהייט", זונטיק, 22 יאַנואַר, 1956)

# עטינגערס „סערקעלע"־פּיעסע

אין 1961 האָבן מיר פאַרצייכנט אַ וויכטיקע דאַטע אין דער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור: דעם הונדערטסטן יאָרטאָג זינט ס'איז צום ערשטן מאָל דערשינען אין דרוק די באַרימטע קלאַסישע קאָמעדיע „סערקעלע" פונעם רייפסטן יידישן קינסטלער פון דער השכלה־עפּאָכע, ד"ר שלמה עטינגער, אַ דירעקטער פאָר־גייער פונעם מענדעלע־פּעריאָד פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור.

עטינגער (געבוירן סוף 1800 אָדער אָנהויב 1801 — געשטאָרבן אין 1856), דער ברילִיאַנטענער שאַפער פון שאַרפזיניקע עפּיגראַמען און משלים, דער „פאָטער" פון דער וואונדערלעכער פּיעסע „סערקעלע", דער ליבעראַלער קעמפערישער השכלה־פירער, דער מעדיקער און דער באַוואוסטזיניקער שאַפער פון קינסטלערישע ווערק און ווערטן, האָט נישט זוכה געווען צו זען זיינע ווערק געדרוקט ביים לעבן. זיין ליבלינג־ווערק, די פּיעסע „סערקעלע", וועלכע ער האָט אַזוי זאָרגפעליק צוגעגרייט צום דרוק, איז דערשינען ערשט פינף יאָר נאָך זיין טויט („שרהקעלע אָדער די פאַלשע יאָרצייט", קאָמעדיע אין פינף אַקטן, גע־שעען אין לעמבערג. יאָהאַניסבורג, 1861). ערשט אין 1889 איז אין פּעטערבורג דערשינען אַ באַנד פון זיינע „משלים און לידלעך", אַרויסגעגעבן דורך זיין זון וויליאַם; אַ צווייטע אויסגאַבע איז אַרויס אין פּעטערבורג אין 1890.

פּונקט ווי דורך זיינע פּרעכטיקע משלים און עפּיגראַמען, אַזוי אויך דורך זיין קאָמעדיע „סערקעלע", האָט עטינגער, אַן עכטער, אָריגינעלער קינסטלער, געוויזן דעם קאַמף צווישן השכלה און פינצטערניש, אַרונטערגעריסן די מאַסקעס פון פרו־מאַקעס און פאַרפירערישע געמיינדע־פירער, פון היפּאָקריטסטווע און פאַרדאָרבנ־קייט, גבירישע תקיפים, פון אַליץ, וואָס ס'איז נעגאַטיוו און היגטערשטעליק אין יידישן לעבן.

אויף זיין קאָמעדיע „סערקעלע" האָט עטינגער, קענטיק, געאַרבעט מיט גרויס התמדה אַ היפּשע צייט. ער האָט געטרוימט צו זען זי אויפגעפירט אויף דער בינע. דער מעדיקער עטינגער האָט זיך אין זיין היים־שטאָט זאַמאָשטש, פּוילן, אָפּגעגעבן סיי מיט זיין דאָקטאָר־פּראַקטיק, סיי מיט זיין ברייטער ליטעראַרישער טעטיקייט.

אָט אין יענער צייט — געווען איז עס אין 1837 — איז דער העברייאיש־יידישער שרייבער און משכיל אברהם בער גאָטלאָבער (1811־1899), מחבר פון דער פּיעסע „דער דעקטוך" און פון פאַבלען און עפּיגראַמען, געקומען אויף אַ באַזוך אין זאַמאָשטש. ער האָט דאַן געהאַט אַרויסגעגעבן זיין ערשט ווערק „פרחי האביב" (פרילינג־בלומען).

אין זיינע „זכרונות איבער יידישע שרייבער און ספרים" (אין שלום־עליכמס „יידישער פאָלקס־ביבליאָטעק") דערציילט גאָטלאָבער: „...עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך האָב כאָליערע, וועלכע איז דעמאָלט אַרומגעגאַנגען אין פּוילן. איך האָב געשיקט בעטן דעם דאָקטאָר [עטינגער], ער זאָל צו מיר קומען. ער

איז געקומען, האָט מיך באַטראַכט און געזאָגט צו מיר: „וואָס טויג איך כאַליערע? איך וועל אייך בעסער פאַרלעזן מיין ,סערקעלע׳". ער האָט מיר פאָרגעלעזן און איך בין געזונט געוואָרן...".

נאָך איידער די פּיעסע „סערקעלע" איז אַרויס פון דרוק, איז זי שוין געווען פּאָפּולער אין משכּילישע קרייזן אין פּוילן. מען האָט געלייענט פּיל געשריבענע קאָפּיעס פון דער פּיעסע — און הנאה געהאַט.

אין 1862 איז דער גרויסער יידישער געלערנטער חיים־זעליג סלאָנימסקי גע־וואָרן אינספּעקטאָר פון דער ראַבינער־שול אין זשיטאָמיר. זיין פרוי, אַ הויך־גע־בילדעטע, האָט מיט זיך מיטגעבראַכט פון וואַרשע עטינגערס דראַמע „סערקעלע". איר איז שטאַרק געפעלן די דראַמע, און זי האָט באַשלאָסן אויפצופירן „סערקעלע" ווי אַ טעאַטער־ספּעקטאַקל. גערעדט און געטאָן. זי אַליין האָט איינגעשטודירט די פּיעסע מיט די שילער פון דער ראַבינער־שול. די גאַנצע אינטעליגענץ פון זשי־טאָמיר איז געקומען צום ספּעקטאַקל, וואָס איז געווען גאָר אַ גרויסער דערפאָלג.

איינער פון די שילער האָט זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט. געשפּילט האָט ער דווקא די שווערסטע ראָל — די ראָל פון סערקעלע. אָט־דער תּלמיד איז געווען דער 22־יאָריקער אברהם גאָלדפאַדען (1840־1908), דער שפּעטערדיקער פאָטער און גרינדער פונעם יידישן טעאַטער.

עטינגער, אַ מענטש מיט אַ ברייטער און טיפער וועלטלעכער בילדונג, איז געווען גוט באַקאַנט מיט דער דייטשער ליטעראַטור און שפּראַך, און דורך איבער־זעצונגען — אויך מיט אַנדערע ליטעראַטורן. ער איז געווען דער איבערדיכטער פון שאַפונגען פון לעסינג, שילער און אַנדערע (זיין פּאָעמע „דאָס ליכט" איז אַן איבער־דיכטונג פון שילערס „דאָס ליד פון דער גלאָקע"). ווירקונגען פון דער אייראָפּיי־אישער ליטעראַטור, דער עיקר פון לעסינגען, געלערטן און שילערן, זיינען געוויס פאַראַן אין זיין „סערקעלע".

אָבער דער עיקר איינפלוס איז געקומען פון יידישע קוואַלן. אין לעמבערג, וואו עטינגער האָט שטודירט מעדיצין, איז צו אים צום ערשטן מאָל געקומען דער געדאַנק אָנצוהויבן שאַפן אין יידיש — און אויך דער געדאַנק וועגן „סערקעלע". געקומען איז די ווירקונג פון דער ערשטער אַנאָנימער געדרוקטער וועלטלעכער ליטעראַרישער פּיעסע אין דער נייער יידישער שפּראַך, „די גענאַרטע וועלט", גע־שריבן פון אַ משכּיל, וועמענס נאָמען ס׳איז נישט באַקאַנט (ערשטע אויסגאַבע דערשינען אין זשילקאָוו, גאַליציע, אַרום 1815).

עטינגער האָט פאַרצייכנט (אין אַ פּראָספּעקט צו זיינע ווערק): „פאַר עטלעכע יאָר האָב איך געקריגן צו לייענען אין לעמבערג צוויי ביכלעך: איינס האָט גע־הייסן „די גענאַרטע וועלט" און דאָס אַנדערע „אַלטער לעב".ביידע ביכלעך זיינען איבערזעצט און גאָר איבערגעאַרבעט געוואָרן פון דייטש אויף יידיש. דאָס ערשטע הייסט אויף דייטש ,דער טאַרטיף׳, און דאָס אַנדערע ,ראָבינזאָן׳... אויב די ביכ־לעך זיינען יאָ אָדער נישט גוט געמאַכט געוואָרן, וויל איך מחמת כּמה טעמים נישט זאָגן. נאָר דאָס וועט איטלעכער שוין אַליין איינזען, אַז ווייניקסטנס האָט מיר דער פּלאַן צו שרייבן אין פּראָסטן יידישן לשון געמוזט געפעלן, וואָרין עד האָב מיך תּיכף געפּרוּווט, אויב עס איז אין מיין כּוח אויך עפּעס אין דעם שטייגער און אין דעם לשון צו שרייבן".

חוץ דעם — חוץ מאָליערס טאַרטיף־מאָטיוו אין „סערקעלע" — איז אין זיין

פיעסע שטאַרק קענטיק די געזונטע השפּעה פון דער פּיעסע „לייכטזין און פרעמ־מעלייא" (ברעסלע, 1796) פון אהרן האַללע וואָלפזאָן (געבוירן אין האַללע, פּרייסן, אין 1754 — געשטאָרבן אין 1835). ס'איז קלאָר, אַז עטינגער איז געווען גוט באַקאַנט מיט יענער אויסגעצייכנטער השכלה־קאָמעדיע. פון דאָרט, ווי פון דער אַנאָנימער פּיעסע „די געגנאַרטע וועלט" (נישט צו פאַרמישן מיט ישראל אַקסנפעלדס פּיעסע „די געגנאַרטע וועלט") איז געקומען דער שטויס, די דירעקטע השפּעה פאַר „סערקעלע".

אין זיין גלענצנדיקן ווערק „יידישע ליטעראַטור אין 19טן יאָרהונדערט" האָט דער סאָוועטיש־יידישער ליטעראַטור־פאָרשער מ. ווינער געגעבן גאָר אַ הויכע אָפּשאַצונג וועגן „סערקעלע". ער האָט דערקלערט: „עטינגערס ,סערקעלע' געהערט צו יענע קלאַסישע ווערק, וואָס האָבן פאַר דער אַנטוויקלונגס־געשיכטע פון דער ליטעראַטור אַ צענטראַלע באַדייטונג" (באַנד 1, ז' 248). פּראָפ. ווינער איז נאָך געגאַנגען אַזוי ווייט ווי צו דערקלערן: „קיין בעסערע קאָמעדיע איז זייט דעמאָלט אין דער יידישער ליטעראַטור נישט געשריבן געוואָרן".

אין דער פּיעסע זיינען דאָ רעאַליסטישע בילדער פון שטייגער־לעבן, שאַרף־געצייכנטע געשטאַלטן, ביטערע סאַטירע איבער צוריקגעשטאַנענקייט, חוזק איבער פינצטערלינגען, איבער גבירים און שווינדלער. באַזונדערס געלונגען זיינען אַרויסגעבראַכט די נעגאַטיווע טיפּן און אויך די אָרעמע פאָלקס־מענטשן. וויכטיקער געלונגען איז די שילדערונג פון די אויפקלערער, אינטעליגענטן. די שפּראַך איז זאַפטיק, עכט־פאָלקסטימלעך.

דער אינהאַלט פון דער פּרעכטיקער קאָמעדיע איז בקיצור גדול אַזאַ: סערקעלע, די הויפּט־„העלדין" פונעם ווערק, די פרוי פונעם אויפגעקומענעם עושר ר' משה דאַנציקער, אַ מרשעת, אַ פאַרגרעבטע קרעמערין, טוט אָפּ אַ פעלשונג: אַזוי ווי איר רייכער ברודער, דוד, איז שוין מיט אַ לאַנגער צייט צוריק אַוועק אין ווייטע לענדער און מ'הערט נישט פון אים און זי איז זיכער, אַז ער איז טויט, באַשליסט זי אַריינצוקריגן זיין רייכטום. זי פעלשט אַ בריוו מיט אַ צוואה פונעם „פאַרשטאָרבענעם" ברודער. זי באַהאַנדלט גרויזאַם דעם ברודערס טעכטערל הינדע, וועלכע געפינט זיך אונטער איר „השגחה". זי קעכלט און צעפּיעשטשעט איר אייגן טעכטערל פריידע־אַלטעלע (וועלכע רופט זיך אויף „דאטש": פרידעריקע), אַ פּוסט־קעפּיק מיידל. גבריאל, אַ שווינדלער, באַשליסט צו ווערן אַ רייכער איידעם. ער שיקט אונטער אַ שדכן, ר' יוחנן, צו סערקעלען און ס'ווערט געשלאָסן אַ שידוך צווישן אים און סערקעלעס טעכטערל.

דער שווינדלער גבריאל גנבעט סערקעלעס קעסטל מיט צירונג. די שולד ווערט געוואָרפן אויף דער אָרעמער, אומשולדיקער, צאַרטער „יתומה" הינדע און אויף איר געליבטן, דעם לערער מאַרקוס רעדליך, דעם סטודענט פון מעדיצין, דעם אויפקלערער און פאַרשטייער פון בילדונג. צום סוף קומט צוריק סערקעלעס „פאַרשטאָרבענער" ברודער. סערקעלעס שווינדל ווערט אויפגעדעקט: מען דערוויסט זיך, ווער ס'איז דער ווירקלעכער גנב פון דער צירונג. עס קומט אַ גליקלעכער סוף: יושר טריאומפירט. די פּיעסע שליסט זיך מיט דריי חתונות.

די פּיעסע צייכנט זיך אויס מיט אַ סך שאַרפזין, הומאָר, סצענישע עפעקטן, קלוגע איינפאַלן. דער מחבר פינקלט ממש מיט זיין אָריגינעלן טאַלאַנט, מיט זיינע אויפקלער־אידייען.

ריכטיק האָט אָנגעוויזן דר. מ. פינעס: „נישט קוקנדיק אויף דעם טענדענ־ציעזן גייסט, מיט וועלכן עס איז שטאַרק דורכגעדרונגען די קאָמפּאָזיציע פון דער פּיעסע, זיינען דאָך איניקע כאַראַקטערן, הויפּטזאַכלעך דער כאַראַקטער פון דער הויפּט־העלדין אין דער פּיעסע, שרהקעלע, פול מיט לעבן. פּאַרקערט, די כאַ־ראַקטערן פון רעדליך, זיין כלה און דער כלהס פאָטער, אַלע דריי, באַפּוצטע מיט אַלע מעגלעכע מעלות, זיינען שרעקלעך אידעאַליזירט און לאָזן איבער דעם איינ־דרוק פון אומנאַטירלעכקייט" („די געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור", באַנד 1, זייט 96).

ב. גאָרין האָט אין זיין „געשיכטע פון דעם יידישן טעאַטער" געשריבן מיט ענטוזיאַזם וועגן „סערקעלע": „עס איז צו באַוואונדערן, ווי דר. עטינגער האָט נישט נאָר גוט געוואוסט די קאָנסטרוקציע פון אַ דראַמע, נאָר ער האָט אויך איינ־סטינקטיוו זיך אָנגעשטויסן אויף ריין־טעכנישע זאַכן, וואָס מען קאָן נישט וויסן, סיידן מען שרייבט אַ לאַנגע צייט פאַר אַ טעאַטער".

עטינגערס „סערקעלע" איז איינגעשלאָסן אין „דר. שלמה עטינגערס כתבים", אַרויסגעגעבן לויט די מאַנוסקריפּטן, מיט אַ ביאָגראַפישן אַריינפיר און מיט הערות פון ד"ר מאַקס וויינרייך, ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין, 1925, צווייי בענד. וויינרייך האָט אָנגעוויזן אויף דריי געדרוקטע אויסגאַבעס: די יאָהאַניסבורגער פון 1861, אַ וואַרשעווער פון 1875 און אַ לעמבערגער אויסגאַבע. די וואַרשעווער אויס־גאַבע איז פאַקטיש איבערגעדרוקט געוואָרן פון דער יאָהאַניסבורגער אויסגאַבע, וועלכע האָט געהאַט 110 זייטן.

פּראָפ. ווינער ווייזט אָן אין זיין אויבנדערמאָנטן ווערק, אַז „עטינגער האָט זיין ,סערקעלע' אָן אַ שיעור מאָל איבערגעשריבן און כסדר געבעסערט און פאַר־ריכט". ער דערקלערט אויפן גרונט פון פאָרשונג־אַרבעט, אַז „די יאָהאַניסבורגער אויסגאַבע דאַרף באַטראַכט ווערן ווי אַ פאַרגרייזטער און נישט זייער אָפגעהיטער, אָבער פאָרט עכטער און זייער ווערטפולער וואַריאַנט פון עטינגערס ,סערקעלע' אין אַ פריערדיקן, נישט ענדגילטיקן און נאָך אַביסל אומבאַהאָלפענעם צושטאַנד".

אָפּשטעלנדיק זיך אויף די קינסטלערישע און אידייאישע מעלות פון דער רע־אַליסטישער פּיעסע „סערקעלע", שרייבט מ. ווינער: „סערקעלע" איז אויסגעצייכנט געבויט, לויט אַלע געזעצן פונעם זשאַנר. די פּיעסע איז אין אַלע אירע טיילן שטרענג דורכגעפּיילט. ס'איז פּשוט צו שטוינען, ווי אַזוי עס איז מעגלעך געווען צו שאַפן אַזאַ דורכגעפאָרעמט און רייך ווערק אין אַ צייט, ווען די שפּראַך איז נאָך געווען אַזוי ווייניק צוגעגרייט און די ליטעראַטור האָט נאָך פאַרמאָגט אַזוי ווייניק נייע קינסטלערישע טראַדיציעס".

עטינגערס פּיעסע „סערקעלע" איז אַ וויכטיקער רינג אין דער טראַדיציע־קייט פון דער יידישער בירגערלעכער דראַמאַטורגיע, וואָס ציט זיך פון איציק אייכלס קאָמעדיע „רעב הענעך אָדער וואָס טוט מען דערמיט (1792־1793) און אַהרן האַללע וואָלפזאָנס „לייכטזין און פרעמעלייא" ביז גאָלדפאַדענען.

אַ פיינער אויפטו, געטריי צו אונדזערע בעסטע קולטור־טראַדיציעס, וואָלט געווען, ווען עטינגערס „סערקעלע" זאָל ווידער אויפגעלעבט ווערן אויף דער יידי־שער בינע אויף אַ ווירדיקן, שעפערישן אופן.

(„נייע פּרעסע", פּאַריז, 13טן פעברואַר, 1961)

# מיכל גאָרדאָן

(1890-1823)

דער טאַלאַנטפולער יידישער פאָלקס־דיכטער מיכל גאָרדאָן, אַ ליכטיקע געשטאַלט אין יידישן לעבן אין רוסלאַנד פון 19טן יאָרהונדערט, ווערט אין די לעצטע יאָרן זעלטן דערמאָנט. און ס׳איז אַ שאָד און אַן עוולה!

מיכל גאָרדאָן איז געווען אַן עכטער פאָלקס־פּאָעט, אַ משכיליש־סאַטירישער דיכטער, אַן אויפקלערער אין בעסטן זין פון וואָרט, אַ ווירקנדיקער קעמפער פאַרן פאָלק, אַ פאָלקס־דערציער, איינער פון די מוטיקסטע, געטרייסטע פאָרשטייער וואָרטזאָגער און זינגער פון יענעם „שטורעם־און דראַנג״־פּעריאָד, וואָס איז באַקאַנט אַלס דער „השכלה־פּעריאָד״.

ווי אַ סך אַנדערע שרייבער־משכילים האָט ער אָנגעהויבן ווי אַ העברייאישער שרייבער, געדרוקט זיך אין די צייטשריפטן „המגיד״, „השחר״, „הבוקר אור״, געווען דער מחבר פון אַ לערנבוך „תפארת בנים״ און פון אַ ליטעראַריש־קריטישן ספר „שבר גאון״. ער איז אָבער אַריבער צו יידיש, כדי צו קאָנען בעסער דינען דעם פאָלק. זיין פּאָפּולערקייט און ליבשאַפט ביים פאָלק האָט ער געוואונען טאַקע אַדאַנק זיין דיכטונג און אויפקלערונג אין יידיש.

דער סאַטיריקער, וועלכער האָט געשאַפן אויך אַ צאָל לירישע לידער, איז געווען אַ שוואָגער פונעם באַרימטן העברייאיש־יידישן דיכטער יהודה־לייב גאָרדאָן (יל״ג, 1830־1892), וועלכער איז ביז ביאַליקן געווען פאַררעכנט אַלס דער וויכטיקסטער העברייאישער דיכטער פון דער נייער צייט. צווישן מיכל גאָרדאָנס פריינט זיינען געווען די באַוואוסטע העברייאישע דיכטער אד״ם הכהן לעבענזאָן און זיין זון מיכה יוסף.

כראָנאָלאָגיש איז מיכל גאָרדאָן געקומען פריער פון די יידישע פאָלקס־דיכטער יל״ג, אליקום צונזער, אברהם גאָלדפאַדען, מ. מ. וואַרשאַווסקי, פלטיאל זאַמאָשטשין, און נאָך די פאָלקס־דיכטער דר. שלמה עטינגער, אברהם־בער גאָטלאָבער, בערל בראָדער (מאַרגוליעס), וועלוול זבאַרזשער, שלום בערנשטיין.

דאָס ידיש לשון איז געווען אַ טייל פון זיין נשמה, פון זיין געפיל און געדאַנק. ער האָט אָבער געשאַפן זיין יידיש ליד ניט בלויז צוליב דערציאונג און אויפקלערונג, צוליב לערנען און בילדן דאָס פאָלק (וואָס איז, אמת, געווען אַ הויפּט־ציל ביי אים), נאָר אויך כדי צו געבן פּאָעטישן אויסדרוק זיך זעלבסט. ער האָט געזוכט צו ברענגען זיין דיכטעריש־יידיש וואָרט צום פאָלק, צו וועלכן ער איז געשטאַנען נאָענט, ווי אַ טייל פון אים.

אין משך פון צענדליקער יאָרן זיינען זיינע לידער, צו וועלכע ער האָט צוגעפּאַסט מעלאָדיעס, פאַרשפּרייט געוואָרן צווישן פאָלק בכתב — ניט־געדרוקטע. אַ קליינע זאַמלונג פון זיינע יידישע לידער איז דערשינען אין זשיטאָמיר אין 1868 (אונטער אַ פאַרשטעלטן נאָמען). אין 1889, אַ יאָר פאַר זיין טויט, האָט ער אין וואַרשע אַרויסגעגעבן אַ צווייטע, פאַרגרעסערטע און פאַרבעסערטע אויפלאַגע, מיט אַ סך ענדערונגען און צוגאָבן. יענע זאַמלונג האָט געהייסן: שירי מ. גאָרדאָן —

יידישע לידער פון מיכל גאָרדאָן.

זיינע האַרציקע, פּשוטע, ניט־געקינצלטע לידער — פּאָעטישע ווידערקלאַנגען פונעם פאָלקס צער און ווײ, לידער־פּראָטעסטן קעגן די פאַרשפּרייטער פון פינצ־טערניש צווישן פאָלק, האָבן געקראָגן אַ וואַרעמען אָפּקלאַנג צווישן אָרעמע יידן; מ׳האָט זיי געלייענט, איבערגעשריבן, געזונגען, פאַרשפּרייט. אַ סך פון יענע, וואָס האָבן הנאה געהאַט פונעם דיכטערס ניגונים, האָבן ניט געוואוסט דעם נאָמען פון זייער מחבר.

מיכל גאָרדאָנס פאָלקסליד איז געווען ווייט ניט אָפּגעהיט אין פּרט פון משקל, פון מעטער. עס האָט אָבער פאַרמאָגט אמתע פאָלקסטימלעכקייט, איידלקייט, קראַפט פון עמאָציע, פּאַטאָס, פיינעם חוש פאַר ריטם און פאַר שפּראַך־ריינקייט, דעם אמתן חן פון אויפריכטיקן, תמימותדיקן פאָלקס־ניגון.

דער דיכטער שמעון פרוג, וועלכער איז שוין דאַן געווען באַרימט ווי אַ נאַצ־יאָנאַלער יידישער פּאָעט, האָט מיט וואַרעמקייט און ליבשאַפט, מיט לויב און אָנערקענונג, געשריבן (אין „הויז פריינד") וועגן מיכל גאָרדאָנס פּאָעטישן טאַלאַנט, וועגן זיין „אמתן יידישן קרעכץ", וועגן דעם, אַז אין יעדער שורה פון מ. גאָרדאָנס ליד — „עס קאָכט, און עס זידט, און עס פליסט ווי אַ טייך".

די ברייטע אָרעמע יידישע פאָלקס־שיכטן האָבן אין גאָרדאָנס ליד דערשפּירט, אַז דער זינגער פון ליד איז אַליין אַ זון פון פאָלק, אַ פריינט פון פאָלק, איינער וואָס ליידט צוזאַמען מיטן פאָלק. זוין סאַמע ערשט ליד „פון דער חופּה צו דער סעודה" (מיטן דיכטערס מעלאָדיע) האָט געמאַכט אַ טיפן איינדרוק. אָט־דאָס אויטאָביאָגראַפיש ליד האָט אָפן און שאַרף, ווייטאָקדיק און פיינפול, געשילדערט די מיט פון 19טן יאָרהונדערט, געמאָלן אַן אמתדיק בילד „ווי דער דלות גייט־אויף אַזוי ווי אויף הייוון". פון דער חופּה צו דער סעודה — פון דער חתונה ביזן קבר ציט זיך אַ וועג פון צער, מאַטערניש, דחקות, ווייל דער גאַנצער לעבנס־פונדאַמענט איז שוואַך, האַלט זיך אויף הינערשע פיסלעך, ווייל — אומגעזונט, אומפּראָדוקטיוו, געדריקט און אונטערדריקט. דאָס פאַמיליע־לעבן, געבויט אויף אַזעלכע יסודות, אַן צוגעגרייטקייט צו מלאכה, צו אַ פאַך, איז פון סאַמע אָנהויב פאַרמשפּט צו אומגליק, צו טראַגעדיע, צו פּלאָג. אין פיל פון זיינע לידער האָט דער דיכטער אָפּגעשפּיגלט אָט־די טראַגישע לעבנס.

אין זיינע לידער האָט דער דיכטער קריטיקירט דעם רעליגיעזן פאַנאַטיזם, דאָס יחוס־זוכן, „די אומצייטיקע און קרומע שידוכים", וואָס קלאַמערן זיך אין חסידישע צדיקים. זיינע לידער „דער ייד אין גלות", „שטיי אויף, מיין פאָלק" א. אַנד. (אין זייער ערשטן נוסח) זיינען רופן צו פאָלקס־בילדונג, צו „אייראָפּעאיזירן זיך"; „די זון איז לאַנג שוין אַרויס אויף דער וועלט". שפּעטער, אין זיין איבעראַנדערשן איניקע לידער (פאַר דער אויפלאַגע פון 1889), האָט ער זיך אויסגעדריקט, אַז זיינע האָפענונגען אויף בילדונג „זיינען צעפּלאַצט געוואָרן", אַז בילדונג האָט ניט גע־בראַכט די דערוואַרטע ישועה, ווייל עס לעבט נאָך אַלץ די „חיה רעה" — דער אַנטיסעמיטיזם.

אין זיין פּרעכטיקן, רירנדיקן ליד „זע — דער פאַרן גט" דעקט־אויף דער דיכ־טער די „גרויסע וואונדן" פון דער יונגער, פּראָטעסטירנדיקער פרוי זע — דע, אַ מוטער פון דריי קינדער, וועלכע מאַטערט זיך „צוועלף פינצטערע יאָר" מיט איר מאַן, ווען זי קאָן ניט פאַרטראָגן:

דריי ליבע קינדער, דריי ליכטיקע שטערן
איבער אייך וואַש איך מיך מיט מיינע טרערן.

זיין צער'פול ליד „די שטיפמוטער" איז אַ וויי־געשריי פון אַ יונג־פאַרשניטע־נער יידישער מוטער אויף די יסורים פון איר קינד אונטער די קלעפּ פון אַ שטיפ־מוטער, אַ מרשעת.

צווישן זיינע שאַרפע סאַטירישע לידער — פיילן געצילט קעגן חסידות און רבּיים, קעגן אָפּגעשטאַנענעם לעבן־שטייגער, זיינען: „מיין תשובה", „דער באָרשט", „אַ נייער מופת", „די משקה", „מיין דעה", א. אַנד.

סאַטיריש־הומאָריסטיש איז זיין „ליד פון דער באָרד": ווען דער מאַן פון דער עקסטרעם־פרומער שטעטלדיקער פרוי קומט אַהיים אָן אַ באָרד, ווערט זי אויפ־געררודערט פון צער און צאָרן. די באָרד איז פאַר איר געווען אַ סימבאָל פון יידיש־קייט. זי רופט־אויס מיט גרויס פאַרדרוס: „גוואַלד, איך קאָן די באָרד ניט פאַר־געסן". אויך אין זיין ליד „דער גט" (אַ דראַמאַטישער מאָנאָלאָג) מאָנט די פרומע פרוי אַ גט פון איר מאַן, וואָס איז אין פאַלטאַווע געוואָרן אַ משכּיל אָן אפּיקורס. זי רעכנט־אויס אַ צאָל פון זיינע „שווערע זינד":

ער גייט אָן אַ היטל גאַנצע טעג,
און רעדט מען מיט אים, זאָגט ער: מען מעג.

און נאָך:

מען זאָגט, עס האָט שוין אַמאָל געטראָפן, ער האָט זיך גאַנץ שפּעט דאַוונען געשטעלט
אַז ער האָט אָן קריאת־שמע איינגעשלאָפן. און לאַנג „והוא רחום" גאָר פאַרפעלט.

אַ געבוירענער אין דער ווילנער אָרעמשאַפט (נאָוועמבער 4, 1823), האָט מיכל גאָרדאָן געלערנט אין די דאָרטיקע חדרים און קלויזן. ער האָט דערנאָך גע־הייראַט די שוועסטער פונעם שפּעטער באַרימט־געוואָרענעם דיכטער יל"ג, אויף וועמען ער האָט געהאַט אַ גרויסע השפּעה. זיין שוואָגער און פריינט יל"ג איז אָבער געוואָרן אַ „דערפאָלג" אויך מאַטעריעל, ניט בלויז ווי אַ דיכטער; מיכל גאָרדאָן אָבער איז געווען אַן אָרעמאַן זיין גאַנץ לעבן.

נאָכן פריצייטיקן טויט פון זיין ערשטער פרוי, האָט אים זיין צווייטע פרוי (פון ניי־זאגער) אַ סך געהאָלפן אין דער פּרנסה. דער דיכטער איז פיל יאָרן גע־ווען אַ מלמד. ער האָט געאַרבעט ווי אַ בוכהאַלטער ביים גביר און משכּיל באַראָן גינזבורג אין פאַלטאַווע אין די 60ער יאָרן; איז געווען אַ הויז־לערער ביי די בראָד־סקיס אין סמילע און אין שפּאָלע (איציק פּעפּערס שטעטל). אויף די עלטערע יאָרן, נאָכן טויט פון זיין צווייטער פרוי, האָט ער גאָר געלעבט אין נויט; דערצו איז ער געווען עלנט און פאַרלאָזן. געשטאָרבן איז ער אין קיעווער שפּיטאָל דעם 26טן דעצעמבער, 1890.

דער דיכטער, וואָס האָט זיך יאָרן־לאַנג געפּלאָגט אין דלות און פאַרלאָזנקייט פון פריינט, איז אויף זיינע עלטערע יאָרן געווען אַנטוישט, פאַרביטערט. צייטנ־ווייז פלעגט ער אַרויסרופן אין זיין „איך" בטחון און אָפּטימיזם. צו יענעם פּעריאָד געהערן איניקע פון זיינע גאָר פיינע לירישע לידער, צווישן זיי: „מיין לעצטער טאָג", „מיינע יאָרן", „מיין צוואה", „מיין לעבנס־צייט" (אפשר זיין בעסט ליד). אָט־די לידער באַזינגען מיט בענקשאַפט און צער די יונגע, פאַרשוואונדענע יאָרן, וואָס זיינען דאָך מונטער, ווייל זיי זיינען „מיט שטורעם אַוועק".

טיף־ליריש, באַהאַרצט, דיכטעריש־קרעפטיק איז זיין ליד „מיין לעבנס־צייט״, געשאַפן אַ קורצע צייט פאַר זיין טויט. מיר ברענגען דאָ דאָס גאַנצע ליד, כדי דער לייענער זאָל קריגן אַ באַגריף וועגן מ. גאָרדאָנס דיכטערישער דערגרייכונג שוין אין יענער צייט:

פון מענטשנס ליבּ בין איך אַרויס
מיט גרויס געשריי, מיט גרויס געוויין;
אָבער איצט אין דער ערד, מיין אייביק הויז,
וויל איך גאַנץ שטיל און רואיק זיין.

מיליאָנען יאָרן זיינען פאַרשוואונדן
איידער איך בין אויף דער וועלט געווען
מיליאָנען יאָרן וועלן אָנקומען
און איך וועל מער די וועלט ניט זען.

אַזוי ווי דורך אַן אָפן טיר
אַרויס אין גאַס פון ענגן שטוב,
אַזוי גאַנץ רואיק גיי איך מיר
אַראָפּ פון בעט אַריין אין גרוב.

עס טוט אַמאָל פון ים אַ שפּריץ
אַ טראָפּן וואַסער פאַרן זונען־שיין
און פאַלט געשווינדט אַזוי ווי אַ בליץ
צוריק אַראָפּ אין ים אַריין.

אָט באַלד איז מיין קורץ לעבן אַוועק,
אָט באַלד קומט זיין לעצטע שעה:
ניט לאַנג זיין אַנהויב און שוין זיין עק,
אָט ערשט געווען און באַלד ניטאָ.

אַזוי איז מיין קורצע לעבנס־צייט,
אַזוי איז מיין גלענצנד לעבנס־גליק:
עס גייט גאַר פלוצלונג אַרויס פון אייביקייט
און פאַלט אין אייביקייט, געשווינט צוריק.

אין זיין פּראָגראַמאַטיש ליד „מיין צוואה״ רופט דער דיכטער אָפּגעבן „כבוד דעם אָרעמאַן״ און אונטערשטרייכט: „אַלע מענטשן זיינען גלייך״.

אַן אידעלע, מילדע, צאַרטע פּערזענלעכקייט, האָט ער געלעבט און איז געשטאָרבן ווי אַ קעמפער פאַר אַ שענער און בעסער לעבן פאַר זיין פאָלק.

צווישן זיינע ווערק אין יידיש דאַרף נאָך דערמאָנט ווערן דער ערשטער טייל פון זיין „געשיכטע פון רוסלאַנד״, דערשינען אין זשיטאָמיר אין 1869 מיט דער מאָגערער הילף פון האַראָץ גינזבורג און דער געזעלשאַפט „מפיצי השכלה״.

אין זיין קלאָגליד אויף מיכל גאָרדאָנס טויט האָט ש. פרוג (אין „הויז־פריינד״) אים מיטגעגעבן אַ טרייסט:

דיין ליד, דיין יידיש ליד,
וועט נאָך לאַנגע יאָרן קלינגען,
און וואו נאָר עס לעבט אַ ייד,
וועט מען דיינע לידער זינגען.

זאָל געהאַלטן ווערן טייער פרוגס „צוזאָג״ כאָטש טיילווייז: זאָל מען איבער־אַנייעס אָפּפרישן אין זכרון דעם נאָמען און דאָס ליד פונעם פאָלקס־געטרייען דיכ־טער, אַריינבעמען אין כרעסטאָמאַטיעס און זאַמלביכער אַן אָפּקלייב פון זיינע לידער־ניגונים לזכרון!

(צו זיין 75טן יאָרצייט, דעם 26טן דעצעמבער)
(זונטיק, יאַנואַר 2, 1966)



# וועלוול זבאַרזשער

(1883-1826)

אין דער רומענישער פאָלקס־רעפּובליק האָט מען אין 1951 געפייערט דעם דעם 125סטן געבוירנטאָג פון איינעם פון די ערשטע יידישע טרובאַדורן, פונעם פּרעקטיקן פאָלקס־דיכטער און פאָלקס־זינגער וועלוול זבאַרזשער (בנימין־וואָלף ערענקראַנץ).

דער נאָמען וועלוול זבאַרזשער איז נאָך עדיין ממש אַ לעגענדע אין פיל געגנטן אין רומעניע. מען דערציילט וועגן אים אַ סך מעשיות און אַנעקדאָטן. אין משך פון פיל יאָרן האָט אָט־דער יידישער פאָלקס־דיכטער און משכיל, דער פאָרגייער פונעם פאָטער פונעם יידישן טעאַטער, אברהם גאָלדפאַדען, געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויפן לעבן פון ברייטע יידישע פאָלקס־מאַסן אין רומעניע און אויך אַנדערע לענדער.

אין די קרעטשמעס און ווײנשענקען פון די יידישע אָרעמע געגנטן אין בוקאַרעשט — אין די גאַסן וואַקאַרעשט און דודעשט, אין די שענק־הייזער פון יאַס, באָטאָשאַן, אין ווין האָבן געקלונגען די זאַפטיקע יידישע לידער, וואָס וועלוול זבאַרזשער האָט פאַרפאַסט און געזונגען.

וועלוול זבאַרזשער איז געבוירן געוואָרן אין דעם גאַליצישן שטעטל זבאַראַזש אין 1826. זיין פאָטער, מאָטקע דער שוחט, האָט אים דערצויגן אין רעליגיעזן יידישן גייסט. וועלוולען האָט געצויגן צו השכלה, צו וועלטלעכער בילדונג. ער האָט אין שטעטל געקראָגן אַ נאָמען פון אַן אפיקורס. דער פאָטער האָט אים חתונה געמאַכט אין עלטער פון אַכצן יאָר. אין אַ יאָר אַרום איז ער אַוועק קיין רומעניע. פאַראַן איין ווערסיע, וואָס זאָגט, אַז ער האָט פאַרלאָזט זיין יונגע פרוי. אַ צווייטע ווערסיע זאָגט, אַז דאָס יונגע פאָרפאָלק האָט זיך ליב געהאַט, און אַז וועלוול איז געצוואונגען געווען צו גט׳ן זיך מיט זיין פרוי.

דער יונגער משכיל און פאַרפאַסער פון העברייאישע און יידישע לידער איז געוואָרן אַ מלמד אין אַ דאָרף לעבן באָטאָשאַן, רומעניע. פון צייט צו צייט פלעגט ער קומען קיין באָטאָשאַן און דאָרט אין די שענק־הייזער זינגען זיינע אימפּראָוויזירטע לידער פאַר אַן ענגן קרייז פריינט און פאַרערער. שפּעטער, אין די פופציקער יאָרן פון לעצטן יאָרהונדערט, איז דאָס זינגען זיינע אייגענע לידער פאַר אַן עולם געוואָרן זיין פּראָפעסיע. זיין פּאָפּולאַריטעט אַלס פאָלקס־דיכטער און פאָלקס־זינגער איז געוואַקסן.

די באַדייטונג פון זיינע יידישע לידער איז באַשטאַנען סיי אין זייער פאָרם, סיי אין זייער אינהאַלט. זיי האָבן געמאַכט אַ רושם מיט דער זאַפטיקייט, עשירות, פאָלקסטימלעכקייט און קרעפטיקייט פון זייער שפּראַך, מיט זייער שאַרפזין, הומאָר און סאַטירע, מיט די פיילן פון זייער חוזק און שפּאָט קעגן אַבערגלויבנס און אומוויסנהייט, קעגן ווילדן פאַנאַטיזם, קעגן עם־הארצות, גבירים, „גוטע יידן", פרומאַקעס און צבועקעס, קהלשע גרענדע־פירער.

די ערשטע צייט, ווערט דערציילט, האָט ער, צוליב פרנסה, געזונגען זיינע

לידער אין די היימען פון יידישע גבירים און סוחרים. עס איז אים אָבער געווען דערווידער אָט־די ראָל פון אַ בדחן, פון אַ פאַרווײַלער פאַר גבירים, און ער האָט אָנגעהויבן זינגען זײַנע זאַפּטיקע, מחיהדיקע לידער אין קרעטשמעס פאַר באַלמעלאָכעס, יידישע האַרעפּאַשניקעס, שניידער און שוסטער־אַרבעטער. ער האָט דערצויגן און אַנטוויקלט אַ „פּובליקום״; זײַנע אויפטרעטן זײַנען געווען בבחינת טעאַטער, ספּעקטאַקל. אַ סך פון זײַנע לידער זײַנען „אַרײַן״ אין פאָלק, מ׳האָט זיי געזונגען ווי פאָלקס־לידער. אייניקע פון זײַנע לידער זײַנען גענוצט געוואָרן דורך פּורים־שפּילער. אויב אברהם גאָלדפאַדען ווערט פאַררעכנט אַלס דער פאָטער, גרינדער און באַשאַפער פונעם יידישן טעאַטער, קאָן מען וועלוול זבאַרזשער און די „בראָדער זינגער״ באַצייכענען אַלס די זיידעס פונעם יידישן טעאַטער. וועלוול האָט געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף גאָלדפאַדענען. ער איז געשטאַנען, קאָן מען זאָגן, ביים וויגעלע פונעם יידישן טעאַטער. זײַנע טעקסטן, זײַנע געזאַנגען און אימפּראָוויזאַציעס „אויף די ברעטער״ פון קרעטשמעס, רעסטאָראַנען און ווײַנקעלערס זײַנען געווען דער אָנזאָג פון יידישן טעאַטער, דער ערב פון זײַן אָנהויב.

פּרעכטיקע סאַטירישע פערזן זײַנען פאַראַן אין וועלוולס ליד „משיחס צייטן״ — אין יענע צייטן, „ווען משיח וועט קומען״, וועלן די חסידים באַקומען אַלץ וואָס זיי וועלן דאַרפן:

אויף די ביימער וועלן וואַקסן קוילעטשן מיט בולקעס,
די בעקערס וועלן נישט האָבן וואָס צו טאָן,
די צווייגן וועלן זײַן טשיבּיקעס מיט לילקעס,
און די בלעטער וועלן זײַן טוטון.
מיט ווײַן און בראָנפן וועט גייען אַ רעגן,
און נאָר פון די חסידים וועגן.

וועלוולס לידער „גאָטס באַנקראָט״ („דער באַנקראָט״), „דער רבי אויף דעם ים״, „דער פילאָסאָף״ זײַנען אויפגעכאַפּט געוואָרן דורך ברייטע שיכטן פון דער יידישער האָרעפּאַשנער באַפעלקערונג. מען האָט זיי געזונגען אַלס פאָלק־לידער; געזונגען מיט גרויס הנאה. מיט גוטמוטיקן חוזק האָט וועלוול אין זײַן ליד „גאָטס באַנקראָט״ אָפּגעפאַרטרעטלט אייניקע כלי־קודש, וואָס קומען צום אויבערשטן מאָנען וואָס עס קומט זיי: „ש״י עולמות״ — 310 וועלטן. דער כביכול קאָן זיך קיין עצה ניט געבן, און:

וואָס קאָן איך, זאָגט ער, אײַך פאַרגעלטן, וואו זאָל איך נעמען אַזויפיל וועלטן?
כאָטש איך בין דער גרויסער גאָט, און איז אַרויס באַנקראָט.

וועגן דעם דראַנג צו פרייהייט, צו זעלבסט־אויסדרוק, האָט וועלוול געזונגען אין זײַנע לידער „די נאַכטיגאַל״ און דער „פאָלקס־דיכטער״. אין אָט־די פערזן דריקט ער אויס, ווי עס עקלט אים צו זינגען פאַר גבירים און זיי משמח און מבדח זײַן. ער שילדערט „די נאַכטיגאַל״, דעם פאָלקס־זינגער, דעם יידישן סאָלאָוויי, אַלס אַן אַרעסטאַנט אין אַ שטייגל, וועלכער מוז פריילעך־מאַכן די גבירים, וואָס לעבן אַ טאָג און מאַכן זיך סעודות־פּורים. ער זינגט מיט צער:

אַך! ווי קען מען דעמאָלט זינגען די נאַכטיגאַל איז דערצו געצוואונגען,
ווען די צרות פּרעסן, זי פאַרדינט דערמיט איר עסן.

ביז 1867 איז וועלוול געווען אַ תושב פון רומעניע, הויפּטזעכלעך פון יאַס. ער

פלעגט דאַן אַרומפאָרן, אַרומוואַנדערן איבער שטעט און שטעטלעך פון רומעניע, און זינגען זיינע לידער. ער האָט אויך אָפט פאַרזוכט דעם טעם פון נויט, וועלכע ער פלעגט צודעקן מיט זיין שוואַרצן ראָק און צילינדער. ער האָט געהאַסט די רומענישע באָיאַרן, פריצים, הערשער און אונטערדריקער. אין זיין ליד „דאָס פלאַטשיקע מוח'ל" האָט ער „אַ מיניסטער אין דער וואַלעכיי" פאַרגליכן צו אַלדאָס ערגסטע אין דער וועלט.

אונטערן איינדרוק פון די פּאָגראָמען אויף יידן אין רומעניע אין 1867, האָט וועלוול אָנגעשריבן זיין קרעפטיקע פּאָעמע „רומעניע", וועלכע האָט געמאַכט אַ טיפן איינדרוק.

די פּאָעמע הויבט זיך אָן מיטן רוף: „קוק פון הימל, קוק, לעבעדיקער גאָט, ווי סדום און עמורה זיינען מאָלדאָווע און וואָלעכאַי". מחמת אָט־דער פּאָעמע קעגן די פּאָגראָם־מאַכער איז ער שטאַרק גערודפט געוואָרן. וועגן אָט־די רדיפות האָט ער דערציילט אין בריוו צו זיין פריינט משה אָרענשטיין, אַ יידישער שול־דירעקטאָר אין באָקוי. נאָך אַ ריי מסירות מצד פאַנאַטישע חסידים איז וועלוול אַרויסגעשיקט געוואָרן פון רומעניע. ער האָט דאַן געפּראַוועט גלות; אַרומגעשלעפּט זיך מיט זיין מוזע איבער גאַליציע, פּוילן, טערקיי, רוסלאַנד, עסטרייך. ער האָט געליטן נויט, עלנט און בזיונות. אין בוך „דריי ליטעראַרישע דורות" דערציילט ש. ל. ציטראָן וועגן דעם, ווי פּרץ סמאָלענסקין, רעדאַקטאָר פון „השחר", האָט אין ווין מקרב־געווען דעם וואונדערלעכן יידישן טרובאַדור, געקראָגן פאַר אים אַ שטיקל פּענסיע ביי די שטאָט־גבירים, אָבער וועלוול האָט זיך געפילט געקרענקט און באַליידיקט. דער סוף איז געווען, אַז ער איז אַרויסגעשיקט געוואָרן פון ווין.

אָט אַזוי האָט געוואָגלט, גע'נע־ונד'עוועט אַ זעלטענער טאַלאַנט, אַן עכטער פאָלקס־אויפקלערער, איינער, וועמען מען קאָן אָנרופן אַלס דער ערשטער יידישער דיכטער פון רומעניע, איינער וואָס האָט, לויטן אויסדרוק פונעם רומעניש־יידישן פּאָעט יעקב גראָפּער, „צוגעגרייט אין אַ געוויסער מאָס דעם באָדן פאַר גאָלדפאַדענס ווערק — דעם יידישן טעאַטער" (ציטירט לויט ז. רייזינס לעקסי־קאָן). אגב, ווערט דערציילט, אַז וועלוולס הומאָריסטיש ליד „דער יידישער סאָל־דאַט" האָט געפירט גאָלדפאַדענען צו דער אידייע פון שאַפן אַ 3־אַקטיקע אָפּע־רעטע „די רעקרוטן".

ווען וועלוול איז מיט יאָרן שפּעטער צוריקגעקומען קיין רומעניע, איז ער דאָרט אויפגענומען געוואָרן מיט ליבשאַפט פון די יידישע האָרעפּאַשניקעס. אַרום־און־אַרום האָט וועלוול פאַרבראַכט אין רומעניע עטלעכע־און־דרייסיק יאָר. ער האָט חתונה געהאַט מיט דער „שיינער מלכהלע" אַן אייגנטימערין פון אַ רעסטאָ־ראַן, און באַזעצט זיך מיט איר אין 1880 אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, וואו ער איז גע־שטאָרבן דעם 9טן יני, 1883.

די רעאַקציע אין רומעניע האָט ניט דערלאָזט, אַז וועלוולס יידישע לידער זאָלן דאָרט געדרוקט ווערן. זיינע לידער אין יידיש און העברייאיש זיינען דערשינען אין פיר טיילן אין לעמבערג, גאַליציע, אונטערן נאָמען „מקל נועם" (דער זיסער שטעקן). זיין סאַטירישע פּאָעמע „מקל חובלים" (דער פיינלעכער שטעקן), אָדער „דער רבי ר' בער", וועגן דעם ריזשאנער רבינ'ס זון, וואָס איז געוואָרן אַן אַפּיקורס, איז דערשינען אין פשעמישל אין 1869. אין 1902 האָט דר. יעקב סאָטעק (שותק) פון באָקוי אַרויסגעגעבן אין בראַהיל אַ נייע אויסגאַבע פון וועלוולס לידער־זאַמלונג

„מקל נועם״ אין לאַטיינישע בוכשטאַבן. ז. רייזין גיט־אָן, אַז וועלוולס ערשטע זאַמ־לונג לידער קעגן חסידים אונטערן נאָמען „חזון למועד״ זאָל האָבן דערשינען אין יאַס, 1855.

צווישן וועלוולס שאַפונגען זיינען פאַראַן אויך אַ צאָל לירישע לידער, אין וועלכע עס קומט צום אויסדרוק זיין עלנט, זיין זאָרג, זיין פּערזענלעכער ווייטאָק. אָט־די לידער זיינען לויט זייער פרישן טאָן, שפּראַך, בילדלעכקייט, אימאַזש נאָענט צום „מאָדערנעם״ יידישן ליד. זיי זיינען אינגאַנצן פריי פון בדחנות און שטייען ביי דער שוועל פון מאָדערנער דיכטונג. צווישן אָט־די לידער זיינען: „דער עלנטער זוכט זיין רו״, „דאָס בית־הקברות״, „דער וואַנדערער״, א. אַנד. רירנדיק איז זיין אינדיווידואַליסטיש־טרויעריק ליד „דער עלנטער זוכט זיין רו״:

זאָג מיר, איך בעט דיך, דו ווינט, ווייסט ניט וואו דער עלנטער זיך געפינט,
דו שוועבסט דאָך אויף דער גאַנצער וועלט, צו רוען, אַ געצעלט?

אין דעם ליד קלינגט דער טאָן פון דער ביטערער פּערזענלעכער דערפאַרונג און איבער־לעבונג פונעם וואַנדערנדיקן, אָפּטמאָל גערודפטן, ווייט־ניט־דערשאַצטן, צוווייטיקטן יידישן פאָלקס־דיכטער.

עס איז ניטאָ קיין באַדייטנדיקע ליטעראַטור וועגן אָט־דער קאָלירפולער דיכ־טערישער פּערזענלעכקייט, וועגן דעם דיכטער וואָס האָט קאָמבינירט סאַטירע מיט ליריק, חוזק מיט צערטלעכקייטן. אָבער, ווי געזאָגט, צווישן דעם פאָלק אין רו־מעניע, וואו ער האָט געווירקט און געשאַפן, איז ער צווישן די געדיכטע פאָלקס־מאַסן געבליבן אַ לעגענדע. מיט גרויס ליבשאַפט האָט וועגן אים געשריבן — אין ליד און אין פּראָזע — דער צאַרטער דיכטער איציק מאַנגער.

(צו זיין 125סטן געבוירנטאָג)

(„מאָרגן־פרייהייט״, 1951)

# יהודה־לייב גאָרדאָן

(1892-1830)

די ליבעראַלע יידישע בורזשואַזיע אין רוסלאַנד אין דעם ניינצנטן יאָר־הונדערט האָט פון אירע רייען אַרויסגעגעבן אַ צאָל שרייבער־משכילים, פּאַרטיי־דיקער פונעם צאַריזם און פון זיין פּראָגראַם פון רוסיפיקאַציע. צווישן די רוסיש־יידישע שרייבער פון יענער גרופּע זיינען געווען: לעוואַנדע (1835־1888, מחבר פון ראָמאַן „גאָריאַטשעיע ווראָעמיאַ״ („הייסע צייט״); אָסיפּ ראַבינאָוויטש, מחבר פון דער דערציילונג „שטראַפנאָי״ וועגן רעקרוטשינע און אַרויסגעבער פון דער צייטונג „ראַזסוועט״ (אין 1860); ג. באָגראָוו, מחבר פון דער דערציילונג „פּאָי־מאַניק״ (דער געכאַפּטער אין רעקרוטשינע) און פון „זאַפּיסקי יעווריעיאַ״ (פאַרציי־כענונגען פון אַ יידן).

אַן אָנגעזעען אָרט צווישן די וואָרטזאָגער און פֿאָרשטייער פון דער אויפֿגעקלערטער יידישער ליבעראַלער בורזשואַזיע איז געווען דער אָנגעזעענסטער משכיליש־העברייאישער דיכטער יהודה־לייב גאָרדאָן (1830־1892). דעם 7טן דעצעמבער, 1960, איז געוואָרן 130 יאָר זינט ער איז געבוירן געוואָרן (לויטן יידישן לוח: כ״א כסלו תקצ״א). אָט־דער באַרימטער העברייאישער פּאָעט, באַקאַנט מיטן נאָמען יל״ג, אַ געבוירענער אין ווילנע, אַ גראַדואירטער פונעם ווילנער ראַבינער־סעמינאַר, סעקרעטאַר פון דער בילדונג־געזעלשאַפט „מפיצי השכלה״ (פֿאַרשפּרייטער פון אויפקלערונג) אין פּעטערבורג, האָט מיט זיינע פּילצאָליקע העברייאישע לידער, אַרטיקלען און פעליעטאָנען, און שפּעטער אויך מיט זיינע יידישע לידער, און מיט זיין פּובליציסטיק אין די רוסישע צייטונגען „דיען״ און „גאָלאָס״, געהאַט אַ גרויסן איינפלוס אויף די יידישע משכילים פון זיין צייט.

זיינע ראָמאַנטישע העברייאישע לידער (אין די אַכצן־פופציקער יאָרן) זיינען אין אַ באַדייטנדער מאָס באַאיינפלוסט געוואָרן דורך די אָנגעזעענע העברייאישע דיכטער אָדם הכהן לעבענזאָן (1794־1878) און זיין זון, דעם צאַרטן ליריקער, מיכה־יוסף לעבענזאָן (1828־1852). אַ גרויסן איינפלוס אויף יל״ג׳ס דיכטעריש־פּובליציסטישער טעטיקייט האָט שפּעטער געהאַט זיין שוואָגער, עלטער פון אים אין יאָרן, אַ מיטגייער פון דער בירגערלעכער השכלה, דער יידישער פאָלקסטימלעכער דיכטער מיכל גאָרדאָן (1823־1890), מחבר פון אַ באַרימט ביכעלע יידישע לידער (זשיטאָמיר, 1868) און פון אַ זאַמלונג „אידישע לידער פון מיכל גאָרדאָן״ (וואַרשע, 1889) — איינגעשלאָסן די לידער „דער ייד אין גלות״ (1865), „שטיי־אויף, מיין פאָלק״ (1869). קענטיק, אַז אונטער דער ווירקונג פונעם ליד „שטיי־אויף, מיין פאָלק״ האָט י. ל. גאָרדאָן געשאַפן זיין באַרימט געוואָרן ליד „הקיצה עמי״ (וואַך־אויף, מיין פאָלק״): „וואַך־אויף, מיין פאָלק! ביז וואַנען וועסטו נאָך שלאָפן? די נאַכט איז פאַרשוואונדן, די זון איז אויפגעגאַנגען״.

יל״ג, אַן אויפקלערער, אַ רעאַליסט, אַ שרייבער וועגן געזעלשאַפטלעכע און נאַציאָנאַלע ענינים, איז געווען דער שאַפער פון דער פראַזע: „היה אָדם בצאתך ויהודי באהליך״: זאָלסט זיין אַ מענטש אין גאַס און אַ ייד אין שטוב. ער האָט געפּרעדיקט, הייסט עס, אַז „אין גאַס״ זאָל דער ייד זיין „ככל הגוים״ — ענלעך צו די רוסן לויט דער שפּראַך (ריידן רוסיש), לויט דער הלבשה און אויפפירונג, און יידישקייט זאָל ער פראַווען און אָפּהיטן אין דער היים.

יל״ג האָט דורך זיינע לידער און פּאָעמען געפירט אַ קאַמף פאַר רעפאָרמען אין יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן; פאַר רעפאָרמירן אויך די יידישע רעליגיע, צופּאַסן זי צו די נייע ענדערונגען אינעם אַרומיקן לעבן. ער האָט געפירט אַ קאַמף פאַר בילדונג, קעגן די רבנים און רביים און זייער פירונג, קעגן דעם גלויבן אין צדיקים און זייערע „מופתים״, קעגן בטלנות. אין זיין העברייאיש ליד „על קוצו של יוד״ („איבער אַ פּינטעלע״) ווייזט ער ווי אַ רב פּסלט אַ גט „איבער אַ פּינטעלע״ (עס פעלט אַ „יוד״ אין דעם נאָמען „הילל״), און אַ יידישע טאָכטער בלייבט צוליב דעם אַן אייביקע עגונה. זיין קאַמף, ווי געזאָגט, איז געווען געצילט ניט קעגן די יסודות פון דער רעליגיע, נאָר קעגן די כלי־קודש.

געטריי צו דער אידעאָלאָגיע און שטרעבונגען פון דער יידישער ליבעראַלער בורזשואַזיע, האָט יל״גן געפעלט די פאָלקסטימלעכקייט פון אַזעלכע דעמאָקראַטישע משכילים־שרייבער ווי בערל בראָדער (מאַרגוליעס) צי וואָלף ערנקראַנץ

(װעלװל זבאַרזשער, 1823־1883). צו דער יידישער שפּראַך האָט ער זיך באַצויגן מיט ביטול, מיט פאַראַכטונג. דאָך האָט ער אין משך פון יאָרן געדרוקט יידישע לידער (אין „קול מבשר“, 1866; אין „אידישן פאָלקסבלאַט“, אין שלום־עליכמס „אידישער פאָלקס־ביבליאָטעק“, 1888), אין 1886 איז אין װאַרשע דערשינען זיין זאַמלונג משכילישע יידישע לידער „שיחת חולין“ (װאָכעדיקע שמועסן). זיינע קריטיש־סאַטירישע לידער האָבן אָפּגעהוזקט פונעם װילדן פרומען פאַנאַטיזם, פון די רביים, װאָס זוכן רק „פדיונות“, פון די פאָלקס־פאַרפירער, פון די גרענדע־פירער און תקיפים פון קהל, װאָס שװינדלען און רויבן, און גיבן אַװעק אין סאָלדאַטן די קינדער פון די אָרעמעלייט, קריגנדיק כּאַבאַר ביי די גבירים.

אין אייניקע שאַרפע חוזק־לידער האָט דער דיכטער געריסן אַ פּאַס פון די קהלשע גבאים און אָנפירער, װאָס לייגן־אַרויף דעם שװערן יאָך פון כלערליי רעגירונגס־אָפּצאָלן און טאַקסעס אויף די קבצנים און האָרעפּאַשניקעס, און שאַ־נעװען בעת־מעשה די גביראָקראַטיע. צװישן די קרעפּטיקסטע לידער אין דער זאַמלונג זיינען: „שװערע צייטן“, „פּאַר װעמען שרייב איך“, „עיכוב־הקריאה“, „װאָס איז ביי דער אסיפה פאַרבליבן“, „די יונגע יאָרן“.

פאַראַן ביטערער צאָרן אין דעם ליד „עיכוב הקריאה“ (דאָס פאַרהאַלטן דאָס לייענען די תורה). דער דיכטער שילדערט אַ סצענע צו שחרית אין בית־המדרש. בשעת מען נעמט זיך לייענען די תורה, קומען מיט שטורמישע, האַרץ־רייסנדיקע פּראָטעסטן דריי פאַראומגליקטע מענטשן: אַן אָרעמע אלמנה; אַ יונג װייבל; אַ שװערער בעל־מלאכה. זיי קלאָגן און שרייען: די קהלשע תקיפים און גבאים האָבן פאַרשיקט אין סאָלדאַטן דער אלמנהס דריטן זון; דעם מאַן און ברויט־געבער פונעם יונגן װייבל; דעם בעל־מלאכהס זון; די דריי פּראָטעסטירער לאָזן ניט לייענען די תורה, זיי מאָנען גערעכטיקייט. די אלמנה װיינט:

װאָס האָט איר, רוצחים, געװאַלד, באַנדיטן,
אויף מיין לעבן זיך אָנגעזעצט?
פאַרװאָס האָט איר מיין זון דעם דריטן
אין קאַזאַרמע אַריינגעזעצט?

צװיי זין מיינע דורך פאַלשע נעמען
האָט איר שוין פאַרטיק געמאַכט;
און איצט װידער לאָזט איר נעמען
דעם דריטן היינטיקע נאַכט?

און דער באַ׳עװלה׳טער בעל־מלאכה טענהט צום „סבאָרשטשיק“ (איינמאָנער פון שטייערן):

מיינסט, באַלמעלאָכעס זיינען קיין מענטשן?
מיט זיי טוט איר, װאָס איר קענט?

אָבער די גערעכטע פּראָטעסטן פאַלן אויף טויבע אויערן. דער „עכוב הקריאה“ העלפט ניט. די גרענדע־פירער מאַכן זיך ניט װיסנדיק:

דער רב זיצט זיך װי אַ שררה,
גאַנץ רואיק אויף זיין אָרט,
און בלעטערט כלומרשט די גמרא
און גלעט זיך נאָר די באָרד.

דער נאַרישער פאַנאַטיזם פון די לייכט־גלויביקע אין צדיקים און רביים, די „פאַראָנדקעס“ ביי אַ קהלשער אסיפה, דאָס עקספּלואַטירן די אָרעמע פאָלקס־מאַסן װערט קלאָר און בילדלעך אַרויסגעבראַכט אין דעם ליד: „װאָס איז ביי דער אסיפה געבליבן?“

אָט איז, למשל, אַ שטיקל באַריכט וועגן אַזאַ אסיפה:

„...און הילל מיט שמאַיען האָבן
אויך זיך מיט דבקות (דווייקעס)
געאַמפּערט, געפּירט זייער אַלטע מחלוקת
אויך ניט וועגן דעם, וואָס טוט אונדז איצט וויי.
נאָר אַלץ וועגן דאָס אויסגעבלאָזענע איי.

דער חדר, דעם מלמדס קלעפּ, דאָס לערנען אָן אַ טאָלק, און שפּעטער די הינ־טערשטעליקע באַציאונג פונעם פעטער ר׳ נחום צו זיין פּלימעניקס חשק צו גיין אין „שקאָלע״, אָדער צו לערנען זיך אַ מלאכה צי אַ פּראָפעסיע, צי גאָר שפּילן פידל, — אָט־די טעמע ווערט באַהאַנדלט אין יל״גס ליד „די יונגע יאָרן״.

אייניקע פון יל״גס לידער זיינען באַזירט אויף ביבלישע מאָטיוון. פאַראַן ביי אים אויך לידער מיט לויב צו דער תורה („זמר לשמחת תורה״); לידער מיט שילדערונגען פון דורות־לאַנגע רדיפות אויף יידן.

ס׳איז ניט שייך צו ריידן וועגן עכטער פּאָעזיע אין יל״גס יידישע לידער. ריכטיק וויזט־אָן ד״ר. מ. פּינעס אין זיין ערשטן באַנד: „די געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור״ (וואַרשע, 1911): „אין זיינע [יל״גס] ווערק איז זייער ווייניק דאָ געפיל און התלהבות. ער בלייבט שטענדיק דער דענקענדער משכיל, דער העברייאיסט, וואָס שטעלט העכער פון יעדן טאַלאַנט דאָס קענען גוט די גראַמאַטיק און די כללים פון דער שפּראַך״. אין די לידער, אָבער, וואו דער דיכטער דריקט־אויס שאַרפן וויטאָק, פּראָטעסט אָדער צאָרן, מיטלייד מיט די געפּלאָגטע, כעס אויף די אונטערדריקער, דערהויבט ער זיך צייטנווייז צו פּאָעטישער עמאָציע.

אַזוי וואַרפט ער שאַרפע סאַטירע־פיילן אין דעם לאַגער פון די רביים, „בעלי־מופתים״:

פון יעדער גזירה, פון יעדער נויט,
איז ביים רבי׳ן געווען אַ מיטל;
אפילו פון גיהנום און פון טויט
האָט געהאָלפן דעם רבינס קוויטל.
(פון ליד „שווערע צייטן״)

אַזוי אויך ווידמעט ער זיין קליין ביכעלע יידישע לידער מיט ליבשאַפט און מיט האַרציקער געטריישאַפט צו:

מיינע שוועסטער און מיינע ברידער,
וועלכע האָרעווען די גאַנצע וואָך
און ברעכן נעבעך די קראַנקע גלידער
און שלעפן ווי אָקסן דעם שווערן יאָך.
(פון זיין ליד „פאַר וועמען שרייב איך״)

יל״גס סאַטירע־מאָטיוון און השכלה־לידער, אָפּגעדרוקט אין בוך־פאָרם אין 1886, זיינען שוין אפשר געווען צו־שפּעט פאַר זייער צייט, ווען ס׳האָט זיך שוין אָנגעהויבן דער פּעריאָד פון סאָציאַליסטישער אויפקלערונג און אָרגאַניזירונג צווישן די יידישע מאַסן. זיי האָבן אָבער געוויס אַריינגעבראַכט אָן אויפלעבונג און פרייד אין די הונדערטער קליינע שטעטלעך, וואו די קולטור־הינטערשטעליקייט איז נאָך געווען גרויס, און וואו מען האָט נאָך געדאַרפט שטורעמען די פעסטונגען פון פינצטערניש, קלעריקאַליזם און פאַנאַטיזם.

(זונטיק, יאַנואַר 8, 1961)
(צו זיין 130סטן געבוירנטאָג)

# אָפּטיילונג 2



# די קלאַסיקער



## מענדעלע מוכר־ספרים

(1917־1836)

### א.

### דער גרויסער אָנהייב מיט הונדערט יאָר צוריק

**מענדעלע מוכר ספרים „דאָס קליינע מענטשעלע"**

נאָוועמבער, 1864, האָט פאַרצייכנט דעם גרויסן אָנהויב פון אונדזער מאָדערנער קינסטלערישער יידישער ליטעראַטור. אין נאָוועמבער 1864 האָט אָנגעהויבן דערשיינען דאָס וויכטיקע, שאַרפע ווערק, „דאָס קליינע מענטשעלע" פון מענדעלע מוכר־ספרים (שלום־יעקב אַבראַמאָוויטש, 1836־1917), דער „זיידע", דער גרונטלייגער, דער גרויסער אָנהויבער פון אונדזער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור.

געוויס זיינען שוין ביז מענדעלען געווען וויכטיקע יידישע שרייבער, שאַפער פון ווערטפולע ווערק אין יידיש. ס'איז גענוג צו דערמאָנען די נעמען פון די יידיש־שרייבער אין דייטשלאַנד צום סוף פון 18טן יאָרהונדערט, די שאַפער פון השכלה־דראַמעס אין יידיש: איציק אייכל און האלע וואָלפסאָן, די יידיש־שרייבער פון 19טן יאָרהונדערט: אברהם־בער גאָטלאָבער, ישראל אַקסנפעלד, יצחק־בער לעווינזאָן, שלמה עטינגער, א. אַנד. אָבער מענדעלע האָט זיי אַלעמען ניט נאָר קינסטלעריש ווייט איבערגעשטיגן, נאָר ער האָט אָנגעהויבן

אַ נייע עפּאָכע, אַ ניי קאַפּיטל אין דער יידישער ליטעראַטור.

ער האָט סיי מיט זיין קונסט פון גאָר אַ הויכער מדרגה, סיי מיטן גייסט פון זיין שאַפן, מיט זיין שאַרפער סאַטירע, מיט זיין ענגער פאַרבינדונג מיטן פאָלק און מיט די לעבנס־אינטערעסן פונעם פאָלק, געעפנט גאָר אַ ניי בלאַט, אַ נייע ריכטונג אין אונדזער ליטעראַטור. זינט אים ציט זיך די געבענטשטע פאָלקס־טראַדיציע אין אונדזער יידישן ליטעראַרישן שאַפן. דער מענדעלע־איינפלוס האָט געהאַט אַ געזונטע, שעפערישע באַגייסטערנדיקע ווירקונג אויף שלום־עליכמען און פּרצן און אויף שפּעטערדיקע הורות שרייבער.

מענדעלע האָט באַלד פון אָנהייב פון זיין יידיש־שאַפן אַטאַקירט מיטן מעכ־טיקן וואָפן פון זיין סאַטירע און סאַרקאַזם די גאַנצע פעאָדאַלע מיטלאַלטערלעכע סיסטעם, דעם גאַנצן רעזשים פון צאַריש־פּריצישער רשעות און אונטערדריקונג, און אויף דער „יידישער גאַס" — די רעדלפירער, די גבירים־אדירים, די תקיפים און בעלי־טובהניקעס, די בעל־טאַקסעס, די גרענדע־פירער און פּיאַווקעס, וואָס האָבן אָרודעוועט איבערן יידישן פאָלקס־לעבן.

בעת די פריערדיקע אויבן־דערמאָנטע יידישע שרייבער־משכילים פון דער ערב־מענדעלע עפּאָכע האָבן הויפּטזעכלעך אָפּגעגעבן זיך מיט דער פּראָבלעם פון בילדונג פאַרן פאָלק, קולטור פאַר די פאָלקס־מאַסן, האָט מענדעלע, דער ערשטער באמת־גרויסער יידישער שרייבער, קאָנצענטרירט זיין הויפּט־אויפמערקזאַמקייט אויף דעם ענין ברויט, פּרנסה, אויף סאָציאַלע פּראַגן. זיין שאַרף, וואַכזאַם קינסט־לעריש אויג איז דער עיקר געווען געווענדט צו די אָרעמע, ברויטלאָזע, הונגעריקע, עקאָנאָמיש־רואינירטע מאַסן, וועמענס עיקר־דאגה איז קודם־כל געווען: וואָס עסט מען? וואו נעמט מען אויפן מאָרגנדיקן טאָג? מה נאכל?

דער זיידע דער חריף, דער געטרייער זון פון פאָלק, האָט געלערנט: „קיין טאַנץ גייט ניט פאַרן עסן". פריער — ברויט, דערנאָך — צום ברויט, בילדונג, לויטן אַלטן יידישן פּסוק: „אם אין קמח — אין תורה" (אַז ס'איז ניטאָ קיין מעל, קיין ברויט — קאָן ניט זיין קיין תורה). דער זיידע האָט נאָך מיט הונדערט יאָר צוריק גערופן צו אַ — מלחמה קעגן אָרעמקייט.

מיט ביטערן, וויטאָקדיקן שפּאָט האָט ער איינגעטענהט מיט די השכלה־שריי־בער, אַז די הונגעריקע, בידנע, אויסגעהאָרעוועטע „קליאַטשע" נויטיקט זיך ניט דווקא אין בילדונג, נאָר אין „אַ מעסטל האָבער, אַ ביסל היי".

אָט אין דעם באַשטייט מענדעלעס הויפּט־פאַרדינסט און עיקר־בייטראָג: אים איז קודם־כל און איבער אַלץ געגאַנגען אין לעבן דאָס לעבן פונעם פאָלק: אים האָט געוויטאָקט דער דלות, די נויט, דער הונגער פון די יידישע אָרעמעלייט, פון די באַליידיקטע און אונטערדריקטע. זייער גורל איז אים כסדר געשטאַנען פאַר די אויגן. זייערע שונאים האָט ער געהאַסט.

אין דעם פאָרוואָרט צו זיין „פישקע דער קרומער" האָט דער גרויסער קלאַ־סיקער דערקלערט: „וואוהין איך זאָל זיך ניט קערן און ווענדן, זע איך פאַר מיר די טאָרבע; וואָס איך זאָל ניט וועלן דערציילן אָדער זאָגן, קומט מיר אָפיר די טאָרבע".

די „טאָרבע", די „יידישע טאָרבע", דער סימבאָל פון יידישן דלות האָט זיך ברייט צעלייגט איבער מענדעלעס וואונדערלעכע ווערק. זי האָט אים ניט געלאָזט רוען. די יידישע קבצנים, עניים ואביונים זיינען געווען זיינע שענסטע העלדן,

זיי האָט ער אַרויסגעהויבן און דערהויבן (טאַקע לויטן זאָג: „מקימי מעפר דל, מאשפות ירים אביון" — ער שטעלט־אויף פון שטויב דעם אָרעמאַן, פון די מיסטן הויבט ער אויף דעם קבצן). ער האָט פּאַר גאָר דער וועלט אַנטפּלעקט די גייס־טיקע שיינקייט און קראַפט פון אָרעמעלייט, די אמתע געזעצלעכע יורשים פון דער ערד („פישקע דער קרומער" און אַנדערע ווערק). ער האָט זיך געפילט היימיש און אינטים מיט און צווישן דער יידישער אָרעמשאַפט, „אויפן נידעריקן טרעפּל פונעם יידישן לעבן אונטן אין די קעלערס".

מענדעלע האָט געזען און געוויזן די מיטשולדיקע אין דער „טאַרבע". ער האָט געטייטלט מיט די פינגער אויף די בלוטזויגער, אויף די הויט־שינדער, אויף די גבירים און קהל־פירער, וואָס רייטן אויפן רוקן פון פאָלק. ער האָט געניצט זיין פען ווי אַ וואָפן אין קאַמף. ער איז געווען אַ שרייבער אַ קעמפער.

זיין ערשט קינסטלעריש ווערק אין יידיש איז אויך געווען זיין ערשט קאַמפס־ווערק קעגן די באַרויבער פון פאָלק, — „זיין בוך „דאָס קליינע מענטשעלע". שפּעטער איז געקומען זיין צווייט שאַרף ווערק קעגן די ניט־געבעטענע „פאַרזאָר־גער" און „באַזאָרגער": „די טאַקסע" (1869).

מיט גרויסער קינסטלערישער גבורה, מיט דער גבורה פון אמת, פון עכטן רעאַליזם, פון שילדערן דאָס לעבן געטריי און ערלעך, האָט דער זיידע געוויזן דעם לייענער פון „דאָס קליינע מענטשעלע" דאָס שטעטעלע גלופּסק (בערדיטשעוו) מיט איר דלות און בלאָטע, מיט אירע אָרעמעלייט, וואָס פּעכניען פון הונגער, און מיט אירע „קליינע מענטשעלעך", וואָס הייסן: איסר וואַרגער, יאָסל שינדער, ראובן פּיאַווקע, נתן פּרעכמאַן, איציק־וואָלף ספּאָדיק, אהרן קנעכבאַרג. זיי, די בעלי־מאה, זיינען די בעלי־דעה; זיי פירן די גרענדע, זיי רייסן פּאַסן פונעם אָרעמאַן, זיי לעבן אַ טאָג אויף זיין חשבון. זיי דערגרייכן די יאָרן דער אָרעמער „קליאַטשע". געטריי צו זייערע נעמען, וואַרגן זיי דעם קבצן, שינדן אים אַ הויט. דאָס זיינען די זעלבע פאַרשוינען, וועמען אַ צווייטער „זיידע", דער זיידע פון דער יידישער אַרבעטער־דיכטונג אין אַמעריקע, מאָריס ווינטשעווסקי (1856־1932) האָט אין די אַכציקער יאָרן פון לעצטן יאָרהונדערט באַצייכנט אַלס „כאַפּערמאַן, פּלאַפּער־מאַן, קלאַפּערמאַן" (אין זיין ליד „אַ בעזים און אַ קער").

מענדעלעס ווערק פון הונדערט יאָר צוריק שילדערט פאַר אונדז די לעבנס־געשיכטע פונעם „קליינעם מענטשעלע", אברהם יצחק, דערציילט אין דער פאָרם פון אַ ווידוי, אַ חרטה אויף אַלע רשעותן, פאַרברעכנס, וואָס ער איז אין זיין קלייך־מענטשלדיקן לעבן באַגאַנגען. אונדזער גרויסער וואָרט־מייסטער האָט אונדז גע־געבן אַ קלאָר, שטאַרק־ווירקנדיק בילד פון די „קורסן", וואָס דער דערשלאָגענער יתום אברהם־יצחק האָט דורכגעמאַכט אויפן וועג צו ווערן אַ פולשטענדיק „קליין מענטשעלע". צווישן זיינע לערערס זיינען פאַראַן אַזעלכע ברייט־אַנערקענטע „קליינע מענטשעלעך", ווי דאָקטאָר שטיינהאַרץ און איסר וואַרגער. זייער קנעלונג מיט אים באַשטייט אין „חנפענען, צבועטשען [היפּאָקריטסטווען], ליגנערן". צום סוף ווערט ער אַ גלייכבאַרעכטיקטער מיטגליד פון דער כאַפּטע מאַכטהאָבער און הויט־שינדער.

„דאָס קליינע מענטשעלע" (באַאַרבעט און אויסגעברייטערט אין 1879) איז געווען דעם זיידנס מעכטיקער אָנהייב פון אַ וואָרט־קינסטלער, וואָס האָט געגעבן אַ נייַ פּנים אונדזער ליטעראַטור, — דאָס פּנים פון אַ קעמפנדיקער פאָלקס־לי־

טעראַטור, אין גייסט פון אונדזערע נביאים, אין גייסט פון דער גרויסער שכנישער פּראָגרעסיוו־געשטימטער רוסישער ליטעראַטור, פון אַזוינע ריזן־קינסטלער, ווי פּושקין, לערמאָנטאָוו, גאָגאָל, ניקיטין, ניעקראַסאָוו, סאַלטיקאָוו־שטשעדרין. מענדעלעס פּראָטעסט־ווערק „דאָס קליינע מענטשעלע" און „די טאַקסע" האָבן געפירט צו די וויטערדיקע, הויך־קינסטלערישע ווערק פונעם געניאַלן קלאַסיקער: „פישקע דער קרומער", „די קליאַטשע", „דאָס ווינטשפינגערל", „מסעות בנימין השלישי", „שלמה רב חיימס", א. אַנד. רייך זיינען זיינע ווערק אין ליטעראַרישע פּערל, אין שילדערונגען פון כאַראַקטערן און געשטאַלטן, אין געמעלן פון נאַטור־פּייזאַזשן, אין שטייגער־בילדער, אין אויפלעבן קינסטלעריש אַ גאַנצע היסטאָרישע עפּאָכע פון יידישן לעבן אין צאַרישן רוסלאַנד. אָבער ער איז באַזונדערס איינגעבאַקן אין האַרצן פון פאָלק צוליב דעם, וואָס ער איז מוטיק און שרעקלאָז אַרויסגעטראָטן אין זיינע ווערק מיט אַ שאַרפער אָנקלאַגע קעגן דעם חושכדיקן מיטלאַלטער, קעגן דער פעאָדאַלער סיסטעם, קעגן קנעכטשאַפט און עקספּלואַטאַציע, קעגן די מאַכט־האָבער אין דער יידישער סביבה, קעגן רעכטלאָזיקייט פון די פאָלקס־מאַסן, קעגן מאַטעריעלן און גייסטיקן דלות. מיט זיין באַשולדיקונג־אַקט איז דער קלאַסאַלער, ליכטיקער קינסטלער און אויפקלערער אַרויסגעטראָטן אין די מערסטע פון זיינע שאַפונגען אין פיל זשאַנרען: ראָמאַן, קאָמעדיע, דערציילונג, פּובליציסטיק, אַלע־גאָריע, ליטעראַטור־קריטיק.

אַ געטרייער תלמיד פון די רוסישע רעוואָלוציאָנערע דעמאָקראַטן, די ליטע־ראַטור־קענער טשערנישעווסקי, בעלינסקי, דאָבראָליובאָוו, האָט מענדעלע, דער מחבר פון צוויי ליטעראַטור־קריטישע ווערק אויף העברייאיש: „משפט שלום" („מישפּאָט שאָלעם", גערעכטער משפט, 1860) און „עין משפט" („איַען מישפּאָט", אַ קריטיש אויג, 1867), געפירט אַ קאַמף קעגן אַ ליטעראַטור, וואָס איז אָפּגע־ריסן פון דערווירקלעכקייט, פונעם לעבן פון פאָלק. ער האָט אין זיין „עין משפט" געלערנט:

„...אַ ליטעראַטור, וואָס האָט קיין שייכות ניט צום פאָלק און צו זיינע נויטן און ווערט פון אים ניט באַווירקט, קאָן אויך ניט זיין קיין ווירקנדיקער פאַקטאָר. דאָס פאָלק האָט מיט איר ניט קיין געשעפטן, און זי איז איבעריק אויף דער לע־בעדיקער ערד".

מענדעלעס הומאַניזם, זיין שטעלן זיך אין דינסט פון פאָלק, האָט געלייגט אַ געזונטן חותם אויף די בעסטע שאַפונגען פון יידישע שרייבער אין משך פון די הונדערט יאָר, זינט זיינע קונסט־ווערק האָבן אָנגעהויבן באַלייכטן דאָס יידישע לעבן.

זונטאָג, אַפּריל 12, 1964.

## ב. מענדעלעס קאַמף קעגן פאָלקס־נויט

„...האָט דער זיידעניו געהייסן: — שרייבן זאָלן אייניקלעך מיט גאַל, מיט בלוט מיט הייסן...". (עזרא פיינינבערג, אין ליד „פאַרבלוטיקטע ביכער")

מיר דאַכט זיך, ווי איך זאָל הערן דעם זיידן מענדעלעס אָנזאָג צו מיר און צו אַלע אַנדערע אייניקלעך זיינע:

„כ'בעט איך, נוצט ניט דאָס וואָרט ,יאָרצייט'. כ'לעב נאָך, גאָט־צו־דאַנקען.

נאָך מער: איך האַלט אַן אויג אויף אייך, אייניקלעך מיינע. איך וויל אייך דער־מאָנען אין דער הייליקער סאָציאַלער שליחות פון אַ שרייבער ביי יידן — אין זיין גרויסער אַחריות ווי אַ מאָנער און קעמפער פאַר יושר אויף דער וועלט".

מיר זעען אונדזער זיידן — פופציק יאָר נאָך דעם ווי ער האָט זיך קערפער־לעך אָפּגעשיידט פון אונדז — ווי דעם ערשטן יידישן קלאַסיקער, דעם ערשטן גרינ־דער־מיטגרינדער פון אונדזער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור. מיר פילן זיך גליקלעך, וואָס ער, דער געניאַלער יידישער וואָרט־קינסטלער און סטיל־מייסטער, האָט פאַרלייגט די פעסטע פונדאַמענטן פאַר וועלטלעכקייט, פאַר אַ פּראָגרעסיווער הומאַניסטישער טראַדיציע אין אונדזער ליטעראַטור.

מיר האָבן ליב אונדזער קלוגן, טיף־דענקערישן, טיף־מענטשלעכן זיידן, דעם פּיאָנער־שאַפער פון אונדזער ליטעראַטור, ווי דעם קינסטלער־וואָרטזאָגער פונעם יידישן אָרעמאַן. קיינער ביז מענדעלען האָט זיך פאַר אים ניט איינגעשטעלט מיט אַזאַ דרייסטקייט און געוואַגטקייט. קיינער ביז אים האָט ניט געשילדערט אַזוי עכט, אַזוי רעאַליסטיש, און מיט אַזאַ סימפּאַטיע, די נויט און רעכטלאָזיקייט פון די יידישע האָרעפּאַשנע מאַסן אונטערן צאַריזם.

מיר האָבן גרויס דרך־ארץ פאַר אונדזער ליבן זיידן, דעם גרויסן אָנהויבער פון אונדזער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור, פאַר זיין טיפן דרך־ארץ פאַרן פאָלק — באַזונדערס פאַר די אָרעמע, הונגעריקע, אונטערדריקטע, פאַרפאָלגטע שיכטן פונעם פאָלק. מיר שאַצן הויך זיינע קינסטלערישע ווערק קעגן די גבירים און תקיפים, בעל־טאַקסעס און „בעל־טובהניקעס", רעדלפירער און גרענדע־פירער אין יידישן לעבן פון זיין צייט. מיר שאַצן הויך זיינע גרויסע קלאַסישע ווערק, קינסט־לערישע קאַמפס־דאָקומענטן און אָנקלאָגעס, קעגן דער גאַנצער פעאָדאַלער סיס־טעם, קעגן דעם צאַריזם און זיינע יוצר־משרתים, קעגן דעם גייסט פון מיטל־אַלטער, קעגן חושך און אָבסקוראַנטיזם, קעגן מאַטעריעלן און גייסטיקן דלות.

שוין יונגערהייט איז דער זיידע, שלום־יעקב אַבראַמאָוויטש (1836־1917), גע־בליבן אַ יתום. זיין פאָטער, חיים־משה ברוידע, איז געשטאָרבן, ווען דער צו־קונפטיקער שרייבער איז אַלט געווען פערצן יאָר. שלום־יעקב האָט זינט דאַן פיל יאָרן אין זיין לעבן געוואוסט דעם טעם פון ביטערער נויט, פון אָרעמקייט און דחקות. אין זיין אויטאָביאָגראַפיע, „שלמה רב חיימס", האָט ער שפּעטער פאַר־צייכנט: „פון גרויס נויט בין איך פאַרוואָגלט געוואָרן פון מיין היים און בין אַוועק וואַלגערן זיך איבער ישיבות אין די ליטווישע ישובים".

נויט, נויט, אומעטום — נויט. נויט האָט אים לאַנגע יאָרן באַגלייט אויף זיין שווערן און שאַפערישן לעבנס־וועג. דער גרויסער יידישער שרייבער האָט דער־ציילט: „די ווילנער און וואַרשעווער פאַרלעגער האָבן מיך באַגזלט: שטילערהייט איבערגעדרוקט „די טאַקסע", „די קליאַטשע" און „דאָס קליינע מענטשעלע", בגנבה איבערפאַרקויפט די סטערעאָטיפּן פון מיינע ביכער. איך בין דערגאַנגען דערצו, אַז איך בין ניט געווען זיכער מיטן מאָרגנדיקן טאָג".

קיין מאַטעריעלע גליקן האָט ער אויך ניט געהאַט פון זיינע אַנדערע פּערל־דיקע ווערק, ווערק פון דורותדיקן ווערט: „פישקע דער קרומער", „דער פּריזיוו", „דאָס ווינטשפינגערל", „מסעות בנימין השלישי", „שלמה רב חיימס" און אַנדערע. אין בריוו צו פריינט האָט דער זיידע דערציילט, אַז די כוחות גייען אים אויס „אין שטענדיקן קאַמף פאַר עקזיסטענץ".

אַט־דער געראַנגל פאַר פרנסה האָט געצוואונגען דעם זיידע — נאָך זיינע וואַנ־דערונגען פון זיין היים־שטעטל קאַפּוליע איבער ליטווישע שטעט און שטעטלעך, דערנאָך איבער קאַמענעץ, בערדיטשעוו און זשיטאָמיר צו ווערן אַ תּלמוד־תּורה־פאַרוואַלטער אין אָדעס, וואו ער האָט געלעבט פון 1881 ביזן סוף פון זיין לעבן.

די טאָרבע, די טאָרבע, ווי אַ סימבאָל פון יידישן דלות, איז תּמיד געשטאַנען פאַר מענדעלעס אויגן. דער דלות, קודם־כּל, האָט ער אָנגעוויזן, איז דער הויפּט־אומגליק פון די גרויסע יידישע פאָלקס־מאַסן. אין היפּוך צו די בירגערלעכע משכּילים, האָט ער אונטערשטראָכן, אַז ניט די פּראָבלעם פון בילדונג איז דער עיקר, נאָר די פּראָבלעם פון ברויט, פון פּרנסה. מענדעלע, דער ערשטער יידישער שרייבער פון פאָלק און פאַרן פאָלק, דער אָנהייבער פון אַ ניי בלאַט אין דער געשיכטע פון אונדזער ליטעראַטור, האָט גערופן צו אַ מלחמה קעגן אָרעמקייט. ער האָט אין זיינע קאַמפּס־ווערק געטייטלט מיטן פינגער אויף דער שרעקלעכער נויט פון די יידישע פאָלקס־מאַסן (צוערשט ביים פעאָדאַליזם, און דערנאָך ביים אַריבער־גיין פון פעאָדאַליזם צו קאַפּיטאַליזם). ער האָט בראַוו און אָן מורא אָנגעוויזן אויף די הויפּט־וואָרצלען פונעם יידישן דלות, אויף דער גאַנצער אונטערדריקערישער סיסטעם פון דער צאַרישער זעלבסטהערשאַפט און אירע פּריצישע משרתים, און אויף די „אייגענע“ בלוטזויגער, גבירים אַדירים און הויט־שינדער.

ער איז ניט מיד געוואָרן צו געבן קרעפּטיקע, עכטע, קינסטלעריש־רעאַליס־טישע ברייטע בילדער־לייוונטן פון די דלות־שטעטלעך קאַבצאַנסק און טונעיאַדעווקע און גלופּסק, וואו ברייטע שיכטן פון פאָלק האָבן זיך ממש געבאָדן אין נויט. ער איז ניט מיד געוואָרן צו באַטאָנען: דאָס פאָלק דאַרף ברויט קודם־כּל. ער האָט אָנגעוויזן: ס'איז נאַריש צו ריידן מיט דער „קליאַטשע“ וועגן בילדונג. זי וויל און דאַרף „אַביסל האָבער, אַביסל העי. ווילסטו איר גאָר באַווייזן אַ העי אין סידור“.

אין זיין אמתדיקן שילדערן די יידישע נויט און אין זיין קאַמף פאַר אַפּווישן דלות און פאַר פולער גלייכבאַרעכטיקונג פאַר די יידישע פאָלקס־מאַסן באַשטייט זיין הויפּט־פאַרדינסט.

אין זיינע צוויי ווילטיקע ווערק „דאָס קליינע מענטשעלע“ (1864, פאַרברייטערט אין 1879) און „די טאַקסע“ (1869) האָט מענדעלע מיט אויסערגעוויינ־לעכער שאַרפקייט אַרונטערגעריסן די מאַסקע פון „איסר וואַרגער“ און „יאָסל שינדער“, פון אַלע ענלעכע „שיינע לייט“: ראובן פיאַווקע, נתן פרעכמאַן, איציק־וואָלף ספּאָדיק. ער האָט אָפּגעפאָרטרעטלט די גאַנצע מחנה שאַלטער־וואַלטער, מאַכט־האָבער אין אַמאָליקן יידישן לעבן אונטערן צאַריזם, די קאָך־לעפל און דעה־זאָגער, די רייטער אויפן רוקן פון פאַרהונגערטן פאָלק. ער האָט ניט געשפּאָרט קיין גערדיכטע פאַרבן צו מאָלן אָט־די פאַרשוינען, די שולדיקע אין דער „טאָר־בע“. ער האָט געניצט זיין מעטאָד פון שאַרפער, סאָציאַלער סאַטירע. זיינע ווערק זיינען באַשולדיקונג־אַקטן קעגן די מאַכט־האָבער, די אונטערדריקער פון פאָלק.

אַ שטאַרק־באַאיינפלוסטער פון דער הויכער קונסט פון סערוואַנטעס, הוגאָ, גאָגאָל, סאַלטיקאָוו־שטשעדרין, האָט דער זיידע געשילדערט שטעטלעך פול מיט קבצנים־דלפנים און מיט לופטמענטשן, שטעטלעך דלות, זייער הקדש, זייער מרחץ, זייערע בלאָטעס. ער האָט געוויזן די טאַקסע (דעם שטייער אויף פלייש) ווי אַ בייטש פון די רעדלפירער איבער די קבצנים, ווי אַ שאַרפן וואָפן קעגן די אָרעמע לייט. ער האָט געוויזן די אָנגעקליבענע, וואַקסנדיקע אומצופרידנקייט פון די „בעל־

מלאכות, שניידער, שוסטער" קעגן די פּיאַווקעס, קעגן די וואַרגערס. ער האָט פון די סאַמע ערשטע יידישע שרייבער דערהערט „דאָס געוויין, דאָס קרעכצן פון געמוטשעטע און גערודפטע מענטשן" („די טאַקסע").

פונקט ווי אין אים, אין זיין האַרצן, האָט געפלאַקערט אַ פייער פון ליבשאַפט צו אָרעמעלייט און באַ'עוול'טע, אַזוי האָט אין אים געברענט אַ האַס צו די שינדערס און פּיאַווקעס. צו זיין פריינט בינשטאָק האָט ער אין 1864 געשריבן: „עס טרעפן זיך ביי מיר באַשטימטע צייטן, ווען איך בין פול מיט צאָרן קעגן די רייכע לייט, און דעמאָלט טאָר מען פאַר מיר ניט דערמאָנען דעם נאָמען פון אַ רייכן מאַן". די הויטשינדער האָבן דערקענט זייער פּרצוף אין מענדעלעס ווערק — זיי האָבן דעם יונגן שרייבער אַרויסגעטריבן פון בערדיטשעוו (גלופּסק).

אין זיין גרויס ווערק „די קליאַטשע" (די פאָלקסמאַסן), 1893, האָט מענדעלע געווענדט זיין צאָרן סיי קעגן די „קהלשע צאַפּעס", סיי קעגן די „פּאַנסקע צאַפּעס". אויף אַ שאַרף־ראַדיקאַלן אופן איז ער דאָרט אַרויסגעטראָטן קעגן דעם צאַריזם גופא, ווי אין דעם שולדיקן אין רודפן די בידנע „קליאַטשע".

מיט די ריטער פון זיין בייסיקער סאַטירע האָט מענדעלע אומרחמנותדיק געשמיסן די אַלע „בעלי־טובות", וואָס זיינען געפּאָרן רייטנדיק אויף דער אַלטער, געפּייניקטער קליאַטשע — אויף דער בידנער יידישער פאָלקס־מאַסע, וואָס ווערט געפּאַסעוועט און געקאַטעוועט סיי דורך דעם צאַריזם, סיי דורך די „אייגענע" יידישע עקספּלואַטאַטאָרס. ער האָט געוויזן דעם צעשמיסענעם רוקן פון דער קליאַטשע, וואָס זעט־אויס ווי אַ מאַפּע פון צרות און זאָגט: „קוק אויף מיין פעל און לייען".

אויסגיסנדיק זיין צאָרן קעגן נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע אומרעכט, אַ דורכגעדרונגענער מיט ליבשאַפט און רחמים צו דער בידנער קליאַטשע, זאָגט ער איר אויך מוסר פאַר איר אונטערטעניקייט: „ביזוואַנען, אַך, וועסטו זיין אַ שקאַפּע, דער וועלטס אייביקע קליאַטשע?"

נאָך שאַרפער איז מענדעלעס סאַטירע אין זיין הויך־קינסטלערישן ווערק „מסעות בנימין השלישי" (1878), וואו עס מערקט זיך די געזונטע ליטעראַרישע השפּעה פון סערוואַנטעסעס קלאַסישן ווערק „דאָן קיכאָט".

אין אָט־דעם גלענצנדן ווערק וועגן די „וואַנדערונגען" פון פאַרחלומטן בנימינען און זיין געהילף, „סענדערל די אידענע", אויפן וועג צו די „הרי־חושך", צום „סמבטיון" און די „רויטע אידעלעך", איז אונדזער גרויסער מייסטער אַרויסגעטראָטן אין שאַרפן קאַמף קעגן אַלטן, אָפּגעלעבטן יידישן לעבנשטייגער, קעגן בטלנות, קעגן מיטלאַלטער.

מענדעלע האָט קינסטלעריש אָפּגעחוזק'ט פון די ווילדע, פוסטע, ביט־געשטויגענע לעגענדעס און זייערע טרעגער און פאַרשפּרייטער. ער האָט געוויזן, ווי בנימין לעבט אין אַ וועלט פון אילוזיעס, ווי זיין פאָרגייער דאָן קיכאָט. בנימין השלישי, דער יידישער דאָן קיכאָט, איז מנחם־מענדל הראשון — דער פּראָטאָטיפּ פון שלום־עליכמס לופט־מענטש. ער שוועבט אין די הויכע רוימען, אין דער וועלט אויסערווירקלעכקייט — ערגעץ אין די אויסגעטראַכטע הרי־חושך. ער טראָגט זיך אין די עולמות העליונים — ער איז דער ערשטער „אַסטראָנאַט"...

ער רופט זיך איבער מיט דאָן קיכאָטן פונעם אָנהויב פון 17טן יאָרהונדערט (אַ שטיק מנחם־מענדל איז אויך דער מעקלער רב אָשר אין „דאָס ווינטשפינגערל").

אין זיינע יוגנט־יאָרן — האָט מענדעלע דערציילט אין די „נאָטיצן צו מיין

ביאָגראַפיע" („שלמה רב חיימס") — האָט ער זיך אַ צייט אַרומגעשלעפּט אין דער בויד פונעם כיטערן שנאָרער אברהמל דער הינקענדיקער, צחאָמען מיט אַ כאַפּטע בעטלער — ביז ער האָט זיך ענדלעך אַרויסגעריסן פון אברהמלס „מאַכט", אַריינ־קומענדיק אין קאַמענעץ. אָט־די ביטערע דערפאַרונגען האָט מענדעלע שפּעטער קינסטלעריש אויסגענוצט אין זיין וואונדערלעכן ווערק „פישקע דער קרומער", אין וועלכן ער האָט, ווי קיינער פריער, געשילדערט די פאַראָרעמונג פון יידישן שטעטל און די פאַרשיידענע מדרגות און קאַטעגאָריעס אָרעמעלייט. נאָך מער: ווי וויקטאָר הוגאָ אין זיין „נאָטר דאַם", האָט מענדעלע געגעבן אַן אומפאַרגעסלעך, רירנדיק, טיף־סימפּאַטיש בילד פון אָרעמען פישקע און פון זיין האָרבאַטער גע־ליבטע, אַרויסגעהויבן זיי, די אָרעמסטע שב׳אָרעמסטע, זיי און זייערע שיינע, מענטש־לעכע געפילן.

אין זיין „פישקע" האָט זיך דער גרויסער בעל־רחמים מענדעלע אַרויסגעוויזן ווי אַ „מקימי מעפר דל" — אַ שרייבער, וואָס הויבט־אַרויס דעם אָרעמאַן פון שטויב. „פישקע" איז אַ שיר־השירים צו דער עכטער ליבע צווישן אָרעמעלייט.

אויך אין זיין גרויס ווערק „דאָס ווינטשפינגערל" קומט צום אויסדרוק מענ־דעלעס טאָרבע־מאָטיוו, טראָגט זיך זיין טאָרבע־געשטאַלט.

אויף די וועגן, שליאַכן און שטעגן ציען זיך פון קאַבצאַנסק יידישע אָרעמע־לייט, וואָס זוכן פּרנסה אין די שטעט. מיר זעען: „אָרעמינקע קאַמאַנדעס פון מיידלעך, ווייבלעך, יונגנט, געטריבן מיט ברעקלעך קינדער און שלימ׳מזלדיקע, אָפּגעקומענע באַלעבאָסטעס, געטריבן פון דער ביטערער נויט אַהער אויף דעם יאַריד, צו פאַרוואַנדלען זיך אויף קנעכט, דינסטן, ניאַנקעס און אַמען אין גבירישע באַלעבאַטישע הייזער".

מיט זיי איז מיטגעפאָרן דאָס טיף־מיטליידנדיקע האַרץ פון אונדזער גרויסן קלאַסיקער.

דאָס פּנים פון בלאַסן יידישן שטעטלשן דלות איז געשטאַנען פאַר מענדעלעס אויגן אויך, ווען ער האָט געשריבן זיין „שלמה רב חיימס". מיט ווייטאָק האָט ער געשילדערט דאָס עקאָנאָמיש־רואינירטע שטעטל: „עס קומען־צו נייע קבצנים, פריש־צאַפּלדיקע אביונים. באַלעבעסלעך אָפּגעקומענע, באַפאַלענע מיט קינדער, נעמען זיך צו מלמדות; בטלנים, מלמדים וואַקסן, ווי קראָפּעווע".

מענדעלע, דער געניאַלער מייסטער פון שטייגער־בילדער און פון נאַטור־פּיי־זאַזשן, דער שאַפער פון דער מענדעלע־געשטאַלט און פון פיל אַנדערע אומפאַר־געסלעכע געשטאַלטן, לעבט און ווירקט. ער האָט געהאַט און האָט אַ געזונטן איינ־פלוס אויף דורות יידישע שרייבער. אויך איצט גילט פאַר אונדז זיין אָנזאָג אין זיין העברייאישן ליטעראַריש־קריטישן ווערק פון 1867 — פון הונדערט יאָר צוריק — „עין משפט" (אַ קריטיש אויג): „יעדע ליטעראַטור, וואָס גייט־אַרויס פון די קוואַלן פון לעבן און פון זיינע פאַסירונגען, קערט זיך אום דערנאָך צוריק צו ווירקן אויפן לעבן".

מענדעלעס געזונטע, פירנדיקע ווירקונג אויפן לעבן שפּירט מען אויך איצט, ווייל זי איז אַרויסגעדרונגען „פון לעבן און פון זיינע פאַסירונגען".

(צום פופציקסטן יאָרטאָג זינט דער גרויסער יידישער קלאַסיקער איז אַוועק אין דער אייביקייט). זונטאָג, דעצעמבער 10, 1967.

# ג. מענדעלעס פּאָדערונגען צו ליטעראַטור

מענדעלע מוכר־ספרים (שלום־יעקב אַבראַמאָוויטש), וועלכער איז נפטר געוואָרן דעם 8טן דעצעמבער, 1917, איז אונדז, יידישע אַרבעטער און פאָלקס־מענטשן, נאָענט און ליב. מיר האַלטן אים טייער אַלס דעם „זיידע", דעם ערשטן קלאַסיקער, דעם גרונטלייגער פון אונדזער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור, דעם באַשאַפער און גרויסן מייסטער פון דער יידישער ליטעראַרישער שפּראַך. מיר שעצן אים באַזונדערס הויך דערפאַר, וואָס אין זיינע מערסטע, בעסטע און כאַראַקטעריסטישע פּערלדיקע ווערק האָט ער געקעמפט פאַר סאָציאַלן יושר, פאַר די רעכט פון אונדזער פאָלק. ער איז אונדז באַזונדערס ליב און טייער דערמיט, וואָס ער האָט אין זיינע מערסטע ווערק נאָענט און ענג פאַרבונדן זיך מיטן פאָלק, מיטגעליטן מיט זיינעליידן, אַרויסגעוויזן טיפע סימפּאַטיע צו דער יידישער אָרעמשאַפט, און געשמיסן מיט די בייטשן פון זיין וואונדערלעכער סאָציאַלער סאַטירע די נגידים, די פּיאַווקעס, די בעלי־טובהניקעס, די תקיפים, די רעדל־פירער, די בעלי־טאַקסעס, וואָס האָבן עקספּלואַטירט און דערנידעריקט דאָס פאָלק.

שוין יונגערהייט, אַלס אַ משכיל, אַלס אַ העברייאישער שרייבער, האָט ער געזוכט צו דערנעענטערן זיך אַלץ מער צום פאָלק. ער, דער זון פון שטעטעלע קאַפּוליע, וויס־רוסלאַנד, וועלכער האָט זיך אַליין שטאַרק אָנגעפּלאָגט און געליטן נויט, האָט אַרויסגעוויזן גרויס רחמים צו דער יידישער נויטליידנדיקער פאָלקס־מאַסע. טרעפלעך האָט באַמערקט דער יידישער ליטעראַטור־קריטיקער בעל־מחשבות אין אַן אַרטיקל וועגן מענדעלען (צום פופציק־יאָריקן יובילייפונעם „זיידנס" שאַפן), אַז „כמעט קיינער פאַר אים האָט ניט געהאַט אַזאַ שאַרפן בליק פאַר דער יידישער אָרעמקייט, ווי ער". בעל־מחשבות האָט דערביי אונטערגעשטראָכן מענדעלעס „געזונט, נאַטירלעך און העכסט־מאָראַליש פאַרהעלטעניש צו דער מאַסע, וואָס ער באַשרייבט". בעל־מחשבות דערקלערט: „זיינע [מענדעלעס] ווערטער: ,איך בין אַ פעדעמל אין דער גרויסער מאַטעריע, וואָס גייט אונטער דעם נאָמען ייד, וואָס פילט מיט אים זיינע ליידן און פריידן', זיינען נישט קיין פּוסטע מליצות פון אַ שרייבער. ר' מענדעלע ,מיטן שטעכעדיקן געלעכטערל' אויף די דינע ליפּן איז אין קלאַסישן זין פון וואָרט אַ פאָלקס־שרייבער, ווי, למשל, די גרויסע רוסישע ,נאַראָדניקעס', וועלכע זיינען אויסערלעך און אינערלעך שטאַרק פאַרקניפּט מיטן פּשוטן פאָלק... שוין דאָס אַליין, ווי אַזוי שלום־יעקב אַבראַמאָוויטש איז אַריינגעדרונגען אין דער שפּראַך פון פּשוטן יידן, ווייזט, ווי טיף ער האָט זיך אָפּגעטונקט אין יידישן פאָלק. קיינער פאַר אים און וויניק נאָך אים האָבן געהאַט אַזאַ פיין אויער צו דער שפּראַך פון זיין פאָלק".

אין זיין דראַנג צו באַהעפטן זיך אַלץ מער מיט דער יידישער אָרעמער האָרעפּאַשנער פאָלקס־מאַסע, מיט די קבצנים, דלפנים, עניים ואביונים, איז אַבראַמאָוויטש שוין אין זיין ערב־מענדעלע פּעריאָד אַריבערגעגאַנגען פון העברייאיש צו יידיש, „די שפּראַך פון די דינסט־מוידן", „די פאַרשטויסענע טאָכטער", דאָס לשון פון די ברייטע פאָלקס־מאַסן. אין זיין העברייאישן „ספר הזכרון" האָט ער וועגן דעם דערקלערט: „אָט בין איך דער, וואָס האָט געזוכט אַריינצודרינגען אין אינערלעכן לעבן פון אַ פאָלק, כדי צו שילדערן עס דערנאָך אין דער שפּראַך

פון די נביאים. צי איז דאָס נישט אָבער אַן אמת, אַז דער גרעסטער טייל פון
פאָלק פאַרשטייט גאָרנישט די שפּראַך און קען נאָר דעם זשאַרגאָן? צו וואָס נוצט
די גאַנצע גייסטיקע אַרבעט פון אַ שרייבער, ווען דאָס פאָלק פאַרשטייט אים נישט?
און מיך פּייניקט כסדר די פראַגע: פאַר וועמען אַרבעט איך דען? אונדזערע לי־
טעראַטן באַטראַכטן דעם זשאַרגאָן פון אויבן־אַראָפּ און האָבן אים נאָר פאַראַכט.
און ווען איינער לאָזט זיך שוין אַראָפּ אַזוי נידעריק, אַז ער שאַפט עפּעס אין דער
פאַראַכטער שפּראַך, — טוט ער אַלץ מעגלעכע, אַז ס'זאָל בלייבן די מעשה בסוד, ווייל
דאָס קען פאַרשוועכן זיין כבוד ביי לייטן. דער געדאַנק, אַז שרייבנדיק אין יידיש,
וועל איך אויפהויבן קעגן מיר די עפנטלעכע מיינונג, האָט מיך זייער באַאומרו־
איקט, נאָר דאָס באַוואוסטזיין, אַז מיין אויפטו איז ניצלעך, האָט סוף־כל־סוף אַרויס־
גערופן ביי מיר אַ טיפע בושה, וואָס איך טראַכט גאָר וועגן אַזעלכע זאַכן, און איך
האָב צו זיך אַליין געזאָגט: זאָל זיין, וואָס עס וועט זיין! איך וועל אַרבעטן פאַרן
זשאַרגאָן, און איך וועל ניצלעך זיין מיין פאָלק".

ניצלעך זיין דעם פאָלק — דאָס איז געווען דעם זיידנס לעבנס־מאָטאָ, זיין
פאָן. אָט־די אידייע האָט ער געפּרעדיקט, פאַרשפּרייט, און פּראַקטיצירט אין לעבן
און אין זיינע ווערק. דעם זיידנס געדאַנק איז — האָט בעל־מחשבות אָנגעוויזן אין
זיין אויבנדערמאָנטן אַרטיקל — אַז „איטלעכער שרייבער מוז זיין אַ דינער ביים פאָלק,
מוז שטענדיק האָבן דעם געדאַנק, אַז די ליטעראַטור האָט נאָר דעמאָלט אַן עק־
זיסטענץ־באַרעכטיקונג, כל־זמן זי דינט אַ גרויסן קיבוץ, זי גיט זיך אָפּ די אינ־
טערעסן פון אַ גרויסן כלל".

אין אַ צייט, ווען אין דער ליטעראַטור ביי יידן האָט מערסטנס געהערשט
די הויך־קלינגענדיקע מליצה, ווען שרייבער האָבן נאָך וויניק־וואָס פאַרשטאַנען
די סאָציאַלע פונקציע פון ליטעראַטור, איז שלום־יעקב אַבראַמאָוויטש, דער גרוי־
סער מענדעלע, דער גרעסטער יידישער שריפטשטעלער אין נײַנצנטן יאָרהונדערט,
געקומען און האָט אונטערגעשטראָכן די גרויסע געזעלשאַפטלעכע אָריענטאַציע פונעם
שרייבער און זיינע אחריותן צום פאָלק. מיט רעכט האָט אים בעל־מחשבות באַ־
צייכנט אַלס „דער ערשטער גרויסער האָרכער, דער ערשטער וואָס האָט מיט גאונישן
געהער זיך צוגעהערט צו דער שפּראַך פון זיין פאָלק".

ניט נאָר צו דער שפּראַך פון זיין פאָלק, נאָר אויך צו די נויטן און באַדער־
פענישן פון פאָלק האָט ער זיך אַזוי וואונדערלעך צוגעהערט. אים איז געגאַנגען
אין לעבן צו קרעפטיקן, דערהויבן דאָס פאָלק, העכערן דעם קולטור־מצב פון פאָלק.
שוין יונגערהייט האָט ער אין זיינע ערשטע העברייאישע פּובליציסטישע אַרטיק־
לען אויסגעדריקט זיין פאַרדרוס אויף די משכילים, אויף די העברייאישע מליצה־
שרייבער, וואָס זיינען געווען אָפּגעריסן פון פאָלק, אָפּגעריסן פון דער ווירקלעכ־
קייט, און האָבן געשוועבט אין די וואָלקנס. ער האָט זיי אין זיינע אַרטיקלען, וואָס
זיינען דערשינען זינט 1857 (שפּעטער אין דעם בוך „משפט שלום", ווילנע, 1860)
גע'עצה'ט אַרונטערצולאָזן זיך פון די וואָלקנס, און פאַרבינדן זיך מיטן פאָלק. דער
יונגער פּובליציסט אַבראַמאָוויטש, דער שפּעטערדיקער שאַרפער קריטישער רע־
אַליסט, מייסטער פון נאַטור־בילדער און בייסיקער סאַטיריקער, האָט אין זיין לי־
טעראַריש־קריטישן ביכל „משפט שלום" אויפגעהויבן אַ פעסטן, פּרינציפּיעלן קאַמף
קעגן מליצה, קעגן דער פּוסטער פראַזע, קעגן רעאַקציאָנערער ראָמאַנטיק. אַ באַ־
איינפלוסטער פון די ווערק פון בעלינסקי, פּיסאַרעוו, גאָגאָל, ניעקראַסאָוו, פּושקין,

טורגעניעוו, האָט דער יונגער אַבראַמאָוויטש געשטעלט שטרענגע, הויכע פאָדערונגען צו דער ליטעראַטור, צו זיך און צו אַנדערע שרייבער. ער האָט געפאָדערט רעאַליסטישע בילדער פון לעבן, עכטע קינסטלערישע אָפּשפּיגלונגען פון די נויטן פון פאָלק, פון דער „גרויסער יידישער טאָרבע“. וועגן די מליצה־שרייבער פון זיין צייט האָט ער דעמאָלסט געשריבן: „איך האָב געוואָלט מיטן גאַנצן האַרצן, אַז די שרייבער און דיכטער זאָלן נישט קלעטערן אין הימלען מיט פּוסטע פאַנטאַזיעס... נאָר זאָלן זיך אַראָפּלאָזן אויף דער ערד, זיך צוקוקן צום לעבן פונעם פאָלק“.

ער האָט זיך אַרומגעקוקט און געזען, ווי די העברייאישע ליטעראַטור פון זיין צייט איז אָנגעפילט מיט מליצהדיקע זייפן־בלאָזן, דערווייטערט פון לעבן, אָפּגעזונדערט פון פאָלק. אים, אַבראַמאָוויטשן, וועלכער האָט זיך אַליין אָנגעליטן אַזוי פיל דחקות און נויט אין קאַפּוליע און שפּעטער אויף די וואָגל־וועגן פון פּאָדאָליע, האָט שטאַרק וויי געטאָן צוצוזען, אַז די העברייאישע ליטעראַטור פון זיין צייט האָט אויסגעקוקט ווי „אַ פאַרלאָזענער גאָרטן אין האַרבסט־צייט: נישטאָ קיין פּרוכט, נישטאָ קיין שמעקנדיקע בלומען און נישטאָ קיין שיינע פלאַנצונגען. די בלעטער — פאַרוויאַנעט, און די ביימער שטייען נאַקעטע“.

„איך וואָלט געוואָלט מיטן גאַנצן האַרצן“, האָט ער געשריבן, „אַז אונדזערע מליצים און דיכטער זאָלן נישט רעדן קיין הויכע פראַזן, זאָלן נישט נעמען פאַר שטאָף צו זייער שרייבן די ‚בנות לוט‘, ‚אשת פוטיפרע‘ וכדומה פאַרשוינען א. אַז. וו., נאָר זיי זאָלן זיך אָפּגעבן מיט ממשותדיקע זאַכן [לשונם תהלך בארץ], זיי זאָלן זיך צוקוקן צום לעבן פון פאָלק און צו אַלץ וואָס עס טוט זיך ביי אים אין דער היים און אין קהל, און זאָלן עס אים אַלץ אָפּשילדערן; זיי זאָלן זען אויסבעסערן זיין געשמאַק מיט אַ ריינער, אַ שיינער און אַ לאָגישער שפּראַך, אויך זאָלן זיי אים גוטע קלוגע לעקציעס געבן, עס זאָל פאַרשטענדיקער ווערן“.

ווי מיר זעען, האָט אַבראַמאָוויטש־מענדעלע אונטערשטראָכן די נויטיקייט פון אַ רעאַליסטישן צוגאַנג צום לעבן און צו דער ליטעראַטור, און ער האָט באַטאָנט די לערערישע, פאָלקס־דערציערישע פונקציע פונעם וואָרט־קינסטלער. ריכטיק האָט אָנגעוויזן ש. ניגער אין זיין באַנד קריטישע אַרטיקלען „וועגן יידישע שרייבער“ (וואַרשע, 1914), אַז „דאָס האָט אַבראַמאָוויטש געפאָדערט פון אַנדערע — און אויך פון זיך; דאָס איז געווען זיין פּראָגראַם. זיין ווייטערדיקע אַרבעט איז די אויספירונג פון דער פּראָגראַם“. אָט־די פּראָגראַם האָט דער זיידע מענדעלע שפּעטער וואונדערלעך אויסגעפירט אין זיינע ווערק: „דאָס קליינע מענטשעלע“, „די טאַקסע“, „די קליאַטשע“, „מסעות בנימין השלישי“, „פישקע דער קרומער“, און טילוויז אין „דאָס ווינטשפינגערל“ און „שלמה ר׳ חיימס“.

אין זיין ליטעראַריש־קריטישן ווערק „עין משפט“ (מיט אַ קריטישן אויג), דערשינען אין 1867, אין זשיטאָמיר, האָט אונדז מענדעלע געלערנט: „...אַ ליטעראַטור, וואָס האָט ניט קיין שייכות צום פאָלק און צו זיין נויט און וואָס ווערט פון דעם ניט באַווירקט, — קאָן אויך קיינעם ניט ווירקן. זי האָט ניט קיין אינטערעס פאַרן פאָלק און זי איז איבעריק איבעם לעבן. די פאָלקס־מאַסע חידושט זיך, וואָס אַזאַ ליטעראַטור איז גאָר פאַראַן, און פרעגט: צו וואָס איז זי, וואָס וויל זי, וואָסער הילף ברענגט זי? — וואָס טוט אויף און וואָס נוצט אַזאַ שרייבער? וואָס טויג אַזאַ סטיליסט? און די דאָזיקע שרייבער ווערן צעטומלט און ווייסן ניט צו ענטפערן

עפּעס רעכטס... ווי צו אַזאַ געערטן שרייבער, מיט אָן אַן עק ביכער, אויב עס באַגעגנט אים אַ מענטש פונעם פאָלק און פרעגט אים פּראָסט, אָן חכמות, די דאָזיקע פראַגע...״ און אין זיין פאָרוואָרט צום בוך „ווינטשפינגערל״, 1888, האָט מענדעלע ווידער איינגעקנעלט מיטן שרייבער, מיטן אָן אַן עק ביכער, אויב עס באַגעגנט אים אַ מענטש פונעם פאָלק, אַז „ווירקן אויף אַ פאָלק קאָן גאָר אַזעלכער, וואָס איז ביין פון זייער ביין, פלייש פון זייער פלייש, וואָס האָט געליטן איינע צרות, געפילט איינע ווייטאָקן מיט זיי״.

מענדעלע האָט אין די זעכציקער יאָרן פונעם לעצטן יאָרהונדערט טיף באַנומען, אַז דער דלות פון די פאָלקס־מאַסן איז די הויפּט־אורזאַך פון זייער אומגעבילדעטקייט, פון זייער הינטערשטעליקייט; אַז כדי צו מאַכן אַ סוף צו זייער עם־הארצות איז נויטיק אָפּצושאַפן אָרעמקייט, איז נויטיק צו קעמפן קעגן דער צאַריש־פּריציש־נגידישער הערשאַפט. ער איז דעריבער אין זיין ביכל „עין משפט״ שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן „קונסט לשם קונסט״, קעגן „שרייבן צוליב שרייבן״. אין יענעם ביכל האָט ער קלאָר אַרויסגעבראַכט זיין קינסטלערישן „אני מאמין״, וועלכן ער האָט ערלעך אָנגעהאַלטן אין משך פון זיין לעבן און שאַפן. ער האָט דערקלערט: „...און ווייל אונדזערע משכילישע שרייבער האַלטן זיך אויך אין דער טראַדיציע פון שרייבן נאָר צוליב שרייבן און צוליב אויפהויבן פאַרשיידענע הייליקע פּסוקים, צו געפינען דערפאָלג ביי אָנגעזעענע מענטשן, און זיי לייגן ניט קיין אַכט אויף די נויטן פון אונדזער פאָלק, וואָס קומען אַלץ אויף אין פאַרלויף פון דער צייט און וואָס רירן־אָן זייער לעבן, דעריבער איז אונדזער איצטיקע ליטעראַטור זייער אַ לויזע און האָט ניט אין זיך קיין לעבן, ווייל די וועלט איז פאַר איר פאַרטונקלט און דער לעבעדיקער גייסט פון דער צייט באַגייסטערט זי ניט. זי זיצט זיך, די דאָזיקע הייליקע העברייאישע ליטעראַטור, אַן עלנטע, ווייט פונעם ליאַרעם פון דער וועלט און פונעם טומל פון מענטשן און אַרום איר הערשט אַ פולקומע רו, אַ רו, וואָס די שרייבער ווילן זי טאַקע האָבן, ווייל זיי ווייסן וואויל, אַז נאָר צוליב דער דאָזיקער רו וועלן זיי באַקומען אַ גוטן נאָמען... און אַז עס טרעפט זיך, אַז די שרייבער הויבן אַמאָל אויף זייער שטים און זיי שעפּטשען עפּעס, פאַרלירט זיך זייער קול אין די ווייטקייטן פונעם רוים און דערגייט ניט צום אויער. און טאַקע אמת — מיט וואָס זאָלן זיי צו זיך צוציען דאָס האַרץ פונעם פאָלק?... יעדע ליטעראַטור, וואָס וואַקסט פון די קוואַלן פונעם פאָלקס־לעבן און פון זיינע איבערלעבונגען, ווירקט טאַקע דערנאָך צוריק אויפן לעבן פונעם פאָלק. און זייענדיק אַ רעזולטאַט, ווערט זי אויף צוריק ווידער אויך אַ ווירקנדיקע סיבה. איך וויל זאָגן: אין יעדן פאָלק, וואָס זיין ליטעראַטור אַנטוויקלט זיך ווי געהעריק, איז פאַראַן אַן אינעווייניקסטע פאַרבינדונג צווישן אים און דעם שרייבער, און יעדער פון די צוויי ווירקט אומבאַדינגט איינס אויפן אַנדערן״.

מענדעלע לערנט און ווייזט־אָן, ווי אַזוי דאָס פאָלק איז משפיע אויף דער אַנטוויקלונג פונעם שרייבער, און ווי אַזוי דער עכטער שרייבער איבט־אויס זיין השפעה אויפן פאָלק. ער דערקלערט ווייטער: „און אַזוי גייט דאָס פאָלק פאָראויס פון מדרגה צו מדרגה מיט דער הילף פון זיינע שרייבער, וואָס קומען איינער נאָכן אַנדערן צו דער פאַסיקער צייט, אויף צו פאַרגרעסערן די בילדונג און זי צו שטאַרקן, צו שאַפן נייע באַגריפן פון די אורקוואַלן פונעם פאָלקס־לעבן און זיי אַרויסצופירן פון טונקלקייט צו דער שיין. און לויט דעם וואַקסט די ליטעראַטור

און אַנטוויקלט זיך פון זיך אינעווייניק און פון אייגענער אינערלעכער קראַפט..."
אַזוי אַרום ווייזט מענדעלע, ווי אַזוי די ליטעראַטור וואַקסט־אַרויס פון די טיפעניש און קוואַלן פונעם פאָלק, און ווי אַזוי זי אַליין דינט ווי אַ ווירקנדיקער כוח. דער ליטעראַטור־פאָרשער מ. ווינער האָט וועגן דעם דערקלערט אין זיין צווייטן באַנד „צו דער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור אין 19טן יאָרהונדערט": „מענדעלע זעט דאָ די ליטעראַטור אַלס רעזולטאַט און אַלס פאַקטאָר" (זייט 130).

אין זיין פּאָלעמיק מיטן „יידישן פיסארעוו", דעם קריטיקער אורי־צבי קאָווערנער, האָט מענדעלע אָנגעוויזן: „דער אמת איז, אַז אַ פאָלק און זיין ליטעראַטור פאַרבינדן זיך אינאיינעם צו זיין סיי אַ ווירקונג סיי אַ באַווירקטס, און זייענדיק אַ רעזולטאַט, ווערט די ליטעראַטור אויך צוריק אַ ווירקנדיקער פאַקטאָר, ווי געזאָגט, און דערין ליגט איר קראַפט, פון זיך אַליין צו ווערן אַ נויטווענדיקייט און אייגנס פונעם גאַנצן פאָלק".

מענדעלע האָט אין יענער אָפּהאַנדלונג וועגן די פּראָבלעמען און אויפגאַבן פון דער ליטעראַטור אין גרונט און פּאַקטיש מסכים געווען מיט דער פּראָגרעסיווער שטעלונג פון קאָווערן, ווען ער, מענדעלע, האָט דערקלערט: „דאָס איז עס, וואָס מיר האָבן שוין לאַנג געזאָגט, אַז די פּראַכט פון דער ליטעראַטור איז נאָר דער מענטשלעכער געדאַנק, וואָס גייט־פאָראויס און אַנטוויקלט זיך, נאָר די דערקענטעניש פון דער נאַטור און פונעם לעבן, וואָס אַנטפּלעקן זיך אינעם מענטשלעכן געדאַנק. נאָר דאָס גיט דער ליטעראַטור חן און כוח צו ווירקן מיט אירע רייד, נאָר דורך דעם האָט זי דערפּאָלג צוציען די הערצער פון די לייענער אויף צו פאַרפולקומען זייערע אינערלעכע עמפּינדונגען, צו פילן דאָס מאָראַליש־גוטע און שיינע און צו פאַרשטאַרקן זייער וויסן און פאַרשטאַנד. און יעדעס בוך, וואָס האָט ניט דעם דאָזיקן לעבנס־גייסט, איז בלויז ווילד־פלייש אין דער ליטעראַטור"... („עין משפט").

די העברייאישע מליצה־שרייבער האָבן אויפגעהויבן אַ גוואַלד קעגן מענדעלעס שאַרפע פאָדערונגען צו דער ליטעראַטור, קעגן זיין ביטערן אַנטי־בטלנות קאַמף. זיין קאַמף, האָט מענדעלע שפּעטער דערקלערט, איז געווען „ווי אַ קויל אין דער מחנה רואיקע שרייבער, וואָס זיינען זיך געזעסן ווי ווײַן אויף הייזון, און איך בין געווען פאַר זיי, ווי אַ מענטש וועלכער איז געקומען צו שטערן זייער רו און צו שענדן זייער רום און כבוד. און ס'איז געוואָרן אַ גרויס געשריי אין זייער עדה און אַ געקריגעריי און אַ קאַמף צווישן די שרייבער אין די דעמאָלסדיקע צייטונגען ,המליץ' און ,הכרמל'...".

יאָ, מענדעלע האָט צעשטערט זייער רו. אין זיין קאַמף קעגן פינצטערן יידישן מיטאַלטער, קעגן נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע אומרעכט, פאַר די אינטערעסן פון די געדרודפטע און אונטערדריקטע, ווענענס סאָציאַלן פּראָטעסט ער האָט געגעבן אַ תיקון אין זיינע קינסטלערישע ווערק, האָט ער זיך אַליין אָפּגעזאָגט פון באַקוועמלעכקייטן, האָט ער אַליין געליטן פאַרפאָלגונגען מצד די גבירים און ברוטאַלע קהל־פירער. צוליב זיין קרעפטיקן ווערק „די טאַקסע" (1869), אין וועלכן ער האָט געשילדערט ווי די האַרעפּאַשנע מאַסן ווערן שרעקלעך עקספּלואַטירט דורך די נגידישע פּאַראַזיטן, די „קאָראָבקע"־לייט, איז ער געווען געצוואונגען צו אַנטלויפן פון בערדיטשעוו.

זיין איבערגעגעבנקייט צו דער יידישער אָרעמשאַפט האָט ער אויסגעדריקט

אין זיין פאָרוואָרט צו „די טאַקסע", ווען ער האָט אויסגערופן: „עס שרייט צו אייך אַ קול פון צעבראָכענע הערצער, פון אַ סך אומגליקלעכע יידן, — דאָס איז אַ קול פון אָרעמעלייט, פון נויטבאַדערפטיקע, פון באַלמעלאָכעס און פון דערשלאָגענע מענטשן, וואָס מען דישעט ווי קעץ, און מען לאָזט נישט קיין קאָפּ אויפהויבן"... מענדעלע האָט, קענטיק, אינזינען געהאַט די מליצה־שרייבער, וואָס האָבן זיך פאַרכלינעט מיט פוסטע פראַזן, ווען ער האָט דורכן מויל פון זיין העלד שלמה וועקער (אין „טאַקסע") אויסגערופן: „געגנוג שרייבן שירים, מליצות, בשעת אונדזער פאָלק, אונדזער אָרעם פאָלק, ליידט אויף דעם טייך גנילאָפּיאַטעוועקע. צערייס די סטרונעס פון דער יידישער פידל... מען מוז האָבן אינזינען ערנסטערע זאַכן..." אין זיין „ווינטשפינגערל" רופט אויס דער אומבאַקאַנטער: „היגע יידן, נעבעך, באַדאַרפן ברויט, נישט קיין ספרים". אין זיין „די קליאַטשע" מאַכט ער קלאָר: „קיין טאַנץ גייט ניט פאַרן עסן"...

ער האָט ניט אויפגעהערט צו זען „אביונים, קבצנים, אומגליקלעכע, נעבעך". ער האָט געשריבן צו מאַרגוליסן אין זיין ווידמונג צו „פישקע דער קרומער": „מיר חלומט זיך נאָר בעטלערס. פאַר מיינע אויגן שוועבט תמיד אַ טאָרבע — די אַלטע גרויסע יידישע טאָרבע הענגט מיר תמיד, ווי יענעם מרה־שחורהניק אַ לונג־און־לעבער אויף דער נאָז. וואוהין איך זאָל מיך ניט קערן און ווענדן, זע איך פאַר מיר די טאָרבע".

„מענדעלעס גרויסקייט איז באַשטאַנען ניט בלויז אין שילדערן „די טאָרבע", נאָר אויך אין זיין עקשנותדיקן קאַמף צו מאַכן אַ סוף צו איר. זיין טיפער צער אויף דער נויט פונעם אָרעמאַן, זיין רחמים־געפיל צו דער אָרעמשאַפט ווערט באַגלייט מיט אַ שאַרפן פּראָטעסט קעגן די שולדיקע אין דעם חושך און דלות, און מיט אַ ברענענדיקן האַס צום גאַנצן צאַריש־פעאָדאַלן רעזשים, און צו דער יידישער גבירואָקראַטיע. אין אַ בריוו אין 1864 האָט ער זיך אויסגעדריקט: „עס טרעפן זיך ביי מיר צייטן, וואָס דעמאָלט בין איך דערצאָרנט מיט אַ גרויסן גרימצאָרן קעגן די גבירים, וואָס באַהאַלטן זיך אונטערן שאָטן פון געלט, און דעמאָלט טאָר מען פאַר מיר ניט דערמאָנען דעם נאָמען פון אַן עושר, — מיין זעל ווערט צעפלאַמט ווי אַ וואולקאַן און איך שפּיי מיט זידלערייען, מיט פלאַמפייער פון גרימצאָרן און איך שריי: גוואַלד! מע ראַבעוועט!..."

סאָציאַלע טענדענץ, סאָציאַלן אינהאַלט האָט מענדעלע געפאָדערט אויך שפּעטער ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן אין זיינע אַרויסזאָגונגען וועגן ליטעראַטור. אין אַ בריוו האָט ער דערקלערט: „איך האָב ליב, אַז אַחוץ דעם שיינעם פּנימל, זאָל אין אַ קאַרטינקע אויך זיין לעבן, שכל און געדאַנק, ווי אין אַ לעבעדיקן מענטשן, אַ קאַרטינקע באַדאַרף אַחוץ שיינער מליצה, אויף מיך לאָזן עפּעס הערן".

מענדעלעס ווערק האָבן געזוכט אַ סך מער, ווי „באַקאַנט מאַכן אונדז דורך לעבעדיקע בילדער מיט דעם פאָלקס־לעבן און פאָלקס־כאַראַקטער פון די יידן אין געטאָ", ווי ש. ניגער האָט געהאַלטן (אין זיין פריער־דערמאָנטער אָפּהאַנדלונג). זיינע ווערק האָבן אויך געדינט ווי וועקער, רופער, מאָנער, שטראָפער. ער איז געווען ווי מ. אָלגין האָט (אין זיין בוך „קולטור און פאָלק", 1949) ריכטיק אָנגעוויזן — „אַ ליטעראַט צוליבן לעבן", „דער ערשטער גרויסער יידישער שריפטשטעלער, וואָס האָט געהאַלטן פאַר זיין פליכט צו שטרעבן רעפאָרמירן דאָס לעבן דורך זיין שרייבן". אָלגין, וועלכער באַצייכנט מענדעלען אלס „אַ שרייבער — אַ

בונטאַר״, אַ קעמפער „פאַר די פּראָגרעסיווע אידייען פון זיין צייט״, אונטערשטרייכט, אַז „אַ הייסער צאָרן צוליב דער אָרעמקייט פון דער יידישער מאַסע האָט דורכ־געדרונגען אַלע זיינע ווערק״. אַלגין ציטירט פון מענדעלעס נאָטיצן צו זיין ביאָ־גראַפיע: „צו לערנען די קינדער פון אונדזער פאָלק געשמאַק און וויסנשאַפט, אַריינצוברענגען זייער וועלט און שטייגער אין דער ליטעראַטור, כדי זיי דערמיט באַליבט מאַכן ביים פאָלק, אויפצוקלערן און ברענגען נוצן — די דאָזיקע דריי זאַכן זיינען ביי מיר געווען דער געוואונטשטער ציל״ (דערנאָך ברענגט מ. אַלגין די וויטערדיקע ציטאַט פון מענדעלעס רוף צו די שרייבער — וועגן „צוקוקן זיך צום לעבן פון פאָלק״ א. אַז. וו.). אַלגין האָט, אגב, איבערגעזעצט אַ צאָל העברעי־אישע דערציילונגען פון מענדעלען אויף יידיש — אונטער מענדעלעס אויפזיכט.

מענדעלע האָט דורך זיינע ווערק („מסעות״, „פישקע״) געלערנט צו פאַרבינדן יידיש־שאַפן מיט וועלט־שאַפן, שעפן פון די קוואַלן פון דער אַלמענטשלעכער קולטור.

מ. ווינער, דער גלענצנדער מענדעלע־פאָרשער, האָט אין זיין אויבן־דערמאָנטן ווערק אונטערגעשטראָכן די ווירקונג פון די רעוואָלוציאָנער־דעמאָקראַטישע אי־דייען פון די זעכציקער יאָרן אויף מענדעלען. ער קומט צום אויספיר, אַז „מענ־דעלעס שאַפן הייבט זיך הויך אַרויס איבער די נאַציאָנאַלע גרענעצן — ניט גע־קוקט אויף דער זייער נאַציאָנאַלער פאָרם — און האָט אַ גרויסן אַלגעמיינעם באַ־דייט״. ער סומירט מענדעלעס פאָדערונגען צו דער ליטעראַטור: „אידייאישקייט, סאָציאַלע געוועוונדטקייט, געזעלשאַפט־קריטיק, אָנגריף קעגן די רייכע און פרי־ווילעגירטע, הליף צו אָרעמע און עקספּלואַטירטע״.

מענדעלע, דער פורעמער, שאַפער, לייטערער און ראַפינירער פון אונדזער פאָלקס־לשון, האָט פאַרבונדן טראַדיציע מיט אוניווערסאַליזם, יידישע ליטעראַטור מיט וועלט־קלאַסיק, יידישע קולטור מיט וועלטלעכקייט און דער עיקר טאַקע מיטן פּראָגרעסיוון גייסט און שאַפן פון זיין עפּאָכע.

דער זיידע האָט זיך מיט רעכט באַצייכנט (אין אַ בריוו צו ש. דובנאָוון) אַלס „אַ היסטאָריקער״, אַ קינסטלערישער כראָניקער פון זיין צייט. ער, דער קעמפער פאַר סאָציאַלע און עקאָנאָמישע ענדערונגען אין יידישן און אַלגעמיינעם לעבן, האָט באמת און טיף־קינסטלעריש אָפּגעשפּיגלט זיין צייט. ער האָט אונדז געגעבן ריכטיקע רעאַליסטישע קינסטלעריש־געשיכטלעכע בילדער פון זיין צייט.

גרויס איז געווען זיין געזונטער איינפלוס אויף דער וויטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער יידישער ליטעראַטור. גרויס איז געווען זיין איינפלוס אויפן גאַנג פון זיין צייט. וועגן אָט־דעם איינפלוס האָט אונדזער משה כץ ריכטיק אָנגעוויזן: „דער סוד פון מענדעלעס איינפלוס אויף זיין צייט איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט געלעבט מיט זיין צייט, אָפּגעשפּיגלט אירע שטימונגען און נויטן, דערהויפּט אין דער פּראָגרעסיווער ריכטונג. און ווען די צייט האָט זיך געענדערט סיי צום בעסערן, סיי צום ערגערן, סיי אין דער ריכטונג פון גרעסערע האָפענונגען, סיי אין דער ריכטונג פון אַ געוויסן יאוש, האָט מענדעלע, דער „קינסטלערישער היס־טאָריקער״ פון זיין צייט, זיך געטריי אָפּגערופן אויף די דאָזיקע ענדערונגען״ („מענדעלע מוכר ספרים אין זיין צייט״, „מאָרגן־פרייהייט״, דעצעמבער 8, 1957).

עס איז גוט באַקאַנט, אַז אויף זיינע עלטערע יאָרן האָט מענדעלע (אין זיין אויטאָביאָגראַפישן ווערק „שלמה ר׳ חיימס״, 1899) אידעאַליזירט דעם אַלטן לעבן־שטייגער. ריכטיק איז אָבער, אַז „מענדעלע מוכר־ספרים, אין זיינע בעסטע ווערק,

געהערט צום קולטור־אוצר פונעם פּראָלעטאַריאַט" און אַז „די פאַרהערלעכונג פו־נעם יידישן אַמאָל בילדעט נאָר אַ קליינעם טייל פון זיין שאַפן און איז נישט כאַ־ראַקטעריסטיש פאַר מענדעלע דעם גיגאַנט. מענדעלע דער קעמפער, מענדעלע דער סאַטיריקער, מענדעלע דער מאָדעלירער פון אומשטערבלעכע טיפּן, איז פרעמד דעם גייסט פון דער היינטיקער יידישער בורזשואַזיע" (מ. אָלגין אין זיין אויבן־דער־מאָנטער אָפּהאַנדלונג).

דער יידישער קעמפנדיקער אַרבעטער־קלאַס, די יידישע פּראָגרעסיווע באַ־וועגונג, איז מענדעלעס עכטער און ווירדיקער יורש.

די „קונסט לשם קונסט"־ניקעס פון דער אַמעריקאַנער שרייבער־גרופּע „יונגע" האָבן שוין בשעתם אויפגעהויבן אַ גוואַלד „דאָלאַי, מענדעלע און פּרץ!" — טאַקע צוליב דעם סאָציאַלן טאָן און תוכן פון זייער שאַפן. אַב. קאַהאַן, רעדאַקטאָר פון „פאָרווערטס", האָט אין זיין צייט געפּרואווט „אַרונטעררייסן" מענדעלען. ער האָט באַצייכנט די ליבשאַפט פון די פאָלקס־מאַסן צו מענדעלען און זייער טיפן דרך־ארץ צו אים און צו זיינע ווערק ווי אַן „אַבערגלויבן". אין ישראל האָט דער העברייאישער שרייבער אברהם קריב, אַ „דבר"־מיטאַרבעטער, לעצטנס געשטעמפּלט מענדעלען ווי כמעט — אַן „אַנטיסעמיט". אין אַ לעקציע אין ירושלים האָט זיך קריב אויסגעדריקט, אַז „געוויסע ווערטער פון מענדעלען און פרישמאַנען קענען קאָנקורירן אויפן געביט פון יידן־העצעריי מיט די פירער פון וועלט־אַנטיסעמיטיזם".

די בורזשואַזע זעלבסט־געקרוינטע קריטיקער־„עסטעטן" האָבן שוין לאַנג גע־נומען מבטל־מאַכן, אָפּלייקענען און אַוועקמאַכן מיט דער האַנט דעם קינסטלערישן ווערט פון מענדעלעס שאַרף־סאַטירישע ווערק. אין זיין אָפּהאַנדלונג „מענדעלע מוכר־ספרים" (אין בוך „אונדזערע פּראָזאַיקער", 1951) האָט דער ליטעראַטור־קריטיקער ב. ריווקין טרעפלעך באַמערקט: „עס קוקט שוין באַלד אויס לויט די קריטיקער־עסטעטן — הגם זיי ווילן אין דער עפנטלעך זיך ניט מודה־זיין — אַז דאָרט וואו מענדעלע איז געווען אַ טרעגער פון געזעלשאַפטלעכע אידייען, אַ קעמ־פער קעגן אַלטן לעבנס־רעזשים, קעגן דער יידישער קהלשער גרענדע, קעגן דער צאַרישער רעגירונג, און וואו ער איז געווען אַ פּרעדיקער פון רעפאָרמען, אַ מליץ־יושר פאַרן קבצן און אַ זוכער פון אַן אויסוועג פון דער יידישער קבצנות — דאָרט איז ער קיין ריינער קינסטלער ניט געווען". אַזאַ צוגאַנג, דערקלערט ריווקין מיט רעכט, איז „אַ פאַרפעלשונג פון זיין [מענדעלעס] גאַנצער שעפערישער האַרעוואַניע, פון דער ראַנגלעניש פון זיין גאַנץ לעבן, ווי אַזוי צו פאַרקערפּערן געזעלשאַפטלעכע געוויסנס־אידייען אין קינסטלערישע ווערק". אָט־די „עסטעטן", וואָס זוכן אויס־צוהוילן מענדעלען פון זיינע סאָציאַלע, קעמפערישע מאָטיוון, באַצייכנט ריווקין גאַנץ ריכטיק אַלס „ירושה־פאַרשווענדער".

ירשנען מענדעלען ווי געהעריק מיינט לערנען פון מענדעלען דעם פּובליציסט־קינסטלער, מיינט שטרעבן צו דינען דעם פאָלק מיט אַ ליטעראַטור, וואָס זאָל זיין אידייאיש, דורכגעדרונגען מיט דער פּראָגרעסיווער אידייע פון פעלקער־פריינט־שאַפט און סאָציאַלן יושר, און וואָס זאָל שטיין אויף אַ הויכער קינסטלערישער מדרגה — אַ ליטעראַטור, וואָס זאָל זיין ווירקזאַם, עפעקטיוו, דערגרייכן צום פאָלק, באַרייכערן און דערהויבן דאָס לעבן פונעם פאָלק.

„זאַמלונגען", ווינטער, 1958.

# ד. מענדעלעס ערשטע ליטעראַרישע אַרבעט

אין עלטער פון זיבעצן יאָר איז דער ליטווישער אָרעם־בחור שלום־יעקב אבראַמאָוויטש (מענדעלע מוכר־ספרים, 1836־1917) אָנגעקומען מיט אַ כאַ־ליאַסטרע בעטלערס קיין קאַמענעץ־פּאָדאָלסק. דער אָנפירער פון דער בעטלער־כאַפּטע איז געווען „אברהמל דער הינקענדיקער". אין קאַמענעץ־פּאָדאָלסק האָט זיך שלום־יעקב אַרויסגעריסן פון אברהמל דעם שנאָרערס הענט. דאָרט, אין קאַמענעץ, האָבן אים בית־מדרש לייט באַקענט מיטן באַרימטן משכילישן העב־רייאישן און יידישן שרייבער אברהם־בער גאָטלאָבער (1811־1899), אַן אַלט־קאָנסטאַנטינאָווער, אַ לערער אין דער אָרטיקער קאַזיאָנער יידישער שול.

שלום־יעקב, דער אָרעמער בחור פון קאַפּוליע, האָט ביז דאַן געקראָגן אַ יידישע טראַדיציאָנעלע בילדונג אין קאַפּוליע, טימקעוויטש, סלוצק, ווילנע. אין קאַמענעץ האָט ער אָנגעהויבן פאַרנעמען זיך מיט וועלטלעכער בילדונג. ווען ער האָט גע־וויזן גאָטלאָבערן זיינע מליצהדיקע העברייאישע כתבים (זיינע אַן אַלעגאָרישע דראַמע), האָט אים יענער גע׳עצה׳ט: לערנען זיך, אָנזאַפּן זיך מיט בילדונג. ער האָט דעם בחור אויסגעליען ביכער פון זיין ביבליאָטעק.

שלום־יעקב האָט זיך גענומען גרייטן האַלטן עקזאַמען צו ווערן אַ לערער אין דער יידישער קאַזיאָנער שול. ער האָט געלייענט אַ סך ווערק פון דער רו־סישער און דייטשער ליטעראַטור, אינטערעסירט זיך מיט פראַגן פון דערציאונג, נאַטור־וויסנשאַפט, בעלעטריסטיק, ליטעראַטור־קריטיק. גאָטלאָבערס געבילדעטע טאָכטער ראָזאַליע איז געווען זיין לערערין פון רוסיש, דייטש און אַלגעמיינע לימודים. ער האָט אויסגעהאַלטן עקזאַמען, און אין 1856 איז ער געוואָרן אַ לערער אין דער קאַמענעצער יידישער רעגירונג־שול.

אין אַ יאָר אַרום, אין 1857, האָט שלום־יעקב, דער שפּעטערדיקער ערשטער גרויסער קינסטלער־פּראָזע־שרייבער אין דער יידישער ליטעראַטור, אָפּגעדרוקט זיין סאַמע ערשטע ליטעראַרישע אַרבעט — אַן אַרטיקל וועגן דערציאונג. אָט־דער אַרטיקל — מענדעלעס ערשטער אַרטיקל — איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אָן זיין וויסן.

אין ווינטער 1857 האָט מענדעלע געקראָגן אַ העברייאישן מליצה־בריוו פון זיין עלטערן ברודער הירש, וועלכער האָט דאַן געוואוינט אין אַ שטעטל אין ווייס־רוסלאַנד. יענער האָט אים געשריבן, אַז ער איז געוואָרן אַ מלמד; ער האָט זיך געקלאָגט אויף זיין בידנע מזל, אַז ער מוז נעבעך „אָפּזיצן אַ גאַנצן טאָג און לערנען מיט פאַרדאָרבענע קינדער פון גראָבע יונגען", אַז זיין תורה „קריכט זיי ניט אין קאָפּ", אַז עס קומט אים אויס „צו פירן מלחמה מיט פאַר־שטאָפּטע קעפּ".

מענדעלע האָט דאַן געפונען פאַר נויטיק אָנצושרייבן זיין ברודער אַ לענגערן ענטפער, אין וועלכן ער, שוין דאַן באַקאַנט מיט די מאָדערנע פּעדאַגאָגישע אָנ־שויאונגען, האָט זיך ברייט אָפּגעשטעלט אויף די פראַגן פון דערציאונג. אַ שאַרפער קעגנער פון אָנווענדן דעם קאַנטשיק, ווי בכלל לייב־שטראָף אין חדר צי אין דער תלמוד־תורה, האָט מענדעלע אָנגעוויזן אויף דער וויכטיקער ראָל פונעם לערער אין דער שול, ווי אַ דערציער און וועגווייזער, אויף דער נויטיקייט פון געדולד און טיפער פאַרשטענדעניש מצד דעם לערער. דער יונגער משכילישער שרייבער

האָט אין זיין העברייאישן בריוו קלאָר געמאַכט די פונקציעס פון אַ שול־לערער און די פּאָדערונגען פון דער מאָדערנער פּעדאַגאָגיק.

ווי דערשטוינט איז מענדעלע געווען, ווען ער האָט מיט עטלעכע חדשים שפּעטער געזען אַ טייל פון זיין בריוו, ווי ער „שטייט און גייט", אָפּגעדרוקט אין דער צייטונג „המגיד" — דערצו נאָך אויף דער ערשטער זייט. דער אַרטיקל איז געווען געדרוקט אונטער אַ „קאָפּ": „כתב על דבר החנוך" — אַ בריוו, הייסט עס, וועגן דערציאונג. אונטערן אַרטיקל איז געווען אונטערגעשריבן: שלום־יעקב בן חיים־משה אַבראַמאָוויטש.

ווי קומט מענדעלעס פּריוואַטער בריוו צום „המגיד"? האָט פּאַסירט אָט־וואָס: ווען מענדעלע האָט אַרויסגעשיקט זיין בריוו צום ברודער, האָט ער ביי זיך איבערגעלאָזט אַ קאָפּיע דערפון. אַ באַקאַנטער זיינער, אַן אָרטיקער משכיל, וועלכער פלעגט אָפּט אַריינקומען אין זיין היים, שמועסן מיט אים וועגן השכלה־ענינים, האָט איין מאָל דערזען אָט־דעם בריוו, אים איבערגעלייענט מיט גרויס אינטערעס און געהאַלטן, אַז אַזאַ אינהאַלטסרייכער בריוו וואָלט געדאַרפט אָפּגעדרוקט ווערן. ער האָט אַוועקגעשיקט דעם בריוו קיין זשיטאָמיר צו גאָטלאָבערן, וועלכער איז דעמאָלט געווען דער הויפּט פון דער דאָרטיקער ראַבינער־שול. גאָטלאָבער האָט מענדעלעס בריוו איבערגעשיקט צום העברייאישן וואָכנבלאַט „המגיד" אין דעם שטעטל ליק אין דייטשלאַנד — אַ טיפּיש־משכילישע צייטונג. פון די אַרטיקלען אין יענער צייטונג האָט דאַן געוויייעט מיט מליצה, מיט מגידות, מיט איבערזאָגן שוין פיל מאָל געזאָגטע זאַכן, און מיט אַ היפּש ביסל בטלנות. מענדעלעס אַרטיקל האָט אַ ווייע געטאָן מיט לעבן, מיט פרישקייט פון געדאַנק. דער איינדרוק איז געווען ווי פון אַ מחיהדיק פרילינג־ווינטל אין אַ פאַרשטיקטער אַטמאָספער. זילבערמאַן, דער רעדאַקטאָר פון דער צייטונג, האָט זיך גאָר דערפרייט מיטן אַרטיקל פונעם יונגן, אומבאַקאַנטן משכיל און האָט אים איינגע־לאַדן צו שרייבן וואָס אָפטער פאַר זיין וואָכנבלאַט.

מענדעלעס בריוו־אַרטיקל האָט בפירוש אַרויסגעבראַכט נייע געדאַנקען פאַר דעם דערציאונג־צושטאַנד אין יידישן לעבן פון יענער צייט. ער האָט אַרויסגעוויזן טיפע באַקאַנטשאַפט מיטן פּעדאַגאָגישן צוגאַנג פון די דעמאָלטיקע פאָרגעשריטנסטע רוסישע דערציער. ער האָט אויך געפּרעדיקט צו לערנען יידישע קינדער אַ מלאכה, אַ פאַך, און די רוסישע שפּראַך.

ס'איז צו כדאי צו ברענגען דאָ אַ פּאָר אויסצוגן פון יענעם פּיאָנערישן אַרטיקל פון אונדזער „זיידן", דעם גרויס־מייסטער און גרונטלייגער פון אונדזער מאָדער־נער יידישער ליטעראַטור. ער האָט דאַן דאָ מיט זיין ברודער איינגעקנעלט: „...דעם קינדס שכל האַלט זיך נאָך אין דעם נעפּל פון דער קינדהייט און פינקלט־אַרויס ווי אַ בריליאַנט, וואָס שטעקט ערגעץ אין זאַמד. די פליכט פונעם דערציער איז אַרויסצוציען אָט־דעם בריליאַנט". דער יונגער בירגערלעכער משכיל האָט גע־וואָרנט, אַז „מיר טאָרן ניט אורטיילן וועגן דעם קינד לויט זיינע טואונגען און זאָגן, אַז דער זינדיקט און יענער ניט, דער איז אַ גוטער און יענער איז אַ שלעכ־טער". די טואונגען פון די קינדער, ווייזט ער אָן, „זיינען פאַר זיי נאַטירלעך".

דער ליבעראַלער משכיל גאָטלאָבער האָט אונטער מענדעלעס אַרטיקל אין „המגיד" געהאַט אָפּגעדרוקט זיינע אַ באַמערקונג, פול מיט לויב פאַר מענדע־לעס אַרויסזאָגונגען. גאָטלאָבער האָט געשריבן: „ניט נאָר איז כדאי אָפּצודרוקן

אָט־דעם בריוו וועגן דערציאונג, נאָר ער איז ווערט מען זאָל אים איבערזעצן אויף מלוכה־שפּראַכן, כדי צו ווייזן די פעלקער און די רעגירער זיין שיינקייט, אפשר וועט מען דורך דעם ציען אויפמערקזאַמקייט צום מחבר, וואָס קען אַזוי גוט דעם ענין דערציאונג. וואויל איז צו די קינדער, וואָס האָבן אַזאַ לערער און אַזאַ דערציער".

דער אַרטיקל איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין דעם 31טן נומער פונעם „המגיד" (ערשטער יאָרגאַנג, דעם 23טן טאָג אין תמוז, תרי"ז).

זינט יענעם יאָר האָט זיך אָנגעהויבן מענדעלעס גרויסע שעפערישע טעטי־קייט אַלס שרייבער און בויער פון דער יידישער קולטור.

(זונטאָג, יוני 23, 1957)





# י. ל. פרץ

(1915-1851)

## א.

## זיין פּראָגרעסיווע ירושה

מיר האָבן אין באַגין די גרויסע פרייד געהאַט
די ערשטע לייענען — פון פּרצעס ערשטן בלאַט.
... און וואוהין ער רופט, און וואו ער ווייזט, און וואָס ער הייסט —
איז פול געווען מיט וואָר און וואונדער און מיט טרייסט ..
(פון אברהם רייזענס ליד „פּרץ־דור")

פּרץ באַדייט פּראָגרעסיווע ירושה. פּרץ באַדייט קאַמפּס־גייסט. פּרץ באַדייט וועלטלעכקייט, אַלוועלטלעכקייט, הומאַניזם, קאַמף פאַר סאָציאַלן יושר, פאַר מענטש־לעכער ווירדע, פאַר שטענדיק באַנייען, באַרייכערן, דערהויבן די יידישע קולטור און אירע גרויסע פּראָגרעסיווע ווערטן. פּרץ איז — „וואָר און וואונדער און טרייסט".

דאָס איז דאָס סאַמע עיקרדיקע, סאַמע וועזנטלעכע, כאַראַקטעריסטישע און תוכיקע אין פּרצעס לעבן און שאַפן, אין דעם וואָס מיר רופן־אָן — די פּרץ־טראַדיציע.

פּרץ, דער גרויסער קלאַסיקער, דער פאָטער פון אונדזער יידישער ליטעראַטור — ווי ער איז באַצייכנט געוואָרן שוין צו זיין 50סטן געבוירנטאָג, אין 1901 — איז געווען ניט נאָר אַ וואונדערלעכער, תמיד־שאַפנדיקער, דינאַמישער, קעמפערישער קינסטלער. ער איז אויך, און איז תמיד געווען, אַ לערער און וועגווייזער פון פאָלק, אַ דערציער פון דורות, אַ קוואַל פון אינספּיראַציע פאַר לייענער און שריי־בער. פּרץ, איינער פון די דריי אָבות און גרונטלייגער פון אונדזער ליטעראַטור — אַ דערמוטיקער פון פיל שרייבער, איז אויך געווען איר פאָנען־טרעגער.

פּרצעס געזונטער איינפלוס איז היינט שטאַרקער נאָך ווי ביי זיין לעבן. אין די אַלע פופציק יאָר זינט זיין פּטירה איז ער געבליבן מיטן פאָלק, אין פאָלק. דאָס פאָלק — אין אַלע יידישע ישובים — לערנט איצט און שעפּט ווייטער כוח און מוט, בטחון און האָפענונג, גייסטיקע גבורה פון זיין האַרץ און מוח, פון זיינע ליטיקע, גייסטרייכע שאַפונגען, — פון זיין דיכטונג און פּראָזע, פון זיינע דראַ־מען און פובליציסטיק. נאָך צענדליקער יאָרן פון פּרץ־פאָרשונג וואַקסט היינט אויס די גרויסע, שטראַלנדיקע, מערקווירדיקע, קאָלירפולע פּרץ־געשטאַלט — די

אומשטערבלעכע פּרץ־פּערזענלעכקייט — נאָך קלאָרער און בווּלעטער, נאָך אַק־טיווער און ווירקנדיקער, ווי ביז זיין פּריצייטיקן טויט.

יצחק־לייבוש פּרץ, דער טרוימער און דענקער, איז אונדז באַזונדערס ליב און טייער דערמיט, וואָס ער איז אין די מערסטע און בעסטע פון זיינע שאַפונגען, אין משך פון זיין גאַנץ לעבן, געווען און געבליבן אַ קעמפער פאַרן פאָלק.

אַ ריפער, צייטיקער שרייבער, אַ דיכטער פון הויכער שעפערישער קולטור, איז ער געקומען אין אונדזער יידישער ליטעראַטור אין 1888 (מיט זיין קרעפטי־קער באַלאַדע „מאָניש") מיטן סאַמע אָנהויב, מיט דער אַנטשטייאונג און אויפ־שטייג פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. ער איז געשטאַנען ביים וויגעלע פון אָט־דער באַוועגונג. ער האָט זיך מיט איר פאַרבונדן בלב ונפש. ער איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון די סאָציאַליסטישע אידייען (כאָטש ער האָט זיי ניט אינ־גאַנצן קלאָר און גרינטלעך באַנומען). ער איז געוואָרן אַ גרינדער פון יידישע אַרבעטער־פאַרזאַמלונגען. זיינע ראַדיקאַלע „יום־טוב־בלעטלעך" (1894 און 1895) האָבן באַגייסטערט פיל יידישע רעוואָלוציאָנער־געשטימטע אַרבעטער. ווינטשעווס־סקי, פּינסקי, ספּעקטאָר זיינען געווען צווישן די באַטייליקטע אין די „בלעטלעך". פּרצעס לידער, דערציילונגען, מעשהלעך, סקיצן, פעליעטאָנען, פּובליציסטישע עסייען זיינען געוואָרן רופער און וועקער צו אַ שענערן מאָרגן, מאָנער פון סאָ־ציאַלן יושר און פון נאַציאָנאַלער ווירדע.

דער גרויסער שרייבער און פריי־גייסט, דער גייסט פון אומרו און ברויז, איז געקומען ווי אַ פרילינג אין יידישן שווערן לעבן. ער איז געקומען ווי אַ פאָרויס־גייער פון זיין צייט, מיט שטורעם און פלאַם פון פּראָטעסט און רעוואָלט, פון פּראָגרעסיוון גייסט, מיט בונטאַריש־רעוואָלוציאָנערע אידייען. ער איז געקומען ווי אַ וויזיאָנער פון אַ ליכטיקער צוקונפט — אַ צוקונפט פון פרייהייט און פעלקער־פריינטשאַפט, אָן מלחמות, אָן הונגער און נויט. ער איז געקומען ווי אַ קינסטלער אַ מחדש, אַ באַנייער, מיט נייע סטימולירנדיקע אידייען, מיט „נייע הימלען", מיט גרויסע, האַרבע, שטרענגע פאָדערונגען צו שרייבער, צו דער יידישער ליטעראַ־טור. ער האָט אַנטפּלעקט פאַרן לייענער די שיינקייטן און גרויסקייטן אין דער נשמה פונעם פשוטן פאָלקס־מענטשן, דער עיקר, דעם מענטש פון פּראַצע. ער האָט אַנטפּלעקט העלדן־מוט אין פאָלק, העראָאיזם אין דער געשיכטע, אין דער פאַרגאַנגענהייט פונעם יידישן פאָלק. ער האָט געלערנט צו קאָנען „איינשפּאַנען" דעם נעכטן — די העלדן־מאָמענטן פונעם עבר — אין דעם היינטיקן קאַמף פאַר אַ בעסער לעבן פאַרן פאָלק, פאַר אַ מאָרגן פון אַ באַפרייטער מענטשהייט.

ער האָט (שוין אין 1891) גערופן דאָס פאָלק צו „האָבן אַ זיכרון". ער האָט געלערנט די זין און טעכטער פון פאָלק צו לערנען גרינטלעך דעם פאָלקס געשיכטע אויף „דער גאַנצער לענג פון אַלע דורות", ווייל „ליב האָבן [דאָס פאָלק] הייסט: אַלץ קענען, אַלץ וויסן, אַלץ האָבן אין האַרץ, אין געהירן, אין בלוט!"

ער האָט אין אונדזער יונג־אַלטער יידישער ליטעראַטור אַריינגעבראַכט דאָס שענסטע און פאָרגעשריטנסטע פון די עשירותן פון דער אייראָפּייִשער ליטע־ראַטור. ער איז געקומען מיט זיין שאַרף־געשליפענעם, לאַקאָנישן, בליציקן סטיל פון וואָרט־צמצום, פון אָנדייט און סוגעסטיע, פון אידייע און בילד, פון געפרעסט־קייט און דראַמאַטיזם, פון פילזאָגנדיקע „פּאָסיקלעך און פּינטעלעך", וואָס ווירקן,

אַז דער לייענער זאָל זיך פֿאַרטראַכטן, זאָל גאָכטראַכטן, זאָל נוצן זיין מוח און פֿאַנטאַזיע.

דער גרויסער מייסטער פֿון וואָרט, דער שעפּערישער געני, האָט אַלע זיינע יאָרן אָנגעהאַלטן דעם ליכטיקן גלויבן אין מענטש, אין דער מענטשהייט. ער האָט געגלויבט אין דער רעוואָלוציאָניזירנדיקער ראָל און קראַפֿט פֿונעם אַרבעטער־קלאַס. אין זיין דראַמע „ביינאַכט אויפֿן אַלטן מאַרק“ האָט ער געזען און געוויזן, ווי:

עס גייט דער נייער מענטש, ער קומט, שטאָל און בלוט, די אויגן בליצן, —
נישט געלעסטערט, נישט געברומט, — ער וועט קומען, ער וועט שיצן.

זיין טיפֿער, דורכדרינגלעכער בליק איז געווען געווענדט אין דער צוקונפֿט. ער האָט גערופֿן בויען אויף די חורבות פֿון נעכטן — „איבער די חורבות גייך און בויען. ער האָט פֿאָרויסגעזאָגט:

און אַזוי,
אַזוי גייען מיר,
זינגענדיק און טאַנצנדיק,
מיר גרויסע, גרויסע יידן,

שבת־יום־טובדיקע יידן,
די אויגן פֿלאַקערן,
וואָלקנס שפּאַלטן זיך,
הימלען פּראַלן־אויף.

דער פּאָעט פֿון נויט, פּראָטעסט און קאַמף, דער זינגער פֿון וועלט־שלום, פֿון „האָף און גלויב“, האָט געזען אַ צוקונפֿט, ווען — „מענטש וועט ניט שטיין קעגן מענטש און נישט פֿאָלק קעגן פֿאָלק; קאַמף אום דאָזיין וועט זיין צווישן מענטש און נאַטור“.

אין משך פֿון יאָרן האָבן זיך ליטעראַטור־קריטיקער געאַמפּערט וועגן דעם, וואָס עס זיינען געווען די הויפּט־שטריכן אין פּרצעס נאַטור און שאַפֿן. האָבן אייניקע געזאָגט: אינטעלעקטואַליזם און עטיציזם; האָבן אַנדערע געטייטשט: ראָמאַנטיזם; האָבן אייניקע געוואָלט האָבן: וואָלונטאַריזם — פּרצעס אונטער־שטרייכונג פֿונעם שטאַרקן, שאַפֿנדיקן ווילן פֿונעם יחיד; האָבן גאָר אַנדערע גע־טענהט: פּסיכאָלאָגיזם, פּרצעס שילדערונג פֿון דער קאָלעקטיווער פּסיכאָלאָגיע. אַנדערע האָבן געזוכט אַריינפּאַסן פּרצעס רייך, פֿילפֿאַכיק, שפּרודלדיק שאַפֿן אין אַנדערע שיטות אָדער קאַטעגאָריעס. דער פֿאַקט איז, אַז פּרץ איז אין דעם גרעסטן פֿעריאָד פֿון זיין שאַפֿן געווען אַ קריטישער רעאַליסט, דער מחבר פֿון אַ סך קרי־טיש־רעאַליסטישע לידער, סקיצן, דערציילונגען און מעשהלעך, און אַז זיין ראָ־מאַנטיק איז געווען מערסטנס אַ סאָציאַלע, צומאָל אַ רעוואָלוציאָנערע. אין די כּלים פֿון זיין ראָמאַנטיק, פֿון זיינע „חסידיש“־מעשהלעך און אייניקע פֿון זיינע „פֿאָלקס־טימלעכע געשיכטן“, האָט ער אַריינגעטאָן אַ סאָציאַלן, אָפֿט רעוואָלוציאָנערן אינ־האַלט. רעאַליסטישע און ראָמאַנטישע עלעמענטן ווערן אָפֿט צוזאַמענגעוועבט אין זיינע ווערק.

פּרצן דעם קעמפֿער קעגן קאַפּיטאַליזם, קעגן דעם חושך פֿון קלעריקאַליזם, קעגן דעם גאַנצן שטיקנדיקן פֿעאָדאַלן פֿאַרגליווערטן לעבנס־שטייגער זעט מען, שפּירט מען קלאָר דורך פֿיל פֿון זיינע לידער און רעאַליסטישע נאָוועלן, צווישן זיי: „מיין נישט די וועלט איז אַ קרעטשמע“, „די צוויי ברידער“, „די פֿרומע קאַץ“, „דאָס שטריימל“, „באָנטשע שווייג“, „דער משולח“, „אַ כּעס פֿון אַ יידענע“, „וועבער־ליבע“, „בילדער פֿון דער פּוילישער פּראָווינץ“, און פֿיל־פֿיל אַנדערע, ווי אויך אין זיין פּובליציסטיק, דער עיקר אין זיינע אידייען־רייכע אַרטיקלען וועגן פּאָליטיק, בילדונג, ליטעראַטור, קריטיק, טעאַטער. אָבער אויך אין זיינע

זאַמלונגען „חסידיש" און „פאָלקסטימלעכע געשיכטן" (1899־1904) און אין זיינע סימבאָלישע דראַמען (1907־1914) איז פּאַראַן פּרץ דער קעמפער פאַרן פאָלק און פאַר אַ דערהויבנדיקער קולטור פאַרן פאָלק.

די אָרעמע שיכטן פון פאָלק, די האָרעפּאַשניקעס, האָבן אין דעם גרויסן וואָרט־קינסטלער דערשפּירט זייער פריינט, זייער פּאַרטיידיקער, אַ קעמפער פאַר זייערע רעכט, אַ שילדערער פון זייער נויט און דלות, אַ טרייסטער און דערמוטיקער — אַ פאָלקס־שרייבער, וואָס שטעלט זיך איין פאַר די באַליידיקטע און אונטערדריקטע.

דורך פּרצעס „צוויי ברידער" (אַ טייל פון זיין „ביים פרעמדן חופּה־קלייד") האָט אָפּגעקלונגען דער פּראָטעסט פון אַלע עקספּלואַטירטע: „ווי לאַכט עס אַ ברודער ביים ברודערס געוויין ?".

די וועלט האָט דערהערט:

> דער שרייט: ס'איז מיין עשירות, מיין רייכטום, מיין גוט;
> און יענער: ס'איז טרערן, מיין שווייס און מיין בלוט.

אין דער פּרעכטיקער פּאָעמע האָט דער דיכטער געוויזן דעם אָנהייב פון קלאַסן־קאַמף.

קרעפּטיק, נביאיש האָט דער גרויסער סאָציאַלער דיכטער אין זיין ליד „מיין נישט" געוואָרנט אַלע רשעים און בלוט־פאַרגיסער:

> מיין נישט, די וועלט איז הפקר באַשאַפן
> פאַר וועלף און פאַר פוקסן, פאַר רויב און פאַר שווינדל.

דער דיכטער האָט געוואָרנט: „אָ, מיין נישט, לית דין ולית דיין!"

אין „ביים גוסס צוקאָפּנס" איז דער גוסס, נחמנקע פון זבאַרזש, מוחל דעם גן־עדן און קלייבט גיכער אויס צו קומען „אויף יענער וועלט", „צו די אומגליקלעכע, הונגעריקע, דורשטיקע, צו די פאַרחלשטע און פאַרמאַטערטע, צו די פאַרלוירענע און פאַרשאָלטענע, צו די פון־גאָט־פאַרגעסענע". ער וויל מיט זיי „צוזאַמען לייַדן, מיטפילן", איידער האָבן „אייביקע רו" אין גן־עדן.

אין פּרצעס „צווישן צוויי בערג" פרעגט ר' נח, דער ביאַלער רבי, ביים בריסקער רב: „וואָס האָט איר... פאַרן האַלץ־העקער, פאַרן קצב, פאַרן באַלמעלאָכע, פאַרן פּראָסטן ייד ?"

דער אָרעמאַן, דער פּשוטער ייד, דער ניט־למדן, די קבצנים, עניים ואביונים, האָבן אין פּרצן, דעם שאַרפן מוח, דעם שלייפער און לייטערער פון קינסטלערישן וואָרט, געפונען זייער שליח־ציבור, זייער שילדערער, זייער מליץ־יושר און לערער. צום ערשטן מאָל אין דער יידישער ליטעראַטור האָבן אין פּרצעס לידער, מעשהלעך, נאָוועלן געקראָגן אַ חשוב פּלאַץ, אַ קינסטלערישן תיקון, די יידישע וואַסער־טרעגער און האָלץ־העקער, שניידער, שוסטער, וועבער, גאַרבער, לאַסט־טרעגער, בערשטער. פאַר זיי, ווי אויך פאַר בית־מדרש בחורים און ניי־וועלטיקע אינטעליגענטן, ווי פאַר ראַדיקאַלע, סאָציאַליסטיש־דענקענדיקע טוער, איז פּרץ געוואָרן אַ לערער, דערמוטיקער, באַגייסטערער. ער האָט העל באַלויכטן דאָס נשמה־יתירהדיקע אין דעם פּשוטן, אָרעמען פאָלקס־מענטשן.

שוין אין זיינע יונגע יאָרן, אין די זאַמאָשטשער יאָרן (ער האָט זיך באַזעצט אין וואַרשע אין עלטער פון 38 יאָר) איז פּרץ געווען אַ משכיל, אַן אויפקלערער, אין בעסטן זין פונעם וואָרט — אַ קעמפער פאַר פּראָדוקטיוויזאַציע, קעגן היפּאָ־

קריטסטווע און פאַנאַטיזם, פאַר הויכע עטישע מידות, פאַר פאָלקס־בילדונג. שוין יונגערהייט האָט ער אָנגעהאַלטן פאַרבינדונג מיט די אָנטיילנעמער אין קאַמף פאַר פוילנס באַפרייאונג. אַ געזונטע השפּעה אויף אים, דעם אָנגעזאַפּטן מיט דער פּוילישער קולטור, האָט אויך געהאַט זיין פאַרבינדונג מיט דער פּוילישער פאָלק־לאָר־פאָרשונג־גרופּע „ווּיסלאַ״. אין זיין רייכער פּובליציסטיק האָט ער באַרירט פיל געביטן אין סאָציאַל־פּאָליטישן לעבן, און איז תמיד מוטיק און דרייסט אַרויס־געקומען קעגן דער רעאַקציע און אירע אידעאָלאָגישע משרתים. ער האָט דער־קלערט: „...זאָס דאַרף זיין דער מענטש, און ליכטיק דאַרף אים זיין... און פריי מוז ער זיין און האָבן איבער זיך צו שאַפן, איבער זיך און איבער זיין אַרבעט״.

נאָך אין 1890 האָט ער גערופן צו בילדן דאָס פאָלק: „אונדזער פּראָגראַם איז בילדונג. מיר ווילן בילדן דאָס פאָלק. אויס נאַרן מאַכן קלוגע, אויס פאַ־נאַטיקער — געבילדעטע, אויס ליידיק־גייער און לופט־שלינגער — אַרבעטער, ניצלעכע, אָרנטלעכע מענטשן, וואָס אַרבעטן פאַר זיך, און פאַרן כלל קומט דער־פון אַ טובה אַרויס״.

ער האָט געגלויבט באמונה שלימה אין אַ צוקונפט, ווען יושר וועט זיגן: „שלעכט איז אין דער קעגנוואַרט. די צוקונפט אָבער געהער צו מיר! אין אירע נעפּל זיינען מיינע אויגן באַהעפט, פון דאָרט וועט זיך אויסטיילן די פרישע זון פון אַ נייעם גערעכטן מאָרגן״.

פּרץ דער אינטערנאַציאָנאַליסט האָט (אין פאָרוואָרט צום זאַמלבוך „ליטעראַ־טור און לעבן״, 1894) פּראָקלאַמירט: „מיר ווילן די אַלגעמיין־מענטשלעכע פאָן נישט אַרויסלאָזן פון דער האַנט און מיר ווילן נישט זיין קיין שאָוויניסטיש ווילדקרויט״.

דער קעמפער קעגן דער גביראָקראַטיע, פאַר דער ווירדע פונעם פּשוטן מענטשן, האָט (אין זיין נאָוועלע „משיחס צייטן״) געחלומט וועגן „מענטשן מיט פליגל״ — שטאָלצע, פרייע יידן־מענטשן, וועמענס גייסטער ציען צו דער הויך פון מענטשלעכער גייסטיקער אַנטוויקלונג. ער האָט באַזונגען מאָראַלישע גאַנצקייט, דרייסטקייט, מסירת־נפש פאַר אַ הויכן אידעאַל, ווילנס־קראַפט, אַרבעטזאַמקייט, באַשיידנקייט, ערלעכקייט, ליבשאַפט צו מענטשן, צום פאָלק, נשמה־ריינקייט. אָט־די שיינע מידות האָט ער געזען אין פּשוטע, אָרעמע, טיף־ליידנדיקע פאָלקס־מענטשן, פונקט ווי ער האָט מיט זיין שאַרפער, בייסיקער סאַטירע אַרונטערגעריסן די מאַסקע פון די קלעריקאַלן־צבועקעס אין זיינע וואונדערלעכע דערציילונגען: „פרומע קאַץ״, „שטריימל״, „מוסר״, א. אַנד.

אָרנטלעכקייט, צערטלעכקייט שילדערט ער אין דעם אָרעמען, פּשוטן שמריה׳ן (אין „דער משולח״), אין טוביה טרעגער און זיין פרוי סעריל (אין „זיבן גוטע יאָר״). אַ קוואַל פון האַרציקער תמימות איז דער באַלעגאָלע (אין דער דערציילונג מיטן זעלבן נאָמען). אַ ייד מיט אַ פּאָעטישער נשמה איז דער פישערמאַן סאַטיע (אין „נסים אויפן ים״). געפילן פון פּראָטעסט און רעוואָלט וואַקסן אין אַ גאַנצער ריי באַלמעלאָכעס: אין דעם קירזשנער און שטריימלמאַכער בערל קאָלבאַס, דעם אפּיקורס (אין „שטריימל״); אין דעם קעסלמאַכער יונה באַץ (אין „אייזיקל שעכט״); אין דעם רעוואָלוציאָנער־געשטימטן משה חיט (אין „נישט פאַרמשפּט״). די מערסטע

באַלמעלאָכעס שילדערט פּרץ ווי מענטשן מיט בטחון, אָפּטימיזם — פריילעכע קבצנים.

מיט באַזונדערער צערטלעכקייט האָט דער גרויסער קינסטלער (וואָס האָט זיינע העכסטע קונסט־דערגרייכונגען פאַרצייכנט אין געביט פון דער נאָוועלע) גע־שילדערט די אונטערדריקטע יידישע פרוי. רירנדיק ביז גאָר זיינען זיינע שיל־דערונגען פון די יידישע פרויען־האַרעפּאַשניצעס שרה־רבקה, לאה די מילכיקערין, ברײנע, חנה, חוה־גיטל; די אַרבעטס־מיידלעך אין ליד „דריי נייטאָרינס".

פּרעכטיק געשילדערט איז דאָס גליקלעכע צוזאַמענלעבן פון מאַן און פרוי אין די אָרעמע אַרבעטער־היימען (אין די דערציילונגען „שלום־בית", „אין קעלער־שטוב", „די קללה"). פול מיט חן איז גרונע (אין דער דערציילונג „מוסר") מיט אירע טענות צו דער גאַנצער וועלט. מחיהדיק איז די געשטאַלט פון דער ראַדי־קאַלער נייטאָרין, די קעמפערין, וועלכע זיצט אין תפיסה פאַר ווערטער „די וועלט איבערקערן" (אין „נחת פון קינדער"). אין „ער און זי" האָט פּרץ גערופן צו פּראָטעסט קעגן די ניט־פּראָטעסטירער, די באַנטשע שווייגס: „פּראָטעסט קעגן שאָף, קעגן לעמער פּראָטעסט, וואָס זאָגן נאָר ווידוי". אין זיין „חסידישער" מעשה „אויב נישט נאָך העכער" לאָכט ער אָפּ פון גלויבן אין ניסים, אין דעם נעמיראָ־ווער רבינס אַרויפגיין צו סליחות אין הימל. ער ווייזט, ווי דער רבי, אָנגעטאָן אַלס אַ פּויער, ברענגט האָלץ אין הויז פון אַ קראַנקער אָרעמער פרוי, הייצט־איין דעם אויוון, אַז זי זאָל דערוואַרעמען אירע ביינער. דער רבי איז אַרויף — „אויב נישט נאָך העכער". אין „שלום בית" מאָנט חיים דער טרעגער, אַז זיין פּלוניתטע זאָל זיצן מיט אים צוזאַמען אויף איין שטול אין גן־עדן, ביז זי זאָל זיין זיינס אַ פוס־בענקעלע. רירנדיק איז פּרצעס ווענדונג צו די קינדער (אין זיין „ל"ג בעומר"): „...זאָגט מיר, קינדערלעך, וואָס פון אייך וועט אַרויס? ווער פון אייך וועט האַנדלען מיט פרעמדן שוויס־און־בלוט, און ווער וועט אויסוואַקסן אַן ערלעכער אַרבעטער, וואָס וועט לעבן פון אייגן שוויס און בלוט?..."

אַזוי האָט געפּרעגט דער אומדערמידלעכער שאַפער און בויער פון אונדזער ליטעראַטור, דער לאַנגיאָריקער שווערער אַרבעטער אין דער וואַרשעווער גמינע, דער גאונישער האָרעפּאַשניק פון דער פּען, דער געזעלשאַפטלעכער טוער, אַרויס־געבער פון „די יידישע ביבליאָטעק", זשורנאַל „ליטעראַטור און לעבן", „יום־טוב־בלעטלעך", פאָרשער, זאַמלער, קריסטאַליזירער, דיסטילירער און איבערדיכ־טער פון יידישן פאָלקלאָר, איבערזעצער פון העברייאישער, פּוילישער, רוסישער און מערב־אייראָפּייאישער פּאָעזיע, שאַפער פון יידישער ליטעראַטור אין פיל זשאַנרען, אַריינגיסער פון נייעם, פרישן וויין אין אַלטע כלים, און געפינער פון נייע קונסט־פאָרמען.

ווי אין אַ קינסטלער פון גאָר אַ הויכער מדרגה איז דאָס אינדיווידועלע און נאַציאָנאַלע געווען פולשטענדיק, אָרגאַניש צוזאַמענגעגאָסן אין דעם גרויסן דיכ־טער־דערציילער־דראַמאַטורג־פּובליציסט. אַזוי אויך זיינען די סאָציאַלע און לי־רישע עלעמענטן פון זיין שאַפן — איינס, איין גאַנצקייט. אַזוי אויך זיינען די נאַציאָנאַלע און אינטערנאַציאָנאַלע עלעמענטן אין זיין קונסט געווען צונויפגעע־וועבט, איבערגעפלאָכטן, ווי ער אַליין האָט זיך געהאַט אויסגעדריקט: „עס קאָן נישט זיין קיין עכטער נאַציאָנאַלער קינסטלער, וואָס זאָל נישט זיין אינטערנאַציאָנאַל".

„פּרץ איז שטענדיק געווען אונדזער קאָפּ", האָט זיך דער קריטיקער בעל־

מחשבות אויסגעדריקט. מען דאַרף צוגעבן: פּרץ איז תּמיד געווען און בלייבט אויך אונדזער האַרץ און נשמה. ריכטיק האָט באַמערקט יוסף אָפּאַטאָשו: „אין פּרצעס דרכים גייען נאָך ביז היינטיקן טאָג יעדער אויף זיין שטייגער, די באַ־דייטנדיקסטע יידישע שרייבער". דער טרוימער פון גאַנצע, האַרמאָנישע פּערזענ־לעכקייטן איז אַליין געווען און געבליבן אַ קוואַל פון דערהויבונג.

מיט אַ באַזונדערן ציטער אין האַרצן לייענען מיר איצט — נאָכן אומקום פון זעקס־מיליאָן יידן, קרבנות פון נאַציזם — די נביאישע רייד פון פּרצן וועגן אונדזער מאַמע־לשון, יידיש. האָט ער דערקלערט, „איז אַ שפּראַך פון פּשוטן יידן, די שפּראַך וואָס וועט זיין אַן אייביקער עדות אויף דעם פאַרגאָסענעם יידישן בלוט, אויף אַלע בייקייטן קעגן יידן, אַלע רציחות און חורבנות אויף די וואָגלענישן פון לאַנד צו לאַנד... יידיש האָט איינגעזאַפּט אין זיך דאָס געוויין פון אונדזערע עלטערן, דאָס וויי־געשריי פון דורות... די דימענטן, וואָס יידיש פאַרמאָגט — דאָס זיינען די אויסגעטריקנטע, די פאַרגליווערטע יידישע טרערן".

„מיר שטייען ווי אַ מויער פאַר יידיש!... אין דער שפּראַך ווילן מיר אונ־דזער אוצר זאַמלען, אונדזער קולטור באַשאַפן, אונדזער נשמה וועקן און קול־טורעל זיך פאַראייניקן צווישן אַלע לענדער און אין אַלע צייטן".

דער טרוימער פון „דער שעה פון אויסלייזונג" האָט געבויט אַ בריק צווישן לענדער און צייטן. זיין קינסטלעריש־אידייאישער וועג איז, פאַרשטייט זיך, ניט געווען קיין גראַדער. עס זיינען, געוויס, געווען זיג־זאַגן, אָפּנויגן, קאָנטראַסטן, ווידערשפּרוכן, וואַקלענישן, באַזונדערס אין דעם פּעריאָד פון 1907־1911, ווען איבערן גאַנצן צאַרישן רוסלאַנד האָט זיך געשטאַרקט די כוואַליע פון יאוש־און ירידה־שטימונגען נאָכן דורכפאַל פון דער רעוואָלוציע פון 1905. אין משך פון אַ קורצן פּעריאָד איז אויך פּרץ אַריינגעפאַלן אין רעזיגנאַציע־שטימונגען. צו יע־נעם פּעריאָד געהערן די סימבאָליסטישע עלעמענטן אין אייניקע פון זיינע דראַמען. אין יענער צייט האָט ער זיך אויף אַ קורצער ווייל געלאָזט באַווירקן פון די צייט־איינפלוסן. אָבער אויך דאַן האָט ער די „אַלגעמיין־מענטשלעכע פאָן" פון האַנט ניט אַרויסגעלאָזט.

די קורצע מאָמענטן, ווען פּרץ האָט אָפּגענויגט פון זיין אייגענעםברייטן פּרצישן וועג און איז צייטווייליק אַוועק פון דער אַרומיקער ווירקלעכקייט צו דער וועלט פון טרוימען, זיינען ניט כאַראַקטעריסטיש פאַר פּרצן דעם פאָלקס־קינסטלער, דעם פּירזאָגער און פּיאָנער־אויספלאַסטערער פון נייע וועגן, זוכער פון נייע פאָרמען, דעם שרעקלאָזן קעמפער. אין דעם אַריינפיר צו זיינע „זכרונות" (1913־1914) האָט ער אַליין טרעפלעך דערקלערט: „פאַרטרעטירט דאַרף ווערן נאָר דאָס כאַ־ראַקטעריסטישע; דאָס עכטע, נישט דאָס צופעליקע, וואָס געהערט גאָרנישט צום מענטש".

דאָס עכטע, דאָס כאַראַקטעריסטישע אין פּרצן איז זיין פּראָגרעסיווער גייסט, וואָס לעבט און ווירקט אין פאָלק לדור דורות. אין קאַמף פאַר דער „קינפטיקער פרייער מענטשהייט" האָט י. ל. פּרץ אַריינגעטראָגן אַ היפּשן חלק. ער וועט תּמיד בלייבן לעבן אין האַרצן פון פאָלק.

(„יידישע קולטור", מאַי, 1965)

(צו זיין פופציקסטן יאָרצייט)

# ב. י. ל. פרץ — די פאָן פון אונדזער ליטעראַטור

עס טראָגן אים מענטשן פון קעלערס געקומען
אין לויכטנדע בליקן, אין הערצער אין שטילע,
ווי ליכט פאַר דעם אָנהענק פון באַנטשע׳ן דעם שטומען,
ווי ליכט פאַר דעם אָנדענק פון מאָניש דעם עלוי.
(פון דוד ספּאַרדס ליד „ס׳איז וואָר און ס׳איז חלום...״)

י. ל. פרץ, אונדזער גרויסער קלאַסיקער, איז געווען די פאָן און דער פאָנען־טרעגער פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור. אויף זיין פאָן האָט פרץ, איינער פון די דריי אָבות־גרונטלייגער פון אונדזער ליטעראַטור, אויפגעשריבן מיט פלאַ־מענדיקע אותיות: וועלטלעכקייט! הומאַניזם!

די פרץ־טראַדיציע, וואָס באַלייכט דאָס לעבן פון דורות יידן, מיינט קודם־כל: די טראַדיציע פון הומאַניסטישע אידעאַלן, פון פּראָגרעסיוויזם, פון אַל־מענטשלעכקייט.

פרץ, דער שאַפער פון גרויסע קולטור־ווערטן, דער שאַפער פון אַ נייעם נוסח אין אונדזער ליטעראַטור, דער וועגווייזער, דערהויבער און טעאָרעטיקער פון דער יידישער וועלטלעכער קולטור, האָט זיך באַליבט געמאַכט ביי די ברייטע יידישע האַרעפּאַשנע פאָלקס־מאַסן פאַר זיין ראַדיקאַלן, עכט־דעמאָקראַטישן צוגאַנג צום לעבן און צום פאָלק, זיין קעמפערישקייט, זיינע לאַנגיאָריקע קאַמפן פאַר דעם וואוילזיין פון פאָלק, פאַר הומאַניזם, זיינע ראַדיקאַל־פּאָליטישע און רעוואָלוציאָנערע טעטיקייטן אונטערן צאַרישן רעזשים, ווען ער איז עטלעכע חדשים געווען פאַר־שפאַרט אין תפיסה (אין 10טן פּאַוויליאָן אין וואַרשעווער ציטאַדעל), זיינען כאַ־ראַקטעריסטיש פאַר י. ל. פּרץ דעם זוכער און געפינער פון נייע ליטעראַרישע פאָרמען, דעם רעאַליסט און רעוואָלוציאָנערן ראָמאַנטיקער, דעם אומדערמידלעכן פאָרשער און זאַמלער פון יידישן פאָלקס־ליד און פון דער יידישער פאָלקס־מעשה, דעם אַנטפּלעקער פון רייכע אוצרות, שיינקייטן און טיפקייטן אין יידישן אַרבעטס־מענטש, פאָלקס־מענטש, און אין יידישן לשון.

פרץ, דער קעמפער קעגן שאָוויניזם, פאַר פעלקער־ברידערלעכקייט, איז שוין יונגערהייט, אין דעם פּעריאָד ווען ער האָט נאָך געשריבן פּוילישע און העברייאישע לידער — נאָך איידער ער איז אין עלטער פון 37 יאָר אַריינגעטראָטן אין 1888 אין דער יידישער ליטעראַטור (מיט זיין פּאָעמע „מאָניש״), געווען אַ משכיל, אַן אויפקלערער, וואָס איז מוטיק אַרויסגעטראָטן קעגן צדיקיזם, קעגן רעליגיעזן פאַ־נאַטיזם. שוין יונגערהייט האָט ער זיך פאַראינטערעסירט מיטן קאַמף קעגן דער צאַרישער זעלבסט־הערשאַפט, מיט די פראַגן פון פּוילנס באַפרייאונג, מיט די פראַגן פונעם אונטערדריקטן פּאָליטישן, עקאָנאָמישן און קולטור־צושטאַנד פון די יידישע פאָלקס־מאַסן.

דער טאַטע פון אונדזער ליטעראַטור, דער שאַפער פון אַ ליטעראַטור פאַרן פאָלק, האָט זיך גענומען שטאַרק צום האַרצן די עקאָנאָמישע נויטן פונעם פאָלק. דער מחבר פון די עכט־רעאַליסטישע שאַפונגען „באַנטשע שוויַיג״, „אין קעלער־שטוב״, „שלום־בית״, „דאָס שטריימל״, „די פרומע קאַץ״, „דער משולח״, „בילדער פון דער פּוילישער פּראָווינץ״ און פיל־פיל אַנדערע, האָט זיך געזאָרגט וועגן עיקר־פראַגן: ברויט, פּרנסה, באַשעפטיקונג פאַר די זין און טעכטער פונעם פאָלק.

ער האָט זיך געפּילט היימיש און דערהויבן צווישן יידישע אַרבעטער, און באַ־זונדערס צווישן ראַדיקאַלע, קעמפערישע יידישע באַלמעלאָכעס, וועמען עס זיינען געווען אַזוי ליב און טייער זיינע ראַדיקאַלע „יום־טוב־בלעטלעך" (דערשינען פון אַפּריל, 1894, ביזן אָנהויב פון 1896).

פרצעס „בלעטלעך" האָבן געבראַכט סאָציאַליסטישע אויפקלערונג, דערמוטי־קונג, דערהויבונג צו די יידישע אַרבעטער. זיי האָבן געהאָלפן דעם אויפקום און אויפשוואונג פון דער יידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין רוסלאַנד. פרץ האָט באַזונגען דעם העלדן־מוט פון די יידישע אַרבעטער. אין זיינע פלאַמיקע פרייהייט־רופן האָט ער אָנגעוויזן אויף די אַרבעטער ווי אויף די טרעגער פון סאָציאַלן יושר, פון יידישן קולטור־אויפבוי.

פרץ, דער טרוימער פון „דער קינפטיקער פרייער מענטשהייט", דער קעמפער פאַר דער יידישער שפּראַך ווי אַ נאַציאָנאַלע יידישע שפּראַך, האָט אָנגעוויזן, אַז די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג איז דער סאַמע רוקנביין פון דער אַנטוויקלונג פון אונדזער מאַמע־לשון: „עס באַווייזט זיך דער יידישער פּראָלעטאַריאַט און שאַפט זיך זיין אינסטרומענט פאַרן קאַמף פאַר זיין לעבן, זיין אַרבעטער־קולטור אויף יידיש".

פרץ, דער אומשטערבלעכער געניאַלער דיכטער, דערציילער, דראַמאַטורג, פּובליציסט, פאָלקלאָריסט, איז געווען אַ קעמפער פאַר נאַציאָנאַלן און סאָציאַלן יושר. ער האָט גערופן „אויסלייזן די וועלט פון שרעק און פּיין, פון קאַטאַקליזמען צווישן אָרעם און רייך... אַלץ זאָל זיין פאַר אַלע". ער האָט גערופן דעם יידישן פאָלקס־מענטש און אינטעליגענט „אָנטיילנעמען אין אַלעם, וואָס מענטשלעך איז, מענטשלעך לעבן און שטאַרבן און — באַליידיקט זאָל ער זיך פילן באַליידיקט ווי אַ מענטש". זיין טרוים איז געווען: „פון דער מענטשלעכער טראַגעדיע מוז באַפרייט ווערן די וועלט".

ער האָט געזען ראַסיזם ווי אַ מיאוסע אוממאָראַלישקייט און ווי אַן אומגליק. אין זיין אייביק־פרישן ליד „ברידער" האָט ער גערופן:

ווייסע, ברוינע, שוואַרצע, געלע — אַלע מענטשן זייַנען ברידער
מישט די פאַרבן אויס צוזאַמען ; פון איין טאַטן, פון איין מאַמען !

פרץ, דער טיפער דענקער, דער וואונדערלעכער פּסיכאָלאָג און אַריינדרינ־גער אין די טיפענישן פון מענטשלעכע נשמות, דער אידייען־רייכער פּובליציסט, האָט אין זיינע עסייען, ווי אין זיינע קינסטלערישע ווערק, אונטערשטראָכן זיין גלויבן אין מענטש און אין דער מענטשהייט. ער האָט געלערנט: מענטשלעכ־קייט איז אונדזער הייליקסטער אידעאַל". יידן דאַרפן און מוזן תמיד זיין אויף דער זייט פון פּראָגרעס, פון קאַמף פאַר פרייהייט און גלייכבאַרעכטיקונג — דאָס איז דער תמצית און הויפּט־יסוד פון פרצעס לערע: „ווי אונטערדריקטע יידן, ווי אַן אונטערדריקטע מינדערהייט, מוזן מיר זיין סאָלידאַר מיט אַלע אונטערדריקטע מינדערהייטן און פעלקערשאַפטן". ווען פרץ זאָל איצט זיין צווישן די לעבעדיקע, וואָלט ער האַרציק באַגריסט די שיכטן און וואָרטזאָגער פון דער אַמעריקאַנער יידישער באַפעלקערונג, וואָס נעמען איצט אָנטייל זייט־ביי־זייט מיט די נעגערשע מאַסן אין זייער קאַמף פאַר פולע בירגערלעכע רעכט!

פרץ, דער גרויסער ייד און מענטש, דער מיטשאַפער פון אונדזער תמיד־ווירקנדיקער, טיף־קוואַליקער קלאַסישער ליטעראַטור, בלייבט סיי מיט זיין ליב־

טיקער פערזענלעכקייט, סיי מיט זיין שעפערישן געני און געניאַלער שעפעריש־קייט, אויף אייביק איינגעקריצט אין זכרון פון אונדזער פאָלק. מיר שעפּן פון אים בטחון און גייסטיקע גבורה. עס וואַרעמט אונדז זיין זאָג: „איך בין געשטאַנען, שטיי און רעכן ביזן לעצטן אָטעמצוג צו שטיין אין די רייען פון די קעמפּערס פאַרן פאָרשריטלעכן, ראַדיקאַל־פאָרשריטלעכן יידישן געדאַנק". ניט גלאַט „יידישן געדאַנק", נאָר בפירוש: „ראַדיקאַל־פאָרשריטלעכן יידישן געדאַנק".

פּרץ, דער פילזייטיקער שאַפער — דער ליכטיקער ליריקער און סאָציאַלער דיכטער און דערציילער, שאַפער פון חסידישע מעשהלעך און „פאָלקסטימלעכע געשיכטן", פעליעטאָניסט, הומאָריסט, משלים־שרייבער, מחבר פון די סימבאָלישע דראַמען „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק" און „אין פּאָליש אויף דער קייט", קינסט־לעריש־פּסיכאָלאָגישער נשמה־פאָרשער, וועקער און רופער, איז ווי מ. אָלגין האָט אים ריכטיק באַצייכנט „דער נאַציאָנאַלסטער פון אונדזערע דיכטער, אין דער זעלבער צייט דער אַלגעמיין־מענטשלעכסטער פון זיי אַלע".

דער גרויסער וואָרטמייסטער, וואָס האָט אויסגעשמידט די גאָלדענע קייט פון אונדזער פּרעכטיקער ליטעראַטור, איז מיט זיין אייגנאַרטיקן סטיל, מיט זיין אָריגינעלקייט, געווען און געבליבן אַ מחיהדיקע אַנטפּלעקונג, אַ קוואַל פון גייס־טיקן פאַרגעניגן און גענוס, פאַרן יידישן לייענער. שוין אונדזער „זיידע" מאָריס ווינטשעווסקי האָט דערציילט, ווי אַזוי ער האָט הנאה געהאַט פון „דער שיינקייט, דער קורצקייט, דער בויגזאַמקייט פון פּרצעס סטיל".

פאַר יידישע אַרבעטער אין די נייַנציקער יאָרן פון לעצטן יאָרהונדערט איז פּרץ געווען דער ערשטער קינסטלערישער, דיכטערישער רופער צו קלאַסן־קאַמף. זיינע לידער, מעשהלעך, סקיצן און דערציילונגען, משלים און אַלעגאָריעס האָבן געשילדערט זייער קלאַסן־דערוואַכונג און געהויבן זייער ווירדע, זייער חשיבות אַלס מענטשן, יידן און אַרבעטער. אין פּרצעס פּאָעטישן ווערק „די צוויי ברידער" (אַ טייל פון „ביים פרעמדן חופּה־קלייד") האָט דער יידישער אַרבעטער־לייענער דערזען, דערהערט און דערשפּירט, אַז פּרץ, איינער פון די „דיכטער, וואָס האָבן זייער דיכטונג געלעבט — ניט געשריבן", איז מיט אים, מיטן עקספּלואַטירטן און אונטערדריקטן. דאָס האָט ער, פּרץ, ווי קיינער אין דער יידישער ליטעראַטור ביז אים, ווייטאָקדיק אויסגעשריען דעם שאַרפן צער און פּיין פונעם אָרעמען און באַרויבטן ברודער־האָרעפּאַשניק: „ס'איז מיין שוויס, און מיין בלוט!"

פּרץ, וועלכער האָט טיף געגראָבן אין די אורקוואַלן פון דער פאָלקס־מעשה, פאָלקס־לעגענדע, חסידישער מעשה, דער שעפער פונעם ניי־חסידיזם, האָט גע־זוכט און אַנטפּלעקט דאָס דערהויבנדיקע, די העלדישקייט און העלדן־קראַפט אין יידישן נעכטן — די ליכטיקע גייסטיקע כוחות, וואָס קאָנען שטאַרקן און קרעפּ־טיקן דאָס פאָלק אין זיין דורותדיקן גאַנג צו דערלייזונג. ער האָט ניט אויפגע־הערט רופן צו מעשים, צו באַפרייערישער טאַט, צו שעפערישקייט. אין איינעם פון זיינע מעשהלעך („אַראָפּגעלאָזטע אויגן") רופט ער אויס: „מעשים זיינען בויטיק: דורך זיי ווערט דעם מענטשנס נשמה געפּרואווט. אָן זיי איז זי הויל ווי אָן אַ גוף". אין איינער פון זיינע טיפזיניקע עסייען דערקלערט ער: „נישט נאָר קאָנסומירן ווילן מיר, מיר ווילן אויך פּראָדוצירן! מיר ווילן קיין קולטור־פּאַראַזיטן נישט זיין. מיר ווילן נישט שטיין אונטער פרעמדע פענצטער פון פרעמדע ליכטיקע שטיבער. יעדע שטוב מוז האָבן איר לאָמפּ, איר ליכט". ער האָט אין דעם אוצר פון אונדזער

ליטעראַטור אַריינגעבראַכט עשירותן פון דער אייראָפּייאישער קולטור, פון איר עסטעטיק — און ניט אויפגעהערט צו רופן און מאָנען, אַז די יידישע אינטעלעקטועלע שאַפנדיקע כוחות זאָלן פון דער אייגענער פאָלקס־נשמה אַרויסגראָבן אַלע די אוצרות „מיט וואָס מיר קאָנען און װעלן נאָך באַרייכערן די מענטשהייט". ער האָט (אין אַ בריוו צו שלום־עליכמען) געקופן „פאַרברייטערן און פאַרמערן" די אוצרות פון אונדזער לשון; גערופן אויפצודעקן דורכן ליד — „נייע הימלען", „צו שאַפן פארן פאָלק נייע באַגריפן, אַריינצודרינגען צו אים מיט נייע געדאַנקען".

פּרץ, דער מיטאַרבעטער פונעם זאַמלער פון יידישע שפּריכווערטער, איגנאַץ בערנשטיין; דער אַרויסגעבער פון די עפּאָכע־שאַפנדיקע בענדער פון דער „יידישע ביבליאָטעק" (זאַמלביכער פאַר ליטעראַטור און געזעלשאַפטלעכע פראַגן), דער רעדנער אויף אַרבעטער־פאַרזאַמלונגען, דער גרינדער פון יידישע אַרבעטער־קורסן און מיטאַרבעטער פון יידישע סאָציאַליסטישע צייטונגען, האָט ווי וויקטאָר הוגאָ, ווי גאָרקי, ווי מענדעלע (אין „פישקע דער קרומער") געוויזן די שיינקייטן אין די נשמות פון די אָרעמע און באַליידיקטע, אַרויסגעוויזן טיפע צערטלעכקייט צו דער פרוי, צום קינד. זוכנדיק אין דער געשיכטע און לעגענדע פונעם פאָלק פרישע קוואַלן פון גלויבן און באַגייסטערונג, איז ער אַליין געוואָרן און געבליבן אַן אומאויסשעפּלעכער קוואַל פון דערמוטיקונג, אינספּיראַציע פאַר די דורות נאָך אים און פאַר די קומענדיקע דורות.

פּרץ, דער מחבר פון אַרטיקלען (אין דר. לוריעס יידישער פאַמיליען־ביבליאָטעק) וועגן דעם יידישן פאָלקס־ליד, דער פּרעזידענט פון אַ יידישער עטנאָגראַפּישער געזעלשאַפט, דער שטענדיקער לערנער פון פאָלק, האָט אין זיין אַרטיקל, „בילדונג" קלאָר געמאַכט, אַז — „מיר מיינען די בילדונג, וואָס מאַכט פאַבריקן, באַנען, שאָסייען; בילדונג, וואָס לערנט אַרבעטן — זיך און דער וועלט צום נוצן, אויך די בילדונג, וואָס מאַכט דעם מענטש ערלעך און גוט".

ער, דער אומדערמידלעכער, דער אומאויסשעפּלעכער, דער אייביק־שפּרודלדיקער קוואַל פון שעפערישער ענערגיע, דער גרויסער בעל־פאַנטאַזיע, האָט מיט זיין לעבן און שאַפן געדינט ווי אַ מוסטער פון שטענדיקער אַקטיווקייט. ער האָט גערופן דאָס פאָלק צו פיזישער און גייסטיקער פּראָדוקטיווקייט און שעפערישקייט. ער, דער טרוימער פון „מענטשן מיט פליגל", פון געזונטע, גאַנצע, פעסטע יידן־מענטשן, פון מענטשן מיט נשמה־האַרמאָניע, פון העלדן פון גייסט, האָט געוואָרנט קעגן דער פּוסטער גאווה און טיפשות פון „אתה בחרתנו'איזם". אין זיין פאָרוואָרט צום זאַמלבוך „ליטעראַטור און לעבן" (יאָר 1894) האָט ער אויסגערופן:

„מיר ווילן די אַלגעמיין־מענטשלעכע פאָן נישט אַרויסלאָזן פון דער האַנט און מיר ווילן נישט זייען קיין שאָוויניסטיש ווילדקרויט, קיין פאַנאַטישע דערנער און נישט דעם פערז פון בטלנישער פילאָסאָפיע. דעם אומקרויט ווילן מיר אַרויסרייסן מיטן וואָרצל, אויסהאַקן די דערנער, דעם פערז פאַרברענען און זייען ריינע, מענטשלעכע אידייען, ריין מענטשלעך געפיל און וויסן".

אונדז איז ליב און טייער, נאָענט און אייגן אָט־דער הערלעכער טרעגער פון דער „אַלגעמיין־מענטשלעכער פאָן", דער „זייער פון ריינע, מענטשלעכע אידייען" — דער אומשטערבלעכער, אייביק־שטראַלנדיקער, אייביק כוח־און מוט־געבנדיקער יצחק־לייבוש פּרץ.

(זונטאָג, אַפּריל 25, 1965)

## ג. דער פּרץ־איינפלוס אין אַמעריקע

ווי אַזוי איז י. ל. פּרץ ביי זיין לעבן אויפגענומען געוואָרן אין אַמעריקע? וואָס איז דאָ געווען די באַציאונג צו אים נאָך זיין טויט? וואָס איז געווען זיין השפּעה אויף דער אַמעריקאַנער יידישער ליטעראַטור?

אין אַן אָפּהאַנדלונג „פּרץ אין אַמעריקע" (אין זיין בוך „ליטעראַרישע וועגן", מעקסיקאָ, 1965) האָט דער ליטעראַטור־פאָרשער נ. ב. מינקאָוו געשריבן:

„גרויס איז געווען די באַוואונדערונג און באַגייסטערונג, וואָס פּרץ האָט אַרויס־גערופן אין אַמעריקע בשעת זיין לעבן. ער האָט אָבער ניט געהאַט קיין שום השפּעה אויף דער אַנטוויקלונג פון דער אַמעריקאַנער יידישער ליטעראַטור. זיין השפּעה האָט זיך ערשט אָנגעהויבן פילן האַרט פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, ד. ה., כמעט ביים סוף פון זיין לעבן".

עפּעס לייגט זיך עס ניט אויפן שכל, אַז בעת שרייבער (און מאַסן לייענער געוויס!) האָבן באַוואונדערט פּרצעס שאַפן, זאָלן זיינע וואונדערלעכע אידייען־רייכע ווערק ניט האָבן קיין איינפלוס אויפן גאַנג פון דער היגער יידישער לי־טעראַטור...

השפּעה, איינפלוס מיינט בשום אופן ניט גיין טראָט־נאָך־טראָט אין אַ שריי־בערס דרכים, אימיטירן אים. עס קאָן קיין צווייפל ניט זיין, אַז פּרץ האָט מיטן בליציקן, אָריגינעלן אינהאַלט און פרישער פאָרם פון זיין פילזייטיקן שאַפן (פּאָ־עזיע, דערציילונגען און מעשהלעך, משלים, דראַמען, עסייען, פעליעטאָנען) באַ־ווירקט די היגע יידישע ליטעראַטור, אַריינגעדרונגען אין איר תוך, אין אירע אידייען.

קלאָר איז, אַז די היגע יידישע ראַדיקאַלע אַרבעטער־אינטעליגענץ האָט אָנגע־קוואָלן פון פּרצעס אַרבעטער־פרילינג־לידער און פון זיינע רעאַליסטישע דערציי־לונגען, פון וועלכע עס האָבן אַרויסגעלויכטן פּראָגרעסיווע, סאָציאַליסטישע אידייען, איינגעפּאַסט אין דורכאויס נייע, פרישע, ראַמען, אין זעלטן־שיינע פאָרמען. זאָגט דאָך מינקאָוו אַליין עדות, אַז „זיינע [פּרצעס] ווערק האָבן אַרויסגערופן יראת הכבוד אין די הערצער פון די היגע יידישע שרייבער".

פּרצעס שאַפונגען האָבן זיך צוערשט באַוויזן אין דער ניו־יאָרקער סאָציאַליס־טישער „אַרבייטער־צייטונג" אונטערן פען־נאָמען „פּלא" (פּלא"י) אין 1893 (אונטער דער רעדאַקציע פון אַב. קאַהאַן), און ערשט אין 1901 אונטער זיין אמתן נאָמען: י. ל. פּרץ. „פּלא"יס" „מעשהלעך" האָבן זיך אויך געדרוקט אין דער „צוקונפט" (אונטער דער רעדאַקציע פון מאָריס ווינטשעווסקי).

מינקאָוו דערמאָנט אין זיין אַרטיקל די פאָלגנדיקע שוין דאַן באַוואוסטע שריי־בער, וואָס האָבן אַרויסגעוויזן באַגייסטערונג פאַר פּרצעס ווערק: אַב. קאַהאַן, יעקב מילך (וועלכער האָט אָנגעוויזן קאַהאַנען אויף פּרצעס שאַפונגען), מאָריס ווינטשעוו־סקי, דער קריטיקער מ. לעאָנטיעוו, משה קאַטץ, ה. אַלעקסאַנדראָוו, יואל ענטין.

קאַהאַן האָט באַצייכנט פּרצעס „מעשהלעך" אַלס „אמתע פּערלען, וועלכע וואָלטן שיינען אין דער ליטעראַרישער קרוין פון יעדער שפּראַך". ווינטשעווסקי האָט שטאָלצירט מיט פּרצעס „מעשהלעך" און דערקלערט די לייענער: „ ,פּלא'יס' ,מעשהלעך' געהערן צו דער ,צוקונפט'... דער עולם זאָל ניט מיינען, אַז די ,צו־

קונפּט׳ דרוקט די מעשהלעך איבער אַנדערע בלעטער״. לעאָנטיעוו האָט זיך אויסגעדריקט: „עס איז נאָר דאָ איין פּרץ ביי יידן״. דער ליטעראַטור־פֿאָרשער משה קאַטץ האָט וועגן פּרצעס „פֿאָלקסטימלעכע געשיכטן״ געשריבן (אין זאַמלבוך „ליטעראַטור״), אַז „אַ ספּעציפֿיש־יידישער נשמה־חן שטראַלט פֿון זיי, וואָס עס איז די באַזונדער געטלעכע מתנה פֿון פּרצעס שאַפֿן״. אַלעקסאַנדראָוו האָט זיך (אין אַ בריוו צו דינעזאָנען) אויסגעדריקט: „...י. ל. פּרץ, אונדזער קרוין, אונדזער שטאָלץ״. יואל ענטין האָט שטאַרק געלויבט דעם וואַרעמען און ראָמאַנטישן „הויך, וואָס שוועבט איבער פּרצעס ,מאָניש׳ ״. ענטין האָט מיט התלהבות געשריבן: „פֿאָלקסטימלעך איז דער טאָן אין זיין [פּרצעס] ,בשעת מגפֿה׳ און אין ,וואָס איז נשמה?׳. און געהיימנישפֿול און פֿאַנטאַסטיש זיינען די קלאַנגען אין זיינע חסידישע און קאַבאַליסטישע דערציילונגען און מעשהלעך״.

מינקאָוו האָט זיך געשטיצט אויף דער באַהויפּטונג פֿון מ. ווינטשעווסקי (אין 1915, נאָך פּרצעס טויט), אַז „ביי קיינעם פֿון זיי [די בעלעטריסטן] האָט זיך ניט געמערקט פּרצעס איינפֿלוס״; אַז מען האָט דאָ יאָ געפֿילט — „אַ מין בושה פֿאַר אַ גרויסער פּערזענלעכקייט אין דער ליטעראַרישער ספֿערע״. ווינטשעווסקי האָט אינזינען געהאַט די בעלעטריסטן — ניט די דיכטער. אין יענער צייט, אין די ניינציקער יאָרן פֿון לעצטן יאָרהונדערט און אין די ערשטע יאָרן פֿונעם 20טן יאָרהונדערט, האָבן דעם הויפּט־טאָן אין דער היגער יידישער פּרעסע און ליטעראַטור געגעבן די סאָציאַליסטן און רעאַליסטן. עס קאָן זיין, אַז דער ראָמאַנטיזם, סימבאָליק, אַלעגאָריע, דער סטיל פֿון אָנדייטונגען און רמזים, די כלומרשטע ,אומקלאָרקייט״ אין אייניקע פֿון פּרצעס ווערק האָט אין אַ געוויסן זין „אָפּגעשראָקן״ יענע ראַדיקאַלע שרייבער, וועלכע האָבן געפֿאָדערט עכטן, דורכאויסיקן, ערדישן, וואָכיקן רעאַליזם און פֿולשטענדיקע קלאָרקייט אין דער ליטעראַטור. דעריבער האָבן זיי, ווי מינקאָוו שרייבט, זיך ניט געקאָנט גענוג אָנזעטיקן מיט די שיינקייטן אין פּרצעס מעשיות...אָבער גיין אין פּרצעס טריט האָבן זיי ניט געקאָנט״.

אָבער ניט גיין „אין פּרצעס טריט״ מיינט נאָך ניט פֿאַרמאַכן טיר־און־טויער פֿאַר דער קרעפֿטיקער השפּעה פֿון זיין שאַפֿן.

ווינטשעווסקיס ליד „זיי לעבן נאָך״ („אַרבייטער־צייטונג״, יאַנואַר 6, 1895), אַן ענטפֿער אויף פּרצעס ליד „אויסגעשטאָרבן״ („אַרבייטער־צייטונג״, דעצעמבער 28, 1894), איז ניט געווען, חלילה, קיין „קריג־דערקלערונג״, נאָר פֿאַרקערט, אַן אויסדרוק פֿון אָנערקענונג פֿאַר אַ גרויסן שריפֿטשטעלער, וואָס מאַכט (לויט ווינטשעווסקיס מיינונג) אַ טעות. פּרץ האָט הומאָריסטיש געשריבן, אַז „אויסגעשטאָרבן״ זיינען אַלע וואָרע העלדן און ער זוכט דעריבער אַ העלד; און „דער זיידע״ ווינטשעווסקי ווייזט אים אָן, אַז — „זיי לעבן נאָך״, פֿאַראַן נאָך גענוג אמתע העלדן צווישן די זין און טעכטער פֿון פּשוטן אַרבעטס־פֿאָלק.

אידייאיש־פֿיינטלעך, קריגעריש, כמעט פּאָליטיש־קריגעריש איז געווען די באַציאונג פֿון אייניקע פֿון דער שפּעטערדיקער בירגערלעכער ליטעראַרישע גרופּע „יונגע״, וועלכע איז אַנטשטאַנען אַרום 1910־1912 און איז געגאַנגען אונטערן לאָזונג „קונסט לשם קונסט״. אייניקע פֿון זיי זיינען חוצפּהדיק אַרויסגעקומען קעגן די קלאַסיקער, קעגן די סאָציאַלע איינשטעלונגען פֿון מענדעלע, שלום־עליכם און פּרץ, קעגן דעם רעאַליזם פֿון די דריי גרויסע קלאַסיקער. זיי האָבן געפֿאָדערט — הוילע עסטעטיק. איינער פֿון זיי, דער דיכטער זישא לאַנדוי איז (אין „ליטעראַטור

און לעבן״, נאָוועמבער 1915) שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן פּרצן, „דעם פאַרשטאָר־בענעם וואַרשעווער ליטעראַט״.

די „יונגע״ האָבן דאָן בכלל געפּרואווט איינרעדן זיך און אַנדערע, אַז די מאָדערנע יידישע ליטעראַטור הויבט זיך אָן פון זיי, אַז „תורה נתנה לנו מ— יונגע״. זיי זיינען געקומען מיט רעוואָלט קעגן דער סאָציאַלער, רעאַליסטישער, ראַדיקאַלער ליטעראַטור. זיי האָבן געפּאָדערט ראָמאַנטיק און יחידישע מאָטיוון. ניט־ווילנדיק און אפשר ניט־וויסנדיק זיינען אייניקע פון זיי אַרונטערגעפאַלן אונטער דער השפעה פון די ראָמאַנטיק־און סימבאָליק־עלעמענטן (ניט גרונט־עלעמענטן!) אין פּרצעס שאַפן. ריכטיק ווייזט־אָן מינקאָוו אויף אַ געוויסער ענלעכקייט אין אייניקע לידער פון י. ל. פּרץ און טאַקע דעם אויבן־דערמאָנטן זישא לאַנדוי.

פון די טיפע, לויטערע שיינקייטן פון פּרצעס ליכטיקער דיכטונג האָבן געשעפּט אויך די „יונגע״ פאַר זייער עסטעטיק. פאַרשטייט זיך, ניט פון זיינע סאָציאַלע מאָטיוון, ניט פון זיינע מאָטיוון פון בויט און פּראַצע, פון זיין פּראָטעסט, און ניט פון זיין שאַרפער פּאָליטישער סאַטירע, נאָר פון זיין ראָמאַנטיק, פון זיינע מאָטיוון פון אומעט און בענקשאַפט. זיי האָבן „רעוואָלטירט״ קעגן פּרצן — און געלערנט פון אים ווי אַזוי ווייטער צו באַרייכערן די יידישע פּאָעזיע מיט נייע פרישע טענער, מיט זוכונגען פון נייע קונסט־מיטלען. ווי זאָגט מינקאָוו: „מיר ווייסן, אַז פּרצעס ווערק האָבן געאָטעמט מיט ראָמאַנטיזם, סימבאָלישקייט, סוגעסטיע, שטימונג. דאָס אַלץ האָט געפונען אַן אָפּקלאַנג אין די ,יונגע׳. זיי האָבן דאָס ניט געוואָלט צוגעבן. זיי האָבן דאַך געוואָלט ,קעמפן׳, ווי יתומים, אָן אַ ליטעראַרישער טראַדיציע. זיי האָבן אָבער געמוזט סוף־כל־סוף איינזען, אַז פּרץ איז פאַר זיי געווען מער ווי אַן אָביעקט פון באַוואונדערונג״.

זיי האָבן זיך ווי געראַנגלט קעגן דער פאָלקישער, געזונטער השפעה פון פּרצעס פאָלקסטימלעכקייט, פון זיין סאָציאַלן, פּראָגרעסיוון צוגאַנג צו לעבן, פאָלק, ליטעראַטור. זייער וואָרטזאָגער, ראובן אייזלאַנד, האָט (אין דעם פּרץ־נומער „ליטעראַטור און לעבן״, מאַי, 1915) דערקלערט, אַז פּרץ איז פאַר זיי געווען — „אַ שיינע לעגענדע, אַ הערלעכע לעגענדע, אָבער דאָך ניט מער ווי אַ לעגענדע׳... מיר האָבן פון אים דירעקט גאָרניט געלערנט״. ניט ריכטיק! פיל עלעמענטן אין פּרצעס שאַפן האָבן געהאַט אַ באַדייטנדיקע ווירקונג אויף דער שפּעטערדיקער ליטעראַרישער אַנטוויקלונג פון אַ היפּשער צאָל טאַקע פון די „יונגע״, ווען זייערע פערזענלעכקייטן אַלס דיכטער, דערציילער און דראַמאַטורגן זיינען מיט דער צייט רייף געוואָרן. וואָס ווייטער אַלץ מער איז דער נאָמען פּרץ געוואָרן אַ פּאַן, וואָס רופט און וועקט און מונטערט און באַגייסטערט, פאַר דער היגער יידישער וועלטלעכער קולטור, ווי פאַר דער יידישער קולטור אין אַלע יידישע ישובים. מיטן אויפקום פון די יידישע קולטור־אינסטיטוציעס אין אַמעריקע — קינדער־שולן, טעאַטער, כאָרן, העכערע לערן־אַנשטאַלטן — איז דער פּרץ־גייסט, די פּרץ־השפעה אַלץ מער געשטיגן.

ס׳איז קלאָר: פּרצעס מעכטיקע השפעה אויף דורות יידישע שרייבער האָט פשוט ניט געקאָנט אָפּוועזנד זיין אויפן היגן אַמעריקאַנער באָדן אפילו צום סוף פונעם לעצטן און אָנהויב פונעם איצטיקן יאָרהונדערט. פּרצעס צויבער־שאַפונ־

גען זיינען דאָך פאַר דער היגער יידישער אַרבעטער־פּרעסע געווען אַ דערקוויקונג, אַ „נס״, אַ יום־טוב.

און נאָך אַ פאַקטאָר, וועלכן מען דאַרף אינזינען האָבן: פּיל גרויסע, וויכ־טיקע, שעפערישע, אַקטיווע יידישע שריפטשטעלער, וואָס זיינען געשטאַנען אונטער פּרצס סטימולירנדיקער השפעה „אין דער אַלטער היים״, אָדער וועמען ער האָט דאָרט געהאָלפן אַריינפירן אין דער ליטעראַטור, זיינען דאָך אין די לעצטע יאָרן פון 19טן און אין די ערשטע יאָרן פונעם 20טן יאָרהונדערט געקומען קיין אַמע־ריקע, און האָבן אַהער מיטגעבראַכט מיט זיך דאָס פּרץ־ליכט, די קרעפטיקע פּרצישע איינפלוסן, זיין פירנדיקע ווירקונג אַלס לערער, דערציער, וועגווייזער. זיי האָבן דאָ אויפגעהאַלטן די פּרץ־טראַדיציע און טיפער אין פאָלק און צווישן שרייבער געטראָגן די תורה פון דעם פאָטער פון דער יידישער ליטעראַטור און פאָטער פון אַ יידישער ליטעראַרישער משפחה. זיי זיינען געווען די טרעגער פון דער פּרץ־פאָן, די פאַרשפּרייטער און ממשיכים פון זיין לערע.

אין דעם קאַפּיטל „פּרצעס השפעה אויף די עלטערע און יינגערע שרייבער״ (אין זיין בוך „יצחק־לייבוש פּרץ און זיין דור שרייבער״, ניו־יאָרק, 1951) האָט נחמן מייזיל אויסגערעכנט גאָר אַ גרויסע צאָל יידישע שרייבער, פאַר וועמען פּרץ איז געווען אַ קוואַל פון דערמוטיקונג, אַ ווירקנדיקער קולטור־כוח. מייזיל ברענגט זייערע רירנדיקע אויסדרוקן פון טיפן דאַנק און לויב צום גרויסן, געדולדיקן, ברייטהאַרציקן מייסטער, וואָס האָט זיי געלערנט שטעלן זייערע ערשטע ליטעראַ־רישע טריט, זיי געגעבן מוט, אָנערקענונג, געווידמעט זיי אַ סך צייט, ענערגיע, פירערשאַפט.

פון זיי וועלן מיר דאָ אויסרעכענען בלויז די שריפטשטעלער, וואָס האָבן ווי תלמידים געלערנט ביי פּרצן אין צאַרישן רוסלאַנד, און וואָס האָבן זיך שפּעטער באַזעצט אין אַמעריקע, וואו זייער טאַלאַנט, אַ געוואַרעמטער דורך די פּרץ־זונ־שטראַלן, איז דאָ פולשטענדיק רייף געוואָרן. צווישן זיי זיינען געווען:

דוד פּינסקי, ב. גאָרין (י. גוידא), יהואַש, אברהם רייזען, לאַמעד שאַפּיראָ, שלום אַש, דער סאָציאַליסטישער טוער אין פּוילן — מ. מיכעלזאָן, פּרץ הירשביין, יונה ראָזענפעלד, מנחם באָריישאָ, יוסף אָפּאַטאָשו, צבי הירשקאַן, נחמן מייזיל, ב. עפּעלבוים, א. אַנד. דאָס צעטל פון די יינגערע איז גוואַלדיק גרויס.

שלום אַש האָט זיך אויסגעדריקט, דערציילנדיק וועגן פּרצעס השפּעה אויף אים: „...דער איינציקער באַשיצער איז געווען פּרץ. ער האָט זיך געמיט, מען זאָל אונדזערע זאַכן אָפּדרוקן, און אָפטמאָל נישט געוואָלט געבן זיינע דערציי־לונגען, כדי עס זאָל מער פּלאַץ זיין פאַר די יונגע״. רייזען האָט זיך אויסגעדריקט: „...ער [פּרץ] איז געווען דער איינציקער מאַן אין דער יידישער ליטעראַטור, וואָס האָט אַליין געשאַפן און געקאָנט מאַכן אַנדערע [צו] שאַפן. ער האָט געקאָנט זיין אַ לערער, אַ שאַפער און אַ מחבר״. הירשביין האָט פעסטגעשטעלט: „דעם יונגן טאַלאַנט האָט ער [פּרץ] געוואָלט צו זיך דערהויבן״. אָפּאַטאָשו האָט (אין פּרץ־זאַמלבוך, ניו יאָרק, 1915) געשילדערט זיין ערשטע באַגעגעניש מיט פּרצן אין 1906, און אין זיין בוך „יידיש און יידישקייט״ (טאָראָנטאָ, 1949) האָט ער געשריבן: „מיר לעבן אין פּרצן, און ער — אין אונדז. דורך אונדז באַווייזט זיך פּרץ אין זיין אמתן ליכט, אין דעם ליכט פון יעדן דור באַזונדער״.

פּרצעס גרויסע גייסטיקע ירושה איז העל באַלויכטן געוואָרן דורך ווערק פון

מ. אָלגין, דר. ח. זשיטלאָווסקי, שכנא עפשטיין, נחמן מייזיל, משה כץ, קלמן מרמר, פיל סאָוועטיש־יידישע ליטעראַטור־קריטיקער, און אַנדערע.

גאַנצע דורות שרייבער — אין אַלע יידישע ישובים — זיינען דורכגעגאַנגען די פּרץ־שול, לערנען און שעפּן פון די לעבעדיקע קוואַלן פונעם גרויסן קלאַסיקער, דעם יורש און פאַרזעצער פון דער קולטור־ירושה פון דורות.

(זונטאָג, מאַי 2, 1965)

## ד. פּרצעס פאָדערונגען צום שרייבער

י. ל. פּרץ פלעגט שטעלן שטרענגע, האַרבע פאָדערונגען צו זיך גופא, צו די יידישע שרייבער, צו דער ליטעראַטור. ער האָט געטענהט, אַז אַ ליטעראַטור דאַרף וואַקסן און שטייגן צו אַלץ העכערע דערגרייכונגען, אַז זי טאָר ניט בלייבן שטיין אויף אַן אָרט, אַז זי דאַרף זיך אַליין באַנייען מיט פרישע קינסטלערישע ווערטן און אויפטועך. ער, דער פּיאָנער, דער שאַפער פון נייע עלעמענטן און מאָטיוון, פון נייע פאָרמען און פון גאָר אַ נייעם אינהאַלט, דער איינראַפּייאישסטער פון די יידישע שרייבער פון זיין צייט, האָט געמאָנט, געפאָדערט פון די יידישע שריפט־שטעלער צו שטרעבן צו אַלץ העכערע קינסטלערישע צילן.

ער האָט געלערנט די שרייבער פון זיין דור ניט צו גיין אויפן וועג פון מינדסטן ווידערשטאַנד, נאָר, פאַרקערט, אויסקלייבן דעם וועג פון שווערקייטן, פון מי און פּראַצע, פון ערנסטער, אחריותפולער אַרבעט אויף זיך אין דעם וויכטיקן געביט פון ליטעראַטור אין פאַרבינדונג מיט פאָלק און לעבן.

אין זיין זאַמלונג עסייען „ליטעראַטור און לעבן" שילדערט ער צוויי וועגן. דעם „שפּאַציר־גאַנג" פונעם עסטעט, וואָס האָט הנאה פון די אַרומיקע נאַטור־בילדער, און דעם „טוריסטן־וועג" פונעם עכטן, ערנסטן דיכטער. אָט־דער וועג, דער שווערער וועג, „שלענגלט זיך צווישן פעלזן און אָפּגרונטן, און אויף דער הויך, וואו עס שפּילט זיך די הויכע, מענטשלעכע טראַגעדיע, וואו צווישן שרעק, געפאַר און שגעון עס ווערן געוואויגן די גרעסטע מענטשלעכע פּראָבלעמען: וואָס איז לעבן? וואָס איז טויט? ווער בין איך און וואוהין פירט מיין וועג?". ער אַליין, דער גרויסער מייסטער, וועלכער איז געגאַנגען מיטן פאָלק, דער דיכטער פון סאָציאַלע מאָטיוון, האָט אויסגעקליבן דעם שווערן וועג „צווישן פעלזן און אָפּגרונטן".

ער, דער מיטקעמפער פונעם פאַרגעשריטענעם טייל פון פאָלק און דער אמתער אָפּשאַצער פון שיינקייט, האָט געלערנט די שרייבער און בכלל די אינטעליגענץ פון זיין דור, צו באַציען זיך מיט טיפן ערנסט צום לעבן, צו ליטעראַטור און צו פּראָבלעמען פון ליטעראַטור. אין זיינעם אַ בריוו צו יהואַשן האָט ער געוואָרנט: מיר טאָרן ניט ליצנות טרייבן... עס מוז געבויט און געפלאַנצט ווערן; מוז מען זיך אַמאָל פאַרקרימען, איז צווישן פיר ווענט, פאַרן שפּיגל, ניט פאַרן פּובליקום: לאָמיר נביאים און פירער ווערן, ניט מאַרשעליקעס..."

אייניקע בורזשואַזע שרייבער און ליטעראַטור־קריטיקער האָבן געזוכט צו שאַפן אַן איינדרוק ביים עולם, אַז פּרץ איז געשטאַנען אויסערן לעבן און אַז אין דעם, הייסט עס, איז באַשטאַנען דער כוח פון זיין קינסטלערישן שאַפן. ווי פאַלש דאָס איז! פּרץ איז (אין משך פון פיל יאָרן) געווען דירעקט פאַרבונדן מיטן לעבן,

מיט דערווירקלעכקייט פון זיין צייט, מיטן פאָלק, און האָט פונעם פאָלק, דער עיקר טאַקע פונעם אַרבעטער־קלאַס (אין בעסטן, סאָציאַליסטישן פעריאָד פון זיין שאַפן) געשעפּט זיין ליכטיקן גלויבן און געזונטן אָפּטימיזם, און דווקא אין דעם האָט גע־שטעקט דער הויפּט־כוח פון זיין קונסט און פון זיין איינפלוס.

זיין אויפפאַסונג פונ קונסט אַלס וואָפן אין קאַמף האָט ער פיל מאָל קלאָר געמאַכט סיי דורך און אין זיינע שאַפונגען, סיי אין זיינע אַרויסזאָגונגען וועגן ליטעראַטור און שרייבער. ער האָט דערקלערט: „...קונסט איז נישט שפּיל, קיין מיטל אָפּצוטויטן די צייט אָדער די מעגלעכקייט זיך אויסצולעבן [מערסטנטייל: זיך אויסצוזינדיקן] אויסער די גרענעצן פון לעבן, אָדער אין דער זייט פון לעבן".

סאַראַ גלענצנדער, טרעפלעכער ענטפער אויך צו די „קונסט לשם קונסט"־ניקעס פון אונדזער צייט, וואָס ווילן איינריידן דעם לייענער, אַז קונסט איז אַ שפּיל, אַ פאַרווײַלונג, אַ „זאַבאַווע"!

פּרץ האָט געשטעלט פּראָבלעמען אין זיינע ווערק, און ער האָט דאָס אויך גע־פאָדערט פון אַנדערע שרייבער. ער האָט גערופן זיך אַליין און די שרייבער פון זיין צייט אָפּצושפּיגלען קינסטלעריש די ווירקלעכקייט, די היינטצייטיקייט, די נויטן פון פאָלק, זיינע ליידן און האָפענונגען, די אַנגסטן און פּיין פון די אונטערדריקטע און באַליידיקטע האָרעפּאַשניקעס און אָרעמע פאָלקס־מאַסן. מיט גרויס ווייטאָק האָט ער אויסגעשריען:

ס'האָט אויפגעלעבט די יידישע גאַס, פאָנען אויפגעהויבן, בלוט האָט גע־פלאָסן, תפיסות זיינען פול געוואָרן און גרויסע חלומות זיינען געוועזן... האָבן זיי זיך אָפּגעשפּיגלט אין דער יידישער ליטעראַטור? האָט דער קינסטלער זיי דערפילט און זיך אַלס קינסטלערישע פּראָבלעמען געשטעלט?"

צי קלינגען דען ניט אַט־די טענות, ווי זיי זאָלן זיין געווענדט צו פיל יידישע שרייבער פון אונדזער צייט?!

שוין אין די אַכציקער און אָנהויב ניינציקער יאָרן פון לעצטן יאָרהונדערט, אין אַ צייט פון קינות־זאָגן, ווען לידער פון יידישע דיכטער זיינען געווען דורכגע־ווייקט מיט טרערן פון מאַכטלאָזיקייט און האָפענונגלאָזיקייט (ש. פרוג, און אַנ־דערע), איז אונדזער גרויסער קלאַסיקער געקומען מיט זיין פעסטן, נביאישן, מור־טיקן וואָרט, מיט זיין אָריגינעלן פּרץ־ניגון, מיט ליד פון פּראָטעסט און בונט, מיט רוף צו קאַמף, צו ווידערשטאַנד (סיי אין זיינע יחזקאל־איבערדיכטונגען, סיי אין זיינע אָריגינעלע לידער). ער איז שוין אין יענע יאָרן געקומען מיטן מעכטיקן וואָרט פון פּראָטעסט ניט בלויז קעגן גייסט פון מיטלאַלטער, קעגן געטאָאיזם, קעגן די אונטערדריקער און פאַרשקלאַפער, קעגן רעאַקציע און עקספּלואַטאַציע, נאָר אויך קעגן פּאַסיוויטעט, קעגן אַסימילאַציע, קעגן פּוילישן אַנטיסעמיטיזם, קעגן „שאָוויניסטישן ווילדקרויט". ער האָט אויסגערופן (אין זיין פּאָעמע „ער און זי", אין 1891):

פּראָטעסט קעגן שאַף, קעגן לעמער פּראָטעסט,
וואָס זאָגן נאָר ווידוי, וואָס קניען...
פּראָטעסט קעגן בוסן און שטאַרבן פאַר שרעק,
פּראָטעסט קעגן שלעפער, וואָס רוען.

סאַראַ בליציקע ווערטער צוגעפּאַסט אויך צום היינט, ווען איניקע נעכטיקע

„גאַנצע העלדן" ווערן פּחדנים, קרבנות פון דער מלחמה־היסטעריע, לעמער „וואָס קניען"...

פּראָטעסט אויך דער ערד! וואָס זאַפּט זי דאָס בלוט?
און ער דאָרט — וואָס מאַכט ער אַ שווייג?
דער פויגל פאַרשאָלטן — וואָס זינגט ער זיין ליד,
זיין ליבע־ליד אויף דער צווייג?!...

צי דערהערן מיר דען ניט אונדזער אייגענעם היינטיקן פּראָטעסט־אויסגעשריי קעגן די סוחרים פון טויט, וואָס האָבן איינגעזאַפּט די ערד מיטן בלוט פון מי־ליאָנען הרוגים פון צוויי וועלט־מלחמות, מיטן בלוט פון אונדזערע זעקס מיליאָן ברידער און שוועסטער, קרבנות פון היטלעריזם, און וואָס גרייטן איצט צו אַ נייע וועלט־מלחמה?! און צי דערהערן מיר ניט אונדזער צער־אויסרוף קעגן דעם פויגל־פאַרשאָלטענעם", דעם נעראָ־„פּאָעט", וואָס פלעכט זיינע געמיטלעכע גראַמען, ווען אַ וועלט ציטערט פאַר דער געפאַר פון אַ נייער שריפה?!

זיין אויסרוף פון צער און צאָרן, פּראָטעסט און ווייטאָק, האָט דער גרויסער דיכטער פּרץ באַגלייט מיטן רוף צו קאַמף פאַר פרייהייט. ער האָט געטרוימט און דערמוטיקט: „און דו וועסט אַ העלד אויסוואַקסן, דו וועסט קריגן כוח"... אין זיינעם אַ בריוו האָט ער אויסגערופן:

„קראַפט! קראַפט! קראַפט!... האָט ליב אָדער פיינט, נאָר קווענקלט נישט. און זייט שטאַרק, זיכער, פעסט, שטאָלץ!"...

ריכטיק האָט באַמערקט דער יידישער סאָוועטישער ליטעראַטור־פאָרשער ב. אויסלענדער:

„דער ערשטער, וואָס האָט געבראַכט אין דער יידישער דיכטונג דעם רוף צו ווידערשטאַנד, איז געווען דער יונגער יצחק לייבוש פּרץ" (אין אַן אַרטיקל „דער יונגער י. ל. פּרץ").

פּרץ, די דינאַמישע, שאַפערישע, צענטראַלע פּערזענלעכקייט אין דער גע־שיכטע פון אונדזער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור און די אַקטיווע קולטור־פּערזענלעכקייט אין יידישן לעבן, האָט זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט מיט זיין גרויסן ענטוזיאַזם, עקסטאַז און ליידנשאַפט פאַר ליטעראַטור (עכטער, אַלמענטשלעכער, פירנדיקער, וועגווייזערישער, פּראָגרעסיווער ליטעראַטור) און מיט זיין גלויבן אין דעם כוח פון ליטעראַטור צו העלפן אויף אַ קאָנסטרוקטיווען אופן צו באַווירקן, באַרייכערן און פאַרשענערן דאָס לעבן.

דורך זיינע אייגענע גרויסע קינסטלערישע דערגרייכונגען און דורך זיין לערע האָט ער געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון דורות שרייבער צו דער בויטיקייט פון אַנטוויקלען קינסטלערישע מיטלען, קינסטלערישע טעכניק, ליטעראַרישע מייסטער־שאַפט. ער האָט געלערנט דעם סוד פון פאַרב און בילד, פון פאָרם און צופּאַסונג צום אינהאַלט. ער, דער וואונדערלעכער גאָלדשמיד פון וואָרט, האָט געלערנט דעם סוד פון צמצום, פון קאָנצענטרירטקייט, קאָנדענסירטקייט, שפּאָרזאַמקייט פון וואָרט — פון דעם בליציקן, פלאַמיקן וואָרט, וואָס זאָל זיין אָנגעזאַפּט מיט בילד, מיט אי־דייע, מיט פאַרב און מוזיק, מיט וויזיע און געדאַנק, און — מיט קאַמף־גייסט.

ער, דער נאָוואַטאָר, דער מחדש און באַנייער פון פאָרמען, האָט (אין אַ בריוו צו שלום־עליכמען אין 1888) דערקלערט: „אַז מיר ווילן אַריינברענגען נייע גע־

דאַנקען, מוזן מיר אויך געבן נייע פאָרמען, נייע אויסדרוקן, ווייל דער אַלטער לבוש פּאַסט זיך נישט צו צום נייעם. די אויסדרוקן זעען־אויס לכתחילה פרעמד, אָבער סוף־כל־סוף וועלן זיי אַריינדרינגען צום לעזער און וועלן באַרייכערן זיין פאַרשטאַנד".

ער האָט געלערנט דעם שרייבער צו פאַרטיפן זיך אין דעם מהות און זין פון לעבן: „דאָס קינסטלער־אויג זעט די ווירקלעכקייט, ניט אַזוי ווי זי איז, נאָר פיל ווירקלעכער, וואָרום, ער זעט איר אינערלעכן אינהאַלט, איר באַציאונג און אָפּ־הענגיקייט פון דער נשמה פון דער וועלט..." („געדאַנקען איבער ליטעראַטור").

י. ל. פּרץ האָט געוואָרנט קעגן זעלבסטצופרידנקייט, קעגן גלייכגילט און פאַר־גליווערונג: „אין ערגעץ ניט פאַרשטיינערט ווערן, אין ערגעץ ניט פאַרגליווערט ווערן, אין ערגעץ ניט בלייבן שטיין". אַזוי צום יחיד, אַזוי צום כלל. אין זיין דער־ציילונג „דער פרוש און דער בער" זאָגט ער:

„...עוולות קומען דערופן וואָס די נשמה פון דער וועלט איז איינגעשלאָפן"...

פּרץ, דער רופער און וועקער, דער קרעפטיקער זינגער און שילדערער פון דער מענטשלעכער נשמה, האָט געלערנט צו שטעלן דעם טראָפּ אויף דעם מענטש. אין אַ בריוו צו דינעזאָנען האָט ער געשריבן:

„די שיינע נאַטור מאַכט מיר פאַרגעניגן, נאָר גיט מיר נישט קיין שטאָף. שטאָף גיט מיר דער מענטש" („בריוו און רעדעס פון י. ל. פּרץ").

„מיך אינטערעסירט דער מענטש", האָט ער געשריבן. „די נשמה ביי דער טוי־טער נאַטור, ווי שיין זי זאָל ניט זיין, האָב איך געגוס, אָטעם איך פרייער, רו איך בעסער, אָבער מיין שאַפונגס־עלעמענט איז דאָס נישט".

זיין „שאַפונגס־עלעמענט" איז געווען דער מענטש. דער עיקר דער אַרבעטס־מענטש, דער פאַרשטויסענער מענטש און דער קעמפנדיקער אַרבעטער. און דעם שרייבער האָט ער דערביי געלערנט צו העלפן מיט זיין וואָרט און טאַט אין קאַמף פאַר ברויט און בילדונג פאַר די אַרבעטס־לייט.

„ביים פיינסטן בריליאַנט" — לערנט ער — „קאָן מען קיין בוך נישט לעזן, קיין בריוו שרייבן, קיין אַרבעט פאַרריכטן — דערצו דאַרף מען דעם טאָג מיט זיין איינפאַכן ליכט".

פאַר אָט־דעם „טאָג מיט זיין איינפאַכן ליכט" האָט ער גערופן קעמפן. ער איז ניט מיד געוואָרן אין משך פון פיל יאָרן צו וועקן ליבשאַפט צום לעבן, צו מענטש, צו נאַטור. ער האָט מיט גרויס קראַפט געשילדערט די ליידן און אויס־דויער־קראַפט פון יידישע אָרעמעלייט, און מיט גאַליקער איראָניע געמאָלן די דערשלאָגנקייט פון די „באַנציע שוויגס". ער האָט געגעבן דעם לייענער בילדער פון שוידערלעכן דלות אין דער „קעלער־שטוב"; געוויזן די פרוכט פון שלעכטער דערציאונג פון יידישן קינד (אונטערן עול פון תרי"ג מצוות פון קליינערהייט־אָן), און מיט צערטלעכע פאַרבן געשילדערט די יידישע פרוי, די מאַמע און דעם ווי־דערשטאַנד פון דער באַוואוסטזיניקער פרוי. ער האָט גערופן (דעם לייענער און שרייבער) צו פאַרטרייבן די שאָטנס פון דער פאַרגאַנגענהייט, צערייסן דעם שפּינ־וועבס פון עבר, און ווענדן דעם בליק צום היינט און מאָרגן. זיין אויסרוף „התנערי מעפר קומי!" (כאַפּ זיך אויף, שטיי־אויף פונעם שטויב) איז געווענדט אויך צו די היינטיקע פּראָפעסיאָנעלע טרערן־גיסער און שבעה־זיצער.

פּרץ איז געווען דער גרויסער פאַרבינדער: ער האָט געלערנט פאַרבינדן

פאָרם מיט אינהאַלט, סאָציאַלן פּראָטעסט מיט נאַציאָנאַלע לײַדן, דאָס בעסטע פון דער גײַסטיקער ירושה פון נעכטן מיט דער שאַפונג פון הײַנט, פאָלקס־שאַפונג מיט דער אינדיווידועלער שאַפונג פונעם קינסטלער, דאָס שענסטע פון דער אײראָ־פּייִשער קולטור מיטן ייִדישן שאַפן, ווירקלעכקייט מיט וויזיע. ער האָט געלערנט (אין אַן אַרטיקל וועגן דוד פּינסקיס „פאַמיליע צבי״):

„דער קינסטלער מוז האָבן די פּערספּעקטיוו פון דער צײַט. דאָס וואָס איז פאַרגאַנגען אין לעבן, קאָן אויפשטיין אין ליד; דאָס וואָס איז נאָך ניט געשען, קאָן ווערן געחלומט״.

צי טוט איר דערבײַ ניט אַ טראַכט וועגן די גרויסע, ליכטיקע וויזיעס פון די נביאים? צי קומט אײַך ניט אויפן געדאַנק לעניגס עסיי וועגן טרוימען?

פּרץ, דער שעפערישער און פּראָדוקטיווער אין כמות און אין איכות, האָט זיך ניט אָפּגעצאַמט אין תחום פון בלויז דער ייִדישער ליטעראַטור, נאָר האָט גע־שעפּט פולע הויפנס אויך פון די אוצרות פון דער ניט־ייִדישער ליטעראַטור. ער איז באַזונדערס שטאַרק געווען באַווירקט פון טשעכאָוו און גאָרקי. ער איז געווען און בלײַבט אַ וועגווײַזער פאַר דעם לייענער און שרײַבער: ער האָט געוויזן אַן אויסבליק, אַן אויסוועג. אין זײַנע מעשׂות און דערציילונגען איז פאַראַן אינהאַלט, טעמע, אַקציע, דראַמע, קאָנפליקט, געראַנגל, פּסיכאָלאָגישע פאַרטיפונג, קאַמף. ער האָט געלערנט דעם שרײַבער צו זײַן אויך טוער. ער אַליין איז געווען ניט בלויז שרײַבער, נאָר אויך אַ בויער פון ליטעראַטור, שול און טעאַטער, אַ רעדאַקטאָר און אַרויסגעבער פון די רעוואָלוציאָנערע „יום־טוב־בלעטלעך״ און פון זאַמלביכער, — אַ ראַדיקאַלער קעמפער אין משך פון יאָרן.

עס קאָן זיך דוכטן, אַז ערשט איצט, הײַנט, האָט ער אויסגערופן צום שרײַ־בער: „אָרום און אַרום ליגן טעמאַטן ווי האָלץ! וואו דו ביזט, וואו דו זעסט, באַשרײַב!״ (1894). אויך איצט קלינגט אַקטועל און צײַטיק זײַן זאָרג, אַז דער עולם „דאַרף און מוז באַקומען אַ בעסערן געשמאַק״ פאַר טעאַטער; אַז ס'איז שוין צײַט, דאָס ייִדישע טעאַטער „זאָל האָבן אָפּגעפּאַקט און אָפּגעמאַזלט מיט שונד־שטיק און אָנהויבן וואַקסן״, און אַז מען זאָל פון דעם ייִדישן שוישפּילער „קיין פּורים־שפּילער נישט מאַכן״.

נאָך הײַנט איז אַקטועל זײַן וואָרנונג צום עולם (אין אַרטיקל „די געלע פּרעסע״) קעגן שאַצן „צו־הויך אָדער צו־נידעריק דעם ליטעראַט״. ער פאָדערט, דער עולם זאָל זיך אויסלערנען: „שאַצן! יעדן געבן זײַן אָרט, זעלטן שענקען צוטרויען, זעלטן געבן קרעדיט״.

פּרצעס וואָרט האָט דירעקט געהאָלפן דעם קאַמף פון די ייִדישע רעוואָלו־ציאָנערע אַרבעטער. שוין אין אָנהייב פון זײַן שאַפן האָט ער זיי געבראַכט דער־מוטיקונג, ליכט, האָפענונג:

„איך גלויב, אַז די אוראַלטע פּיאַווקעס, וואָס זויגן דאָס בלוט פון די מאַסן, וועלן געפינען זייער קבר. די נאַכט וועט פאַרשווינדן. אין מזרח־זײַט זעען זיך שוין שטראַלן פונעם באַגינען פון שיינעם ליכטיקן מאָרגן, וואָס קומט־אָן״ (אין אַ העברייִשן ליד).

„די דערשײַנונג פון פּרצעס אַ יום־טוב בלעטל האָט מען אין דער ייִדישער גאַס באַגעגנט מיט דער גרעסטער שׂמחה... דאָס בלעטל האָט געמאַכט צו דענקען, געוועקט דעבאַטן און טאַקע באַלערנט אויך״, האָט דערציילט אַ. ליטווין („צוקונפט״,

1915). „זיין יעדע נייע דערציילונג ווערט איינפאַך געשלונגען״, האָט איבערגעגעבן שכנא עפשטיין („צוקונפט״, 1915). פּרץ האָט פאַר אונדז אויפגעדעקט „די נשמה פון שמ״רס אַ לעזערין״, האָט געשריבן יעקב מילך („צוקונפט״, 1907). „ער האָט דערצויגן אַ דור מיט נייע שרייבער און געגעבן דער נייער ליטעראַטור פיל טאַ־לאַנטן״. אין זיין „ביבליאָטעק״ איז כמעט ניט צו געפינען קיין באַוואוסטן שריי־בער — אַלץ יונגוואַרג, אַלץ אָנפירער״, האָט דערציילט ב. גאָרין („צוקונפט״, 1894). די שרייבער, מיט וועלכע ער האָט זיך אַרומגערינגלט, האָט ער דערמוטיקט צו שאַפן, צו שרייבן, צו באַרייכערן די ליטעראַטור אין דער שפּראַך פון פאָלק. זיין דירה אויף צעגליאַנע 1, וואַרשע, איז באמת געווען אַ ליטעראַטור־שול. אגב: פּרצעס אויבן־דערמאָנטער בוך „יידישע ביבליאָטעק״ איז אין דער וואַרשעווער פעסטונג „צענטער פאַוויליאָן״ געגאַנגען פון האַנט צו האַנט אין געהיים, פון איין פּאָליטישן אַרעסטירטן צום צווייטן.

פּרץ האָט פיל מאָל אונטערגעשטראָכן, אַז ער פאַרלייקנט נישט דעם גלות, אַז דער גלות „איז דאָס שלאַכט־פעלד, וואו מיר מוזן זיגן״ („בריוו און רעדעס״). אין אַן אַרטיקל אין 1913 („נאַציאָנאַליזם און ציוניזם״) האָט ער באַטאָנט: „מיין אידעאַל אָבער איז, קאַמף און זיג. דאָס גלות איז דאָס שלאַכט־פעלד, איך קאָן עס דעריבער נישט פאַרלייקענען״.

פּרצעס מוט און קאַמף־גייסט האָט אים ניט פאַרלאָזן אויך ווען ער איז גע־זעסן פאַרשפאַרט דריי חדשים אין דער וואַרשעווער ציטאַדעל־פעסטונג, אין יאָר 1899, צוזאַמען מיט מרדכי ספּעקטאָר, פאַר באַטייליקן זיך אין אַן אומלעגאַלער אַרבעטער־פאַרזאַמלונג. אין אַ בריוו פון תפיסה האָט ער געשריבן: איך קום נאָר־וואָס פון מיין מינוטיקן שפּאַציר אַ פרישער, אַ לעבעדיקער. ...איך פיל זיך אַזוי גוט, אַז נאָך היינט וועל איך אָנהויבן שרייבן מיין ,אויב נישט נאָך העכער׳ ״ („דאָס נייע לעבן״, וואַרשע, אַפּריל 7, 1950, צו פּרצעס 35טן יאָרצייט).

לאָמיר לערנען פון פּרצן, פון זיין טיפן הומאַניזם, פון זיין גרויסער מייסטער־שאַפט, פון זיין רוף צו קאַמף, פון זיין אָריענטאַציע אויפן אַרבעטס־מענטש, פון זיין אומדערמידלעכן געראַנגל פאַר פרייהייט און ברידערלעכקייט.





שלום־עליכם מיט צוויי פון זיינע אייניקלעך.

# שלום־עליכם

## דער גרויסער קלאַסיקער

(1916־1859)

## א.

אונדזער אומשטערבלעכער קלאַסיקער שלום־עליכם, איינער פון די גלענצנדסטע הומאָריסטן אין דער וועלט־ליטעראַטור, איז געווען אַ פאָלקס־שרייבער אין דעם טיפסטן, עכטסטן און שענסטן זין פון וואָרט. ער, דער געניאַלער שרייבער פונעם פאָלק און פאַרן פאָלק, איז געווען און פאַרבליבן דער פאָפולערסטער און סאַמע באַליבטסטער וואָרט־קינסטלער ביים פאָלק.

זיין פערלדיק לשון, זיין טיפע פאָלקס־חכמה, האָט ער געשעפּט פון די קוואַלן פון פאָלקס־לעבן. קיין אַנדער שרייבער ביי יידן איז ניט געווען אַזוי אָרגאַניש געקניפּט־און־געבונדן מיט פאָלק, ווי שלום־עליכם.

ער האָט פיינט געהאַט תכלית־שנאה דעם צאַריש־פּריצישן רעזשים, די גבירים, די פּלוטאָקראַטיע. ער האָט מיט לייב־און־לעבן ליב געהאַט „עמך, שער־און־אייזן". זיין באַליבט ווערטל איז געווען: וואָס מער קבצן אַלץ מער הוליאַקע, וואָס מער גביר אַלץ מער סאָבאַקע!...

אוי, האָט ער געהאַסט די גבירים־אדירים, די עקספּלואַטאַטאָרס, די הויט־שינדער, די בלוטזויגער. אוי, האָט ער הנאה געהאַט צו שינדן פון זיי אַ פּאַס, אויסמאָלן זיי אין זייער העסלעכקייט. אָט טוט אַ קוק אויפן פּרצוף פון רב נתן קורח (אין „שמואל שמעלקיס און זיין יובילייי"), ווען ס'האַנדלט זיך וועגן געלט: „דאָס פריערדיקע ,סבר פּנים יפות' ווערט פאַרשוואונדן אינאיינעם מיטן שטענדיק זיס־לאַקרעצדיקן שמייכעלע, און אויפן אָרט פון דעם ליבהאַרציקן זיסן גביר רב נתן קורח וואַקסט אויס אַ חיה, און ס'גלוסט זיך אייך אַנטלויפן וואָס גיכער און וואָס ווייטער"...

און אַזאַ פּנים האָט אויך דער בעלטובהניק רב שמחהלע וויינער (אין „דער יינגסטער פון די מלכים"). ווען די אָרעמע אלמנה בעט ביי אים אַ הלוואה אויף צו קענען קויפן ניי־מאַשינען פאַר די טעכטער, ענטפערט ער איר: „נייטורנס? הע! אַ שיינע עובדא פאַר אַ יידיש מיידל".

און רעאַליסטיש, אמתדיק און מיט שאַרפן, שניידנדיקן חוזק זיינען אָפּגע־פּאָרטרעטלט די גבירים איציקל שאָסטעפּאַל (אין „אין שטורעם") און יואל טאַשקער, אַ שרעקלעכער קמצן און גאָט־סטראַפּטשע (אין „דער טלית־קטן") און פיל אַנ־דערע נגידים, באַרייסער, וועמען שלום־עליכם שטעלט אַרויס ווי עקלהאַפטע ברואים, נוצנדיק דערביי זיינע פּרעכטיקע כלים: הומאָר און סאַטירע. שוין אין 1888 איז שלום־עליכם אַרויסגעטראָטן מיט זיין שאַרפער סאַטירע קעגן דער יידי־שער בורזשואַזיע אין זיין ראָמאַן „סענדער בלאַנק" (געדרוקט אין פּעטערבורגער „פאָלקסבלאַט").

אין די פינצטערע, וויסטע, ביטערע ציטן פונעם צאַריזם, אין די ציטן פון תחום־המושב און פּאָליטישער רעכטלאָזיקייט פאַר יידן אין דער רוסישער צאַ־רישער אימפּעריע, איז פאַר יידישע פאָלקס־מענטשן און פאָלקס־אינטעליגענץ גע־ווען אַ באַזונדערס גרויסע דערקוויקעניש צו לייענען אַזאַ פּערל, ווי „דער פּעטער פּיני מיט דער מומע רייזי" (1905). אַי, האָט מען הנאה געהאַט דערפון, ווי אַזוי אונדזער ליבער שלום־עליכם האָט אָפּגעמאָלט די „מומע רייזי" — די וויסטע מרשעת, די טיראַניכע. אַלע האָבן זי דערקענט אַפּגעשונדענערהייט — די מומע רייזי (צאַרישע רוסלאַנד), די אונטערדריקערין, וואָס האָט קיינעם קיין וואָרט ניט געלאָזט אויסריידן, און די דינסטן אירע באַהאַנדלט ווי שקלאַפינס.

אין פיל פון זיינע ווערק האָט אונדזער אומפאַרגעסלעכער גרויסער קינסטלער געשילדערט אויף אַן אַלעגאָרישן אופן, בדרך משל, ווי שלום־עליכם האָט גע־קענט, דעם צאַרישן טעראָר־און תפיסה־רעזשים, די פאַרפייניקונגען פון רעוואָ־לוציאָנערן, די פּאָגראָמען אויף יידן ווי אַ טעראָר־מיטל קעגן דער גאַנצער באַ־פעלקערונג אין אַלטן רוסלאַנד.

אין זיין פּאָפּולערן, שאַרף־סאַטירישן ליד פון 1905 "שלאָף, אַלעקסעי" (קעגן דעם בלוטיקן צאַר ניקאָלאַי און זיין יורש־עצר אַלקסעי) „זינגט" דער קייסער אַ וויגליד צו זיין תכשיט, אַלעקסעי, אָנזאָגנדיק אים אויסצואוואַקסן און „זיין אַ קייסער איינער אין דער וועלט".

אונדזער גרויסער קלאַסיקער, אַ טרעגער פון די פּראָגרעסיווע אידייען פון זיין צייט, האָט וואונדערלעך־טרעפלעך אונטערשטראָכן די כלי־זיין פונעם צאַריש־קאַפּי־טאַליסטישן רעזשים: שענקען, אָסטראָגן (תפיסות), קלויסטערס און זשאַנדאַרמען.

שלום־עליכם, וועלכער האָט פּונקט ווי אונדזער ערשטער יידישער קלאַסיקער, דער זיידע מענדעלע, אַליין געליטן פון די צאַרישע פּאָגראָמען אויף יידן (מענדעלע ביי צוויי געלעגנהייטן — אין די אַכציקער יאָרן און אין 1905 אין אָדעס, און שלום־עליכם אין אָקטאָבער, 1905, אין קיעוו), האָט אין אַ צאָל פון זיינע ברי־ליאַנטענע ווערק געשילדערט די שוידערלעכע צאַרישע שחיטות אויף יידן, אָנגע־וויזן אַז זיי זיינען דירעקט אָרגאַניזירט געוואָרן דורך דער צאַרישער רעגירונג גופא. אין זיין „מעשיות פון טויזנט איין נאַכט" (1915) דערציילט דער קרושניקער ייד „יאַנקל יונעווער", „פאַרנדיק אויפן שיף פון קאָפּענהאַגען ביז ניו־יאָרק":

„...יידן באַרימען זיך מיט זייער קעשעניוו. קעשעניוו, זאָגן זיי, האָט זיך

קונה־שם געווען אויף דער וועלט מיט אירע פּאָגראָמען און מיט אירע כוליגאַנעס.
האַ־האַ! גישטאָ ווער ס׳זאָל לאַכן! אויך מיר אַ שטאָט — קעשעניוו! קעשעניוו
איז אַ הונט אַקעגן קרושניק! הערט איר, פּאָני שלום־עליכם! קעשעניוו באַדאַרף
הייצן די הרובע ביי קרושניק! קעשעניעווער כוליגאַנעס, זאָלן מיר מוחל זיין, מעגן
קומען קיין קרושניק זיך לערנען ביי אונדזערע שליאַכטעס און ביי פּאָניס קאָזאַקן,
ווי אַזוי מען דאַרף זיך רעכענען מיט אַ יידן״... און אויסמאָלנדיק וואָס פּאַר אַ
תכלית די שוואַרץ־מאהניקעס האָבן געמאַכט פון קרושניק („אויס, נישטאָ קרושניק!״),
דערציילט דער קרושניקער ייד ווייטער: „און מיינט איר — נאָר קרושניק? אַזוי
איז געווען מיט קרושניק, און אַזוי איז געווען אויך מיט יונעוו, און מיט דאַכעוו,
און מיט מאזעלבאָזשעץ, און מיט בילגעריי, און מיט די אַלע איבעריקע יידישע
שטעטלעך אַרום און אַרום, ביז לובלין״.

אייניקע פון שלום־עליכמס דערציילונגען זיינען געצילט קעגן קאַפּיטאַליסטי־
שער מלחמה, קעגן מיליטערשטשינע („די ערשטע נאַכט פּסח אויף דער מלחמה״,
„ווען איך בין ראָטשילד״, א. אַנד.). אין „ווען איך בין ראָטשילד״ פאַרזיכערט
דער אָרעמער מלמד, אַז ווען עס וועט זיך אין אים, וואָלט ער אָפּגעשאַפט מלחמה
און איינגעפירט אייביקן וועלט־שלום, און ער וואָלט בכלל ליקווידירט די מיאוסע
מכה, וואָס הייסט „געלט״ און וועלכע איז דער וואָרצל פון אַלע צרות (דערווייל
אָבער דאַרף ער נעבעך, ווי מען דאַרף לעבן, אַ דרייערל אויף שבת...).

צוויי הויפּט־געשטאַלטן גייען־דורך, ווי באַקאַנט, דורך שלום עליכמס ווערק:
די געשטאַלט פון טביה דער מילכיקער און פון מנחם־מענדל. אונדזער וואונדער־
לעכער קלאַסיקער שרייבט מיט ליבשאַפט און ממש צערטלעכקייט וועגן דעם גע־
זונטן יידישן האָרעפּאַשניק דעם גרויסן בעל־בטחון, דעם יגיע כפּימניק, טביה
דעם מענטש פון פּראַציע, דעם דאָרפס־ייד, דעם וואָס האָט שטאַרק ליב די ערד, יושר,
מענטשן, זיינע גראָטעסנע זיבן טעכטער. די טביה־געשטאַלט ווערט באַלייכטן מיט
די וואַרעמסטע און העלסטע שטראַלן פון שלום־עליכמס טיף־מענטשלעכן הומאָר.
פונעם לופט־מענטש מנחם־מענדל, דעם שטעקעלע־דרייער, חוזקט אונדזער קלאַסי־
קער, ווייזנדיק אין דער זעלבער צייט די סאָציאַל־עקאָנאָמישע וואָרצלען פון אָט־
דעם „מנחם־מענדעליזם״: זיין באַדנלאָזיקייט אין די אומשטענדן פון שטייגנדיקן
קאַפּיטאַליזם אונטערן צאַרס ממשלה.

מיט באַזונדערער סימפּאַטיע האָט אונדזער גרויסער אוניווערסאַלער קינסטלער
געשילדערט די רעוואָלוציאָנערע יוגנט, די זין און טעכטער פון אָרעמע יידישע
האָרעפּאַשניקעס און זייער אָנטייל אין דער פרייהייט־באַוועגונג, אין די קאַמפן קעגן
צאַריזם. שלום־עליכם רעדט מיט ליבשאַפט (דורך טביהס מויל) וועגן ד׳עם
יונגן רעוואָלוציאָנער פּערטשיק (פּעפּערל), דעם אָרעמען פּאַפּיראָסניקס זונדל, וועל־
כער ווערט פאַרשיקט קיין סיביר (אין „האָדל״). פּערטשיק פּראוווט אויפקלערן
טביהן וועגן וועלט־זאַכן און געלט־זאַכן. „ניט דערלעבן, זאָגט ער, ווען די נגידים,
אַז איך זאָל זיך צו זיי גלייכן!״... (און טביה קוועלט־אָן פון אים). טביה זאָגט
וועגן אים: „מ׳קאָן זאָגן, אַז מיר האָבן אים אַלע ליב געקראָגן, עפּעס גאָר ווי
אַן אייגענעם, מחמת בטבע איז ער, דאַרפט איר וויסן, דווקא נישקשה פון אַ
מענטשל, אַ פּשוטער, אַ פּראָסטער חי־וקיים הייסט דאָס, שלי שלך, שלך שלי,
מיינס דיינס — הפקר ציבעלעס...״

יאָ, טביה לערנט אַ סך פונעם לעבן. ער האָט דרך־ארץ פאַר פּעפּערלען. עס

ציט אים צו יענעם ליבן הברה־מאַן. און טאַקע, ווי אַזוי זאָל אים דער ליב־האַרציקער, קלוגער און ערלעכער ווערטלזאָגער טביה ניט ליב האָבן, אַז יענער איז „אַ מענטש, וואָס קאָטאָרי ער אַליין איז ביי זיך הפקר, און דער גאַנצער עיקר איז די וועלט"... טביהס טאָכטער האָדל ווערט פאַרקאַכט אין דעם פּלאַם־פייערדיקן פּעפּערל, באַווירקט פון זיינע ליכטיקע אידייען פון מסירת־נפשדיקן קאַמף פאַר פרייהייט און סאָציאַלן יושר. און טביה? טביה איז שטאָלץ מיט דער קאַמף־לוסטיקייט פון זיין האָדלען, און מיט איר גרייטקייט צו ליידן פאַר אירע אידייען.

טיף־סימפּאַטיש האָט שלום־עליכם אויך אַרויסגעבראַכט די פיגור פון שמואליקן, וועלכער פירט אַן אויפקלער־אַרבעט צווישן די פּויערים: „לאָזן די פריצים זיך מטריח זיין די ערד אַליין באַאַרבעטן". און די פּויערים האָבן ליב שמואליקן, „זיי קוקן אים אין מויל אַריין, און זיי גלויבן אים" און זיי באַשיצן אים („שמואליק").

אין שלום־עליכמס „אין שטורעם" לויכט־אַרויס די פּרעכטיקע געשטאַלט פון דער רעוואָלוציאָנערקע מאַשע באַשעוויטש. און איר פאָטער ליפע (ליפע „קאָנ־סטיטוציע") איז שטאָלץ מיט איר (פּונקט ווי דער מחבר אַליין), ווען זי זעצט־פאַר, אַ שרעקלאָזע, איר פּאָליטישע אויפקלער־אַרבעט און ווערט פאַרשפּאַרט אין תפיסה. מאַשע, דערציילט דער מחבר, „איז געוועזן באַליבט פונעם פּראָסטן פאָלק". דער גרויסער קינסטלער ווייזט אויך (מיט אַ ניט־באַהאַלטענער פרייד) די פּרוכט פון דער רעוואָלוציאָנערער מי. ער ווייזט ווי מאַקס (אין „חרוסת") קלערט אויף דאָס אָרעמע דינסט־מיידל ליזע, ווי ער גיט איר רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור צום לייענען, וועקט אין איר האָפענונג אויף קומענדיקע ליכטיקע ציטן פון פרייהייט און ברידערלעכקייט, הויבט־אויף איר מענטשלעכע ווירדע. „ליזע איז אַ דינסט און ,פּערעוואָריכע' [איר באַלעבאָסטע — ב. ג.] שעלט און קאָרעניעט, דאָס מויל מאַכט זיך איר ניט צו. ס'איז אָבער אַלצדינג נאָר דערווייל, ביז אַ צייט. ס'גייט אַ צייט, אַ גאָלדענע צייט!"...

דער גרויסער מייסטער האָט ברייט און טיף געשילדערט דעם יידישן דלות, זיינע וואָרצלען, די ליידן און די דערנידערונגען וואָס ער ברענגט מיט זיך פאַר דער זעלבסט־ווירדע פונעם אָרעמאַן. מיט אַ טיף־רירנדיקער פאַרשטענדעניש און סימפּאַטיע האָט ער אַרויסגעבראַכט די געשטאַלט פונעם גרויסן אביון חיים חייקין, וועלכער איז זיך נעבעך מפרנס פון זיינע קינדער, וואָס מוזן „האָרעווען מיט בלוטיקן שוויס, ריזיקירן מיטן לעבן פאַרן שטיקעלע ברויט". חיים חייקין, „אַ צעבראָכענער שאַרבן", „איבעריק ביי זיך אַליין", „פאַרענטפערט" זיך: „וואָס איז ער שולדיק, אַז מענטשן דאַרפן יענעמס שוויס, אַז מענטשן דאַרפן מענטשן־בלוט?" („אַ גרינגער תענית").

פּונקט ווי דער זיידע מענדעלע, זיין לערער און מדריך, האָט שלום־עליכם געזוכט אַרויסצוהויבן דאָס דערהויבענע, דאָס שיינע אין דעם יידישן פאָלקס־מענטשן אַלס אַ יחיד און אין דער יידישער האַרעפּאַשנער פאָלקס־מאַסע אַלס אַ קאָלעקטיוו. דעריבער טאַקע טביהס הומאָר (להיפך צו מנחם־מענדלס טראַגי־קאָמיזם), טביהס שטרעבונג צו סאָציאַלן יושר; דעריבער — דער ליריזם, די פּאָעזיע, מיט וועלכער שלום־עליכם שילדערט די עכטע יידישע פאָלקס־טאַלאַנטן, די אָרעמע קינסטלער, וואָס וואָרצלען אין פאָלק און לעבן אין נויט; דער באַ־צויבערנדיקער קלעזמער, דער פידל־ווירטואָז סטעמפּעניו (אַ ווירקלעכע, ניט־קיין־אויסגעטראַכטע געשטאַלט), דער מחיהדיקער זינגער יאָסעלע סאָלאָוויי, די טאַ־

לאַנטפּולע קינדער פון יידישער אָרעמשאַפט (מאָטל פּייסי דעם חזנס). די אָרעמע זין און טעכטער פון פאָלק, די בויט־ליידנדיקע, די גערודפטע, באַליידיקטע, ווערן געשילדערט אין שלום־עליכמס ווערק מיט עכטן הומאַניזם, מיט „געלעכטער דורך טרערן", מיט ליבשאַפט, מיט האַרץ און נשמה.

מיר וועלן קיינמאָל ניט פאַרגעסן די הייליקע צוואה, וואָס דער גרויסער שרייבער האָט איבערגעלאָזט עטלעכע חדשים פאַר זיין פריצייטיקן טויט (דעם 13טן מאַי, 1916): „וואו איך זאָל ניט שטאַרבן, זאָל מען מיך באַהאַלטן נישט צווישן אַריסטאָקראַטן, מיוחסים אָדער גבירים, נאָר גראָד צווישן פּראָסטע יידן, אַרבעטער, מיטן אמתן פאָלק, אַזוי אַז די מצבה, וואָס מען וועט דערנאָך אַוועקשטעלן אויף מיין קבר, זאָל באַשיינען די איינפאַכע קברים אַרום מיר, און די איינפאַכע קברים זאָלן באַפּוצן מיין מצבה, אַזוי ווי דאָס פּראָסטע ערלעכע פאָלק האָט באַשיינט זייער פאָלקס־שרייבער".

אין דעם פאָרוואָרט צו זיין דימענטענעם קינסטלערישן אויטאָביאָגראַפישן ווערק „פונעם יאַריד" האָט שלום־עליכם אין פעברואַר, 1916, געלערנט זיינע קינדער (און אַלע קינדער פון פאָלק) — „ליב צו האָבן אונדזער פאָלק און צו שעצן זיינע גייסטיקע אוצרות, וואָס ליגן צעוואָרפן אין אַלע פינפטערע ווינקעלעך פון אונדזער גרויסן גלות אויף דער גרויסער וועלט".

לאָמיר זיך לערנען צו שעצן ווי געהעריק די גייסטיקע אוצרות פון פאָלק, און לאָמיר ברענגען צום פאָלק, ברייט פאַרשפּרייטן צווישן די פאָלקס־מאַסן, די רייכע גייסטיקע אוצרות פונעם גרויסן פריינט פון פאָלק, שלום־עליכם.

זונטאָג, יאַנואַר 11, 1959.

## ב. דער ליכטיקער וואונדער פון אונדזער פאָלקס־לעבן

דער אינטערנאַציאָנאַל־באַרימטער און באַליבטער שלום־עליכם — דער גרויסער נס, דער ליכטיקער וואונדער פון אונדזער פאָלקס־לעבן און פאָלקס־קולטור!

שלום־עליכם — דאָס גרויסע „אייניקל" פונעם גרויסן זיידע מענדעלע! שלום עליכם — גרונטלייגער פון אונדזער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור, אין איין ריי מיטן ליבן זיידע מענדעלע און מיט י. ל. פּרץ. זיין גרויסקייט איז באַשטאַנען אין זיין נאָענטסטער פאַרבינדונג מיטן פאָלק. ער האָט מיטגעליטן מיטן פאָלק, מיטגעלעבט מיט זיינע האָפענונגען און טרוימען, ליידן און פּיין, געווען צונויפגעוואָקסן מיטן פאָלק. פונעם פאָלק האָט ער געשעפּט זיין קינסטלערישע, שמשון הגבורשע גבורה. פון די טיפע, לויטערע קוואַלן פון פאָלקס־שאַפן האָט ער געשעפּט זיין פּערלדיקע אוצרות־פולע פאָלקישע שפּראַך; פונעם פאָלק האָט ער געשעפּט זיין פרישן, וואַרעמען, האַרציקן, שאַרפזיניקן הומאָר, זיינע בילדער און געשטאַלטן, זיין ליכטיקן מוט און גרויסן בטחון, זיין גלויבן אין זיג פון סאָציאַלן יושר, זיין קוואַלנדיקן אָפּטימיזם.

שוין ביי זיין לעבן האָט דער עמכ'דיקער גרויסער הומאַניסט, דער שאַפער

פון אומשטערבלעכע ווערק, אויפגעבויט זיך אַ מאָנומענט פון ליבשאַפט און טיפן דרך־ארץ אין האַרצן פון פאָלק. ער, דער עכטער רעאַליסט, האָט געשאַפן אַ קינסט־לערישן היסטאָרישן דענקמאָל פון זיין עפּאָכע. ער, דער קעמפּפער־ישער הומאָריסט, האָט ניט בלויז געשילדערט עכט און אמתדיק, טיף און פּשטותדיק, די לעבנס־באַדינגונגען, דעם לעבן־שטייגער פון די יידישע פאָלקס־מאַסן, נאָר אויך זייער קאַמף פאַר אַ בעסער לעבן, פאַר סאָציאַלן יושר, פאַר מענטשלעכער ווירדע.

שלום־עליכם, „דער לאַכנדיקער פילאָזאָף“, ווי ש. דובנאָוו האָט אים באַ־צייכנט, האָט אַריינגעבראַכט געלעכטער, יום־טוב, פרייד אין אונדזער לעבן. דורך זיין הויפּט־געשטאַלט, דעם הויפּט־העלד פון זיינע שאַפונגען, דעם פאָלקס־העלד, טביה דער מילכיקער, האָט ער אַרויסגעבראַכט אַלדאָס שיינע און גוטמוטיקע, אַל־דאָס קלוגע, הומאָרפולע, דערהויבן און בטחונדיק אין פאָלק.

זיין גרויסקייט אַלס איינער פון אונדזערע יידישסטע און דאָך אוניווערסאַלסטע וואָרט־קינסטלער שיינט אַרויס ווי די זון, באַזונדערס העל, אין אַנגעזיכט פונעם היינטיקן „עסקעיפּיזם“ אין ליטעראַטור, וואו שרייבער אַנטלויפן פון פאָלק און ווירקלעכקייט. זיין גרויסע פּאָזיטיווע פאָלקס־געשטאַלט, די עפּישע טביה־געשטאַלט, שטראַלט ממש מיט טויזנט חנ'ען אין אַנגעזיכט פון דער היינטיקער בירגערלעך־לי־טעראַרישער סביבה פון גייסטיקע קאַרליקלעך, פון צעשפּאָלטענע, פאַרדאָרבענע פּערזענלעכקייטן אַלס „העלדן“ אין דער מאָדערנער שונד־ליטעראַטור.

ער, וועלכער האָט נאָך אין די אַכציקער יאָרן פונעם לעצטן יאָרהונדערט אויפגעהויבן אַן ענערגישן, פּרינציפּיעלן קאַמף קעגן שמ"ריזם, קעגן שונדיזם אין דער ליטעראַטור, האָט אונדז אויסגעלערנט ניט בלויז צו לאַכן, ווי דער קריטיקער בעל־מחשבות האָט זיך אויסגעדריקט — נאָר אויך צו לייענען, לייענען אמתדיקע קינסטלערישע ליטעראַטור. ער האָט, צוזאַמען מיט מענדעלען און פּרצן — און מעגלעך נאָך מער פון זיי — דערנענטערט, צוגעצויגן, געבראַכט דעם יידישן מאַסן־לייענער, אַריבערגעוואונען אים פון די שונד־ראָמאַנען.

מיר שאַצן הויך זיין אַלמענטשלעכקייט, זיין אוניווערסאַליזם, זיין טיפע תלמיד־חכמדיקע פאַרערונג פאַר די גייסטיקע ריזן און קינסטלער־גאונים פון דער וועלט־ליטעראַטור. זייער געזונטער איינפלוס אויף זיין שאַפן איז געווען פון גרויס באַ־דייט. ער איז געווען ניט בלויז אַ וואונדערלעכער שאַפער פון קולטור־ווערטן, נאָר אויך אַ גרויסער, טאַלאַנטפולער תלמיד. ער, וועלכער האָט זיך אידענטיפי־צירט מיטן ערלעכן האַרעפּאַשניק און פאָלקס־טיפּ טביה און וועלכער האָט געהאַט מיטלייד מיטן עקאָנאָמיש־באַדנלאָזן בעל־חלומות און לופט־מענטש, מנחם־מענדל, איז געווען ניט בלויז אַ זייל און וועג־ווייזער פון אונדזער ליטעראַטור, נאָר אויך, ווי טביה, אַ יגיע־כפּימניק, אַן אומדערמידלעכער האַרעפּאַשניק פון אונדזער לי־טעראַטור. וועגן דעם רעדט און דערציילט זיין רייכע, לעבעדיקע, מאָנומענטאַלע ליטעראַרישע ירושה, וואָס וועט בלייבן לעבן און ווירקן לדור־דורות — אַ קאָ־לאָסאַלע קונסט־עשירות, וואָס ער האָט געשאַפן אין משך פון זיין קורצן, שווערן 57־יאָריקן לעבן, אָפט אין ראַנגלעניש מיט נויט.

מיר שאַצן הויך שלום־עליכמען דעם גרויסן קינסטלער, דעם דערציילער, ראָ־מאַניסט־דראַמאַטורג, וואָס איז געווען דורכגעדרונגען מיט די פּראָגרעסיווע אידייען פון זיין צייט, דער קעמפער קעגן דעם צאַריש־פּריצישן פּאָגראָם־און טעראָר־רע־

זשים, קעגן דער רעכטלאָזיקייט פון זיין פאָלק, קעגן עקספּלואַטאַציע און אונטער־דריקונג, קעגן די פּיאַווקעס. ניט בלויז האָט ער געשילדערט דעם ביטערן דלות פון קאַסרילעווקע, נאָר אויך די סאָציאַלע וואָרצלען פון אָט־דעם דלות. ניט נאָר איז ער געווען דער קלוגער דאָקטאָר, וואָס האָט געהייסן לאַכן — „לאַכן איז געזונט" — נאָר אויך דער געטרייער דאָקטאָר, וואָס האָט דערהערט די ווענדונג פונעם פיל־געפּלאָגטן, געדרודפטן, הונגעריקן פאָלק אין דעם חושך פון דער פּעלקער־טורמע פון צאַרישן רוסלאַנד — „איך וויל אייך בעטן, הער דאָקטאָר, איין זאַך: איר זאָלט מיך אויסהערן. דאָס הייסט, ניט דאָס שלאָפקייט מיינס זאָלט איר אויסהערן. ווילן וויל איך, איר זאָלט אויסהערן מיך אַליין". און ער, שלום־עליכם, דער ליבהאַרציקער דאָקטאָר פון פאָלק, האָט געדולדיק און וואונדערלעך אויסגעהערט... ער איז געווען ניט בלויז די אויגן און אויערן פונעם פאָלק, נאָר אויך דאָס מויל פון פאָלק: דורך אים, דורך זיינע מאָנאָלאָגן, דורך זיינע הונדערטער כאַראַקטערן, פיגורן און געשטאַלטן, יידן פון אַ גאַנץ יאָר, האָט גערעדט דאָס פאָלק. דורך אים, נאָך מער ווי דורך מענדעלען און פּרצן, איז די יידישע פאָלקס־מאַסע געקומען צום פּסוק.

אין די שווערע, ביטערע, פינצטערע צייטן אין דער געשיכטע פון אונדזער פאָלק, אין די צייטן פון צעיושעטער רעאַקציע און פּאָגראָמען, האָט ער, דער גרויסער טרייסטער און מונטערער, דערוואַרעמט אונדזערע הערצער, געגעבן אונדז מוט און האָפענונג, געקרעפטיקט אונדזערע געמיטער מיט זיין טיף־מענטשלעכן, ליכטיקן, געזונטן, פאָלקסטימלעכן, כוח־געבנדיקן, שעפערישן הומאָר, מיט האָדלס אָנזאָג צו איר פאָטער טביה: „ס'וועט אויפגיין די זון און ווערן ליכטיק".

ער האָט אַזוי געשטאַרקט און דערהויבן מיט זיין אמונה אין מענטש און אין דער גוטסקייט פון מענטש. זיין ליבשאַפט צום פאָלק, צום אַרבעטס־מענטשן, צום אָרעמען שניידער מאָטל קאַמזויל, פינקלט־אַרויס פון אַלע זיינע ווערק: דערציילונגען, מאָנאָלאָגן, דראַמען, ראָמאַנען, פעליעטאָנען.

מיר שעצן הויך שלום־עליכמס סימפּאַטיע און זיין באַמיאונג צו וועקן סימפּאַטיע צו רעוואָלוציאָנערע פיגורן און פרייהייט־קעמפער (פּעפּערל, מאַשע באַשעוויטש, יוסף, א. אַנד.). מיר באַציען זיך מיט יראת־הכבוד צום שלום־עליכמס ליריש־וואַרעמע, באַגייסטערטע, פּאָעטישע שילדערונגען פונעם שעפערישן כוח אין פאָלק, פון יידישע פאָלקס־קינסטלער אַרויסגעוואַקסן פון דער געדיכטעניש פון דער פאָלקס־אָרעמשאַפט (דער בערדיטשעווער פידלער, סטעמפּעניו, יאָסעלע סאָלאָווײ, די פורים־שפּילער אין הויז פון קיניג אחשורוש, די שוישפּילער אין „בלאָנדזנדיקע שטערן") — אין דער טראַדיציע פון זיידן מענדעלע אין זיין „שלמה רב חיימס" און „ווינטשפינגערל".

אונדזער גרויסער קלאַסיקער האָט ניט בלויז קינסטלעריש אָפּגעשפּיגלט דאָס לעבן פון זיין צייט, נאָר ער האָט עס אויך געהאָלפן ענדערן. גרויסע מאַסן יידישע אַרבעטער און פאָלקס־מענטשן אין אַלע יידישע ישובים האָבן ליב באַקומען דעם באַזינגער פון די פריילעכע קאַסרילעווקער קבצנים, פון די לעבנסלוסטיקע אביונים, פון די מונטערע קאַסרילעווקער מיט זייער געזונטער לעבנס־פרייד. מיר האָבן ליב באַקומען דעם גרויסן האַסער פון דער יידישער און ניט־יידישער בלוט־זויגערישער, פּאַראַזיטישער בורזשואַזיע, ווי דאָס קומט צום שאַרפן קינסטלערישן אויסדרוק אין שלום־עליכמס „סענדער בלאַנק", אין זיינע שילדערונגען פון איציקל שעפּסאַפּאָל,

נתן־קורח און אַנדערע פאָרשטייער פון דער גראָבער, ברוטאַלער, האַרצלאָזער גבירהאָקראַטיע.

מיליאָנען יידישע און ניט־יידישע לייענער איבער גאָר דער וועלט טראָגן אין זייערע הערצער אַ טיפע ליבשאַפט צו שלום־עליכמען דעם צאַרטן, איידעלן פאָטער און דערציער פונעם אונטערדריקטן קינד פון דער יידישער אָרעמשאַפט. מיר ווערן טיף גערירט פון שלום־עליכמס קינדער־דערציילונגען און פון זיין מייסטער־ווערק „מאָטל פּייסי דעם חזנס“, אין וועלכע דער גרעסטער יידישער שרייבער שילדערט דעם קינדס דראַנג צו פרייהייט, צו נאַטור־שיינקייטן, דעם קינדס לעבנס־פרייד און הומאָר, זיין מאָראַלישע דערהייבונג.

מיר ווערן געלייטערט און דערהויבן דורך דער הויך־עטישער, נאָבעלער און צאַרטער באַציאונג פונעם גרויסן קינסטלער צו דער פרוי און צו דער געטרייער מסירת־נפשדיקער מוטער, ווי דאָס ווערט אַזוי העל אַרויסגעבראַכט דורך דער רייכער גאַלעריי פרויען־טיפּן אין זיינע ווערק: דער קאַמף פון דער יידישער פרוי פאַר גלייכבאַרעכטיקונג, קעגן פאַרשקלאַפטקייט, איר גרייטקייט אויפצוגעמען די אידייען פון פרייהייט (טביהס טעכטער, און אַנדערע פרויען־געשטאַלטן). מיר ווערן געקרעפטיקט דורך זיינע ווערק, וואָס קעמפן קעגן מלחמה און פאַר פעלקער־פריינטשאַפט. מיר שעפּן נחת פון זיינע קינסטלערישע רעאַליסטישע פּיעסן, דורכגעלויכטן מיט פאָלקס־הומאָר און פאָלקלאָר־עלעמענטן.

שלום־עליכם האָט געהאָלפן אַנטוויקלען די יידישע קולטור ניט בלויז ווי אַ שאַפער פון אייביקע קונסט־ווערטן, נאָר אויך ווי אַ בויער פון אונדזער קולטור, ווי אַ פאָרשער און קריטיקער, אייגער פון די ערשטע קריטיקער פון דער יידישער ליטעראַטור, ווי אַ פאַרטיפטער לערנער פון יידישער פילאָלאָגיע, ווי דער „אַנט־דעקער“ און דערמוטיקער פונעם פאָלקס־דיכטער מ. מ. וואַרשאַווסקי און אַנדערע טאַלאַנטן, ווי אַ וועכטער פון אונדזער קולטור, וואָס האָט אונדז געלערנט צו שאַצן די גייסטיקע אוצרות פון פאָלק.

די וועלט־ליטעראַטור האָט אַריינגענומען די ברילּיאַנטענע שאַפונגען פון שלום־עליכמען, דעם שטאָלץ פון אונדזער ליטעראַטור, און אים געשטעלט אין איין ריי מיט גאָגאָלן און דיקענסן, מיט מאַרק טוועינען און טשעכאָוון, גאָרקין און זאָלאַן, וויקטאָר הוגאָ און ראָמען ראָלאַנען. לייענען, פאָרלייענען, הערן, אויפ־פירן שלום־עליכמס ווערק מיינט באַהעפטן זיך מיטן גייסט פון אָט־דעם גרויסן קינסטלער און גרויסן פאָלקס־מענטש, וואָס האָט אין זיין הייליקער צוואה — אַ ליכטיקער מענטשלעכער דאָקומענט — אָנגעזאָגט: „וואו איך זאָל ניט שטאַרבן, זאָל מען מיך באַהאַלטן ניט צווישן אַריסטאָקראַטן, מיוחסים אָדער גבירים, נאָר גראָד צווישן פּראָסטע יידן אַרבעטער, מיטן אמתן פאָלק, אַזוי אַז די מצבה, וואָס מען וועט דערנאָך אַוועקשטעלן אויף מיין קבר, זאָל באַשיינען די איינפאַכע קברים אַרום מיר, און די איינפאַכע קברים זאָלן באַפּוצן מיין מצבה, אַזוי ווי דאָס פּראָסטע ערלעכע פאָלק האָט פאַר מיין לעבן באַשיינט זיין פאָלקס־שרייבער“.

דער נאָמען פונעם יידישן שרייבער, פונעם וועלט־שרייבער שלום־עליכם וועט אייביק לעבן. לאָמיר שעפּן שיינקייט, מוט און גבורה פון זיינע אומשטערבלעכע ווערק. לאָמיר טראָגן הויך און שטאָלץ די פאָן פון שלום־עליכם!

(זונטיק, אויגוסט 16, 1959)

# ג. שלום־עליכם — איינער פון די ערשטע יידישע ליטעראַטור־קריטיקער

אונדזער גרויסער קלאַסיקער שלום־עליכם, שאַפער פון אומשטערבלעכע, רוח־חיימדיקע קינסטלערישע ווערק, איז אויך געווען אַ ליטעראַטור־פאַרשער און קריטיקער, אַ דערמוטיקער פון עכטע טאַלאַנטן. אָט־דער געביט פון זיין באַדייטנדיקער ליטעראַטור־טעטיקייט איז דעם ברייטן לייענער־קרייז ניט גענוג באַקאַנט.

אין די יאָרן 1888 און 1889 האָט שלום־עליכם, דאַמאָלט אַ געשעפטסמאַן, אַרויסגעגעבן (אויף זיינע אייגענע הוצאות און מיט צאָלונגען פון האָנאָראַר צו די באַטייליקטע) צוויי וויכטיקע זאַמל־ביכער: „די יידישע פאָלקס־ביבליאָטעק", וועלכע האָבן געשפּילט אַ גרויסע פּאָזיטיווע ראָל אין דער אַנטוויקלונג פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור. דער יונגער קינסטלער שלום־עליכם, אָנפירער פון דער נייער יונגער שעפערישער יידישער ליטעראַטור־באַוועגונג, האָט אין יענע וואָגיקע זאַמל־ביכער געדרוקט, חוץ דערציילונגען און חוץ זיינע יידישע ראָמאַנען „סטעמפּעניו" און „יאָסעלע סאָלאָוויי", אויך אָפּשאַצונגען און רעצענזיעס וועגן נייע ביכער. ער האָט שאַרף און, קענטיק, מיט גרויס הנאה אַטאַקירט וווערטלאָזע „שאַפונגען", בטלנישע מליצה־ביכלעך פון טאַלאַנטלאָזע „שרייבער", פאַרדאַרבנדיקע „ליטעראַטור", און האָט אַרויסגעוויזן אַ וואַרעמע, פריינטלעכע, דערמוטיקנדיקע באַציאונג צו נייע צוזאָגנדיקע טאַלאַנטן. אין דער זעלבער צייט האָט ער שוין דאַן אונטערשטראָכן די סאָציאַלע פונקציע פון ליטעראַטור אין גייסט פון די פּראָגרעסיווע אידייען פון יענער צייט, אידייען פון „גיין אין פאָלק", דינען דעם פאָלק, צוהערן זיך צו זיינע נויטן, פאַרבינדן ליטעראַטור מיטן לעבן פונעם פאָלק, מיט די אינטערעסן פונעם פאָלק.

ער האָט זיינע קריטישע אַרטיקלען, רעצענזיעס, אָפּשאַצונגען וועגן שרייבער און ביכער געדרוקט אונטער די פּען־נעמען: ס. ביכער־פרעסער, קריטיקוס דער צווייטער, סאָלאָמאָן עס־ביכער, שולמית, אסתר, א. אַנד.

אין דעם יאָר 1888 איז שלום עליכם אַרויסגעקומען מיט זיין באַרימטן „שמר'ס משפט" (דערשינען אין בערדיטשעוו) — אַ מעכטיקע אַטאַקע אויף שונד־ליטעראַטור, אויף פּוסטע „העכסט־שפּאַנענדיקע" ראָמאַנען, וואָס פאַרדאַרבן דעם געשמאַק פונעם לייענער און ציען אים אָפּ פון דערווירקלעכקייט. שלום־עליכם האָט דורך זיין טיפן אַנאַליז, דורך זיין ערנסטן, האַרבן „משפט" געגעבן אַ שטאַרקן צעשמעטערנדיקן קלאַפּ דעם שמר'יזם. אין זיין „משפט" איבער שמר'ן (נ. מ. שאַיקעוויטש, 1905-1850) האָט שלום־עליכם געגרופן אויסצואוואָרצלען פונעם יידישן ראָמאַן די „פאַרדרייטע, פאַרפּלאָנטערטע אינטריגעס, רירנדע און האַרצרייסנדע סצענעס, וואו מען גנבעט, מען גזלט אינמיטן העלן טאָג, וואו מען טראָגט מתים פון די קברים, וואו מען שלאָגט, מען הרגעט זיך ביזן טויט איבער אַ שיין מיידל, אַ ברונעטיו, אָדער אַ פיינעם בחור אַ בלאָנדין".

שלום־עליכם האָט אויפגעהויבן אַ ביטערן קאַמף קעגן יענע „ראָמאַנען", וואו „חנצ'ע און מירקע און ברוינדל האָבן גאָר קיינמאָל נישט געהערט, אַז ס'איז דאָ אויף דער וועלט אַ קראַם, אַ קלייט, אַ שענק, אַ טייטש־חומש — ניין! חנצ'ע און

מירקע און ברײנדעלע זיצן אויף װײכע סאַמעטענע דיװאַנעס, מיט קלײנע װײסע הינ־טעלעך אויף די הענט און זינגען זיסע סענטימענטאַלע לידעלעך פון „ליבע" (שמ"רס משפט"). אויך אין דעם פאַרלעצטן קאַפּיטל פון זײן ראָמאַן „סטעמפּעניו" האָט דער יונגער װײט־זעענדיקער שטײגנדיקער שעפערישער שלום־עליכם דערלאַנגט אַ גאַב די שונד־ראָמאַנען „װאו מען הענגט זיך און מען טרינקט זיך, װאו מען סמ'ט זיך און מען שיסט זיך, אָדער װאו פון אַ מלמד װערט אַ גראַף און פון אַ דינסט־מײדל אַ בת־מלכה און פון אַ באַהעלפער אַ פּיפּערנאָטער"...

װעגן שלום־עליכמס קאַמף קעגן שונדיזם האָט ש. ניגער דערקלערט (אין זײן באַנד „װעגן יידישע שרײבער", װאַרשע, 1914): „דורך דעם דאָזיקן שטרײט קעגן דעם בולװאַר־געשמאַק האָט ער [שלום־עליכם] געװאָלט צוגרײטן דעם לעזער צו זײן אײגענעם, אײנפאַכן, נאַטירלעכן, נאַטוראַליסטישן שטײגער שרײבן און, פאַר־קערט, דורך די בײשפּילן פון זײן אײגענעם שניט צו שרײבן — פאַרמיאוסן נאָך מער די שונד־שרײבערײ". זײן קאַמף פאַר רעאַליזם אין דער ליטעראַטור, פאַר אַנטװיקלען דעם געשמאַק בײם לײענער, האָט שלום־עליכם דאַן באַגלײט מיט זײנע ערשטע דרײ ראָמאַנען: „סענדער בלאַנק" (אַן אַנטי־בורזשואַזער ראָמאַן װעגן אַן אויפגעקומענעם נגיד) און „סטעמפּעניו" און „יאָסעלע סאָלאָװײ" — װעגן יידישע פאָלקס־קינסטלער (מיט װעלכע שלום־עליכם האָט זיך טײלװײז אַלײן אידענטיפי־צירט) — אַ נײער שטאַפּל אין דער אַנטװיקלונג פונעם יידישן ראָמאַן.

אין דעם ערשטן באַנד פון שלום־עליכמס „פאָלקס־ביבליאָטעק" זײנען אָפּגע־דרוקט געװאָרן רעצענזיעס װעגן נײנצן ביכער, אין דעם צװײטן באַנד — װעגן פיר ביכער (דער צװײטער הויפּט־רעצענזענט איז געװען רבי־קצין [י. ח. ראַװניצקי]). שלום־עליכם האָט זײנע רעצענזיעס געדרוקט אונטער אַ „קעפּל": „אויפן ליטע־ראַרישן מאַרק". מיט דער כּװנה צו דערמוטיקן און דערהויבן, אַנטװיקלען און קרעפטיקן די מאָדערנע יידישע ליטעראַטור האָט שלום־עליכם, אַ פּיאָנער פון דער יידישער ליטעראַטור־קריטיק, אויך צוזאַמענגעשטעלט אַ ביבליאָגראַפישע רשימה פון „אַלע זשאַרגאָנישע ביכער" אין די יאָרן 1888 און 1889, און ער האָט דאַן אויך אָנגעשריבן אַן אַרטיקל „װעגן זשאַרגאָן אויסלײגן".

אַ רײ שלום־עליכמס װערטפולע באַשרײבונגען און פאַרצײכענונגען װעגן שרײ־בער איז, װי באַקאַנט, אײנגעשלאָסן אין זײן בוך „יידישע שרײבער" (שלום־עליכם פאָלקס־פאָנד אויסגאַבע, ניו־יאָרק, 1919). אויף זײן אײנציק־אַרטיקן, אָריגינעלן אופן גיט אונדז איבער שלום־עליכם זײנע זכרונות און אײנדרוקן װעגן מענדעלע מוכר־ספרים, י. ל. פּרץ, דוד פרישמאַן, ח. נ. ביאַליק, א. ל. לעװינסקי, מ. מ. װאַר־שאַװסקי, דינעזאָן און ראַװניצקי. אויך דאָ (אין אַ דיאַלאָג „שלום־עליכם", 1902) רעדט אונדזער באַליבטער קלאַסיקער מיט פאַרביטערטקײט װעגן „די שמאַטעס, װאָס מען פאַרפלײצט מיט זײ אונדזער ליטעראַטור־מאַרק"; אויך דאָ רעדט ער, פּעליע־טאָן־מעסיק, װעגן דער נױטיקײט צו „שרײבן פונעם לעבן, פונעם אמתן יידישן לעבן", װעגן „שרײבן מיט נערװן, מיט בלוט, טאַקע טיף־טיף פונעם האַרצן".

שלום־עליכם, מענדעלעס לאַנג־יאָריקער תלמיד און חסיד, איז, דער עיקר אי־נעם ערשטן פּעריאָד פון זײן שאַפן, געשטאַנען אונטערן זיידנס השפּעה (אין פּרט פון טעמאַטיק, אויסװאַל פון כאַראַקטערן, סטיל, שילדערונג פון קאַסרילעװקע — אַ װײטערדיקע שטופּע פון מענדעלעס קאַבצאַנסק). ער האָט געשריבן מיט פּיעטעט װעגן דעם ליבן זיידן: „...איר װעט זען פאַר זיך אין אײן צײט אי אַ טיפן דענ־

קער, אי אַ מאָדנעם קינסטלער, אי אַ קינד פון דער נאַטור... מענדעלע מוכר־ספרים אין אַ געזעלשאַפט איז אַזויפיל אָריגינעל, אייגנאַרטיק, ווי מענדעלע מוכר־ספרים אין דער ליטעראַטור״... („ווי שיין איז דער בוים״). שלום־עליכם דער־ציילט: ער האָט, אַ יונגערמאַן נאָך, טאַקע אונטערן זיידנס איינפלוס אָנגעשריבן אַן אַלעגאָריש ווערק, אַ ראָמאַן, „כמו ווי להבדיל אַ מין ,קליאַטשע׳, און ווען ער האָט אָט־דאָס ניט־געראָטן ווערק פאָרגעלייענט פאַרן ליבן זקן האָט אים יענער גע־עצהט אַריינוואַרפן „דאָס גאַנצע העפט אין אויוון אַריין — און פאַרברענט דאָס אויפן פייער״. שלום־עליכם פאַרענדיקט די באַשרייבונג מיט דאַנקבאַרקייט צו מענדעלען פאַר זיין עצה טובה.

פון גרויס באַדייטונג זיינען שלום־עליכמס צוויי אַרטיקלען „מ. מ. וואַרשאַווסקי און זיינע לידער״, וועגן דעם יידישן פאָלקס־דיכטער, וועמען אונדזער קלאַסיקער האָט „אַנטדעקט״, דערמוטיקט און געהאָלפן אַרויסגעבן זיין פּרעכטיקע זאַמלונג פאָלקסטימלעכע לידער, וואָס זיינען (ווי שלום־עליכם האָט פאָראויסגעזאָגט) אַריין אין פאָלק און געוואָרן פאָלקס־לידער. די צוויי אַרטיקלען זיינען פאָררעדעס צו דער ערשטער און צווייטער אויפלאַגע פון וואַרשאַווסקיס לידער, וועלכע שלום־עליכם באַצייכנט אַלס „לידער פאַרן פאָלק״.

אין „אַ וואָך מיט י. ל. פּרץ״ (געשריבן אין 1915, אַ יאָר פאַר זיין טויט) האָט שלום־עליכם געגעבן אַ זעלטן־שיינע כאַראַקטעריסטיק פון פּרץ און דינעזאָנען: „אין דינעזאָנען האָט פּרץ געפונען אַ מאַמע״... „בעת פּרץ איז פאַרגאַנגען מיט אַ בייער זאַך, האָט מען דאָס געקענט אַרויסזען אויף דינעזאָנס פּנים, און אַז פּרץ האָט די נייע זאַך אָנגעשריבן האָט דינעזאָנס פּנים געשיינט ווי די זון״... „ווי אַרום אַ ציטעריק קינד, זיינען זיי [פּרץ און דינעזאָן] די גאַנצע צייט אַרומגעגאַנגען אַרום מיר, געהיט, איך זאָל מיך, חס ושלום, ניט פאַרקילן״. אַ באַגייסטערטער פאַר דער גרויסער פּרץ־פּערזענלעכקייט שרייבט שלום־עליכם: „אַ ברייט וואַרעם האַרץ, אַ קאָלאָסאַלער קאָפּ, אַ מענטש אַ ריז — אָט־דאָס איז געווען דער איינדרוק, וואָס ער [פּרץ] האָט געמאַכט״. און מיט ווייטאָק און צער פאַרענדיקט שלום־עליכם זיין באַ־שרייבונג: „ווער האָט דעמאָלט געקאָנט זאָגן, אַז דאָס וועט זיין ביי מיר די לעצטע וואָך מיט פּרצן?״...

אין „שמר׳ס משפּט״, אין שלום־עליכמס בריוו, אין דעם „שלום־עליכם־בוך״ זיינען פאַראַן טרעפלעכע אַרויסזאָגונגען פון אונדזער גרויסן קלאַסיקער וועגן ענינים פון ליטעראַטור, ווי בכלל וועגן באַזונדערע שרייבער, צווישן זיי וועגן: טאָלסטאָיען, טורגעניעוון, גאָגאָלן, סאַלטיקאָוו־שטשעדרינען, טשעכאָוון, מאַקסים גאָרקין.

ענטפערנדיק אויף אַן איינלאַדונג צו „שרייבן עפּעס וועגן טאָלסטאָיען״, האָט שלום־עליכם אין אַ בריוו געשריבן: „...איך האָב מיך כל ימי געריסן צו דער דאָזיקער שיינענדיקער, לייכטנדיקער און וואַרעמענדיקער זון, וואָס האָט געהייסן ,טאָלסטאָי׳... איך האָב ניט זוכה געווען צו קענען טאָלסטאָיען פּערזענלעך — און דאָס וועט מיר באַנג טאָן ביז מיין לעצטן טאָג אויף דער ערד״.

מיט גאָגאָלן האָט ער (שלום־עליכם) זיך געפילט „נאָענט פאַרוואַנדט״, ווערט דערציילט אין דעם „שלום־עליכם־בוך״. שלום־עליכם האָט איבערגעזעצט פון וו. ג. קאָראָלענקאָס בוך „דער בלינדער מוזיקאַנט״ און אין אַ בריוו צום רוסישן אויטאָר באַצייכנט זיין ווערק אַלס „העכסט־טאַלאַנטפול״.

דורך זיינע באַמערקונגען וועגן אַנדערע שרייבער, קענען מיר שלום־עליכמען

נאָך בעסער באַנעמען, פאַרשטיין — און נאָך טיפער ליב האָבן. וועגן טאָלסטאָיען און טשעכאָוון שרייבט ער (אינעם „שלום־עליכם־בוך"), אַז „זיי זיינען אַזוי עכט און אַזוי אויפריכטיק, אַז אַלע פאַרשטייען זיי. אָט ביי וועמען מיר דאַרפן זיך לער־נען, ווי אַזוי צו שרייבן!" און ער האָט זיך געטריי, וואונדערלעך, מיט גרויס התמדה און טיפער חכמה געלערנט! און אויך אים פאַרשטייען אַלע — אפילו דורך איבערזעצונגען!

ער האָט הויך געשאַצט די ווערק פון טורגעניעוון. אין „שמ"ר'ס משפט" האָט ער אויסגערופן: „טורגעניעוו איז באמת אַ שריפטשטעלער, אַ געני, אַ קינסטלער, אַ פּאָעט און דערצו נאָך אַ מענטשן־פריינט מיט אַן עסטעטישן געפיל, מיט אַ גייסט, מיט אַ געשמאַק, מיט אַלע מעלות־טובות"...

עס איז ברייט באַקאַנט, ווי הויך מאַקסים גאָרקי, דער ריז פון דער רוסישער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור, האָט געשאַצט דעם געני, די קונסט פון שלום־עליכם, און זיין ליבשאַפט צום פאָלק. אין אַ בריוו פון 1901 האָט שלום־עליכם אויסגעדריקט זיך וועגן גאָרקין: „אַ מענטש מיט אַ גוואַלדאָווגער פען, מיט אַ ריזן־טאַלאַנט און מיט אַ גילדן האַרץ — מאַקסים גאָרקי"... אין צווייי בריוו פונעם 15טן נאָוועמבער 1904 צו זיינע קינדער האָט שלום־עליכם ענטוזיאַסטיש באַשריבן זיין באַזוך אין פּעטערבורג ביי גאָרקין, „וועלכער האָט מיך אויפגענומען העכסט־פריינטלעך, ריין־חבריש און האָט מיך באַצויבערט".

(זונטיק, מערץ 8, 1959)

## ד. שלום־עליכמס באַציאונג צו ליטעראַטור

וואָס איז געווען שלום־עליכמס באַציאונג צו ליטעראַטור, צו דער וואָרט־קונסט? וואָס פאַר אַ פאָדערונגען האָט ער געשטעלט דער ליטעראַטור, די שריי־בער? וואָס איז געווען זיין אייגענער דרך אין דער ליטעראַטור, דורך וועלכן ער האָט אויף אַ ממשותדיקן, קאָנקרעטן אופן רעאַליזירט זיינע אייגענע אידייען וועגן קונסט?

שלום־עליכם האָט געהאַלטן אָפן זיינע אויגן און אויערן, זיין האַרץ, אַלע זיינע חושים, פאַר דער אַרומיקערווירקלעכקייט, פאַר די וויכטיקסטע פּראָבלעמען פון זיין צייט, פאַר די באַדערפענישן פון פאָלק. ליטעראַטור, האָט ער געהאַלטן און אויפגעקלערט אַנדערע, דאַרף דערהויבן, דערציען, קרעפטיקן דאָס פאָלק. ניט נאָר דאַרף דער אמתער שרייבער זיין פאַרבונדן מיט דער פאָלקס־מאַסע, נאָר עס דאַרף אים אַרן, עס דאַרף אים אַנגיין, עס דאַרף אים טיף און שטאַרק נוגע זיין אַלץ וואָס געשעט דעם פאָלק, אַלץ וואָס דאָס פאָלק לעבט־איבער. דערפון איז שוין במילא געדרונגען, אַז פונעם אמתן שרייבער ווערט דערוואַרט, ער זאָל קינסטלעריש אָפּ־שפּיגלען — און פאַרשטייט זיך, אמתדיק, אָן באַפּוצונגען — דאָס לעבן, די סביבה, די צייט, די דערפאַרונגען, געפילן און שטרעבונגען, איבערלעבונגען פונעם פאָלק.

אָט־די געדאַנקען האָט אונדזער גרויסער קלאַסיקער אַרויסגעבראַכט ביי פיל געלעגנהייטן: אין זיינע אַרויסזאָגונגען וועגן ליטעראַטור און שרייבער, אין זיין „שמר'ס משפט" (בערדיטשעוו, 1888), אין זיינע אַרטיקלען און רעצענזיעס אין די צוויי בענד פון „די אידישע פאָלקס־ביבליאָטעק" (1888 און 1889), אין פאָררעדעס

צו אייניקע פון זיינע שאַפונגען, אין פיל פון זיינע בריוו.

„אַ היינטיקער ראָמאַן, — האָט ער געשריבן, — „מוז אונדז געבן נאָר דאָס, וואָס דאָס לעבן גיט אונדז. אַ שרייבער, אַ ראָמאַניסט אין איצטיקער צייט — דאָס איז אַ קינסטלער, אַ מאָלער, וואָס באַטראַכט רעכט די וועלט און דאָס לעבן פון אַלע זייטן, און קאָפּירט פון דעם בילדער. אַ שרייבער אַ ראָמאַניסט אין דער איצטיקער צייט — דאָס איז אַ כודאָזשניק [מאָלער], וואָס מאָלט אונדז ניט נאָר די אויסנווייניקסטע צורה, דאָס געשטאַלט פונעם מענטשן, נאָר אויך אַלע אינעווייניקסטע ווינקעלעך מיט אַלע קנייטשעלעך פונעם מענטשנס כאַראַקטער, מיט אַלע אונדזערע השגות און תאוות, מיט אונדזערע פאַרגעניגן און יסורים, פרייד און לייד, — אַלץ וואָס פילט־אָן אונדזער פאַרטאַראַאַמט, פאַראומערט לעבן אויף דער וועלט" („די יידישע פאָלקס־ביבליאָטעק", צווייטעס בוך, 1889).

דאָס זיינען געווען די אידייען פון דער פאָרגעשריטענער ראַדיקאַלער רוסישער פירנדיקער ליטעראַטור־קריטיק פון יענער צייט. דאָס זיינען אויך געווען די אידייען פון זיידן מענדעלע, אַרויסגעזאָגט אין זיין „עין משפט" און „משפט שלום" און ביי אַנדערע געלעגנהייטן.

לערנענדיק, אַז דער פאָלקס־שרייבער איז, דאַרף זיין, „אַ שפּיגל, אין וועלכן עס טוען זיך אָפּבילדן, אָפּשיינען די שטראַלן פון לעבן — ווי אין אַ ריינעם קוואַל וואַסער די שטראַלן פון דער ליכטיקער זון", האָט שלום־עליכם אונטערשטראָכן, אַז „עס קאָן ניט איבערגיין אַ לעבנס־באַוועגונג, אַ שמחה אָדער אומגליק ביים פאָלק וואָס דער שרייבער זאָל עס ניט אָנרירן, און טאַקע גוט אָנרירן — ביזן ביין אַריין".

זיין טעאָריע וועגן ליטעראַטור האָט דער גרויסער קלאַסיקער שפּעטער אילוסטרירט דורך טאַט, דורך זיינע אייגענע קינסטלערישע ווערק, וואָס האָבן ניט דורכגעלאָזט קיין איין „לעבנס־באַוועגונג, שמחה אָדער אומגליק ביים פאָלק". אין דעם פּרט איז ער געווען אַ „אומר ועושה". זיין טעאָריע, אַז יעדער בעלעטריסט דאַרף „געבן אין זיין ראָמאַן נאָר דאָס, וואָס מעגלעך איז, וואָס אינעם לעבן געפינט זיך, וואָס עס קאָן זיך געפינען" („שמר'ס משפט"), און אַז אין יעדן ראָמאַן זאָל מען קענען געפינען „אַן אמתן אָפּשיין פונעם פאָלקס־לעבן, וואָס ווערט אין אים באַשריבן מיט זיינע אייגענע כאַראַקטערן און מיט זיינע אייגענע טיפּן", האָט אונדזער באַליבטער קלאַסיקער פּראַקטיצירט דורך זיינע זיבן ראָמאַנען, וואָס גיבן אַ ברייטע פּאַנאָראַמע פון יידישן פאָלקס־לעבן.

פּונקט ווי צום סוף פון זיין קורצן, נאָר שעפערישן לעבן, האָט ער פאַר דער עפּיטאַפיע אויף זיין מצבה אויפגעשריבן די ווערטער: „דאָ ליגט אַ ייד, אַ פּשוטער, געשריבן יידיש־דייטש פאַר ווייבער און פאַרן פּראָסטן פאָלק האָט ער — געווען אַ הומאָריסט אַ שרייבער", אַזוי האָט ער שוין אין דעם ערשטן פּעריאָד פון זיין שאַפן געשריבן: „...מיר שרייבן ניט פאַר קיין קנאַפּ ביסל אויסדערוויילטע, נאָר פאַרן גאַנצן פאָלק און דאָס פאָלק פאַרשטייט אונדזער געדאַנק"... („המליץ", 1889).

ער האָט ביים פאָלק געפונען אַ וועלט מיט שיינקייט, אַ וועלט מיט טאַלאַנט, ווירדע, יום־טובדיקייט אין דעם וויסטן אינדערוואָכן פון הונגער, נויט, צרות, אונטערדריקונג. ער האָט ביים פאָלק געפונען אמתע העלדן פאַר קינסטלערישע ווערק: טביהן, האָדלען, פּעפּערלען, מאַשע באַשעוויטש, סטעמפּעניון, יאָסעלע סאָלאָוויי, פיל נאָמענלאָזע העלדן, וועמען ער האָט אַרויסגעהויבן און דערהויבן. די העלדן, האָט ער געלערנט, זיינען דאָ אין פאָלק, צווישן פאָלק; מען דאַרף זיי ניט זוכן אין די

הרי־חושך אָדער צווישן דער אַריסטאָקראַטיע. ער האָט געלערנט דעם שרייבער: „ווער ס׳איז באַקאַנט מיט אונדזער פאָלק, דער ווייסט, אַז העלדן געפינען זיך צווישן אונדזער המון־עם אַ סך מער אַלס ביי אונדזער ,העכערער קלאַסע׳, וואָס מען רופט זי אינטעליגענציע״. שוין דאַן האָט ער געלערנט און גערופן די שרייבער צו זיין,מיטן און אין דעם פאָלק, זיך ניט אָפּרייסן פונעם אמתן שורש פון אַ שרייבער, וואָס דאָס איז דאָס פאָלק. שוין דאַן האָט ער געוואָרנט קעגן די פאַרזוכן אויס־צומיידן דיווירקלעכקייט אָדער אַנטלויפן פון איר.

אַליין פאַרזעצנדיק אויף זיין אָריגינעלן אופן די טראַדיציע און איינשטעלונג פון מענדעלע, יצחק־יואל לינעצקי און אברהם גאָלדפאַדען, האָט ער אויף זייערע ווערק אָנגעוויזן ווי אויף אַ שאַרפן קאָנטראַסט צו די שונד־און בולוואַר־ראָמאַנען פון שמר׳ן און שמר׳ס נאָכמאַכער. להיפּוך די פוסטע, ניט־געשטויגענע מעשיות וועגן פּרינצן און גרעפינס און נעכטיקע טעג האָט ער אָנגעוויזן אויפן שרעקלעכן יידישן דלות ווי אויף אַ הויפּט־טעמע (אַ צענטראַלע טעמע אין מענדעלעס ווערק, אין שלום־עליכמס כתרילעווקער בילדער). וועגן דעם האָט ער זיך באַזונדערס אָפּגעשטעלט אין זיין קריטישער אָפּהאַנדלונג „דער יידישער דלות אין די בעסטע ווערק פון אונדזערע פאָלקס־שריפטשטעלער״ (אין אַ ביילאַגע צום „אידישן פאָלקס־בלאַט״, 1888).

אַזוי אַרום האָט שלום־עליכם אין משך פון יאָרן אַנטוויקלט און פאָרמולירט אַ פּראָגראַם פון ליטעראַטור, וואָס דאַרף זיין קינסטלעריש, עכט, אמתדיק, רעאַ־ליסטיש, געטריי דעם פאָלק, — אַ פאָלקס־ליטעראַטור. אין משך פון זיין גאַנץ פּרוכטבאַר, מיזאַם לעבן האָט ער דורך זיינע אייגענע שאַפונגען געהאָלפן דורכפירן אָט־די פּראָגראַם אין לעבן.

אין אַן אַרטיקל „שלום עליכם, דער לעבעדיקער פילאָזאָף״ (אין זיין בוך „פון זשאַרגאָן צו יידיש״, ווילנע, 1929) האָט שמעון דובנאָוו איבערגעגעבן אַ בריוו, וואָס שלום־עליכם האָט אים געשריבן אין 1888, דערקלערנדיק אים די פּראָגראַם פונעם זאַמלבוך „די אידישע פאָלקס־ביבליאָטעק״: „איך וויל אים [דעם זאַמלבוך] אויפ־הייבן אויף אַזאַ הויכער מדרגה, צו וועלכער עס האָבן נאָך נישט דערגרייכט אפילו אַזעלכע אויסגאַבן ווי דער ,האָסיף׳ אָדער ,כנסת׳ [העברייאישע זאַמלביכער]. און אין דער זעלבער צייט מאַכן אים צוגענגלעך פאַרן פאָלק. איך האָב דאָ צונויפ־געקליבן דאָס בעסטע, וואָס אונדזער ליטעראַטור פאַרמאָגט״. באַמערקט, זייט אַזוי גוט, די צוויי פראַזן: „צוגענגלעך פאַרן פאָלק״ און „דאָס בעסטע״. צוויי וויכטיקע פאָדערונגען!

און ווייטער: דעם 11טן נאָוועמבער, 1889, האָט שלום־עליכם, דאַן אין קיעוו, אַרויסגעשיקט צו דובנאָוון (דעם דעמאָלטיקן קריטיקער פון „וואָסכאָד״) זיין ביי ווערק „סטעמפּעניו״, וואָס שלום־עליכם האָט באַצייכנט אַלס זיין „ערשטן ראָמאַן״. אין אַ בריוו, דעם זעלבן טאָג, צו דובנאָוון האָט שלום־עליכם אָנגעוויזן, אַז זיין כוונה איז געווען אָנצושרייבן „אַ יידישן ראָמאַן פאַרן פאָלק״, און אַז ער האָט פאַרן צוועק פון זיין ראָמאַן גענומען ביים פאָלק „אַלע וואונדער־שיינע לעגענדעס וועגן דער דאַזיקער, אַזוי צו זאָגן, היסטאָרישער פּערזענלעכקייט״ (סטעמפּעניו).

וויכטיק איז דערביי אָנצוּוואַוויזן אויף דער טיף־ערנסטער און אחריותפולער באַציאונג פונעם דאַמאָלט־יונגן קינסטלער שלום־עליכם צו זיין באַרוף אַלס שריי־בער: אַזוי ווי דער באַרימטער יידישער פידלער סטעמפּעניו איז געווען אַ גע־

בוירענער אין בערדיטשעוו, און דאָרט און אין די אַרומיקע שטעט זיינען אַרומ־געגאַנגען „אַנעקדאָטן, געשיכטעס און לעגענדעס" וועגן אים, איז שלום־עליכם „געפאָרן קיין בערדיטשעוו, געזוכט זיך איבערשרייבן און פאַרבינדן פּערזענלעכע באַציאונגען מיט כלי־זמרים, וועלכע האָבן טיילווייז אַנטפּלעקט פאַר מיר די נשמה פונעם דאָזיקן מענטשן; דאָס איבעריקע האָט שוין אויסגעפּילט מיין שעפערישע פאַנטאַזיע" (פון אויבן־דערמאָנטן בריוו צו דובנאָוון).

אונדזער גרויסער קינסטלער, וועלכער האָט אונדז שפּעטער אין זיינע קאָס־רילעווקער בילדער געשילדערט דעם וואַלד אויפן באַזיס פון איינצלנעביימער, די „כנסת ישראל" אויפן גרונט פון „רב ישראל", דעם כלל לויט דעם פּרצוף פון די יחידים, האָט שוין דאַן אין ערשטן פּעריאָד פון זיין שאַפן טיף באַנומען דעם אונטערשייד צווישן נאַטוראַליסטישער פאָטאָגראַפיע און עכטער רעאַליסטישער קונסט. אין אַן אַנדער בריוו צו דובנאָוון שרייבט שלום־עליכם · „באַזונדערס אינ־טערעסירט מיך אייער אומפּאַרטייאישע מיינונג וועגן ,סטעמפּעניו", וועלכער איז שוין נישט קיין קאָפּיע פון דערווירקלעכקייט, נאָר אַ קינסטלעריש בילד, וואָס באַלעבט די ווירקלעכקייט מיט זיינע שיינע, האַרמאָנישע און קלאָרע בילדער און שטריכן".

אין שלום־עליכמס ווערק האָט געשטעקט פיל מי, געזונט, האַרץ, האָרעוואַניע. אין אַ בריוו פון באָיאַרקע, דעם 18טן יולי, 1889, וועגן זיין ראָמאַן „יאָסעלע סאָ־לאָוויי", האָט ער געשריבן, אַז דאָס ווערק „קאָסט מיך אַ האַלב יאָר אַרבעט און, דאַכט זיך, עטלעכע יאָר לעבן. איך האָב נאָך קיינמאָל אַזוי נישט געהאָרעוועט איבער אַ ווערק און נישט באַאַרבעט אַזוי גענוי אַ זאַך פון אַלע זייטן". אין אַ שפּעטערדיקן בריוו צו דובנאָוון (קיעוו, 2טן פעברואַר, 1890) שרייבט ער אים, אַז ער האָט דעם ראָמאַן „יאָסעלע סאָלאָוויי" „איבערגעשריבן אַ מאָל פינף און, דאַכט זיך, נישט בחינם אַזוי איבער דעם געהאָרעוועט".

מיט גרויס אָנשטרענגונג פלעגט ער, אונדזער גרעסטער שרייבער, אַרויסרייסן ממש ווי מיט די ציין, צייט פאַר זיין שרייבן און שלייפן און נאָך אַמאָל שלייפן. אין אַ בריוו צו זיין פריינט, דעם שרייבער מרדכי ספּעקטאָר, האָט ער אין 1903 מיט ווייטאָק געשריבן: „איך בין איצט מעוברת מיט אַזוי פיל מחשבות און בילדער, און איך בין שטאַרקער פון אייזן, וואָס איך ווער ניט צעשפּרונגען — און אַז אָך און ווי איז מיר, איך באַדאַרף נאָך לויפן זוכן אַ קערבל! ברענען זאָל די בערזע! ברענען זאָל דאָס קערבל!"

דער ערלעכער קינסטלער און האָרעפּאַשניק שלום־עליכם האָט אין זיין אַריינ־פיר צום ראָמאַן „סטעמפּעניו", אַ ווידמונג דעם זיידן מענדעלע, דערמאָנט מענ־דעלעס אָנזאָג, אַז „איבער אַ ווערק, ליב אייניקל, באַדאַרף מען שוויצן, מ'דאַרף אַרבעטן, פיילן איטלעכס וואָרט". און ער, שלום־עליכם, שרייבט אין אַ טאָן פון התנצלות: „פיילן! אָט דאָס איז טאַקע די צרה מיט אונדז, יונגוואַרג, וואָס מיר האָבן קיינמאָל קיין צייט נישט און כאַפּן אָפּ דאָס גאַנצע ווערק, שטייענדיק, ווי מען זאָגט, על רגל אחת". דער פאַקט איז, אַז אויך אין פּרט פון „אַרבעטן און פיילן" האָט שלום־עליכם פאָרגעזעצט די מענדעלע־טראַדיציע.

זיין אויג איז געווען געווענדט צום פאָלק, צו די שאַפונגען פון פאָלק און צו דער וועלט־ליטעראַטור. אין אַ בריוו פון 1913 האָט ער דערמאָנט: „פון די חכמי־העולם האָבן אויף מיר געווירקט מער פון אַלע גאָגאָל, היינע, סוויפט, טע־

קערעי, דיקענס און סערוואַנטעס מיט זיין ,דאָן קיכאָט׳״.

לאָמיר באַרייכערן אונדזער גייסט מיט שלום־עליכמס שאַפונגען. לאָמיר לער־נען פון זיין באַציאונג צו ליטעראַטור.

(מערץ 15, 1959)

# ה. שלום־עליכם אין מיין יוגנט

(אַ קאַפּיטל דערינערונגען)

איר קענט זיך גאָרניט פאָרשטעלן, וואָס שלום־עליכם האָט פאַר מיר געמיינט אין מיין לעבן, דער עיקר אין מיין יוגנט.

געווען בין איך דאַן אַ קליין ייִנגל אין אַ קליין שטעטל. צי דאַרף איך איך אויסמאָלן, ווי אַזוי מיין שטעטל יאַרוגע, פּאָדאָליער גובערניע, האָט דאַן, אַ פּאָר יאָר פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה אויסגעקוקט? פינצטער און וויסט, צוריק־געשטאַנען — ווי הונדערטער אַנדערע שטעטלעך אין צאַרישן רוסלאַנד. אַ שטעטל מיט מוראדיקע בלאָטעס, מיט אַ סטראַזשניק און אוריאַדניק, מיט אַן אָפּגעלאָזענעם מרחץ, מיט אַ יאַריד, מיט אַ סך יידן קבצנים, מיט ווייניק פרייד אין לעבן.

און דאָ קומט צו מיר אַ ייד אַ לץ, אַ וויצלינג, אַ פריילעך־מאַכער, מיט אַ שפּראַך אַ פשוטער, און ער דערציילט מיר מעשיות און געשיכטעס, וואָס ממש איך לעק פון זיי די פינגער. און איך לייען אים און קוועל־אָן, און אַלעמאָל שיס איך אויס אַ געלעכטער.

ניין, אַזאַ שרייבער האָב איך נאָך קיינמאָל פריער ניט געלייענט. און אין מיין אומעטיק לעבן (אַ לעבן פון אַ יתום!) ברענגט ער אַריין אַ סך יום־טוב און פרייד, און איך קאָן זיך שוין פון אים ניט אָפּרייסן. ער ווערט מיר ממש איינגעבאַקן אין האַרצן. איך, אַ קליין יתומל, דערפיל, אַז אָט־דער ייד, עפּעס אַ היימישער ייד — קענטיק, פון מיינע מקומות — פאַרשטייט מיך אַזוי גוט, גייט אַריין אין מיין „פּאָלאָזשעניע״ (לאַגע), רעדט מיין שפּראַך, דערציילט מיר וואונדערלעכע זאַכן, און איך שעפּ תענוג פון זיינע חכמות און ווערטלעך און פסוקים.

הכלל און בקיצור, דער ייד מיטן נאָמען שלום־עליכם ווערט מיינער אַן על־טערער „גוטער ברודער״, כאָטש איך קען אים ניט פערזענלעך. איך קוק זיך איין אין זיין בילד און איך ברען מיט אַ באַגער צו באַגעגענען אים ווען־עס־איז אין מיין לעבן און אים אָפּגעבן אַ ברייטן שלום־עליכם.

שוין דער נאָמען אַליין זיינער באַצויבערט מיך. הער אַן איינפאַל: נעמט אַ ייד אַ שרייבער און גיט זיך אַ נאָמען: שלום־עליכם. און אָט־דער נאָמען מיינט שוין פאַר מיר אָט וואָס: היינט ביינאַכט, ווען אַלע אין הויז וועלן שוין שלאָפן, וועל איך זיצןביים טיש מיט אים, מיט מיין אייגענעם, מיט מיין ליבן קרוב שלום־עליכם, און ער וועט פאַר מיר עפענען אַלץ נייע וועלטן — און דווקא וועלטן פון היימישע שטעטלעך, היימישע יידן און יידענעס, ייִנגלעך מיינס גלייכן — און איך וועל זיך קוויקן און איינזאַפּן די אַלע געשיכטעס, און איך וועל מוזן צוריקהאַלטן מיין געלעכטער, ניט אויפצואוועקן זיידע־באָבע אין דעם דערבייאיקן אַלקער, און דער קעראָסין־לאָמפּ וועט אָנהויבן צאַנקען, און איך וועל אַלץ ניט וועלן גיין זיך לייגן שלאָפן.

פאַרשיידענע געגנשטאַנדן, וואָס כ׳האָב אין יענער צייט געלערנט, זיינען געווען אַ מוז־זאַך, און דעריבער — אַ סך קנאַפּע פאַרגעניגן. שלום־עליכם אָבער איז געווען אַן עונג יום־טוב. איך האָב געמאַכט אַן אָנשטרענגונג צו קריגן וואָס מער פון זיינע ביכער, ביכלעך און ביכעלעך, און איך האָב ממש געשלונגען זיינע דער־ציילונגען, מאָנאָלאָגן, מעשיות, ראָמאַנען, איינאַקטערס, קאָמעדיעס. זיין יידיש איז פאַר מיר געווען גאָר אַ מחיה: עפּעס אַזאַ זאַפטיק, באַ׳טעמ׳ט, פאַרשטענדלעך לשון, ווי יידן רעדן ביי אונדז אין שטעטל. זיין יידיש איז פאַר מיר געווען טעם גן־עדן.

מיט דער צייט איז ער פאַר מיר געוואָרן אַ לערער, מיין נאָענטסטער לערער: פון אים האָב איך געלערנט און זיך דערוואוסט זאַכן, וואָס איך האָב ביי מיינע לערערס קיינמאָל ניט געהערט. אָט־דער פריילעכער פעטער מיטן ליבלעכן נאָ־מען האָט מיר געוויזן, ווי אַזוי עס לעבן יידן אָרעמע לייט און יידן נגידים אין פיל אַנדערע שטעטלעך. פון אים האָב איך אָנגעהויבן לערנען געשיכטע און גע־אָגראַפיע, דאָס הייסט, די געשיכטע און געאָגראַפיע פון יידישע שטעטלעך: ער האָט מיר אויף אַ פּשוטן אופן געהאָלפן אַריינקוקן אין די הערצער און מוחות פון כלערליי מענטשן, פאַרשטיין זייער געדאַנקען־גאַנג, באַנעמען זייער פּסיכאָלאָ־גיע. איך האָב אין אים דערזען — אַ „מקימי מעפר דל ומאשפות ירים אביון״: דעם אָרעמאַן, דעם עני ואביון דערהויבט ער. כ׳האָב זיך דאַן שטאַרק געחידושט: ווי אַזוי ווייסט עס אַ מענטש אַזוי פיל זאַכן? ווי אַזוי קען עס אַ ייד אַ שרייבער אַזוי פיל מענטשן? אַזוי פיל שטעט און שטעטלעך? און וואו נעמט ער דעם כוח דאָס אַלץ צו קענען אַזוי קלוג, אַזוי שכלדיק באַשרייבן, אַזוי לעבעדיק אָפּ־מאָלן? און פונוואַנען ווייסט ער אַזוי גוט, וואָס עס טוט זיך אין דער נשמה פון אַזאַ יינגל ווי איך און פיל אַנדערע יינגלעך און מיידלעך? (זיין „מאָטל פּייסי דעם חזנס״ איז פאַר מיר געווען גאָר אַ יום־טוב!).

גאָר אַ באַזונדערן פאַרגעניגן האָב איך געהאַט דערפון, וואָס ער שרייבט מיט אַזוי פיל ליבשאַפט וועגן מיר און אַזוינע יינגלעך ווי איך, עלנטע יידישע קינדער, וואָס ער האָט געקענט לייענען זייערע געפילן און געדאַנקען, אונדזערע בענקשאַפטן און חלומות, די צאַפּלענישן אין אונדזערע הערצער, אפילו דאָס געבוירן־ווערן און אויפגיין פון יונגער צאַרטער זיסער ליבע — און דאָס אַלץ אַרויסברענגען אַזוי עכט, אַזוי אמתדיק, פונקט ווי ער וואָלט געווען מיט אונדז צוזאַמען די גאַנצע צייט, זיך געחברט מיט אונדז, זיך אָנגענומען אונדזער קריוודע, זיך איינגעשטעלט פאַר אונדז לגבי די „גרויסע״, די „דערוואַקסענע״, די עלטערע, וואָס ווילן אונדז ניט פאַרשטיין און קענען אונדז ניט פאַרשטיין. אַזוי אַרום איז שלום־עליכם גע־וואָרן מיין עלטערער חבר.

געלערנט און געלייענט האָב איך שוין דאַן ביאַליקן אין העברייאיש, גאָגאָלן אין רוסיש. ביאַליקס שירים האָבן פאַר מיר געקלונגען ווי מוזיק; גאָגאָלס באַ־שרייבונגען זיינען מיר געווען אינטערעסאַנט. ס׳האָט מיר אָבער אין זיי געפעלט היימלעכקייט. זיי זיינען געווען ליטעראַטור, אַ הויך וואָרט. זיי האָבן אַרויסגערופן אַ יראת־הכבוד. כבוד מיט יראה. שלום־עליכם איז פאַר מיר געווען דאָס לעבן אַליין. צו אים דאַרף מען זיך ניט אָנשטרענגען, ניט אונטערגאַרטלען. מיט אים פילט מען זיך היימיש און נאָענט. שוין זיין נאָמען אַליין איז ביי מיר געוואָרן אַ מין סימבאָל פון פריינטלעכקייט, פון גוט ברודערישקייט. כ׳האָב געהאַט דאָס געפיל: ער קומט צו מיר (אין מיין איינזאַמקייט און פאַריתומטקייט) און דריקט

מיר די האַנט: „שלום־עליכם, יונגאַטש איינער!“ און זיין קלוגער, וואַרעמער שמייכל ברענגט מיר קראַמפּט און דערמוטיקונג: „בישקשה, ווּעסט ניט פאַרפאַלן גיין! ווּעסט אויסוואַקסן אַ לייט!“.

און אַז כ׳האָב זיך גוט באַקענט מיט שלום־עליכמען, מיט זיינע מענטשן און שטעטלעך, האָב איך דערפילט: ווי האַלט מען עס אַזאַ אוצר נאָר פאַר זיך? ווי אַזוי טיילט מען זיך ניט אויך מיט שכנים מיט אַזאַ גרויסן פאַרגעניגן? און ס׳האָט ניט גענומען לאַנג, און אין אַ ווינטער־פרייטאָג־צו־נאַכט האָב איך פאַרגעלייענט מעשיות פון שלום־עליכם. דעם זיידנס שטוב איז געווען איבערגעפּאַקט מיט שכנים און שכנות. אינדרויסן האָט געברענט אַ פראָסט, אָבער אין הויז איז געווען וואַ־רעם אַ מחיה. יידן און יידענעס, אַלטע און יונגע, זיינען געזעסן פאַרגאַפּטע, גע־קנאַקט געפּראַזשעטע קערלעך אָדער סאָנישניק („סעמעשקעס“), ניט אַרונטערגע־נומען די אויגן פונעם פאַרלייענער, און אַלע מאָל אויסגעפּלאַצט אין אַ געלעכטער. שלום־עליכם האָט זיי באַלד „גענומען“: היימיש לשון, היימישע מענטשן. אויף זייערע פּנימער איז געווען אויסגעגאָסן: חידוש, באַוואונדערונג, שטוינונג, נחת. מיין באַגייסטערונג פאַר שלום־עליכמען און זיינע מעשיות האָט זיך באַלד איבער־געטראָגן צו זיי, צו מיינע צוהערער. זייערע פאַר׳דאגה׳טע, אויסגעהאָרעוועטע פּנימער האָבן געשיינט. שלום־עליכם האָט זיי פאַרשאַפט נחת.

צום ערשטן מאָל אין זייער לעבן האָבן מיינע שכנים און שכנות, יידן פון אַ גאַנץ יאָר, אייניקע פון זיי אין טיפן עלטער, פאַרזוכט דעם טעם פון טעאַטער. איך האָב זיך אינסטינקטיוו דערפילט אין דער ראָל פון אַ שוישפּילער. כ׳האָב פאַר־געלייענט ניט בלויז מיטן מויל — נאָר מיט מיין פּנים, מיט מיינע הענט. נאָכ־געמאַכט די תנועות און העוויות פון די פאַרשוינען אין שלום־עליכמס מעשיות. ס׳האָט ניט גענומען לאַנג — און כ׳האָב געהאַט דאָס געפיל, אַז אין שטוב, צו־זאַמען מיט מיינע צוהערער, זיינען דאָ שלום־עליכמס מענטשן. זיי ריידן דורך מיר. אַלע עטלעכע מינוט איז די דירה אָנגעפילט געוואָרן מיט געלעכטער.

די שבת־ליכט האָבן געשפּרייט יום־טובדיקייט; פון דער הרובע האָט זיך געטראָגן אַ וואַרעמקייט. עולם איז געזעסן ווי צוגעשמידט צו די ערטער און אָנ־געקוואָלן. און אָט קאַטשען זיך אַלע פון געלעכטער און האַלטן זיך ביי די זייטן לאַכנדיק. מיין פּנים בלייבט ערנסט, נאָר אין האַרצן וואַקסט אַ תענוג, וואָס כ׳האָב זיי, מיינע שכנים און שכנות, פאַרשאַפט פאַרגעניגן. אין משך פונעם פאַרלייענען האָב איך אייליק געוואָרפן אַ בליק אויף אייניקע פון די צוהערער; דערזען האָב איך: פּנימער האַרטע, וואָכעדיקע, כמעט ברוגזע האָבן איצט געשטראַלט, גע־שמאָלצן זיך פון נחת. אָרעמע, עלנטע פאָלקס־מענטשן: אַ לעבן פול מיט דאגות, מיט שווערקייטן, מיט עול־פּרנסה, מיט עגמת־נפש — און דאָ אַזאַ אומגעריכטע פרייד! און אָט־דער ייד שלום־עליכם דערציילט דאָך טאַקע וועגן זיי אַליין. פונ־וואַנען קען ער זיי אַזוי גוט? זיי וואָלטן געמעגט שווערן, אַז דאָס מיינט ער דאָך טאַקע זיי און אַנדערע ענלעכע יידן פון שטעטל; און מיט יענעם פאַרשוין דעם נגיד, דעם דבר־אחר, דעם גוואַלדיקן קמצן, מיינט ער דאָך טאַקע אַ פּאָר היימישע גבירים דאָ אין שטעטל.

און עס הערן זיך אויסרופן: אוי, איז דאָס אַ שלום־עליכם! שוין איין מאָל אַ שלום־עליכם!

מיינע צוהערער האָבן זיך פאַרליבט אין שלום־עליכמען, און אַלץ געבעטן זיך:

„איציקל, לייען אונדז נאָך אַ מעשה!" די שלום־עליכם פרייטאָג־צו־נאַכטס זייַנען געוואָרן אַ שטענדיקע „אינסטיטוציע". נאָך שכנים זייַנען צוגעקומען צום עולם צוהערער. ס'איז פּאַר זיי געווען עלעהעי אַ ספּעקטאַקל. קיין טעאַטער איז אין שטעטל ניט געווען (מ'האָט אפילו ניט געוואוסט מיט וואָס מען עסט עס). איין מאָל אין אַ יובל פלעגט קומען (פאַרבייפאָרן) אַ רוסישע טעאַטער־טרופּע אויף איין אָוונט, און דאַן פלעגט דאָס שטעטל גיין כאַדאָראָם. און דאָ האָט איציקל אַלטערס (אַזוי האָט מען מיך גערופן) אַרונטערגעבראַכט איינעם אַ שלום־עליכם, אַ גרויסן שרייבער, עפּעס גאָר אַזוינס־און־אַזעלכעס, און אָט־דער שלום־עליכם איז אַן אמתער „טרעיאַטער"...

מיט דער צייט זייַנען טביה דער מילכיקער און מנחם־מענדל געוואָרן נאָענטע מחותנים אין אונדזער שטוב, צווישן דעם עולם צוהערער. און מיר אַלע האָבן גוט געקענט טביהס ווייב גאָלדע און זייערע טעכטער: צייטל, האָדל, חוה, שפּרינצע, ביילקע; און מיר האָבן זיך געפילט היימיש מיט מנחם־מענדלס ווייב שיינע־שיינדל פון כתרילעווקע. מיר האָבן ליב באַקומען טביהן און גוואַלדיק הנאה געהאָט פון דעם אופן, ווי אַזוי ער טייטשט פּסוקים. אויסגעדוכט האָט זיך, אַז אָט־דער וואוי־לער, פּשוטער, ליבהאַרציקער ייד קומט פון אַ דערפל ניט ווייט פון יאַרוגע. מנחם־מענדל האָט אונדז דערמאָנט אין אַ סך באַקאַנטע יידן: לויפער, דרייער, שפּרינ־גער, בעלי־חלומות, מיט אַ רייכער פאַנטאַזיע, יידן־סוחרים, מעקלערס געראָטן אין מנחם־מענדלען ווי צוויי טראָפּן וואַסער.

מאָטל קאַמזויל און פּעפּערל זייַנען ביי אונדז געוואָרן היימישע מענטשן. יענטע די קורעלאַפּניטשקע, די יידענע מיטן „טעפּל", אויך די „יידענע, וואָס הייסט בתיה, קוילעט געענדז חנוכה און פּרעגלט שמאַלץ אויף פּסח", זייַנען אונדז גע־וואָרן נאָענט און טייער. אַ פּאָר עלטערע שכנות האָבן פאַרגאָסן אַ טרער, צו־הערנדיק זיך צו דער תשעה באב־מעשה „אַ גרינגער תענית", וואו דער אָרעמער ייד חיים חייקין פון דער אָרעמער כתרילעווקע גייט־אויס אין שול פון הונגער, פון פראַווען שטענדיקע תעניתים. דער מלמד פון „ווען איך בין ראָטשילד" מיט זיין חלום וועגן אָפּשאַפן געלט און מלחמות האָט אונדז דערמאָנט אין אַן ענלעכן מלמד ביי אונדז אין שטעטל. און ס'איז צוגעקומען אַ שטיק געזונט צו זען און צו הערן, ווי אַזוי אָט־דער קלוגער שלום־עליכם לאַכט־אויס די גבירים, די אָנ־געפּרעסענע פּעמפּיקעס, ליזאַס באַלעבאַטים „פּערערווע" און „פּערעוואַריכע" אין דער מעשה „חרוסת" און ווי אַזוי ער מאַכט אויסצודרייען דעם פּריש־געבאַקענעם נגיד לאָקשענטאָפּאָוו (אין דער דערציילונג „וואָס איז חנוכה").

מיין „פּובליקום" האָט הויך אויף אַ קול אויסגעדריקט סימפּאַטיע מיטן אָרע־מען ליטוואַק, וואָס חלשט נעבעך נאָך אַ „נגידישער פּרעזשעניצע", זאָל זיין אַן מילך און אייער, אַבי אַ פּרעזשעניצע. און, אוי, ווי מיר האָבן פאַרשטאַנען חיים חייקינס פאַרביטערטע האַרץ, ווען ער האָט געטענהט: „ווי קאָן אַ זאַטער פילן צרות? און צו פילן צרות באַדאַרף חלשן דאָס האַרץ!" און בשעת מ'האָט איינגע־שטימט מיט דער יידענע בתיה פון די „געגנדז", אַז זי „האָט אין זיך ניין מאָס רייד", האָט מען זיך ממש מחיה־געווען, ווען זי האָט זיך אָנגערופן: „איך זאָל זיין, הערט איר, אַ מאַנסביל, וואָלט איך זיך מיט די גבירים גערעכנט. אוי, וואָלט איך זיך מיט זיי גערעכנט! איר מיינט, איך האָב עפּעס צו זיי? איך האָב צו זיי גאָר־נישט, נאָר איך האָב זיי פיינט. איך האָב פיינט אַ נגיד! אַ נגיד און אַ שפּיז,

גאָט זאָל מיך נישט שטראָפֿן!״ זי האָט אויסגעדריקט דאָס, וואָס אַ סך פֿון אונדז האָבן געפֿילט, נאָר האָבן ניט געוואַגט צו זאָגן (אימתא דנגיד!).

שלום־עליכמס שטעטלעך כתרילעווקע, מאַזעפּעווקע, בויבעריק, יעהופּעץ, קאָזאָדאָיעווקע, זלאָדייעווקע, זײַנען מיר און מײַן „עולם״ געוואָרן אַלטע באַקאַנטע. זיי זײַנען מיט דער צײַט געוואָרן ווי עפּעס אַ טייל פֿון אונדזער לעבן. די פּאַרשוינען אין יענע שטעטלעך זײַנען דאָך געווען דיזעלבע מענטשן ווי אין אונדזער אייגן שטעטל — נאָר דורך שלום־עליכמען האָבן מיר אַרײַנגעקוקט אין זייער היים, אין זייער קיך, אין זייער מחשבה; געזען אַלע זייערע גענג און גענגלעך, געלייענט אַלע זייערע געדאַנקען און הינטער־געדאַנקען.

שטעלט זיך אָבער פֿאָר, וואָס ס׳האָט זיך אָפּגעטאָן אין מײַן זיידנס שטוב, ווען כ׳האָב אָנגעהויבן פֿאָרלייענען די פּאַרכישופּנדיקע מעשה „דער פּאַרכישופּטער שנײַדער״, וואו עס ווערט אין סאַמע אָנהייב דערמאָנט דאָס שטעטעלע יאַמפּעלע. פֿרעגט שוין ניט, וואָס פֿאַר אַ שמחה ס׳איז געוואָרן! שכנים האָבן אויסגערופֿן: „הערט אַ מעשה גאָר: יאַמפּעלע!״. ווײַל ווייסן דאַרפֿט איר, אַז יאַמפּעלע איז אַ שכניש שטעטל, אינגאַנצן אַרום צוואַנציק וויאָרסט פֿון יאַרוגע, און מײַן זיידע פֿאַרט כמעט יעדע וואָך אַהין קיין יאַמפּעלע, די קרייז־שטאָט יאַמפּאָל. זאָגט מען „מעסטיעטשקאָ [שטעטל] יאַרוגאַ״, זאָגט מען באַלד דערנעבן: „יאַמפּאָלסקאָוואַ אויעזדאַ״ (פֿון יאַמפּעלער קרייז). הייסט עס, אַז ער, שלום־עליכם, איז דאָך טאַקע אַ ייד פֿון אונדזערע שטעטלעך — האָט מען זיך דורכגעשמועסט — און ווער ווייסט, צי ער איז ניט געווען אויך ביי אונדז אין יאַרוגע? אַז אומעטום איז ער דאָך פֿול: אויף אַלע יאַרידים, אויף אַלע באַנען, אויף אַלע חתונות! און „עולם״ האָט מיטן גרעסטן אינטערעס נאָכגעפֿאָלגט די זעלטענע געשיכטע וועגן דעם אָרעמען שנײַדער „שמעון־עלי שמע קולנו״ פֿון זלאָדייעווקע, וועגן זײַן ווײַב ציפּע־ביילע־רייזע, וועגן דאָדי דעם רענדאַר, וועגן חיים־כאַגע דעם מלמד פֿון קאָזאָדאָיעווקע און זײַן ווײַב טעמע־גיטל, און וועגן דער מאָדנער ציג, וואָס „איז נאָר דאָרט, אין קאָזאָדאָיעווקע, אַ ציג, וואָס מעלקט זיך און גיט מילך. נאָר קוים קומט ער [שמעון־עליע] מיט איר אַהער [קיין זלאָדייעווקע], אַזוי ווערט זי אויס ציג...״.

מיט אַ צײַט שפּעטער, ווען מיר האָבן אַלע — דער פֿאָרלייענער מיט זײַן „עולם״ — געקוויקט זיך מיט דער צויבער־מוזיק פֿונעם וואונדערלעכן פֿידלער סטעמפּעניו און זײַן קלעזמער־קאַפּעליע (אין ראָמאַן „סטעמפּעניו״) — איז ווידער די שמחה געווען גאָר גרויס, ווען יאַמפּעלע איז דערמאָנט געוואָרן. סטעמפּעניו איז געקומען אויף אַ חתונה קיין יאַמפּעלע — און שלום־עליכם דערציילט: „והעיר יאַמפּעלע, און דאָס שטעטל יאַמפּעלע, צהלה ושמחה — קלינגט און פֿרייט זיך גאָר אויף אַן אַנדער אופֿן״... און „מײַן״ עולם האָט זיך געפֿרייט, וואָס דער ליבער שרײַבער שלום־עליכם האָט אַרײַנגענומען „אונדזער״ יאַמפּעלע אין זײַנע מעשיות.

און ווער שמועסט, אַז שפּעטער ווערט אין „סטעמפּעניו״ דערמאָנט דאָס שטעטל „שאַראַגראַד״ (שאַרגאָראָד), הויבט־אָן דעם פֿאָרלייענערס יונג האַרץ צו פֿלאַטערן און קלאַפּן שטאַרק־שטאַרקער: פֿון שאַרגאָראָד שטאַמט דאָך זײַן מאַמע, די יונגע אלמנה, וועלכע גיט־אַוועק איר לעצטן ביסן ברויט צו אָרעמעלייט.

אַז ס׳איז געקומען צו דער סדרה פֿון שלום־עליכמס „כתבים פֿון אַ קאַמיוואָ־יאַזשאַר״ (אייזנבאַן־געשיכטעס), וואו דער פֿאָלקס־שרײַבער פֿירט־צונויף יידן פֿון

אַזעלכע באַקאַנטע, היימישע שטעטלעך, ווי טאָמאַשפּאָל, טאָלטשין, הייסין, בער־שאַד, טעפּליק, נעמיראָוו, זשמערינקע — שטעטלעך מיט דער האַנט צו דערלאַנגען, האָבן זיך דערהערט צווישנרופן: „איך האָב דאָך אַ מחותן אין הייסין!“ אָדער „אונדזערער אַ יאַרוגער בחור שטודירט דאָך אין טאָלטשין!“. עולם האָט געשעפּט נחת פון דער מעשה „אַ חתונה אָן כלי־זמר“, וואו דאָס שטעטל הייסין ווערט גערעטעוועט פון אַ פּאָגראָם פּשוט צוליב דעם, וואָס דער קאָנדוקטאָר און זיין „ברי־גאַדע“ פון דער שמאָלער אייזנבאַן „דער לײדיקגייער“ האָבן אויף דער סטאַנציע קרישטאָפּאָווקע זיך ריכטיק אָנגעשיכורט און פאַרגעסן צוצוטשעפּען צום לאָקאָמאָטיוו די וואַגאָנעס, וואָס האָבן געזאָלט פירן די פּאָגראָם־באַנדע קיין הייסין.

די לאַנגע יאַרוגער ווינטער־נעכט זיינען מיט שלום־עליכמס הילף געוואָרן צו־קורץ. ווער האָט זיך צוגעהערט צו די זאַווערוכעס, וואָס האָבן געוואָיעט אינדרויסן. עולם איז געזעסן ווי פאַרכישופט פון די מעשיות וועגן טביהן און זיינע טעכטער, וועגן מנחם־מענדלס לופט־פּרנסות, וועגן דעם גרויסן זינגער יאָסעלע סאָלאָוויי, אַ זון פונעם בעל־תפילה שמואליק יאַמפּעלער, און, להבדיל, וועגן שוואַרץ־מאהני־קעס, שונאי־יידן, פּאָגראָמשטשיקעס. ביסלעכווייז האָט מען דערשפּירט דעם צער הינטער שלום־עליכמס געלעכטער, מ'האָט דעם „געלעכטער מיט יאַשטשערקעס“ באַגלייט מיט אַ טרער, מ'האָט זיך באַהאַפטן מיטן גרויסן שרייבערס טרוימען, וואונטשן, פאַרלאַנגען, מ'האָט געבענטשט דעם ליבן שלום־עליכם, מ'האָט זיך גע־גרויסט: ער קומט פון אונדזערע מקומות! ער איז אונדזערער אַן אוקראַינער! שלום־עליכם איז אַזוי־אַרום פאַר אונדז געוואָרן טעאַטער, אוניווערסיטעט, לערער, דערציער. מיינע שכנים און שכנות האָבן נאָך דאַן ניט געוואוסט דעם טייטש פון די ווערטער „הומאָר“, „סאַטירע“, „קלאַסיקער“. אָבער דער הומאָר (הויפּטזעכלעך) און די סאַטירע (טיילוויז) פונעם גרויסן קלאַסיקער האָבן געהאַט אַן אומגעהויערע ווירקונג, קינסטלעריש און דערציעריש, אויף מיר און אויף מיינע שכנים און שכנות (און אויף ריזיקע מאַסן לייענער און צוהערער אין כמעט אַלע יידישע ישובים איבער גאָר דער וועלט).

שלום־עליכם האָט מיך, ווי אַ לערער און עלטערער פריינט, באַגלייט אויך שפּעטער אויף מיין גאַנצן לעבנסוועג. אין 1919 — אַ שטורמיש יאָר — איז ער געווען אַ קוואַל פון פרייד, טרייסט, בטחון, דערמוטיקונג פאַר מיר און דעם קליי־נעם הייפל יידישע פאָלקס־מענטשן אין דעם גרויסן דאָרף טראָפּעווע (אַרום צוועלף וויערסט פון שאַרגאָראָד, פּאָדאָליער גובערניע). דאָרט בין איך, אַ יונגער בחור, געווען צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן אַ לערער אויף אַ „קאָנדיציע“ אין הויז פון שמואל טראָפּעזווער.

אַ מוראדיקער ווינטער פון רעגנס און בלאָטעס, דערנאָך שניי־שטורעמס, פרעסט, פּאָגראָמען מצד פּעטליורא־באַנדעס, דערנאָך — דעניקין־באַנדעס. עלנט, קעלט, טיפוס־קראַנקהייטן. אַ ביטערע צייט. אָבער ווען די לאַגע האָט זיך „פון צייט צו צייט“ „נאָרמאַליזירט“, און מ'האָט געקענט אַרויס אויף דער גאַס און איינאָטעמען די פרישע דאָרפישע ריינע קאַלטע לופט — איז מען זיך צוזאַמענגעקומען אַ שבת אָוונט אין אַ באַקוועם הויז ביי איינעם פון די ישובניקעס, און — שלום־עליכם האָט דערפרייט די געמיטער. יאָ, ער האָט מיך באַגלייט אויך קיין טראָפּעווע, און טראָפּעווער יידן האָבן אים אויפגענומען בכבוד גדול. אין יענער שווערער צייט פון ריכטן זיך אויף נייע פּאָגראָמען; אין יענער צייט ווען די שוואַרץ־מאהדיקע

באַנדעס האָבן זיך אין דאָרף בפירוש נאָכגעפּרעגט אויף די יידישע לערערס, אויף דער אינטעליגענץ, זוכנדיק אויסצוראָטן זיי — האָט שלום־עליכמס אָפּטימיזם גע־שטאַרקט אונדזער האָס צו די רוצחים, צו די פאַרוויסטער פון מענטשלעכע לעבנס. שלום־עליכם האָט פאַרטריבן די מרה־שחורה. ער האָט אויפגעהאַלטן אונדזער האָ־פענונג אויפן זיג פון יושר.

אַ באַזונדער קאַפּיטל איז שלום־עליכם אין מיין יוגנטלעכן לעבן אין שטעטעלע זגוריצע, בעסאַראַביע, אין דעם ביטערן ווינטער פון 1921, אונטער דער וויסטער הערשאַפט פון די פאַרכאַפּערישע מיליטערישע באַנדעס פונעם פאַשיסטיש־אַנטי־סעמיטישן רומענישן רעזשים.

(„זאַמלונגען“, נומער 17, ווינטער, 1959)



# אָפּטיילונג 3



# דורות און תקופות:

## דיכטער, דערציילער, דראַמאַטורגן

---

## יצחק־יואל לינעצקי

(1915־1839)

יצחק־יואל לינעצקי (1839־1915), אַ מיטגרינדער פון אונדזער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור צוזאַמען מיט אונדזער זיידע מענדעלע, איז ביים לעבן געווען געקריוודעט, און איז אויך נאָך זיין טויט — אַ געקריוודעטער. זייער ווייניק האָט מען וועגן אים געשריבן ביי זיין לעבן — און אויך נאָך זיין טויט האָט מען ווייניק געשריבן וועגן זיין לעבן און שאַפן. און דאָס איז געוויס אַ גרויסע עוולה, און ווייט ניט צום שבח פון אונדזער ליטעראַטור־קריטיק.

לינעצקי, איינער פון די לעצטע משכילים, מענדעלעס מיטצייטלער, דער מחבר פונעם באַרימטן קלאַסישן ווערק „דאָס פוילישע ייִנגל", דער בריליאַנטענער סאַטיריקער, פאַרנעמט אַן אויבן־אָן אין אונדזער ליטעראַטור, ווי איינער פון אירע ראשונים און וועג־אויספּלאַסטערער, און איצט, צו זיין 50סטן יאָרצייט, וואָלט געווען ניט מער ווי רעכט ווען די יידישע קולטור־געזעלשאַפטלעכקייט זאָל אַרויסגעבן אַן אַקאַדעמישע אויסגאַבע פון זיינע שריפטן, מיט אַ געהעריקן אַריינפיר און מיט אַ צוגאָב פון די בעסטע עסייען און זכרונות וועגן אים.

עטלעכע יאָר פאַר זיין טויט האָט ער, איינער פון אונדזערע ערשטע סאַטיריקער, זיך אין זיין „אַראָפּ פון יריד" געקלאָגט: „פון די שרייבער וועט קיין איינציקער נאָך מיר קיין קדיש ניט זאָגן, קיין לחיים פאַר מיין עלית נשמה ניט טרינקען".

אַ בייסיקער סאַטיריקער, האָט ער, דער פאָלקס־געטרייער שריפטשטעלער, דער פלאַמיקער קעמפער קעגן פאַנאַטיזם און אַבערגלויבעניש, קעגן חסידיזם, אָבסקוראַנטיזם און צוריקגעשטאַנענקייט, קעגן פינצטערניש און רעאַקציע, געשאַפן זיך אַ סך שונאים צוליב זיין שאַרפער צונג און פען. אַ פאָלקס־מענטש מיט אַ גרויסן שרייבער־טאַלאַנט, רייך אין וואונדערלעכע גלייכווערטלעך און הלצות, פלעגט ער ליב האָבן „אַריינצוזאָגן". אויך דאָס האָט אים פאַרשאַפט אַ סך קעגנער.

דער שרייבער ראובן בראַינאָווסקי, וועלכער איז געווען אַ ייִנגערער נאָענטער פריינט פון לינעצקין און אַ בן־בית אין זיין היים אין אָדעס, דערציילט אין זיין אינ־

טערעסאַנטן בוך: „יצחק־יואל לינעצקי און זיין דור (ניו־יאָרק, 1941), אַז דער אַלטער לינעצקי האָט אים געזאָגט:

„„דער נאָמען לינעצקי וואָלט ניט פאַרגעסן געוואָרן, ווען ער וואָלט קענען איינגיין אויף קאָמפּראָמיסן, זיך צופּאַסן, אָבער ער איז ניט פון דעם טייג געקנאָטן, און די אומשטענדן האָבן אויך דערצו געפירט. סיי־ווי, ווען מען דערמאָנט מיין נאָמען, שווימט־אַרויף אויף דעם זכרון מיין פאַרגאַנגענהייט, מיין אַמאָליקער קאַמף, — פּולווער שיסט זיך אויס!״

יאָ, פּולווער! לינעצקי, דער קינסטלער, דער קעמפער, האָט באמת „געשמעקט פּולווער״ און האָט זיין אייגענעם פּולווער געהאַלטן טרוקן צום נוצן אים קעגן די פעסטונגען פון דער גביראָקראַטיע און אָבסקוראַנטיזם, קעגן די „סטראַפּטשעס״ און אַריסטאָקראַטן, אָבער צוערשט עטלעכע קורצע שטריכן פון זיין שווערן לעבן: י. י. לינעצקי איז געבוירן געוואָרן אין וויניצע, פּאָדאָליע, אַ זון פון אַן אָרעמען רב, ר׳ יאָסקע ליניצער (געשטאָרבן אין 1885), אַ פאַנאַטיקער, אַ הייסער אָנהענגער און מקורב פונעם חסידישן רבין. שוין קליינערהייט איז יצחק־יואל באַרימט געוואָרן ווי אַן עלוי. צו צען יאָר איז ער שוין גרייט צו קריגן סמיכות אויף רבנות. ער לערנט אָבער בשתיקה די העברייאישע השכלה־ליטעראַטור; ווערט פאַרכאַפּט פון נייע אידייען, „אפיקורסישע״ געדאַנקען; צווייפלט אין די מופתים פונעם צדיק. כדי צו פאַרהיטן אים פונעם יצר־הרע, האָט אים זיין פאָטער חתונה געמאַכט אין עלטער פון 13־14 יאָר. זיין יונג, צוועלף־יעריק ווייבל ווערט אָבער באַאיינפלוסט פון זיינע אידייען. דער פאָטער, דער עקשן, האָט דאַן געוווירקט, אַז דאָס יונגע פּאָרל זאָל זיך גטן. דער פאָטער מאַכט חתונה דעם יונגן בחור מיט אַ טויב מיידל (אין 1856). די פאַנאַטישע חסידים רודפן דעם יונגן משכיל. איינמאָל ביינאַכט האָבן זיי געפּרוּווט אַרונטערוואַרפן אים פון אַ בריק אין טייך אַריין.

בקיצור: דער משכיל לינעצקי אַנטלויפט אין 1859 קיין אָדעס, אַ צענטער פון השכלה אין יענע יאָרן; שטודירט דאָרט, גיט העברייאישע לעקציעס, פּרוּווט קומען קיין ברעסלוי צו שטודירן אין דער דאָרטיקער ראַבינער־שול. ווערט צוליב די רדיפות פון די חסידים, אַרעסטירט ביי דער גרענעץ און צוריקגעבראַכט קיין וויניצע. דאָרט גט ער זיך מיט זיין פרוי און אַנטלויפט קיין זשיטאָמיר, אין 1862, וואו ער האָט חתונה געהאַט צום דריטן מאָל דעם 10טן אויגוסט, 1865. זיין פרוי האָט געהייסן סאָפיע איסאַקאָווגאַ סקלאָווסקאַ.

אין זשיטאָמיר האָט ער שטודירט אַ קורצע צייט אין דער ראַבינער־שול. דאָרט האָט ער זיך באַפריינדעט מיט די עלטערע משכילים און געלערנטע סלאָנימסקי (אינספּעקטאָר פון דער שול) און א. צ. צווייפל, אַ לערער אין דער שול, און מיטן פאָטער פונעם יידישן טעאַטער, אברהם גאָלדפאַדען.

פון זשיטאָמיר איז ער ווידער אַוועק קיין קיעוו, זאַט מיט מאַטערנישן פון די פיזישע און גייסטיקע רדיפות, וואָס ער האָט געהאַט אויסצושטיין אין זיין פריער יוגנט. אין קיעוו, וואו ער איז געווען אַ העברייאישער לערער, האָט ער זיך באַקענט מיטן באַוואוסטן יוריסט און געזעלשאַפטלעכן טוער, מנשה מאַרגולים אַ פריינט פון מענדעלען.

דערנאָך איז לינעצקי אַוועק קיין אָדעס. ער הויבט־אָן שרייבן אַרטיקלען אין „המליץ״, און גייט־אַריבער צו יידיש. ער הויבט־אָן שרייבן אין אל. צעדערבוימס אָדעסער יידישן וואָכנבלאַט „קול מבשר״, וואו מענדעלע האָט אין 1864 אָנגעהויבן

דרוקן זיין ערשטן ראָמאַן „דאָס קליינע מענטשעלע". אין 1867 האָט ער אין „קול מבשר" פאַרעפנטלעכט זיין בעסט ווערק „דאָס פוילישע יונגעל", אַ ראָמאַן אין צוויי טיילן, וואָס איז געווען אַ ריזיקער דערפאָלג אין משך פון פיל יאָרן און איז איבערגעדרוקט געוואָרן אין לעמבערג אין אַ סך אויפלאַגעס, און שפּעטער — אין ווילנע, ווין און אַמעריקע. דאָס ווערק, אין אַ באַאַרבעטער (נאָר פאַרערגערטער) פאָרם, איז אין 1897 דערשינען אין ווילנע אונטערן נאָמען „דאָס חסידישע יונגעל". זיינע אַנדערע ווערק, געשריבן שפּעטער, זיינען געווען שוואַכער פון זיין פּאָפּולערסטן ווערק: „דאָס פוילישע יונגעל".

אָנגעהויבן האָט לינעצקי מיט סאַטירישע לידער, וואָס ער האָט געשריבן נאָך אין זיין זשיטאָמיר־פּעריאָד. די לידער זיינען שפּעטער דערשינען אין אַ זאַמל־בוך אונטערן נאָמען „דער בייזער מאַרשאַלעק" (אָדעס, 1869). די זאַמלונג האָט ער געהאַט פאַרענדיקט אין קיעוו.

אַ פּובליציסט מיט אַ פּליסיקער פּען, מיט אַ רייכן, זאַפטיקן, באַטעמטן פּאָ־דאָליער יידיש, האָט ער געשריבן אַ ריי אַרטיקלען וועגן צייט־פראַגן. ער איז אויך געווען דער איבערזעצער פון לעסינגס „נתן החכם" און פון גרעטצס „די יודישע געשיכטע" אין 1882־1883 (אין באַנד) — פון דייטש אויף יידיש. צווישן זיינע נאָוועלן צייכנט זיך שטאַרק אויס זיין „דער וואָרם אין כריין — נאָכוויעניש פון מיין פויליש־יונגעלשען לעבען", געדרוקט אין שלום־עליכמס „יודישער פאָלקס־ביבליאָטעק" (באַנד 1, אין 1888־1889).

צוזאַמען מיט אברהם גאָלדפאַדען (זיין לאַנג־יאָריקן פריינט) האָט ער אַרויס־געגעבן אין לעמבערג אַ צייטשריפט „ישראליק" (20 נומערן), און שפּעטער האָט ער אַליין (אין 1885־1886) אַרויסגעגעבן אין באָטאָשאַן, רומעניע, אַ צייטונג „נאַ־ציאָנאַל". אין די אַכציקער יאָרן (נאָך די בלוטיקע פּאָגראָמען פון 1881) איז לי־נעצקי געוואָרן אַ חובב ציון, ער איז אָבער געווען אַ קעגנער פון פּאָליטישן ציוניזם. ער האָט דאַן אַרויסגעגעבן אַ געאָגראַפישע קאַרטע פון ארץ־ישראל, און ביכלעך „אַמעריקע אָדער ארץ־ישראל", „אַהין אָדער אַהער".

כמעט אַלע זיינע יאָרן האָט לינעצקי געלעבט אונטער שווערע עקאָנאָמישע באַדינגונגען; תמיד געהאַט דאגות־פּרנסה. אָט־די לאַגע האָט אים געשטערט אין זיין ענערגישן שאַפן. צוליב חיונה האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט די אויבן־דערמאָנטע און אַנדערע איבערזעצונגען און מיט אַרויסגעבן קאַלענדאַר־ביכלעך מיט גלייכ־ווערטלעך. אין זיין נאָוועלע „דער זון פון אַ פוילישן יינגל" און אין איניקע אַנ־דערע נאָוועלן האָט ער זיך צוריקגעקערט צו דער טעמע, וואָס ער האָט באַהאַנדלט אין זיין מייסטערווערק „דאָס פוילישע יונגעל" — וועגן דעם חסידישן לעבן, אַן ענין וואָס איז אים געווען גוט באַקאַנט פון זיין אייגענער יוגנט, דערפאַרונג און סביבה.

לינעצקי, וועלכער איז געווען יינגער פון מענדעלע מוכר־ספרים, מיט 3 יאָר, איז ווי אַ קינסטלער געווען, פאַרשטייט זיך, אַ סך קלענער ווי דער געניאַלער קלאַ־סיקער פון אונדזער ליטעראַטור. ער האָט, אָבער, גרויסער פאַרדינסטן פאַר אונ־דזער ליטעראַטור, ווי איינער פון אירע פּיאָנערן, ערשטע צעאַקערער פונעם יידיש־פעלד. אַן עכטער פאָלקס־מענטש, האָט ער שטאַרק ליב געהאַט פאָלקס־מענטשן און די פאָלקס־שפּראַך, יידיש. אין זיין יובליי־רעדע (אין 1891, צום 25טן יובל פון זיין ליטעראַרישן שאַפן) האָט ער דערציילט, ווי אַזוי ער האָט באַשלאָסן ביי זיך

„ריידן מיטן פאָלק דירעקט, אָן מעקלערס", און ווי אַזוי ער שפּילט אויף דער „באַשיידענער, בעטלערישער לירע", „פאַר זיין פאָלק אויף זיין פאָלקס־לשון". אין זיין זאַמלביכל „לינעצקיס כתבים" (1876) האָט ער געשריבן מיט שפּאָט וועגן די פּוסטע העברייאישע מליצות, וואָס „פאַרקלינגען די אויערן". אין יידיש — האָט ער געשריבן — „מוז מען געבן אינהאַלט. מיט ווערטער אַליין קאָן מען ניט יוצא־זיין".

ער האָט אין זיין ליטעראַרישער טעטיקייט, דער עיקר, אונטערשטראָכן זיין סאָציאַלע שליחות און מיסיע, ווי אַ וועקער און מאָנער, אַ קעמפער. אין זיין לעצטן ווערק, „אַראָפּ פון יריד", האָט ער זיך באַצייכנט ווי „אַ האָן, וואָס דאַרף וועקן, אָנ־זאָגן דעם פרימאָרגן". זיין מוזע האָט ער באַצייכנט ווי אַזאַ, וואָס „לאַכט וויינענדיק און וויינט לאַכנדיק". „איציקל שרייבט לאַכנדיק מיט בלוט", האָט ער זיך אויסגעע־דריקט וועגן זיינע אייגענע סאַטירעס.

* * *

לינעצקיס קרוין־ווערק, „דאָס פּוילישע יינגל", צוליב וועלכן ער איז באַרימט געוואָרן אין אונדזער ליטעראַטור, איז געלייענט געוואָרן דורך ברייטע קרייזן יידישע לייענער — אויך צווישן חסידים. פיל פון זיי פלעגן מיט גרויס אינטערעס שלינ־גען דעם ראָמאַן — דערביי שעלטן דעם מחבר מיט טויטע קללות — און וויטער לייענען.

דער ראָמאַן האָט, חוץ דעם נאָמען, אַן אונטערשריפט: „די לעבנס־באַשרייבונג פפון אַ פּוילישן יידן, פון זיין געבוירן ביז זיין פאַרלוירן". אַ שאַרפע סאַטירע אין אויטאָביאָגראַפישער פאָרם, ווי אַ שילדערונג־מיטל. פאַרשטייט זיך, ניט קיין פּינקט־לעכע אויטאָביאָגראַפיע, ווייל דער „העלד" פונעם ראָמאַן איז דאָך אַ פאַרברענטער חסיד, בעת דער מחבר, ווי מיר ווייסן, איז געווען אַ ליידנשאַפטלעכער קעמפער קעגן חסידות, קעגן פאַראורטיילן און אַלטפרענקישע מנהגים. דער מחבר האָט אָבער קינסטלעריש אויסגענוצט זיינע אינטימע קענטענישן פון דער חסידישער סביבה און התנהגות פאַר זיינע שילדערונגען.

דער ראָמאַן שילדערט דאָס לעבן פון אַ הייסן חסיד, זיין דערציאונג, סביבה, דעם רביס הויף און דעם רביס חסידים, גבאים, מקורבים. אין דעם ערשטן טייל זעען מיר דעם העלד פון זיין קינדהייט־אָן ביז ער האָט חתונה צו דרייצן יאָר מיט אַ הויקערדיק מיידל. אין צווייטן טייל ווערט ער אַן אויבער־שמש ביים רבין. דאָ זעען מיר שוין נעענטער די אינטריגעס אין „הויף", דעם אופן ווי אַזוי דער גלויב־יקער עולם ווערט „באַאַרבעט", באַשווינדלט דורך דעם רבין און זיינע מקורבים, און צום סוף ווי אַזוי דער רבי ווערט אַרעסטירט און ווי אַזוי ער ווערט מיט דער הילף פון זיינע אָנהענגער באַפרייט, בעת אַ צאָל פון זיינע חסידים, צווישן זיי דער „העלד" פון דער דערציילונג, בלייבן זעקס יאָר אין תפיסה.

לינעצקי שילדערט אין זיין בוך מערסטנס די שאָטן־זייטן פון חסידיזם, גראָב־קייט, פאַרדאָרבנקייט. ער דערציילט וועגן „כאַבאַרן, רכילות, מסירות" א. אַז. וו. אין דעם רבינס הויף, ער נוצט אָפט קאַריקאַטורן. אָבער אפילו אין ברען פון זיין קאַמף האָט ער אויך ניט פאַרזען אין חסידות אַזעלכע פּאָזיטיווע שטריכן ווי התלהבות, לעבנס־פרייד, פאָלקישקייט, בטחון, וואָס י. ל. פּרץ, מיכה־יוסף בערדיטשעווסקי, יהודה שטיינבערג און האָראָדעצקי האָבן שפּעטער אַנטפּלעקט אין זייערע שריפטן. לינעצקיס כאַראַקטערן אינעם בוך זיינען ניט אינדיווידואַליזירט. ער צייכנט זיך

אַבער אויס אין שילדערן מאָסן־סצענעס, אין מאָלן פּאָרטרעטן פון מלמדים, ביל־דער פון חדר, אין אַריינוועבן פאָלקלאָרישע מעשיות, לעגענדעס און אַבערגלויבנס צווישן יידישע קינדער אין די שטעטלעך (וועגן מתים און שדים), אין אויפלעבן רעאַליסטישע בילדער פון אַמאָליקן שטעטלשן לעבן־שטייגער (יידישע חתונות, אַ תפילה פון כלי־קודש ראש־השנה אין שול). ער שילדערט די עם־הארצות און לעכערלעכקייט אין דער חסידישער וועלט — די נסיעות פון די חסידים צום רבין, זייער פאַרגלויבטקייט אין זיינע מופתים, זייערע קריגערייען וועגן די מעלות און אויפטועו פון זייערע באַזונדערע רביים און צדיקים, און איבער אַלץ — דעם מחברס פיינע סאַטירע און זיין לעבעדיק געלעכטער.

אין סאַמע מיט פון זיין גאַנצן פּלאַמיקן קאַמף קעגן חסידות — דער עיקר, קעגן אבערגלויבענישן, קאָרופּציע און שווינדל — האָט אָבער לינעצקי (מיט אַ חוש פאַר פּראָפּאָרציע) אויך אָנגעדייטעט אויף די מאָראַלישע אידייען פון חסידות, ווי אַ פאָלקס־באַוועגונג. ער האָט געלויבט די „אחדות און ברידערלעכקייט" צווישן חסידים. ער ווייזט־אָן:

„זיי [די חסידים] גייט נאָר דערינען, וואָס דער דרך לאָזט דעם גייסט אַ פרייען וועג אין יידישקייט און דעריבער זיינען די אָנהענגער דערפון שטענדיק פריילעך, לעבעדיק און אויפגעלייגט, וועלכעס ס'מאַכט אַ שטאַרק אחדות צווישן אַלע חברה־לייט, אַזוי אַז איינס דאָס אַנדערע איז מעורר און מעורר, מאַכט אַ פעולה און ווערט נתפעל, אַז כמעט אַלע פילן מיט איין האַרץ און אָטעמען מיט איין נשמה... און דערפון קומט אַרויס דאָס העלפן און טרייסטן און שטיצן ביי די חסידים איינס דאָס אַנדערע מיט מסירת־נפש, וועלכע ביי יענע צוויי [ביי די מתנגדים און משכילים] איז דאָס אַ זעלטנהייט".

* * *

לינעצקי האָט באַלד פון אָנהויב פאַרכאַפּט דעם לייענער מיטן זיין אָריגינעלן אופן פון דערציילן און מאָלן, מיט זיין שאַרפן טאָן, מיט זיין פּרעכטיקן לעבעדיקן פאַרבנרייכן סטיל, מיט זיין פאָלקסטימלעכקייט, מיט דער רייכער שפע פון זיינע לעבנס־בילדער, מיט זיין פיינעם הומאָר און קלוגע איינפאַלן, מיט זיין קאָלירפולן, שטראָמיקן, קוואַליקן ווערטער־רייכן יידיש, און אפילו מיט די שפּאַט־מאָמענטן און שאַרזשן.

זיין קאַפּיטל וועגן לינעצקין האָט דר. מ. פּינעס (אין 1טן באַנד פון זיין „גע־שיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור") ריכטיק פאַרענדיקט מיט דער באַמער־קונג: „אַבראַמאָוויטש און לינעצקי זיינען די איינציקע גרויסע יידישע שריפט־שטעלער פאַר דער השכלה־עפּאָכע".

וועגן דער גרויסער באַדייטונג פון „פּוילישן יינגל" („איצט נאָר אַ היסטאָ־רישע") האָט געשריבן א. ליטוואַק (אין דעם קאַפּיטל „יצחק־יואל לינעצקי", אין זיין בוך „ליטעראַטור און קאַמף", ניו־יאָרק, 1933): „קיין שטאַרקערע, קיין שאַר־פערע סאַטירע, ווי ‚דאָס פּוילישע יינגל' איז געווען, פאַרמאָגט נאָך אונדזער לי־טעראַטור עד היום ניט. מיט אַלע גרויסע פעלערן זיינע, איז דאָך דאָס ‚פּוילישע יינגל' דער איינציקער אין זיין מין" (אָט־דער אַרטיקל פון א. ליטוואַק איז דערשי־נען אין אַ באַזונדער בראָשור אין קיעוו, 1919, „קיעווער פאַרלאַג", אין 5 טויזנט עקזעמפּלאַרן).

היינטיקע צייטן איז זיך שווער פאָרצושטעלן די ריזיקע רעוואָלוציאָנערע וויר־

קונג פון „פוילישן ייִנגל" אויף די מוחות און הערצער פון מאַסן יידן. דאָס בוך איז געווען אַ „בעסט סעלער" (אַממערסטן פאַרשפּרייט) אין משך פון עטלעכע צענדליק יאָר. פיל צוריקגעשטאַנענע פאָלקס־מענטשן זיינען אונטער דער ווירקונג פונעם בוך אַריבער צו דער השכלה־באַוועגונג. אין די פּאַרוואָפּנסטע שטעטלעך איז געווען ברייט באַקאַנט דער נאָמען לינעצקי און זיין וויכטיק בוך.* לינעצקיס השפעה אויף דער אַנטוויקלונג פון אונדזער יידיש לשון איז אַ באַזונדער קאַפּיטל פאַר זיך.

* * *

חוץ די אויבן־דערמאָנטע אַרבעטן וועגן לינעצקין פון מ. פינעסן, א. ליט־וואַקן און ר. גראַנאַווסקין דאַרף מען דערמאָנען: 1) י. רימיניקס זייער וויכטיקע אָפּהאַנדלונג: „צו דער געשיכטע פונעם ,פוילישן ייִנגל'" (אין זאַמלבוך „צייט־שריפטן", באַנד 5, מינסק, 1931); 2) מ. גריידענבערגס (מאָסקווע): „פאַרצייכע־נענונגען וועגן מיין פאָטער [די ביאָגראַפיע פון יצחק יואל לינעצקין]" — רירנ־דיקע פאַקטן וועגן דער ליטעריקער פערזענלעכקייט פון לינעצקין — אין דעמזעלבן נומער פונעם מינסקער זאַמלבוך; 3) אַ צאָל אַרטיקלען אין דער סאָוועטיש־יידי־שער פרעסע (אין „עמעס", 1929, א. אַנד.); 4) מ. שאַליטס: „ליטעראַרישע און געזעלשאַפטלעכע לוחות אין אונדזער ליטעראַטור" (אין יאָרבוך „פון יאָר צו יאָר", 4, וואַרשע, 1929); 5) מ. קיטאַיס „יצחק־יואל לינעצקי [צען יאָר נאָך זיין טויט]" (אין „ליטעראַרישע בלעטער", נומ. 74, יאָר 1925); 6) אין ז. רייזענס „לעקסיקאָן פון דער יידישער ליטעראַטור", באַנד 2; 7) נ. שטיף: כרעסטאָמאַטיע „די על־טערע יידישע ליטעראַטור", קיעוו, 1928; 8) אברהם רייזען אין זיין הקדמה צו ר. גראַנאַווסקיס בוך; 9) ש. ניגערס אַרטיקלען אין „צוקונפט" (נאָוו. 1935 און אָקט. 1939), אויך אין זיין בוך „דערציילערס און ראָמאַניסטן", ניו־יאָרק, 1946).

ריכטיק ווייזט־אָן י. רימיניק, אַז ס'איז אַן עוולה צו באַהויפּטן, אַז לינעצקיס באַדייטונג אין דער יידישער ליטעראַטור שטיצט זיך כמעט נאָר אויף זיין ראָמאַן „דאָס פוילישע ייִנגל", „גלייך ווי דערמיט האָט זיך אויסגעשעפּט זיין גאַנץ לי־טעראַריש שאַפן".

רימיניק ווייזט־אָן אין זיין גוטער פאָרשערישער אָפּהאַנדלונג, אַז י. פּעטרי־קאָווסקי האָט שוין אין אַ צאָל אַרטיקלען אונטערשטראָכן דעם גרויסן ליטעראַ־רישן ווערט פון לינעצקיס „די וויבאָרעס" נאָך זיין „פוילישן ייִנגל". שלום־עליכם האָט וועגן „די וויבאָרעס" געשריבן: „אויף דעם [וועגן סאַטירישן אופן פון שרייבן] איז לינעצקי ביי אונדז דער גרעסטער מייסטער, און אין זיינע געוויסע ,וויבאָרעס' האָט ער באַוויזן אַזאַ קונסט, וואָס אַלע קליינע מחברימלעך, וואָס פּרוכפּערן זיך און מערן זיך, ווי פיש אין וואַסער, קאָנען אים [לינעצקין] בשום אופן ניט נאָכמאַכן" („שלום־עליכם־בוך").

ווען שלום־עליכם האָט איינגעלאַדן לינעצקין צו באַטייליקן זיך אין זיין „פאָלקס־ביבליאָטעק", האָט ער אים געבעטן צוצושטעלן אים „אַ בילד, אַ קאַרטינקע פון יידישן לעבן, ,איז נאַראָדנאָוואָ ביטאַ', אויף דעם שניט פון אייערע ,וויבאָרעס'".

---

* אין מיין שטעטל יאַרוגע, פּאָדאָליע, פלעגט מיין שטיף־באָבע, יהודית באַלאַבאַן־גרינבערג, ריידן מיט שטאָלץ וועגן איר איידעם עזריאל לינעצקי פון וויניצע, אַ ברודער פונעם „שראַבער" י. י. לינעצקי. איך פלעג קליינערהייט שרייבן פאַר דער באָבען בריוו צו איר טאָכטער עטל און עזריאל לינעצקי.

אין „וואָסכאָד", 1889, האָט קריטיקוס (ש. דובנאָוו) אַנגעוויזן אויף אַן ענלעכ־קייט צווישן לינעצקיס „וואָרעם אין כריין" און מענדעלעס „ווינטשפינגערל", אונ־טערשטרייכנדיק דערביי די העכערקייט פון מענדעלעס קונסט. ביידע ווערק, האָט ער דערקלערט, זיינען אויסערגעוויינלעך.

רימיניק דערמאָנט, אַז לינעצקיס לידער־זאַמלונג „בייזער מאַרשאַלעק" איז ביזן יאָר 1889 דערשינען אין וואַרשע פינף מאָל (לויט דער אינפאָרמאַציע פון לינעצקיס „קיצור תולדות הסופר ר' יצחק־יואל לינעצקי", יאַנואַר 1889 — ענלעך צו לינעצקיס אויטאָביאָגראַפיע — „דיא קורצע ביאָגראַפיאָ פונם בעריהמטען פאָלק־שרייבער ר' יצחק יואל לינעצקי" („חגי היובל", אָדעס, 1891). די זאַמלונג סאַ־טירישע לידער „דער בייזער מאַרשאַלעק" איז אויך נאָך 1889 דערשינען אין וואַרשע עטלעכע מאָל.

לינעצקיס דיכטונג, וויט ניט קיין געלייטערטע, איז געווען אַ מין פאָלקס־דיכטונג, וואָס איז געווען נאָענט דעם יידישן פאָלקס־מענטשן. ווי אַ פובליציסט איז לינעצקי געשטאַנען אויף דער וואַך פאַר דער זאַך פון פּראָגרעס, קעגן די שונאים פון פאָלק און קולטור. דאָס ווייזן זיינע אַרטיקלען אין „המליץ", זיינע 2־3 אַר־טיקלען אין „קול מבשר", זיינע אַרטיקלען אין די צייטשריפטן, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן: „ישראליק" און „נאַציאָנאַל", און זיינע „כתבים" און „ספר הזכרונות" (זיין ערשטער אַרטיקל אין „המליץ" איז אָפּגעדרוקט געוואָרן דעם 17טן נאָוועמ־בער 1865).

אינטערעסאַנט: אין זיין צווייטן אַרטיקל אין „קול מבשר" האָט לינעצקי אָנ־געוויזן אויף די פּאָזיטיווע זייטן פון חסידות און השכלה. ער האָט גערופן צו „היטן דעם מיטלפונקט", שאַפן אַ סינטעז צווישן ביידע באַוועגונגען; ניט פאַרגעסן, אַז חסידות זוכט אָפּצושאַפן עצבות, „נאָר לעבעדיק, לוסטיק זאָל מען זיין..." ער האָט אָבער שטאַרק באַקלאָגט דעם פאַקט, וואָס די תלמידים פון בעל־שם און מענ־דעלסאָן „גייען ניט אַקוראַט אין זייערע וועגן". אין אָט־דעם צוגאַנג זיינעם שפּירט מען דעם איינפלוס פון זיין געוועזענעם לערער אין דער זשיטאָמירער ראַבינער־שול, א. צ. צווייפל (פון מאָלעוו, פּאָדאָליע), מיט וועמען ער האָט „דורך די נעכט פאַרבראַכט אין תורה און חכמה".* אויף איניקע פּאָזיטיווע זייטן פון חסידות האָט לינעצקי אָנגעוויזן אויך אין זיין אַרטיקל „מענדעלזאָהן און דער בעל שם" אין „כל־בוניק" (זשיטאָמיר, 1876). רימיניק קאָנסטאַטירט: „אין דער אויסגאַבע [פון „דאָס פּוילישע יינגל"] פון יאָר 1897 שליסט לינעצקי אַ שידוך צווישן השכלה, מתנגדות און חסידות".

* * *

אין די מערסטע פון זיינע ווערק איז דער משכיל לינעצקי געווען אַ שריפט־שטעלער מיט אַן אויסגעשפּראָכענער סאָציאַלער טענדענץ, אַ קעמפער פאַר מענטש־לעכער ווירדע, אָנשפּאַרנדיק זיך מיט ליבשאַפט און פאַרשטענדעניש אויף די גע־קריוודעטע און אונטערדריקטע יידישע פאָלקס־מאַסן. אין „דער סטאַטעק" (אָדעס, 1876) האָט ער גערופן — „אויפן פּראָסטן וואָכעדיקן געשמאַקן זשאַרגאָן זיך אויסרעדן מיט אונדזערע פּראָסטע דערשלאָגענע ברידערלעך, מיט אונדזערע בידנע

---

* דער הסטאָריקער און פאַרשער אליעזר צבי צווייפל (1815־1888) איז אין זיין הויפּט־ווערק „שלום על ישראל" (3 בענד) געווען דער ערשטער פון די משכילים צו וואַגן פאַרטיידיקן חסידות.

בעלי־מלאכות, מאַרק־מענטשן, טרעגער, האַרעפּאַשניקעס, וואָס פאַרברענגען נאָך זייער וויסט פינצטער לעבן אין דאַרעניש און קוואַרעניש מיט אַ פאַרשימלטער שישקע מיט קנאָבל, ווייל זייערע בעלי־טובות דאַרפן שאַמפּאַניער, ביידער און מאַסקאַראַדן — לאָמיר זייא, אויף זייער פּראָסט וואָרם יודיש, ערקלעהרען, אַז זייא זענין אויך אויסגעפּאָרמעוועט פון דעם אייגענעם בלוט און פלייש, וואָס די גבירים; אַז זייא זענין ניט קיין אומזיסטיגע אַרבעט־פערד; אַז זייערע הערצער זענין אויך ניט פון טשוגון, זייערע מוחות אויך ניט פון דריללייעס און זייערע נערוון אויך ניט פון דראָטוועס — נאָר דאָס האָבן זייא, זייערע גבירים, בעלי־טובות, גוטע יודען, שטאָדט יחסנים אַזוי אָנגערעדט, אַז זייער האַרץ שלאָגט ניט, אַז זייער בלוט קאָכט ניט, אַז זייערע געהירען דיינקען ניט". פונקט ווי דער זיידע מענדעלע, און שפּעטער שלום־עליכם און י. ל. פּרץ, האָט לינעצקי געהאַסט די פאַלק־פּיאַווקעס, די בלוט־זויגער אויפן לייב פונעם פאָלק. אָט־דער האַס און זיין חוש פאַר סאָציאַלן יושר האָבן אים באַוועגט צו שרייבן „דאָס פּוילישע יינגל". זיין אַרבעט אויף אָט־דעם גלענצנדן ווערק האָט ער אָנגעהויבן אין 1866. צוליב דעם אומגעהויערן דערפאָלג פון אָט־דעם ראָמאַן, וואָס האָט זיך געדרוקט אין „קול מבשר", אין 1867, האָט די רעדאַקציע (אַלעקסאַנדער צעדערבוים) אָנגעהויבן אַרויסגעבן דאָס ווערק אין בוך־פאָרם, ניט וואַרטנדיק ביז ס'וועט געדרוקט ווערן דער צווייטער טייל. די ערשטע אויסגאַבע פון „פּוילישן יינגל" איז דערשינען אין 1869 (אויפן שער־בלאַט איז אָנגעגעבן 1868). אין 1888 איז „דאָס פּוילישע יינגל" אָפּגעדרוקט געוואָרן אין אַ פּוילישער איבערזעצונג (אין „דזיענניק לאָדזקי"). ס'ווערט געשאַצט, אַז „דאָס פּוילישע יינגל" איז דערשינען אין אַרום צוואַנציק אויפלאַגעס (די לעצטע אויפלאַגע איז דערשינען אין קיעוו, אין 1939).

וועגן דער ברייטער פאַרשפּרייטקייט און פּאָפּולערקייט פון „דאָס פּוילישע יינגל" באַמערקט י. רימיניק: „אויב מיר וועלן שאַצן ,דאָס פּוילישע יינגל' ניט לויט זיין קינסטלערישן ווערט, נאָר לויט דעם אינטערעס, וואָס עס האָט אַרויסגערופן ביים לייענער, לויט דער ווירקונג, וואָס עס האָט געהאַט אויף אים, וועט עס אָן ספק בלייבן אויסער וועלכער־ניט־איז קאָנקורענץ אפילו מיט די בעסטע ווערק, וואָס די יידישע ליטעראַטור האָט ווען־עס־איז געגעבן. מען קאָן מיט זיכערקייט זאָגן, אַז קיין ווערק אויף יידיש האָט ניט זוכה־געווען צו אַזוי פיל דורכאַנאַנדיקע אויסגאַבעס, ווי ,דאָס פּוילישע יינגל'".

אויך אין זיינע צען נומערן פון „ספר הזכרונות" (נאָכן יאָר 1883), „כתבים" (לעמבערג, 1875), „וואָרעם אין כריין", עלף העפטן „דער שופר", „דער גרעגער", א. אַז. וו. און אַנדערע ווערק, האָט לינעצקי ענערגיש און שרעקלאָז פאַרגעזעצט זיין קאַמף קעגן די רשעים די פּיאַווקעס, די „בעלי־טובהניקעס", די פאַרשפּרייטער פון חושך, די וואָס לעבן אַ טאָג אויפן חשבון פונעם אָרעמאַן. אין זיין „ספר הזכרונות" (7טע העפט, אויג. 1883) רעדט ער מיט צאָרן וועגן די גבירים־אַדירים, „וואָס האָבן זיי [די יידישע האַרעפּאַשניקעס, — ב. ג.] געמיטשעט, גראַבירט און פערשקלאַפּט מיט זייערע טאַקסעס, מאָנאָפּאָליעס, פּראָצענטען, נאַלאָגען, עצקיס, פאַלשע מאָס און וואָג, פאַלשע קוויטעס וכדומה"...

דער קעמפערישער לינעצקי, אַ באַאיינפלוסטער פונעם פּראָגרעסיוון גייסט פון די באַרימטע, היסטאָרישע זעכציקער יאָרן אין רוסלאַנד, האָט (אין זיין „פונעם יריד", אָדעס, 1909) געגעבן אַ זעלבסט־כאַראַקטעריסטיק וועגן דעם הויפּט־מהות

און מאַטיוון פון זיין קאַמפּס־לעבן און שאַפן: „מיין שרייבען איז תמיד באַשטאַנען אין קריטיק, האָט ער מיר געשריבן פון אמסטערדאַם, שיילטן... בעל־טובהניקעס, רעדעל־פיהרער, קאָך־לעפעל אונד קהל־פּרעסער".

* * *

אַ ווערטפולער בייטראַג צו דער לינעצקי־ביאָגראַפיע און צום אויפשטעלן זיין פּאָרטרעט ווי אַ מענטש און שרייבער זיינען די פאַרצייכענונגען פון זיין איינציקער טאָכטער, מ. (מאַריקע) גריידענבערג, אַ שווישפּילעריך, אַ הויך־געבילדעטע, אַ שטאַרק־צוגעבונדענע צו איר פאָטער, „דעם טאַטנס טאָכטער". אין אירע פאַרצייכענונגען שילדערט זי די כלערליי פּלאָגענישן, יסורים און ענויים, וואָס איר פאָטער, אַ שרייבער מיט גרויסע ליטעראַדישע פּלענער, האָט געהאַט אויסצושטיין און דורכמאַכן אין זוכן פּרנסה, חיונה פאַר זיין פאַמיליע. זי דערציילט וועגן זיין נע־ונד זיין אין משך פון זיבעצן יאָר, וועגן זיינע שווערע וואַגלענישן און וואַנדערונגען און אַריבערוואַנדערונגען פון שטאָט צו שטאָט, ביז ער האָט זיך אין 1882־1883 סוף־כל־סוף באַזעצט מיט זיין פרוי און קינדער אין אָדעס, וואו ער האָט ווידער שווער, אין פּרנסה־מאַנגל, אַ פאַרביטערטער צוליב דער ניט־דערשאַצונג מצד די גדולי־הדור אין דער ליטעראַטור, אָפּגעלעבט זיינע יאָרן ביז 1915, ווען ער איז געשטאָרבן.

אָט ווי די טאָכטער כאַראַקטעריזירט איר פאָטער: „מיין פאָטער איז געווען אַ מענטש פון פייערדיקן טעמפּעראַמענט, אומאויסשעפּלעכער ענערגיע, פון עפּעס אַן עלאַסטישער אינערלעכער קראַפט און גייסטיקער לעבנספייאיקייט, אַ מענטש פון גרויסע פייאיקייטן און נאָך גרעסערע מעגלעכקייטן. דאָס פעלן פון אַן אַנטשפּרעכנדיקער סביבה האָט איבערגעלאָזן שווערע שפּורן אין זיין גייסטיקן וואוקס. ס'האָט אים געפעלט סיסטעמאַטישע בילדונג. ער איז געווען אַן אויטאָדידאַקט. אויסגעהאַלטן האָבן אים זיינע וואונדערבאַרע פייאיקייטן און זכרון: ער איז געווען שטאַרק באַלעזן, גוט געקענט די רוסישע און אויסלענדישע ליטעראַטורן, פריי געלייענט דייטש... אַ שווערע קינדהייט האָט געהאַט מיין פאָטער. דער זיידע האָט אים געהאַלטן אין אַן אייזערנער דיסציפּלין".

לינעצקיס טאָכטער דערציילט: דעם פאָטערס פּרנסות אין משך פון זיינע 17 יאָר פון וואַגלענישן זיינען געווען: לערער, בוכהאַלטער, אָנגעשטעלטער אין אַ בראַנפן־קעלער, ,סוחר' צוזאַמען מיט גאָלדפאַדענען. אין עלטער פון 60 יאָר האָט זיך לינעצקי, אַ גוטער דעקלאַמאַטאָר און אַ פאַרפאַסער פון מעלאָדיעס צו זיינע לידער, אויסגעלערנט נאָטן, און האָט אין אַן אַלבאָם, ,די אידישע לירע', פאַרשריבן דעם טעקסט און די מעלאָדיעס פון די לידער, וואָס ער האָט געשאַפן. די טאָכטער דערציילט, ווי אַזוי איר פאָטער האָט אין דעם שטעטל אַגיימאַן, אוקראַינע, וואו ער האָט געוואוינט, באַקענט זיך מיט רוסישע סטודענטן־נאַראָדניקעס און איז געוואָרן פאַרכאַפּט פון סאָציאַליסטישע אידייען".

וועגן לינעצקיס נאָענטקייט צו סאָציאַליסטישע אידייען דערציילט אויך ר. גראַנאָווסקי אין זיין בוך וועגן דעם גרויסן סאַטיריקער.* ער דערציילט, למשל, אַז ווען מ'האָט פאַרשיקט אויף 3 יאָר קיין סיביר דעם איינציקן זון פונעם העברייי־

* אגב, אין זיינע לאַנגע שמועסן מיט מיר וועגן לינעצקין פלעגט גראַנאָווסקיריידן מיט אַזאַ ברען, ווי אַ הייסער חסיד וועגן זיין רבין.

אישן שרייבער פלטיאל זאַמאָשטשין אַלס אַ פּאָליטישן אַרעסטירטן, האָט לינעצקי געזאָגט צו גראַנאָווסקין וועגן דעם פּאָטער: „איך בין אים מקנא. הלוואי וואָלטן מיינע קינדער זיך אָפּגעבן מיט דער אַרבעט פאַר דער באַפרייאונג פון דער מענטש־הייט... דאָס גליק פון דער מענטשהייטס באַפרייאונג איז העכער פון אַלץ. ווען איך בין יינגער, וואָלט איך געווען אין דער באַוועגונג".

גראַנאָווסקי דערציילט אַזאַ עפּיזאָד: אַ זומער־אָוונט זיינען זיי ביידע, לי־נעצקי און ער, אַהיים געגאַנגען פונעם אָדעסער שטאָט־פּאַרק. פּלוצים איז גע־וואָרן אַ שטורעם. דערנאָך האָט זיך גענומען לייטערן. „זאָגט צו מיר לינעצקי: ,קוק אַהין, וואו עס לייטערט זיך אויס; די כמאַרעס זיינען צעשוואומען, דער שטורעם איז פאַריבער, און עס ווערט ליכטיק! כדי עס זאָל גוט ליכטיק ווערן, מוז זיין אַ שטורעם. מיין אויג זעט, אַז עס וועט נאָך זיין אַ גרויסער שטורעם, אַ וועלט־שטורעם, ביז מען וועט זיך באַפרייען פון דער געדיכטער כמאַרע! דערנאָך וועט זיך אויסלייטערן. די יוגנט וועט דאָס דערלעבן. עס וועט זיין אַ שיינע וועלט. דו וועסט נאָך אפשר עפּעס דערפון דערלעבן, אָבער איך ניט".

אַן אַנדערש מאָל האָט לינעצקי אין אַ שמועס מיט גראַנאָווסקין דערקלערט: „דעם גאַנג פון סאָציאַליזם קאָנען זיי [די קעגנער] ניט אָפּשטעלן".

* * *

לינעצקי האָט זיך געפילט שטאַרק צעוויטאָקט, געקרענקט און דערנידעריקט דערפון, וואָס ער, אַ שרייבער מיט אַזאַ גרויסן נאָמען, האָט געמוזט פאָרן פון שטאָט צו שטאָט און „גיין איבער די הייזער" צו פאַרקויפן זיינע ביכער, צווישן זיי זיין איבערזעצונג פון גרעטצס „געשיכטע". זיין טאָכטער שרייבט וועגן דעם: „ס'איז געווען אַ פאַרשאָלטענע פּראָפעסיע, און ניט איינמאָל פלעגט לינעצקי שווערן, אַז מער שרייבט ער שוין ניט".

אויך גראַנאָווסקי דערציילט, ווי לינעצקי האָט אים אויף דער עלטער איינמאָל געזאָגט מיט ביטערניש: „ווי קאָנען מיינע קינדער האָבן ליבע און רעספּעקט פאַר יידיש און צו יידן, אַז נאָך דעם גרויסן דערפאָלג פון מיין ,פּוילישן ייִנגל', פאַר וועלכן איך האָב געקראָגן צענדליקער טויזנטער פאַרערער, האָב איך אַליין געמוזט גיין אין די הייזער עס צו פאַרקויפן, — פאַרקויפן מיין אייגענעם לונג־און־לע־בער; און מרדכי ספּעקטאָר האָט געדאַרפט טאָן דאָסזעלבע, און אַנדערע שריי־בער האָבן געהאַט דעמזעלבן גורל".

אָט־די פּרנסה־בזויה, דאָס אַרומגיין פאַרקויפן די אייגענע ביכער, האָט אים שטאַרק נערווירט, באַליידיקט, געשטויסן אים צו לצנות, צו די „לינעצקיס קאַ־לענדאַרן", צו די הומאָריסטישע „פּלעדערווישן". זיין חלום וועגן אַרויסגעבן אַ יידישע צייטונג אין צאַרישן רוסלאַנד איז צערונען. דערצו האָט ער טיף אין האַרצן געפילט און געוואוסט, אַז זיין „מוזע", די מוזע פון זיין יוגנט, האָט אים פאַרלאָזט: ער קאָן זי ניט אָניאָגן...

די לעצטע צוואַנציק יאָר פון זיין לעבן איז אים באַזונדערס געווען ביטער. פיזיש אָפּגעשוואַכט; פאַרביטערט פון דער באַציאונג פון די באַרימטע יידישע שרייבער, די וואָרטזאָגער אין דער ליטעראַטור. אין זיין אויטאָביאָגראַפישן ווערק „פונעם יריד" האָט ער מיט גאַליקער סאַטירע אויסגעדריקט זיין פאַרדרוס אויף זיינע ברייט־אָנערקענטע ליטעראַרישע קאָלעגן.

זיין טאָכטער פאַרצייכנט: ווען מען האָט דעם 17טן נאָוועמבער, 1890, גע־

פייערט דעם יובילײ פון לינעצקיס 25־יאָריקער ליטעראַרישער טעטיקייט (געפייערט טאַקע אין זאַל פונעם שרייבערס הויז), האָט דעם יובילאַרס רעדע געקלונגען ווי „אַ מין ווידוי פון אַ באַליידיקטער נשמה". מ. גריידענבערג שרייבט: „שוין דעמאָלט האָט זיך אַרויסגעוויזן יענע ווילדע אומגעלומפּערטע שנאה צו לינעצקין מצד די ליטעראַרישע פּני, וואָס האָט צום סוף פון זיין לעבן אָנגענומען דעם כאַראַקטער פון אַן אָרגאַניזירטער, אָן־רחמנותדיקער פאַרפאָלגונג. זי האָט זיך אויסגעדריקט קודם־כל אין אַ פּאָליטיק פון פאַרשווייגן און איגנאָרירן. מען האָט פיינט געהאַט דעם דאָזיקן דרייסטן און בייסיקן מענטשן, דעם אָרעמען מחבר אָן מאַנירן, וואָס האָט שלעכט גערעדט רוסיש. מען האָט פיינט געהאַט זיין שאַרפע צונג און אָפט גאַליקע ווערטלעך... אויף זיין יובילײ זיינען געקומען פריינט, פאַרערער, — פון שרייבער בלויז ייִנגערע, ווייניק־באַקאַנטע. די ,גענעראַלן' פון דער ליטעראַטור האָבן זיך ניט באַוויזן".

דאָס זעלבע האָט זיך ווידערהאָלט אין 1909 צו לינעצקיס 70טן געבוירנטאָג. די פריינט און פאַרערער זיינען געקומען — נאָר ניט די באַוואוסטע שריפטשטעלער. אויך צו לינעצקיס לוויה, צו וועלכער ס'איז געקומען אַ ריזיקער עולם, איז „פון די שרייבער קיינער ניט געווען". „אַ וואָרט האָט געהאַלטן בלויז דער אַלטער פריינט וועקסלער — איש־נעמי" (דער פאָטער פונעם באַוואוסטן ביאָלאָג בעזרעדקאָ). [גראַנאָווסקי וויזט־אָן אין זיין בוך, אַז מ. ספּעקטאָר איז געווען איינער פון די נושאי־המטה.]

אין דחקות און נויט האָט דער אַלטער לינעצקי ניט אויפגעגעבן זיין ליטעראַרישע אַרבעט. אויף דער עלטער האָט ער איבערגעאַרבעט אַ צאָל פון זיינע ווערק, צווישן זיי אויך זיין איבערזעצונג פון גאָרדאָנס „קוצו של יוד". ער האָט אויך איבערגעאַרבעט זיינע אַמאָליקע לידער און אַרויסגעגעבן אַ קליינע לידער־זאַמלונג „די פערעלעך". ער האָט אויך געשאַפן (ניט אַרויסגעגעבן) אַ זאַמלונג „די איראָפּיאישע מוזע" — איבערזעצונגען פון רוסישער און דייטשער דיכטונג. צו יענעם פּעריאָד געהערן אויך זיינע איבערזעצונגען פון סידור, פון דער הגדה, פון תהילים און פון עטישע טיילן פון תלמוד. מיט די חובבי־ציון האָט ער זיך ניט געקאָנט „צונויפלעבן". ס'האָט אים געערגערט זייער „געקינצלטער, אויפגעבלאָזענער נאַציאָנאַליזם, אין וועלכן עס פעלט אי מענטש, אי ייִד". זיין טאָכטער שרייבט וועגן דעם: „צום יאָר 1900 זיינען זיינע אָנשויאונגען אין דער פראַגע שוין קריסטאַליזירט. ער פלעגט אָפט דאָן איבערחזרן, אַז די ייִדן־פראַגע וועט געלייזט ווערן ערשט דאַן, ווען ס'וועט געלייזט ווערן די אַלגעמיינע סאָציאַלע פראַגע".

אַ חודש פאַר זיין טויט האָבן לינעצקי און זיין פרוי געפייערט זייער גאָלדענע חתונה. דריי פון זייערע אַכט קינדער זיינען געשטאָרבן קליינערהייט; די אַנדערע, 4 זין און אַ טאָכטער, האָבן געוואוינט אין אַדעס, כאַרקאָוו, מאָסקווע. דער עלטסטער זון, משה, אַן אַרכיטעקט, האָט אויסגעהאַלטן טאַטע־מאַמע אויף זייערע עלטערע יאָרן. די טאָכטער שרייבט: „בלויז אַדאַנק אים [דעם עלטסטן זון] האָט לינעצקי די לעצטע פופצן יאָר פון זיין לעבן געלעבט אָן זאָרג און געקענט פאַרנעמען זיך מיט ליטעראַטור, ניט טראַכטנדיק וועגן שטיקל ברויט".

וועגן לינעצקיס עכטער מענטשלעכקייט, וועגן זיין דעמאָקראַטישקייט, אַמכאָדיקייט, פריינטלעכקייט צו פאָלקס־מענטשן, דערציילט באַריכותדיק ר. גראַנאָווסקי אין זיין בוך.

לינעצקי, איינער פון די מיטגרינדער פון אונדזער מאָדערנער יידישער ליטע־ראַטור, אַ טראַגישע פיגור אויף דער עלטער צוליב דעם, וואָס דער ראַשיקער מאַרש־פּאַרויס פון אונדזער קינסטלערישער ליטעראַטור האָט אים איבערגעשטיגן און געלאָזט הינטער זיך, בלייבט איינגעקריצט אין זכרון פון אונדזער ליטעראַטור־געשיכטע ווי אַן ערלעכער קעמפער פאַר די שענסטע אידעאַלן פון זיין עפּאָכע — בעת דעם גלאַנץ־פּעריאָד פון זיין שאַפן. די געזונטע השפּעה פון זיינע שאַרפע סאַטירישע ווערק, דער עיקר פון זיין „פּוילישן יינגל", בלייבט אומפאַרגעסלעך.

„יידישע קולטור", יוני־יולי, 1965.
צו זיין 50סטן יאָרצייט, דעם 10טן סעפּטעמבער, 1965.

# דער פאָלקס־דיכטער אליקום צונזער

(1913-1840)

צווישן די יידישע פאָלקס־דיכטער פונעם עלטערן דור אין אַמעריקע, אין די לעצטע יאָרן פונעם 19טן יאָרהונדערט און אין אָנהויב פונעם איצטיקן יאָר־הונדערט, זיינען געווען באַרימט: אברהם גאָלדפאַדען (1840 אין זשיטאָמיר — 1908 אין ניו־יאָרק) און אליקום צונזער (1840 אין ווילנע — 1913 אין ניו־יאָרק). צו יענער גרופּע האָבן געהערט אויך די דיכטער און לידער־פאַרפאַסער שלמה שמולעוויטש, יצחק רייזגאָלד, א. מ. שאַרקאַנסקי, יעקב מאַרינאָוו, דוד גאָלדשטיין, און אַנדערע.

דאָ ווילן מיר זיך אָפּשטעלן אויף דער פּערזענלעכקייט און שאַפונג פונעם פאָלקס־דיכטער און פּראָפעסיאָנעלן בדחן אליקום צונזער, וועמענס פופציקסטער יאָרצייט עס פאַלט־אויס דעם 22טן סעפּטעמבער, 1963.

צונזער איז געווען מער אַ לידערפאַרפאַסער און לידער־זינגער, ווי אַן עכטער אָריגינעלער פּאָעט אין אמתן און טיפן זין פון דעם וואָרט. ער האָט אָבער (ווי גאָלדפאַדען) געהאַט אַ שאַרפן חוש פאַר נגינה, און ער האָט געשאַפן די ניגונים פאַר זיינע אייגענע לידער, מיט וועלכע ער פלעגט אַרויסטרעטן מיט גרויס דער־פאָלג אויף חתונות, שמחות, קאָנצערטן און מאַסן־פאַרזאַמלונגען. נאָך ביז איצט ווערן פיל פון זיינע לידער געזונגען, און לעצטנס האָט מען אין ניו־יאָרק אַרויס־געגעבן אַן אַלבום מיט פאָנאָגראַף־פּלאַטינקעס, באַזירט אויף אייניקע פון צונזערס מחיהדיקע, תמימותדיקע, באַטעמטע ניגונים.

אַ געבוירענער אין ווילנע, האָט ער שפּעטער געלעבט פיל יאָרן אין מינסק, וואו ער איז געווען זייער פּאָפּולער ווי אַ בדחן און לידער־זינגער — אפשר דער סאַמע פּאָפּולערסטער בדחן ביי יידן. ער איז געווען אַ מאַדים אויף גראַמען. אין זיינע פערזן האָט ער, אַ ייד אַ משכיל, דער עיקר, געזוכט צו פּרעדיקן, צו מאָראַ־ליזירן, אונטערשטרייכן די נויטיקייט פון מידות טובות, לערנען מוסר. ער האָט אויך אין אייניקע פון זיינע לידער געזוכט צו „פאַרמענטשלעכן" די נאַטור אָדער

זאַכן (דוממים). אַ צאָל פון זיינע לידער פאַרמאָגן אויך עלעמענטן פון פיינעם הומאָר און סאַטירע.

אַ סך פון זיינע לידער זיינען אייגנטלעך דרשות, מחשבות, רעיונות, באַ־טראַכטונגען, אויך באַשרייבונגען, אין גראַמען. צווישן די לידער, אין וועלכע ער פערזאָניפיצירט זאַכן (אין דעם פאַל — אַ תּפילה) איז זיין באַוואוסטע שאַפונג: „דאָס ליד פון ר׳ תּחנון״ — אַ ליד פון פופצן פערזן. אַ ביישפּיל פון זיינע מוסר־השכלדיקע לידער — באַטראַכטונגען איז: „די פאַרשיידענע וועלט״. דאָס ליד הויבט זיך אָן מיט די שורות:

איין ערד טראָגט אונדז אַלעמען אויף אירע פליגל,
איין זון באַלייכט אָרעם און רייך;
די איין שטיקל וועלט איז גלייך ווי אַ שפּיגל,
ניט אַלעמען זעט זי אויס גלייך;
פאַר דעם פרומען איז אַ יריד יעדער טאָג,
ער האַנדלט סחורה און שלעפּט אין הויז;
פאַר דעם אומגליקלעכן איז די וועלט אַן אָסטראָג,
ער האָפט פון איר צו ווערן לויז;
פאַר דעם גליקלעכן איז דאָס אַ גאָרטן, אַ סאָד,
ער האָט פאַרגעניגן פון יעדער גראָז.

אַ מוסטער פון צונזערס פּלפּול־לידער, ראַציאָנאַליזירנדיקע פערזן, זיינען: „דאָס אומשטערבלעכע פאָלק״, די סעריע לידער „קאָנטראַסטן״, „דער חילוף״, „דאָס ניינצנטע יאָרהונדערט״.

קיין אַמעריקע איז צונזער געקומען אין 1889. דאָ האָט ער פאַרגעזעצט זיין דיכטערישע טעטיקייט, כאָטש ער איז ווייט ניט געווען אַזוי פּראָדוקטיוו ווי אין דער „אַלטער היים״. אַ שרייבער מיט אַ חוש פאַר דערווירקלעכקייט, פאַר סביבה, האָט ער געפּרואווט באַנעמען די נייע אַרומיקע רעאַליטעט. צווישן זיינע לידער וועגן אַמעריקע זיינען „קאָלומבוס און וואַשינגטאָן״, „פאַרזעען און פאַרשפּילט״ און אַנדערע. באַזונדערס פּאָפּולער געוואָרן איז אויפן אַמעריקאַנער באָדן זיין אַמע־ריקאַנער פּראָדוקט: „צום פעדלער״.

אין אָט־דעם ליד פון 8 אַכט־שורהדיקע פערזן רופט ער אָוועקוואַרפן פעדלעריי און זיך פאַרנעמען מיט ערד־אַרבעט, מיט פאַרמעריי. דאָס ליד הויבט זיך אָן מיט אַ רוף, אַ ווענדונג:

ווי לאַנג וועסטו, יידל, אַרומגיין און פעדלען?
און פאַלן צו לאַסט ביי די שכנים אין לאַנד,
וואָס שרייען אין צייטונגען און שטעכן ווי נאָדלען:
„דער ייד איז אַ שנאָרער און שטעלט אויס די האַנט״!
דען וואָס איז פעדלען? — נאָר בעטן נדבות!
אַן אַלטער, אַ קראַנקער, גייט פעדלען ביים קריסט,
מען נעמט פון זיין באַסקעט, אַ פּין אויף קאַטאָוועס,
אַז דאָס זאָל ניט הייסן: מען שענקט אים אומזיסט!

צונזערס ליד „צום פעדלער״ האָט, קענטיק, אין זיין צייט „אָנגעריסן״. אין משך פון יאָרן האָט מען אויף די גאַסן־ראָגן אין דער אָרעמער ניו־יאָרקער יידישער איסט־סאַיד געזונגען מיט גרויס התלהבות „צום פעדלער״ — און דערביי גע־טרוימט וועגן אַ פריש פרילינג־ווינטל, אַ גערטנדל, אַ פאַרם.

מיט דער אַנטשטייאונג פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין צאַרישן רוס־לאַנד אין אָנהויב פון די אַכציקער יאָרן פונעם לעצטן יאָרהונדערט איז דער פאָפולערער לידער־זינגער, בדחן און משכיל צונזער צוגעשטאַנען צו יענער „חיבת ציון"־באַוועגונג. ס'האָט ניט גענומען לאַנג, און ער האָט אָנגעהויבן אַרויסטרעטן מיט זיינע געזאַנגען אויף ציוניסטישע אסיפות אין מינסק, ווילנע, וואַרשע, קאָוונע, ריגע, ליבאַווע און אַנדערע שטעט. צו יענעם פעריאָד געהערן זיינע „שיבת ציון" און „די סאָכע". אין זיין „שיבת ציון" האָט ער אין פערזן איבערגעזאָגט די פרעדיקונגען פון די דעמאָלטיקע חובבי־ציון:

| | |
|---|---|
| וואָס זע איך דורך די שויבן? | הימל, גאָט, אָ וואונדער! |
| זיי פליען ווי טויבן, | אָט זע איך מיינע קינדער |
| מיין יוסף, מיין בנימין קלאַפּן מיר אין טיר. | קומען ווידער צו מיר. |

צונזערס פערז־פראַזע „אין סאָכע ליגט די מזל־ברכה" איז טיף אַריין אין פאָלק.

אין די זעכציקער יאָרן האָט צונזער געלעבט אין ווילנע; אין די זיבעציקער און אַכציקער יאָרן — אין מינסק (אָנהויבנדיק פון 1872 ביז 1889, ווען ער האָט אַריבערגעוואַנדערט קיין אַמעריקע). ס'איז כדאי צו באַמערקן, אַז אין זיינע משכילישע לידער פון יענעם פעריאָד איז ער ניט אַרויסגעטראָטן ווי אַ קעמפער. פאַר די אַקטיווע, עכטע משכילים איז דאָך געווען כאַראַקטעריסטיש צו זיין ווע־קער, רופער, „מורדי חושך" (בונטאַרן קעגן פינצטערניש). דאָס איז ניט געווען צונזערס וועג. מען דאַרף זיך משער זיין — טייטשט דער ליטעראַטור־פאָרשער ש. ל. ציטראָן (אין זיין ווערק „דריי ליטעראַרישע דורות" — וואַרשע, 1920) — אַז „וואוינענדיק אין די זעכציקסטע יאָרן אין ווילנע, האָט אליקום לכתחילה אויסגעמיטן די משכילישע קרייזן, כדי ניט אַרופּציען אויף זיך קיין חשד מצד דעם באַלעבאַטיש־אָרטאָדאָקסישן קלאַס, פון וועלכן ער האָט הויפּטזעכלעך געשעפּט זיין חיונה, ווייל די אינטעליגענץ האָט דאַמאָלט פיינט געהאַט „זשאַרגאָן" תכלית שנאה, און אין אַ בדחן האָט זי זיך קיינמאָל ניט באַנויטיקט". ציטראָן דערקלערט, אַז אפילו שפּעטער, אין מינסק, האָט צונזער „בכלל געפירט פאַר דער גאַס אַ יידיש־אָרטאָדאָקסישן שטאַט".

צווישן צונזערס באַוואוסטע לידער פון זיין אַלט־היים־פעריאָד זיינען געווען: „שאַך־שפּיל", „צום נייעם יאָר", „די וועלט איז אַ טעאַטער", „די אייזנבאַן", „ר' תחנון", „דער ווינטער מיטן זומער", „זאָגט קדיש נאָך דער וועלט". אויף זיינע ערשטע לידער־זאַמלונגען האָט זיך דער מחבר באַצייכנט אַלס: „אליקום בדחן מווילנע".

אין צונזערס היים אין מינסקס האָט זיך געשאַפן אַן אַזוי־גערופן „אליקומס קרייזל". דאָס קרייזל פלעגט אַרומשמועסן פראַגן פון געזעלשאַפטלעכן לעבן און ליטעראַטור. צווישן די, וואָס האָבן געהערט צו „אליקומס קרייזל", זיינען געווען לערערס, פאָלקס אינטעליגענטן און העברייאישע שרייבער. אייניקע פון זיי זיינען שוין געווען אָנהענגער פון סאָציאַליסטישע אידייען. טיילוויז אונטער זייער השפעה האָט צונזער געשאַפן אייניקע לידער מיט סאָציאַלע מאָטיוון, ווי למשל: „דער אומגעניטער מלוה" און „ר' יעקב משלם" (קעגן פּראָצענטניקעס, באַרייסער, הויט־שינדער). אויף די מיטגלידער פון זיין קרייזל פלעגט מאַכן אַ שטאַרקן איינדרוק צונזערס טאַלאַנט צו אימפּראָוויזירן, צו שאַפן אויף אַן אָרט (אָן צוגרייטונ־

געןֹ) לידער מיט גראַמען און מעלאָדיעס לויט אַ געגעבענער פֿאָרגעלייגטער טעמע.

ווען די כוואַליע פּאָגראָמען האָט זיך אַ קייקל געטאָן איבער דרום־רוסלאַנד אין אָנהויב פֿון די אַכציקער יאָרן און ס׳האָבן זיך געשטאַרקט די חיבת־ציון שטי־מונגען צווישן דער יוגנט, האָט צונזער געשטעלט זיינע ציון־לידער אין רשות פֿון אָט־דער באַוועגונג. באַזונדערס איז דאַן געווען פּאָפּולער זיין „פּאַלעסטינע־מאַרש״, אין וועלכן ער האָט גערופֿן צו מאַכן אַ סוף צו די אַרומשלעפּענישן אין גלות:

> גענוג שוין צו זיין נע־ונד,
> ווי די אָפּפאַל־בלעטלעך אין ליסטאָפּאַד.

אין אייגענעם לאַנד, האָט ער גערופֿן, וועט מען קאָנען האָבן:

> פֿון אייגענעם סאָד די פּרוכט,
> פֿון אייגענעם אָקס די יוכט.

זיינע ציון־לידער, וואָס האָבן געדינט ווי רופֿן פֿאַר באַזעצן זיך אין ארץ־ישראל, האָט צונזער גערופֿן — ציונאַדן״. צונזער האָט זיך געשעצט גליקלעך, ווען דער שוין דאַן באַרימטער גרונטלייגער פֿונעם יידישן טעאַטער, דער דיכטער און דראַמאַטורג, גאָלדפֿאַדען, האָט אים (אין וואַרשע אין 1886) געלויבט צום סוף פֿון אַן אָוונט, אויף וועלכן צונזער האָט געזונגען זיינע ציון־לידער. צונזערס אַ טראַגעדיע אין 3 אַקטן, „אַ קרבן פֿון יחוס״, איז ניט אויפֿגעפֿירט געוואָרן אויף דער בינע.

אין 1886 האָט מען אין מינסק געפֿייערט דעם 25־יאָריקן יובילײ פֿון צונ־זערס ליטעראַרישער טעטיקייט — טאַקע ביי אים אין הויז.

אין אַמעריקע האָט ער געפּרואווט דיכטעריש „אַקלימאַטיזירן זיך״. ער האָט אין זיינע הי־געשאַפֿענע לידער צוגערירט זיך צו דער טעמע פֿון שאַפּ, „שוויץ־סיסטעם״, עקספּלואַטאַציע, אַרבעטער־נויט און ליידן. אָט זיינען עטלעכע שורות פֿון זיין פּאָעמע „דאָס גאָלדענע לאַנד״ (זיבן זעכצן־שורהדיקע פֿערזן), אין וועלכע ער דערציילט וועגן די אָפּקומענישן פֿון די שאַפּ־אַרבעטער און די אומרעכט קעגן זיי:

> דעם אַרבעטערס לעבן שווימט דאָ אַוועק
> אין אַ טייך פֿון זיין אייגענעם שווייס;
> האָרעוועט אין „ביזי״ און הונגערט אין „סלעק״,
> און איז שטענדיק אין שרעק מיט זיין „פּלעיס״.
> ווי אַ מאַשין אַ נייע לייגט־פֿאַר איר פּראָיעקט,
> פֿיל אַרבעטער הונדערטער ווערן פֿון פֿאַבריק „געסעקט״.

די מאַטערנישן און פּלאָגענישן פֿון דעם „גרינעם״ אין דעם נייעם לאַנד שיל־דערט צונזער אין זיין פּאָעמע: „דער גרינער״. ער רופֿט־אויס צום ניי־געקומע־נעם יידישן אימיגראַנט:

> אָ, דו עלנטער! דו ביסט פֿאַראירט!
> די פֿאַלשע האָפֿענונג האָט דיך אַהער פֿאַרפֿירט!

דאָס זיינען פֿערזן פֿון אַ מיטליידנדיקן צוקוקער און באָאָבאַכטער. עס פֿעלט נאָך אין זיי די דיכטערישע קראַפֿט און דער מעכטיקער סאָציאַלער פּראָטעסט פֿון די פּיאָנערן פֿון יידישן פּראָלעטאַרישן ליד: מ. ווינטשעווסקי, מ. ראָזענפֿעלד,

ד. עדעלשטאַט און י. באָוושעווער.

צונזער האָט אויך געשאַפן אַ קליינע צאָל לידער מיט לירישע מאָטיוון — אָבער, בכלל גענומען, זיינען זיי ניט כאַראַקטעריסטיש פאַר זיין דיכטונג. אין דער היינטיקער צייט, נאָכדעם ווי די מאָדערנע יידישע דיכטונג האָט דורכגעמאַכט אַ לאַנגן, גרויסן אַנטוויקלונג־וועג און האָט פאַרצייכנט גאָר־באַדייטנדיקע דערגרייכונגען און אויפטוען, האָבן די מערסטע לידער פון צונזערן בלויז אַ היסטאָרישן און קולטור־היסטאָרישן ווערט. אייניקע פון זיינע לידער זיינען עד־היום געבליבן אין זכרון פון יידיש־לייענער אַדאַנק די מעלאָדיעס, וועלכע ער האָט אַליין געשאַפן. אַ גרויסער טייל פון זיינע העכער זעקס הונדערט לידער איז דערשינען אין אַ סך אויפלאַגעס.

מער איינצלהייטן פון זיין לעבן — אין זיין „זעלבסטביאָגראַפיע״, ניו־יאָרק, 1905.

אין זיין צייט און סביבה האָט דער פאָלקס־דיכטער צונזער אויף זיין פרימיטיוון אופן באַוויזן צו געבן אויסדרוק צו באַשטימטע שטימונגען פון מאַסן יידן, וואָס האָבן פאַר זיך ניט געזען קיין אויסוועג אונטערן צאַריש־פריצישן פּאָגראָם־רעזשים.

(צו זיין 50סטן יאָרצייט, דעם 22טן סעפּטעמבער, 1963)
(„מאָרגן־פרייהייט״, סעפּטעמבער 18, 1963)



# אברהם גאָלדפאַדען

## דער פאָטער פון יידישן טעאַטער

(1908־1840)

אברהם גאָלדפאַדען (1908־1840), דער פאָטער און גרינדער פונעם יידישן טעאַטער, האָט אין זיך קאָמבינירט אַ סך טאַלאַנטן: שעפערישער, אָריגינעלער דראַמאַטורג, עכטער פאָלקס־דיכטער, גלענצנדער בינע־מייסטער, רעזשיסער און טעאַטער־דירעקטאָר, קאָמפּאָזיטאָר־שאַפער פון מוזיק פאַר זיינע אייגענע טעאַטער־טעקסטן; הומאָריסט־סאַטיריקער.

אַ זעלטענע דערשיינונג אין דער געשיכטע פון אַ פאָלק!

דער שאַפער פון דראַמע, פון רעאַליסטישע און נאַציאָנאַל־היסטאָרישע פּיעסן און אָפּערעטעס (העכער 50 טעאַטער־שטיק) האָט אין אים איבערגעשטיגן דעם שאַפער פון ליטעראַרישע, פּאָעטישע ווערטן (אַ צאָל זאַמלונגען לידער). טעאַטער איז געווען זיין לעבן!

אין געביט פון טעאַטער האָט ער אַריינגעבראַכט זיין גרעסטן, דויערהאַפטן ביַיטראַג. מיר שאַצן אים הויך אַלס דעם גרויסן מייסטער פון בינע־סצענעס, פון סצעניש עפעקטן, אַלס דעם ערשטן שאַפער פון דער יידישער אָפּערעטע. מיר שאַצן הויך זיין עכטע פאָלקישקייט, זיין סאָציאַלן צוגאַנג אין שילדערן רעאַליסטישע בילדער און געשטאַלטן פון יידישן שטייגער־לעבן; זיין פאַרשטענדעניש פאַר דער יידישער אָרעמשאַפט.

אַ דראַמאַטישער מאָלער פון זיין צייט און סביבה, איז ער, דער זון פונעם אַלט־קאָנסטאַנטינער זייגערמאַכער, חיים־ליפּע גאָלדענפאַדים, געווען דורכאויס אַ משכיל, אַן אויפקלערער, אַ קעמפער קעגן אָפּגעשטאַנענקייט און פאַנאַטיזם, קעגן יאָגן זיך נאָך יחוס און געלט.

אין אונטערשייד פון אַ סך אַנדערע משכילים, איז אים דאָס מאַמע־לשון יידיש געווען ליב און טייער. יידיש איז פאַר אים געווען זיין נאַטירלעכער אויס־דרוק־מיטל.

צווישן זיינע הויפּט־ביַיטראַגן פאַרן יידישן לעבן אין זיין צייט זיינען געווען: 1) דאָס אַריינברענגען פרייד, לעבנסלוסט, געלעכטער און געזאַנג אין דעם שווערן, חושכדיקן לעבן פון די אָרעמע יידישע פאָלקס־מאַסן; 2) זיין געזונטער אָפּטימיזם, זיין פעסטער גלויבן אין דער צוקונפט פון פאָלק.

אין 1874 איז אין צאַרישן רוסלאַנד אַנגענומען געוואָרן אַ געזעץ צו רעקרו־טירן יידן אין דער אַרמיי. ס׳האָט זיך געשאַפן אַ מהומה. יידישע יונגעלייט, וואָס זיינען וויניק־וואָס געווען פאַרליבט אין דעם צאַרישן רעזשים, זיינען אַוועק קיין רומעניע. די צאַרישע רעגירונג האָט באַפוילן, מען זאָל זיי כאַפּן אין רומעניע און אָפּגעבן פאַר סאָלדאַטן. גאָלדפאַדען מיט זיינע צוויי אַקטיאָרן (י. גראָדנער און ישׂכר גאָלדשטיין) האָבן זיך דאַן (אין 1876) באַהאַלטן אויף אַ בוידעם אין אַ הויז אין באָטושאַן (רומעניע). אין יענעם ווינטער פון דער רעקרוטן־בהלה האָט גאָלדפאַדען געשאַפן און שפּעטער צום ערשטן מאָל אויפגעפירט זיין פּאָפּולערן פאַרס פון 3 אַקטן: „די רעקרוטן" — אויף אַן אַקטועלער טעמע.

כדאי בקיצור אַרויסצוברענגען דאָ גאָלדפאַדענס אַנטי־מיליטאַריזם און אַנטי־מלחמה אידייע, וואָס איז אין גייסט פון דער שלום־וויזיע און שלום־אידעאַל ביים יידישן פאָלק.

אין 1טן אַקט זיצן חסידים אין קלויז און פירן אַ פּאָליטישע דיסקוסיע. פּלוצים קומט דער „כאַפּער" מיט סאָלדאַטן. ער וויל נעמען פאַר אַ רעקרוט דעם קלויזניק חיים־שעיה קאַטער. און דאָ קומט בוילעט צום אויסדרוק גאָלדפאַדענס ביטערער סאַרקאַזם אויפן גאַנצן ענין מיליטערשטשינע און מלחמה.

אויף די פראַגן פון חיים־שעיהן, וואָס ער וועט דאַרפן טאָן אין קריג, ענט־פערט דער „כאַפּער", אַז ער וועט דאַרפן שיסן די שונאים. דעם קלויזניק איז דער ענין אינגאַנצן קשה: ווי אַזוי קאָן ער שיסן שונאים, אַז ער האָט קיין שונאים ניט.

כאַפּער: „אָבער דער קייזער האָט שונאים".

חיים־שעיה: „נו, זאָל ער זיך אַליין שיסן זיינע שונאים. וואָס ווילט איר,

אַז איך זאָל זיך אָנגעמען פאַר פרעמדע שונאים און זאָל דאַרפן זיך ערב יום־כפור נאָך איבערבעטן?"

נאָך אַ לאַנגן וויכוח גייט־אײַן דער קלויזניק אויף אַ פשרה. אויב עס זײַנען פאַראַן אַ פאָר שונאים אויף זײַן חלק, טאָ זאָל מען זיי ברענגען צו אים, און מיט איין קלאַפּ וועט ער זיי אויסשיסן און אַזוי־אַרום שפּאָרן דער קאַזנאַ איבעריקע הוצאות...

אין צווייטן קאָמיש־טרויעריקן אַקט זעט מען חיים־שעיהן אין אַ זעלנער־מונדיר מיט מיתה־משונה־קאָלירן פון כלערליי סאָלדאַטן־אוניפאָרמען פון פאַרשיידענע לענדער. „עוזר דלים הושיעה נא".

דער גאַנצער ענין מיליטער־מושטירונג, תכסיסי מלחמה, סאָלדאַטשינע איז שרעקלעך ווילד, משונהדיק פרעמד דעם יידישן פרידלעכן גייסט.

אין דריטן אַקט זינגען גאָלדפאַדענס יידישע סאָלדאַטן אַ לידל: „דאָס חסידישע מיליטער". מען רופט צו זיי:

„ר' עוזר, לייזער, געצל, מיכאל,
עס פייפט דער טרומפייט,
די מלחמה איז שוין גרייט!

גבורי ישראל!
נאַ טוט־זשע איך אַ ריר!
וואָס מאַכט איר פאַר אַ שהיות?"

אָבער עס קומט אַן ענטפער: „איך מוז דאַווענען פריער!" און „הוראַ, רבונו של עולם! הוראַ!".

צום סוף באַפרייט מען די חסידים־סאָלדאַטן, און זיי גייען אַ טענצל.

די פיעסע איז געוואָרן אַ דערפאָלג אין באַטושאַן, דערנאָך אין גאַלאַץ, בראַילאַ, שפּעטער (אין אַ געענדערטער פאָרם) אין אָדעס און בערדיטשעוו.

דער פאַרס דערמאָנט אין די שפּעטערדיקע ווערק (אויף אָט־דער אידייע) פון שלום־עליכם, אין „דער בראַווער סאָלדאַט שוואַיק" פון האַשעק, אין בערטאָלט ברעכטס „מוטער קוראַזש", און אַנדערע.

ווי אַ פאָלקס־פּאָעט און דראַמאַטורג האָט ער זײַנע מאָטיוון געשעפּט פון דער השכלה און פון דער השכלה־ליטעראַטור (ישראל אַקסענפעלד, א. ב. גאָטלאָבער, דר. שלמה עטינגער, א. אַנד.). אין די געשטאַלטן פון דעם השכלה־קאַמף (נעגאַטיווע און פּאָזיטיווע, פאַנאַטיקער און אויפגעקלערטע) האָט ער אַרײַנגעטאָן דעם רוח־חיים פון זײַן צייט און זײַן גרויסן דראַמאַטורגישן כוח צו ברענגען זיי צום לעבן אויף די ברעטער פון דער בינע.

אַ גראַדואירטער פון דער זשיטאָמירער ראַבינער־שול, וואו די השכלה־שריפטשטעלער א. ב. גאָטלאָבער און אליעזר־צבי צווייפל זײַנען געווען צווישן די לערערס, און מענדעלע מוכר־ספרים, יצחק־יואל לינעצקי און מ. מ. וואָרשאַווסקי צווישן די תלמידים, האָט גאָלדפאַדען אַרויסגעוויזן אַ טיפן אינטערעס אין דער וועלט־ליטעראַטור און וועלט־דראַמאַטורגיע. ער האָט זיך ווייט ניט באַנוגנט מיט פורים־שפּילן און השכלה־דראַמען. ער האָט אויפגענומען געזונטע השפעות פונעם וועלט־טעאַטער. ריכטיק האָט דר. יעקב שאַצקי אָנגעוויזן: „גאָלדפאַדען האָט אין זיך אײַנגעזאַפּט דעם גאַנצן אייראָפּייאישן טעאַטער פון זײַן צייט: די בערלינער לוסט־שפּיל, די ווינער פאָלקס־דראַמע מיט די רייצנדיקע מוסר־השכלס, די אוקראַאינער ראָמאַנטישע און מוזיקאַלישע מעלאָדראַמע, דער אונגאַ־

רישער וואולגאַרישער פאָלקס־וואָדעוויל — דאָס זיינען ווערטן, וואָס האָבן שטאַרק באַאיינפלוסט גאָלדפאַדענס טעאַטער־שאַפונג".

שעפנדיק פון די פאָלקס־קוואַלן פון יידישן שאַפן, וועלכע זיינען אים געווען נאָענט און היימיש, איז ער, דער געבענטשטער טעאַטער־שאַפער, געגאַנגען אויך אין חדר צו די בינע־מייסטערס פון דער וועלט.

גאָלדפאַדען, וועלכער האָט געלייגט דעם גרונטשטיין פונעם יידישן טעאַטער אין 1876, אין יאַס, רומעניע, האָט מיט פיל יאָרן שפּעטער אַליין דערציילט וועגן זיין טעאַטער־שולונג:

„אין יענער צייט, ווען איך בין געקומען קיין יאַס, בין איך שוין געווען גע־קומען פון דער גרויסער וועלט און האָב געהאַט גענוג געלעגנהייטן זיך אָנצו־זען מיט די בעסטע דראַמען און אָפּערן, פוילישע, רוסישע, דייטשע, פון אַלע קלענסטע אָפּערעטן ביז צו די באַרימטסטע ווערדיס, מעיערבערס, האַלעוויס, און אין ווין האָב איך זאָגאַר, געהאַט די געלעגנהייט צו זען אין אָפּערן־טעאַטער אַלע וואַגנערישע שטיק".

דער גרויסער טעאַטער־מייסטער, מחבר פון די לידער־זאַמלונגען „ציצים ופרחים" (1865), „דאָס יודעלע" (1866), „דאָס פידעלע" און „ישראליק" (1883־1884), „שבתיאל" (פּאָעמע, 1897), „יודישע נאַציאָנאַל־געדיכטע" (1898), פּיעסן און אָפּערעטעס (מיט געזאַנג־נומערן און קאָמישע לידער); רעדאַקטאָר (צוזאַמען מיט י. לינעצקין) פון וואָכנבלאַט „ישראליק" אין לעמבערג, פון „איזראַעליטישעס פאָלקס־בלאַט" אין טשערנאָוויץ, פון וואָכנבלאַט „ניו־יאָרקער אילוסטרירטע צייט־טונג" (1887־1888), האָט די מערסטע יאָרן פון זיין שווערן לעבן, אַ וואַנדער־לעבן, געליטן נויט, געפּלאָגט זיך מאַטעריעל צוזאַמען מיט זיין פרוי פּאַולינע.

אַלע יאָרן איז אים אָבער געגאַנגען אין לעבן צו ברענגען אויפקלערונג דעם פאָלק — דורך די מיטלען פון בינע, סצענע. ער איז געווען פון די ערשטע, ביי יידן צו ברענגען דעם צושויער־עולם פאַרוויילונג, אונטערהאַלטונג; אָבער גלייכצייטיק האָט ער באַנומען טעאַטער ווי אַ דערציערישע אינסטיטוציע, מיט אירע אייגנאַרטיקע, ספּעציפישע מיטלען.

זיין ליטעראַרישע „אני מאמין" האָט ער אַליין קלאָר אַרויסגעבראַכט: „ער [דער עולם צושויער] דאַרף אַ שולע!... מען דאַרף אים שאַפן לעבנס־דראַמען אָדער בילדער פון זיין אייגענעם לעבן, אין וועלכע עס זאָלן זיך אָפּשפּיגלען זיין אייגענע אומוויסנקייט, זיינע אייגענע פעלערן, און זאָל ער זיך באַשטרעבן ביס־לעכוויז זיי צו פאַרבעסערן. מען וואָלט אים געדאַרפט געבן היסטאָרישע שטיק, ער זאָל קאָנען לערנען פון דער בינע, אויסשפּילנדיק זיין אייגענע געשיכטע, זיין פאַרגאַנגענהייט... ער זאָל אימשטאַנד זיין צו דערפאַרן און צו וויסן ווער ער איז אַליין"..

נישקשה, אָט־די פּראָגראַם איז אויך היינט ניט פאַרעלטערט...

איבערזעצנדיק זיין טעאָריע אין דער פּראַקטיק פון לעבעדיקער קינסטלערי־שער טעאַטער־בינע, האָט גאָלדפאַדען געשאַפן אַזוינע קרעפטיקע, אַמוזירנדיקע טעאַטער־שטיק פון יידישן שטייגער־לעבן פון זיין צייט, ווי „שמענדריק", „דיביידע קונילעמלעך", „די באָבע מיטן איינינקל", די „כישופמאַכערין", „מומע סאָ־סיע", די „בידנע יתומה", „רעקרוטן" און פיל אַנדערע ווערק. ס'האָט פון אָט־די עכטע טעאַטער־שטיק געשטראַמט מיט פאָלקישן הומאָר, מיט סאַטירע אויף גייס־

טיקן חושך, אויף קולטורלאָזיקייט, אויף פאַרדאָרבנקייט, אכזריות, היפּאָקריטסטווע.

געחוזקט האָט ער פון די פאַרגעטערער פון „די קלינגערס“ („די קלינגערס בים־באָם־באָם“). אָפּגעשפּאָט האָט ער פון די אָנהענגער פון אַסימילאַציע (אין זיין האַלב־פאַנטאַסטישער, האַלב־רעאַליסטישער פּאָעמע „שבתיאל“, א. אַנד.). גע־שמיסן מיט ריטער האָט ער די גרענדע־פירער, וואָס זיינען די באַלעבאַטים אי־בער רעקרוטשינע:

„קוק, אין אַ שטוב זיצן אַ גאַנצע נאַכט
מענטשן — פרומע אײנס אין דער וועלט.
דאָ זיצט דאָס קהל, מ'קלערט, מ'טראַכט —
מענטשן פאַרקויפן פאַר געלט“.

צו די מיאוסע בלבול־פאַרשפּרייטער וועגן כלומרשטער „יידישער פחדנות“ האָט ער אויסגערופן אין „פייל און בויגן“:

„און וויפיל יידישע קינדער זיינען אין קריג געפאַלן!
אויב צו וויסן עמיצער וויל נאָר זיין אַ בעלן,
לאָז ער ציילן פון די מאַמעס יעדערערס „אוי“
און דאָרט אויף די מצבות חעם אמתן ,פּה׳...“

די עלעמענטן פון פאָלקסטימלעכקייט, פון קוואַליקן נאַטירלעכן הומאָר, פון סאָציאַלער סאַטירע פעלן אין גאָלדפאַדענס דראַמען פון אַ שפּעטערדיקן פעריאָד אין זיין שאַפן: באַלד נאָכן מוראדיקן פּאָגראָם־יאָר 1881.

אָן אויפגערודערטער און אויפגעשווידערטער פון די שחיטות אויף יידן אין דרום־רוסלאַנד, האָט גאָלדפאַדען געשאַפן לידער אויף פּאָגראָם־מאָטיוון און נאַ־ציאָנאַל־היסטאָרישע פּיעסן: „דאָקטאָר אַלמאַסאַדאָ“, „יהודה המכבי“, „בר כוכבא“, „שולמית“. דער דראַמאַטורג האָט זיך געווענדט צו די קוואַלן פון דער יידישער געשיכטע נאָך זיין נייער טעמאַטיק, אויך צו לעגענדעס פון דער ביבל און פונעם תלמוד. ס'האָט אין זיינע היסטאָרישע ווערק געפעלט דאָס עכטע גאָלדפאַדענישע: די פאָלקישע פשטות, דער רעאַליזם. ס'איז שטאַרק געווען קענטיק דער איבער־טריבענער סענטימענטאַליזם.

דער צאַרישער פאַרבאָט אויפן יידישן טעאַטער אין רוסלאַנד — געמאָלדן דעם 14טן פעברואַר, 1883 — איז געווען דער שווערסטער קלאַפּ פאַר גאָלד־פאַדענען און זיין טעאַטער. ווידער האָט ער — דאַן אַ 43־יאָריקער, פיל־געליטע־נער — גענומען דעם וואַנדער־שטאָק אין האַנט.

טשיקאַווע און באַלערנדיק איז צו וואַרפן אַ בליק אויפן וועג פון נע־ונד, פון „ויסעו־ויחנו“, וואָס גאָלדפאַדען האָט דורכגעמאַכט פון זיינע יינגל־יאָרן אין אַלט־קאָנסטאַנטין ביזן סוף פון זיין שווערן, טראַגישן לעבן אין ניו־יאָרק: זשיטאָמיר (ראַבינער־שול), סימפעראָפּאָל (שול־לערער), אָדעס, וויניצע, מינכען, לעמבערג, טשערנאָוויץ; יאַס, באָטושאַן, גאַלאַץ, בראַילאַ, בוקאַרעשט (רומעניע); אָדעס, פּע־טערבורג; אַ ריי רוסישע שטעט; ווידער: אָדעס; וואַרשע, לאָדזש, ניו־יאָרק (1887), לאָנדאָן און פּאַריז (1889), לעמבערג (1890); רומעניע, בוקאָווינע; פּאַ־ריז; ניו־יאָרק — פון 1904 ביזן פריצייטיקן טויט דעם 9טן יאַנואַר, 1908.

פיר יאָר האָט ער זיך שרעקלעך געפּלאָגט אין ניו־יאָרק, ניט געקאָנט דער־שלאָגן זיך צו אַן אייגענעם טעאַטער. אין די טעאַטערס האָט מען אויפגעפירט

זיינע פּיעסן און אָפּערעטן, געזונגען זיינע לידער — אים, דעם טאַטע און גרונט־לייגער פונעם יידישן טעאַטער, האָט מען ניט אָנערקענט. ער האָט געלעבט אין דחקות און נויט. מען קאָן זיך פאָרשטעלן זיינע געפילן, זיין פאַרביטערטקייט, זיינע פיינלעכע איבערלעבונגען אין יענעם מאָמענט. צו זיין פריינט יעקב דינעזאָן האָט ער דאַן געשריבן פון ניו־יאָרק מיט וויטאָק:

„איך האָב קיין טענות נישט, וואָס דאָס אַמעריקאַנישע יידישע טעאַטער האָט זיין טאַטן נישט דערקענט און וויל נישט וויסן פון מיר. ביי אַ פאָלק, וואָס עלטערן און קינדער זיינען געצוואונגען צו וואַנדערן אין פאַרשיידענע צייטן און אָפט אויף פאַרשיידענע וועגן, איז קיין זעלטנקייט נישט, אַז קינדער זאָלן זייערע עלטערן נישט דערקענען"...

די „קינדער", צווישן זיי פיל תלמידים פונעם מייסטער־רעזשיסער און די־רעקטאָר, האָבן זייער פאָטער נישט דערקענט, און זיך געמאַכט ניט וויסנדיק, ניט זעענדיק, ניט הערנדיק.

צום סוף פון זיין ליד „דור הולך ודור בא" האָט גאָלדפאַדען געשריבן אין זיין באַשיידנקייט: „מיך וועט מען כאָטש אַ צייט דערמאָנען". ניין, ניט „אַ צייט", נאָר לדור דורות! דער פאַקט איז, אַז ניט נאָר טוט מען גאָלדפאַדענען „דערמאָנען", נאָר זיינע ווערק ווערן עד־היום אויפגעפירט: אין פוילן, אין רומעניע, א. אַנד. פאַראַן נאָך זייער אַ סך טעאַטראַלע אוצרות צו שעפּן פונעם לעבעדיקן, שפּרודלדיקן, גאָלדענעם גאָלדפאַדען־רעפּערטואַר אויך פאַר היינט!

(צו זיין 60סטן יאָרצייט, דעם 9טן יאַנואַר, 1968)

(„מאָרגן־פרייהייט", דעם 7טן יאַנואַר, 1968)





# יעקב גאָרדין

## גרינדער פון מאָדערנעם יידישן טעאַטער

(1909־1853)

דעם 10טן יוני, 1959, איז געוואָרן פופציק יאָר זינט די יידישע וועלט האָט פאַרלוירן איר גרויסן דראַמאַטורג, דעם רעפאָרמאַטאָר פון דער יידישער בינע, יעקב גאָרדין, איינער פון די גרונטלייגער און בויער פונעם מאָדערנעם יידישן קינסטלערישן טעאַטער.

מיט ליבשאַפט און דרך־ארץ פאַרצייכענען מיר דעם נאָמען פון אָט־דעם באַרימטן און באַליבטן דראַמאַטורג, דעם פאַקטישן באַשאַפער פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַרישער דראַמע, דעם פּראָגרעסיוון קולטור־געזעלשאַפטלעכן טוער, דעם פלאַנצער און פאַרשפּרייטער פון ראַדיקאַלע הומאַניסטישע אידייען, דעם פּיל־זייטיקן שרייבער, דערציער, לעקטאָר און פאָלקס־לערער, דעם ווירקנדיקן כוח אין יידישן קולטור־לעבן אין אַמעריקע.

יעקב גאָרדין (1909־1853) האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך אַ רייכע ליטעראַרישע ירושה: אַרום 70־80 פּיעסן, וואָס פיל פון זיי זיינען מיט גרויס דערפאָלג אויפגעפירט געוואָרן אין אַלע וועלט־טיילן (און אייניקע פון זיי ווערן עד־היום געשפּילט); עטלעכע בענד מיט בילדער, דערציילונגען, סקיצן, פעליעטאָנען, ביאָגראַפיעס, עסייען וועגן ליטעראַטור און טעאַטער, פּובליציסטישע און וויסנשאַפט־לעכע אַרטיקלען, פילאָסאָפישע אָפּהאַנדלונגען, רייזע־בילדער, קריטיק, הומאָר און סאַטירע; אַ באַנד „יעקב גאָרדינס איינאַקטערס״, צוזאַמענגעשטעלט דורך זיין זון אַלעקסאַנדער. ער איז געווען אַן אַקטיווער אָנטיילנעמער אין דער סאָציאַליסטישער פּרעסע, דער אַרויסגעבער פון אַן אילוסטרירטן טעאַטער־זשורנאַל, מיט־גרינדער פון דער „עדיוקעישאָנאַל ליג״.

ער האָט געשפּילט אַן אומגעהויער־גרויסע ראָל ווי אַ דערציער פון ברייטע פאָלקס־מאַסן דורך זיינע דראַמען און אַנדערע ווערק, ווי דורך זיין מינדלעכן וואָרט אַלס לעקטאָר און רעדנער.

שוין אין דער „אַלטער היים״, אין צאַרישן רוסלאַנד, האָט יעקב גאָרדין גע־

שפּילט אַ באַדייטנדיקע ראָל ווי אַן אויפקלערער, פּראָפּאַגאַנדיסט, אידעאָלאָג און פּירער.

י. גאָרדין, געבוירן אין מירגאָראָד, פּאָלטאַוועַר גובערניע, אַ זון פון אַ משכיל (יחיאל־מיכל), איז שוין אין עלטער פון 17 יאָר געוואָרן טעטיק אַלס אַ רוסישער שרייבער. ער איז געוואָרן באַקאַנט אַלס אַ זשורנאַליסט און רעדאַקטאָר, מיט־אַרבעטער פון דרום־רוסישע צייטשריפטן און פון דער פּעטערבורגער וואָכנשריפט „ניעדיעליאַ", שרייבער פון דערציילונגען, פעליעטאָנען און קריטיק וועגן רוסישן טעאַטער.

אַן עכטער אידעאַליסט, אַ טאָלסטאָיאַנער, האָט ער אין 1880 געגרינדעט אין יעליסאַוועטגראַד די „גייסטלעך־ביבלישע ברידערשאַפט" מיטן ציל צו רעפאָרמירן דאָס יידישע לעבן אין רוסלאַנד, צו פּראָדוקטיוויזירן די יידישע פאָלקס־מאַסן, אַריבערצופירן זיי אויף ערד־אַרבעט. דער עיקר פון זיין לערע האָט זיך באַזירט אויף תנ"ך, אויף סאָציאַל־עטישע יסודות, אויף אוטאָפּישן קאָמוניזם. מיט דער צייט איז זיך די „ברידערשאַפט" פאַנאַנדערגעפאַלן אונטערן דרוק פון די צאַריש־פּאָליציייאישע רדיפות, און דעם 31טן יולי, 1891, איז גאָרדין, אין עלטער פון 38 יאָר, געקומען קיין אַמעריקע. ער איז שוין דאַן געווען אַ באַוואוסטע פירנדיקע פיגור.

דאָ אין לאַנד איז גאָרדין, אַן אימפּאָזאַנטע הויך־עטישע, שיינע, ערלעכע פּערזענלעכקייט, שטאַרק באַווירקט געוואָרן פון דער ראַדיקאַלער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־באַוועגונג. פון זיין טרוים צו בויען דאָ אַ קאָלאָניע אויף קאָמוניסטישע יסודות, האָט זיך אויסגעלאָזט אַ בוידעם. אָבער דער פּראָגרעסיווער טרוימער און אינטעלעקטואַל האָט זיך דאָ באַלד באַהאָפטן מיט דער יידישער פּאָרגעשריטענער אַרבעטער־באַוועגונג, מיט אירע וואָרטזאָגער און פירער. אונדזער ליבער היסטאָריקער און פאָרשער פון דער יידישער ליטעראַטור, קלמן מרמר, ווייזט אָן אין זיין גרינטלעכער מאָנאָגראַפיע : „יעקב גאָרדין" : „ס'איז כלל ניט איבערטריבן די באַהויפּטונג פון יעקב מילך [„יידישע קולטור", נומ. 7, 1939, ז. 31], אַז ,די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג האָט איבערגעפורעמט דעם גאַנצן גייסטיקן אינהאַלט פון דער פּערזאָן יעקב גאָרדין' ".

י. גאָרדין איז געקומען אַהער אין לאַנד מיט אַ היפשן באַגאַזש פון אייראָפּעאישער קולטור, מיט קענטענישן פון העברייאיש, רוסיש, דייטש, אוקראַיניש, מיט אַ באַדייטנדיקער באַקאַנטשאַפט מיט דער רוסישער ליטעראַטור און רוסישן טעאַטער. ער האָט מיט זיך מיטגעבראַכט וויסן, וויזיע, ווילן־קראַפט, פּרינציפּפעסטקייט. ער האָט פאַר זיך דערזען אַ ברייטן, ריזיקן באַדן פאַר אויפקלער־אַרבעט, פאַר אויפהויבן די יידישע פאָלקס־מאַסן קולטורעל. ער האָט פאַר אָט־דעם צוועק גענומען שטודירן גרינטלעך די יידישע שפּראַך און ליטעראַטור און אַריבערשליסן זיך אויף נייע רעלסן : אַריבערגייין פון דער רוסישער שפּראַך און ליטעראַטור צו שאַפן ווערק אין יידיש.

מיט זיינע גרויסע אויפטוען פאַר דעם יידישן טעאַטער אַלס מייסטער־דראַמאַטורג, מיט זיינע רייכע ליטעראַרישע ביטראַגן, מיט זיינע אַרויסטרעטונגען אַלס קעמפער פאַר פּראָגרעסיווע אידייען, אַלס קעמפער קעגן שונד און שונדיזם, קעגן די פאַרדאַרבנדיקע איינפלוסן פונעם „פאָרווערטס" און פון זיין רעדאַקטאָר אַב. קאַהאַן, האָט זיך יעקב גאָרדין דערוואָרבן גרויס פּאָפּולאַריטעט.

זיין לויכטנדיקע, מאַגנעטישע פּערזענלעכקייט האָט באַצויבערט ברייטע פאָלקס־מאַסן, היפּשע קרייזן לייענער און טעאַטער־באַזוכער. ער האָט אויסגעאיבט אַ באַדייטנדיקע און געזונטע ווירקונג אויף דער אַרבעטער־באַוועגונג און אויף פיל פון אירע פירער און טוער, און דער עיקר אויף דער פּראָגרעסיווער יידישער פאָלקס־און אַרבעטער־אינטעליגענץ, וועלכע האָט זיך גרופּירט אַרום אים, אַרומגערינגלט אים מיט ליבשאַפט און פאַרערונג, געשעפּט פון די קוואַלן פון זיין וויסן, באַוואונדערט זיין קונסט, זיין שעפערישן טאַלאַנט. איינער פון זיינע נאָאָענטסטע פריינט, מיטאַרבעטער און פאַרערער איז געווען דער „זיידע" פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע, מאָרים ווינטשעווסקי.

אַ גרויסער „נס" האָט פּאַסירט: גאָרדין, וועלכער האָט ביי זיין קומען אַהער אין לאַנד ניט געהאַט קיין באַקאַנטשאַפט מיט דער יידיש־ליטעראַטור, איז אין אַ פּאָר יאָר אַרום געוואָרן דער באַשאַפער פון דער בעסערער יידישער ליטעראַרישער דראַמע, דער פונדאַמענט־לייגער פונעם יידישן קינסטלערישן טעאַטער. זיין פריערדיקע באַקאַנטשאַפט מיטן רוסישן טעאַטער האָט אים, נאַטירלעך, אַ סך אַרויסגעהאָלפן.

ער איז צום ערשטן מאָל געקומען אין יידישן טעאַטער און האָט דאָרט געטראָפן — אַ וויסטעניש: שונד, באַלאַגאַן, בורלעסק, מעלאָדראַמע. ער האָט זיך דערפילט צעוויטאָגט און באַליידיקט. קלמן מרמר שרייבט אין זיין גאָרדין־בוך: „ער [גאָרדין] דערציילט, אַז אַלץ וואָס ער האָט דאָרט ,געהערט און געזען', איז געווען ,ווייט פונעם יידישן לעבן, גראָב, אומעסטעטיש, פאַלש, געמיין און פאַרדאָרבן'".

און יעקב גאָרדין האָט, אַ דערמוטיקטער דורך דער פּראָגרעסיווער אַרבעטער־באַוועגונג, גענומען זיך שאַפן אַ נייעם טעאַטער, וואו עס ווערן געגעבן רעאַליסטישע פּיעסן, בילדער פון ווירקלעכן לעבן. ער האָט דורך זיינע פּיעסן — אָריגינעלע, ווי אויך באַאַרבעטע און איבערגעזעצטע — געעפנט אַ ניי קאַפּיטל, אַ נייע עפּאָכע אין דער געשיכטע פון יידישן טעאַטער: די „גאָלדענע עפּאָכע", די גאָרדין־עפּאָכע.

פאַר די יידישע טעאַטער־גייער האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע, פּרעכטיקע צייט. אויף דער גאָרדין־בינע האָבן זיך באַוויזן עכטע, לעבעדיקע מענטשן, איבערצייגנדיקע פיגורן און געשטאַלטן. די טעמע איז געווען אַ היימישע, אַ נאָענטע, פון יידישן לעבן אין דער אַלטער היים און אין אַמעריקע. גאָרדינס דראַמען האָבן אַרויסגערוקט, געשטעלט פּראָבלעמען, צייטנוויַיז אפילו טיפע פילאָסאָפישע פּראָבלעמען. ער האָט אין זיי אַריינגעטראָגן הויך־עטישע אידייען, פּראָגרעסיווע אידייען.

זיין צוגאַנג, זיין טעאָריע און פּראַקטיק איז געווען, אַז טעאַטער דאַרף ניט נאָר אַמוזירן, פאַרווייַלן, נאָר לערנען, אויפקלערן, דערציען. דורך זיינע פּיעסן, באַפליגלט דורך זיין שעפערישער פאַנטאַזיע, געהתמעט דורך זיין ליכטיקער וואַרעמער פּערזענלעכקייט, האָט ער צוריקגעבראַכט אין יידישן טעאַטער די אינטעליגענטע קרייזן, וועלכע האָבן זיך פון אים געהאַט צוריקגעצויגן צוליב דעם שונד, באַנאַליטעט, הפקר־צוגאַנג צום צושויער.

גאָרדין, וועלכער האָט אין יידישן טעאַטער געטראָפן אַ מדבר, אַ שונד־פּלאַטפאָרמע, האָט איינגעשפּאַנט זיין קאָלאָסאַלע ענערגיע אַריינצוברענגען אין יידישן לעבן ליכט און קולטור, דערציען דעם טעאַטער־עולם עטיש און עסטעטיש,

איבערדערציען דעם עולם; געבן דעם צושויער ערנסטע, קינסטלערישע פּיעסן, רייך אין אינהאַלט און אידייען, מיט פּסיכאָלאָגיש־באַגרינדעטע אַקציעס, אַנשטאָט שונד, בורלעסק און ביליקער מעלאָדראַמע.

דער עולם איז ביז דאַן צוגעוואוינט געוואָרן צו טעאַטער ווי הוילע פאַר־ווײַלונג, וויצן, אַ האַפּקע, סצענעס ספּעציעל־געמאַכט צום לאַכן און צום וויינען, אָן אַ סדר, אָפּט אָן אַ לאָגיק, דערצו מיט דייטשמעריזם, מיט אַ ביטול־באַציאונג צו יידיש. אויף דער בינע האָבן ביז דאַן געהערשט די לאַטיינער'ס און הורוויטשעס. שונד איז געווען דער מלך עליון. גאָרדין, דער ליטעראַטור־קענער, דער אומ־דערמידלעכער פאָרשער פון דער אייראָפּייאישער דראַמע, דער קענער פון דער בינע און איר סצעניִשקייט, דער איבערגעגעבענער פריינט פון פאָלק, האָט מיט זיינע ווערק אויפגעהויבן דעם טעאַטער, דעם עולם (פּובליקום), די שוישפּילער. ער האָט ניט אויפגעהערט לערנען און אויפקלערן, אַנטוויקלען דעם טעאַטער־גע־שמאַק ביים עולם, דערציען די שוישפּילער, אַרויסברענגען אין זיי זייער טאַלאַנט. אין משך פון יאָרן איז אים געלונגען איינצופלאַנצן ביי ברייטע קרייזן אַ חוש פאַר בעסערן טעאַטער, פאַר קינסטלערישן טעאַטער. די שוישפּילער האָבן אים אַרויסגעוויזן זייער ליבשאַפט און דרך־ארץ, באַצויבערט פון זיין הדרת־פּנים־דיקער פּערזענלעכקייט. צווישן די שוישפּילער און דעם ברייטן יידישן עולם — אַרבעטער, פאָלקס־מענטשן, אינטעלעקטואַלן — איז ער אין משך פון יאָרן גע־ווען דער אָנערקענטסטער, פאָרגעשריטנסטער, אָנגעזעענסטער, פּאָפּולערסטער און סאַמע באַדייטנדיקסטער יידישער דראַמאַטורג.

* * *

די „גאָלדענע עפּאָכע" — אַזוי האָט מען גערופן די אַרום צען יאָר, ווען יעקב גאָרדין האָט „פאַרכאַפּט", באַהערשט דעם יידישן טעאַטער אין אַמעריקע.

„גאָלדענע יאָרן!" דער שרייבער פון אָט־די שורות, וועלכער איז געקומען קיין אַמעריקע מיט אַרום פערצן יאָר נאָך יעקב גאָרדינס פריצייטיקן טויט, שטעלט זיך פאָר יענע גאָרדין־עפּאָכע: אויף די גאַסן פון דער איסט־סאַיד האָט מען אָפּט געזען די אימפּאָזאַנטע פיגור פונעם גרונטלייגער פון דער מאָדערנער יידי־שער דראַמע, יעקב גאָרדין, מיט דער הערצל־באָרד. אין די יידישע טעאַטערס האָט מען געשמאַק און מיט דערפאָלג געשפּילט זיינע באַרימט־געוואָרענע פּיעסן: „כאַסיע די יתומה", „מירעלע אפרת", „גאָט, מענטש און טייוול", „שחיטה", „קרייצער סאָנאַטאַ", „סאַפאָ", „אלישע בן־אבויה", „דעמענטיאַ אַמעריקאַנאַ", „דער אומ־באַקאַנטער" און אַנדערע פון זיינע באַדייטנדיקע, אָנרעגנדיקע, שפּאַנענדיקע שאַ־פונגען. אין היימען פון יידישע אַרבעטער, פאָלקס־מענטשן, אינטעליגענטן און אין קרייזן פון יידישע טעאַטער־באַזוכער האָט מען דיסקוטירט גאָרדין־פּיעסן, גאָר־דין־כאַראַקטערן.

היציק דיסקוטירט האָט מען אויך די אָפטע, סיסטעמאַטישע, אויסגערעכנטע אַטאַקעס אויף גאָרדינען און אויף זיינע פּיעסן. די אַטאַקעס זיינען געקומען צו־ערשט פון „רעכטס", פון „פרומען" „טאַגעבלאַט", מצד די קלעריקאַלן, רעאַקציאָ־נערן, חוצפּהדיקע פאַבריקאַנטן; און דערנאָך — מיט עקל און מיט רוגזה מצד דעם „פאָרווערטס" אונטער אַב. קאַהאַנס רעזשי און ממשלה און מצד „אים אַליין", דעם „פאָרווערטס"־רעדאַקטאָר אַב. קאַהאַן, ווען גאָרדין האָט פּוגע בכבוד געווען

מיט אַ שאַרפער רעצענזיע וועגן זיינער אַן ענגלישער דערציילונג. קאָהאַן האָט זיך אַרויסגעוויזן אין דער ראָל פון אַ נוקם ונוטר. אין משך פון יאָרן האָט ער געפירט אַ מיאוסע קאַמפּאַניע פון אַרונטעררייסן גאָרדינס פּיעסן, מאַכן זיי צו אַש און צו בלאָטע, כעפרא דאַרעא. די קאַמפּאַניע איז געפירט געוואָרן אויך קעגן גאָרדינען פּערזענלעך. וועגן אָט־דער קאַמפּאַניע ווערט אַ היפּש ביסל דערציילט אין דעם גוט־דאָקומענטירטן בוך פון קלמן מרמר וועגן יעקב גאָרדין.

דער סכסוך צווישן גאָרדינען און קאָהאַנען איז דער עיקר ניט קיין פּער־זענלעכער, נאָר אַ סכסוך צווישן צוויי אידעאָלאָגיעס: גאָרדינס קאַמף קעגן „פאָר־ווערטס"־יזם און קאָהאַניזם איז פאַקטיש געווען אַ טייל פון זיין ברייטן, עקשנות־דיקן קאַמף קעגן שונד און שונדיזם, קעגן די ליפּערטאַנטן, פּעדלערס און פּאַרטיי־דיקער פון שונד, און אין אַ ברייטערן זין — קאַמף קעגן קולטורלאָזיקייט, קולטור־הפקרות, עם־הארצות, קולטור־פאַרדאָרבנקייט.

מרמר ברענגט אַ וויכטיקע אַרויסזאָגונג פון יעקב גאָרדינען גופא וועגן אָט־דעם קאַמף, וואָס האָט אים, גאָרדינען, טייער געקאָסט מאַטעריעל. אין אַ בריוו־קאַסטן־נאָטיץ אין זיין חודש־שריפט „די דראַמאַטישע וועלט" האָט גאָרדין אָנ־געוויזן: „איך קאָן נישט האַרמאָנירן מיט אים [מיט אַב. קאַהאַנען], ווייל ער איז מיין פּרינציפּיעלער קעגנער, ווייל וואָס איך בוי, צעשטערט ער; דאָס וואָס איך טו מיין גאַנצעס לעבן, פּאַרניכטעט ער... איך זאָג, מען דאַרף די מאַסן הויבן צו זיך. ער זאָגט, מען דאַרף זיך אַראָפּלאָזן צו זיי און האַרמאָנירן מיט זייערע נידעריקערע אינסטינקטן".

פאַר גאָרדינס אומקאָמפּראָמיסלעכער שטעלונג האָט אים אַב. קאַהאַן גע־רודפט, געמאַכט צונישט זיינע פּיעסן און זיין טאַלאַנט. די שונדיסטן האָבן זיך געפרייט מיט קאַהאַנס אַטאַקעס אויף גאָרדינס פּיעסע „טהרת המשפחה" און פיל אַנדערע פּיעסן. גאָרדינען האָבן זיי אָפּגעקאָסט געזונט. זיי האָבן ממש אונטער־געגראָבן זיין געזונט־צושטאַנד, ער האָט צוגעזען, ווי זיין לעבנס־ווערק ווערט געשטויסן צו רואינע, ווי שונד הייבט ווידער אויף זיין קאָפּ מיט דער ברכה און הילף פונעם „פאָרווערטס", פונעם „פאָרווערטס"־באָס און דעם באָסעס יוצר־משרתים.

גאָרדין האָט דאָן נאָך מער פאַרשטאַרקט זיין קאַמף קעגן דער וואולגאַרי־זאַציע פון טעאַטער און ליטעראַטור. איינער פון זיינע הויפּט־וואָפנס איז גע־ווען: ברענגען צו דער בינע עכטע, קינסטלערישע דראַמען, אָריגינעלע אָדער באַאַרבעטע טעאַטער־שטיק.

אַכצן יאָר האָט גאָרדין געלעבט אין אַמעריקע. אַכצן יאָר האָט ער אומ־אויפהערלעך געשאַפן, אָדער באַאַרבעט צי איבערגעזעצט דראַמען. די ערשטע זעקס יאָר — פון סוף 1891 ביזן סוף 1897 — זיינען געווען „לערן־יאָרן". זיינע ערשטע פּיעסן האָבן זיך טיילווייז צוגעפּאַסט צום געשמאַק פונעם יידישן טעאַטער־עולם פון יענער צייט. אייניקע פון זיי האָבן נאָך פאַרמאָגט מעלאָדראַמאַטישע עלעמענטן.

צווישן יענע פּיעסן זיינען געווען: „סיביריאַ" (זיין ערשטע פּיעסע), „דער גרויסער סאָציאַליסט", „דער מאָרד אין מעדיסאָן עווענ‌יו", „דער פּרנס חודש", „מחמד", „דער רב הכולל", „גאַלילעי", „עגל הזהב", „ליבע און מאָרד", „קאַפּי־טאַל", „דער ווילדער קעניג", „דער גאון", „די פלישתים", „טהרת המשפחה",

„קעניג און גאָט״, און — אויך אַזעלכע ווערק, ווי „דער יידישער קעניג ליר״ און „דער ווילדער מענטש״. אפילו די שוואַכערע פון זיינע פּיעסן זיינען געשטאַנען מיט קעפּ העכער פונעם שונד־שטאָף, פונעם שאַבלאָן. די בהיפּזונדיקייט אין פאַרפאַסן די פּיעסן אין אָט־די ערשטע יאָרן פון זיין דראַמאַטישן שאַפן איז הויפּטזעכלעך געווען דיקטירט דורך דלות, נויט. מרמר ווייזט־אָן אין זיין מאָנאָגראַפיע: „די דריקנדיקע נויט צווינגט גאָרדינען צו שרייבן זיינע ערשטע פּיעסן אין גרויס איילעניש״.

גאָרדינס דראַמאַטורגישער טאַלאַנט האָט זיך פאַנאַנדערגעבליט. פון זיין גאָלדענער פען זיינען אַרויסגעקומען ווערק, וואָס זיינען דאַן געווען פולשטענדיק ניי, אָריגינעל, דערפרישנדיק מיט זייער טעמאַטיק, מיט זייער פאַרשטענדעניש פון לעבן און מענטשן. דערצו האָט דער חשובער פּיאָנער פונעם בעסערן יידישן טעאַטער געלייגט געוויכט אויף די פּרינציפּן פון סאָציאַלן יושר, פון עטיק, פון הויכער, ריינער פּאָלקס־מאָראַל, פון מענטשלעכער ווירדע. דורך זיינע פּיעסן, אין קאַמף קעגן שונד, האָט ער אויך געריסן פּאַסן פון די יוניאָן־ביוראָקראַטן און „לעיבאָר־פּעיקערס״ (אַרבעטער־פאַרפירער), די „הוזדאַקעס״.

אין אַרבעטער־היימען, אין די „יעקב גאָרדין ליטעראַרישע קרייזלעך״ האָבן גאָרדינס פּיעסן און אַנדערע ווערק גערעגט צו געדאַנקען, צו וויכוחים. די פּיגורן פון כאַצקל דראַכמע, הערשל דובראָוונער, לייזער בדחן, אוריאל מזיק, צלאל ראַפּאָפּאָרט, רפאל פרידלענדער, מירעלע אפרת האָבן אַרויסגערופן דיסקוסיעס. זיי האָבן געלעבט צווישן דעם ברייטן עולם. וואָס פאַר אַן אינטעליגענטער לייענער און טעאַטער־באַזוכער געדענקט ניט די פּיעסן: „דער מטורף״, „די שבועה״, „דער פרעמדער״, „רייזעלע״, „מעדעאַ״, „כאַסיע די יתומה״, „די שחיטה״, „גאָט, מענטש און טייוול״, „שלמה חכם״, „די אמתע קראַפט״, און פיל אַנדערע גאָרדין־דראַמען — פּיעסן מיט פאַרטיפטן אינהאַלט, מיט רייכע געדאַנקען, לעבעדיקע געשטאַלטן, אָנרעגנדיקע טיפּן, פאַרכאַפּנדיקע סיטואַציעס. אין די מערסטע פון די גאָרדין־פּיעסן האָט מען געפילט און געשפּירט דעם „איש הרוח״, דעם גייסטרייכן פאַרפאַסער, דעם דראַמאַטורג מיט הויכער קולטור און ליבשאַפט צום פאָלק.

פיל פון גאָרדינס פּיעסן זיינען אין משך פון זיין לעבן און נאָך זיין טויט אויפגעפירט געוואָרן מיט דערפאָלג אויך אויף דער רוסישער, פּוילישער, ענגלישער, העברייאישער, אוקראַינישער און דייטשער בינע; אויך אין איטאַליעניש, אונגאַריש און שפּאַניש. אויפן באַזיס פון אייניקע פון גאָרדינס פּיעסן זיינען געשאַפן געוואָרן פילמס און ראַדיאָ־שפּילן אויף פאַרשיידענע שפּראַכן. אַ סך פון זיינע פּיעסן זיינען דערשינען אין בוך־פאָרם אין ניו־יאָרק, וואַרשע, גאַליציע; אויך אין רוסישער, פּוילישער, העברייאישער, דייטשער איבערזעצונג.

גאָרדין האָט מייסטערהאַפט באַאַרבעט אָדער איבערגעזעצט פּיעסן פון וויקטאָר הוגאָ, ל. טאָלסטאָי, מ. גאָרקי, אָקטאַוו מירבאָ, לעסינג, גרילפּאַרצער, נ. הויפּטמאַן, זאַנגוויל, סטעפּניאַק און אַנדערע. ער האָט אַריינגעבראַכט די עשירותן פון דער וועלט־דראַמע אין דעם אוצר פון דער יידישער דראַמאַטורגיע. אין שייכות מיט אָט־דעם טייל פון זיין שעפערישקייט איז באַזונדערס אינטערעסאַנט וואָס מרמר דערציילט אין דעם אַריינפיר צו זיין גאָרדין־בוך: „כ'געדענק גוט, ווי גאָרדין האָט מיך אַמאָל אַריינגעפירט צו זיך אין ביבליאָטעק, אָנגעוויזן אויף דער דראַמע פון אַלע דורות, פון עסכילאָס און סאָפאָקלעס ביז וואַילד און שאָ, הויפּט־

מאַן און זודערמאַן, טשעכאָוו און גאָרקי, א. אַז. וו., און דערביי באַמערקט: דאָס זיינען מיינע מוסטערס. כ'נעם פון זיי טעמעס, סוזשעטן און איינפאַלן. אָבער מיינע פּערזאָנען זיינען גענומען פון לעבן, און רעדן זייער אייגענע שפּראַך, כאָטש צייטנווייז פּראָפּאַגאַנדירן זיי מיינע אידייען".

גאָרדין איז געווען און ביזן טויט פאַרבליבן אַן עכטער, ערלעכער אידעאַליסט, דער יידישער משכיל פון דער אוקראַינע, וואָס האָט אָנגעהויבן ווי אַן ערד־אַרבעטער, פאַרט־אַרבעטער (אין אָדעס), אָנטיילנעמער אין אַ רוסישער וואַנדער־טרופּע, רוסישער לערער, שרייבער און זשורנאַליסט, און וואָס איז געוואָרן איינער פון די בעסטע יידישע דראַמאַטורגן, בויער פון בעסערן יידישן טעאַטער, איז געוואָרן באַליבט צווישן מיליאָנען יידן. צו זיין לוויה אין ניו־יאָרק זיינען געקומען צענדליקער טויזנטער מענטשן. אין זכרון איז מיט ליבשאַפט פאַרבליבן גאָרדין, וועלכער האָט אין זיין יוגנט, אין די זיבעציקער און אַכציקער יאָרן פון לעצטן יאָרהונדערט, געפּרעדיקט סאָציאַליסטישע אידעאַלן, און וועלכער האָט שפּעטער ניט אויפגעהערט צו פאַרשפּרייטן הומאַניסטיש־פּראָגרעסיווע אידייען פון יושר און ברידערלעכקייט.

וועגן גאָרדינען, זיינע פּיעסן, זיינע אַנדערע שאַפונגען איז פאַראַן אַ רייכע ליטעראַטור, אין דער פאָרם פון איינצלנע אַרטיקלען און גאַנצע סעריעס אַרטיקלען, עסייען, אָפּהאַנדלונגען, צעוואָרפן אין פיל צייטשריפטן, אויך אין ב. גאָרינס „געשיכטע פון יידישן טעאַטער", אין זילבערצווייג־מעסטלס „לעקסיקאָן פון יידישן טעאַטער", א. אַנד. פון באַדייטונג איז מאָריס ווינטשעווסקיס „אַ טאָג מיט יעקב גאָרדין", און פון גאָר באַזונדער באַדייטונג איז מרמרס מאָנאָגראַפיע „יעקב גאָרדין" (צו שרייבן אָט־דאָס ווערק האָט מרמרן אָנגערעגט און אינספּירירט מ. אָלגין). צום סוף פון מרמרס מאָנאָגראַפיע איז פאַראַן אַ היפּשע „יעקב גאָרדין־ביבליאָגראַפיע", וועלכע ווערט געבראַכט ווי אַ צוגאָב צו דער גאָרדין־ביבליאָגראַפיע, וואָס געפינט זיך אין „לעקסיקאָן פון יידישן טעאַטער".

י. ענטין, דוד פּינסקי, נח פּרילוצקי, לעאָן קאָברין, ר. ברייניק, ש. יאַנאָווסקי, ל. מילער און פיל אַנדערע שרייבער האָבן זיך מיט גרויס לויב אָפּגערופן וועגן גאָרדינס בייטראָגן, וועגן זיין פּערזענלעכקייט און זיינע שאַפונגען.

דער ליטעראַטור־און טעאַטער־קריטיקער יואל ענטין האָט וועגן י. גאָרדינען געשריבן: „די יידישע בינע האָט אין גאָרדינען געפונען איר דערלייזער... יעקב גאָרדין איז נאָך אַלץ אונדזער בעסטער, גרעסטער דראַמאַטורג".

דער דיכטער, דערציילער און דראַמאַטורג דוד פּינסקי האָט דערקלערט: „...גאָרדין מאַכט שולע... זיין דיכטונג האָט דעראָבערט דאָס יידישע טעאַטער. איז ער געוואָרן דער אויבערהאַר פון דער יידישער בינע".

דער היסטאָריקער פונעם יידישן טעאַטער, ב. גאָרין, האָט אָנגעוויזן, אַז גאָרדין „האָט פאַרוואַנדלט אַ באַלאַגאַן, ווי ער האָט דאָס טעאַטער געטראָפן אין אַמעריקע, אין אַ טעמפּל פון קונסט". גאָרדין, האָט ב. גאָרין געשריבן, „קאָן טיף אַריינבליקן אין לעבן און אונטערכאַפּן אַזוינע מאָמענטן, צו וועלכע מ'דאַרף האָבן דאָס אויג פון אַ וואָרן קינסטלער".

נח פּרילוצקי האָט זיך אויסגעדריקט: „יעקב גאָרדין האָט באַשאַפן די יידישע דראַמע".

ראובן ברייניק האָט באַצייכנט גאָרדינען אַלס „אַ מענטש פון פיינער העכערער

קולטור", „אַ ליידנדן־דענקענדן יידן", „אַ ייד פון פאַרגאַנגענהייט און צוקונפט".

גאָרדינס קאָלאָסאַלע בייטראַגן צום יידישן טעאַטער זיינען טיף אָפּגעשאַצט געוואָרן דורך דעם „בשר הגדול" פון דער יידישער בינע, יעקב פּ. אַדלער, און דורך די בינע־קינסטלער דוד קעסלער, זיגמונד מאָגולעסקאָ, אסתר רחל קאַמינסקי, מאָריס מאָסקאָוויטש, בערטאַ קאַליש, סערע אַדלער, קעני ליפּצין, באָריס טאָמאַ־שעווסקי און פּיל אַנדערע.

יעקב גאָרדינס דראַמע „גאָט, מענטש און טייוול" האָט באַווירקט פראַנץ קאַפקאַס „דער אורטייל"; זיין „דער ווילדער מענטש" האָט באַאיינפלוסט קאַפ־קאַס מעטאַמאָרפאָזע", און זיין „אלישע בן אבויה" — קאַפקאַס „די שטראָף־קאָלאָ־ניע". באַריכותדיק ווערט דאָס באַוויזן אין עוועלין טאָרטאָן בעקס נייעם בוך אין ענגליש: „פראַנץ קאַפקאַ און דאָס יידישע טעאַטער".

דער ווירדיקסטער אופן צו האַלטן טייער גאָרדינס אָנדענק איז מאַכן אַלע באַמיאונגען צו ראַטעווען דעם יידישן טעאַטער פון זיין גסיסה־צושטאַנד, צוריק אויפצולעבן דעם יידישן בעסערן טעאַטער אין גאָרדין־גייסט אומעטום אין אַלע יידישע ישובים, צוריק באַנייען און ברענגען צו דער בינע גאָרדין־פּיעסן (אין אַ געלייטערטער פאָרם) און אַנדערע ווערטפולע דראַמען — בכלל פאַרשטאַרקן או־מעטום די פּאָזיציעס פון דער וועלטלעכער יידישער קולטור.

(צו זיין פופציקסטן יאָרצייט, דעם 10טן יוני, 1959)

(„מאָרגן־פרייהייט", יוני 21 און יוני 28, 1959)



# יעקב דינעזאָן

(1919־1856)

צום פופציקסטן יאָרצייט פון אונדזער ליבהאַרציקן, אומפאַרגעסלעכן פאָלקס־שרייבער און פּיאָנער פון דער יידישער פאָלקס־ליטעראַטור, יעקב דינעזאָן (1856־1919), האָב איך זיך גייסטיק איבערגעטראַגן אין דער איידעלער, שעפערישער און טראַגישער „וועלט פון יעקב דינעזאָן". ווידער אַריינגעלייענט און אַריינגע־לעבט זיך אין אייניקע פון זיינע ערלעכע, סענטימענטאַל־ראָמאַנטישע, אויך עכט־

רעאַליסטישע ראָמאַנען און דערציילונגען, געבלעטערט זיינע בריוו, און די זכרונות־ווערק און אָפּשאַצונגען וועגן אים, וועמען די אָפּיציעלע ליטעראַטור־קריטיק האָט ווייט ניט־דערשאַצט, האָט יאָרן־לאַנג באַוווּסט ביי זיין לעבן און אויך נאָך זיין פריצייטיקן טויט.

אַלע זכרונות־שרייבער און קאָלעגן־מיטצייטלער פון יעקב דינעזאָן אָנערקע־נען, אַז דער באַליבטער יידישער פאָלקס־שרייבער, דער נאָענטסטער און אינטימ־סטער פריינט און מיטאַרבעטער פון אונדזער גרויסן קלאַסיקער י. ל. פּרץ (1851־1915), איז געווען אַ צאַרטער, נאַאיווער, אויפריכטיקער, שטילער, שעמעוודיקער, באַשיידענער מענטש; אַ מענטש מיט אַ גאָלדן האַרץ, אַ שרייבער אַן אידעאַליסט, אַ שטענדיקער דערמוטיקער און שטיצער פון שרייבער, אַ זייל און אומדערמיד־לעכער שאַפער און בויער פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור.

שוין ביי זיין לעבן האָט מען אים גערופן: „די מאַמע" צווישן די קלאַסיקער פון דער יידישער ליטעראַטור; אַנדערע האָבן אים גערופן: „דער גוטער פע־טער פון אונדזער ליטעראַטור".

דינעזאָן, דער תמימותדיקער און דער שטילער, אָבער שטענדיק אַקטיווער, ווי אַ שרייבער און קולטור־געזעלשאַפטלעכער בויער און טוער, האָט אין תוך געלעבט אַן עלנט, אָרעם לעבן. ער האָט קיינמאָל ניט געהייראַט, שווער געהאָרע־וועט פאַר זיין מאַגערער חיונה: אַלס לערער, אויך ווי אַ בוכהאַלטער, ווי אַ זאַמ־לער פון אַנאָנסן (רעקלאַמע) פאַר צייטונגען. פאַרנוצט אויף זיינע באַדערפעניש זייער ווייניק. די אָפּגעשפּאָרטע פאַר רובל פון זיין מי האָט ער, אַ גלויבער אין „מתן בסתר", געגעבן צו העלפן אָרעמערע קאָלעגן־שרייבער. אין 1890 האָט ער אויף זיינע אייגענע הוצאות אַרויסגעגעבן דעם ערשטן בוך פונעם דאַמאָלטיקן אָנפאַנגער־שרייבער אין יידיש, י. ל. פּרץ: „בעקענטע בילדער פון לעאָן פּרץ".

דינעזאָן, רייך אין אידייען און מעשים, בלייבט אין אונדזער זכרון ווי אַ וויכ־טיקער רינג אין דער גאָלדענער קייט פון די שאַפערישע אָבות און ראשונים פון אונדזער ליטעראַטור. אַן עכטער משכיל אין בעסטן זין פון וואָרט, איז ער באַ־זעלט געוואָרן דורך די פאָרגעשריטענע נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע אידייען, וואָס זיינען אויפגעקומען אין יידישן לעבן אין לעצטן פערטל פון לעצטן יאָרהונדערט און אין אָנהויב פונעם איצטיקן יאָרהונדערט.

אַ געטרייער תלמיד פון אייזיק־מאיר דיק, אַ זייל פון דער השכלה, איז דינעזאָן אין זיין טיפן באַנעם פאַר עכטע קולטור־ווערק און ווערטן געוואָרן אַ לאַנגיאָריקער, ענטוזיאַסטישער, פאַרברענטער חסיד פונעם רבין י. ל. פּרץ, אין עצם אַ מאָדערניסט. דער צובונד צו דער יידישער ליטעראַטור, צו איר מאָרגן, האָט ביידע שרייבער, פּרץ און דינעזאָן — צוויי באַזונדערע, פאַרשיידענע וועלטן — פאַרבונדן אין אייביקער, אידעאַלער, געבענטשטער פריינטשאַפט אויף אַ פערטל יאָרהונדערט.

עטלעכע חדשים פאַר פּרצעס טויט (אין אַפּריל, 1915) זיינען ביידע — דער קלאַסיקער פּרץ און זיין נאָענטסטער מיטבויער און מיטקעמפער, דינעזאָן — געוואָרן די פּיאָנערן־מיטשאַפער פון די יידישע קינדער־היימען און וועלטלעכע, מאָדערנע שולן אין פּוילן. נאָך פּרצעס טויט האָט זיך דינעזאָן אַריינגעוואָרפן מיט לייב־און־לעבן אין אָט־דער נאָבעלער, וויכטיקער אַרבעט, פּאַקטיש אויפ־געגעבן זיין שרייבן, אינגאַנצן זיך געווידמעט דער בויאונג, באַפעסטיקונג און אויס־

שפּרייטונג פון דער נעץ יידיש־וועלטלעכע שולן, פון וועלכע ס'איז שפּעטער אויס־געוואַקסן די „ציש״ — צענטראַלע יידישע שול־אָרגאַניזאַציע. אונטער דינע־זאָנס מסירת־נפשדיקער פירערשאַפט האָבן אין וואַרשע, און דערנאָך אין גאַנץ פּוילן, אויפגעבליט די דינעזאָן־שולן, איבער וועלכע ס'האָט געשטראַלט די שיין פונעם אומשטערבלעכן פאָטער פון אונדזער ליטעראַטור, י. ל. פּרץ.

ווער נאָך ווי דינעזאָן האָט זיך מיט אַזויפיל האַרץ און נשמה געקענט אָפּ־געבן מיט די ערשטע יידישע קינדער־היימען און קינדער־שולן אין פּוילן?

זיינען זיי דאָך לכתחילה געווען מערסטנס אָנגעפילט מיט יידישע יתומים און יתומות — קרבנות פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, קינדער פון מלחמה־פליכטלינגען. איז דאָך דינעזאָן, דער גרויסער בעל־רחמים, דער שרייבער מיט אומאויסשעפּלעכע קוואַלן פון ליבשאַפט און מיטלייד אין זיין האַרצן, געווען דער „פאָטער פון יתומים״ אין דער יידישער ליטעראַטור, אין אַלע זיינע רירנדיקע ראָמאַנען און דערציילונגען. זיין געטרייע השגחה אויף יידישע יתומים האָט ער פאַרגעזעצט אויך אין לעבן — אַזוי־אָ ביז זיין טויט, דעם 30טן אויגוסט, 1919.

אַליין יונגערהייט אַ פאַריתומטער, אַן אַריבערגעבראַכטער פון נייזשאַגער (לעבן קאָוונע) קיין מאָהילעוו ביים דניעפּער, האָט ער שטיל געקלאָגט אויף זיין יתומ־שאַפט, אויפן צער־פולן לעבן פון אַלע אָרעמע יידישע יתומים — באַליידיקטע, באַעוולהטע; געקלאָגט אויף זייער ביטערן גורל, וואָס האָט זיי באַרויבט פון אַן אמתער קינדהייט.

אין לעבן, ווי אין ליטעראַטור, האָט דינעזאָן, אַן עכטער הומאַניסט, אַ טיף־פאַרוואָרצלטער אין די טראַדיציעס פון היכער עטיק, געפּרעדיקט מידות־טובות, געקעמפט קעגן סאָציאַלע אומרעכט, קעגן רשעות און גראָבקייט, איינגעשטעלט זיך פאַר אַלע אָרעמע, געקריוודעטע, פאַרשטויסענע, פאַר אַ סוף צו סאָציאַלע איבלען, צו אַמעראַצעס, צו אונטערדריקונג.

אין די מערסטע פון זיינע ליטעראַרישע שאַפונגען, באַזונדערס אין זיין קרוינ־ווערק, אין דעם פּאָפּולערן ראָמאַן „יאָסעלע״, האָט ער אויפגעדעקט די שרעקלעכע צוריקגעשטאַנענקייט פונעם אַלטן חדר, די ברוטאַלע קאַנטשיק־סיסטעם, וואָס געוויסע אַכזרישע מלמדים האָבן באַנוצט אויף צו קאַטעווען און פּאַסעווען תלמידים, דער עיקר טאַקע אָרעמע יתומים אָדער קינדער פון אָרעמעלייט. דינעזאָנען האָט וויי־געטאָן דאָס האַרץ, צוקוקנדיק זיך צו די גרויזאַמקייטן און הינטערשטעליקייטן אין חדר. אין זיינע ווערק — און שפּעטער אַלס אַ צענטראַלע פיגור אין דער בויאונג פון די מאָדערנע יידיש־וועלטלעכע קינדער־שולן — האָט ער, פון די ערשטע ביי יידן, געפּרעדיקט סאָציאַלע שול־רעפאָרמען, מאָדערנע פּעדאַגאָגישע איינפירונגען, געצילט צו דערציען ווירדיקע, שטאָלצע, נאַציאָנאַל־און סאָציאַל־באַוואוסטזיניקע יידן און מענטשן.

אין 1913 — זעקס יאָר פאַר זיין טויט — האָט ער אין אַ בריוו צום „יידישן נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד״ אין ניו־יאָרק (אין פאַרבינדונג מיט אַרויסגעבן יידישע ביכער פאַר קינדער) געשריבן: „איר, קינדער, ליבע, שיינע יידישע קינדער, איר זייט אונדזער צוקונפט. זייט יידן און זייט שטאָלץ אויף אייער יידיש־קייט! לערנט יידיש און יידישקייט, וועט איר איבערצייגט ווערן, אַז איר מעגט מיט זיך שטאָלץ זיין״.

זיין ליטעראַריש שאַפן אין יידיש האָט דינעזאָן אָנגעהויבן מיט אַן אַלט־

פּרענקישן, פּרימיטיוון השכלה־ראָמאַן מיטן העברייאישן נאָמען „בעוון אָבות״ (פּאַר די זינד פון די עלטערן), געבויט אויף אַן אמתער פּאַסירונג. מיט אָט־דעם ראָמאַן (געזאָלט דערשיינען אין ראָמס דרוקערײַ אין ווילנע) איז דער העברייִשער לערער געוואָרן אַ שרייבער, און פון דער העברייאישער שפּראַך איז ער אַריבער צו דער יידישער שפּראַך, וועלכע איז געוואָרן אַ נויטווענדיקייט און אַ ברכה פאַר זיין קינסטלערישן אויסדרוק. צוליב שטערונגען מצד דער צענזור איז דינעזאָנס ערשטער געשריבענער ראָמאַן (וועגן אַן אומגליקלעכן ריס צווישן עלטערן און קינדער) ניט דערשינען.

זיין צווייטער און ערשטער־געדרוקטער ראָמאַן האָט געטראָגן אַ טאָפּלטן העברייאיש־יידישן נאָמען: „הנאהבים והנעימים אָדער דער שוואַרצער יונגערמאַנטשיק״ (ווילנע, 1877). אָט־דער ראָמאַן, אין סענטימענטאַלן טאָן, פול מיט דראַמע, כאָטש גוואַלדיק פּרימיטיוו פאַר אונדזער צייט, מיט לויטער צדיקים און רשעים, האָט שטאַרק „אָנגעריסן״, געווען אַ ריזיקער דערפאָלג. ער האָט דעם יונגן מחבר באַרימט געמאַכט. יידישע לייענער, באַזונדערס לייענערינס, האָבן געגאָסן טרערן, צוזעענדיק ווי דער רשע לעבט אַ טאָג און דער צדיק האָט אַ וויסטן סוף. דינעזאָן האָט שרייבנדיק דאָס ווערק דערשפּירט אין זיך נייע, פרישע שאַפונגס־כוחות. זיין יידיש, געמישט מיט דייטשמערישקייטן און רוסיציזמען, האָט אָבער געשטראָמט פון די קוואַלן פון פאָלקס־לשון. דער גרויסער בעל־בכי, דער „טרערן־מיליאָנער״, נאָך לאַנג פאַר מאָריס ראָזענפעלדן, אַליין אַ טיף־געליטענער (באַזונדערס פון זיין ערשטער און דורכגעפאַלענער ליבע, וועגן וועלכער ער האָט געשוויגן), האָט זיך אין זיין ווערק אַרויסגעוויזן צו זיין אַ טרערן־גיסער. זיינע טרערן זיינען אָבער געווען עכטע, לויטערע, דיקטירט פון טיפע מיטליידן מיט זיינע שטילע, אומגליקלעכע העלדן.

די לייענער און לייענערינס פון יענער צייט, מיטגעריסן מיט דער דראַמע אינעם שפּאַנענדיקן ראָמאַן, האָבן געשאָלטן מיט טויטע קללות דעם רשע, דעם „שוואַרצן יונגערמאַנטשיק״, וואָס האָט געבראַכט אומגליק און טויט צום פאַרליבטן פּאָרל, די „הנאהבים והנעימים״ (פאַרליבטע און ליבע) אינעם ווערק. דער „שוואַרצער יונגערמאַנטשיק״ איז געווען אַ „בעסט סעלער״: אין משך פון אַ קורצער צייט איז ער פאַרקויפט געוואָרן אין צען טויזנט עקזעמפּליאַרן. דינעזאָן האָט געפונען דעם וועג צום האַרצן פונעם יידישן לייענער.

ווען די העברייאישע פּרעסע האָט אכזריותדיק פאַרשוויגן, לגמרי איגנאָרירט דינעזאָנס פּאָפּולער־געוואָרענעם ראָמאַן, האָט דאָס אים שטאַרק פאַרדראָסן און וויי־געטאָן. ער האָט פּשוט מורא געהאַט ווייטער צו שרייבן. מורא געהאַט פאַר „למה יאמרו — ה׳העברייער״. נאָך מער: אייניקע „אינטעליגענטן״ האָבן חוזק־געמאַכט פונעם ראָמאַן, אויסגעלאַכט זיינע טרערן. דער שטאַרק־סענסיטיווער יונגער קינסטלער האָט באַשלאָסן אויסצודריקן זיין פּראָטעסט — דורך שווייגן, אויפהערן שרייבן אָדער דרוקן זיינע ווערק. אַזוי האָט ער אָפּגעשוויגן דרייצן יאָר.

אין יענעם פּעריאָד פון עקשנותדיקן שווייגן האָט זיך דערווייל געריפּט דעם שרייבערס טאַלאַנט; ער האָט געאַרבעט אויף לייטערן זיין יידיש לשון; אַנטוויקלען אַן אייגענעם סטיל, באַפרייען זיך פון מוסר־זאָגערײַ, מגידות און פּרעדיקערײַ. אין דעם פּעריאָד פון „שווייגן״ האָט ער געשמאַק געאַרבעט אויף איבערזעצונגען, אַרטיקלען, ניט־געדרוקטע דערציילונגען. פון 1881 ביז 1889 איז ער

געווען אַן אַקטיווער מיטאַרבעטער פון פעטערבורגער „יודישעס פאָלקסבלאַט".

אין 1890 האָט זיך באַוויזן אַ נייער מייל־שטיין אויף דינעזאָנס שאַפונגס־וועג: זיין באַרימטער ראָמאַן: „אבן נגף אָדער אַ שטיין אין וועג" — אַ העכערע שטופע אין דעם קינסטלערס עסטעטישער אַנטוויקלונג. וויניקער רייד — מער אַקציע. אין יענעם ראָמאַן פון אַ יידישער פאַמיליע האָט דער מחבר געשילדערט דעם קאַמף צווישן השכלה און חסידיזם, אויפקלערונג און פאַנאַטיזם. אויך דאָ, אין אַ רייכער טיפּן־גאַלעריי, זענען זיך שטאַרק אַרויס די פאַרליבטע: רחלע און משהלע — די קרבנות פון פינצטערניש און געלט־גייציקייט. אויך דאָ ווערן דעמאַסקירט: דער אינטריגאַנט ר' פּנחסל און דער מלמד דער שלעגער — ר' שמעון. אויך דאָ זעט מען (כאָטש מילדער געשילדערט, ווי ביי י. י. לינעצקין) די מאָראַלישע געפאַלנ־קייט אין דער וועלט פון חסידים. פון די שענסטע געשטאַלטן אינעם ראָמאַן איז די פשוטע דינסט פייגע. דורכן ראָמאַן האָט דער נעכטיקער משכיל געפּרעדיקט: האַלטן אָפּן דאָס האַרץ פאַר יענעמס ליידן.

דינעזאָנס מערקווירדיקער, שעפערישער טאַלאַנט איז סיי נתגלה (אַנטפּלעקט) געוואָרן, סיי נתעלה (דערהויבן) געוואָרן דורך זיין וואונדערלעכן באַפריינדן זיך מיט פּרצן. נייע כוחות האָבן אויפגעקוואַלט אין דעם עלנטן, שטילן מענטשן. אין פּרצעס סביבה האָט זיין חשיבות אַנגעהויבן שטייגן. אין 1891 איז אין וואַרשע דערשינען זיין ראָמאַן „הערשעלע" — ווידער אַ העכערע מדרגה אין דעם שריי־בערס שטייגן. די פאָרם — מער מאָדערן, דער פּרואוו — מער געוואַגט: אַ פאַר־מעסט צו שילדערן קלאַסן־אויספאָרעמונג און דיפערענצירונג אין דער יידישער סביבה. אין יענעם יאָר האָט דינעזאָן געהאָלפן פּרצן אין רעדאַקטירן די צוויי בענד „יודישע ביבליאָטעק".

דינעזאָן, אַ באַאיינפלוסטער פון זיין מורה־דרך פּרץ, האָט פון אים אַ סך געלערנט. דער סטיל אין זיין „הערשעלע" איז שוין, ווי געזאָגט, מער מאָדערן; פאַראַן נייקייטן אין שילדערן טיפּן, בילדער פון לעבן שטייגער. דער אַמאָליקער משכיל אונטערשטרייכט: צום וויסן איז אויך נויטיק געוויסן!

נאָך אַ העכערע מדרגה פון קונסט האָט דינעזאָן דערגרייכט מיט זיין קלאַ־סישן ראָמאַן „יאָסעלע" (וואַרשע, 1899) — אַ שאַרפע, בילדער־רייכע אָנקלאַגע קעגן דעם אַלטמאָדישן חדר, קעגן גבירנטום און היפּאָקריטסטווע, קעגן גייס־טיקן חושך.

דורך „יאָסעלע" האָט זיך דער מחבר אַנטפּלעקט ווי אַ מוטיקער פאַרטיי־דיקער־אַדוואָקאַט פונעם אָרעמען, עלנטן יידישן קינד. דער העלד „יאָסעלע", „אַ קליין קדושל פאַר פרעמדע זינד", האָט איינגענומען די הערצער פון מאַסן לייענער און האָט געוואונען גרויס ליבשאַפט און אָנערקענונג פאַר דעם מחבר. אויך פיל פיין־שמעקערישע קריטיקער האָבן געלויבט און אַרויסגעהויבן די הויכע ליטע־ראַרישע און דערציערישע ווערטן פון אָט־דעם טיף־רירנדיקן, אויפרודערנדיקן ווערק.

„יאָסעלע" האָט אַרויסגעהויבן דווקא דעם פשוטן ייד־האָרעפּאַשניק. יונה וואַ־סערטרעגער. „יאָסעלע" האָט געוויזן דעם הויפּט־העלד ווי אַ קרבן פון אַן אומ־יושרדיקער, פאַרדאָרבענער סאָציאַלער סיסטעם. „יאָסעלע" האָט געגעבן דינעזאָנען אַן אָרט אין סאַמע אויבן־אָן אין דער יידישער ליטעראַטור ביים אָנהויב פונעם צוואָנציקסטן יאָרהונדערט.

אָבער דינעזאָן האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט ביי „יאָסעלען". נאָך „יאָסעלע" האָט זיך דער מחבר פאַרנומען אויף נייע, ברייטע וועגן, אויסברייטערנדיק זיין טעמאַטיק. געקומען זיינען שפּעטער זיינע ראָמאַנען „צוויי מאַמעס" (וועגן קינדער־ליבע) און „אַלטער" (וועגן דער פאַרדאַרבנדיקער ראָל און ווירקונג פון געלט).

אַ נייער פאַרמעסט צו שילדערן די קאָנפליקטן צווישן דורות, די איבערגאַנגען צווישן תקופות שפּיגלט זיך אָפּ אין דינעזאָנס ראָמאַן „פאַליק אין זיין הויז" און „דער קריזיס". אין „פאַליק" וויל דער אַלטער אָרעמער ייד ניט פאַרלאָזן זיין חורבה אין קליינעם שטעטל און אַרויסוואַנדערן קיין אַמעריקע, ווי עס פאַרלאַנגען פון אים זיינע קינדער אין קאָלומבוסעס מדינה. פאַליק וויל ניט ווערן אויסגעוואָרצלט פון זיין היים, זיין שורש. ער פילט: אין אַמעריקע וועט ער ווערן אַ פאַרלוירענער, אַ פאַרשוואונדענער; אין זיין היים איז ער אַ יש, אַ כוח. ער לערנט זיינע קינדער: מען טאָר ניט נויטן דעם אַנדערן.

אין „קריזיס" ווערט געשילדערט די ירידה אין דער וועלט פון האַנדל.

די טיפע פריינטשאַפט און ליבשאַפט צווישן פּרצן און דינעזאָנען, די מאָדערנע „דוד און יונתן", איז מאַטעריאַל פאַר אַ פאַרכאַפּנדיק קינסטלעריש ווערק, ווי דאָס לעבן פון די צוויי שרייבערישע וועלטן איז בכלל אַן ענין פאַר אַ שפּאַנענדיקן ראָמאַן אָדער פילם.

„מיין רוח הקודש", פלעגט פּרץ, דער עלטערער מיט פינף יאָר, זאָגן וועגן דינעזאָנען.

ווי געזאָגט, האָט אָט־די פריינטשאַפט באַפרוכפּערט, געלייטערט, מאָדערניזירט דינעזאָנס שאַפן. נאָך זיין טויט האָט מען אין זיין צימער געפונען פּעק מיט כתב־ידן, געגנוג פאַר אַ צאָל נייע ביכער. זיין וואַרעמע, ליבע פּערזענלעכקייט שיינט אַרויס אויך פון זיינע טויזנטער בריוו צו שרייבער און קולטור־טוער. אין 1937 זיינען אין דעם פאַרלאַג „אַחיספר" אין וואַרשע דערשינען „אַלע ווערק פון יעקב דינעזאָן" אין עלף בענד. אין 1956 איז אין בוענאָס־איירעס דערשינען אַ מאָנאָגראַפיע: „יעקב דינעזאָן" פון שמואל ראָזשאַנסקי.

לאָמיר איצט, צו זיין פופציקסטן יאָרצייט, ערן דעם אָנדענק פונעם ווירדיקן, האַרציקן פּיאָנער פון יידישן ראָמאַן, וועלכער איז אומיושרדיק פאַרשוויגן געוואָרן. בעת מיר שטעלן פאָרדינטע מאָנומענטן נאָך אונדזערע גרויסע קלאַסיקער — מענדעלע, פּרץ, שלום־עליכם — לאָמיר ניט פאַרגעסן גרויסע, פאַרדינסטפולע בייטראָגן פון די פּיאָנערן — יעקב דינעזאָן, מרדכי ספּעקטאָר, אברהם רייזען.

דאָס האָט דינעזאָן, „דער אָפּטימיסט אין אונדזער יידישער ליטעראַטור", לויטן אויסדרוק פון בעל־מחשבות, אויסגעפּלאַסטערט דעם לייענערס וועג צו די אָבות־קלאַסיקער. „אין יעקב דינעזאָנס שאַפונגען", האָט משה ליטוואַקאָוו דערקלערט, „קרייצן זיך איבער די וועגן, וואָס פירן פון א. מ. דיקן און שאָמערן. זיי פאַרקירצן דעם ווייטערדיקן מהלך צו מענדעלען און שלום־עליכמען".

וואָס מער איר וועט זיך אַריינטיפן אין דינעזאָנס ראָמאַנען, דערציילונגען, זכרונות און בילדער, עסייען וועגן דער ראָל פון דער יידישער ליטעראַטור, באַהאַרצטע בריוו, — אַלץ מער וועט איר באַנעמען די עשירות פון זיין גייסט, די גרויס פון זיין געטריישאַפט צום פאָלק און צו אונדזער ליטעראַטור, דעם אמת פון פּרצעס זאָג, אַז דינעזאָן איז געווען דער „אבי היתומים פון אַלע יידישע שרייבער".

(צו דינעזאָנס פופציקסטן יאָרצייט, דעם 30סטן אויגוסט, 1969)

(„מאָרגן־פרייהייט", אָקטאָבער 12 און אָקטאָבער 21, 1969)



# מאָריס ווינטשעווסקיס ווירקונג

(1932־1856)

מאָריס ווינטשעווסקי (1932־1856), דער ליבער, אומשטערבלעכער „זיידע" פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג און פון דער יידישער אַרבעטער־ליטעראַטור אין אַמעריקע, האָט געהאַט אַ קאָלאָסאַלע השפעה אויף דורות יידישע לייענער און שרייבער — דער עיקר אויף זיין דור יידישע אַרבעטער־דיכטער. אין די אַכציקער און ניינציקער יאָרן פון לעצטן יאָרהונדערט איז יעדער איינציקער אַרבעטער־פּאָעט אין אַמעריקע געשטאַנען אונטער דער געזונטער, דירעקטער ווירקונג פונעם „זיידן", דעם ערשטן יידישן סאָציאַליסטישן שרייבער.

דער יונגער, קעמפערישער ווינטשעווסקי איז אין די אַכציקער יאָרן געקומען אין דער יידישער אַרבעטער־סביבה, ווי דער ערשטער יידישער פּראָלעטאַרישער דיכטער. ער איז געקומען מיט פּלאַמיקע, רעוואָלוציאָנערע וועק־לידער און רוף־לידער, מיט שטורמישע קאַמף־לידער, וואָס האָבן אָנגעריירט די סטרונעס פון צענדליקער טויזנטער הערצער פון אָרעמע יידישע האָרעפּאַשניקעס.

דער ערשטער פּיאָנער פון יידישן אַרבעטער־ליד (פריער אין ענגלאַנד און דערנאָך אין אַמעריקע) איז געקומען מיט גאָר נייע לידער — מיט נייע טענער און טעמעס, מיט אַ נייעם תוכן און תוך, מיט נייע ניגונים פון אַרבעט און קאַמף פאַר אַ ניי, פריי לעבן. די טעמאַטיק, דער אינהאַלט פון זיינע לידער — סאָציאַל, קעמפעריש, ברויזנדיק, מיט אַ יוגנטלעכן פרייהייט־גייסט, מיט מוט און מונטערקייט, מיט רעוואָלוציאָנערן פלאַם־פייער, מיט אַ פּרעכטיקער, מחיהדיקער ריטמיק, מיט אַ גבורה, וואָס האָט ווייט איבערגעשטיגן די פאָלקס־פּאָעזיע פון אליקום צונזער און אברהם גאָלדפאַדען.

דער יוגנטלעכער „זיידע" האָט געעפנט אַ ניי בלאַט אין דער יידישער פּאָעזיע. מיט אים האָט זיך אָנגעהויבן דאָס קאַפּיטל און די עפּאָכע יידישע אַרבעטער־פּאָעזיע. ווינטשעווסקי, וועלכער איז געווען אַ פּיאָנער אויך אין דער מאָדערנער העברייאישער דיכטונג, קאָן מיט רעכט באַצייכנט ווערן ווי אַ קלאַסיקער־פּאָעט

פון דער יידישער ליטעראַטור און ווי דער ערשטער אַרבעטער־פּאָעט ביי יידן.

טויזנטער און טויזנטער יידישע אַרבעטער זיינען דערצויגן געוואָרן אויף ווינטשעווסקיס לידער, געזונגען זיי, דעקלאַמירט זיי, געקוויקט זיך מיט זיי, גע־שעפּט פון זיי מוט און באַגייסטערונג. אין די צאַרישע טורמעס, אין פאַרשיקונג אין סיביר, אויף די „סכאָדקעס", אין די דעמאָנסטראַציעס קעגן דער צאַריש־פּריצישער בלוטיקער הערשאַפט, האָט מען האַרציק געזונגען זיינע צער־און צאָרן־לידער, זיינע פייערדיקע לידער־רופן: „וויקלט־פאַנאַנדער די פאָנע די רויטע", „אין די גאַסן, צו די מאַסן", „צום אַרבעטער־פריינט", „אַ בעזים און אַ קער", „עס רירט זיך", „די וועלט וועט ווערן יינגער", א. אַנד. דורך אָט־די לידער האָט זיך געטראָגן אַ מעכטיקער פרייהייט־גייסט מיטן רוף:

„איך ברענג וואָפן פאַר דעם שלאָפן,
איך באַפריי די אַרבעטס־שקלאַפן,
און איך מאַך זיי דרייסט".

דער זון פון דער יידישער אָרעמשאַפט אין שטעטל יאַנאָווע, קאָוונער גו־בערניע, רעדאַקטאָר פון סאָציאַליסטיש־העברייאישן זשורנאַל „אסיפת חכמים", שפּעטער רעדאַקטאָר פונעם יידישן וואָכנבלאַט, „דער פּוילישער אידל" אין לאָנ־דאָן, האָט אָפּגעדרוקט זיינע ערשטע יידישע אַרבעטער־לידער אין 1884 (אַ יאָר איידער שמעון פרוג האָט אָפּגעדרוקט זיין ערשט ליד אין יידיש). שוין זיינע ערשטע לידער — ניי אין אינהאַלט און פאָרם פאַר זיין צייט — זיינען מיט ענטוזיאַזם אויפגענומען געוואָרן אויך דאָ אין אַמעריקע, און די דיכטער האָבן אויף זיי גע־קוקט ווי אויף פּאַסיקע מוסטערן.

דער „זיידע" פונעם יידישן אַרבעטער־ליד איז געשטאַנען אונטער דער השפּעה פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער פאָלקיסטישער פּאָעזיע, פון די ענגלישע סאָציאַליסטישע און רעוואָלוציאָנערע פּאָעטן שעלי, בייראָן, וויליאַם מאָריס, טאָמאַס הוד; פון די רעוואָלוציאָנערע דיכטער אין דייטשלאַנד: פערדינאַנד פרייליגראַט, הערוועג, היינע; פון די פראַנצויזישע דיכטער: וויקטאָר הוגאָ, בעראַנזשע, פּאָטיע; אויך פון דער פּאָעזיע פון די נביאים און פון יהודה הלוי — און פון די נויטן און ליידן, האָפענונגען, שטרעבונגען און קאַמפן פון די יידישע אַרבעטער־מאַסן.

זיין השפּעה איז געוואַקסן און האָט זיך אויסגעברייטערט מיטן וואוקס און שטייגן פון זיין טאַלאַנט. זיינע לידער האָבן קודם־כל אימפּאָנירט מיט זייער ריטמישקייט און מיט דער פאַרשיידנאַרטיקייט פון ריטם:

„אין אַלע ריטמען וואָלט איך זינגען
צו וועקן דיך צום שטרייט;
אין אַלע גלעקער וואָלט איך קלינגען
צו מעלדן דיר די צייט;

אין אַלע שפּראַכן וואָלט איך ריידן, —
אַ פלאַמענצונג — צו דיר,
אין שטראַלן די געדאַנקען קליידן,
פאַר דיר, מיין פאָלק, פאַר דיר".

אָבער זיי האָבן אויך מיטגעריסן מיט זייער לויטערקייט און פּשטות, מיטן דירעקטן פּאָעטישן רוף, מיטן פולן קלאַנג, מיט דער פאַרשיידנקייט פון זייער זשאַנער (סאָציאַלע ליריק, דראַמאַטישע פּאָעמען, סאַטירעס), מיט ביבלישע עכאָס, מיט פראַפּעטישע טענער, מיט סענטימענטאַל־רעאַליסטישע בילדער. זיי האָבן שטאַרק און טיף געווירקט.

און ס'איז ממש געווען נאַטירלעך, אַז דער אידעלער דיכטער־אידעאַליסט, דער קעמפער און מאַרטירער דוד עדעלשטאַט (1866־1892), דער צאַרטער דיכ־טער־טרוימער יוסף באָווש אָווער (1873־1915) און דער גרויסער דיכטער פון שאַפ־געזאַנגען, דער „טרערן־מיליאָנער" מאָריס ראָזענפעלד (1862־1923) זאָלן זיך געפינען אונטער דער באַפרוכפּערנדיקער, שאַפערישער השפעה פונעם גרויסן וועקער, רופער, קעמפער און פרייהייט־זינגער ווינטשעווסקי. דעם „זיידנס" „לידער געזונגענע מיט אַ געוויין, לידער געיאָמערטע מיט אַ געזאַנג" האָבן באַלד אָפּגע־קלונגען אין די נשמות פון זיינע מיטצייטלער־דיכטער, באַווירקט זייער גייסט און געהאַט אַ גרויסע השפעה אויף דער שפּראַך, אינהאַלט, פאָרם, ריטם, מעטריק פון זייער ליד.

וועגן אָט־דער שטאַרק־קענטיקער השפעה האָבן געשריבן: דער פּראָגרעסי־ווער ליטעראַטור־פאָרשער און ווינטשעווסקי־ביאָגראַפער קלמן מרמר (מחבר פון ווערטפולע ווערק אויך וועגן די אַנדערע דריי אבות און פּיאָנערן פונעם יידישן אַרבעטער־ליד אין אַמעריקע); נ. ב. מינקאָוו (אין ערשטן פון זיינע דריי בענד: „פּיאָנערן פון יידישער פּאָעזיע אין אַמעריקע" (ניו־יאָרק, 1956) און ב. י. ביאַליסטאָצקי („פיר זיינען זיי געווען").

אין זיין בוך וועגן עדעלשטאַטן דערציילט קלמן מרמר, ווי אַזוי אָט־דער וואונדערלעכער רעוואָלוציאָנערער וויזיאָנער (וועלכער איז געקומען קיין אַמעריקע אין עלטער פון 16 יאָר, אין 1882) און איז דאָן געווען אַ דיכטער פון רוסישע לידער, האָט אָנגעשריבן זיין ערשט ליד אין יידיש.

דער ערשטער נומער „וואַרהייט" איז דערשינען אין ניו־יאָרק דעם 15טן פעברואַר, 1889. הלל זאָלאָטאַראָוו און דוד עדעלשטאַט זיינען געווען די רעדאַקטאָרן. עדעלשטאַטס פריינט האָבן אים געבעטן מקבל־פּנים זיין דעם ערשטן נומער „וואַרהייט" מיט אַ באַגריסונג־ליד אין יידיש. מרמר דערציילט:

„דוד עדעלשטאַט איז ניט געווען זיכער, אַז ער וועט געפינען גענוג יידישע ווערטער פאַר אַזאַ ליד. ער זוכט אַ מוסטער און געפינט עס, אָדער זיינע חברים ווייזן עס אים אָן, אין ווינטשעווסקיס ליד ,צורוף צום אַרבעטער פריינט', גע־שריבן אין יולי, 1885. עדעלשטאַט רופט־אָן זיין ליד ,צורוף דער וואַרהייט', און מאָדעלירט עס לויט ווינטשעווסקיס באַגריסונג".

אין יענעם ליד איז שוין דאָ עדעלשטאַטס אייגענער דיכטערישער אויסדרוק — עס שפירט זיך אָבער דער ווינטשעווסקי־איינפלוס אין גראַמען, אין ווערטער. אָט־די ווינטשעווסקי־ווירקונג איז פאַראַן אויך אין אַ ריי אַנדערע לידער פון דוד עדעלשטאַט: אין „פאַרבלוטיקטע גייסטער" (אונטערן איינפלוס פונעם „זיידנס" „געשפּענסטן"); „עס טאָגט" (ענלעך צו ווינטשעווסקיס „עס רירט זיך"). אויך אין אַזעלכע לידער, ווי אין עדעלשטאַטס „אין קאַמף", „די פרייהייט־געטין", „די פאָלקס־שטימע", „אַ טרויעריקער געלעכטער" שפירט זיך די דיכטערישע השפעה פונעם זיידן פון יידישן סאָציאַליזם.

די השפעה פונעם „זיידן" האָט ניט אויסגעמיטן אפילו דעם קראַפטפולן, אָרי־גינעלן שאַפ־זינגער, דעם ריז און „האַרי שבחבורה", מאָריס ראָזענפעלד. אויך אין זיין פּאָעזיע און פּראָזע איז פאַראַן דער קלאָרער, ניכרדיקער איינפלוס פונעם „זיידן" און פּיאָנער פון סאָציאַליסטישן געדאַנק אין אונדזער ליטעראַטור. אין זיין בוך „דער אָנהויב פון דער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע" שרייבט

מרמר: „מאָריס ראָזענפעלדס אַרבעטער־לידער, איבערהויפּט די, אין וועלכע עס קומען־פאָר פראַגן און ענטפערס, אַרעמקייט־סצענעס, אַרבעטער־בילדער, זיינען דירעקט באַאיינפלוסט פון מאָריס ווינטשעווסקיס לידער. דאָס גלייכן פילט זיך ווינטשעווסקיס פאָרם און שפּראַך אין מאָריס ראָזענפעלדס פּעליעטאָנען, סאַטי־רישע אַרטיקלען, דורכגעפלאָכטן מיט פערזן" (ז. 64).

ראָזענפעלדס ליד „מיין קליין אינגעלע" איז דירעקט באַווירקט פון ווינ־טשעווסקיס ליד „קליין־עטעלע". ביים „זיידן" הויבט זיך אָן דאָס ליד מיט די פיר שורות: „איך קען אַ קליינע מיידעלע, אַן אַרבעטערס אַ קינד, איר צורקעלע, די איידעלע, דערפריייט דאָס הויזגעזינד". ראָזענפעלדס וועלט־באַרימט ליד הויבט זיך אָן: „איך האָב אַ קליינעם אינגעלע, אַ זונעלע גאָר פיין, ווען איך דערזע אים, דאַכט זיך מיר, די גאַנצע וועלט איז מיין".

אויך אין אַ היפּשער צאָל אַנדערע לידער — דער עיקר אין רעוואָלוציאָנערע מאָטיוון — איז דער גרויסער דיכטער פון די שוויץ־שעפּער געשטאַנען אונטער ווינטשעווסקיס השפּעה (ביי ראָזענפעלדן זיינען אויך פאַראַן איינפלוסן פון: יהודה הלוי, ש. פרוג, היינע, י. ל. גאָרדאָן, „זיידע" מענדעלע). אפילו זיין „גלות מאַרש" איז ריטמיש באַווירקט פונעם „זיידנס" איבערדיכטונג פון טאָמאַס הודס „ליד פון העמד": „איך ניי—ניי—ניי!".

דער „זיידע" האָט דער ערשטער אין דער אַרבעטער־פּאָעזיע איינגעפירט לידער מיט קאָנקרעטע געשטאַלטן („אַ מיידעלע אין דער סיטי", „לאָנדאָן ביי־נאַכט", „אין רעגן, אין ווינט און אין קעלט", „אין סלעק־צייט", „די פּאַרפּראַ־רענע", „דאָס ליד פונעם לוין־שקלאַף"). ראָזענפעלדס אומשטערבלעכע געשטאַלטן: „דער בלייכער אָפּערעיטאָר", „די געפאַלענע", דאָס מיידל אין זיין ליד „צו אַ באַרוועסער מיידל", זיינען געשאַפן געוואָרן אונטערן איינפלוס פון די בוילעט־געצייכנטע געשטאַלטן אין ווינטשעווסקיס לידער.

אויך יוסף באָוושאָווער האָט אין זיינע לידער (זומער, 1892) נאָכגעפאָלגט די לידער פונעם „זיידן" (ווי אויך פון עדעלשטאַטן און ראָזענפעלדן). באָוושאָ־ווערס סאַמע ערשט ליד „קאַפּיטאַל'ס אַ קרבן", געדרוקט אין דער ניו־יאָרקער „אַרבעטער־צייטונג" דעם 8טן יולי, 1892 (אין זיינע שריפטן הייסט: „אויפן שטער־בע־בעט") — וועגן אַן אָרעמען קראַנקן אַרבעטער אויפן טויטן־בעט, אַרומגע־רינגלט דורך זיינע הילפלאָזע, וויינענדיקע ווייב־און־קינדער — איז ענלעך אין טעמאַטיק צו ווינטשעווסקיס „דברי שכיב מרע" (רייד פון אַ קראַנקן), געדרוקט אין לאָנדאָנער „אַרבעטער־פריינט" אין סעפּטעמבער, 1885. באָוושאָווערס ליד „אין שאָפּ" (סעפּטעמבער 9, 1892) איז טיילווייז אונטער ווינטשעווסקיס איינפלוס און טיילווייז אונטער דער השפּעה פון ראָזענפעלדס שאָפּ־לידער. זיין סאַטירע „ציט שטאַרקער די סטרונעס" איז באַווירקט פונעם „זיידן" און פון היינריך היינען.

דער דיכטער און עסייאיסט מינקאָוו האָט אין זיין אויבן־דערמאָנטן ווערט־פולן ווערק אילוסטרירט די השפּעה פון ווינטשעווסקיס ליד „די וועלט פון די רייכע" אויף י. ל. פּרצעס „מיין ביט די וועלט איז אַ קרעטשמע"; פונעם „זיידנס" לידער „פערדינאַנד לאַסאַל" און דער „יאָמער־קול" אויף אברהם רייזענס „דאָס נייע ליד".

* * *

דער גרויסער פּיאָנערישער פּראָלעטאַרישער שרייבער (פּובליציסט, דראַ־

מאַטורג, פּאַבל־שרייבער, פעליעטאָניסט, דערציילער) האָט קודם־כל געווירקט מיט זיין סאָציאַלער ליריק, מיט זיין רעוואָלוציאָנערן אַרבעטער־ליד. די השפּעות פון זיין ליד קאָן מען געוויס געפינען אין דער רעוואָלוציאָנערער דיכטונג פונעם שטורעם און דראַנג־יאָר 1905 און אין דער פּראָגרעסיווער היינטצייטיקער יידישער פּאָעזיע אין אַמעריקע און אַנדערע לענדער. ריכטיק האָט אָנגעוויזן ק. מרמר: „אומדירעקט איז קענטיק זיין [ווינטשעווסקיס] איינפלוס אויך אין דער יידישער אַרבעטער־פּאָעזיע פון אויסלאַנד, וואו זיינע לידער זיינען געווען די ערשטע צו ווערן געזונגען אין רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער־קרייזן".

אינטערעסאַנט און באַלערנדיק איז דער פאַקט, וואָס די ווינטשעווסקי־טראַדיציע (אָדער גענויער, די טראַדיציע פון דער יידישער אַרבעטער־פּאָעזיע פונעם ווינטשעווסקי־עדעלשטאַט־באָווישאָווער־ראָזענפעלד פּעריאָד) האָט געהאַט אַ באַדייטנדיקע ווירקונג אויף דער יידישער רעוואָלוציאָנערער פּאָעזיע אין די ערשטע יאָרן נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד. וועגן דעם האָט געשריבן באַריכותדיק דער סאָוועטיש־יידישער ליטעראַטור־פאָרשער י. בראָנשטיין אין זיין אָפּהאַנדלונג וועגן סטילן־קאַמף אין זיין בוך „אַטאַקע" (מאָסקווע־כאַרקאָוו־מינסק, 1930).

בראָנשטיין באַווייזט און אילוסטרירט דורך פיל ביישפּילן, ווי אַזוי די יידישע נאָך־אָקטאָבערדיקע אַרבעטער־פּאָעזיע אין רוסלאַנד איז באַפרוכפּערט געוואָרן „מיט די זאַפטן פון דער ווינטשעווסקי־עדעלשטאַט־באָווישאָווער פּאָעזיע". ער ווייזט־אָן, ווי אָט־דידאָזיקע „אַלטע זאַפטן" האָבן אויפגעיוירט ווידער, ווי נאָר עס האָבן זיך אַרויסגעלאָזט „די מאַסן אויף די גאַסן", ווי נאָר די „שקלאַפן" האָבן ווידעראַמאָל (אויף אַ ברייטערער באַזע!) זיך געשטעלט אונטער דער „בלוט־רויטער פאָנע". ער ברענגט מוסטערן פון די ליטעראַרישע אָפּטיילונגען פון דער סאָוועטיש־יידישער פּעריאָדיק פון דער צייט פון בירגער־קריג צו ווייזן די ווירקונג פון דער ווינטשעווסקי־פּלעיאַדע אויף די יונגע יידישע רעוואָלוציאָנערע דיכטער אין יענער היסטאָרישער תקופה, ווען „אַלע פּאָעטן זיינען רעוואָלוציאָנערן און אַלע רעוואָלוציאָנערן — פּאָעטן".

בראָנשטיין שילדערט די קרובהשאַפט צווישן דער תקופה פון דער יידישער אַרבעטער־פּאָעזיע אין אַמעריקע און דער רעוואָלוציע־תקופה פון דער יידישער אַרבעטער־פּאָעזיע אין רוסלאַנד אין צייט פון בירגער־קריג — „יענע סאָציאַל־דינאַמישע קרובהשאַפט, וועלכע עקזיסטירט צווישן אָט־די דאָזיקע צוויי תקופות, — יענע קרובהשאַפט, וואָס האָט געגעבן דעם באַלשעוויסטישן אַרבעטער־דור די מעגלעכקייט אויסנוצן אין די יאָרן פון בירגער־קריג די סטיל־דערגרייכונגען פון דער אַנאַרכיסטישער משכיליש־אוטאָפּיסטישער יידישער אַרבעטער־פּאָעזיע אין אַמעריקע". דער פּאַטאָס פונעם קרעפטיקן פּראָלעטאַרישן אַרבעטער־ליד פון די אַכציקער און ניינציקער יאָרן אין אַמעריקע האָט געפונען אַן אָפּקלאַנג אין דער מאַסאָווער יידישער אַרבעטער־פּאָעזיע אין די ערשטע יאָרן נאָך אָקטאָבער 1917. דער מאַסאָווער אַרבעטער־פּאָעט — שרייבט בראָנשטיין — „האָט זיין פּאָעטיק גענומען פון דאָרטן, פונוואַנען עס האָט אויף אים געאָטעמט מיט געוויסער סאָציאַלער קרובהשאַפט. פון דער אַמעריקאַניש־יידישער אַרבעטער־פּאָעזיע, פון באָווישאָווערן, עדעלשטאַטן, ווינטשעווסקין, ראָזענפעלדן, א. אַז. וו. האָט דער ,יעווסעקישער' מאַסאָווער אַרבעטער־פּאָעט גענומען זיין בילדער־וועלט, זיין לעקסיק, זיין

סינטאַקסיס, זיין מעטער און אפילו דעם גראַם״. (פון יענע ערשטע אַרבעטער־פּאָעטן זיינען שפּעטער אַרויסגעוואַקסן אַזעלכע קרעפטיקע סאָוועטיש־יידישע דיכ־טער, ווי איזי כאַריק, ש. ראָסין, ז. אַקסעלראָד, חיים גילדין, אַבאַרבאַנעל, איזראַ־עליט א. אַנ.).

אַזוי זעען מיר באַשיינפּערלעך ווי טיף עס ווירקט און קאָן ווירקן די ווינ־טשעווסקי־טראַדיציע. איר ווירקונג איז וויט, ברייט און דויערהאַפט, ווייל זי וואָרצלט טיף אין פאָלק און אין זיינע נויטן און באַדערפענישן, ווייל זי באַגלייט דאָס פאָלק אין זיינע קאַמפן, און אין אַט־די קאַמפן דאַרף מען האָבן — „אַ באַ־גייסטערטן געזאַנג״.

(„מאָרגן־פרייהייט״, אַפּריל 8, 1962)

צו זיין 30טן יאָרצייט, דעם 18טן מערץ, 1962.

# מרדכי ספּעקטאָר

## גוטער פעטער פון אונדזער ליטעראַטור

(1925־1858)

מרדכי ספּעקטאָר (1925־1858), דער גוטער, ליבער פעטער, דער געטרייער פעטער פון אונדזער יידישער ליטעראַטור.

פון קליינערהייט־אָן איז ער מיר געווען נאָענט, ממש איינגעבאַקן אין האַרצן. נאָענט מיט זיין פשטות, מיט זיין ערדישקייט, מיט זיין גשמיות.

פון זיינע פּשוטע, אומגעקינצלטע דערציילונגען און ראָמאַנען האָט געאָטעמט מיט דער פעסטקייט און פיזישער קראַפט פון אַ געזונטן, ברייט־פּלייציקן, היימישן יידן.

מרדכי ספּעקטאָר, דער פערטער נאָך אונדזערע גרויסע דריי אבות: מענ־דעלע, פּרץ, שלום־עליכם. מיט איין יאָר עלטער פון שלום־עליכמען. איינער פון שלום־עליכמס נאָענטסטע פריינט. אַן עכטער פאָלקס־מענטש. אַן אמתער פאָלקס־שרייבער. אַן איבערגעגעבענער פאָלקס־פריינט.

מרדכי ספּעקטאָר, אַ גרויסער שרייבער מיט אַן אמתן, געבוירענעם, געבענטשטן טאַלאַנט. די פשטות אַלייך. פּשוט אין זיין שרייב־מאַניר אָדער דערצייל־נוסח, פּשוט אין זיין טעמאַטיק, אין זיינע מאָטיוון, אין זיין שפּראַך. איינער פון פאָלק, באמת אַ טייל פון פאָלק. מיט אַ גוואַלדיקער ליבשאַפט און געטריישאַפט צום פאָלק, צום פאָלקס לשון יידיש און צו דער יידישער ליטעראַטור.

עכט און נאַטירלעך, ווי אוקראַאינער קאָרנברויט, אָן פּליטערלעך, אָן „חקירות״. פאָלקסטימלעך, אָפן, שיין, ערלעך, גוטמוטיק, פריינטלעך, צוגעלאָזט — אין לעבן און אין זיינע עכט־יידישע שאַפונגען.

ענלעך צו יעקב דינעזאָנען מיט זיין גוטסקייט; ענלעך צו אברהם רייזענען ווי אַ בעל־רחמים; ענלעך צו אונדזערע גרויסע דריי קלאַסיקער ווי אַ בעל־בטחון.

אוי, האָט ער ליב געהאַט דאָס לעבן! מיט אַלע חושים, מיט אַלע רמ״ח אברים! אַ מין געזונטקייט האָט געבליט אויף זיין ליכטיקן פּנים, אין זיינע שיינע, טיף־שוואַרצע גליענדיקע אויגן. אַ גרויסע לעבנס־פרייד האָט זיך געטראָגן פון אים און פון זיינע לעבנס־בילדער, פון זיינע שילדערונגען און דערציילונגען.

מיט קליינער בילדונג, נאָר מיט אַ גרויס מענטשלעך האַרץ, מיט עכטן טאַ־לאַנט, מיט שאַרפע דורשטיקע אויגן, מיט אַן אויער פאַר זאַפטיק יידיש לשון, האָט ער זוכה געווען צו פאַרנעמען אַן אויבן־אָן אין סאַמע מזרח פון אונדזער מאָדערנער ליטעראַטור, ווי איינער פון אירע גרונטלייגער, בויער, פלאַנצער, היטער.

ווער קאָן פאַרגעסן אַזעלכע ווערק זיינע, ווי „דער יידישער מוזשיק", „עניים ואביונים", „ר' טרייטל", „קאַליקעס", „יידישע סטודענטן", „יום־טובדיקע דער־ציילונגען", „אַ שטריק פון קבצנים", „טאָג און נאַכט", און פיל, פיל אַנדערע?

איר לייענט ספּעקטאָרס דערציילונגען און ראָמאַנען, געשאַפן נאָך אין די אַכציקער יאָרן פון לעצטן יאָרהונדערט — און זיינע שפּעטערדיקע ווערק ביז די לעצטע טעג פון זיין לעבן — און איר דערשפירט אַן אמתן נאַטור־טאַלאַנט, אַ שרייבער מיט נאַטירלעכער אינטעליגענץ, אָן איינפלוסן, אָן השפעות, אָן דרויסנ־דיקע ווירקונגען, מיט אַלץ פון זיך, פון אייגענעם לייב־און־לעבן. די מענטשן (זיינע העלדן) אין זיינע ראַיעלע, רעאַליסטישע לעבנס־באַשרייבונגען, לעבן, באַ־וועגן זיך, ווירקן. ער האָט זיי ליב, ווי דאָס לעבן. ער קען זיי גוט. ער טראַכט זיי ניט אויס. ער באַשטראַלט זיי אין זיינע ווערק מיט זיין מענטשלעכן, וואַרעמען, נאַטירלעכן הומאָר.

עטלעכע־און־פערציק יאָר האָט ער, דער מחבר פון פופצן בענד, דער וואונ־דערלעכער דערציילער, ראָמאַניסט, זשורנאַליסט, פעליעטאָניסט, רעדאַקטאָר פון צייטונגען און אַרויסגעבער פון זאַמלביכער, דער זאַמלער פון יידישן פאָלקלאָר נאָך פאַר פּרצן, נאָכאַנאַנד געשאַפן, כסדר צוגעטראָגן וויכטיקע ציגל צום פּרעכ־טיקן, מאַסיוון בנין פון אונדזער ליטעראַטור. אין משך פון די יאָרן האָט ער אויס־געשליפן זיין רוי, עכט וואָרט, אָבער די ערדישקייט און פּרימיטיווקייט פון נוסח איז געבליבן, ווי געבליבן גאַנץ, אומגעשפּאָלטן, אומגעוואַקלט איז זיין געזונטער, ערלעכער פאָלקס־גייסט, מיט זיין ליבשאַפט צו אָרעמע מענטשן, מיט זיין ענ־טוזיאַזם פאַרן לעבן, מיט זיין ריזיקער לעבנסלוסט און גרייטקייט תמיד צו שעפּן אַלץ מער פון די אומאויסשעפּלעכע לעבנס־קוואַלן.

אין 1908, צו זיין 50סטן געבוירנטאָג, האָט ער אין אַ שמועס מיט ראובן בריינינען אין וואַרשע זיך אויסגעדריקט: „הגם איך בין שוין היינט אַלט גע־וואָרן פופציק יאָר, וועל איך פונדעסטוועגן איצט אָנהויבן צו שאַפן נייע זאַכן. אין קאָפּ באַמבלען זיך ביי מיר אומצייליקע טעמעס, נפשות, סיטואַציעס, און אַלע בעטן זיי זיך ביי מיר: דערצייל וועגן אונדז, שילדער אונדז, גיב אונדז לעבן און נשמה! די וועלט איז איצט אַ גאַנץ אַנדערע און די מענטשן גאַנץ אַנדערע און אויך די לעבנס־באַדינגונגען גאַנץ אַנדערע. יאָ, אויך די היינטיקע לעזער פון יידיש זיינען גאַנץ אַנדערע, ווי אין דער צייט, ווען איך האָב אָנגעהויבן צו שרייבן, און די נייע וועלט בעט זיך רחמים: באַשרייב מיך!".

מרדכי ספּעקטאָר דער שרייבער און דער מענטש זיינען געווען איינס. אין

גאַנצקייט. האַרציק, ליבלעך, אָן אָנשטעל. ער האָט גוואַלטיק ליב געהאַט די שאַפער פון אונדזער ליטעראַטור: די שרייבער. און די יידישע שרייבער, די עלטערע און די ייִנגערע, האָבן אים ליב געהאַט. און צווישן די וואָרט־מייסטער, וואָס האָבן הויך געשאַצט זיין קרישטאָל־קלאָרן טאַלאַנט און אים ליב געהאַט אַלס מענטש, זיינען געווען: אונדזערע דריי קלאַסיקער, אויך: דוד פרישמאַן, א. רייזען, ח. נ. ביאַליק, ר. ברייניז, ב. גאָרין, פיליפ קראַנץ, יעקב פיכמאַן און פיל אַנדערע.

איינער פון די ערשטע גרויסע יידישע ראָמאַניסטן, האָט ער נאָך מיט אַרום אַכציק יאָר צוריק באַוויזן צו האַלטן געשפּאַנט דעם יידישן לייענער מיט זיין סיפּור־המעשה, מיט די פּאַסירונגען אַרום זיינע העלדן (רחלע און סאָלאָמאָן אין דעם ראָמאַן „דער יודישער מוזשיק״, לאה אינעם ראָמאַן „עניים ואביונים״, א. אַנד.), מיט זיינע פילצאָליקע הומאָרפולע דערציילונגען און מעשהלעך פון יידישן לעבן.

יאָ, איינער פון די ערשטע אין דער אַנטוויקלונג פון אונדזער ליטעראַטור. שוין אין זיין סאַמע ערשטן ראָמאַן: „אַ ראָמאַן אָן אַ נאָמען״ — שפּאַנענדיקע האַנדלונג און לעבעדיקע פיגורן; אַקציע און ווירקנדיקע בשר־ודמס. זיין צווייטער ראָמאַן, „דער יודישער מוזשיק״, איז געווען גאָר אַ נייעס אין אונדזער בעלעטריסטיק. דער מחבר האָט זיך אַנטפּלעקט ווי אַ זינגער־באַזינגער פון יידישער פּראָדוקטיווער אַרבעט, דער עיקר פון ערד־אַרבעט. מען האָט ממש דערשפּירט די ריחות פון פרישער, געזונטער ערד. דער מחבר האָט געטרוימט דעם טרוים פון יידישער גבורהדיקער פּויערישקייט, אין באַהעפטונג מיט ערד, מיט ערד־אַרבעט.

אַזאַ צויבער, אַזאַ חן, אַזאַ תמימות אין ספּעקטאָרס שטעטל־שילדערונג אין זיין „ר׳ טרייטל״; אין זיין גרויס־שטאָט (פּעטערבורג)־מאָלעריי (אין זיין ראָמאַן „אַ וועלט מיט קליינע וועלטעלעך״), אין זיינע מייסטערהאַפטע דערציילונגען „שטייט־אויף צו סליחות״, „דער פעטער״, „אַ פּעסעלע ווייך״, „דער אָרעם־מאָל־צייט״, „אַ רעגן״, „אַ פינצטערע חתונה״, אין זיינע „קינדער־דערציילונגען״, אין זיינע מחיהדיקע, איידעלע, סימפּאַטישע שילדערונגען פון יידישע פרויען־געשטאַלטן. פיל פון זיינע דערציילונגען און סקיצן זיינען איבערגעזעצט געוואָרן אויף אַנדערע שפּראַכן.

גרויסע יידישע לייענער־קרייזן האָבן אים שטאַרק ליב געהאַט, האָבן הנאה־געהאַט פון זיין פּשטותדיקער וואָרט־קונסט, האָבן אין אים דערשפּירט און דערקענט זייער פריינט, זייער אַמכאַדיקן שרייבער. ביי זיין לעבן האָט אים די אָפּי־ציעלע ליטעראַטור־קריטיק ניט דערשאַצט, אונטערשאַצט — פּשוט, ניט געשריבן וועגן אים און זיין רייכן, קוואַליקן שאַפן. בלויז דאָ־און־דאָרט אַ פּאָר באַגייס־טערטע אָפּהאַנדלונגען (פון ד. פרישמאַן, פון דר. פינעס, א. אַנד.).

ערשט אין 1929, פיר יאָר נאָך זיין פּריציייטיקן טויט אין עלטער פון 67 יאָר אין ניו־יאָרק, איז אין וואַרשע דערשינען אַ „ספּעקטאָר־בוך״, צונויפגעשטעלט פון ד. קאַסעל, מיט זכרונות, הויכע אָפּשאַצונגען און ליב־אַרטיקלען פון ש. העפּנער (ביאָגראַפישע שטריכן), ד. פרישמאַן, ר. ברייניז, ב. גאָרין, א. רייזען, פ. קראַנץ, דר. מ. פינעס, ש. ניגער, דר. א. קאָראַלניק, דר. א. מוקדוני, ב. צ. גאָלדבערג, י. פיכמאַן, רחל פייגענבערג, שכנא עפּשטיין, ב. קאַרלינער, דוד קאַסעל, יואל מאַסט־בוים, דער לעבעדיקער, שלמה שרעבערק, א. דראַזשנער, מרדכי קאַפּלאַן, מ. יאָפּע, ווינשטיין, א. גאָלדבערג, ש. י. סטופּניצקי, צבי כהן און פ. גראַובאַרד; לידער

פון א. רייזען, א. פיגעלעס, מיקאָעלאָ און ש. גרינער.

דער קלוגער און באַשיידענער פאָלקס־שרייבער, דער לעצטער פון די ערשטע, וואָס האָט זיין גאַנץ לעבן און זיין שעפערישן טאַלאַנט פאַרבונדן מיט זיין פאָלק און מיט דער ליטעראַטור פון זיין פאָלק, האָט אַליין געוואוסט דעם ווערט פון זיינע וויכטיקע בייטראָגן צו אונדזער ליטעראַטור, ווי אַ שאַפער פון באַדייטנדיקע ליטעראַרישע ווערטן, ווי אַן אויספלאַסטערער פון די וועגן פון יידישן ליטעראַרישן שאַפן, ווי אַ דערמוטיקער און דערציער פון יונגע שרייבער־טאַלאַנטן, ווי אַ גרינדער און רעדאַקטאָר פון צייטשריפטן.

שוין אין 1884 האָט ער אָנגעהויבן זיין ליטעראַרישע טעטיקייט (אין פעטער־בורגער „יודישן פאָלקסבלאַט"). שוין אין 1888 האָט ער אַרויסגעגעבן דעם ערשטן ליטעראַרישן יערלעכן יידישן זאַמלבוך, „דער הויז־פריינד", וואָס איז דערשינען ביז 1895 (פינף יאָרביכער זיינען דערשינען). ערשט מיט אַ יאָר שפּעטער האָבן אָנגעהויבן דערשיינען שלום־עליכמס זאַמלביכער „די יודישע פאָלקס־ביבליאָטעק", און ערשט דערנאָך — פרצעס „די יודישע ביבליאָטעק".

אין ספּעקטאָרס זאַמלביכער האָבן זיך באַטייליקט: אליעזר צבי הכהן צווייפל, א. ב. גאָטלאָבער, מיכל גאָרדאָן, מענדעלע, שלום־עליכם, ש. פרוג, ד. פרישמאַן, דוד פינסקי (ספּעקטאָרס שוואָגער), שלום אַש, ה. ד. נאָמבערג, א. רייזען, י. דינעזאָן, יהואָש, א. אַנד.

אין 1894 האָט ספּעקטאָר צוזאַמען מיט פרצן אָנגעהויבן אַרויסגעבן די באַ־רימטע „יום־טוב־בלעטלעך", און אין אַ קורצער צייט אַרום האָט ער אַרויסגעגעבן זיינע אייגענע „וואָכעדיקע בלעטלעך". אַ מיט־רעדאַקטאָר פון וואָכנבלאַט „די יודי־שע פאָלקס־צייטונג", מיטאַרבעטער פון „פריינטאָג", פון די צייטונגען „פריינד", „וועג", „טאָג", איז ער געווען דער גרינדער און רעדאַקטאָר פון דער צייטונג „אונדזער לעבן", אַרויסגעבער פונעם טאָגבלאַט „די נייע וועלט", רעדאַקטאָר פו־נעם זאַמלבוך „הילף", פון דער ווילנער „צייט", געהילף־רעדאַקטאָר פונעם לי־טעראַרישן וואָכנבלאַט „דער יוד", רעדאַקטאָר פון דער חודש־שריפט „יודישע פאַמיליע", א. אַנד. ער איז תמיד געווען פריינטלעך, ברידערלעך צו יינגערע, ווייניק־באַקאַנטע שרייבער.

שוין קליינערהייט האָט ספּעקטאָר, אַ קינד פון אַן אָרעמער פרומער חסידישער פאַמיליע אין אומאַן, אוקראַינע, געטרוימט וועגן ווערן אַ שרייבער ביי יידן. אין עלטער פון פיר יאָר האָט ער פאַרלוירן זיין פאָטער. זיין לעבנס־וועג האָט אים געפירט פון אומאַן דורך הייסין, וויניצע, מעזשיבוש, זשיטאָמיר, פעטערבורג, וואַר־שע, ווילנע, אָדעס, בעסאַראַביע, אַמעריקע. דער טרוים פון שרייבן האָט באַגלייט דעם יונגן יתום אויף זייך שווערן וואַנדער־וועג. ער האָט דאַן אָפט געליטן נויט, הונגער. ער האָט פעסט באַשלאָסן: „דער גרעסטער כבוד אין דער וועלט איז זוכה צו זיין, צו ווערן אַ שרייבער פון אַ בוך". ער האָט אָנגעקוואָלן פון די ווערק פון מענדעלע און יצחק־יואל לינעצקי. ער האָט וועגן זיי געשריבן: „מיינע מוס־טערן, מיינע אידעאַלן אין ליטעראַטור". ער האָט זיך געשעצט גליקלעך, ווען ער האָט יינגלווייז דערזען לינעצקין און אברהם גאָלדפאַדענען אין וויניצע.

זיין ליטעראַרישער וועג האָט זיך אָנגעהויבן אין מעזשיבוש, וואו ער האָט גע־שריבן די ערשטע קאַפּיטלעך פון זיין „ראָמאַן אָן אַ נאָמען", וואָס זיינען — מיט מזל פאַר אונדזער ליטעראַטור — אָפּגעדרוקט געוואָרן אין „יודישן פאָלקסבלאַט".

שפּעטער, אין זיין בלי־פּעריאָד אין פּעטערבורג, וואו ער איז געוואָרן אַן אַקטיווער, נאָענטער מיטאַרבעטער פון „פאָלקסבלאַט", האָט ער חתונה געהאַט מיט דער טאַלאַנטפולער שרייבערין איזאַבעלאַ, די טאָכטער פונעם העברעיאיש־יידישן שריפטשטעלער א. ש. פרידבערג. ער האָט זיך דערנאָך געגט מיט איזאַבעלאַן און געהייראַט אַ שוועסטער פון ד. פּינסקיס פרוי.

זיין גלאַנץ־פּעריאָד איז געווען דער וואַרשעווער פּעריאָד וואָס האָט זיך געצויגן פון 1887 ביז 1914, ווען ער האָט זיך ביים אויסברעכן פון דער 1טער וועלט־מלחמה באַזעצט אין אָדעס. דאָרט האָט ער מיט זיין פרוי בערטאַ היפּש אונטער־געהונגערט. ער האָט דורכגעמאַכט צוויי אָפּעראַציעס, און איז „אַרויס מיט גאַנצע ביינער". אין 1920 האָט ער מיט זיין פרוי פאַרלאָזט זיין געבורטלאַנד אויפן וועג קיין אַמעריקע. אין בעסאַראַביע האָט אים דער יידישער עולם אויפגענומען מיט גרויס כבוד און מיט התלהבות.

אין ניו־יאָרק איז ער, אַ טיף־געליטענער, ווידער געוואָרן שעפעריש. ער איז געוואָרן אַ מיטאַרבעטער פון „טאָגעבלאַט". געלעבט מער־ווייניקער באַקוועם, אָבער שטאַרק געבענקט נאָך דער „אַלטער היים". געפּרואווט זיך „אַמעריקאַניזירן" אין בעסטן זין פון וואָרט; שטודירט ענגליש, די געשיכטע פון לאַנד. געפּרואווט באַ־קענען זיך מיט די ווערק פון די ייִנגערע יידישע שרייבער. ניט געקאָנט פאַרטראָגן דעם טומל און געפילדער פון ניו־יאָרק.

דאָ האָט ער געשריבן: ראָמאַנען, זכרונות, פּובליציסטישע אַרטיקלען. אין אָט־דעם קורצן אַמעריקאַנער פּעריאָד געשאַפן די ראָמאַנען: „סודות", „די קללה פון שיינקייט", „דער גרויסער יחסן", זיין אויטאָביאָגראַפיע „מיין לעבן" (9 בענדער).

זיין טיפער שאַפונגס־קוואַל איז געבליבן ווייט ניט אויסגעשעפּט, ווען ער איז פּלוצלינג געשטאָרבן דעם 15טן מערץ, 1925. זיין אָרט בלייבט אין דער סאַמע ערשטער ריי פון אונדזער ליטעראַטור: מענדעלע, פּרץ, שלום־עליכם — מרדכי ספּעקטאָר.

צו זיין פערציקסטן יאָרצייט, דעם 15טן מערץ, 1965.
זונטאָג, מערץ 21, 1965.

נאָכבאַמערקונג: דער שרייבער פון די שורות האָט געהאַט די זכיה צו באַ־קענען זיך פּערזענלעך מיט מ. ספּעקטאָרן. געווען איז דאָס אין אַ זאַל אויף דער ניו־יאָרקער איסט־סאַיד ביי אַ ליטעראַרישער פייערונג לכבוד דעם דיכטער א. לוצקי, אַ קורצע צייט פאַר ספּעקטאָרס טויט.





# שמעון פרוג

(1916-1860)

דער גרויסער יידישער נאַציאָנאַלער דיכטער שמעון פרוג (1860 — 22טער סעפּט. 1916), איז געשטאַנען ביים וויגעלע פון אונדזער מאָדערנער יידישער, איצט ברייט-פאַנאַנדערגעבליטער, פּאָעזיע.

ש. פרוג, אַ זון פון יידישע ערד-אַרבעטער אין דער קאָלאָניע באָבראָווי קוט, כערסאָן, אין צאַרישן רוסלאַנד, איז דער עיקר געווען אַ דיכטער פון פאָלק, גלייכ-צייטיק אַ דיכטער פון טרויער און פון מוט.

ער איז געקומען אין אונדזער יידישער דיכטונג נאָך דעם ווי ער האָט זיך שוין קונה-שם געווען אַלס אַן אָנגעזעענער דיכטער אין רוסיש. געקומען מיט טאַלאַנט, מיט קענטעניש פון פערזן-טעכניק, אַ באַאיינפלוסטער פון די ווערק פון זיידע מענדעלע (אין נאַטור-מאָלעריי); פונעם העברייאישן דיכטער יהודה-לייב גאָרדאָן (יל"ג, 1830-1852); פון די רוסישע קלאַסיקער פּושקין, לערמאָנ-טאָוו, נייעקראַסאָוו, פונעם אוקראַיינישן דיכטער טאַראַס שעווטשענקאָ.

זיינע הויפּט-השפּעות זיינען אָבער געווען: די כערסאָנער פעלדער און דער תנ"ך. שוין קליינערהייט האָט זיין דיכטער-נשמה איינגעזאַפּט אין זיך די וואונ-דערלעכע פעלד-ריחות און זיסע נאַטור-קלאַנגען אויף דער כערסאָנער זאַפּטיקער ערד — און אָט-די מחיהדיקע פּאַרפומען און קלאַנגען האָט ער אַריינגעבראַכט אין זיין צאַרטן, איידעלן ליד (צוערשט אין רוסיש, דערנאָך — אין מאַמע-לשון).

מיט דער נאַטור איז זיין פּאָעטישער „איך" געקומען אין פריער באַהעפטונג. פון איר האָט ער געשעפּט דיכטערישע יניקה, אויך טרייסט און פרייד אין זיין שווער, עינויים-פול לעבן.

אַ קוואַל פון באַגייסטערונג און מוט איז פאַר אים געווען אויך דער תנ"ך, די וויזיע פון ישעיה, יחזקאל, עמוס, און שפּעטער — די אוצרות פון מדרש, אַלטע יידישע פאָלקס-לעגענדעס. אויף זיין קרעפּטיקן דיכטערישן אופן האָט ער פון דאָרט געשעפּט מאָטיוון פאַר געזאַנגען — געזאַנגען פון צער און צאַרן, ווײי און דרייסטקייט, האָפענונג און גלויבן. די מערסטע טענער — אבלדיק, צערפּולע.

שוין אין די ערשטע יאָרן פון זיין יידיש־שאַפן איז דער עכטער, צאַרטער, תפילהדיקער דיכטער געקרוינט געוואָרן מיטן גרויסן נאָמען: „נאַציאָנאַלער פּאָעט“, ווייל ער האָט געזונגען־אויסגעזונגען די גאולה־טרוימען פון זיין אונטערדריקט, געפּלאָגט, גערודפט פאָלק בימי ה׳צאַרן וה׳פּריצים. דער פאַקט איז, אַז פרוג איז געווען אויך אַ לירישער און אַ סאָציאַלער דיכטער. דאָס זעט מען פון אַ נאָענטער באַקאַנטשאַפט מיט זיינע לידער.

אויף זיין שטילער לירע האָט ער אויסגעזונגען זיינע אייגענע ניגונים פון עלנט און איינזאַמקייט, פון אַ פיזיש־געפייניקטן גוף, פון אַנטוישונג, אויסגערונענע האָפענונגען. אויך פון זעלבסט־דערמוטיקונג, בטחון. אָפט זיינען זיינע פּערזענלעכע שטימונגען און געפילן געקומען צום אויסדרוק צוזאַמען מיט נאַציאָנאַלע אָדער סאָציאַלע מאָטיוון — געקניפּט און געבונדן.

אַן אָפטער מאָטיוו אין זיין דיכטונג איז געווען:

פרייד אַ טראָפּ — לייד אַ כוס,
דאָס איז אונדזער לעבנס־מאָס.

זיין טרייסט האָט ער אָפט געפונען ניט נאָר אין זיין פיין־געשליפן, האַרמאָניש־געפורעמט ליד, נאָר אויך אין דער געזעלשאַפט פון נאָענטע פריינט, קאָלעגן־שרייבער, עלטערע און יינגערע פון אים. צווישן זיי זיינען געווען: דער זיידע מענדעלע מוכר־ספרים, י. ל. גאָרדאָן, י. ח. ראַבניצקי, ש. דובנאָוו, י. בן־עמי, חיים־נחמן ביאַליק, דר. י. ל. קאַנטאָר, דוד פרישמאַן, א. אַנד.

אַ טיפן אָפּקלאַנג אין האַרצן פון פאָלק האָט געהאַט דער וויינענדיקער, יאָמערדיקער פּאָעטישער רוף פונעם ערלעכן, עכטן פאָלקס־דיכטער — זיין באַרימט ליד „האָט רחמנות“, געדרוקט נאָכן קעשענעווער פּאָגראָם אין 1903:

ברידער, שוועסטער — האָט רחמנות!
גיט די טויטע אויף תכריכים,
גרויס און שרעקלעך איז די נויט,
גיט די לעבעדיקע ברויט!

אָט־דאָס ליד וועגן און באַלד נאָך די צאַרישע פּאָגראָמען אויף יידן איז געוואָרן נאָענט דעם האַרצן פון פאָלק. די לידער וועגן די פּאָגראָמען האָבן דעם דיכטער געשאַפן אַ נאָמען פון אַ פּאָעט אַ מקונן, אַ זינגער פון פאָלקס־צער. די לידער זיינען אַרויסגערופן געוואָרן פון טיפסטן מיטלייד מיט די קרבנות פון וויסטער צאַרישער רשעות און כוליגאַנעריי. אין אַ שפּעטערדיקן פּעריאָד האָט דער דיכטער גערופן מיט דרייסטע, מוטיקע טענער צו קאַמף, צו ווידערשטאַנד קעגן די פּאָגראָם־מאַכער און פּאָגראָם־העצער. ער האָט (אין ליד „די מצבה“) אָנגעזאָגט דעם יום־הדין, דעם מעכטיקן שטורעם פון קאַמף:

עס קלאַפּט די פּויק, די שופרות שאַלן.
דער קאַמף דער שרעקלעכער, דער גרויסער,
עס וויעט און פלאַטערט אונדזער פאָן.
ער גייט נאָך ערשט, ער הייבט זיך אָן!

אין דער נשמה פונעם יונגן, רייפן דיכטער פון ערד און אַרבעט, פון מי, דערציאונג, שעפערישקייט, האָט זיך צעבליט דער גלויבן אין פעלקער־פריינטשאַפט, אין אַ צוקונפט פון נאַציאָנאַלן און סאָציאַלן יושר פאַר אַלע פעלקער.

שוין אין זיינע רוסישע לידער האָט ער געזונגען דעם צער און ביטחון פון זיין יידיש פאָלק. געווען זיינען דאָס פּרעכטיקע, מוזיקאַלישע רוסישע לידער אויף יידישע מאָטיוון. דעם דיכטערס מוזע האָט אָבער דערשפּירט איר פולע קראַפט,

ווען ער האָט שפּעטער (אָנהויבנדיק אין 1888) אין יידיש געזונגען פונעם לעבן, פּיין און פרייהייט־טרוימען פון זיין פאָלק. ער האָט אין אַ זאַפּטיקן, קערנדיקן, דאָרפישן יידיש, האַרציק, פאָלקסטימלעך געזונגען לידער צו פרייהייט, צו דער ברכה פון פּראַצע, צו ערד. די כערסאָנער פעלדער, וועלדער און סטעפּעס האָבן דורך זיין ליד געזונגען אויף אַ מחיהדיקן, ליכטיקן, פּילפאַרביקן יידיש, וואָס האָט אַרויסגערופן באַוואונדערונג ביי זיינע עלטערע און יינגערע קאָלעגן־שרייבער.

דער זינגער פון דאָרף, פון נאַטור, איז געוואָרן דער זינגער פון פרייהייט, פון אַרבעט, פון קאַמף. די טענער פון צער און ווי זיינען אַריבער אין טענער פון מונטערקייט, פון האָפענונג, פון „חזק חזק ואמץ!"

סאַראַ נאָענטע, אינטימע, אידייאישע שייכות ס'איז פאַראַן צווישן דעם ליד „די פאָן" פונעם נאַציאָנאַלן, האַלב־ציוניסטישן דיכטער ש. פרוג, און דעם ליד אין פּראָזע „איך האָב אַ פאָן געניַיט" פונעם דאַמאָלט בונדיסטישן שרייבער מ. אַלגין. פון ביידנס פאָן שיינען שטראַמען ליכט און באַלויכטן דאָס פינצטערע, שווערע לעבן פון דער יידישער אָרעמשאַפט. ביידנס פאָן האָט געוועבט „די בלייכע נויט". זינגט ש. פרוג: „אַלע וויטיקן און ליידן" —

האָט די פאָלקס־נויט אין די רויטע
פאָדעם איינגעוועבט...

זעסט? די פאָן — זי ווייעט, זי פלאַטערט
און צום הימל שטרעבט.

און די שאָטנס ווערן בלייכער,
און עס קרייעט דער האָן —

און עס שיינט דער מאָרגנשטערן
אויף דער רויטער פאָן!...

פונקט ווי פרוגס ליד „די פאָן", אַזוי אומפאַרגעסלעך בלייבט אויך זיין קלאַסיש, אויסגעצייכנט, מייסטערהאַפט־אויסגעהאַמערט, אַרבעטער־געזאַנג, „ליד צו דער אַרבעט" — אַ מעכטיקער הימן צו מענטשלעכער פּראַצע, אַ ליד געווידמעט צו אַרבעטער־הענט:

פאַר דיר, אוי, דו, אייביקער קרעכצער און זיפצער,
פאַרשוואַרצטער, פאַרקלאָגטער, פאַריאָמערטער ייד,
טוט שאַלן און זינגען און הילכן און קלינגען
מיין פרישן און מיין לעבעדיק־פריילעך ליד.

...אַ לויב און געזאַנג דער מי און דער אַרבעט!
זינגט, גריסט זיי פון האַרצן, ליבנדיק, הייס!
געזונט זאָלן זיין די הענט מיט מאַזאָליעס,
דער שטערן, פון וועלכן עס גיסט זיך דער שווייס!

געבענטשט זאָלן זיין דער ווערקשטאַט, דאָס שפּינדל,
דער האַמער, די סאָכע, דער סערפּ און די וועג!
די וועלט איז פאַר איינעם אַ בליענדער גאָרטן,
פאַר טויזנט — אַ שווערער און זומפּיקער וועג.

צי הערט איר ניט, מיינע ליבע לייענער, דעם איבעררוף צווישן פרוגן, דעם זינגער פון צאַרישן „ארץ הדמים", און די יידישע אַרבעטער־דיכטער פון אַמעריקע, די פּיאָנערן ווינטשעווסקי, עדעלשטאַט, ראָזענפעלד און באָוושאָווער? נישט אומזיסט האָט דוד עדעלשטאַט, אין אַן אַרטיקל, ציטירנדיק פערזן פון פרוגן, אָנגערופן זיי — „הייליקע ווערטער".

צו ש. פרוגס מונטערע פרילינג־און פרייהייט־לידער געהערן אויך זיינע קרעפ־

טיקע: „פאַראויס!“, „די תפילה“, „פרילינג־ליד“, „דער רויטער קראַנץ“, „שווער צו זינגען“, און אנדערע לידער פון נויט, פראָטעסט, קאַמף.

דער צאַרטער דיכטער שעפּט מוט און ענטוזיאַזם פון דער נאָך־פרייהייט־דור־שטיקער, קעמפערישער, אידעאַליסטישער יוגנט. איר מוט באַפליגלט זיין מוזע. זיין ליד „פּאַראויס!“ שליסט ער מיט דער סטראָפע:

יונגע, זיסע שטימען זינגען,
און איך זינג מיט זיי צוזאַמען;
טיף אין האַרצן פיל איך פליסן
נייע קרעפטן, נייע פלאַמען.

זיין האַרציק ליד ציט זיך מיט בענקשאַפט צו דער אויסגעטרוימטער פרייהייט, צום זיסן חלום פון פרייהייט — אין לאַנד פון צאַרישן קנוט און פון תליות. ער זעט פאַר זיך „די תלינימס בייזע אויגן“; ער זעט פאָרויס די צייט, ווען די פריי־הייט „אַ טויט־שטראָף זיין וועט זיי“ (די תלינים). ער שליסט זיין ליד „די תפילה“, מיט דער סטראָפע:

צו דיר, אָ, פרייהייט! קלאָרער קוואַל
פון פרידן ליכטיקע און שטילע,
פליסט אונדזער ליד, פון צאָרן מיד,
אין פלאַמען גיסט זיך אונדזער תפילה...

און ווידער דערהערן מיר אַן איבעררוף: צווישן פרוגס „קייטן קלינגען“ און אַלגינס „ווען קייטן קלינגען“. אין זיין ליד „שווער צו זינגען“ קלאָגט דער דיכ־טער פרוג:

עלנט קינד מייַנס! שווער צו זינגען
ווען עס גייט די שטורעם־נאַכט,
ווען די שווערע קייטן קלינגען
און דער בייזער תליון לאַכט!...
זעסט? אַ שוואַרצער קברות־גאָרטן
האָט געפלאַנצט אי באַרג, אי טאָל:
ניט קייןביימער וואַקסן דאָרטן —
תליות, תליות אָן אַ צאָל...

דאָס גרויזאַמע בילד פון „תליות אָן אַ צאָל“ און דער טייוולשער געלעכטער פונעם „בייזן תליון“ פאַרפאָלגן דעם דיכטער, רויבן זיין רו, פייניקן זיין גייסט. אָבער ער שעפּט בטחון פון זיין גלויבן אין דעם פרייהייט־גייסט פון פאָלק. אין זיין ליד „דער רויטער קראַנץ“ רופט ער אויס מיט קאַמף־לוסט:

איר הערט, חברים? ער טרעט אָפּ,
ער, אונדזער תליון און רוצח,
וואָס האָט געטעמט מיטן ריח
פון בלוט און שריפות... ער טרעט אָפּ!
אַ סוף איז אויך צו אים געקומען —
און אשמדאי באַקרוינט זיין קאָפּ
מיט גיהנום־בלומען...

געדענקען דאַרף מען: פרוג, דער וויזיאָנער, האָט געזען, באַנומען און שאַרף געפילט, אַז דער שונא פון זיין פאָלק, דער רשע און אַנטיסעמיט, איז אויך דער שונא און הענקער פון פרייהייט, פון אַלע פעלקער. דער זינגער פון אַזעלכע לי־דער פון יידישן פאָלק, ווי „זאַמד און שטערן“, „דער בעכער“ (פון רוסיש — י. ל. פּרץ), „שבועות“ און ענלעכע, איז אויך דער זינגער פון פרייהייט און פון אַר־בעטער־מי, פון „האַמער, סאָכע, סערפּ און זעג“. זיין פּיין, זיין שמערץ, זיין בטחון און האָפענונג זיינען געווען פאַרבונדן ניט בלויז מיט זיין פאָלק, נאָר מיט די פעלקער פון דער וועלט.

ש. פרוגס רוסישע לידער „דומי אי פעסני“, אויך: „סקיצן און מעשהלעך“ און „סיאַנידי“ — (אַלע ווערק אין רוסיש אין 6 בענד אין 1912) זיינען שטאַרק

געלויבט געוואָרן דורך די רוסישע קריטיקער ק. אַרסעניעוו און א. מ. סקאַבי־טשעווסקי, א. אַנד.

מיט ליעב האָבן וועגן אים געשריבן פיל יידישע שרייבער און ליטעראַטור־קריטיקער. „זיין וואונדערלעכער פידל איז אינגאַנצן געווידמעט דעם פאָלק", האָט געשריבן י. ח. ראַבניצקי. מיט באַגייסטערונג האָט אברהם רייזען געשריבן וועגן פרוגן. ער אונטערשטרייכט, אגב, אַז — „ש. פרוג, וואָס האָט פון צייט צו צייט פאַרעפנטלעכט אין ,פריינד' זיינען נאַציאָנאַלע און אפילו האַלב־ציוניסטישע לידער האָט אין יענע טעג פון ערב־רעוואָלוציע, און שפּעטער שוין אין די טעג פון דער רוסישער רעוואָלוציע, אָנגעהויבן זינגען גאָר אויף אַ נייעם טאָן: ניט נאָר וועגן יידישער באַפרייאונג אויף די בערג פון ציון, נאָר וועגן דער באַפרייאונג פון אַלע פעלקער און פון דער מענטשהייט בכלל. אַזוי איז דאָס באַרימטע ליד ,די פאָן', וואָס איז שפּעטער אַריין אין די בונדישע און אַרבעטער־אַנטאָלאָגיעס — געשריבן געוואָרן פון ש. פרוג אין יענער צייט...".

ד״ר. יוסף קלויזנער האָט געלויבט פרוגס אויפטו פון שעפן דיכטעריש פון די אגדות פון ביבל, תלמוד און מדרש. מרדכי ספּעקטאָר רופט־אויס אין זיינע מאָמענט־פאָטאָגראַפיעס: „אַלץ איז אין אים [פרוגן] פּאָעזיע, אומעטום וועט איר אין אים געפינען דעם פּאָעט". מיט גרויס ליבשאַפט האָט דער היסטאָריקער ש. דובנאָוו געשריבן און רעפערירט וועגן פרוגן, וועמען ער האָט באַצייכנט אַלס „דעם דיכטער פון צאָרן און צער". דער גרויסער יידישער ליטעראַטור־קריטיקער, בעל־מחשבות, האָט קאָנסטאַטירט: „מיט פרוגן הייבט זיך אָן דער ערשטער עטאַפּ פון אַן אמתער פּאָעטישער ליריק". ח. נ. ביאַליק דריקט זיך אויס, נאָכן לייענען פרוגס רוסישע לידער: „פּאַר מיר האָט פרוג געשריבן ניט אויף רוסיש. לייענענדיק זיינע רוסישע לידער, האָב איך אין יעדן וואָרט געפילט די שפּראַך פון אונדזערע אָבות, די שפּראַך פון תנ״ך"... ש. ניגער האָט אָנגעוויזן, אַז „ש. פרוג און ד. פרישמאַן האָבן געלייטערט דעם טאָן פונעם יידישן פערז, בעת פרץ האָט ראַפינירט געמאַכט זיין תוך". ראובן בריינין, וועלכער האָט געשריבן אַ פאָררעדע צו „אַלע שריפטן פון ש. פרוג" אין 3 בענד, אין דער ניו־יאָרקער „היברו פּאָבלישינג קאָמפּאַני" (1910) האָט דערקלערט: „איינער פון אונדזערע גרעסטע און בעסטע פאָלקס־דיכטער איז שמעון שמואל פרוג".

ליב איז אונדז ש. פרוג. ליב זיין געזונטע השפעה אויף דער יידישער פּאָעזיע, זיין פאָלקס־ליד, זיין האַרציקער טאָן, זיין ראַפינירט תנ״כיש וואָרט, זיין דערהויבן דאָס ליד צו קונסט — זיין פאָלקס־געטריישאַפט, זיין וויזיע פון פרייהייט און פעלקער־פריינטשאַפט.

(צו זיין 110טן געבוירנטאָג)

(„יידישע קולטור", נאָוועמבער, 1970)



# מאָריס ראָזענפעלדס לידער
# אין ענגליש

(1923-1862)

די „עמאַ לאַזאַרוס קלובן אין מאַנהעטן" האָבן פאַרצייכנט אַ וויכטיקן אויפטו דערמיט, וואָס זיי האָבן אַרויסגעגעבן אין ביכל־פאָרם אַ צאָל פון מאָריס ראָזענ־פעלדס לידער אין דער זייער פיינער, גערעכטענער ענגלישער איבערזעצונג פונעם יונגן, טאַלאַנטפולן אַמעריקאַניש־יידישן דיכטער אהרן קרעימער.

אַזאַ ביכל — און ניט בלויז אַ ביכל, נאָר טאַקע אַ גרויסער זאַמלבוך פון די אָפּגעקליבענע לידער פונעם גרויסן אַרבעטער־דיכטער, שניידער־פּאָעט מאָריס ראָ־זענפעלד, פיין איבערגעזעצט אויף ענגליש — איז שוין לאַנג־לאַנג אַ נויטווענדיקייט.

דאָס ביכל „דער טרערן־מיליאָנער און אַנדערע לידער" פון מאָריס ראָזענפעלד אין קרעימערס געלונגענער איבערזעצונג עפנט זיך מיטן איבערזעצערס אַ ביאָ־גראַפישער פאַרצייכענונג וועגן מאָריס ראָזענפעלדן (1862-1923). דערנאָך קומט אַ ליטעראַרישער עסעי פון אונדזער באַליבטן און חשובן ליטעראַטור־פאָרשער און קענער קלמן מרמר, אַ קריטיש־ביאָגראַפישער אַרטיקל וועגן דעם פּיאָנער אַר־בעטער־דיכטער, וואָס האָט צוזאַמען מיט די יידישע אַרבעטער־דיכטער מאָריס ווינטשעווסקי, דוד עדעלשטאַט און יוסף באָוושאָווער געלייגט דעם פונדאַ־מענט פון דער מאָדערנער יידישער פּאָעזיע אין אַמעריקע. מרמרס עסעי (איבער־געזעצט דורך אהרן קרעימער) איז גענומען פון זיין בוך „דער אָנהויב פון דער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע", פאַרלאַג „איקוף", ניו־יאָרק, 1944.

עס איז דאָ כדאַי איבערצוגעבן איניקע הויפּט־פונקטן, וואָס קלמן מרמר אונ־טערשטרייכט אין זיין עסעי „די שער און די פען": 1) „זיין [ראָזענפעלדס] אַמבי־ציע איז געווען, אַז צוזאַמען מיט זיין פעדער זאָל מען אויך דערמאָנען זיין שער"... 2) „מאָריס ראָזענפעלד איז געבליבן אַ ליריקער אויך אין זיינע אַרבעטער־לידער... ער איז אַליין געווען דער העלד פון זיינע לידער. ער האָט באַוויינט זיין אייגענעם שיקזאַל אין דעם ,סוועט־שאַפּ' ". 3) „מאָריס ראָזענפעלד האָט אַלע מאָל געהאַלטן, אַז זיין ליד איז אַ פּראָדוקט פון שאַפּ". מרמרס דערמאָנטער עסעי איז צוערשט געווען געדרוקט אין דעם „מאָרגן־פרייהייט", דעם 21טן יוני, 1929.

פּאַר אָט־דער זאַמלונג האָט קרעימער אָפּגעקליבן און איבערגעזעצט, אָפט אי־בערגעדיכטעט, זעכצן פון די פיינסטע, קרעפּטיקסטע לידער פונעם גרויסן דיכ־טער, וועלכער איז געווען דער ערשטער אַמעריקאַנער יידישער פּאָעט אַריינצופירן די יידישע דיכטונג אין דער וועלט־ליטעראַטור. צווישן אָט־די לידער זיינען די איצט־באַרימטע ראָזענפעלדישע בריליאַנטענע מייסטערווערק: „דער טרערן־מי־ליאָנער", „סוועט־שאַפּ", „מיין אינגעלע", „וואָס איז די וועלט", „אַ נבואה", „דער געטאָ־בוים", „די חנוכה־ליכטלעך", „וואָלט וויטמאַן", „דער לייב" א. אַנד.

דער אָפּקלייב איז זייער אַ פּאַסיקער. דאָ אין אָט־די לידער איז פאַראַן דער

באַרימטער ראָזענפעלדישער פּראָלעטאַרישער פלאַם־פייער, וועלכן ער אַליין דער־מאָנט: „מיט אַ פלאַם לעבט־אויף מיין ליד פאַר מיינע אָרעמע ברידער". די אָפּ־געקליבענע לידער גיבן אונדז די ראָזענפעלדישע קרעפטיקע, אומפאַרגעסלעכע ביל־דער פון שאַפּ, פון שווידערלעכער עקספּלואַטאַציע, פון שרעקלעכער נויט אין די אַרבעטער־היימען אין די צייטן פון די „שוויץ־שעפּער".

דער דיכטער אהרן קרעימער האָט געטאָן, שפּירט מען, זיין איבערזעצונג־אַרבעט מיט ליבשאַפט צום גרויסן אַרבעטער־פּאָעט און צו זיין ליד. קרעימער האָט מיט מייסטערשאַפט און מיט גרויס פליס און מי, מיט געטריישאַפט צום אָריגינאַל און צום גייסט פוןביידע שפּראַכן, איבערגעזעצט אָט־די זעכצן לידער (איניקע פון זיי זיינען שוין פריער געווען געדרוקט אין דעם פּראָגרעסיוון חודש־זשורנאַל „דזשואיש לאַיף" און אין קרעימערס לידער־זאַמלונג „דענמאַרק וועסי").

דער איבערזעצער האָט געטאָן, זעט מען, זיין אַרבעט מיט גרויס התמדה און ערנסט. ער האָט, פילט מען, באַמיט זיך אָפּצוהיטן און איבערגעבן אַזוי דיכטעריש ווי נאָר מעגלעך דעם סטיל פונעם וועלט־באַרימטן „טרערן־מיליאָנער", זיין פאָרם, זיין ריטם, דעם געבוי פון זיין פערז, זיין קערנדיק, זאַפטיק, שטראַלנדיק וואָרט. דורך איניקע פון אָט־די איבערגעזעצטע לידער שטראָמט — און אָפט גיסט זיך ממש איבער — מאָריס ראָזענפעלדס פּאָעטישע גבורה, די וואולקאַנישע לאַווע פון זיין דיכטערישן, מענטשלעכן „געראַכטן צאָרן" קעגן אַ שווידערלעכער סיסטעם פון עקספּלואַטאַציע. דורך אַנדערע איבערגעזעצטע לידער קלינגט צו אונדז נאַטיר־לעך און עכט זיין שטילע, לירישע שטים, וואָס דערציילט אונדז טיף און רירנדיק וועגן זיינע „אייביקע יסורים".

מיר האָבן פאַר זיך אַ ניצלעכע, וויכטיקע, נויטיקע, שוין־לאַנג־נויטיקע לי־דער־זאַמלונג.

ווי באַקאַנט, איז נאָך אין 1898 דערשינען אין באָסטאָן אַ באַנד ענגלישע אי־בערזעצונגען פון ראָזענפעלדס לידער „סאָנגס פראָם דהי געטאָ" („לידער פון דער געטאָ"). די איבערזעצונג איז דאַן געמאַכט געוואָרן דורך פּראָפ. ל. ווינער. כאָטש דאָס איז געווען אַ פיינע, קרעפטיקע איבערזעצונג, איז עס אָבער פאָרט געווען בלויז אַן איבערזעצונג אין פּראָזע. עס איז באַקאַנט, אַז אויף זיינע עלטערע יאָרן האָט ראָזענפעלד געפּרוּווט שאַפן אויך אין ענגליש, און אַז ער האָט צווישן זיינע כתבים איבערגעלאָזט אַ בוך ענגלישע לידער און אַ באַנד שניידער־געשיכטן אין ענגליש. זיי זיינען אָבער ניט דערשינען אין בוך־פאָרם. דאָ־און־דאָרט, אין ענג־לישע זשורנאַלן און אַנטאָלאָגיעס, זיינען זיי אַריינגענומען געוואָרן.

אין אַ פאָרוואָרט צום ביכל דערקלערן די עמאַ לאַזאַרוס־קלובן פון מאַנהעטן, אַז אָט־די זאַמלונג איז „אַ באַשיידענער ביישטייער צו דער גרויסער היסטאָרישער געלעגנהייט פון 300 יאָר יידיש לעבן אין אַמעריקע". עס קומט אַ יישר־כּוח אָט־די פרויען־קלובן פאַר דעם באַשיידענעם, נאָר זייער אָנגעליגטן, וויכטיקן ביטראַג. דאָס ביכל פאַרדינט פאַרשפּרייט צו ווערן אין וואָס מער היימען פון ענגליש־ריידנדיקע פאַמיליעס (יידישע און ניט־יידישע), און אויך צווישן יידיש־ריידנדיקע לייענער־קרייזן.

אין אַן אַרטיקל וועגן ראָזענפעלדס פּאָעזיע האָט פּראָפ. ווינער (צום סוף פונעם 19טן יאָרהונדערט) דערקלערט: „דאַנטע האָט געשילדערט דעם גיהנום פון יענער וועלט, און ראָזענפעלד מאָלט דעם גיהנום אויף דער ערד, דעם גיהנום,

וואָס ער האָט ניט בלויז באַזונגען, נאָר וואו ער האָט אויך יאָרלאַנג געלעבט״...

בילדער פון אָט דעם „גיהנום״ זיינען פאַראַן אין קרעמערס זאַמלונג איבער־זעצונגען. מיט אָט־די בילדער, געזען און געוויזן דורך דעם שניידער בן־שניידער מאָריס ראָזענפעלד אין זיין גאוניש־דיכטערישן וואָרט, דאַרפן זיך באַקענען אַלץ ברייטערע מאַסן פון פאָלק.

זונטאָג, אָקטאָבער 30, 1955.



# ש. אַנ־סקי

## פיאָנער פון יידישער פאָלקלאָר־פאָרשונג

(1863־1920)

דעם 8טן נאָוועמבער, 1960, איז אויסגעפאַלן דער פערציקסטער יאָרצייט פו־נעם באַדייטנדיקן שרייבער, בעלעטריסט, דיכטער, דראַמאַטורג און פאָלקלאָר־זאַמלער און פאָרשער שלמה זאַנוול ראַפּאָפּאָרט — בעסער באַקאַנט אַלס ש. אַנסקי. דער נאָמען ש. אַנסקי איז באַרימט איבער דער יידישער און ניט־יידישער וועלט אַדאַנק זיין פאַרכאַפּנדיקער מיסטישער דראַמע „דער דיבוק״, וועלכע איז לעצטנס אין אַמעריקע אויפגעפירט געוואָרן אויף טעלעוויזיע.

אַנסקיס ליטעראַרישע ירושה אין יידיש איז היפּשלעך גרויס און ברייט אין פאַרנעם און באַדייט: פופצן בענד, וואָס שליסן־איין דערציילונגען, ראָמאַנען, זכרונות, לידער און פּאָעמען, דראַמען, פאָלקלאָריסטישע אַרבעט. ווי וויכטיק עס איז ניט געווען זיין ראָל אַלס טיפער קינסטלער, אַלס שרייבער, ווי חשוב עס איז ניט זיין אָרט אין אונדזער ליטעראַטור און דראַמאַטורגיע, איז אָבער נאָך וויכטי־קער געווען זיין ביישטייער אַלס איינער פון די פּיאָנערן אין געביט פון יידישער פאָלק־לאָריסטיק: פון זאַמלען, פאָרשן, וויסנשאַפטלעך אָרגאַניזירן און קלאַסיפיצירן יידישע פאָלקס־שאַפונגען, יידישע עטנאָגראַפישע מאַטעריאַלן.

מען קאָן זאָגן, אַז זיין הויפּט־אינטערעס אין לעבן איז געווען פאָלקלאָר, די פאָרשונג פון דעם פאָלקס נשמה, פון דעם פאָלקס פּסיכאָלאָגיע, פון זיין געדאַנקען־גאַנג, פון זיין שאַפונג, פון זיינע מעשיות און לעגענדעס, פון זיינע שפּריכווערטער און לידער, פון זיינע מנהגים, טראַדיציעס, גלייכווערטלעך, שפּילן, ניגונים.

דער גרויסער פּראָגרעסיווער יידישער דענקער ד״ר חיים זשיטלאָווסקי, ש. אַנסקיס לעבנס־לאַנגער חבר און פריינט, האָט אין זיין עסיי „שלמה־זאַנוול ראַפּאָ־פּאָרט אַנסקי״, איינגעשלאָסן אין דעם בוך „וויזיע און געדאַנק״ (איקוף, ניו־יאָרק, 1951), ריכטיק אָנגעוויזן, אַז אַנסקיס „פאָלקלאָריסטישע טעטיקייט פאַרנעמט דעם אויבן־אָן אין זיין לעבן און שטרעבן. דער גרויסער פּעריאָד פון 1882 ביז 1902, דאָס הייסט, אַ משך פון צוואַנציק יאָר, איז כמעט אינגאַנצן אויסגעפילט מיט פאָלק־לאָריסטישן אינטערעס. און פון דעם לעצטן פּעריאָד אין רוסלאַנד שטייען פאַר אים די זעקס יאָר, פון 1908 ביז 1914, אונטער דעם צייכן פון אַן אינטענסיווער פאָלק־לאָריסטישער טעטיקייט״.

שוין אין יאָר 1910, צום יובילײ פון 25 יאָר פון אַנסקיס ליטעראַרישער טעטיקייט (אַנסקיס ערשטע דערציילונג, איבערגעזעצט פון יידיש, „די געשיכטע פון אַ יידיש הויז״, איז דערשינען אין רוסיש־יידישן זשורנאַל „וואָסכאָד״ אין 1884), האָט זשיטלאָווסקי אין אַן אַרטיקל „ש. אַנסקיס יובילײ״ (איינגעשלאָסן אין דעם זעלבן בוך) אונטערשטראָכן: „אַנסקי איז אַ געבוירענער סאָציאָל־און געשיכט־פּסיכאָלאָג. דערפאַר איז ער אויך אַ געבוירענער פאָלקלאָריסט. אים ציט צו זאַמ־לען און צו שטודירן אַלץ, וואָס די מאַסן האָבן באַשאַפן — יענע גרויסע קאָ־לעקטיוויטעט, אין וועלכער דער איינצלנער ווערט אינגאַנצן איינגעשלונגען, ווי אַ טראָפּן אין ים: פאָלקס־לידער, ווערטלעך, שפּילן, מעשהלעך, וואָס האָבן ניט קיין באַשטימטן מחבר, אין וועלכע עס דריקט זיך אויס די נשמה פון אַ גאַנצן כלל״. דערביי ווייזט־אָן זשיטלאָווסקי, אַז אַנסקי איז אין זיינע נאָך־ניט־פאַר־עפנטלעכע כתבים „ניט נאָר אַ סאָציאָל־און געשיכטס־פּסיכאָלאָג, נאָר אַ טיף־פאָ־עטישע נשמה, מיט אַ מאָסע הומאָר און בייסנדיקער סאַטירע״, אַז — „אַנסקי איז אַ שטיק יידישע עשירות, אַ היפּשער טייל פון אונדזער מאָדערנעם יידישן קולטור־אוצר״.

דעם פולן אמת פון אָט־דער באַהויפּטונג האָבן די יידישע לייענער־מאַסן דער־זען, ווען עס זיינען דערשינען אַנסקיס פופצן בענד „געזאַמלטע שריפטן״ (אין משך פון צען יאָר, אָנהויבנדיק פון 1922, פאַרלאַג אַנסקי, ווילנע־וואַרשע־ניו יאָרק, גע־דרוקט אין פוילן).

שוין אַלס יונגער בחור האָט אַנסקי, אַ געבוירענער אין 1863 אין וויטעבסק, צוגעהערט זיך מיט גרויס אינטערעס צו די מעשהלעך און לעגענדעס, וואָס מען פלעגט דערציילן אין זיין היים־שטאָט.

ווי באַקאַנט, איז אַנסקי, דער זון פון אַן אָרעמען מעקלער און אָנגעשטעלטן, אהרן הכהן ראַפּאָפּאָרט, און פון אַ מוטער חנה, וואָס האָט געהאַלטן אַ שענקל (זיין פּען־נאָמען אַנסקי נעמט זיך פון זיין מוטערס נאָמען חנה — אַננאַ), שוין אַלס יונגערמאַן אַוועק, אָפּגעריסן זיך פון יידישן לעבן, און אויף אַ משך פון יאָרן אַריינ־געוואָקסן אין רוסישן פאָלקס־לעבן. ערשט מיט יאָרן שפּעטער איז ער געקומען צוריק „אַהיים״, צו זיין פאָלק, און מיט אים פאַרבונדן זיך מיט לייב־און־לעבן, מיט אַ באַזונדערן ברען.

אַ סאָציאַליסט־רעוואָלוציאָנער, אַ פּרעדיקער פון דער סאָציאַליסטישער אידייע, אַ באַאיינפלוסטער פון די פאָלקיסטן, פון דער רוסישער ראַדיקאַלער ליטעראַטור, באַזונדערס פון גליעב אוספּענסקי און וולאַדימיר קאָראָלענקאָ, איז אַנסקי „געגאַנגען אין פאָלק". אין משך פון יאָרן האָט ער געלעבט מיט און צווישן רוסישע פּויערים און אַרבעטער־קוילנגרעבער, אין צענטראַל־רוסלאַנד, לעבן טולע, דערנאָך אין דרום־רוסלאַנד, אין דעם דאָניעצעצר באַסעין, געווען אַ שוואַרץ־אַרבעטער, אַן אַרבעטער אין זאַלץ־גרובן, אַ שמיד, אַן איינבינדער, אַ לערער, געבראַכט בילדונג צווישן די רוסישע פאָלקס־מאַסן, געטראָגן און געפּרעדיקט די אידייע פון סאָציאַליזם.

שוין דאַן האָט ער ערנסט און טיף שטודירט די נשמה און פאָלקלאָר פון רוסישן פאָלק. שוין דאַן האָט ער מיט גרויס התמדה און פאַרשטענדעניש זיך צוגעהערט צו די מעשהלעך און לעגענדעס פון די פּויערים און אַרבעטער און פאַר־צייכנט זיי אין זיין טאָגבוך, געפאָרשט די רוסישע ליטעראַטור וועגן פאָלק און פאָלקס־שאַפן. דער רעזולטאַט איז געווען: אין 1894 איז דערשינען אין רוסיש זיין אינטערעסאַנטע אַרבעט: „אָטשערק נאַראָדנאָי ליטעראַטורי" (עטיודן פון דער פאָלקס־ליטעראַטור). שוין מיט צוויי יאָר פריער, אין 1892, איז ער געהאַט גע־קומען קיין פּעטערבורג, וואו ער האָט אָפּגעדרוקט דערציילונגען און אַרטיקלען אין וויכטיקע רוסישע זשורנאַלן. זיינע עטיודן פון דער פאָלקס־ליטעראַטור זיינען צו־ערשט דערשינען אין „רוסקאָיע באָגאַטסטוואָ"; דערנאָך אין בוך־פאָרם. זיי זיי־נען שטאַרק געלויבט געוואָרן פונעם אָנגעזעענעם רוסישן געלערנטן, פּיפּין, טשער־נישעווסקיס פריינט. צוויי אַנדערע וויכטיקע אַרבעטן פון ש. אַנסקין אין דעם זעל־ביקן געביט זיינען געווען: „נאַראָד אי קניגאַ" (פאָלק און בוך) און „נאַראָד אי צאַר" (דאָס פאָלק און דער צאַר). דאָס ווערק „דאָס פאָלק און דער צאַר" איז אונ־טערדריקט געוואָרן דורך דעם צאַרישן רעזשים.

דער עכטער רוסישער פאָלקסטימלער, דער מחבר פון אָנערקענטע רוסישע פאָלקלאָר־עטיודן, דערציילונגען, נאָוועלן און אַרטיקלען, דער שפּעטערדיקער מחבר פונעם ליד „די שבועה" (הימן פונעם „בונד"), איז אין 1892 אַוועק קיין בערלין, בערן (שווייץ), און דערנאָך קיין פּאַריז, וואו ער האָט געלעבט אַרום צען יאָר.

דאָרט, אין פּאַריז, איז ער געווען אַן איינבינדער, אַ שרייבער פון אַ צאָל רו־סישע דערציילונגען, אַ פּריוואַט־סעקרעטאַר (אין 1894־1900) פונעם רוסישן דענ־קער און געלערנטן סאָציאַליסט־רעוואָלוציאָנער פּיאָטר לאַוראָוו און סעקרעטאַר פון דער רוסישער אָפּטיילונג פון דער ראַדיקאַלער אינטערנאַציאָנאַלער שול. דאָרט האָט ער פאָרגעזעצט זיין פאָלקלאָר־טעטיקייט: דאָס מאָל האָט ער גרינטלעך געפאָרשט דעם פראַנצויזישן פאָלקלאָר, דער עיקר די סאָציאַל־פּאָליטישע עלע־מענטן פון די פראַנצויזישע פאָלקס־שאַפונגען. אין יענעם פּעריאָד האָט ער צו־געגרייט אַ וויסנשאַפטלעך ווערק: „דער פאַרגלייכנדיקער סאָציאַל־פּאָליטישער פאָלקלאָר". (דאָס ווערק איז צוליב פאַרשיידענע מאָטיוון ניט דערשינען).

נאָך דעם טויט פון פּ. לאַוראָוו האָט זיך אַנסקי באַזעצט אין בערן, שווייץ, וואו ער קערט זיך אום צוריק צום לעבן און שאַפן פון יידישן פאָלק. ער שאַפט אין יענעם פּעריאָד, פון 1902 ביז 1908, פּרעכטיקע בעלעטריסטישע און פּאָ־עטישע יידישע ווערק, יידישע סאָציאַליסטישע לידער, אויך רוסישע ראָמאַנען און סאַטירעס. צו יענעם פּעריאָד געהערן זיינע יידישע ווערק „אַשמדאַי", די ראָמאַנען „אין נייעם שטראָם" (די רוסישע רעוואָלוציע 1905־1906) און „פּיאָ־

נערן" (דעם מחברס יוגנט־יאָרן). דער גרינדער פון דער אַגראַר־סאָציאַליסטישער ליג און אָנפירער פון דער יידישער אָפּטיילונג פונעם „פאַרבאַנד פון די רוסישע סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן" באַהעפט זיך דאַן ווידער מיטן יידישן פאָלק. אין זיין צוריקקערן זיך צום יידישן פאָלקס־לעבן און צו די קוואַלן פון יידישן פאָלקס־שאַפן האָבן געווירקט: זיין נאָענטסטער פריינט זשיטלאָווסקי (וועלכער האָט אין עלטער פון דרייצן יאָר געלערנט רוסיש זיין עלטערן, פופצן־יאָריקן פריינט אַנ־סקי), די ווערק פון י. ל. פּרץ, דער דרייפוס־פּראָצעס אין פראַנקרייך צום סוף פונעם 19טן יאָרהונדערט.

זינט 1908 האָט זיך אָנגעהויבן אַנסקיס אינטענסיווע טעטיקייט אין געביט פון יידישן פאָלקלאָר. אין אָט־דעם געביט, וואָס איז נאָך דאַן וויסנשאַפטלעך גע־ווען אינגאַנצן ניי, רוי, אומבאַאַרבעט, האָט ער, מיט גרויס פלייס און קענטעניש, פאַרצייכנט גרויסע אויפטוען און פאַרדינסטן אַלס אָנפירער פון דער יידישער פאָלקלאָר־עקספּעדיציע (פון באַראָן גינצבורג) איבער יידישע שטעט און שטעטלעך און גרינדער פון יידישן מוזיי אין פּעטערבורג, אַלס מחבר פון דער ווערטפולער „פּראָגראַם פון יידישער עטנאָגראַפיע", און אַנדערע אַרבעטן וועגן יידישן פאָלק־לאָר, אַלס ענערגישער זאַמלער און פאַרשער, טעאָרעטיקער און אויסטייטשער פון יידישן פאָלקס־שאַפן. אין זיין עסיי „דער פאַרבלאָנדזשעטער פאָלקסטימלער" (אין בוך „העלדן און קרבנות פון דער איבערגאַנגס־צייט", מעלבורן, 1949) האָט דער ליטעראַטור־פאָרשער י. ראַפּאָפּאָרט טרעפלעך באַמערקט: „אַנסקין האָט אַ גאַנץ לעבן געצויגן צו פאָלקלאָר, צום פאָלקס־שאַפן, אָבער ערשט ביי דער באַ־געגעניש מיטן יידישן פאָלקלאָר איז זיין גייסט באַפרוכפּערט געוואָרן".

* * *

וועגן אַנסקיס אָנפירונג מיט דער יידישער פאָלקלאָריסטישער עקספּעדיציע ווערט דערציילט אין זלמן רייזענס לעקסיקאָן פון דער יידישער ליטעראַטור, אין זשיטלאָווסקיס און י. ראַפּאָפּאָרטס אויבנדערמאָנטע אַרטיקלען, אין דער אָפּהאַנד־לונג „ש. אַנסקי", אין נחמן מייזילס בוך „פאָרגייער און מיטצייטלער" („איקוף"־פאַרלאַג, ניו־יאָרק, 1946). אָבער גאָר אַ סך אינטערעסאַנטע פּרטים וועגן יענער יידישער וויסנשאַפטלעכער עטנאָגראַפישער עקספּעדיציע און וועגן דער אומדער־מידלעכער, מסירת־נפשדיקער אַרבעט פון איר איניציאַטאָר, אָרגאַניזאַטאָר און אָנ־פירער ווערט דערציילט דורך אַנסקיס אַ נאָענטן מיטאַרבעטער אין דער עקספּע־דיציע, אברהם רעכטמאַן, אין זיין בוך „יידישע עטנאָגראַפיע און פאָלקלאָר" (זכרונות וועגן דער עטנאָגראַפישער עקספּעדיציע, אָנגעפירט פון ש. אַנסקי), אַרויס־געגעבן אין בוענאָס איירעס אין 1958.

די אַנסקי־עקספּעדיציע האָט אין משך פון דריי יאָר — פון 1912 ביזן סוף פון 1914, אין ברען פון דער 1טער וועלט־מלחמה — באַזוכט אַרום זיבעציק שטעט און שטעטלעך אין פּאָדאָליע און וואָלין, אויפגעקליבן און אויפגעזאַמלט רייכע, ווערטפולע פאָלקלאָריסטישע מאַטעריאַלן.

ווי באַקאַנט, האָט אין פּעטערבורג (איצט לענינגראַד) עקזיסטירט די ערשטע „יידישע היסטאָריש־עטנאָגראַפישע געזעלשאַפט". זי האָט געטראָגן דעם נאָמען פון באַראָן נפתלי הערץ גינצבורג. זי האָט אַרויסגעגעבן די זאַמלביכער „פּערע־זשיטאָיע" (דאָס איבערגעלעבטע). אין 1912 האָט אַנסקי, מיט דער מיטהילף פון וולאַדימיר גינצבורג, אַ זון פון נפתלי־הערץ, געגרינדעט די „יידישע עטנאָגראָ־

פישע עקספּעדיציע״ ביי אָט־דער געזעלשאַפט. ער איז אויך געווען דער גרינדער און אָרגאַניזאַטאָר פונעם יידישן מוזיי. די אָנטיילנעמער אין דער עקספּעדיציע זיינען, חוץ אַנסקין, געווען: אברהם רעכטמאַן; דער קאָמפּאָזיטאָר יואל ענגעל; י. קיסעלגאָף, פאָרשער פון יידישער פאָלקס־מוזיק; דער מאָלער און פאָטאָגראַפער שלמה יודאָווין, די סטודענטן פון דער פּעטערבורגער „יידישער אַקאַדעמיע״ י. פיקאַנגור און ש. שרייער. רעכטמאַן דערציילט:

„אין משך פון דריי יאָר האָט די עקספּעדיציע, אונטער אַנסקיס אָנפירערשאַפט, אַרומגעוואַנדערט איבער די פּראָווינצן פון וואָלין און פּאָדאָליע פון אוקראַינע. אומעטום געזאַמלט פאַרבליבענע אוצרות פון אונדזער פאַרגאַנגענהייט; פאַרשריבן פון מע־נער און פרויען מעשיות, לעגענדעס, היסטאָרישע פאַסירונגען, אָפּשפּרעכענישן, סגולות און תרופות; מעשיות וועגן דיבוקים, שדים און נישט־גוטע; לידער, משלים, גלייכווערטלעך און רעדנסאַרטן; אַרויפגענומען אויף פאָנאָגראַף־פּלאַטן: אַלטע ניגונים, תפילות און פאָלקס־לידער; געמאַכט פאָטאָגראַפיעס פון אַלטע שולן, היסטאָרישע פּלעצער, מצבות, „שטיבלעך״ פון צדיקים, טיפּן און ריטועלע סצע־נעס; געקליבן און געקויפט פאַר געלט: יידישע אַנטיקן, דאָקומענטן, פּנקסים, תשמישי־קדושה, צירונג, הלבשה און אַלערליי יידישע אַלטערטימלעכקייטן פאַר אַ יידישן מוזיי״.

סוף 1914, מחמת דער מלחמה, האָט זיך די עקספּעדיציע אָפּגעשטעלט. אַנ־סקי האָט דאַן, מיט דער הילף פון אַ גרופּע פון זיינע מיטאַרבעטער, צוהערער פון דער „יידישער אַקאַדעמיע״ אין פּעטראָגראַד, פאַרפאַסט און אַרויסגעגעבן „דאָס אידישע עטנאָגראַפישע פּראָגראַם״ (פּעטראָגראַד, סוף 1914, 238 זייטן). דער ערשטער באַנד, „דער מענטש״, באַשטייט פון 5 אָפּטיילונגען און אַנטהאַלט 2078 פראַגן — וועגן גלויבונגען, מנהגים, משפּחה־לעבן פון אַ יידנס געבוירן ביז זיין טויט. דער 2טער באַנד „שבת און יום־טוב״, וועלכן מ׳האָט שוין געהאַט אָנגעהויבן זעצן, איז ניט דערשינען.

אין אָנהויב פונעם 1טן וועלט־קריג האָט אַנסקי גענומען אויף זיך נייע פליכטן: ער איז אַרומגעפאָרן איבער די חרובע יידישע פראָנט־שטעט פון גאַליציע ווי אַ פאָרשטייער פונעם „הילפס־קאָמיטעט פאַר די מלחמה־געליטענע״. אָט־דער קאָ־מיטעט איז געווען אָרגאַניזירט דורך דער מלוכהשער דומע. אַנסקי, אָנגעטאָן אין אַ מיליטערישער אוניפאָרם, האָט דאַן באַזוכט די פלאַקערדיקע שטעטלעך און צוגעזען חורבן, פּיין און נויט, בלוט, טרערן, ליידן, יידישע קרבנות פון קריג, רדיפות און גרויזאַמקייטן. זיינע צערפולע באַאָבאַכטונגען האָט ער דערנאָך איבער־געגעבן אין דריי בענד: „חורבן פּוילן, גאַליציע און בוקאָווינע״.

אין 1914 האָט ער אויך אָנגעשריבן זיין דראַמע „צווישן צוויי וועלטן״, אָדער „דער דיבוק״, וואָס איז צום ערשטן מאָל אויפגעפירט געוואָרן אַ קורצע צייט נאָך זיין פריצייטיקן טויט. „אפילו דעמאָלט״, דערציילט דער 73־יאָריקער מ. רעכטמאַן, „האָט אַנסקי נישט פאַרנאַכלעסיקט זיינע פאָלקלאָריסטישע און עטנאָגראַפישע אַרבעטן״.

אַ באַגריף וועגן אַנסקיס געטריישאַפט צו זיין פאָלקלאָריסטישער אַרבעט גיט אונדז רעכטמאַן, ווען ער דערקלערט: „פאַר זיך פּערזענלעך האָט זיך אַנסקי ווינציק וואָס געזאָרגט. די אַלע יאָרן, וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין פּעטערבורג, איז ער דאָרט געווען אומלעגאַל. נישט געהאַט קיין וואוינרעכט, נישט פאַרמאָגט

קיין אייגן ווינקל פאַר זיך; זיין ליטעראַרישע אַרבעט פלעגט ער טאָן אין רעס־טאָראַנען אָדער האָטעלן; שלאָפן פלעגט ער זיך אַריינכאַפּן צו אַ באַקאַנטן; מער ווי זיין אָנצוג און מאַנטל האָט ער נישט פאַרמאָגט. אויב אָבער מ'האָט אים געזען אַרומפאָרן מיט קאָסטנס און רענצלעך, זיינען זיי תמיד געווען געפּאַקט מיט עט־נאָגראַפישע מאַטעריאַלן".

אויך אין ווילנע, וואוהין אַנסקי איז אַ קראַנקער געקומען אין סעפּטעמבער, 1918, האָט ער געגרינדעט אַ היסטאָריש־עטנאָגראַפישן מוזיי און געהאָלפן גרינדן די יידישע קולטור־ליגע. אין יוני, 1919, איז ער פון ווילנע געפאָרן קיין וואַרשע. אין אַ בריוו פון וואַרשע, געשריבן דעם 30טן אויגוסט, 1920, צו דר. זשיטלאָווסקין, דערקלערט ער: „...און מיין העכסטער טרוים איז איצט — אַרויסלאָזן פאַרן לעבן מיינע געזאַמלטע שריפטן".

אַנסקי האָט באַצירט זיינע דראַמען „דער דיבוק" און „טאָג און נאַכט", ווי אויך אייניקע פון זיינע דראַמאַטישע פּאָעמען, אויף פאָלקלאָרישן מאַטעריאַל. ער האָט געהאָלפן פאַרשפּיצן דעם אינטערעס פון אַ צאָל יידישע שרייבער צו פאָלק־לאָר־מאָטיוון. ער האָט געטאָן גרויסע פּיאָנערישע אַרבעט אין און פאַר דעם יידישן פאָלקלאָר.

די יידישע ליטעראַרישע וועלט לייגט איצט, צו זיין 40סטן יאָרצייט (ער איז געשטאָרבן אין עלטער פון 57 יאָר) אַ בלומען־קראַנץ אויף זיין קבר אין דעם „אוהל פרץ" אין וואַרשע, לעבן די קברים פון י. ל. פרץ און י. דינעזאָן.

זונטאָג, נאָוועמבער 13, 1960.
(צו אַנסקיס פערציקסטן יאָרצייט)

# יהודה שטיינבערג

(1908-1863)

זעלטן־זעלטן דערמאָנט מען איצט דעם נאָמען פונעם וואונדערלעכן העבּ־רעיאיש־יידישן שריפטשטעלער, דערציילער און דיכטער, יהודה שטיינבערג פון ליפּקאַן, בעסאַראַביע (1863-1908). אַ שאָד און אַן אומרעכט! ער האָט דאָך אין זיין צייט אַריינגעבראַכט אַ סך שיינקייט און עשירות, נייקייט און פרישקייט אין ביידע שוועסטער־ליטעראַטורן.

יהודה שטיינבערג (אַן עלטערער קרוב, אַ שוועסטערקינד פונעם גרויסן יידישן פּאַבל־מייסטער אליעזר שטיינבאַרג, אויך פון שטעטעלע ליפּקאַן) האָט אויף אַ קינסטלערישן אופן אויפגעלעבט, געשילדערט און געמאָלן שטיקער אַמאָליק יידיש שטייגער־לעבן.

דריי זיינען זיי געווען, וואָס האָבן אַריינגעבראַכט מאָטיוון פון חסידות אין אונ־דזער ליטעראַטור, באַזונגען און געשילדערט דעם חסידיזם, יעדער אויף זיין אופן:

מיכה־יוסף בערדיטשעווסקי, י. ל. פּרץ און יהודה שטיינבערג. פאַר זיי זיינען, נאַטירלעך, געווען שוין די חסידישע וואונדער־מעשיות פון ר׳ נחמן בראַס־לאַווער; אויך מרדכי ספּעקטאָר האָט פּאַקטיש אָנגעהויבן פריער פון די דריי מיט זיינע דערציילונגען פון חסידישן לעבן. אָבער די אויבן־דערמאָנטע דריי בליבן די אַרויסהויבער און באַזינגער פון חסידות אין אונדזער יידיש־שאַפן. און צווישן זיי האָט יהודה שטיינבערג, דער בעסאַראַביער איידעלער, תמימותדיקער העב־רייאיש־יידישער זינגער און שאַפער פון פּרעכטיקע קינדער־מעשהלעך, פאַרנומען זיין אייגנאַרטיק אָרט.

יהודה שטיינבערג האָט זיך אין משך פון די מערסטע פון זיינע קורצע, נאָר שאַפערישע 44 יאָר אויף אונדזער ערד, אַ סך אָנגעפלאָגט, געליטן הונגער, געמאַ־טערט זיך אין דלות; געטרודפט געוואָרן דורך רעליגיעזע פאַנאַטיקער (איינגעשלאָסן זיין אייגענעם פאָטער, אַ סאַדעגערער חסיד), געצוואונגען געוואָרן צו פאַרלאָזן זיין געבורטס־שטעטל און פאַרזוכן דעם טעם פון ביטער אָרעם ברויט. וועגן יענע שווערע דערפאַרונגען און איבערלעבונגען האָט ער שפּעטער אויף אַ שטילן דיכ־טערישן אופן אַליין דערציילט אין זיינע שאַפונגען. אין זיין לירישער פּאָעמע „די טרויעריקע ליבע״ האָט ער געזונגען:

„כ׳האָב אין מיין יוגנט אַ סך שוין געליטן...
כ׳בין מיט אַ האַרץ וואָס פאַרלאַנגט הייסעס לעבן.
הונגעריק בין איך צו ברויט געווען. איינזאַם
פלעג איך די טעג אַלע בלאָנדזשען און זוכן
איינפאַכעס ברויט, שוואַרצעס ברויט — און זיין ריח..
פלעגט מיך אומזיסט פון איין פענצטער צום צווייטן
ציען און שלעפּן; פאַרמאַטערט, מיט שנאה
פלעג איך די זאַטע געזיכטער באַקוקן...
אויסלאַכן פלעגט מיך דער חשק פון די גאַסן,
גלייכגילטיק אָנקוקן פלעגט מיך דער הימל,
ס׳פלעג זיך די זון דריען, שיינען ווי שטענדיק,
ביז זי פלעגט אונטערגיין הינטער די הייזער,
ביז ס׳פלעגט מיין הונגער אַליין זיך דערשטיקן.
כ׳פלעג זיך אַוועקשלעפּן מיד אין מיין ווינקל״...

אויך איצט זיינען פאַראַן מיליאָנען מענטשן איבער דער וועלט, וואָס „לייגן זיך שלאָפן אָן וועטשערע״, וואָס לעבן איבער די אַנגסטן און פּיין פון הונגער, — צום באַדויערן אָבער זיינען נאָך פאַראַן פיל שרייבער, וואָס מאַכן זיך „ניט־וויסנ־דיק״ וועגן דער פּראָבלעם פון פּראָבלעמען: הונגער...

לייענט מען יהודה שטיינבערגס העברייאישע און יידישע דערציילונגען און ראָמאַנען, לידער און מעשהלעך, דערשפּירט מען אַ רייכן, סענסיטיוון גייסט, אַ נאָבעלע נשמה, אַ האַרץ פול רחמים און מיטלייד צו אָרעמעלייט, צו באַליידיקטע און באַ׳עוול׳טע, — אַ צאַרטע נשמה, וואָס איז פול מיט נגינה און וואָס באַצויבערט אייך מער נאָך, ווי זיין טאַלאַנט אָדער סטיל. יאָ, זיין גייסט איז רייכער, מער־אַרומנעמענדיק ווי זיין סטיל און ווי די געבענטשטע פּרוכט פון זיין פילפאַרביקן שאַפן. עס איז ריכטיק ווי ער אַליין זינגט וועגן זיין נשמה — אין זיין ליד „כ׳לעב ווי גראָזן אויפן פעלד...״:

„... איך האָב שטיקלעך נאָר פון איר
אין געזאַנגען איינגעוועבט;
ס׳וועט זיך אויסזוכן אַמאָל
יעדעס שטיקל וואו עס לעבט.

און עס וועט אַ ווייטער דור
זיי נאָך היטן אויף פּאַפּיר,
אָבער טויזנט מאָל נאָך מער
וועט פאַרלוירן גיין מיט מיר".

דער נויט־ליידנדיקער און פרי־פאַרהייראַטער ליפקאַנער יונגערמאַן, דער וויסנ־דורשטיקער משכיל און אינטעלעקטואַל, האָט דורכגעמאַכט אַ סך צרות און שווע־ריקייטן אויף זיין וועג פון זוכן תּיונה: אַ קורצע צייט געהאַלטן אַ געוועלבל, יאָרן־לאַנג געווען אַ לערער. זיין קאָפּ איז אָבער געווען ערגעץ אַנדערש: אין דער „וועלט פון געזאַנגען", אין דער העברייאישער און יידישער פּאָעזיע און פּראָזע, אין שאַפן ווערק, אין אַרויסברענגען דורך ליד און מעשה, דורך וואָרט און בילד, זיינע אייגענע טיפע איבערלעבונגען אין די בעסאַראַביער שטעטלעך (ליפקאַן, יע־דינעץ), אין רומעניע, שפּעטער אין אַדעס. ער האָט אָנגעהויבן שילדערן זיינע איי־גענע באַטראַכטונגען און באַאָבאַכטונגען פון פאָלקס־מענטשן, מנהגים, סאָציאַלע אומרעכט.

צוערשט איז אים ניט געגאַנגען ווי אַ שרייבער. זיין ערשט ווערק אין העב־רייאיש, אַ ביכל „ניב שפתים", אַ מין גראַמאַטיק און סינטאַקס, איז ניט געווען קיין דערפאָלג. פאַרטיילט עטלעכע עקזעמפּליאַרן, — אַלע אַנדערע פאַרברענט. אויך וויטערדיקע ליטעראַרישע פּרוּוון — צעריסן. די רעדאַקציעס האָבן זיי געהאַט צוריקגעוויזן.

פלוצים — אַ נס. דער פאַרלאַג „תושיה" האָט אָפּגעדרוקט זיין העברייאיש בוך משלים: „בעיר וביער" (אין שטאָט און אין וואַלד), און דער בוך איז אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס לויב און אָנערקענונג.

דער מחיהדיקער העברייאיש־יידישער פּאָעט יעקב פיכמאַן, אַליין אַ בעסאַ־ראַביער, האָט מיט גרויס התלהבות געשריבן וועגן י. שטיינבערגס משלים־ביכל: „...עס האָט אַ ווייע געטאָן אויף אונדז דערפון מיט פרייע פעלד־און בלומען־ריחות; דאָס נאַאיווע דאָרפס־לעבן מיט זיינע חיות, עופות און צמחים האָט צו אונדז אַ רעד געטאָן אויף זייער לשון און דערצו נאָך יידישלעך". אויך י. ל. פּרץ און לעווינסקי האָבן מיט באַגייסטערונג אויפגענומען דאָס ערשטלינג־ווערק פון יהודה שטיינבערג.

די ליטעראַרישע קאַריערע פונעם שפּעריישן, טאַלאַנטפולן שרייבער האָט זיך אָנגעהויבן. מיט ענטוזיאַזם האָבן די לייענער און קריטיקער מקבל־פּנים געווען זיין צווייטן העברייאישן בוך, זיין „שיחות לילדים", קליינע מעשהלעך פאַר קינדער (דערשינען אין די ניינציקער יאָרן פון לעצטן יאָרהונדערט).

ס׳האָבן זיך פון י. שטיינבערגס שאַפונגען אַ טראַג געטאָן נייע, פרישע, טע־נער! מחיהדיקע בילדער! ריחות פון גאָרטן, פעלד און וואַלד! צויבער פון עכטער פאָלקסטימלעכקייט!

געקומען אין 1897 אַלס לערער אין שטעטל לעאָווע, האָט זיך ערשט י. שטיינ־בערגס שעפערישקייט און פּראָדוקטיווקייט באַזונדערס שטאַרק פאַנאַנדערגעבליט: פון אונטער זיין פּען זיינען דערשינען פיל מעשיות פאַר קינדער, לעגענדעס, דער־ציילונגען, פעליעטאָנען. דער יונגער שרייבער איז געוואָרן אַ מיטאַרבעטער פון פיל העברייאישע און יידישע צייטונגען. צוויי יאָר פאַר זיין טויט פון אַ האַרץ־

קראַנקהייט אין אָדעס איז ער געוואָרן אַ מיטאַרבעטער פון דער ניו־יאָרקער „וואַרהייט".

„זיין סטיל איז געוואָרן אַ מוסטער־סטיל אין דער העברייאישער בעלעטריס־טיק", האָט וועגן אים געשריבן ש. צ. זעצער אין זיין פאָררעדע (אָדער קריטיש־ביאָגראַפישן אַרטיקל צו י. שטיינבערגס „חסידישע מעשהלעך און דערציילונגען"). „עד היום איז ער געבליבן דער קלאַסיקער פון דער קורצער דערציילונג אין העב־רייאיש", האָט זלמן רייזען געשריבן וועגן אים אין זיין „לעקסיקאָן פון דער יידי־שער ליטעראַטור, פרעסע און פילאָלאָגיע" (ווילנע, 1929, פערטער באַנד).

אָבער אויך אין זיינע שאַפונגען אין יידיש (באַזונדערס אין זיינע דערציילונגען פון חסידישן לעבן אָדער אין זיינע ערלעכע, נאַאיווע סקיצן און דערציילונגען פון יידישן האָרעפאַשנעם לעבן) איז פאַראַן דער חן פון עכטקייט און אָרנטלעכקייט, פון טיפן הומאַניזם, צערטלעכקייט און דינעם הומאָר. צווישן זיינע דערציילונגען זיינען באַזונדערס קרעפטיק אַזעלכע, ווי „זאַנוול דער זייגערמאַכער", „בערל דער וואַסערפירער", „דער גאָלדענער", „די אומגליקלעכע כלה", „שמואל מילנער", „אַ פאַרשטערטער שבת", „ברעגמאַן", „ליבע פון בענקשאַפט", „ביים דניעפער", „שטי־קער פון הערשעלעס לעבן". ביז גאָר רירנדיק איז זיין אויטאָביאָגראַפישע הונגער־און ליבע־דערציילונג „הונגער": אַ הונגעריק, דערשלאָגן זיבעצן־יאָריק יידיש יינגל דערהאַלט זיך ביים לעבן פון אויפקלייבן די האַלבע זעמעלעך, וואָס שילער פון דער שול האָבן איבערגעלאָזט אין די בענק, און דאָס שיינע אַכצן־ניינצן יאָ־ריקע מיידל, יוכבד, שענקט אים איר יונגע, צאַרטע ליבע, וואָס דערהאַלט זיין נשמה.

פול מיט בטחון און אָפּטימיזם זיינען שטיינבערגס חסידישע מעשיות און דער־ציילונגען. נעמט, למשל, דעם העלד פון זיין דערציילונג „גדליהו". ער איז אַ ייד אַן אָרעמאַן, אָט־דער גדליהו — אָבער ער האָט גוואַלדיקע הנאה פון לעבן. ער האָט ליב דאָס לעבן — צוליבן לעבן. זיין לעבן איז פול מיט תורה און מצוות... „דאָס גאַנצע לעבן ווערט ביי אים עפּעס, ווי איין לאַנגער יום־טוב מיט עטלעכע קליינע הפסקות אינמיטן".

דורך דעם העלד חיים־איצי (פון זיין חסידישער דערציילונג „דער אַלטער אברהם־מאיר") רופט דער מחבר צו קעמפן קעגן „חרפּת רעב" — קעגן דער שאַנד פון הונגער. צום רבין, וואָס ווייסט נאָר פון די „עולמות העליונים" (אויי־בערשטע וועלטן) און וויל ניט וויסן פונעם הונגעריקן, אָרעמען וועלטל אויף דער ערד, רופט אויס חיים־איצי: „די וועלט באַדאַרף האָבן פּרנסה!... איר מוזט וויסן, וואָס הייסט הונגער, וואָס הייסט פּרנסה! עס זיינען פאַראַן הונגעריקע מענטשן אויף דער וועלט.

„— רבי! — האָט ער געשריען, — מען באַדאַרף וויסן וואָס הייסט אַזוינס הונגער!".

י. שטיינבערגס חסידישע מעשהלעך זיינען עכט, אָריגינעל, נאָענט צום סאַמע מקור פון חסידות. עס פעלט זיי אָבער די קינסטלערישע גבורה, מייסטערשאַפט און ראַפינירטקייט פון פרצעס פערלדיקע פאָלקסטימלעכע געשיכטן. אַמשטאַרקסטן ווירקט דער צויבער פון שטיינבערגס טאַלאַנט אין דער וועלט פון נאַטור און אין דער וועלט פון קינד. אין יענעם געביט איז פאַראַן אַ גרויסע קרובהשאַפט צווישן אים און אַן אַנדער בעסאַראַביער גרויסן פאָלקס־קינסטלער, אונדזער אייגענעם אייזיק ראַבאָי (וועלכער איז געשטאָרבן דעם 8טן יאַנואַר, 1944). פאַראַן בעסאַ־

ראַביער לאַנדשאַפטן, ריחות, זאַפטן, קאָלירן — און טיפע אַלמענטשלעכקייט אין יענע ווערק פון י. שטיינבערג.

ווייניקער זיינען אים געראָטן זיינע ראָמאַנען. זיין ראָמאַן, אָבער, „אין יענע צייטן" — „אַ דערציילונג אויס דעם לעבן פון די קאַנטאָניסטן", לייענט זיך נאָך אויך איצט מיט גרויס געשפּאַנטקייט.

י. שטיינבערג איז אויך געווען דער מחבר פון ניצלעכע לערן־ביכער און שול־טעקסטן. אייניקע פון זיינע העברייאישע ווערק זיינען איבערגעזעצט געוואָרן אויף יידיש דורך זיין איידעם ב. עפּעלבוים, דורך ב. קאַרלינסקי, ש. שאַפּירא, א. אַנד. פאַראַן פיר בענד פון זיינע העברייאישע קינדער־שאַפונגען, און אַ גע־זאַמלטע פיר־בענדיקע אויסגאַבע פון אַלע זיינע העברייאישע ווערק.

צו זיין 100טן געבורטסטאָג איז נויטיק און ניצלעך ווידער אַ שעפּ צו טאָן פון די קוואַלן פון יהודה שטיינבערגס לויטערן שאַפן.

(צו זיין הונדערטסטן געבוירנטאָג)
(דעצעמבער 29, 1963)

# דער לירישער דיכטער יוסף יפה

(1865-1938)

פאַראַן דיכטער — אין דער וועלט־ליטעראַטור, ווי אויך אין אונדזער יידי־שער ליטעראַטור — וואָס ווערן האַלב־פאַרגעסן אָדער כמעט אינגאַנצן פאַרגעסן אַ קורצע צייט נאָך זייער אַוועקגיין אין דער אייביקייט.

אַזאַ דיכטער איז געווען יוסף יפה. היינטיקס יאָר ווערט הונדערט יאָר זינט זיין געבוירן — אַ פּאַסיקע דאַטע צו דערמאָנען אים, זיין לעבן און זיין שאַפן, און אַרויסנעמען אים פון האַרטער, ברוטאַלער פאַרגעסנהייט.

יוסף יפה —געבוירן דעם 24טן דעצעמבער, 1865 — געשטאָרבן דעם 28טן פעברואַר 1938.

אַ שטילער מענטש. אַ צאַרטער דיכטער. אַ דין ליריש ליד.

די ניינציקער יאָרן אין אַמעריקע. שרעקלעכע איסט־סאַיד־אָרעמקייט, שוויץ־שעפּער. שרייענדיקע אַרבעטער־נויט. פון די שעפּער גייען־אויף ווײ־געשרייען. ווינטשעווסקי, ראָזענפעלד זינגען לידער פון פּראָטעסט, פון קאַמף. עדעלשטאַט, דיכטער־מאַרטירער, שטאַרבט פון שווינדזוכט אין קאָלאָראַדאָ. זיין נאָכפאָלגער, באָווושאָווער, קומט מיט נייע קאַמף־מאָטיוון. אָרום־און־אַרום קלינגט, דער עיקר, דאָס סאָציאַלע ליד — דאָס ליד פון אַרבעט און דלות, פון שווערן, ביטערן לעבן אין דחקות, אין יאָך.

און אין אַ זייטיק ווינקל, אָפּגעזונדערט פון גערזעלשאַפטלעכן קאָך — גאָר אַנ־דערע טענער, פערזענלעכע, יחידישע מאָטיוון, „איך"־לידער. שטילערהייט, איידל, אויפריכטיק וועבט זיי אַ יידישער סענטימענטאַל־געשטימטער יונגערמאַן, אַן אי־מיגראַנט פונעם ליטווישן שטעטל סאַלאַנט — יוסף יפה. אַ זון פון אַ רב אַן אָרע־מאַן, אַן אָפּשטאַם פון אַ רבנישער משפחה. אַליין אַ האַרעפּאַשניק, אַ בעל־מלאכה,

אַ גראַווירער, אַן אַרבעטער זינט ער איז אַלט געוואָרן דרייצן יאָר. געטריבן דורך נויט צו „קאָלאָמבוסעס מדינה". געקומען אַהער אין 1891, אין עלטער פון 26 יאָר.

יוסף יפה, אַן אייגנאַרטיקער דיכטער אין זיין צייט און סביבה. אָנגעהויבן דרוקן זיינע לידער אין 1894. איינער פון די פּיאָנערן פון יידישן ליד. באַזינגער פון ליבע און ליד. דיכטער פון ראָמאַנטישע, אינדיווידואַליסטישע מאָטיוון. פאָר־גייער און אָנזאָגער פון די שפּעטערדיקע „יונגע" — מאַני לייב, זישע לאַנדוי, ראובן אייזלאַנד, יוסף ראָלניק, א. אַנד. מחבר פון צוויי לידער־ביכער: „לידער" (1914) און „געזאַנגען" (1936), און פון פיל לידער, געדרוקטע און ניט־געדרוקטע, וואָס זיינען נאָך ניטאָ אין בוך־פאָרם.

יוסף יפה — זינגער פון „איך", פון זיין „איך", מערסטנס פון (וועגן) זיינע לידער, פון שאַפן לידער, פון דער פרייד פון שאַפן, און — וועגן ליבע. סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע מאָטיוון פאַרנעמען אַ קליין אָרט אין זיין דיכטונג.

אַ סך פון זיינע לידער טראָגן אין זיך דעם חן פון פאָלקסטימלעכקייט, פון פאָלקס־טאָן.

אין די ערשטע זעקס יאָר פון זיין שאַפן האָט מען זיינע לידער וויניק־וואָס באַמערקט. דער שפּעטערישער פּעריאָד פון זיין דיכטונג האָט זיך אָנגעהויבן ערשט ביי דער שוועל פון'ם 20טן יאָרהונדערט, ווען קיין אַמעריקע איז געקומען דער באַרימטער שריפטשטעלער דוד פּינסקי, וועלכער איז דאָ געוואָרן דער רעדאַקטאָר פון אַ צאָל צייטשריפטן.

פּינסקי איז געווען דער ערשטער אָנגעזעענער שרייבער צו דערמוטיקן דעם אומזיכערן, שעמעוודיקן דיכטער יוסף יפה, צו אָנערקענען זיין טאַלאַנט, זיין אייגענעם נוסח, זיין „קול דממה דקה", זיינע שטילע טענער אין דעם רויש און גע־פילדער פון דער גרויסער מעטראָפּאָליע.

געלעבט האָט יוסף יפה ביחידות און געזונגען זיין ליד האָט ער אין אָפּגע־זונדערטקייט. פּאָעזיע איז פאַר אים געווען אַלץ אין לעבן. זיינע לידער זיינען פאַר אים געווען אַ סך מער ווי לידער. זיי זיינען געווען — זיין אָפּרו, זיין טרייסט אין צער, זיין נחת־רוח, זיין היים, זיין שבת און יום־טוב:

און אַלץ וואָס איך קאָן נאָר פאַרשטיין, איז געזאַנג.
און איך וועל מיר אַזוי פאַרגיין אין געזאַנג. („געזאַנגען")

זיינע ערשטע לידער האָט יפה אָנגעהויבן שרייבן נאָך דעם ווי ער האָט גע־שלאָסן פריינטשאַפט מיט זיין שוואָגער (דעם מאַן פון זיין פרויס עלטערער שוועס־טער), טעאָדאָר לאָפּוכאָוו־קאַרמען (1868־1943). זיין סאַמע ערשט ליד, דענקט מען, איז געווען „כ'האָב געזוכט אַזוינס" (געדרוקט אין דער „פילאַדעלפיע שטאָט־צייטונג", — רעדאַקטירט דורך ב. גאָרין) — אַ ליבע־מאָטיוו. אין יענעם יאָר, 1894, האָט ער אויך אָפּגעדרוקט צוויי לידער: „דער פּאָעט" און „קאָנטראַסטן" אין דער „פרייע אַרבעטער־שטימע".

צווישן די געציילטע סאָציאַלע לידער, וואָס ער האָט געשריבן אין די ניינ־ציקער יאָרן, זיינען „צוויי תפילות" און „הוליע קבצן". סך־הכל זעכצן לידער האָט ער געשריבן אין די ערשטע זעקס יאָר פון זיין שאַפן, און פון זיי אָפּגעדרוקט אַרום אַכט.

מיטן אָנקומען פון פּינסקין, סוף 1899, קיין אַמעריקע און אַדאַנק זיין דער־

מוטיקונג, האָט זיך באַוויזן דער מזל־ברכה אין יפהס שאַפן. זיין דיכטונג איז געוואָרן אַלץ זיכערער, רייפער, ציטיקער. זיינע לידער האָבן זיך באַוויזן אין די צייטשריפטן: „אָבענד־בלאַט", „אַרבייטער־צייטונג", „דער אַרבייטער", „די אי־דישע וואָכענשריפט", „די צייט", און שפּעטער — אין „צוקונפט", „פאָרווערטס", „קונדס". ער אַרבעט אין אַ יוואוועליר־שאַפּ — און חלומט־אויס זיין ליד. ער דיכטעט אין אַ וועלט פון פאַנטאַזיע און חלומות אויף דער וואָך: „אַ חלום — דער חלום אַליין".

רוי אין פאָרם, נאַאיוו, זיינען אָבער פיל לידער זיינע אָנגעלאָדן מיט שטימונג, עמאָציע, איבערלעבונג. זיי „נעמען" מיט זייער תמימות. זיי זיינען קינדער פון אַ באַשטימטן געמיט־צושטאַנד. אייניקע פון זיי זיינען לידער — זכרונות; אויטאָביאָגראַפישע ניגונים, שטעטלשע מאָטיוון. פון דעם האַרטן אַמעריקאַנער באָדן טראָגט זיך אַריבער דער דיכטער אין זיין פּאָעטישן דמיון צו זיין אָרעמען שטעטל אין דער ליטע.

זינגט ער אין זיין ליד „היימאַט" (אין זיין בוך „לידער"):

אָן שטייט דאָס שולעכל, נאָענט נעבן גראָבן דאָרט,
פּענצטער צעבראָכענע, קרומינקע ווענט —
שטיבעלעך — קברימלעך, דעכלעך געזונקענע, —
ווידער האָב איך אייך דערקענט!
זאָג מיר, וואו זיינען איצט מיינע חברימלעך?
לעבן זיי, וואַנדלען זיי, זיינען זיי טויט?

זינג פון דעם וויגעלע, זינג פון דעם ציגעלע,
זינג פון דער יידישער נויט!

אגב, איז זיין ליד „היימאַט" פיל געזונגען געוואָרן, און איז אויך אַריינגע־נומען אין דער אַנטאָלאָגיע „אַמעריקע אין יידישן וואָרט".

זיין בוך „לידער" עפנט זיך מיט אַן אַריינפיר פון דוד פּינסקי; זיין צווייטער בוך, „געזאַנגען", עפנט זיך מיט הקדמות פון דוד פּינסקי און פון אברהם ליעסין.

פּינסקי האָט געשריבן וועגן יפהס לידער וואַרעם, האַרציק, פריינטלעך: „זיי זיינען מיר טייער און ליב" — דערקלערט ער אין זיין אַריינפיר צו יפהס ערשטן לידער־בוך. ער רירט־אָן „דעם טרויעריקן צושטאַנד פון דער יידישער ליטעראַ־טור, אַז אַ דיכטער, ווי יוסף יפה, איז נאָך גאַנץ אומבאַקאַנט און דאַרף אַריינגע־פירט ווערן".

דערביי האָט פּינסקי אונטערשטראָכן דעם יחידישן כאַראַקטער פון יפהס ליד. ער שרייבט: „יוסף יפה זינגט דער עיקר פון ליבע". ער ווייזט אָן: „ער [יפה] איז אַ זייער הייסער ייד, און דאָך האָט ער זייער ווייניק נאַציאָנאַלע לידער גע־זונגען". און ווייטער: „ער [יפה] איז אַרבעטער און פּראָלעטאַריער... דעם גרעסטן טייל פון זיין לעבן האָט ער אָפּגעאַרבעט אויף פרעמדע וואַרשטאַטן און ווייס זייער גוט דעם טעם פון דעם אַרבעטערס נויט און עלנט. מיט האַרץ און זעל איז ער אויף דער זייט פון דער אַרבעטער־קלאַסע און חלומט איר באַפרייאונג. און דאָך האָט ער זייער ווייניק אַרבעטער־לידער געזונגען, זייער ווייניק געגעבן אונדז פון זיין מיטגעפיל און זיין באַפרייאונג־חלום".

און דאָך האָט פּינסקי, דאַן אַ דערציילער פון יידישן אַרבעטער־לעבן, אַרויס־געוויזן אַ סך פאַרשטענדעניש און טאָלעראַנץ פאַר דעם דיכטער, וואָס „ציטערט

פאַר דעם שאָטן פון אַ געלעגנהייט־דיכטער, ווייל ער האָט מורא אַז איבער־חזרער צו זיין. באַציאָנאַלע און סאָציאַלע לידער זיינען אַ מין מאָדע געוואָרן, און ער וויל נישט גילטן אַלס איינער פון די מיטלויפער און מיטזינגער".

פינסקי פּרואוווט דערקלערן (זיך און דעם לייענער), פאַרוואָס יפה זינגט דער עיקר פון ליבע: „זיין אייגן האַרץ איז דער קוואַל פון זיינע געפילן און זיין גע־זאַנג... דאָ [אין געביט פון ליבע־ליד — ב. ג.] פילט זיך יוסף יפה פריי און זיכער. צי גוט צי שלעכט, דאָ איז ער אַליין".

ווייטער פּרואוווט פינסקי דערקלערן, פאַרוואָס יפה האָט זיך אַזויפיל אָפּגעגעבן מיט לידער וועגן לידער, מיט „אַנאַליזירן דעם פּראָצעס פון שאַפן". ער שרייבט: „...פּלוצלונג גאָר, דווקא ווען ער איז פאַרוואָרפן מיט אַרבעט, אין דעם שרעק־לעכן גערויש פון די מאַשינען און די אַרבעטער אין דעם יאַוועליר־שאָפּ, שטייען־אויף בילדער פאַר אים, וועלכע צעלייגן זיך באַלד אין ווערטער, אין געמאָסטענע שורות און סטראָפן. זיינע ליפּן הויבן זיך אָן צו באַוועגן — דאָס זאָגט ער זיך פאַר די צונויפגעשטעלטע שורות. ריכטיקער, דאָס זינגט ער זיך זיי פאָר, ווייל אַלע זיינע לידער ווערן אין אים באַשאַפן אינאיינעם מיט אַ ניגון".

ליבע האָט פאַרנומען אַ צענטראַל אָרט אין יפהס לידער, און ליד איז געווען דער עיקר פון זיין לעבן. אין 1936, אין זיין פאָרוואָרט צו יפהס בוך „געזאַנגען", האָט פינסקי געשריבן: „די אַרבעט [פון אַ גראַווירער] איז צוזאַמענגעוואַקסן מיט זיין דיכטונג, מיט זיין שאַפן. אויך איצטער, אַ בן־שבעים, לייגט ער זי ניט אַוועק. ער האָט מורא, אַז דעמאָלט וועט ער אויפהערן צו דיכטן". „אין די ענגע ווענטלעך פון די טונקעלע וואַרשטאַטלעך" האָט ער, דער בעל־חלומות, געוועבט די פעדים פון זיין טרוימען־וועלט, פון זיין ליד, און אין געדאַנק געשליפן די פערזן. ערשט קומענדיק אַהיים צו זיין צאַרטער פרוי בעלאַ, פלעגט ער אויפשרייבן זיין ליד אויף פּאַפּיר.

זיינע לידער אין פאָלקס־טאָן זיינען באַהנט מיטן ליכטיקן שמייכל פון אי־ראָניע, פון וואַרעמען הומאָר, מיט נאַטירלעכער שפּילעוודיקייט.

אין זיין ליד „ליבע דיכטער" זאָגט ער מיט שפּאָט וועגן דעם קולט פון אומ־פאַרשטענדלעכקייט אין די לידער פון געוויסע דיכטער:

> אויב סתרי תורה איז אין גאַנג,
> זייט איר געניאַל שוין לאַנג.

אייניקע פון זיינע לידער לייענען זיך, זינגען זיך ווי פאָלקס־לידער. למשל: „ציגעלע, מיגעלע", „העי, העי, העמערל", „זיינען מיר צוויי בחורים", „פאָלקס־ליד", „בין איך מיר אַ פערדעלע", „פאַר איך מיר אין מעמעל", „די שטרענגע וואָך".

באַטעמט מיט פּשטות און מיט ערלעך געזאַנג זיינען זיינע געציילטע סאָציאַלע לידער. אָט ווי ער שילדערט אַן אַלטן אַרבעטסמאַן:

> אויף די שטיוול וויניק לעדער,
> אויפן מאַנטל קנאָפּ געוואַנט;
> טראָגט אַ העקל און אַ זעקל
> מיט אַ לאַפּעטע אין האַנט.
> (פון ליד „דאָרטן, וואו די שטאָט זיך ענדיקט")

פאָלקס־געטריישאַפט שטראַלט־אַרויס פון זיינע לידער „צו מיין פאָלק", „דער

יידי", „די וואָלקן", „דעם שליאַכטיטשס דאַנק". אין זיין ליד „דער להכעיס־מאַרש" זינגט דער ייד:

און וואו איך גיי און וואו איך קום
איך שנייד מיין וועג דורך אומעטום!

עס זיינען געווען מאָמענטן אין זיין לעבן און שאַפן, ווען ער האָט געטרוימט וועגן אַ „והיה באחרית הימים" — וועגן אַ צייט, ווען ס׳וועט קומען אַ סוף צו אַלץ וואָס איז רשעותדיק און אומרעכט:

מיין ליד זאָל פייער שפריצן, ביז טויט איז אַל דאָס אומרעכט,
און זידן ווי אַ תהום, ווי ס׳גאָט־פאַרשאָלטענע סדום!

אָט־די מאָטיוון, כאַראַקטעריסטישע פאַר דער פּראָלעטאַרישער פּאָעזיע פון יענער צייט, זיינען אָבער ניט דאָס כאַראַקטעריסטישע פאַר יפהס לידער. געטרוימט האָט ער מערסטנס וועגן זינגען לשם זינגען, אויסזינגען זיך, זיין געמיט, זיין ניגון, זיין לעבנס־באַגלייטער. זיין ליד, „ווען איך וועל שטאַרבן צופרידן", ענדיקט ער מיט די שטיפערישע שורות:

און ווען עס וועט פאַרטיק מיין ריזיקעס ליד,
דאַן שטאַרב איך צופרידן, ווי איך בין אַ ייד!

אין אייניקע פון יפהס לידער מערקט מען השפעות פון מ. ווינטשעווסקי, מ. ראָזענפעלד און אַנדערע עלטערע דיכטער.

יפה איז געווען, לויט זיין קאָנצענטרירטקייט אין ליד לשם ליד, אַ „פאַרגייער", אַ צוגרייטער פונעם פּאָעטישן באַדן פאַר די „יונגע". ער איז אָבער ניט מיטגעגאַנגען מיט דער צייט, מיטן ראַשיקן און וואונדערלעכן וואוקס און פאַנאַנדערבליי פון דער מאָדערנער יידישער פּאָעזיע, מיט אירע נייע נוסחאות, ריטמען, דרכים, סטילן און פערזן־טעכניק. ערגעץ איז ער געבליבן הינטערשטעליק, געבליבן מיט אַ „פערד־און־וועגעלע" אין אַ וועלט פון שנעל־צוגן, יאָג־אויטאָס און עראָפּלאַנען. דערפאַר אפשר ווערט ער אַזוי גיך פאַרגעסן. ער איז אָבער ערלעך געגאַנגען מיט זיין אייגענעם דרך — און האָט אויף זיין אופן געבראַכט זיין ביישטייער צום יידישן ליד.

(צו זיין הונדערטסטן געבוירנטאָג; זונטאָג, מערץ 7, 1965)





# דוד עדעלשטאַט
## זיין דיכטערישע פּערזענלעכקייט

(1892-1866)

צום ערשטן מאָל האָבן די יידישע שאַפּ־האַרעפּאַשניקעס אין אַמעריקע גע־לייענט זיין ליד צום סוף פון די אַכציקער יאָרן — גענוי, אין 1889. זיי האָבן דערהערט זייער אייגענע שטים. זיין ליד האָט געקלונגען אי צאַרט, אי מעכטיק, אי טרויעריק, אי פול מיט גלויבן און בטחון.

זיין ליד האָט געווירקט מיט זיין רעוואָלוציאָנערן ליריזם, מיט טיפער אויפ־ריכטיקייט, מיט האַרציקייט. דאָס איז געווען דאָס ליד פון אַ מסירת־נפשדיקן, העראָאישן פרייהייט־קעמפער, אַרבעטער־דיכטער. שוין ביי זיין לעבן איז דער יונגער, אייביק־יונגער, יונג־פאַרשניטענער דיכטער־מאַרטירער געוואָרן אַ לע־גענדע.

זיין נאָמען דוד עדעלשטאַט, (1892-1866), איז געבליבן פאַרהייליקט צווישן דורות יידישע אַרבעטער און פאָלקס־מענטשן.

פון עדעלשטאַטס לידער, צעגליט מיטן פייער פון געטריישאַפט און ליבשאַפט צו זיינע טיף־ליידנדיקע ברידער און שוועסטער אין נויט און אין קאַמף, האָט געשלאָגן מיט קרעפטיקער עמאָציע. די יידישע שאַפּ־אַרבעטער האָבן דערהערט די ווייכע, וואונדערלעכע שטים פון זייער דיכטער, זייער זינגער, וועלכער האָט אין זיינע צאַרטע ניגונים, אין אַ פיין־קלינגענדיקן יידיש (כאָטש מיט דייטשמע־רישע ווערטער: „זאָנע", „מאָנד", „בימאַלס"), אויסגעוועבט זייערע חלומות פון אַ וועלט פון פרייהייט, ברידערלעכקייט, שיינקייט און גליק. ער איז געוואָרן זייער וועקער, רופער, דער זינגער פון זייערע טרוימען.

ס'האָט ממש פּאַסירט אַ „נס" אין דער געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע: געקומען איז אַהער דוד עדעלשטאַט אין 1882, אַ בחור פון זעכצן יאָר, אַ געבוירענער און דערצויגענער אין קאַלוגע, אין אַ רוסישער סביבה, אַ שרייבער פון רוסישע לידער, אָפּגעריסן פון יידישן לעבן — און ווערט דאָ אין לאַנד, ניט נאָר אַ יידישער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־טוער און רעדאַק־טאָר פון „פרייע אַרבעטער־שטימע", נאָר אויך איינער פון די פיר גרויסע פּיאָנערן פון יידישן פּראָלעטאַרישן ליד, אַ שטויס־קראַפט אין יידיש־שאַפן, אַ פּלאַמיקער זינגער־טריבון.

זיין ליד רעדט און רודערט־אויף מיט עכטער, זעלטענער תמימות. אין זיינע שילדערונגען פון העלדן־מאַרטירער, וואָס זיינען מקריב זייער לעבן פאַר דער פרייהייט פון פאַרשקלאַפטע און אונטערדריקטע, דערשפּירט מען אַ העלדישע פּער־זענלעכקייט, פון וועלכער עס אָטעמט סיי מיט היינט, סיי מיט מאָרגן, מיט דאָ־

איקייט און ניט־דאַאיקייט, מיט וואָכעדיקער ווירקלעכקייט — און מיט אייביקייט. שוין ביי זיין לעבן האָט דער דיכטער, אַן איבערגעגעבענער בלב ונפש דעם פריי־הייט־קאַמף פון זיין אַרבעטער־דור, אַ קרבן פון דער פּראָלעטאַרישער קרענק — שווינדזוכט, געמוזט דערשיינען ווי אַ הייליקער, אַ קדוש.

אין זיין ליד „צו אַ פריינט", באַפליגלט ער מיט מוט און אויסדויער דעם „ערלעכן שיפער" אין שיפעלע, וואָס „לויפט צווישן רוישנדע וועלן":

דאָך זעסטו פון וויטן דאָרט רויטע סיגנאַלן ?...
דאָס קומט דיר צו הילף ושוין די הייליקע צייט !
עס דעמערט דער מאָרגן — פאַרלאָז ניט דעם רודער !
קעמף מיט דעם שטורעם — דער ברעג איז ניט וויט !...

דער לויטערער סאָציאַלער ליריקער האָט באַלד אָנגעצונדן די הערצער פון די יידישע פאָלקס־מענטשן, שאָפּ־אַרבעטער מיטן טיף־עטישן טאָן פון זיין שטים, מיט זיין קרבן־גרייטקייט, מיט זיין אמתדיקייט.

עכט און איבערצייגנדיק האָט געקלונגען זיין ניגון אין ליד „מיין לעצטע האָפענונג", אין וועלכן ער גיסט־אויס זיין צאָרן אויף די רויבער פון „אונדזער פרייהייט און ברויט":

פאַר אַלעם וואָס מענטשן איז הייליק און טייער,
האָב איך גערופן צום קאַמף מיט געוויין;
אין מיין הארץ האָט געפלאַקערט אַ הייליקער פייער,
מיין לעבן, מיין גאָט וואַר די מענטשהייט אַליין !

דער דיכטער, וואָס האָט זיך אַליין באַצייכנט אַלס „אַ קינד פון קאַמף און אָרעמקייט" (אין זיין רוסישן ליד „פאַרצייכענונגען פון אַ פּראָלעטאַריער"), איז באַלד געוואָרן איינס מיט זיין אוידיטאָריע, מיט זיינע ברידער און שוועסטער אין נויט. יידישער אַרבעטס־לייט און די רעוואָלוציאָנערע אינטעליגענץ האָבן מיט אַ באַזונ־דערער התלהבות, מיט ענטוזיאַזם און ברען, איינגעזאַפּט אין זיך, געזונגען און דע־קלאַמירט, די אומגעווײנלעכע געזאַנגען פונעם יונגן דיכטער, וועלכער האָט צו־געצויגן הערצער מיטן פייער פון זיין האַרץ.

מיט וואַכע חושים, מיט אָפענע הערצער, האָט מען אויפגענומען זיינע זיפצן און קרעכצן פון „אַ טרערן־פּאָעט", זיינע שאַלנדיקע קאַמפס־רופן פון אַזעלכע לי־דער, ווי „אין קאַמף", „דער שניידער", „וואַכט־אויף", „פאָרווערטס", „צו די אַר־בעטער־פרויען", „1789", „קעמף ביזן סוף", „מיין צוואה", און פיל אַנדערע, ווי אויך זיינע בטחון־וויזיעס פון דעם קומענדיקן „אַרבעטערס פרילינג", „דעם פריי־לינג פון גליק און ליכט" —

אַך, יענעם פרילינג וועל איך באַזינגען
שוין ניט ווי אַ טרערן־פּאָעט, —
איך וועל אים באַגריסן, ווי די ערשטע ליבע
אַ ליבנדיק האַרץ באַגריסט,
איך וועל אים באַזינגען, ווי ס׳קען נאָר באַזינגען
אַ דיכטער און סאָציאַליסט. („מיין פרילינגס־ליד")

און ווידער אַ „נס", אַ זעלטענע דערשיינונג אין דער וועלט פון ליטעראַטור, אין דער וועלט פון געזאַנגען: דער דיכטער, וואָס זיין יידיש האָט ער געלערנט

פון זיינע ברידער און שוועסטער אין די אַמעריקאַנער פאַבריקן, אַנטוויקלט און געלייטערט אין די פייערן פון קאַמף, געשריבן יידישע לידער בלויז פיר יאָר (1889־1892), האָט איבערגעלאָזט אַ רייכע, פּאָעטישע ירושה, וואָס גייט־איבער פון דור צו דור, איינגעבאַקן אין האַרצן פון פאָלק, — אַן אוצר און ווינקלשטיין אין דעם פונדאַמענט פון אונדזער יידישן פּראָלעטאַרישן ליד.

די געשטאַלט פונעם דיכטער־מאַרטירער, פון ערלעכן אידעאַליסט און קעמפער, איז פאַרהערלעכט געוואָרן צווישן יידישע אַרבעטער אויף ביידע זייטן ים. אַט־די געשטאַלט האָט ווי אַ קאַמפּס־פאָן געפלאַטערט איבער יידישע פאָלקס־מענטשן. דער וואונדערלעכער דיכטער אברהם רייזען האָט געשריבן: „ביי אונדז אין רוסלאַנד רעדט מען פון עדעלשטאַטן ווי וועגן אַ הייליקן". אפילו דער דיכטער־עסטעט און פּרעדיקער פון קונסט לשם קונסט, זישאַ לאַנדוי, האָט געמוזט צוגעבן, אַז עדעלשטאַט האָט געשריבן לידער „מיטן בלוט פון האַרצן" (לאַנדוי האָט אָבער באַצייכנט עדעלשטאַטס לידער אַלס „קינדישע"). „אַ מוסטער פון ערלעכקייט און גייסטיקער ריינקייט" — ווי ס'האָט געשריבן די „אַרבעטער צייטונג" פון 28טן אָקטאָבער, 1892, עלף טעג נאָכן דיכטערס פריצייטיקן טויט — אַזאַ געשטאַלט פון עדעלשטאַטן איז פאַרבליבן אין זכרון פון פאָלק. אַזוי האָבן אים געזען פיל קאָלעגן־שרייבער.

אין זיין ווערק „אַמאָל אין אַמעריקע", 1928, האָט י. קאָפּעלאָוו פאַרצייכנט וועגן עדעלשטאַטן: „ער איז געווען די פּערזאָניפיצירטע גוטסקייט, די פאַרקערפּערונג פון ליבשאַפט. דוד עדעלשטאַט איז געווען פאַרליבט אין דער מענטשהייט און מענטשן". עדעלשטאַט, דער יינגערער פון די צוויי אַרבעטער־פּאָעטן מאָריס ווינטשעווסקי און מאָריס ראָזענפעלד, און עלטער פון יוסף באָווּשאָווער, איז געוואָרן פאַרערט און באַליבט ביי אַלע ברייטערע קרייזן — אַ סימבאָל פון העלדנמוט, פּאָעזיע, טראַגיק, מאַרטירערטום.

זיינע שורות „צום פאָלק וועל איך פון קבר זינגען און וועל באַגייסטערן זיין האַרץ" קלינגען מיט אַ רוח־הקודש און מיט נבואה: זיי זיינען פאַרווירקלעכט געוואָרן אין לעבן.

זיין טעמאַטיק, זיינע מאָטיוון האָט עדעלשטאַט געשעפּט פון לעבן — פון דער דער נויט, ליידן, צער און אָנגעזאַמלטן צאָרן און פּראָטעסט פון די אַרבעטער אין די שעפּער, פון דער אָרעמער יידישער אימיגראַנטישער מאַסע, פון די פּאָליטישע געשעענישן, גרויסע היסטאָרישע אַרבעטער־קאַמפן אין לאַנד, ווי אויך פון רעוואָלט־מאָמענטן אין דער געשיכטע. עדעלשטאַט האָט אויך איבערגעדיכטעט אייניקע שאַפונגען פון פּאָעטן, וועלכע האָבן אויף אים געהאַט אַ געזונטע, שעפּערישע השפּעה: היינע, ניעקראַסאָוו, נאַדסאָן, פאַרסאָנס. אַ גרויסן איינפלוס אויף אים האָט אויך געהאַט די פּראָלעטאַרישע דיכטונג פון מאָריס ווינטשעווסקי (1856־1932).

זיין דיכטונג האָט עדעלשטאַט באַטראַכט ווי אַ נויטיקן, נוצלעכן, באַהילפיקן וואָפן אין קאַמף. ער האָט דעריבער געהאַלטן אין איין שלייפן זיין וואָפן, האַלטן אים ריין און ציכטיק. פון פיל שורות, פערזן אין זיינע לידער האָט געטריפט ס'בלוט פון זיין האַרצן, האָבן געדרונגען דעם דיכטערס הייסע, גליענדיקע טרערן. ער האָט אַליין טרעפלעך און ריכטיק כאַראַקטעריזירט זיין דיכטונג, אַז דאָרט — „רוישט אַ טייך פון מענטשלעכע טרערן, צעמישט מיט דעם דיכטערס

בלוט״. ער האָט שאַפנדיק זיין רירנדיק ליד גענוצט פאַרשיידענע אינסטרומענטן — אי פידל, אי פלייט, אי פויק; זיין הויפט־אינסטרומענט איז אָבער תמיד געווען — זיין צעוויטיקט, צעפייניקט, ליידנדיק, בלוטנדיק האַרץ. די נאָענטסטע צו אים זיינען געווען און געבליבן — דאָס פאָלק, דאָס אַרבעטער־פאָלק, די „ברידער און שוועסטער״. ווי די פלאַטערדיקע, צעוואונדיקטע פאָן פון זיין אידעאַל, איז אויך זיין ליד געווען „רויט פון מאַרטירער־בלוט״.

עדעלשטאַט איז געווען איין גאַנצקייט — גאַנץ אין זיין דענקען, פילן, שטרעבן, טרוימען, גלויבן, האָפן. אָט־די גאַנצקייט שיינט־אַרויס סיי פון זיינע לידער, סיי פון זיינע דערציילונגען און אַרטיקלען, סיי פון זיינע בריוו.

אין אַ בריוו פון סינסינעטי (אין פעברואַר, 1888) צו דר. הלל זאָלאָטאַראָוו רעדט ער וועגן דער „הייליקער מענטשלעכער טעטיקייט אין נאָמען פון אמת, פרייהייט און גערעכטיקייט״.

מיט גרויס פרייד האָט ער דעם 18־טן פעברואַר, 1889, אין אַ בריוו פון אָראַנדזש, ניו דזשוירזי (וואו ער האָט אַ וואָך־צייט געאַרבעט אין אַן עדיסאָן־פאַבריק) גע־מאָלדן זיין שוועסטער סאָניע, אַז אין דעם ערשטן נומער פון דער ניו־יאָרקער יידישער אַנאַרכיסטן־צייטונג „וואַרהייט״ איז דערשינען „אַ ליד פון אַ נייעם יידישן דיכטער, מיט וועלכן דו ביסט, אַפנים, באַקאַנט״ — עדעלשטאַטס ערשטע ליד אין יידיש (אין זיינע ערשטע זעקס יאָר אין אַמעריקע האָט עדעלשטאַט געשריבן רוסישע לידער; זיינע יידישע לידער געשריבן און פאַרעפנטלעכט — פון 1889 ביז זיין טויט אין 1892).

אין אַ בריוו פון ניו־יאָרק, געשריבן צו דער פאַמיליע, אין דער לעצטער וואָך אין פעברואַר, 1889, דערציילט ער וועגן זיין נייעם יידישן ליד „אין קאַמף״, און רעדט מיט זיכערקייט: „און דאָס היגע אידנטום וועט מיר זאָגן אַ דאַנק פאַר מיינע ערלעכע און פרייע לידער״. און צערטלעך פרעגט ער:

„...צי האָט געלייענט דער טאַטענקע מיינע לידער? איך בין ביז טרערן גערירט, וואָס ער וועט איצטער קענען אַליין לייענען די פּאָעזיע פון זיין פּאָעט, און איך אַליין בין מער אויך איינגעליבט אין דער יידישער שפּראַך און געפין, אַז זי איז זייער מוזיקאַליש און פלאַסטיש אויף אויסצודריקן דעם פאָלקס ליידן און זיינע האָפענונגען אויפן זיג פון אמת און ברידערלעכקייט״.

אַ צוויי־דריי צענדליק יאָר נאָך עדעלשטאַטס אַוועקגיין אין דער אייביקייט האָבן זיך געפונען דיכטער און קריטיקער „עסטעטן״, ווי זישאָ לאַנדוי און אַנדערע, וואָס האָבן געפּרוּווט מינימיזירן דעם פּאָעטישן ווערט פון עדעלשטאַטס לידער, פאַרלייקענען זיינע קינסטלערישע בייטראָגן און דערגרייכונגען אַלס פּאָעט, אונ־טערשטרייכן מערסטנס, זיינע אומרייפע לידער אָדער יענע לידער, וואו ס'איז דאָ מער פּראָזע ווי פּאָעזיע. דער דאָזיקער סאָרט דיכטער און קריטיקער האָט ניט געזען אָדער ניט געוואָלט זען דעם פעריאָד, ווען עדעלשטאַט האָט געשאַפן זיין ליד (דעם אָנהויב פעריאָד פון דער מאָדערנער יידישער פּאָעזיע); אַז ער האָט געשאַפן אין יידיש בלויז פיר יאָר; אַז צו עדעלשטאַטן דאַרף מען צוגיין מיט גאָר אַן אַנדערער, ספּעציעלער מאָס, מיט פּיעטעט צוליב זיין אומגעהויער־גרויסער ווירקונג אויף ברייטע יידישע מאַסן, צוליב דעם וואָס ער איז געווען פון די ערשטע און געציילטע צו פאַרהייליקן די פרייהייט־אידעאַלן און קאַמפן פון די יידישע אַרבעטער.

ריכטיק האָט באַמערקט נ. ב. מינקאָוו (אין ערשטן פון זיין 3־בענדיקן ווערק: „פּיאָנערן פון יידישער פּאָעזיע אין אַמעריקע", נ. י., 1956): „דאָס געפּיל פון פּיעטעט צו עדעלשטאַטן האָט זיך געשאַפן ניט נאָר אַדאַנק דעם עלעקטרישן אויפ־ציטער, וואָס זיינע לידער האָבן אַרויסגערופן, נאָר אויך אַדאַנק זיינע פּערזענלעכע אייגנשאַפטן". דער שרייבער משה קאַטץ האָט דערציילט, אַז עדעלשטאַט האָט איבערגעלאָזט „אַן איינדרוק פון אַ קריסטוס־געזיכט". אין האַרצן פון פאָלק זיי־נען געבליבן מיט זייער הייסן קלאַנג אַזעלכע פערזן, ווי:

איך וואָלט געוואָלט, אָ פאָלק, דיין רויטן זעגל
נאָך מאַכן רויטער מיט מיין האַרצנבלוט,
און ווי אַ לייב מיט זיינע שאַרפע נעגל
דיין פיינט באַקעמפן שטאָלץ מיט העלדנמוט!

עדעלשטאַטס „אָ גוטע פריינט! ווען איך וועל שטאַרבן!" (פון זיין צוואה־ליד) איז געבליבן אומפאַרגעסלעך.

אָבער די „בייע עסטעטן" האָבן געפּרואווט פאַרלייקענען זיינע גרויסע ביי־טראָגן צום יידישן ליד, זיינע הויכע דערגרייכונגען און אויפטוען ווי אַ דיכטער אַ קינסטלער. מ. באַסין האָט געהאַלטן, אַז „די מערסטע פון זיינע [עדעלשטאַטס] לידער זיינען טעכניש שלעכט געבויט, און זיינען אָרעם אין פּאָעזיע". פ. ווערניק האָט אונטערשטראָכן, אַז „דער פאַרשטאָרבענער דוד עדעלשטאַט, מאָריס וויני־טשעווסקי — און י. באָוושאָווער, זיינען די ראַדיקאַלע פּאָעטן, וואָס די טענדענץ אין זייערע געזאַנגען פאַרטונקלט אָפט די קונסט". א. ליטוואַק האָט באַצייכנט דאָס פּיאָנערישע אַרבעטער־ליד אַלס „בלויז אַ שטיקל אַגיטאַציע אין גראַמען". מ. ד־ם (מרדכי דאַנצים) האָט וועגן עדעלשטאַטן געשריבן: „ער איז געווען מער פּראָפּאַגאַנדיסט ווי דיכטער, און אַלס פּאָעטישער שאַפער פאַרנעמט ער גאָר אַ קליינעם אָרט אין דער יידישער ליטעראַטור". מנחם (באָריישאַ) האָט וועגן דער דיכטונג פון די פיר יידישע פּיאָנערן אַרבעטער־פּאָעטן געשריבן: „...געווען פּובליציסטיק, טענדענץ, מגידות, ניט פּאָעטיש און ניט קינסטלעריש". שמואל ראָזשאַנסקי: „עדעלשטאַט איז מערער פּובליציסט ווי פּאָעט. אַזוי אין דער פאָרם, ווי אין דעם אינהאַלט... זיינע לידער באַרייכערן אונדז ניט און באַפליגלען [ניט]". און אַזוי כסדר.

גאָר אַנדערש איז געווען דער צוגאַנג פון די שרייבער און קריטיקער, וואָס האָבן טיפער און גרינטלעכער באַנומען דעם תוך פון עדעלשטאַטס ווערק, אָדער וואָס האָבן זיך פאַראייניקט מיט זיינע פרייהייט־אידעאַלן און דערזען, אַז זיינע לידער ווערן באַשטראַלט און געוואַרעמט — „פון הייליקן פייער".

(צו זיין הונדערטסטן געבורטסטאָג, דעם 9טן מאַי, 1966)
זונטיק, מאַי 8, 1966.



# ס. לאָפּוכאָוו־קאַרמען

## דיכטער־פּיאָנער אין אַמעריקע

(1943־1868)

יעדע געלעגנהייט מוז אויסגענוצט ווערן אויפצוהאַלטן ביים לעבן, דערמאָנען, די נעמען פון אונדזערע פאַרשטאָרבענע יידישע שרייבער, וועמען די מערדערלעכע צייט זוכט צו פאַרמשפּטן צו פאַרגעסנקייט. אויב מיר — די שרייבער, דער עיקר — שרייבן ניט וועגן זיי, זיינען ניט „מזכיר־נשמות״, מישן ניט אויף קאַפּיטלען פון און וועגן זייער לעבן און שאַפן, העלפן מיר דערמיט אַליין אין פאַראורטיילן זיי צו בלייבן פאַרגעסענע.

איינער פון די יידישע שרייבער, פּיאָנערן פון דער יידישער דיכטונג אין אַמעריקע, וואָס טאָר בפירוש ניט פאַרגעסן ווערן — באַזונדערס איצט, צו זיין 100טן געבוירנטאָג — איז דער סאָציאַלער און שפּעטער דורכאויס־לירישער דיכטער, ס. לאָפּוכאָוו־קאַרמען (1943־1868).

ס. לאָפּוכאָווס אמתער נאָמען איז געווען ת. קרעמען. זיין נאָמען קאַרמען האָט ער אין פּריוואַטן לעבן געביטן אויף טעאָדאָר קאַרמען. זיינע לידער אין שפּעטערדיקן פּעריאָד פון זיין לעבן און שאַפן האָט ער געדרוקט אונטערן נאָמען: טעאָדאָר קאַרמען אָדער טעאָ. קאַרמען.

ווי קומט צו אים דער פּען־נאָמען ס. לאָפּוכאָוו? מיט דעם פּסעוודאָנים האָט ער זיך אין אָנהויב פון זיין שאַפן גערופן אויפן נאָמען פון אַ העלד אינעם ראָמאַן „טשטאָ דיעלאַט?״ פון נ. טשערנישעווסקי. שוין דאָס אַליין דערציילט וועגן זיינע רעוואָלוציאָנערע שטימונגען אין זיין יוגנט אין צאַרישן רוסלאַנד.

אַ געבוירענער אין שטעטל זשאלודעק, נעבן ווילנע, אין אַן אָרעמער יידישער פאַמיליע, האָט ער אַ צייט געלערנט אין דער וואָלאָזשינער ישיבה, שפּעטער געווען אַ סאָלדאַט אין צאַרס אַרמיי, און אין עלטער פון 20 יאָר איז ער געקומען קיין אַמעריקע. געקומען אַהער — אַ פאָטאָגראַפער ביים פאַך, אַ סאָציאַליסט אידייאיש, אַ פּאָעטיש־באַאיינפלוסטער פון דער רוסישער קלאַסישער דיכטונג.

אין 1892 — אין עלטער פון 24 יאָר — האָט ער געהייראַט ראָזע גאָלדבערג, און איז אַזוי אַרום שפּעטער געוואָרן דער שוואָגער פונעם דיכטער יוסף יפה, וועלכער האָט חתונה געהאַט מיט ראָזעס שוועסטער, בעלאַ. לאָפּוכאָוו־קאַרמען און יוסף יפה זיינען געוואָרן נאָענטע פריינט. אין דעם זעלבן יאָר (דעם 15טן אַפּריל) האָט לאָפּוכאָוו אָפּגעדרוקט זיין ערשט ליד, „פון מיין טאָגע־בוך״, אין דער „פרייע אַרבעטער־שטימע״. דער דיכטער, וואָס איז דאַן געווען „אַנגעשטאָפּט״ מיט גאַנצע 24 יאָר, האָט אין דעם דאַמאָלט אָנגענומענעם נוסח געקלאָגט אין זיין ליד, אַז — „אַ בלוטיקער וועג איז מיין לעבן געווען״... ער האָט באַוויינט די קינדהייט און יינגל־יאָרן פון „הונגער און קעלט״ — די פּלאָגן, וואָס האָבן באַגלייט מיליאָנען יידישע און ניט־יידישע אָרעמע לייט. זיין קלאָג איז געווען גוט־באַגרינדעט: שוין דאַן האָט ער געליטן פון שווינדזוכט — אַ ביטערע קראַנקהייט, וואָס האָט

אים געמאַטערט אין משך פון זיין 75־יאָריקן לעבן און האָט אַרויפגעלייגט אַ חותם פון צער, טרויער, אומעט, געדריקטע שטימונג אויף זיינע לירישע, פערזענלעכע לידער.

זיין קראַנקהייט איז וואַרשיינלעך אויך געווען די הויפּט־אורזאַך דערפון, וואָס נאָכדעם ווי ער האָט געדרוקט זיינע לידער — אַלע סאָציאַלע — אין משך פון 2 יאָר — ביזן 27טן אַפּריל, 1894, האָט ער אין משך פון אַרום 20 יאָר, ביז 1915, אינגאַנצן ניט געשריבן קיין לידער. אַן אויסנאַם זיינען געווען צוויי לידער: אַן אויטאָביאָגראַפיש, סאָציאַל ליד: „אין קאַמער אַ טיש מיט צוויי שטולן" — וועגן „אַ קרבן פון שווינדזוכט", און אַ יידיש־נאַציאָנאַל ליד — „אַ יידישער מאָטיוו" (1908).

אין 1895 איז לאָפּוכאָוו־קאַרמען געקומען היילן זיך אין דענווער, קאָלאָראַדאָ — וואו דער פּראָלעטאַרישער דיכטער־מאַרטירער דוד עדעלשטאַט האָט אין 1892 אויסגעהויכט זיין נשמה. דאָרט זיינען זיינע פריינט געוואָרן: יהואָש, יעקב מאַרינאָוו, חיים ספּיוואַק. דאָרט האָט ער געשלאָסן באַקאַנטשאַפט מיט די דיכטער־פּיאָנערן נחום מ. באַבאַד און א. מ. שאַרקאַנסקי. די מערסטע יאָרן פון זיין לעבן האָט ער פאַרבראַכט אין לאָס־אַנדזשעלעס. זיין חיונה האָט ער געצויגן פון זיין פאָטאָגראַפער סטודיאָ. זיין שאַפן האָט זיך געענדיקט אין 1937־1938, ווען ער איז שוין אינגאַנצן געווען בלינד.

אין זיינע ערשטע, סאָציאַלע לידער שפּירט מען דעם איינפלוס פון ווינטשעווסקי און עדעלשטאַט. אין אָט־די לידער — רירנדיקע פערזן וועגן דער שרעקלעכער עקספּלואַטאַציע אין די שוויץ־שעפּער, וועגן קרבנות פון נויט, הונגער, פּראָלעטאַרישער קרענק; וועגן דעם עקאָנאָמישן קריזיס אין 1893; וועגן „גייסטער, וועלכע זויגן מענטשן־בלוט".

אין די מערסטע פון יענע לידער האָט דער דיכטער מיט אַ צעוויטיקט האַרץ געמאָלן „שוואַרץ־געפאַרבטע בילדער" פונעם לעבן פון נויט און יסורים אַרום זיך. אַזאַ בילד איז זיין ליד, „די יונגע פעדלערקע", וואָס טראָגט השפּעה־צייכנס פון ווינטשעווסקיס בילד־ליד „אַ מיידל אין דער סיטי". אָט איז איין פערז פון יענעם ליד:

| | |
|---|---|
| די מוטער האָט איר טעכטערל | פאַרקויפן זיסן שאָקאָלאַד, |
| אַרויסגעשיקט אויס נויט, | פאַרדינען כאָטש אויף ברויט. |

לאָפּוכאָווס סאָציאַלע לידער, ווי די לידער פון זיינע מיטצייטלער־דיכטער פון פּראָלעטאַרישן ליד, זיינען, חוץ אַלעמען, פון גרויס באַדייטונג ווי בלעטער געשיכטע — געשיכטע פון אַ גרויסער יידישער שווער־עקספּלואַטירטער אַרבעטער־מאַסע, וואָס האָט זיך געדריקט־געשטיקט אין ביטערער נויט, געשקלאַפט אין די פינצטערע שעפּער, געטרוימט פון אַ בעסער לעבן, געבויט יוניאָנס, געבויט אַ קולטור־לעבן, געפירט אַן עקשנותדיקן געראַנגל קעגן אָרעמקייט.

צווישן לאָפּוכאָווס לעצטע סאָציאַלע לידער זיינען געווען: „דאָס שמידן־ליד" (1916); אַ ליד אין אָנדענק פון די אַרבעטער־מאַרטירער סאַקאָ און וואַנזעטי, אַ קריג־מאָטיוו, עטלעכע לידער מיט יידישע ניגונים וועגן די פּאָגראָמען אין רוסלאַנד אין צייט פון דער 1טער וועלט־מלחמה; צווישן זיי דאָס רירנדיקע ליד „ביי דעם טייך ניעמאַן", פון וועלכן מיר ברענגען דאָ דעם ערשטן פערז:

בײַ די ברײטע ברעגן פֿון חעם טײַך, דעם ניעמאַן,
זיצן טויזנטער אַבֿלים, ײדן אַלטע,
קינדער שוואַכע, בלאַסע, צאַרטע, פֿרויען, —
יהודהס שענסטע טעכטער — הונגעריקע, קאַלטע.

צווישן די צאַרטע, יחידישע לירישע לידער, וואָס דער קראַנקער דיכטער האָט געשריבן זינט 1915 ביז 1938, זײַנען פֿאַראַן אײניקע, וואָס מאַכן אַ שטאַרקן אײַנדרוק מיט זײער האַרציקן טאָן, מיט זײער פּאַטאָס. צווישן זײ: „געוועזן אַ ײנגעלע" (אויפֿן טויט פֿון דוד פּינסקים יונגן זון גבֿריאל אין 1916), יוספֿס בעלאָ" — וועגן דער אײנזאַמקייט פֿון יוסף יפהס אלמנה, בעלאָ; „ווי בײַ פֿייגעלעך פֿאַר־סירט", און אַנדערע. זײַן טרויעריק אויטאָביאָגראַפֿיש ליד „ווי בײַ פֿייגעלעך פֿאַר־סירט" (געשריבן אין יאַנואַר, 1931) האָט ער פֿאַרענדיקט מיט יאוש:

ערגעץ ווײַט פֿאַרוואָרפֿן זיצט
אונטערן אַלטער פּײַגל איצט;
זײַנע פֿליגלען הענגען מיד,
אויסגעזונגען איז זײַן ליד.

אַט־די שטימונגען פֿון האָפֿענונגלאָזיקייט נעמען־דורך די מערסטע לידער אין די פּאָר צענדליק יאָר פֿון זײַן שאַפֿן נאָך 1915. זעלטן־ווען לויכט־דורך אין זײ אַ שטראַל פֿון אויפֿלעבונג און טרייסט. אין 1928 — אַ באַהערשטער פֿון אַט־די שטימונגען — האָט לאַפּוכאָוו־קאַרמען איבערגעדיכטעט אויף אַ שײנעם, קלינגענ־דיקן, מוזיקאַלישן יידיש לידער פֿונעם גרויסן אינדיע־דיכטער, ראַבינדראַנאַט טאַגאָר (1941־1861) — פֿון דער זאַמלונג „דער גערטנער" — און אײניקע לידער פֿון דער באַרימטער עדוואַרד פֿיצזשעראַלד (1883־1809) איבערזעצונג פֿונעם „רובאַיאַט" פֿונעם פּערסישן דיכטער און געלערנטן אָמאַר כאַיאַם (1123־1071). ער האָט איבערגעזעצט לידער, וואָס זײַנען געווען נאָענט צו זײַן געבראָכענעם געמיט, צו זײַנע בענקשאַפֿטן.

זײַנע לידער אין יענע יאָרן האָבן דערציילט וועגן צער, עלנט און אײנזאַמ־קייט. דאָס זײַנען געווען מערסטנס סוף־זומער־מאָטיוון, האַרבסט־ניגונים, אַנגע־הויכט פֿון דער אָנונג פֿון ערבֿ־סוף. אין זײַנע פֿערזן „אַן אָסיען־ליד" (1917) דער־ציילט ער וועגן אַ שלאָפֿלאָזער, רולאָזער נאַכט, וועגן אַ קלאַפּן אין פֿענצטער, אַ כּוח וואָס לאָזט ניט רוען: „— געוועקט האָט מיך אַן אָסיען־ליד".

אַזעלכע אלול־מעלאָדיעס האָבן אים באַגלייט ביזן סוף פֿון זײַן לעבן. אין זײַן ליד „עלנט" (1931) האָט ער, אַ צער'פֿולער, אויסגערופֿן:

אָ, די בענקעניש, דער אומעט!
אָ, די אײנזאַמקייט, די עלנט!
אָ, דער טרויער אויפֿן האַרץ
ווי אַ שטורעם־וואָלקן שוואַרץ!

פֿון זײַן רעוואָלוציאָנערער ראָמאַנטישקייט פֿון זײַן יוגנט, מיט נאַדסאָנישע אָפּקלאַנגען, איז ער אַריבערגעגאַנגען צו אַ איכ'ישן ראָמאַנטיזם. געווען זײַנען אויך מאָמענטן, ווען דער דיכטער האָט געזוכט און געפֿונען טרייסט און אָנהאַלט אין דער נאַטור, אין אירע כּוחות און גרזאַנגען, מיסטעריעס און אַנטפּלעקונגען. אין אַזעלכע מאָמענטן האָט ער אויסגעזונגען אַ צאַרט ליד: „זומער־נאַכט":

חלומות זיסע שוועבן אויף דער ערד,
אַ שטערן ווינקט און פֿינקלט צו דער נאַכט,
וואָס ליגט פֿאַרטונקלט אין זאַנפֿטער בלומען־דופֿט,
און די לבֿנה קוקט און לאַכט...

אין יענע מאָמענטן שעפּט ער נחת פון די „אַלטע פּאַלמען־ביימער צוויי״, וואָס שטייען „ווי וועכטער״ לעבן זיין הויז, און באַזינגט דעם „לעבן־שטייגער״, גע־זאַנגען און שמועסן פון די פייגל. זיין ליד „צוויי פּאַלמען״ (1937) ענדיקט ער מיטן פערז:

| | |
|---|---|
| און דעם גאַנצן טאָג כסדר | פול מיט פייגלשע געשפּרעכן, |
| איז די נאַכבאַרשאַפט אַרום | מיט געזאַנגען און מיט שום. |

דער איינציקער, וואָס האָט פאַרעפנטלעכט אַ לענגערע אָפּשאַצונג וועגן ס. לאָפּוכאָוו־קאַרמען, איז געווען דער ערנסטער דיכטער און ליטעראַטור־פאָרשער, נ. ב. מינקאָוו, וועלכער האָט איינגעשלאָסן אַ־די עסעי אין זיין ווערטפולן דריי־בענדיקן ווערק: „פּיאָנערן פון יידישער פּאָעזיע אין אַמעריקע״ (ניו־יאָרק, 1956). די אָפּהאַנדלונג וועגן לאָפּוכאָוו־קאַרמען (אין באַנד 2) פאַרנעמט 43 זייטן.

ס'וואָלט געווען אַ וויכטיקע, ניצלעכע און דאַנקבאַרע אַרבעט פאַר אונדזערע יידישע שרייבער אין קאַליפאָרניע צו פאָרשן ווייטער די ליטעראַרישע ירושה פון ס. לאָפּוכאָוו־קאַרמען, נאָכזוכן און געפינען מער פון זיינע שאַפונגען און לעבנס־דאָקומענטן, כדי צו קריגן אַ ברייטער בילד וועגן דעם לעבן און שאַפן פון אָט־דער אײדעלער דיכטערישער פערזענלעכקייט.

(צו זיין הונדערטסטן געבוירנטאָג)

(אויגוסט 18, 1968)

# שלמה שמולעוויטש
## פאָלקס־דיכטער

(1943־1868)

דעם 13טן אַפּריל, 1968, איז געוואָרן פּונקט הונדערט יאָר, זינט אין פּינסק, ווייס־רוסלאַנד, אין דער פאַמיליע פון אַן אָרעמען חזן, איז געבוירן געוואָרן דער באַ־רימטער יידישער פאָלקס־דיכטער שלמה שמולעוויטש (1943־1868).

געקומען איז שלמה שמולעוויטש קיין אַמעריקע אין 1891 — אין עלטער פון 23 יאָר. די מערסטע יאָרן פון זיין לעבן און שאַפן, זיינען, הייסט עס, דורכגע־גאַנגען אין אַמעריקע. דאָך האָט ער מיט זיך אַהער אין לאַנד מיטגעבראַכט אַ רייכן אוצר פון יידישער פאָלקס־טראַדיציע, אַן אוצר פון יידישער פאָלקס־נגינה, פון פאָלקס־ניגון. דאָ אין לאַנד איז ער מיט דער צייט געוואָרן, אין אַ באַדייטנ־דיקן זין, אַן אַמעריקאַנער יידישער דיכטער. ווי די מערסטע דיכטער פון זיין צייט, אין אָנהויב ניינציקער יאָרן, נאָך זיין אָנקומען קיין אַמעריקע, האָט ער זיך באַהעפט מיטן לעבן און מיט די ליידן פון די ניי־איינגעוואַנדערטע יידישע פאָלקס־מאַסן. ער האָט אָנגעהויבן זינגען זיין סאָציאַל־נאַציאָנאַל אַמעריקאַניש־יידיש ליד — פאַרשטייט זיך אויף זיין שטייגער: פּרימיטיוו, פאָלקסטימלעך, אויפריכטיק, רוי, ניט־געשליפן.

דיכטעריש איז ער געווען אַ פֿאַרזעצער און יורש פֿון די פֿאָלקס־זינגער בערל בראָדער און וועלוול זבאַרזשער, פֿון דער ליד־טראַדיציע פֿון אליקום צונזער (1913־1836) — אַ ממשיך, הייסט עס, פֿונעם בדחנישן ליד. דער חותם פֿון פֿאָלקס־טימלעכקייט, פֿון אמתדיקן פֿאָלקס־טאָן, איז געלעגן אויף זיינע מערסטע לידער. אייניקע פֿון זיי, ווי למשל, „אַ בריוועלע דער מאַמען" און אַנדערע, זיינען אַריין אין פֿאָלק — געבליבן פֿאָלקס־לידער. דאָס מיינט: זיי האָבן אָנגערירט אַ סטרונע אין האַרץ פֿון פֿאָלק. דאָס איז אויך געווען נאַטירלעך: דער פֿאָלקס־דיכטער, וואָס האָט געשאַפֿן זיין פּשוט, עכט ליד פֿון האַרצן, און האָט דאָס ליד באַגלייט מיט זיין אייגענער מוזיק, האָט זיינע מאָטיוון תּמיד געשעפּט פֿונעם לעבן פֿון פֿאָלק: פֿון זיין נויט, דלות, ראַנגלעניש פֿאַר עקזיסטענץ אויפֿן נייעם האַרטן באָדן פֿון אַמעריקע.

דער פֿאָלקס־דיכטער האָט אויף זיין תּמימותדיקן אופֿן, — אמת, מיט ווערטער אָפּט־אומגעהובליעוועטע — אויסגעזונגען דעם ווייַ, די פֿיזישע און גייסטיקע יסורים פֿון זיינע ברידער און שוועסטער — האָרעפּאַשנע יידן, געקומענע פֿון דער „אַל־טער היים" און אַריינגעוואָרפֿענע אין די היגע שוויץ־שעפּער.

ווען דער יונגער, פֿיל־געליטענער דיכטער־אימיגראַנט איז געקומען אַהער אין לאַנד, האָט דאָ אָנגעהויבן וואַקסן און בליען אַ ניי־אויפֿגעקומענע סאָציאַלע יידישע דיכטונג, מעדסטנס און דער עיקר מיטן טראָפּ אויף אַרבעטער־מאָטיוון. דעם אויבן אָן האָבן פֿאַרנומען די „גרויסע פֿיר": די פּיאָנערן פֿון יידישן פּראָלעטאַרישן ליד: מאָריס ווינטשעווסקי, דוד עדעלשטאַט, יוסף באָוושאָווער, מאָריס ראָזענפֿעלד. זיי האָבן פֿאַרקלונגען די יידישע אַרבעטער־גאַס מיט זייערע וועק־און רוף־לידער, מיט לידער פֿון אַרבעטער־נויט, ליידן און קאַמפֿן.

אויף דער יידישער אַמעריקאַנער גאַס האָבן דאַן געווירקט און געשאַפֿן אויך די דיכטער־מיטצייטלער: עוזר סמאָלענסקין (1937־1863), פּראָפֿ. געצל זעלי־קאָוויטש (1926־1863), לעאָן זאָלאָטקאָף (1938־1866), אברהם־מיכל שאַרקאַנסקי (1907־1867), אפֿרים־לייב וואָלפֿסאָן (1946־1867), דוד גאָלדשטיין (1931־1868), אברהם ראַדוצקי (1928־1868), יעקב מאַרינאָוו (1892־1869), אַננאַ ראַפּאַפּאָרט (1870־1920), יוסף שלמה פֿרענאָוויץ (1938־1871), נחום באַבאַד (1903־1872), אַב. וויקטאָר (1954־1872), און פֿיל אַנדערע.

די מערסטע פֿון זיי האָבן געזוכט און געפֿונען דעם וועג צום פֿאָלק — צום יידישן שאַפֿ־אַרבעטער. מיט דער צייט האָבן אייניקע פֿון זיי אָנגעהויבן שאַפֿן אויך לירישע יחידישע לידער. יעדער פֿון זיי האָט, אין אַ גרעסערער אָדער קלע־נערער מאָס, געהאַט זיין אייגענעם טאָן.

זיי אַליין זיינען געווען אַן אָרגאַנישער טייל פֿון דער נייער, ערשט־געקומע־נער יידישער אימיגראַנטישער מאַסע — און זייער ליד האָט אויף אַן אינטים־רעאַליסטישן אופֿן געזוכט אָפּשפּיגלען די שווערסטע, ביטערסטע איבערלעבונגען פֿון די נייע איינוואַנדערער, שוין ערב זייער אַריינקומען אין נייעם לאַנד. עליס איילאַנד — דער טרערן־אינדזל — איז דאַן געווען אַ לעבעדיקע טעמע. צווישן די מאָטיוון פֿון די דיכטער זיינען געווען: די בענקשאַפֿט פֿונעם אימיגראַנט אַהיים („אַ בריוו צו דער מאַמע" — פֿון אַ. מ. שאַרקאַנסקי; „אַהיים וועל איך פֿאָרן, קיין וולעדניק" — פֿון מיכל קאַפּלאַן, א. אַנד.), די גרויסע שוועריקייטן אין צו־פּאַסן זיך צו דער נייער היים, די דאגות־פּרנסה, די דזשאָב־זוכעניש, די שאַפּ־

לײדן, די „נײע" דירה (דער „טענעמענט") — מערסטנס אַ פײער־פּאַסטקע, די אַרבעטלאָזיקײט, ביטערע נויט.

די מערסטע ייִדישע זינגער פון שאַפּ און נויט זײַנען, װי זײַערע ברידער און שװעסטער, געװען גרויסע אָרעמעלײַט, שאַפּ־אַרבעטער, אין כסדרדיקן געראַנגל קעגן דלות, קרבנות פון עקספּלואַטאַציע.

אפילו די „יונגע", די דיכטער פון אַ שפּעטערדיקן פּעריאָד, װי מאַני לײב האָבן געהאַט צו דערצײלן װעגן זײער לעבן פון אָרעמקײט און שװערער, לאַנג־יאָריקער אַרבעט אין שאַפּ. אַ פּשיטא שוין די דיכטער, װאָס זײַנען געקומען אַהער אין די שװערע נײַנציקער יאָרן.

צװישן שמולעװיטשעס לידער פון יענעם פּעריאָד איז פּאָפּולער געװאָרן זײַן ליד „עליס אײלאַנד", װאו ער האָט מיט האַרץ, ערלעך און אויפריכטיק, געשילדערט די איבערלעבונגען פון ייִדישע אימיגראַנטן אין דעם טרערן־אינדזל בײַ דער שװעל פון „קאָלומבוסעס מדינה". זײ שטײען־אויס באַלײדיקונגען. מען איז זײ „בוחן ובודק" יעדן אבר; מען מאַטערט זײ מיט פראַגן:

צי קענסטו אַ שפּראַך? צי האָסטו אַ פּאַך?
צי בהענגסטו מיט זיך געלט אַ סך?
דער ייִד ענטפערט: נײן! צוריק מוז ער גײן.

דער פאָלקס־דיכטער דערשפּירט זיך אין דער ראָל פון אַ שליח־ציבור, אַ װאָרטזאָגער פאַר די באַ׳עװל׳טע און באַלײדיקטע, װאָס געקומען זײַנען זײ אַהער געפינען אַ מקום־מנוחה אין דער „גרויסער מדינה פון פערציק־אַכט שטערן", און דאָ, נאָך אײדער מען עפנט פאַר זײ אַ טיר, פלאָגט מען זײ װידער; מען צערײסט פאַמיליעס; אײניקע לאָזט מען אַרײַן און אַנדערע משפּחה־מיטגלידער שיקט מען צוריק (צוליב אַ מום, געלט־מאַנגל א. אַנד.). דער דיכטער קומט צו די מאַכט־האָבער מיט מאָנונג אין נאָמען פון יושר:

„װײַכט־אויס דײַנע טרערן, װאַשט־אָפּ אײַער פלעק,
מעקט־אָפּ פון דעם אינדזל דעם שװינדער און שרעק!"
„... מיט פרײַנטלעכקײט זאָגן זאָלט איר:
װילקאָמען! מיט גליק!
אָ! שיקט ניט צוריק..."

אין זײַנע אַמעריקאַניש־ייִדישע לידער האָט ער געגעבן קאָנקרעטע בילדער פון ייִדישער נויט, פון דלות און דחקות אויף דער איסט־סאַײד; פון אָרעמע טע־נענטס, װאָס װערן ברוטאַל אַרויסגעװאָרפן מיט די בעבעכעס אויף דער גאַס:

פאַרשעמט און פאַרשטויסן,
די אָרעמקײט דרויסן,
די הערצער, די מעבל צעבראָכן,
פאַרלאָרן איז אַלעס,
פאַראורטײלט פון דלות,
קײן אויסװעג, קײן ברעקל בטחון.
(פון ליד „דער סקול־באָי")

אין דער רעאַליסטישער שילדערונג פון שװידערלעכער נויט איז שוין געװען ניט בלויז דעם דיכטערס טיפער מיטלײַד, נאָר אויך זײַן פּראָטעסט, זײַן װײטאָג און צאָרן.

שמולעװיטשעס אַ האַרציקע, רירנדיקע באַלאַדע, װאָס װערט עד־היום גע־זונגען אין ייִדישע ישובים, איז זײַן באַרימט־געװאָרן „אַ בריװעלע דער מאַמען".

ניט אין יידישע מוטער האָט פאַרגאָסן טרערן ביים זינגען אָדער הערן זינגען אָט־דאָס עכט־פאָלקסטימלעך ליד מיטן רעפרעין:

אַ בריוועלע דער מאַמען
זאָלסטו ניט פאַרזאַמען;
שרייב געשווינד,
ליבעס קינד,
שענקט איר די נחמה.

אַזוי האָט זיך די מאַמע אין דער „אַלטער היים" געבעטן ביים ניו־יאָרקער זון וואָס „לעבט גאָר גרויס" — און זיך טאַקע קיין בריוול פון אים ניט דערוואַרט...

שלמה שמולעוויטשעס ליד אין אַמעריקע איז פאַקטיש — אין דעם נייעם אינהאַלט — געווען אַ המשך פון זיין פאָלקסטימלעך ליד, וואָס ער, דעם חזנס זון און משורר ביים פאָטער שוין אין עלטער פון פינף יאָר אין קאַרלין, האָט גע־ירשנט פון חזנות.

נאָכדעם ווי דאָס אָרעמע ייִנגל פון פינסק האָט אין עלטער פון 12 יאָר פאַר־לוירן זיין פאָטער, איז ער געוואָרן אַ שניידער־בחור, און אַ משורר ביים פינסקער חזן, דערנאָך אַ כאָר־זינגער, שפּעטער — אַ גאַסן־זינגער.

אין עלטער פון דרייצן יאָר האָט ער געשאַפן זיין ערשט ליד, טאַקע וועגן זיך אַליין: „דער עלנטער יתום". דער יתום האָט אָנגעהויבן וואַנדערן איבער שטעט און שטעטלעך, זינגען לידער — זיינע אייגענע טעקסטן און מעלאָדיעס.

שפּעטער, אין מינסק, האָט זיך אָנגעהויבן זיין בדחן־„קאַריערע". בדחנים פון די אַרומיקע שטעט האָבן מיט דערפאָלג גענוצט שמולעוויטשעס לידער מיט מעלאָדיעס.

אין 1891 איז אין ווילנע דערשינען זיין ערשטע לידער־זאַמלונג: „צעהן נייע יודישע פאָלקס־לידער, פערפאַסט מיט דיא האַרמאָניק פון מוזיק־בעגלייטונג, טעקסט מיט געזאַנג פון שלמה שמואילעוויץ בדחן ממינסק כעת בווילנע" (64 זייטן). אין יענעם יאָר האָט זיך דער דיכטער באַזעצט אין אַמעריקע, וואו ער איז אויפ־געטראָטן מיט קאָנצערטן, זינגענדיק זיינע אייגענע לידער.

צווישן זיינע העכער 500 לידער מיט מעלאָדיעס זיינען באַזונדערס שטאַרק פּאָפּולער געוואָרן: „חווה", „ויתן לך", „דאָס בלומענקרענצעלע", „אַ בריוועלע דער מאַמען" און פיל אַנדערע.

אַ באַזונדער קאַפּיטל אין שמולעוויטשעס שאַפן איז געווען זיין ביישטייער פאַרן יידישן טעאַטער: צען איין־אַקטיקע אָפּערעטעס, פיר מוזיקאַלישע קאָמעדיעס, העכער 100 „פּיעסן" פאַר פּיאַנאָ.

אין 1914 איז דערשינען זיין בוך „פּאָעמעס און לידער"; „אין 1918 — זיין בוך מיט פּופּציק „אָריגינעלע רעטענישן". ער איז אויך געווען דער מחבר פון אַ דראַמאַטישער פּאָעמע: „אדם הראשון", ראָמאַנסן, קינדער־און שלאָפלידער. יידישע פאָלקס־זינגער אין אַמעריקע, ענגלאַנד, פּוילן, רוסלאַנד, פלעגן זיך אָפט באַנוצן מיט זיין רעפּערטואַר.

פאַר מיר ליגט זיין ביכעלע מיט בלויע טאָוולען: „פון אונזער פאָלקס־קוואַל: לעגענדעס און באַלאַדן", אַרויסגעגעבן אין ניו־יאָרק אין 1940 דורך דעם מחבר (249 טעטפאָרד עוועניו, ברוקלין, נ. י.). צווישן די לעגענדעס זיינען: „גאָט האָט געגעבן", „די גלחטע און דער תנא", „צוויי געטרייע חברים", „דער ברילינאַנט", „דער ויכוח", א. אַנד.

דאָס ביכעלע (64 ז"ז), אַרויסגעגעבן דריי יאָר פאַר דעם דיכטערס טויט, שליסט

זיך מיט אַ ליד „די איינזאַמקייט און איך״ — וועגן זיין ביטערן עלנט:

די איינזאַמקייט היט מיך
און נעמט מיך אַרומעט,
זי שלעפט מיך, זי ציט מיך
צום אָפּגרונט פון אומעט.

אַ טרעפלעכע זעלבסט־כאַראַקטעריסטיק פונעם דיכטער און זיין פאָלקס־ליד ווערט געגעבן אין דעם ליד, מיט וועלכן דאָס ביכעלע עפנט זיך: „צו מיין פאָלק״.

מיינע לידער זיינען דיינע,
כ׳האָב מיין פאָלק זיי דיר געשענקט,
כ׳קען ניט אָנרופן זיי מיינע;
דיין געדאַנק האָב איך געדענקט.

דיין געפיל האָב איך געפאַנגען,
מיט דיין פאָלקס־שפּראַך זיך באַנוצט,
כ׳האָב מיט דיינע פאָלקס־געזאַנגען
זיך אַ צייט געציערט, געפּוצט...

און צום סוף פון ליד דריקט זיך אויס דער דיכטער וועגן זיין בייטאָג, זיין געזאַנג:

כ׳האָב, מיין פאָלק, דאָס דיר געגעבן,
קיינמאָל ניט געוואָרן מיד,
אויב מיין ליד ביים פאָלק וועט לעבן,
וועל איך לעבן אויך אין ליד...

יאָ, דער דיכטער לעבט אין זיין ליד.

זונטאָג, מערץ 31, 1968.
צו זיין 100טן געבוירנטאָג דעם 13טן אַפּריל, 1968.

# דוד גאָלדשטיין

(1931-1868)

דוד גאָלדשטיין (1931-1868), אַ פּאַרגעסענער, אָדער כמעט פאַרגעסענער, איינער פון די פיל פאַרגעסענע, פאַרנאַכלעסיקטע יידישע דיכטער. אַ פאַרגעסענער מיינט במילא אַ באַוולהטער, אַ געקריוודעטער.

שוין ביי זיין לעבן — אַ טראַגיש, שווער און ביטער לעבן — איז דער צאַר־טער, איידעלער, סענסיטיווער דיכטער דוד גאָלדשטיין — געווען אַ פאַרגעסענער. ער האָט טיף געליטן און געווייטאָקט פון אָט־דעם וויסטן גורל פון פאַרגעסן ווערן — פאַרגעסן פון פריינט און קאָלעגן, פון דער יידישער שרייבער־סביבה.

וועגן דעם, אַז אָט־דער עכטער סאָציאַלער און לירישער דיכטער איז געווען פאַרגעסן שוין ביי זיין לעבן, דערציילט אַ באַריכט אין „מאָרגן־זשורנאַל״ פון 26טן נאָוועמבער, 1931 — 2 טעג נאָכן דיכטער פריצייטיקן טויט אין עלטער פון 63 יאָר אין דער „מאָנטעפיאָר היים פאַר אומהיילבאַרע״ אין בראָנקס, ניו־יאָרק.

דער לוויה־באַריכט דערציילט: „דער שיקזאַל פון דעם טאַלענטירטן, אָבער כמעט פאַרגעסענעם דיכטער איז געווען אויסגעהאַלטן ביז דעם לעצטן מאָמענט. און ווי ער האָט אין לעבן באַגלייט דעם עלנטן, פיין־פילנדן פּאָעט אויף שריט־און־טריט, אַזוי האָט ער אים ניט אָפּגעלאָזט ביזן סאַמע קבר״.

ביטער איז געווען דער גורל פונעם טאַלאַנטפולן פּאָעט, וועלכער איז געווען באַשיידן, טיף־אויפריכטיק אין זיין ליד.

וועגן דעם דיכטער, וועלכער האָט אָנגעהויבן זיין שאַפן ווי אַ רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־פּאָעט, האָט עטוואָס געשריבן דער פּראָגרעסיווער שריפטשטעלער, שאַ־פערישער ליטעראַטור־פאָרשער און געלערנטער קלמן מרמר אין זיין בוך „דער אָנהייב פון דער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע" (ניו־יאָרק, 1944). אַ ברייטע אָפּשאַצונג (פון 25 זייטן) וועגן דעם לעבן און שאַפן פון דוד גאָלדשטיין איז איינ־געשלאָסן אין דעם וויכטיקן, ווערטפולן, דריי־בענדיקן ווערק פונעם פּראָדוקטיוון, פריצייטיק־פאַרשטאָרבענעם פּאָעט און ליטעראַטור־פאָרשער נ. ב. מינקאָוו: „פּיאָ־נערן פון דער יידישער פּאָעזיע אין אַמעריקע" (ניו־יאָרק, 1956). מינקאָוו שרייבט מיט גרויס וואַרעמקייט און טיפער אָנערקענונג וועגן די ליטעראַרישע בייטראָגן פון דוד גאָלדשטיין, וועגן זיין סאָציאַלן ליד און, דער עיקר, וועגן זיין אינטים, לירישע, יחידיש ליד אין די ראַמען פונעם היסטאָרישן פּעריאָד פון זיין שאַפן. מינקאָוו אונטערשטרייכט מיט רעכט דעם פּיאָנערישן מאָמענט, ווי אויך דעם פּראָ־לעטאַרישן, רעוואָלוציאָנערן חותם פון דער צייט (סוף אַכציקער יאָרן פון לעצטן יאָרהונדערט) אויף די לידער פונעם דיכטער גאָלדשטיין, וועלכער איז געבליבן אַן ערלעכער, איבערצייגטער סאָציאַליסט ביזן סוף פון זיין ליידנפולן לעבן.

נ. ב. מינקאָוו, דער ערנסטער, מיזאַמער ליטעראַטור־פאָרשער און געטרייער היטער פונעם גרויסן גאָרטן פון יידיש־שאַפן, האָט באַזירט זיין אָפּשאַצונג אויף דוד גאָלדשטיינס איינציקער לידער־זאַמלונג „ווינטער־בלומען", וואָס איז דערשינען אין ניו־יאָרק אין 1916, ווי אויך אויף אַ צאָל פונעם דיכטערס לידער, וואָס זיינען דערשינען אין די זשורנאַלן „צוקונפט" און „וועקער", פון 1916 ביז נאָוועמבער, 1931, ווען גאָלדשטיין איז אַוועק אין דער אייביקייט. מינקאָוו ציטירט אין זיין אָפּהאַנדלונג אויך אַ פּאָר גאָלדשטיין־לידער, וואָס זיינען אָפּגעדרוקט געוואָרן אין „טאָג" און „מאָרגן־זשורנאַל" באַלד נאָכן דיכטערס טויט.

אָנווייזנדיק אויפן שטענדיקן שאַפערישן אומרו, וואָס פלעגט באַוועלטיקן דעם דיכטער גאָלדשטיין, אויף זיין כסדרדיקן אַרומטראָגן זיך מיט לידער און בילדער אין האַרץ און אין מוח, איז מינקאָוו געקומען צום אויספיר: „דאָך האָט ער קיין צו־גרויסע ליטעראַרישע ירושה ניט איבערגעלאָזן" (באַנד איינס, ז׳ 195). מינקאָוו האָט ביים שרייבן זיין אָפּשאַצונג, פאַרשטייט זיך, ניט געקאָנט וויסן דאָס, וואָס ס׳איז לעצטנס — צוריק מיט עטלעכע וואָכן — באַקאַנט געוואָרן: אַז דער דיכטער גאָלד־שטיין האָט איבערגעלאָזט אַ היפּשע, ניט־פאַרעפנטלעכטע ליטעראַרישע ירושה.

וועגן די ניי־געפונענע, פאַרנאַכלעסיקטע פּעק מיט כתבים, וואָס גאָלדשטיין האָט פאַר זיין טויט איבערגעלאָזט, האָט לעצטנס דערציילט אברהם זיגלבוים (אין „פאָר־ווערטס" פון 28טן יאַנואַר, 4טן פעברואַר און 11טן פעברואַר, 1968). עס ווייזט זיך אַרויס, אַז די פּעק מיט כתבים האָט געהאַלטן און אָפּגעהיט גאָלדשטיינס טאָכטער, מרס. דזשין ראָוז זעין („ראָזעלע" פלעגט זי דער פאָטער רופן), אַ זשורנאַליסטין אין ענגלישע זשורנאַלן, אַן אָפּגעפּרעמדטע פון יידישן לעבן. אין אַן ערנסט־קראַנקן צו־שטאַנד, ערב אַ געפערלעכער אָפּעראַציע, האָט זי פון שפּיטאָל זיך געשטעלט שריפט־לעך אין פאַרבינדונג מיט די ביבליאָטעקאַרס פון דעם „היברו יוניאָן קאָלעדזש" אין לאָס־אַנדזשעלעס: געבעטן זיי קומען צו איר דירה אָפּנעמען די פּעקלעך יידישע כתבים, וואָס איר פאָטער האָט איבערגעלאָזט נאָך אין 1931, און זען ווי ווייט מעגלעך

פֿאַרעפֿנטלעכן זיי. מרס. זעין איז אין עטלעכע טעג אַרום (דעם 9טן אָקטאָבער, 1967) געשטאָרבן אין „סיטי אָוו האָופּ״, דוראַנטי, קאַליפֿאָרניע. די ביבליאָטעקאַרס צו־זאַמען מיטן שרייבער אברהם זיגלבוים האָבן פֿאַר דעם טויט פֿון מרס. זעין אַרויס־געקראָגן איר פּאַטערס פּעק מיט כתבים.

זיגלבוים גיט־איבער, אַז גאָלדשטיינס ניי־געפֿונענע ליטעראַרישע ירושה אַנט־האַלט: אַ לידער־בוך „חזיונות״, איינגאַנצן צוגעגרייט צום דרוק (דער מחבר האָט פֿאַר זיין טויט געאַרבעט אויף די קאָרעקטורן); אַ לידער־העפֿט — עפּיגראַמען און סאַטירישע בילדער; אַ העפֿט מיט דראַמאַטישע סקיצן; היסטאָרישע סצענעס; מעמואַרן; פֿאַרצייכענונגען; בריוו א. אַנד.

עס ווייזט זיך אויך אַרויס פֿון די בריוו, אַז פֿאַר זיין טויט האָט דער דיכ־טער גאָלדשטיין געלאָזט וויסן דעם פּרץ־שרייבער־פֿאַראיין, אַז ער האָט אַ פּאַק מאַנוסקריפּטן, וואָס ער וויל איבערגעבן אונטער דער אויפֿזיכט פֿון דער שרייבער־אָרגאַניזאַציע. ווען אַ פֿאָרשטייער פֿונעם שרייבער־פֿאַראיין איז געקומען אין שפּיטאָל זען זיך מיטן דיכטער, איז שוין גאָלדשטיין געווען טויט.

מיר דערוויסן זיך אויך, אַז פֿון זיין קראַנקן־בעט האָט דער מחבר געשריבן אַ בריוו צו ש. זאַקס, דאַמאָלסדיקער מיטרעדאַקטאָר פֿון „צוקונפֿט״. דער דיכטער באַקלאָגט זיך אין זיין בריוו, אַז ער, וואָס איז געווען דער „אַנטדעקער״ פֿונעם גרויסן אַרבעטער־פּאָעט מאָריס ראָזענפֿעלד, איז אַליין געבליבן „נישט קיין אַנטדעקטער און פֿאַלגלעך אַ פֿאַרגעסענער״. גאָלדשטיין שרייבט צום סוף פֿון זיין רירנדיקן בריוו צו ש. זאַקסן:

„ביי מיר ליגן פֿיל ווערטפֿולע מאַטעריאַלן; עס האַלט שוין ביים אַריינגיין אין פֿאַרגעסנקייט. איך קאָן דאָס מער נישט פֿאַרהיטן״.

אויף זעקס־און־דרייסיק יאָר (פֿון 1931 ביז סוף 1967) זיינען גאָלדשטיינס כתבים געבליבן פֿאַרמשפּט צו „פֿאַרגעסנהייט״, צו פֿאַרשטומטקייט.

דער זעלבער גורל האָט געטראָפֿן זיין צוואה, וואָס ער האָט אָנגעשריבן דעם 15טן נאָוועמבער, 1931, און וואָס איז געבליבן ליגן צווישן זיינע פֿאַרשטויבטע, נאָך צום־הימל־שרייענדיקע מאַנוסקריפּטן. אין זיין צוואה האָט ער געבעטן:

„אַרויסגעבן מיינע לידער אין אַ באַנד, די לידער וואָס מען וועט געפֿינען ביי מיר ריין־איבערגעשריבענע. די אַרבעט אויף סאָרטירן און ברענגען אין סדר טרוי איך אָן:

„אברהם ליעסין, ד. קאַפּלאַן פֿון ,פֿאָרווערטס׳, און אויב לעאָן מאָיסעיעף וויל צולייגן אַ האַנט, וואָלט געווען מיין וואונטש אַ דערפֿילטער״.

אָבער פֿונעם „סאָרטירן״ און רעדאַקטירן און אַרויסגעבן דעם דיכטערס ליטע־ראַרישע ירושה האָט זיך אויסגעלאָזט אַ נעכטיקער טאָג. קיינער האָט זיינע איבער־געלאָזטע שריפֿטן ניט אַרויסגעגעבן.

דעם דיכטערס טאָכטער האָט אין איר בריוו צום „היברו יוניאָן קאָלעדזש״ דערציילט, אַז די פּעקלעך מיט איר פֿאָטערס כתבים האָט זי אָפּגעהיט, „ווי דאָס אויג אין קאָפּ״. זי שרייבט, אַז זי האָט זיך געווענדט צו פֿאַרשיידענע מענטשן מיט דער דרינגלעכער בקשה איבערצונעמען די מאַנוסקריפּטן, נאָר דערפֿון איז גאָרניט ניט געוואָרן. „אפשר האָב איך זיך ניט געווענדט צו די געהעריקע מענטשן״, האָט זי אין איר בריוו געשריבן.

אָט־די פּראָסטיקע קאַלטקייט, די שטיינערנע גלייכגילטיקייט, די גראָבע אומ־

אַכטונג צו די כתבים פון אַן עלנטן, באַליידיקטן, אין־איינזאַמקייט־געשטאָרבענעם דיכטער, נאָך זיין מאַטערן זיך אַ פּאָר יאָר אין שפּיטאָלן, איז אַ שאַרפע אָנקלאָגע קעגן אַן אַטמאָספער פון רשעות, ציניזם און ביטול־באַציאונג צו שרייבער אָן עלנ־בויגנס. אַזאַ באַציאונג ווייזט אויך שרעקלעכן מאַנגל אין פאַרשטענדעניש פאַר קולטור־ווערטן.

* * *

דוד גאָלדשטיין, אַ געבוירענער אין יאַגוסטאָווא (סואוואַלקער גובערניע) אין אַ פרומער יידישער משפחה, האָט אין עלטער פון 14 יאָר אויסגעוואַנדערט קיין ענג־לאַנד. דאָרט האָט ער פיר יאָר געהאָרעוועט אין די פאַבריקן און האָט זיך פאַרבונדן מיט דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, דער עיקר מיט דער אַנאַרכיסטן־סביבה. אין עלטער פון 18 יאָר (אין 1885) איז ער שוין געקומען קיין ניו־יאָרק; געווען אַקטיוו צווישן די יידישע אַנאַרכיסטן אין ניו־יאָרק און פילאַדעלפיע. אין 1887 האָט ער אָנגעהויבן דרוקן זיינע לידער — אין גייסט פון זיין סביבה און צייט: לידער פון אַרבעטער־נויט און ליידן, פון שאַפּ־אַטמאָספער, טרערן־לידער, וועק־און־רוף־לידער, צאָרן־און קאַמף־לידער.

מינקאָוו אונטערשטרייכט: גאָלדשטיין האָט אָנגעהויבן פאַרעפנטלעכן זיינע לי־דער צוויי חדשים פאַר מאָריס ראָזענפעלדן און צוויי יאָר פאַר דוד עדעלשטאַטן. אַט־דעם פאַקט דאַרף מען האָבן אינזינען ביים אָפּשאַצן דעם פאָעטישן ווערט פון גאָלדשטיינס לידער.

דער סאָציאַלער פּעריאָד פון גאָלדשטיינס שאַפן האָט אָנגעהאַלטן אַרום 19 יאָר — פון 1887 ביזן יאָר 1906. דערנאָך איז געקומען אַ פּעריאָד פונעם דיכטערס שטיל־שווייגן (ניט־שרייבן), וואָס האָט געדויערט ביזן יאָר 1912. זינט דאַן האָט זיך אין גאָלדשטיינס שאַפן אָנגעהויבן אַ פּעריאָד פון 19 יאָר ביזן סוף פון זיין לעבן, ווען זיין דיכטונג האָט זיך הויפּטזאַכלעך אויסגעצייכנט מיט ריין־אינדיווידועלע, אינטים־לירישע, יחידישע לידער, „איך"־לידער. קענטיק, אַז דער לירישער טאָן איז געווען דער סאַמע עיקר און תוך פון גאָלדשטיינס פּאָעטישן שאַפן.

מיר האָפן, אַז גאָלדשטיינס פאַרבליבענע ניט־פאַרעפנטלעכטע ירושה וועט סוף־כל־סוף אַרויסגעגעבן ווערן, דערזען די ליכטיקע שיין — באַגלייט מיט אַ געהעריקן אַריינפיר.

אין זיין לידער־בוך „ווינטער־בלומען" האָט גאָלדשטיין איינגעשלאָסן בלויז אַ צאָל סאָציאַלע לידער. פון זיי איז צו זען, אַז בעת זיי דריקן־אויס דעם דיכטערס צער און צאָרן אויפן שווערן גורל פון זיינע קלאַסן־ברידער און שוועסטער — די עקספּלואַטירטע יידישע און ניט־יידישע פּראָלעטאַריער אין די שוויץ־שעפּער — האָט דער דיכטער אין אַ געוויסן זין געצאָלט צינז צו זיין צייט — די צייט, ווען די דאָמינירנדיקע מאָטיוון אין דער אַמעריקאַנער יידישער פּאָעזיע (אין די אַכציקער און ניינציקער יאָרן פון לעצטן יאָרהונדערט) זיינען געווען רעוואָלוציאָנערע, פּראָלע־טאַריש־סאָציאַליסטישע.

גאָלדשטיין — אין תוך אַ לירישער דורך־און־דורך — האָט אין זיינע אַרבע־טער־לידער ניט דערגרייכט די מייסטערשאַפט פון די פיר הויפּט־פּיאָנערן און פּאָ־טערס פון דער יידישער פּראָלעטאַרישער דיכטונג אין אַמעריקע — מאָריס ווינ־טשעווסקי, דוד עדעלשטאַט, מאָריס ראָזענפעלד און יוסף באָוושאָווער, פון וועמען ער איז, אין אַ געוויסער מאָס, געווען באַאיינפלוסט, כאָטש ער האָט אָנגעהויבן דרוקן

זיינע לידער נאָך פאַר ראָזענפעלדן, עדעלשטאַטן און אַוודאי באָווּשאָווערן.

זיינע סאָציאַלע לידער, כאָטש רוי און פרימיטיוו אין פאָרם, אָרעם אין שפראַך און בילד אין פאַרגלייך מיט זיינע שפּעטערדיקע נאַציאָנאַלע מאָטיוון, לידער פון־נעם פעריאָד פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, און באַזונדערס ליריש־אינטימע לידער, ווירקן אָבער מיט זייער עכטקייט, מיט זייער אוממיטלבאַרקייט און עמאָציאָנעלער קראַפט.

צו יענעם ערשטן, סאָציאַלן פעריאָד אין גאָלדשטיינס שאַפן געהערן אַזעלכע סענטימענטאַלע, תמימותדיקע לידער, ווי „דער עקספּרעס" (1887), „מיין איכה" (1889), „בעיבי'ס טרערן" (1892), „דער רעבעלעשער שקלאַף" (1892), „אַלטע יאָרן" (1903), „פרייהייט־געזאַנגען" (1906), „צו דעם 18טן מערץ" (1903), אויך די לידער „זעלבסטמאָרד", „פרייהייט־פרילינג", „צום אַרבעטער", „ווינטער־לידער", „הונגער־לידער", א. אַנד. (פאַרעפנטלעכט אין די יאָרן צווישן 1889 און 1906).

סיי לויט זייער טעמאַטיק, סיי לויט זייער רעוואָלוציאָנערן גייסט און תוך, זיינען אָט־די לידער געשטאַנען נאָענט צו די לידער פון די פיר אויבן־דערמאָנטע אָבות פון דער יידישער אַרבעטער־דיכטונג אין אַמעריקע. מען דערהערט דערביי דעם דיכטער גאָלדשטיינס אייגן קול — כאָטש ס'איז אַ קול אין אַ כאָר, בציבור.

אין זיין ליד „דער רעבעלישער שקלאַף" זעט דער דיכטער זיין העלד ווי אַ מאַרשירער פאָרויס אין די רייען פון די אונטערדריקטע:

ער האָט זיך געשוואוירן
ניט רוען, ניט ראסטן —
ביז דער שקלאַפנדיקער גיבור דערוואַכט.

ביז ער שלײדערט אין צאָרן
פון זיך אַלע לאַסטן...
ביז דער שקלאַף דער בלינדער דערוואַכט.

איר האָט דאָ אַן אייגן, אייגנאַרטיק דיכטעריש וואָרט — באַזונדערס ווען איר געדענקט די דאַטע: 1892.

אין גאָלדשטיינס ליד „אַלטע יאָרן", וואו עס קומט צום דיכטערישן אויסדרוק זיין געדעכטער צאָרן, צוזעענדיק „די מאַסע די גרויסע געפאַנגען" (אין די פאַבריקן ווי אין תפיסות), מוז אויך דער היינטיקער לייענער פאַרכאַפּט ווערן פון אַזאַ קרעפטיקן פערז, ווי:

זע נאָר די געטער, זיי בלייבן פאַרגאַפט,
און שטוינען מיט וואונדער אויף אַלץ וואָס דו שאַפסט,
און פרעגן מיט שטוינען ווי קאָן אַזאַ קראַפט
בלייבן געבונדן, געצאַמט און — פאַרשקלאַפט ?
שטאַרקער און מעכטיקער ביסטו פון געטער —
דו קענסט באַשטימען דיין צוקונפט, דיין שפּעטער,
און ברענגען פאַר אַלע אַ זאַניקן (זוניקן) וועטער,
אַרויס פון תפיסה ! די קייטן צעשמעטער !

צי ווערט איר ניט פאַרכאַפּט פון דער דרייסטער, מוטיקער שורה: „שטאַרקער און מעכטיקער ביסטו פון געטער" ? צי דערמאָנט זי אייך ניט אין י. באָווּשאָווערס אָריגינעלער געוואַגטער שורה אין פערז:

אַ שטיקעלע שטויב אין גרויסן, ברייטן וועלט־רוים,
דאָך שטאָלצער פון אַ גאָט דורך זעלבסט־באַוואוסטזיין,
האָב איך, אַ טרוימער, געוואַנדלט דורך דעם לעבן. (פון ליד „אומרו")

מיט מאָדערנער פאָרם־פאָרגעשריטנקייט, נענטער צו אונדזער היינטיקער צייט, קלינגט אויך גאָלדשטיינס גערעאָטן ליד „פרייהייט־געזאַנגען" (1906). הערט אַ קרעפּ־טיקן טאָן שוין אין סאַמע ערשטן, פירנדיקן, וואַרעמען, אויפּבראַוזנדיקן פערז:

איך טרוים פון דעם מענטשן פון קומענדע דורות,
איך שאַף זיינע פריידן, און אַמאָל זיין געשטאַלט,
איך רייס־דורך די ווייטקייט פון צייט און פון רוים,
און טראָג מיך צו אים דאָרט מיט שטורעם־געוואַלט.

מיר דוכט, אַז דער דור פון היינט קאָן קלאָר דערהערן דעם דיכטערס ערלעכע שטים פון נעכטן, פון שטורעם־יאָר 1906, און דערשפּירן די עכטקייט פון זיין רוף און פון זיין וויזיע, וואָס אַנטפּלעקט פאַרן דיכטער — „אַ פרייע, אַ גליקלעכע מענטשהייט".

גאָלדשטיינס סאָציאַלע לידער זיינען געווען געדרוקט אין דער „ניו־יאָרקער יודישער פאָלקסצייטונג", אין „וועגוויזער", „דער פאָלקס־אַדוואָקאַט", „פרייע אַר־בעטער־שטימע", „פאָרווערטס", „צייטגייסט", א. אַנד.

דער וויכטיקער ליטעראַטור־קריטיקער לעאָן ס. מאָיסעיעף (לעאָנטיעוו) האָט אין אַ הקדמה צו גאָלדשטיינס לידער־זאַמלונג „ווינטער־בלומען" אָנגעוויזן אויפן דיכטערס אַריבערגיין פון אוניווערסאַלע צו נאַציאָנאַלע מאָטיוון, פון מענטשהייט־טעמאַטיק צו ייד־מאָטיוון. מיט דער צייט איז דער דיכטער פון אַרבעטער־ליד אַרי־בערגעגאַנגען צו נאַציאָנאַל־יידישע מאָטיוון, פאַרבינדנדיק אין דער זעלבער צייט דעם טרוים פון נאַציאָנאַלער באַפרייאונג מיט דער זעאונג פון מענטשהייט־דערלייזונג. דער דיכטער זעט יידישע גאולה אין דעם מאָמענט — „ווען דאָס קלאָרע מאָרגן־ליכט גייט־אויף פאַר אַלע ברייט און ווייט".

צווישן גאָלדשטיינס לידער, באַווירקט דורך די שוידערס און גרוילן פון דער ערשטער אימפּעריאַליסטישער וועלט־מלחמה — קלאָג־לידער אויף פאַרברעכערי־שער, זינלאָזער בלוט־פאַרגיסונג, ווי איצט אין וויעטנאַם — ציען גרויס אויפמערק־זאַמקייט זיינע צוויי לידער: „חרוב" (אין זיין בוך) און „קין" (אין „יידישער קעמפער" פון 11טן מאַי, 1917 — שוין נאָכן דערשיינען פון דער לידער־זאַמלונג).

אין „חרוב" זעט און ווייזט דער דיכטער דעם מלחמה־חורבן, וואָס האָט דער־גרייכט צום אָרט, „וואו געשטאַנען איז מיין וויגל". „קין" איז אַ מעכטיקע דיכטע־רישע אָנקלאַגע קעגן אַלע מלחמה־צינדער, אַלע שופכי־דם, אַלע שולדיקע אין גע־נאָסיד, אין פעלקער־און ברודער־מאָרד.

דער ברודער־מערדער קין, פון אַמאָל און פון היינט, פון אַלע צייטן —

קאָן פון זיך זיך ניט באַהאַלטן;
פון די לעכער, פון די שפּאַלטן
קומט דיין ברודער הבל אָן.

און ער הערט ניט אויף צו שרייען:
ברודער־מערדער, מערדער קין,
קין, וואָס האָסטו געטאָן?

שוין אין גאָלדשטיינס ערשטן, פראָלעטאַריש־סאָציאַלן שאַפונגס־פּעריאָד האָבן זיך צייטנווייז באַוויזן אייניקע לירישע, סוביעקטיווע, פערזענלעכע לידער. למשל: אַזעלכע לידער, ווי „כ'האָב נאָך אַ טרער" (1902), „פאַרגעסענע טרוימען" (זשורנאַל „צוקונפט", מאַי, 1902) און אַנדערע, אין וועלכע דער דיכטער ברענגט צום אויס־דרוק פערזענלעכן צער — אויף זיין ניגון — „אַ ליד אָן אַן אָנהויב, אַ ליד אָן

אַ סוף״, בענקשאַפט נאָך די טרוימען פון אַמאָל — „די טרוימען, די ליכטיקע, העלע״.

ס׳איז פאַר אים, דעם „געבוירענעם״ ליריקער, געווען ממש נאַטירלעך, אַז אין 1912, ווען ער האָט באַנייט זיין שאַפן, וואָס איז איבערגעריסן געוואָרן אויף זעקס יאָר (קענטיק, צוליב שווערע לעבנס־אומשטענדן), זאָל ער אַריבערגיין צו ליריק, וואו ער האָט זיך אייגנטלעך געפונען. אַ וויכטיקער גורם איז אויך געווען די השפּעה פון יענעם פּעריאָד — 1912, ווען אין אַמעריקע איז מיט קראַפט אויפגעקומען די דיכטער־גרופּע און ריכטונג, וואָס האָט זיך גערופן „די יונגע״. יענע ריכטונג האָט אַריינגעבראַכט מערסטנס נייע, פרישע טענער פון לירישע מאָטיוון, אָפּרוקנדיק אין אַ זייט, ביודעים ובלא יודעים, באַוואוסטזיניק און אומבאַוואוסטזיניק, די סאָציאַלע מאָטיוון, וואָס זיינען געווען די הערשנדיקע אין ערשטן פּעריאָד פון דער יידישער דיכטונג אין אַמעריקע. אייניקע דיכטער האָבן באַוויזן צו קאָמבינירן דאָס סאָציאַלע מיטן אינטים־אינדיווידועלן, און געשאַפן וואַרעמע, ווירקנדיקע סאָציאַלע ליריק.

גאָלדשטיין, וועלכער איז, קענטיק, געווען „צו־אַלט״ (אין יאָרן און פאָרם און טעכניק) פאַר די „יונגע״, איז מיט זיי ניט מיטגעגאַנגען, ניט געהערט צו זייער גרופּע. ער איז געגאַנגען מיט זיין אייגענעם, איינזאַמען, לירישן וועג, שטיל גע־זונגען זיין ליד, וואָס האָט צייטנווייז געקלונגען ווי אַ „תּפילה בלחש״. אָפט איז זיין ליד געווען — אַ „תּפילה זכּה״ — אַ לויטער ליד, דורכגעזאַפּט מיט אַ סך וויי, נאָסטאַלגיע, אומעט. אייניקע פון זיינע לירישע לידער זיינען שטילע זיפצן און קרעכצן, אָפענע וואונדן. זיי אַנטפּלעקן אַ טיף־ליידנדיקע, באַליידיקטע נשמה. זיי זיינען אָפט — אַ צאַרט בענקעניש נאָך פאַרגאַנגענע חלומות, אַ באַדויער אויף ניט־פאַרווירקלעכטע טרוימען און באַגערן, אויף פאַרשוואונדענע יוגנט־יאָרן, יוגנט־האָפענונגען:

עס קלאָגט דאָס עלנט אין מיין ליד
און וויינט, און וויינט די גאַנצע צייט.
דאָס אומגליק גייט מיר נאָך די טריט —
איך ווער פון אים קיינמאָל באַפרייט.
(פון ליד „צו מיר געהערט דער טריבער טאָג״)

אין אייניקע לידער פון זיין שפּעטערדיקן שאַפונג־פּעריאָד כאַראַקטעריזירט ער אַליין גאַנץ ריכטיק זיין לירישן ניגון, ווי אַ „שטומע תּפילה, אַ געבעט״ אָדער ווי „דאָס קול פון פאַרגעסענע וועלטן״, פון „וועלטן ניט־דערגרייכטע״.

דעם דיכטערס „קול פון פאַרגעסענע וועלטן״ וויל ניט פאַרגעסן ווערן, טאָר ניט פאַרגעסן ווערן.

אין זיינע אַרטיקלען האָט א. זיגלבוים געבראַכט אַ פאָטאָסטאַט־רעפּראָדוקציע פון אַ בריוו, וואָס אייניקע פון די סאַמע „פּני״ פון די אַמעריקאַנער יידישע דיכטער האָבן דעם 3טן אַפּריל, 1916 געשריבן צום דיכטער גאָלדשטיין באַלד נאָכן דער־שיינען פון זיין לידער־זאַמלונג. זיי שרייבן אים: „מיר, די אונטערגעצייכנטע, האָבן צופעליק אין קאַפע ביי אַ טיש געטראָפן אייער בוך ,ווינטער־בלומען׳ און מיר ווילן דאָ באַלד אויסדריקן אונדזער באַוואונדערונג פאַר אייערע אמת־קינסטלערישע לידער.

„עס וועט זיין פאַר אונדז אַן אמת פאַרגעניגן זיך מיט אייך פּערזענלעך צו באַקענען און מיט אייך אינאיינעם — אַ פּאָר שיינע אָוונט־שטונדן צו פאַרברענגען״.

אונטערן בריוו מיט אַ פּערלדיקער האַנטשריפט, אַדרעסירט צו „ווערטער הער דוד גאָלדשטיין״, זיינען אונטערגעשריבן די נעמען פון אַזוינע וואונדערלעכע דיכ־טער, ווי: מ. ל. האַלפּערן, מאַני לייב, לייוויק האַלפּער, לעאָן קוסמאַן, י. פּאָדרוזשניק,

יוסף ראָלניק, ראובן אייזלאַנד, א. ניסענזאָן, ג. גראַפּשטיין, הערמאַן גאָלד (אין איין ריי), און — מ. ליכט (אונטערשריפט: ניט קלאָר), משה נאַדיר, אברהם רייזען, ל. שאַפּיראָ (אין אַ צווייטער ריי).

זיי אַלע האָבן געהאַלטן פאַר נויטיק אויסצודריקן דעם דיכטער דוד גאָלדשטיין זייער „באַוואונדערונג פאַר אייערע אמת־קינסטלערישע לידער".

מען מעג דערוואַרטן, אַז אין דער איצט־געפונענער ליטעראַרישער ירושה פון דוד גאָלדשטיין זיינען פאַראַן אַ סך „אמת־קינסטלערישע לידער". דער עלעמענטאַרער יושר (לייען אויך: יורש) מאָנט, אַז דוד גאָלדשטיינס ליטעראַרישע ירושה זאָל וואָס גיכער פאַרעפנטלעכט ווערן.

זי געהערט דעם פאָלק.

(צו זיין 100סטן געבוירנטאָג, דעם 15טן אַפּריל, 1968)
פעברואַר, 1968, „יידישע קולטור".



# יהואש

(1927-1870)

גרויס ליבשאַפט און דרך־ארץ רופט אַרויס צו זיך דער נאָמען יהואָש (יהואָש — שלמה בלומגאַרטן) — איינער פון די גרעסטע יידישע דיכטער. יהואָש (געבוירן אין 1870 אין ווירבאַלען, ליטע; געשטאָרבן אין 1927, אין ניו־יאָרק) איז געווען עכט־יידיש אין זיין דענקען און שאַפן; אַ ליריקער, אַן עפּיקער, אַ שעפּער פון די טיפע קוואַלן פון תנ״ך, פון יידישע לעגענדעס, פון היסטאָרישער טעמאַטיק.

איבער די מערסטע פון זיינע דיכטערישע שאַפונגען שוועבט דער גייסט פון מעלאַנכאָליע, אומעט, צער. דיליידן פון זיין פאָלק האָבן שווער געדריקט זיין געמיט. זיין טרייסט האָט ער געזוכט אין די אַלטע יידישע פאָלקס־לעגענדעס, אין מדרש־לעגענדעס — און אין זיין ליד.

שוין ווי אַ יונגער דיכטער האָט ער זיך דערשפּירט נאָענט אין גייסט און אין טראַדיציע צו פּרצן. שוין אין ערשטן פּעריאָד פון זיין שאַפן האָט ער זיך דערפילט ווי אַ דיכטער מיט אחריות, מיט אַ שליחות.

אין אַמעריקע זינט 1890, האָט ער זיך ענג פאַרבונדן מיטן לעבן און שטרעבן

פון היגן יידישן ישוב, און איינגעזאַפּט אין זיך די שיינקייטן און ריטמען פון דער ענגלישער פּאָעזיע. ער האָט דאָ אין לאַנד אָנגעהויבן שאַפן אין איין צייט מיט די מיטגרינדער פון דער אַמעריקאַנער יידישער ליטעראַטור: ווינטשעווסקי, ראָזענ־פעלד, רייזען, קאָברין, ליבין, יעקב גאָרדין. זיין גייסטיקע קרובהשאַפט איז געווען און געבליבן — מיט זיין פריינט און לערער י. ל. פּרץ. ער האָט באַ־ווירקט די נייע, אויפגעגאַנגענע אַמעריקאַנער יידישע פּאָעזיע — און איז פון איר באַווירקט געוואָרן; פאַרנומען זיך מיט עקספּערימענטן אין נייע פאָרמען. ער איז אַלץ מער געשטיגן אַלס דיכטער אין די שפּעטערדיקע יאָרן פון זיין שאַפן, אין פעריאָד פון זיינע לידער „אין געוועב". זיין ליד האָט ער דאַן באַרייכערט מיט פרישע אימאַזשן, מעטאַפאָרן, מיט נייע קלינגענדיקע טענער. ער איז געוואָרן אַ נאַציאָנאַלער פּאָעט.

דער אומעטיקער ניגון פון דער ליטווישער ערד, זיין געבורטסלאַנד, האָט אים זעלטן פאַרלאָזט. ער איז געבליבן אַן אייביקער זוכער — פון נייע פאָרמען, פון אַ נייעם נוסח, פון אַלץ מער בילדונג און וויסן. אַ שטענדיקער תלמיד, אַ קענער פון פיל לשונות (אויך אַראַביש), אַ פאָרשער פון די אוצרות פון יידישקייט, פון וועלט־ליטעראַטור, האָט ער מיט רעכט געגלויבט, אַז דיכטערישער טאַלאַנט אָן בריטן, טיפן וויסן, איז ווייט ניט גענוג.

אין פאַרבינדונג מיט זיין שעפערישער, לאַנגיאָריקער אַרבעט אויף איבערזעצן דעם תנ"ך אויף יידיש — זיין קרוינווערק — האָט ער מיט גרויס התמדה שטודירט מוסטער־איבערזעצונגען פון תנ"ך אין אַנדערע שפּראַכן. זיין יידישער תנ"ך — די בעסטע איבערזעצונג פון דער ביבל — איז איינע פון זיינע העכסטע דערגריי־כונגען פאַר אים ווי אַ דיכטער, און פאַר יידיש ווי אַ שפּראַך. זיין תנ"ך־איבערזע־צונג איז כולל גאָר די שיינקייט פונעם אָריגינאַל — פונעם „ספר הספרים". אַן אויפטו איז אויך זיין ווערטערבוך פון העברייאישע עלעמענטן אין דער יידישער שפּראַך, צוזאַמענגעשטעלט בשותפות מיט דר. חיים ספּיוואַק (אַרום 4 טויזנט העב־רייאישע און אַנדערע ווערטער).

אַ זינגער פון שיינקייט, פון דער נאַטור, פון זיין פאָלק, איז זיין טעמאַטיק מערסטנס אַ יידישע, אַן אַמעריקאַנישע און אַן אוניווערסאַלע, מיט אַ טיפן זין פאַר המשכדיקייט: טענער פון נעכטן, ניגונים פון היינט, וויזיעס פון מאָרגן.

זיין ניגון פליסט ממעמקים — פון די טיפעניש פון אַ צערפּולער, צעוויטיק־טער נשמה. דער ניגון פליסט און פליסטערט שטיל, פאַמעלעכדיק, לא ברעש... ער טראָגט מיט זיך שטימונגען פון בין־השמשות, געמורמל פון קליינע טייכלעך, שיינקייטן פון העל־פינקלדיקע ווייכע שנייעלעך אין שטילן פאַלן. זיין גייסט האָט געלעכצט נאָך רו. אין דער מלוכה פון שטילקייט און מנוחה האָט ער, דער אומרואי־קער גייסט, געפילט זיך היימיש.

* * *

ביים אָנקומען אַהער אין לאַנד (אין 1890), האָט ער דאָ געטראָפן הויפּטזעכלעך אַ סאָציאַלע יידישע פּאָעזיע — לידער פון די אַרבעטער־דיכטער: ווינטשעווסקי, עדעלשטאַט, ראָזענפעלד, באָווזשאָווער. ער האָט דאָ אין לאַנד אָנגעהויבן מיטן ליריש־אינדיווידועלן ליד — וועגן נאַטור, ליבע, ליד, פאָלק.

אַ גאַנצן יאָרצענדליק (פון 1900 ביז 1910) האָט ער „פאַרבראַכט" אין אַ סאַנ־ניטאַריום אין דענווער, היילנדיק זיין טובערקולאָז. טאַקע דאָרט האָט ער מיטן

מיטגרינדער פונעם סאַניטאַריום, דר. ספּיוואַק, געאַרבעט אויפֿן ווערטערבוך. אין 1914 האָט ער זיך באַזעצט אין רחובות, ארץ־ישראל; גענומען זיך איבערזעצן דעם קאָראַן; צוליב דער ערשטער וועלט־מלחמה צוריקגעקומען קיין ניו־יאָרק. אין 1917 האָט ער אין 3 בענד אַרויסגעגעבן זיינע ארץ־ישראל־איינדרוקן: „פֿון ניו־יאָרק קיין רחובות און צוריק". דאָס ווערק איז איבערגעזעצט געוואָרן אויף ענגליש דורך אייזעק גאָלדבערג אונטערן נאָמען: „דהי פיט אָוו דהי מעסענדזשער" („די פיס פונעם שליח" אָדער „רגלי המבשר").

דער ערשטער, אָדער כמעט דער ערשטער יידישער נאַטור־דיכטער, זינגט ער און שילדערט נאַטור־דערשיינונגען אין כלערליי שטימונגען, וואַריאַציעס און אַנטפּלעקונגען. אַזוי אויך וועבט ער לידער פון ליבע טיף־ראָמאַנטיש אין פֿאַר־שיידענע ניואַנסן, אַרויסווייזנדיק אַן עכט־סענסיטיוון „איך". זיין גלויבן איז פּאַנ־טעאיסטיש אין כאַראַקטער — געטלעכקייט דרינגט־דורך דעם גאַנצן וועלט־אַל.

אידייען־רייך אין זיין ליד, האַלט ער, אַז די אידייע איז דער עיקר אין אַ ליד, ווי בכלל אין אַ קונסט־ווערק (פֿאַרשטייט זיך, ווען די אידייע איז אָנגעטאָן אין אַ שיינעם פּאָעטישן לבוש).

אין זיינע לידער אויף ביבלישע און לעגענדע־טעמעס, אויף היסטאָרישע מאָטיוון, האָט יהואָש מיט גרויס מייסטערשאַפֿט אויפֿגעלעבט ווייטע מאָמענטן און געשטאַלטן, צווישן זיי: אָדם הראשונס דערפֿאַרונגען, יציאת מצרים, מוטער רחל, די נאַכט פֿאַר מתן תורה, משה און זיין ווייב צפּורה, שמואל הנביא, דוד המלך, שלמה און מלכת שבא, הורקנוס, בילדער פֿון מיטלאַלטער, געשטאַלטן פֿון תנאים, קרבנות פֿון פּאָגראָמען.

דער גרויסער דיכטער האָט באַרייכערט אונדזער ליטעראַטור מיט פּרעכטיקע איבערדיכטונגען פֿון די משלים פֿון תלמוד, פֿון עזאָפּ, לאַפֿאָנטען, לעסינג; מיט זיין וואונדערלעכער איבערזעצונג פֿון לאָנגפֿעלאָוס „היאַוואַטאַ", פֿון טיילן פֿון פיצ־דזשעראַלדס „אָמאַר כאַיאַם" און קאַפּיטלען פֿונעם „קאָראַן". אָמבעסטן איז אים אָבער געלונגען זיין איבערזעצונג פֿון תנ"ך. פֿונעם תנ"ך — זיין לעבנס־פּריינט — האָט ער געשעפּט ניט נאָר מאָטיוון פֿאַר אַ סך פֿון זיינע לידער, ניט נאָר פּאַסיקע אימאַזשן — נאָר אויך גייסטיקע גבורה, טרייסט און בטחון. דער תנ"ך האָט גע־נערט זיינע יוגנט־חלומות אין ליטע, און האָט אים באַגלייט אויף זיין גאַנצן לעבנס־וועג. דרייסיק יאָר האָט ער אָפּגעגעבן אויף זיין תנ"ך־אַרבעט, שטרעבנדיק צו פולער שלימות.

* * *

פֿאַראַן אַ סך דראַמאַטישקייט, אַ סך דינאַמיק אין יהואָשס שאַפֿונגען. פֿאַראַן גרויסע קינסטלערישע דערגרייכונג אין די ווערק פֿון דעם דיכטער־פּיאָנער. פֿאַ־ראַן ליכטיקע אויסשטראַלונג פֿון דער גייסטרייכער, עטישער יהואָש־פּערזענלעכקייט אין זיינע לידער — אייניקע פֿון זיי קלאָר און פּשוט, אַנדערע — קאָמפּליצירט, „אין געוועב".

פֿאַראַן דראַמאַטישער גראַנגל צווישן געדאַנק און עמאָציע, אינטעלעקט און געפֿיל. מען פֿילט איבער אַלץ די דאָמינירנדיקע קראַפֿט פֿונעם דיכטערס צוימענ־דיקן, רעגולירנדיקן, לייטערנדיקן באַוואוסטזיין, וואָס פֿירט די פּען פֿונעם פּאָעט. עס אימפּאָנירט און צוויבערט דעם דיכטערס דורשטיקער, זוכנדיקער גייסט:

„איך יוך אין פֿלאָנטער פֿון יסורים", (זיין ליד „אַ ליכט וואָס צאַנקט")

עס רירט דער טיפער טראַגיזם אין זיין ליד, באַווירקט פון זיין גלויבן, אַז גורל איז אומבאַזיגבאַר.

אין זיין ליריש־פילאָסאָפישער באַהעפטונג מיטן אַל־וועלט, מיטן אוניווערס, האָט ער פון זיין דיכטערישן „איך"־געוועב אַרויסגעוועבט רירנדיקע „דויערנ־דיקע" לידער:

איך בין דער נעפּל אין דער ווייט
און בין די פרייד פון גרויסע ווערק,
און בין אַ שאָל פון הויכע בערג,
און בין דער ווייטיק, וואָס באַנייט...
(„דער נביא")

אָדער אין זיין ליד „אַ בודאַ־געבעט":

לאָמיר שלומערן אין דיר
און שפּירן בלינדערהייט,
ווי אַ בלינדער זאָמען שלומערט
אין דער וואַרעמער בייט,
ווי אַלע וועלטן קוקן דורך דיין האַרץ...

יהואָש, דער דיכטער פון ליכט און וויסן, איז אויך געווען דער מענטש און דיכטער פון געוויסן. ער האָט אין זיין לעבן און ליד געשטרעבט צו האַרמאָניע, געשטרעבט צום פולן צוזאַמענלעבן פון שיינקייט און אמת, עסטעטיק און עטיק. געטריי דער דורות־אַלטער יידישער טראַדיציע, דעם יידישן נביאישן חלום פון „ומלאה הארץ דעה", דעם חלום פון תכלית, אינהאַלט, פּרוכט, האָט ער דער עיקר געשטעלט דעם טראָפּ אויף מחשבה, אמת, עטיק, להיפּך דעם העלענישן צוגאַנג פון שטעלן דעם דגש אויף אויסערלעכקייט, פאָרם.

אין זיין אינהאַלטרייכער עסעי „דער תנ"ך — דאָס מענטשלעכע בוך, דער בונד צווישן פעלקער" דערקלערט יהואָש: „העלענישע סטיל־שיינקייט איז הויפּט־זעכלעך סימעטריע, גלייכגלידערדיקייט, עקוויליבריאום. די שיינקייט פון די נביאים איז האַרמאָניע, שיינקייט פון אומגלייכקייט, ווי די שיינקייט פון די צווייגן אין אַ ווינט. אויסברוכן, וואָס קומען־אַרויס דירעקט פון דער נשמה און וואָס קאָנען זיך אין קיין סימעטרישער כלי ניט אַריינפּאַסן". אין יהואָשעס בעסטע לידער אַנט־פּלעקט זיך אַ שיינקייט, וואָס דערנעענטערט זיך צו דער „שיינקייט פון די נביאים" — מיט וועלכע ער האָט צוזאַמענגעגאָסן זיין לעבן, זיין נשמה, זיין דיכטונג.

אין אונטערשטרייכן דאָס אידייאישע און דאָס עטישע, אין שעפּן פון די קוואַלן פון פאָלקס־שאַפן, אין צובונד צום יידישן פאָלק און לשון, אין זיינע טרוימען און וויזיעס, אין זיין אינטערעס אין תנ"ך, איז פאַראַן אַ סך ענלעכקייט צווישן יהואָשן און פּרצן, וועלכער איז געווען עלטער פון אים מיט צוואַנציק יאָר. יהואָש איז געווען אַ ממשיך פון פּרצעס ליטעראַטור־ליניע.

סאַראַ קרובהשאַפט צו פּרצן אין יהואָשעס פאָרוואָרט צו זיין תנ"ך־איבערזעצונג: „די שאַפונג פון אַ יידישן תנ"ך איז ביי מיר געווען דער חלום פון אַ לעבן. דאָס איז געווען אַ טאָפּלטע ליבשאַפט. פון איין זייט צו דעם שענסטן, מענטשלעכסטן בוך פון יידישן פאָלק און פון אַלע פעלקער, און פון דער אַנדערער זייט — צו אונדזער יידישן לשון... — — — אייביקייט אין מיטן פון צייטלעכקייט... בלעטער פאַלן און בלעטער קומען — און דער שטאַם בלייבט און האַלט־אויף די איינקייט פון דעם קיום. די שפּראַך קריגט־צו נאָכאַנאַנד נייע אוצרות און וואַרפט נאָכאַנאַנד אַראָפּ פון זיך פאַרוועלקטע פאָרמען, אָבער איר רוקן־ביין בלייבט דער אייגענער. מוז בלייבן דער אייגענער, אויב זי וויל אָנהאַלטן איר יחוס און וויל נישט אָנהויבן איר געשיכטע אַלע פרימאָרגן".

מיט גרויס ליבשאַפט און פאַרערונג האָט יהואָש געשריבן וועגן זיין ערשטן רעדאַקטאָר, י. ל. פרץ, וועלכער האָט מיט ענטוזיאַזם אָפּגעדרוקט די ערשטע לי־דער פונעם יונגן דיכטער אין זיין „יידישע ביבליאָטעק" אין 1891. יהואָש האָט אונטערשטראָכן „פּרצעס גרויסן אינטערעס אין נייע תלמידים; די פרייד, וואָס ער האָט געהאַט אין אַרויסברענגען אַ יונגן, אַ נייעם..." „פּרץ האָט פון זיינע תלמידים געלערנט. דער וואָס גלויבט אין דער צוקונפט, גייט אין חדר ביי דער צוקונפט"... „פּרץ איז געווען דאָס געוויסן פון דער יידישער ליטעראַטור. באַוואוסטזיניק אָדער אומבאַוואוסטזיניק האָט איטלעכער שריפטשטעלער, וואָס האָט גענומען זיין אַרבעט ערנסט, געשפּירט אויף זיך די ,עין רואה' [דאָס זעענדיקע אויג — ב. ג.] פון פּרצן. מען האָט געשפּירט אַזוי ווי מען וואָלט געדאַרפט אָפּגעבן פאַר אים אַ דין־וחשבון: וואָס וועט פּרץ זאָגן?"

וועגן פּרצעס גענιאַלער פּערזענלעכקייט, וועגן זיין גרויסער השפּעה אויף דער יידישער ליטעראַטור, וועגן זיין ראָל אַלס וועגווייזער פון אַ צאָל יידישע שרייבער, האָט יהואָש, דער „פּרציאַנער", געהאַלטן אַ סך פאָרטראָגן (אין 1916) אין אַ צאָל שטעט דאָ אין לאַנד און אין קאַנאַדע.

וועגן יהואָשעס יידישן תנ"ך האָט ש. ניגער געשריבן: „אויף יהואָשס תנ"ך איבערזעצונג רוט דער גייסט פון נבואה". „ער האָט געראַטעוועט טויזנטער יידישע ווערטער פון פאַרגעסעניש", האָט אָנגעוויזן יעקב גלאַטשטיין.

י. ל. פּרץ האָט אין אַ פאָרטראַג אין וואַרשעווער „הזמיר", אין 1908, דערקלערט: „יהואָש איז דער אָנהייב פון דער יידישער פּאָעזיע". זלמן רייזען האָט געשריבן, אַז יהואָש „האָט פאַרטיפט די יידישע דיכטונג, אַריינברענגענדיק אין איר נייע מאָטיוון, געדאַנקען, בילדער און פאָרמען".

אין משך פון די יאָרן איז אויסגעוואָקסן אַ באַדייטנדיקע ליטעראַטור וועגן דעם גרויסן דיכטער.

ס'איז כדאי צו געדענקען, אַז אין די יאָרן פונעם גרויסן יידישן חורבן, בימי היטלער ימח שמו, אין די יאָרן 1939־1945, האָט מען אין די געטאָס אין ווילנע, וואַרשע און לאָדזש איינגעאָרדנט יהואָש־אָוונטן אין די טעג פון זיין יאָרצייט. דעם דיכטערס פּאָעטישע שאַפונגען זיינען איבערגעזעצט געוואָרן אין העכער אַ צענדליק שפּראַכן.

* * *

יהואָשס לעבן — אַ לעבן פון העראָאיזם, פון געראַנגל פאַרן לעבן, קעגן דער פאַרצערנדיקער שווינדזוכט; אויך פון אומזיסטע־אומנישטע יסורים — פון אַ סביבה פון אונטערשאַצונג, ציניזם, ביטול. אייניקע פון די „יונגע" האָבן געזוכט מבטל־צו־זיין דעם גרויסן דיכטער, וואָס איז אין זיין שאַפונג באמת געשטיגן אויף „יעקבס לייטער" פון דער ערד צו הימלישקייטן. זיי האָבן ניט באַנומען די קראַפט פון יהואָשס דיכטונג; די רייכע בילדלעכקייט און די מוזיק פון זיין ליד. זיי האָבן געהאַט טענות צו זיין געדאַנקלעכקייט, קעגן דער פילאָסאָפישער טיפקייט פון זיין דיכטונג; קעגן דער „קילקייט" פון זיין טיף־פילנדיקער מחשבה. זיי האָבן פּשוט געפּירט אַ העצע קעגן דעם אחריותפולן, טיף־ערנסטן דיכטער — אַ פּיאָנער פון אונדזער ליריק אין אַמעריקע. אויך אַ פּאָר רעדאַקטאָרן אין יענער צייט האָבן גאָרניט איידל באַהאַנדלט דעם צאַרטן דיכטער און איש הרוח — איינעם פון פּרצעס בעסטע תלמידים, נאָכפאָלגער און גייסטיקע יורשים, — דעם דיכטער, וואָס האָט

שפּעטער, נאָך לאַנגע, שווערע יאָרן פון אומגעוויינלעכער מי, איינער אַליין איבער־געזעצט אויף יידיש דעם גאַנצן תנ״ך, און אַזוי מייסטערהאַפט, ווי קיניג דזשעימס׳ ענגלישע תנ״ך־איבערזעצונג.

פונעם חוזק, פונעם ביטול, פון די העצעס קעגן דעם גרויסן מייסטער פון יידישן דיכטערישן וואָרט איז געבליבן — עפר ואפר. לדורות בלייבט דער יהואָש־מאָנומענט — זיין יידישער תנ״ך, די שענסטע מתנה דעם יידישן פאָלק. לדורות וועט לויכטן דער אָנדענק פון יהואָש — דער גרעסטער ליטעראַט פון זיין צייט, דער מייסטער אַנטוויקלער פון דער מאָדערנער יידישער פּאָעזיע.

געלעבט אין נויט, געשטאָרבן אין דחקות — און איבערגעלאָזט אוצרות רייכע דעם פאָלק.

(צום הונדערטסטן געבוירניאָר פון יהואָש)

אַפּריל, 1970, „יידישע קולטור״.

לויט זלמן רייזענס לעקסיקאָן איז יהואָש געבוירן געוואָרן אין 1871. דער לעקסיקאָן, אַרויס־געגעבן פון יידישן קולטור־קאָנגרעס, גיט אפילו אָן 1872 ווי דאָס געבוירניאָר.



# לעאָן קאָברין

(1946-1872)

דער גרויסער דערציילער און דראַמאַטורג דוד פּינסקי האָט אין זיין ביכעלע „דאָס [די] אידישע דראַמע״ (ניו־יאָרק, 1909) ריכטיק אָנגעוויזן, אַז „די באַדייטנ־דיקסטע פון גאָרדינס שולע זיינען ל. קאָברין און ז. ליבין״ און אַז „זיי האָבן מיט זיך פאַרשטאַרקט דעם פאָרשריט, וועלכן גאָרדין האָט געמאַכט״. ער זעט אויך אין קאָברינען און ליבינען — „די אַנטוויקלונגס־פּייאָנערן״. ער קריטיקירט אָבער קאָברינען (און נאָך מער ליבינען) דערפאַר, וואָס ער „גייט נישט אַרויס פון דעם אינערלעבן פון זיינע העלדן, נאָר פון דער אויסערער דערשיינונג פון די אָקטיאָרן, וועלכע וועלן זיי שפּילן״.

אונדזער אייגענער נ. בוכוואַלד (אפשר דער בעסטער טעאַטער־עקספּערט צווישן יידישע שרייבער) האָט געגעבן אַ סך טיפערן און ווייט־זעענדיקן אַנאַליז פון קאָב־רינס ראָלע אַלס דראַמאַטורג. אין זיין עסיי „לעאָן קאָברין, דראַמאַטורג" („יידישע קולטור", יאַנ. 1945) האָט בוכוואַלד אָנגעוויזן אויף קאָברינס „זין פאַר סביבה און חוש פאַר עמאָציאָנעלע אויפברויזן". בוכוואַלד האָט אַרויסגעבראַכט, אַז „אין פּרט פון כאַראַקטער־שילדערונג שטייט קאָברינס דראַמאַטורגיע אויף אַ סך אַ העכערער מדרגה איידער גאָרדינס", אַז „ער האָט דער ,בעסערער פּיעסע' מיטגעטיילט אַ קוואַליטעט פון ליידנשאַפט, טעמפּעראַמענט און אימפּעט", אַז די מענטשן ביי קאָב־רינען זיינען „לעבעדיקע וועזנס, מיט אַן אייגענער טבע, מיט הייס, מענטשלעך בלוט". בוכוואַלד פאַרשווייגט ניט קאָברינס (ווי גאָרדינס) מעלאָדראַמעס און ווייזט־אָן זייער אָרט אין דעם יידישן טעאַטער־רעפּערטואַר. ער האַלט, אַז „לעאָן קאָברין האָט פאַרגעזעצט גאָרדינס קאַמף פאַר דער בעסערער פּיעסע מיט גאָרדינס געווער — מיט דער בעסערער מאַסן־פּיעסע, מיט דער לייטישער, ווירדיקער, סאָציאַל־אָנגעזעטיקטער, קינסטלעריש־אחריותדיקער מעלאָדראַמע". „ער איז געווען און געבליבן אַ היציקער קעמפער פאַר דער בעסערער מאַסן־פּיעסע, פאַר דעם בעסערן ראָמאַן און פאַר געזונטער, רעאַליסטישער באַהאַנדלונג פון אַ געזעלשאַפטלעכער טעמע".

ענלעכע געדאַנקען וועגן קאָברינען, איינעם פון די אָנגעזעענסטע שאַפער פון דער יידישער דראַמע, האָט אויסגעדריקט אַן אַנדער טעאַטער־עקספּערט, דער שרייבער און בינע־מייסטער יעקב מעסטל, וועמענס ערשטע דערגרייכונגען ווי אַ שוישפּילער און רעזשיסער זיינען געווען פאַרבונדן מיט קאָברינס „יאַנקל בוילע" (אין דער ווינער „פרייע אידישע פאָלקס־בינע").

אָנווייזנדיק, אַז קאָברין האָט „זייער אַ סך געהאָלפן איינבירגערן די בעסערע דראַמע אויף דער יידישער בינע", האָט מעסטל (אין אַן אַרטיקל אין דער „מאָרגן־פרייהייט" אין 1952 צו דער פייערונג לכבוד דעם דערשיינען פון קאָברינס „דראַ־מאַטישע שריפטן") טרעפלעך באַמערקט: „לעאָן קאָברין איז טעאַטער דורך־און־דורך. אין דעם זין קאָן מען ניט אָפּטיילן קאָברינען דעם דראַמאַטורג פון קאָב־רינען דעם דערציילער. אַ חוץ וואָס אַ סך דערציילונגען זיינע שטאַמען דירעקט פון דער טעאַטער־סביבה, דערשיינען פאַר אונדז די מערסטע כאַראַקטער־טיפּן פון זיינע דערציילונגען, ווי בינע־פיגורן. זיי זיינען אָנגעפילט מיט טעאַטער בלוט. זיי שטורעמען מיט קעגנזעצלעכן צוזאַמענשטויס, מיט דעם אויפברויז פון דראַמאַ־טישן קאָנפליקט". מעסטל ווייזט אויך ריכטיק אָן אויף דעם סאָציאַלן באַדייט פון קאָברינס בינע־שאַפונגען, דערמאָנענדיק, אגב, אַז פון קאָברינס אַרום דרייסיק פּיעסן זיינען „אַ טוץ ביז גאָר דערפאָלגרייכע".

אויף קאָברינס באַדייטנדיקע ביישטייערונגען צום יידישן טעאַטער האָט אָנ־געוויזן אויך דער דראַמע־קריטיקער ד"ר. א. מוקדוני (אין זיין אַרטיקל „לעאָן קאָב־רין, דער דראַמאַטורג" אין „אייניקייט", ניו־יאָרק, פעב. 1946). דערקלערנדיק, אַז גאָרדין, קאָברין און ליבין „האָבן געגעבן דעם יידישן טעאַטער זיין פּרצוף", אונ־טערשטרייכט מוקדוני: „לעאָן קאָברין איז לויט זיין גאַנצן מהות אַ יידישער דראַ־מאַטורג, ער איז לויט זיין טעמפּעראַמענט אַ דראַמאַטורג, ער איז לויט זיין שפּראַך אַ דראַמאַטורג, ער זעט דעם מענטשן אין דראַמאַטישע קאָנפליקטן". רעדנדיק וועגן קאָברינס עטלעכע־און־דרייסיק דראַמען, האָט מוקדוני אָנגעוויזן: „אומעטום איז

דאָ קאָברין, אומעטום איז שטורמישע דראַמע, איז דאָ שטורמישע צוזאַמענשטויסן און שטורמישע אויפלייזונגען".

צו דער רשימה פון קאָברינס העכער 30 דראַמען געהערן: „דאָס אייביקע פייער" (1920 — אַ היסטאָרישע פּיעסע וועגן דעם פּעריאָד ערב בר־כוכבאס העלדישן אויפשטאַנד קעגן די רוימישע הערשער), „ריווערסאַיד דראַיוו" (דראַמע אין 3 אַקטן, אַרויסגעגעבן דורך דער שרייבער־סעקציע ביים „איקוף" אין ניו־יאָרק, 1942 — וועגן דער אָפּגעפרעמדטקייט צווישן דעם יידישן יונגן און אַלטן דור אין אַמעריקע), „יאַנקל בוילע", „צוריק צו זיין פאָלק", „שונאים", „דער גאָלדענער שטראָם", „נאַטור, מענטש און חיה", „בעריסענע קייטן", „דער בלינדער מוזיקאַנט", „דער פאַרלוירענער גן־עדן", „דער גרויסער איד", „אַמעריקאַנער גליקן", „די שפין", „די מאַכט פון ליבע", „דער שטורעם פון לעבן", „אָרע די באָרד", „דער כישוף", „ישראלס האָפענונג", „טיר נומער דריי", „דעם דאָקטאָרס ווייבער", „די אויגן פון ליבע", „אויפן טיפן ים", „שטורעם־פייגל", „פרינץ לולו", „די נעקסטדאָריקע", „בריטש און פראָמיס", א. אַנד.).

קלמן מרמר האָט אין זיין וואַרעמער עסיי „לעאָן קאָברין" („איינינקייט", מאַי, 1946 — אַ קורצע צייט נאָך קאָברינס טויט) אונטערשטראָכן: „אינעם עלטער פון עטלעכע־און־זיבעציק יאָר איז לעאָן קאָברין געווען שאַפעריש און קעמפעריש, באַגייסטערט און אידעאַליסטיש ווי אינעם אָנהויב פון זיינע צוואַנציק יאָרן".

די ווייט־ניט־פולע רשימה פון קאָברינס ביכער דערציילונגען שליסט־איין: „יאַנקל בוילע" און אַנדערע דערציילונגען (1898), „געטאָ־דראַמען" (דערציילונגען, 1903), „געזאַמלטע שריפטן" (1910), „פון אַ ליטוויש שטעטל ביזן טענעמענט־הויז" (1918), „פיר מאָדערנע פרויען" (1939), „די ערוואַכונג" (1920), „אויף ווילדע וועגן" (1925), „דער נייער אָדם און חוה" (1929), „דער רויטער שטראָם" (1930), „אַן אַ היים" (1936). חוץ דעם: צוויי בענד טעאַטער־זכרונות (1925) און זיין בוך מעמואַרן: „מיינע פופציק יאָר אין אַמעריקע" (1955), געדרוקט אין המשכים אין דער „מאָרגן פרייהייט" — אַ ווערק פון גאָר אַ גרויסן באַדייט ווי אַ רעאַליסטישע שילדערונג פון אַן עפּאָכע און פון דער יידישער אַרבעטער־מאַסע און אינטעליגענץ אין אַמעריקע.

אַ באַזונדערס וויכטיקער ביישטייער פון ל. קאָברין איז די גאָר גרויסע צאָל ביכער דערציילונגען, ראָמאַנען און דראַמען, וואָס ער האָט צוזאַמען מיט זיין געטרייער פרוי פּאָולינע (פּאָולאַ קאָברין) איבערגעזעצט אויף יידיש. צווישן זיי זיינען: די ווערק פון גי דע מאָפּאַסאַן (15 בענד), אַנטאָן טשעכאָוו (4 בענד דערציילונגען), איוואַן טורגעניעוו (4 בענד דערציילונגען), עמיל זאָלאַ (ראָמאַן: „געלט"), א. טורגעניעוו („פרילינג־שטראָמען", נאָוועלע); אויך ווערק פון טאָלסטאָי, דאָסטאָיעווסקי, גאָרקי, אַרציבאַשעוו, זאַנגוויל, וויקטאָר הוגאָ, מאַקס נאָרדוי, א. אַנד. אויך דראַמאַטישע ווערק (פון שעקספּיר, געטע, טאָלסטאָי, זאַנגוויל, טשיריקאָוו, א. אַנד.)

לאָמיר האַלטן טייער און ברענגען צום פאָלק דאָס וואָגיקע און ווערטפולע אין דעם רייכן ליטעראַרישן פאַרמעגן, וואָס קאָברינס געבענטשטער טאַלאַנט און פּראָגרעסיווער גייסט האָט אונדז איבערגעלאָזט.

(צו קאָברינס 15טן יאָרצייט, 1961)



# חיים־נחמן ביאַליק

## דיכטער פון ליכטיקער זעאונג

(1934־1873)

דאָס האַרץ גייט איבער די ברעגן און קוועלט,
און פּלייצט ווי אַ ליכטיקער קוואַל אין דער וועלט. (ח. נ. ביאַליק)

חיים־נחמן ביאַליק (1934־1873), דער נאַציאָנאַלער העברייאיש־יידישער דיכטער, איז געווען אַ פּאָעט אַ ריז. זיינע לירישע, נאַציאָנאַלע, סאָציאַלע, דיכטערישע שאַפונגען זיינען ברייטע, טיפע, קוואַליקע לעבנס־שטראָמען.

דער געניאַלער דיכטער, וואָס האָט געשאַפן גרויסע ווערק אין משך פון 42 יאָר, האָט קודם־כל און דער עיקר געוואָרצלט אין העברייאיש. די נביאים־שפּראַך איז געווען דער הויפּט־אינסטרומענט פון זיין שאַפן; יידיש — אַ צוגאָב, כאָטש אויך יידיש האָט ער שטאַרק ליב געהאַט. אויך זיין יידיש לשון איז געווען רייך און זאַפטיק. אויך צו דער יידישער פּאָעזיע האָט ער אַ סך בייגעטראָגן, באַזונדערס אין פרט פון פלאַם־פייערדיקע, קרעפטיקע, שאַלנדיקע דיכטעריש־נביאישע רופן, וויזיעס־חזיונות, און — אין פרט פון פאָלקס־טאָן.

ביאַליקס רייכער, גאונישער גייסט האָט אין זיך ווי אַ שוואָם, ווי אַ „בור סיד שאינו מאבד טיפּה“ (אַ קאַלעך־גרוב, וואָס פאַרלירט ניט קיין איין טראָפּן), קולט־געווען, אַריינגענומען גאָר די עשירותן און פאַרמעגנס פון דורות יידישע קולטור־טראַדיציע און קולטור־ירושה איןביידע לשונות, דער עיקר אין העברייאיש. איינגעשלאָסן אין אָט־דער גרויסער דורותדיקער ירושה זיינען געווען די וואונדערלעכע שפּראַך־אוצרות, וואָס דער שעפערישער קינסטלער האָט באַהערשט, באַמייסטערט כחומר ביד היוצר (ווי ליים אין דער האַנט פון טעפּער אָדער מאַטעריאַל אין האַנט פון שעפער), און זיי געשטעלט צום דינסט פון זיין מעכטיקן שאַפן.

זיינע אָריגינעל־יידישע דיכטערישע שאַפונגען, ווי אויך זיינע איבערדיכטונגען פון זיינע אייגענע העברייאישע לידער, אָדער פון יהודה הלוים לידער („ציון“, „ים־

לידער״) צי היינריך היינעס „פרינצעסין שבת״, דעמאָנסטרירן דעם דיכטערס גרויסע צוגעבונדנקייט צום פאָלק, זיין ליבשאַפט צו יידיש, צום יידישן אידיאָם, צום יידישן פאָלקלאָר. זיינע יידיש־שאַפונגען צייכענען זיך אויס הויפּטזעכלעך מיט זייער עכטער פאָלקסטימלעכקייט, מיט זייער לויטערקייט און פּשטות, וואָס מאַכט זיי נאָענט, אייגן דעם פאָלק. אויף זיי ליגט דער חותם פון טיפער פאַרוואָרצלטקייט אין גייסטיקן באָדן פון פאָלק, אין לעבן פון פאָלק. זיי זיינען באַהאָפטן מיט פאָלקס־שאַפונגען, אָר־גאַניש פאַרוועבט מיט זיי.

וועגן דעם זאָגן עדות אַזעלכע לידער ביאַליקס ווי „אַ פריילעכס״, „אונטער די גריניקע ביימעלעך״, „אויף דעם הויכן באַרג״, „מיין גאָרטן״, „עס האָט מיך פאַרפלאָנ־טערט״, וואָס זיינען אַריין אין פאָלק. פול מיט לעבן, מיט לעבנסלוסט, מיט געזונטן פאָלקס־גייסט זיינען אָט־די לידער:

הערכער, הערכער הויבט דעם בעכער,
חי־געלעבט! און חי־געקוועלט!
אויף צעפּוקעניש די שונאים,
אויף צו־להכעיס גאָר דער וועלט.

אָדער:

הפקר, הפקר, אַלץ איז הפקר,
ווי ס'איז הפקר אונדזער בלוט!
אַ כפרה הונדערט וועלטן
פאַר איין שעה פון דרייסט און מוט!
(פון „אַ פריילעכס״)

דורך אים, דעם גרויסן דיכטערישן שליח־ציבור, רעדט די געשיכטע פון זיין פאָלק, רעדן די דורות־אָנגעזאַמלטע פּיין און וויי, צער און צאָרן פון פאָלק. ענלעך און נאָענט צו די נביאים איז זיין פּאָעזיע, די צונג פון פאָלק, וואָס „צינדט מיט וואָרט די הערצער פון מענטשן״. וועגן דעם ריידן, דערציילן פיל פון זיינע פייער־דיקע לידער און פּאָעמען, „מיט מוט באַשמידט״, און באַזונדערס זיין אומפאַרגעס־לעכע פּאָעמע „דאָס לעצטע וואָרט״ (נביאיש):

...און גאָט האָט מיר געשענקט אַ צונג,
אַ שאַרפע, ווי אַ שאַרפע קלונג.

דערהויבנדיק זיך צו דער הויך פון נביאס וואַרעם און וואָרנענדיק וואָר וואָרט צום פאָלק, צום נביאס הויך־עטישער מיסיע פון אַ שליח פון אמת און יושר, רופט־אויס דער דיכטער:

איך גיי, איך קום — כ'וועל היילן וואונדן,
מיט אייך אינאיינעם וועל איך בלוטן.

„מיט אייך אינאיינעם״. דער דיכטער־נביא און מוכיח (שטראָפער), דער שליח פון דורות, וואָס מאָנען גערעכטיקייט, ווערט איינס מיט די געפּלאָגטע פאָלקס־מאַסן, אַ טייל פון זיי. ער קומט ווי דער וועקער, מאָנער, טרייסטער. ער זאָגט־אָן:

כ'וועל טרייסטן, בעטן, וויינען, וועקן —
און וועל ניט לאָזן גיין צו גרונט!

אין וואָס באַשטייט דער הויפּט־כוח, די עיקר־אייגנשאַפט פון זיין דיכטערישער יצירה? אין זיין מעכטיקער, ברויזנדיקער געפיל־וועלט, אין זיין פּראָפעטישן פּאַ־

טאָס, אין זיין שטורמישער וואולקאַנישער עמאָציע, — אין זיין טיף־פילנדיקן, צע־פלאַקערטן האַרץ:

איך בין געשטראָפט פון גאָט מיט האַרץ: וואָס קאַרטשעט זיך פון פרעמדן שמאַרץ
איך האָב אַ האַרץ, וואָס קרענקט פאַר יענעם, און ווערט פאַרברענט פון יעדנס גיהנום...

און דעם דיכטערס האַרץ, וואָס איז איבערפול, רעדט מיט „גאָטס שפּראַך". דאָס האַרץ ווערט אַ מין מעין הנובע, פון וועלכן עס שטראָמען, פלייצן ווערטער — לידער, בילדער — פלאַמען, ווערטער געהייליקט אין דעם ווי און מוט פון פאָלק. און די ווערטער ווירקן מיט מוראַדיקער, האַמערדיקער קראַפט. זיי שטראָפן — און טרייסטן.

זיין לויטער ליד איז געווען דורכגעלויכטן און אָנגעגליט פונעם בלוט פון זיין האַרצן. פון דאָרט, פון זיינע טיפע האַרץ־קוואַלן, האָט זיין ליד אומאויפהערלעך געשטראָמט, געפלאָסן, שעמערירט, געפינקלט, געלויכטן, געשטורעמט און געצערטלט, ווי עכטע מוזיק.

מעכטיק, נביאיש האָט דער דיכטער אין זיין אומשטערבלעכער פּאָעמע „אין שחיטה־שטאָט" גערופן: „פון שטאָל און אייזן, קאַלט און האַרט און שטום, שמיד אויס אַ האַרץ פאַר זיך, דו מענטש און קום!". דעם דיכטערס האַרץ האָט געטריפט מיט בלוט אויף די קדושים, די הרוגים, די פּאָגראָם־קרבנות אין קעשעניעוו פון 1903. זיין איכה־ליד האָט געקלאָגט אויפן צער פון „צעבראָכענע און אויסגעקרימטע רוקנס". זיין פייער־שטראָם פון צאָרן, כעס, גאַליקע טענות צום פיל־געליטענעם פאָלק האָט אין דער זעלבער צייט געטראָגן אין זיך אַ וועלט מיט ליבשאַפט, מיט יראת־הכבוד צום פאָלק.

ביאַליק איז קודם־כל געווען דער דיכטער פון האַרץ. עס בעט זיך אַ וואָרט־שפּיל: „ליבא" (האַרץ) און ליבע. די רשעות פון דער גרויזאַמער, ברוטאַלער וועלט האָט געפייניקט זיין גרויס, שטאַרק סענסיטיוו האַרץ. ניט אומזיסט פאַרנעמט דאָס וואָרט „האַרץ", דער באַגריף און דאָס בילד „האַרץ" אַזאַ אָנגעזעען אָרט אין זיינע לידער: „מיין האַרץ איז וואַך און אָפן"; „מיין האַרץ מיט זיינע גייע לידער"; „ס'זינגט איין ליד אינעם האַרצן"; זיין „האַרץ צעגיסט זיך, גייט־איבער די ברעגן און רייסט זיך אַרויס ווי אַ קוואַל מיט קוועלנדיקער שיין און ליכט" (פון זיין ליד „צפרירים"): „און איך הער אַ קוואַל אַ ריינעם אין מיין האַרצן רוישן, ברומען". דער דיכטער בליקט אפילו אַריין „אין האַרצן פון דער דרעמלענדיקער סאַזשעלקע".

זיין ליד האָט דערגרייכט אַזאַ מדרגה פון עכטער נגינה, פון פידל־און פליט־מוזיק, פון פולשטענדיקער האַרמאָניע, אַז אויך דער לייענער האָט באַלד „דערהערט" דעם קוואַל דעם ריינעם און האָט זיך באַהאָפטן מיטן „רוישן, ברומען" פונעם דיכטערס האַרצן. ביאַליקס הויך־קינסטלעריש, ראַפינירט, געשליפן קינסטלעריש וואָרט איז טאַקע דערפאַר געוואָרן אַזוי פילפאַרביק, קוואַליק, אַזוי שיין־נתגלה און נתעלה (אַנטפּלעקט און דערהויבן), ווייל ס'האָט זיך געגערט מיט די וויזיעס, טרוימען, גאולה־בענקשאַפטן פונעם פאָלקס האַרץ, ווייל זיין האַרץ איז געווען „וואַך און אָפן" צו אַלץ וואָס קומט־פאָר אַרום אים, צו די סאָציאַלע שטורעמס און ברויזן פון זיין צייט.

אין ביאַליקס פּאָעטישע שאַפונגען, ווי אין זיין גייסט, זיינען געווען ביידע: אומרו און רו, „נביאישקייט" און שפּילעוודיקייט, שאַרפע סאַטירע און וואַרעמער הו־מאָר, שטורעם און אידיליע. דער דיכטער־שאַפער פון אַזעלכע נאַציאָנאַלע פּאָע־

טישע ווערק, ווי „אין שחיטה־שטאָט" (יידישער נוסח פון זיין „עיר ההריגה"), „דאָס לעצטע וואָרט", „פון צער און צאָרן", „די מגילה פון פייער", „וואַנדערער פון מדבר" האָט אויך געקאָנט זיין לאַשטשענדיק און צערטלעך, פאַרליבט אין לעבן, אין נאַטור און אין אירע וואונדער. אין זיינע וואַלד־און וואַסער־לידער, אין זיינע „לידער פון פרילינג", „ליד פון מיט־זומער", „אין פעלד", „ווינטער־לידער", „די סאַזשעלקע" אַנטפּלעקט ער זיך פאַר אונדז ווי אַ דערהויבענער, באַפליגלטער נאַטור־זינגער און באַזינגער פון גאָר אַ הויכער פּאָעטישער מדרגה. הלכה און אַגדה, תורה און פאָלקס־מעשיות, לומדות און פאָלקס־פאַנטאַזיע זיינען די קוואַלן, פון וועלכע זיין געבענטשטע מוזע האָט געשעפּט.

פון אָט־די קוואַלן שטאַמען סיי אַזעלכע טיף־ערנסטע לידער זיינע, ווי „דער מתמיד" און אַנדערע בית־מדרש לידער, „פאַרן ספרים־אַלמער", „גראָז איז דאָס פאָלק" א. אַנד., סיי זיינע מחיהדיקע פאָלקס־מאָטיוון („שירי עם"): „צווישן פּרת, חדקל, — דאָרטן", „אין מיין גאָרטן", א. אַנד. אָפט באַקומט זיך ביי אים אַ פול־שטענדיק־געראָטענער זיווג פון העברייאיש און יידיש אין גייסט און תוך פון ליד.

דער זעלבער גרויסער דיכטער האָט געשאַפן זון־לידער און וואָלקן־לידער, לי־דער פון העלדישקייט און גבורה, פון ליבע, לעבן און ליכט, לידער פון יונגקייט און אויפבלי — און „שירי זעם", לידער פון צאָרן, מרה־שחורה און טיפן צער; לידער עלעגישע און לעבנספריידיקע („דאָס ליכט פון ליכט", „מיט זונאויפגאַנג", „ווינטער־לידער", א. אַנד.); לידער פון תוכחה און שטילע תפילה־לידער; פאַרחלומט־פאַר־קלערטע לידער מיט אַ טיפן אַריינבליק אין דער אייגענער נשמה און איר שייכות מיטן אוניווערז, און גוואַלד־געשרייען צום רבונו־של־עולם און צום יידישן פאָלק גופא (ווי אין „גראָז איז דאָס פאָלק", „אין שחיטה־שטאָט", א. אַנד.). אָט איז ער אַ טרעגער און פאָרזעצער פון אַלטער יידישער טראַדיציע, און אָט איז ער אַ צווי־מען־ברעכער, אַ בונטאַר קעגן טראַדיציע. אָט קומט ער מיט הויכן נביאישן טאָן, און אָט מיט פּשוטן פאָלקס־טאָן.

ס'איז ניט געווען קיין טאָפּלטקייט אין דעם דיכטער ביאַליק, קיין מחיצה, קיין צוויי ביאַליקס, — ס'איז אַ סינטעז; ס'איז איין האַרמאָנישע גאַנצקייט, איין דיאַ־לעקטישע, ביאַליקישע איינהייט. דאָס איז ער דער שאַפער פון ביידע עלעמענטן: לידער רעאַלע און פאַנטאַסטישע, געזאַנגען רעאַליסטישע און ראָמאַנטיש־סימבאָ־לישע. זיינע יחידישע און סאָציאַלע לידער, לירישע און עפּישע, ערדישע און הימ־לישע, לידער פון נעכטן און אויך פון היינט און מאָרגן, האָבן געשטראָמט פון איין נשמה, פון איין קוואַל, — פון אַ שטענדיק־לעבעדיקן קוואַל.

אין זיינע אויטאָביאָגראַפישע נאָטיצן האָט דער דיכטער דערציילט, אַז די „ערשטע איינדרוקן פון וועלט און נאַטור", וואָס ער האָט אין זיך איינגעזאַפּט אין זיין קינדהייט (אין דאָרף ראַדי, וואָלינער געגנט), „צווישן וואַלד און פעלד", „ליגן אויף מיינע שאַפונגען, ווי דער פרימאָרגן־טוי אויף די גראָזן פון פעלד". ניט אומ־זיסט איז זיין ערשט העברייאיש ליד געווען: „אל הצפור" (צום פייגעלע). עכט, נאַטירלעך, קרישטאָל־קלאָר (ווי זיין „סאַזשעלקע"). האַרציק־חנעוודיק אין זיינע שטילע, רואיקע ליכטיק־לירישע לידער און נאַטור־געזאַנגען, איז ער געווען גבורה־דיק־טיטאַניש אין זיינע עפּישע, דערציילעריש־שילדערישע פּאָעמען.

מיט זיינע צוויבער־ניגונים האָט ביאַליק געעפנט אַ נייע עפּאָכע אין דער מאָ־דערנער העברייאישער פּאָעזיע, וואו ס'האָבן ביז אים געקלונגען די טענער פון

מיכ״ל (מיכה־יוסף לעבענזאָן), יל״ג (יהודה־לייב גאָרדאָן). ער האָט אין דער ניי־העב־רייאישער פּאָעמע אַריינגעבראַכט די טיפע שיינקייט פון תנ״ך, פון יהודה הלוי און שלמה גבירול, שיינקייטן פון אוניווערסאַלע מאָטיוון, וועלט־טענער. אַלמענטשלעך, וועלטלעך, זיינען זיין אויג און אויער געווען געצילט צו די געשעענישן פון זיין צייט, צום גורל פון זיין פאָלק.

זיין ווירקונג אויף דער אַנטוויקלונג פון דער העברייאישער שפּראַך איז פון אומגעהויער־גרויסער באַדייטונג. ער איז פאַר דער העברייאישער פּאָעזיע געווען דאָס זעלבע, וואָס פּושקין פאַר דער רוסישער, מיצקעוויטש פאַר דער פּוילישער, שעווטשענקאָ פאַר דער אוקראַינישער, באַיראָן פאַר דער ענגלישער, געטע־היינע פאַר דער דייטשישער.

געטריי צו זיין שטאַם, צו זיין פאָלק, איז ער אויך געבליבן געטריי צו זיין די־רעקטן מקור — צו זיינע טאַטע־מאַמע, צו זיין געבורט־שטעטל, צו זיין קינדהייט.

אין זיינע טיף־רירנדיקע אויטאָביאָגראַפישע לידער באַזינגט ער זיין קינדהייט ווי דעם קוואַל פון זיין לעבן און שאַפן, צו וועלכן ער קומט תמיד צוריק. דעם פּרימאָרגן פון זיין לעבן שילדערט ער און באַזינגט ווי דעם „מאָרגנשטערן אין הימל״, זיינע טאַטע־מאַמע פאַרנעמען אַ חשוב אָרט אין זיין דיכטונג. זיין טאַטן דעם אָרעמאַן און זיין מאַמע די אלמנה באַזינגט ער מיט גאָר דער צערטלעכקייט און איידלקייט אין זיין נשמה.

דער דיכטער, וואָס האָט אין עלטער פון 7 יאָר פאַרלוירן זיין פאָטער און וואָס האָט אין זיין קינדהייט אַ סך זיך אָנגעליטן פון דלות און נויט, האָט אין זיין וואונ־דערלעכן ליד „מיין ליד״ („שירתי״, געשריבן אין עלטער פון 28 יאָר), אַליין דער־ציילט, פון וואַנען ער האָט געירשנט זיין מוזע. געקומען איז צו אים זיין מוזע — פונעם דלות אין שטוב, פונעם זינגער פון דלות — דעם גריל. דאָס האָט אים ער, דער גריל, דער משורר פון אָרעמקייט, געלערנט זינגען:

און ווען ס'פלעגט דאָס האַרץ מיר פון ווייטאָקן שטומען,
מיין צונג פלעגט זיך צוקלעפּן שמערצלעך צום גומען,
און ס'פלעגט דאָס געוויין אין מיין האַלדז בלייבן שטעקן —
פלעגט ער אויפן ליידיקן מאָגן מיך וועקן.

(אַלע איבערזעצונגען דאָ פון י. י. שוואַרץ)

דער גריל פלעגט זיך בעת דעם אָרעמען שבת־מאָלצייט פון שוואַרץ ברויט און „עק פון אַ הערינג״ „צום כאָר אויך באַהעפטן״ און „גרילצן זיין זמירות מיט האַרץ און געפיל״. פון אים, סימבאָל פון דלות און עלנט, האָט דער דיכטער איבערגענומען ס'געזאַנג פון אָרעמאַן, פונקט ווי פון זיין מוטער דער אלמנה האָט ער געירשנט זיין קרעכץ. זיין ליד פון דלות איז געוואָרן אַ ליד ניט נאָר פון זיין אייגענער נויט, נאָר אַ ליד פון אַלע אָרעמע און באַליידיקטע.

מיט וואַרעם געבעקס — מיטן קוכן צוזאַמען
פאַרשלונגען האָב איך אויך אַ טרער פון מיין מאַמען.

מיט יאָרן שפּעטער איז אין ניו־יאָרק אויפגעגאַנגען אַן ענלעך צערטלעך ליד וועגן דער מאַמעס „וואַרעם געבעקס״ — אין דער פּאָעזיע פון ה. לייוויק. די טרער, דעם דיכטערס טרער, די אייביק־גליענדיקע, ניט־אויסגעוויינטע טרער, וואָס ער „טראָגט זי אין זיך מיט אַ ווייטאָק אַ באַנגן״, גליט און זידט אויך אין דער פּאָעזיע פון מאָריס ראָזענפעלד — ביים אָרעמען פּרעסער אויפן פּרעס־אייזן...

געקומען איז ביאַליק שוין אין ערשטן יאָר פון זיין שאַפן (אין 1892) מיט לי־דער רייפע, צייטיקע פרוכט. די מערסטע פון זיינע לידער זיינען אמתע אינערלעכע איבערלעבונגען אָדער שילדערונגען־דערציילונגען פון פאָלקס־לעבן, אויך לידער — רעוואָלט־אויסברוכן קעגן אַ צוריקגעשטאַנענעם, פאַרגליווערטן, אונטערדריקטן געטאָ־לעבן, שאַל־רופן צו אַ באַנייט, געזונט לעבן אויף קרעפטיקע יסודות. זיין ליד האָט אין זיך איינגעזאַפּט ניט נאָר דער מאַמעס קרעכץ, נאָר דעם זיפץ, די טרער, דעם וויי־רוף פון אַלע „עלובי עולם״ (פאַרשעמטע און געקריוודעטע פון דער וועלט).

דער גרויסער דיכטער האָט כסדר געשליפן, געפיילט זיינע ווערק. די מערסטע פון זיינע לידער, פאָעמען, דערציילונגען, לעגענדעס, עסייען זיינען מייסטערווערק, פאָלירט, געאיידלט. אייניקע פון די לידער — קונסט־ווערק, סקולפּטורן. אויך אין דער וועלט־פּאָעזיע וואָלטן פיל פונעם דיכטערס פערלדיקע שאַפונגען אַרויסגעשיינט. צווישן זיי: „דער מתמיד״, „מתים פון מדבר״ („מתי מדבר״), „די מגילה פון פייער״ („מגילת האש״) — זעלבסט־כאַראַקטעריסטיקעס פונעם דיכטער.

„דער מתמיד״ איז ניט נאָר אַ ראָמאַנטישע שילדערונג פון אַלטן בית־מדרש, נאָר אויך אַ בילד פול מיט פּראָטעסט קעגן אַ באַגרענעצט, גייסטיק־אָרעם, מיטל־אַלטערלעך, דלד־אַמותדיק לעבן פון יונגעלייט אין אַמאָליקן בית־מדרש. ס׳אַראַ צויבער הויערט איבער ביאַליקס וואונדער־פּאָעמע „טויטע פון דער מדבר״. די געשטאַרבענע ישראל־קינדער אויפן וועג פון עגיפּטן, פון קנעכטשאַפט צו פריי־הייט, ליגן פאַרשטיינערטע אין די מדבר־וויסטענישן. און אָט קומען הייסע שטור־רעמס, די מתים וואַכן־אויף. ס׳איז „דער דור, וואָס איז לעצטער צו קנעכטשאַפט און ערשטער צו פרייהייט״. דורך דעם שטורעם הערט מען דעם דיכטערס פריי־הייט־רוף: „פאַרלירט ניט דעם מוט!״ און: „מיר מוזן אַריבער דעם באַרג!״ און דער העלד פון דער „פייער־מגילה״, דער „צאַרטער בחור מיט די קלאָרע אויגן״ — מיר זעען, ווי „זיינע אויגן האָבן תמיד נאָך זון־אויפגאַנג געדאַרשט. אין זיין נשמה האָט זיך אָפּגעשפיגלט זונשיין, און זון־אויפגאַנג איז געווען זיין לעבנסבילד״.

ביאַליק, דער פאָטער פון דער מאָדערנער העברייאישער ליטעראַטור, דער פּאָעט, פּובליציסט און דערציילער, דער מחבר פון אַזעלכע פּרעכטיקע נאָוועלן ווי „אריה בעל־גוף״, פון עסייען וואָס לייענען זיך ווי פּאַרטיפּטע פּאָעמעס, דער איבער־זעצער פון מוסטערן פון דער וועלט־ליטעראַטור, איז אויך געווען אַ לאַנגיאָריקער רעדאַקטאָר און אַרויסגעבער פון ביכער, דער זאַמלער און אַרויסגעבער פון די „אידישע אגדות״, וואָס ער האָט צוזאַמען מיט י. ח. ראַווניצקין איבערגעזעצט און אַרויסגעגעבן אויך אין יידיש.

ביאַליק בלייבט פאַר אונדז ווי דער דיכטער, וואָס האָט געזונגען „דאָס ליכט פון ליכט״, דאָס ליד פון לעבן („צו לעבן ביז אויף אייביק״).

(צו זיין 30סטן יאָרצייט, דעם 4טן יולי, 1964)





# אברהם רייזען

(1953-1876)

דער אָנדענק פון אברהם רייזען (1953-1876) לעבט און בליט אין האַרצן פון פאָלק. עד־היום זינגט מען, דעקלאַמירט מען, לייענט מען פאַר רייזענס לידער, הערט מען זיינע עכטע ניגונים, אין יידישע ישובים אומעטום. עד־היום קוויקט מען זיך מיט זיינע אייגנאַרטיקע, פערלדיקע דערציילונגען פון יידישן לעבן.

אייניקע פון זיינע לידער, וואָס האָבן געפונען אַן אָרט אין פיל יידישע לערן־ביכער און כרעסטאָמאַטיעס און וואָס זיינען אַריין טיף אין פאָלק, פינקלען ביז איצט ווי דימענטן. צווישן זיי זיינען אַזעלכע קלאַסישע, אייביק־פרישע סאָציאַלע לידער, ווי: „הוליעט, הוליעט", „קירכן־גלאָקן", „מאַי קאָ משמע לן?", „די וואַנט", „אַ געזינד זאַלבע אַכט", „דער גמרא־ניגון", „צום העמערל", א. אַנד. זיי און פיל אַנדערע לידער פון אברהם רייזען וואָלטן געקאָנט פאַרנעמען אַן אויבן־אָן אָרט אויך אין דער וועלט־פּאָעזיע.

א. רייזען איז אין די זעכציק יאָר פון זיין געבענטשטן שאַפן געווען אַ גרויסער, אמתער פאָלקס־דיכטער אין הויכן, טיפן, דערהויבענעם זין פון דעם וואָרט — שטאַרק באַליבט ביים פאָלק, נאָענט צו די קוואַלן פון פאָלקס־שאַפן. ער איז געווען איינער פון אונדזערע סאַמע עלטסטע, נאָטירלעכסטע דיכטער. אַ מייסטער־בויער פון דער קורצער אינהאַלטרייכער דערציילונג, אַ הויפּט־זייל פון אונדזער ליטעראַטור, איז ער געווען איינער פון די ראשונים, אָבות, פּיאָנערן פון אונדזער מאָדערנעם יידישן ליד. אַ צאַרטער ליריקער, האָט ער אונדז געגעבן שוין אין סאַמע ערשטן פעריאָד פון זיין לאַנגיאָריקן שאַפן האַרציקע ניגונים, וואָס האָבן זיך אַריינגעזונגען אין האַרצן, וואונדערלעכע לידער, וואָס האָבן גערירט און געוועקט מיט זייער ריינקייט און אוממיטלבאַרקייט.

פיל פון זיינע לידער צייכענען זיך אויס מיט אַ זעלטענער פשטות, לויטערקייט, תמימות, אויפריכטיקייט. אַ דיכטער פון וועלטלעכע מאָטיוון, פון אוניווערסאַלע אידייען, איז ער אין דער זעלבער צייט געווען און געבליבן איינער פון די יידישסטע פּאָעטן און דערציילער.

שוין אין זיין סאַמע ערשטן ליד, געשריבן אין עלטער פון פערצן יאָר און גע־דרוקט מיט אַ יאָר שפּעטער אין י. ל. פּרצעס ערשטן באַנד „די אידישע ביבליאָ־טעק" (1891), דריקט־אויס דער יונגער דיכטער זיין צוגעבונדנקייט צום יידישן ליד — זיין טרייסט און אָנשפּאַר אין לעבן. דאָס ליד, „ווען דאָס לעבן...." (מיט וועלכן דער דיכטער האָט געעפנט זיין זאַמלבוך: „די לידער פון אברהם רייזען", אַרויסגעגעבן אין 1951 צו זיין 75סטן יובילײ) שליסט זיך מיט אָט־די צוויי שורות:

אָ, מיין אָרעם־יידיש לידל —
בלייב מיר דו כאָטש, וואָרעם דו!

אָט־די גרויסע ליבשאַפט צום יידישן ליד האָט דער דיכטער פון ליבשאַפט און גוטסקייט געטראָגן אין זיין האַרצן ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן.

גרוי, אומעטיק זיינען געהאָנגען די הימלען איבער דער אָרעמער, מאָגערער ערד פון ווייסרוסלאַנד. אַרונטערגעקוקט האָבן זיי איבער דלותדיקע, הונגעריקע, מרה־שחורהדיקע יידישע שטעטלעך. די פּנימער פון די מערסטע איינוואוינער — פאַרדאגהטע, פאַראומערטע. פון איינעם פון יענע געפּלאָגטע עני ואביונדיקע שטעט־לעך — פון קאָידאַנאָוו, מינסקער גובערניע — האָט געשטאַמט דער גרויסער לי־ריקער און „יידישער טשעכאָוו" אברהם רייזען. פון דאָרט שטאַמען זיינע מאָטיוון פון דלות, פון הונגער, פון נויט, פון אומעט, עלנט, איינזאַמקייט.

פון יענע גרויע הימלען, גרויע טריבע טעג — די גרויקייט ווי אַ הויפּט־קאָליר אין זיינע לידער פון נויט. געקומען איז דער דיכטער פון פאָלק, דער דיכטער פון גוטסקייט און רחמים (רחמים צו אַלע באַליידיקטע און אונטערדריקטע), אויסזינגען זיין וויטאָק, זיין מיטלייד מיט די הונגעריקע, מיט די נויט־ליידנדיקע, דערציילן דער וועלט וועגן „אַ געזינד זאַלבע אַכט", שילדערן די גרויע נויט, דער־ציילן וועגן דעם צער און פּיין פון די אָרעמעלייט אין די דלות־שטעטלעך. מיט אַ פּשוטער, דיכטערישער, ניט־רייכער שפּראַך, מיט גרויע פאַרבן, מעלאָדיש, מוזיקאַ־ליש, האָט דער דיכטער — זינגער פון דלות געגעבן אונדז לעבעדיקע, רירנדיקע, קאָנקרעטע בילדער פון דער יידישער אָרעמשאַפט אין זיין היים־געגנט. ס'האָט ניט גענומען לאַנג, און דאָס אָרעמע פאָלק האָט דערפילט און דערשפּירט, ווי א. רייזען איז זיין דיכטער, דער אויסדריקער פון זיין געמיט־צושטאַנד, פון זיין גע־בראָכנקייט. און ווען דער דיכטער, דאָן אַן אַקטיווער אין דער יידישער סאָציאַ־ליסטישער באַוועגונג, איז געקומען מיט (געציילטע) לידער פון צאָרן, שטורעם און דראַנג קעגן די שונאים פון פאָלק, קעגן דעם צאַרישן רעזשים און זיינע משרתים, ווען ער איז געקומען מיט „הוליעט, הוליעט", „קירכן־גלאָקן", „די וואַנט", „שטור־רעם", וואָס האָבן זיך געדרוקט אין די אומלעגאַלע „בונד"־אויסגאַבן, האָבן יידישע רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער באַלד אויפגעכאַפּט אָט־די מוטיקע, גבורהדיקע קאַמפּס־ניגונים און צוגעטוליעט דעם דיכטער צו זייער האַרצן.

די קעמפנדיקע אַרבעטער האָבן ברייט צעשאַלט און צעזונגען דעם דיכטערס רוף צו צעברעכן די וואַנט פון צאַריזם און פּריצישער הערשאַפט:

זאָל יעדערער צולייגן פעסטער זיין האַנט,
מיר וועלן די הויכע, די פינצטערע וואַנט —
צעברעכן, צעברעכן די וואַנט...
(ווארשע, 1900)

אמת, אין די לידער פון רייזענס שפּעטערדיקן פּעריאָד האָט מען ווייניק־וואָס געהערט די שטים פון צאָרן און פּראָטעסט, פון מאָנען און וועקן — ער האָט אָבער אויף אַ קינסטלערישן, דירעקטן, אינטימען, שטילן, אַלמענטשלעכן אופן ווייטער געוועבט און געשפּונען די מאָטיוון פון יידישער און אַלמענטשלעכער נויט. ווי אַן עכטער פאָלקס־פריינט האָט ער, דער ראַפינירטער וואָרט־קינסטלער, געוועקט מיט־לייד צו די פאַרשטויסענע, באַליידיקטע, באַעוולהטע; געוויזן די פאָלקס־נויט, אַרויסאַנטפּלעקט די שיינקייטן פון אָרעמע פאָלקס־מענטשן. פיל פון זיינע לידער זיינען געווען דורכגעזאַפּט מיט טרערן, מיט ווי און צער אויפן גורל פון אָרעמע אלמנות, עקספּלואַטירטע פּראָלעטאַריער, אויסגעהאָרעוועטע באַלמעלאָכעס, פאַר־שעמטע יתומים און יתומות. דער דיכטער פון דלות האָט זיך דערפילט ווי איינער פון זיינע „העלדן". ער האָט מיטגעקרעכצט מיט די דינסט־מיידלעך, מיט די ביי־טאָרינס, מיט די באַרויבטע פועלים, מיטן אָרעמען קלויזניק. טרויעריקע ניגונים פון אַ שווער, ביטער, חושכדיק לעבן, פון שטיבעלעך „איינגעהויקערט, איינגעבויגן", פון הונגעריקע קינדערלעך, וואָס „פלעגן נאָר זינגען: האַם־האַם!"

פון אָט־דער ביטערער נויט, האָט דער דיכטער געירשנט זיין ליד:

די גאַס איז בעזוהען אַזוי אָרעם און וויסט,
ביי איטלעכער טיר נאָר — אַ בערגעלע מיסט...

אין די שטילע, צעוויטאָקטע, אומעטיקע רייזען־לידער האָבן געפּליוכעט רעגנס („מאַי קאָ משמע לן דער רעגן"), האָבן געוואָיעט קאַלטע, בייזע ווינטן, האָט אין בלאָטעס געטאָפּטשעט זיך די נויט. דער דיכטער האָט געקלאָגט: „אייביק בלייבן נאָר די צרות, אייביק בלייבט דער טויט אַליין".

די וועלט פון רייזענס טעמעס און מאָטיוון האָט זיך מיט די יאָרן אויסגע־ברייטערט. זי האָט אַריינגענומען פיל סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע מאָטיוון; צו די לי־רישע לידער זיינען צוגעקומען ביבלישע מאָטיוון, באַלאַדן, דערציילערישע לידער, וואָס האָבן זיך אָפּגערופן אויף יידישע און וועלט־געשעענישן. דער דיכטער פון אָרעמקייט איז געקומען מיט פרייהייט־טרוימען, לידער־חלומות וועגן נייע ליכטיקע צייטן וואָס וועלן קומען, אויך מיט לידער פון טרייסט און בטחון. צו די לידער, וואָס זיינען יאָרן־לאַנג אין תוך געווען אַ מין „תפילה לעני" — אַ תפילה פאַר דעם אָרעמאַן — זיינען צוגעקומען אַרבעטער־געזאַנגען, מאַי־לידער, לידער פון ליבע, לידער דורכגעוועבט פון דינעם הומאָר, לידער פון נייעם לאַנד — אַמעריקע, לידער מיט געשטאַלטן פון דער גרויס־שטאָט. און ווידער האָט איבער די מערסטע פון זיי געשיינט דער צויבער פון פאָלקסטימלעכקייט, דער חן פון פשטות, די קראַפט פון דורכזיכטיקייט, און ווידער איז דעם דיכטער געלונגען — נאָך מיט אַ ריי־כערער פערזן־טעכניק — צו דערגרייכן האַרמאָניע צווישן פאָרם און אינהאַלט, צו שעפּן פון די זויבערע פאָלקס־קוואַלן, צו „דערוואָרעמען" דעם לייענער.

כדי ריכטיק צו באַנעמען אין אידעאָלאָגישן זין א. רייזענס שאַפן, מוז מען תמיד אינזינען האָבן די פאַרשיידענע פּעריאָדן, וואָס דער דיכטער האָט דורכגע־מאַכט אין לעבן און אין זיין אַנטוויקלונג אַלס פּאָעט. מען דאַרף האַלטן פאַרן אויג זיין ראַדיקאַלן פּעריאָד אין די ערשטע פופצן־צוואַנציק יאָר פון זיין שאַפן, דער עיקר די יאָרן פון זיינע טיפע סימפּאַטיעס און נאָענטער פאַרבינדונג מיט דער

יידישער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־באַוועגונג אין אַלטן רוסלאַנד — דעם פּעריאָד פון זיינע פלאַמיקע יוגנט־לידער „הוליעט, הוליעט", „קירכן־גלאָקן", פון זיין רוף צו „ברעכן די וואַנט" פון דער צאַריש־פּריצישער הערשאַפט. מען קאָן ניט אויס־לאָזן פון אויג זיין שפּעטערדיקן פּעריאָד פון מיטאַרבעט אין קאַהאַניסטישן „פאָר־ווערטס" און באַלעבאַטישן „טאָג", וואוהין די „פּרנסה" האָט אים געשטויסן. יענע סביבה און אַטמאָספער האָט געהאַט איר ווירקונג אויפן דיכטער, האָט אָפּגעטעמפט ביי אים די שאַרפקייט פון זיין צאָרן קעגן דער מאַכט פון רויבעריי און עקספּלו־אַטאַציע. און מען דאַרף אינזינען האָבן די שפּעטערדיקע אויפברויזנדיקע ווירקונג פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, פון די שטורמישע קאַמפן פון אַ פאַר־שטאַרקטער מאָנענדיקער אַרבעטער־באַוועגונג דאָ אין לאַנד, באַגלייט דורך דעם געבורט פון דער „פריהייט" (שפּעטער — „מאָרגן־פריהייט") אין 1922. דער סענ־סיטיווער דיכטער האָט ווי אַ קינסטלערישער סעיסמאָגראַף אויפגעכאַפּט דעם אויפ־רודער פון די גרויסע, הרת־עולמדיקע פּאָליטישע ערד־ציטערנישן. ער האָט זיי געגעבן אויסדרוק אין נייע צייט־לידער אין דער „פריהייט" — אין וועלכער ער האָט זיך אָנגעשלאָסן אין 1926. פיל פון זיינע רעוואָלוציאָנערע אָדער סאָציאַליסטישע שטימונגען און מאָטיוון האָט ער בפירוש אין זיך געשטיקט און געדריקט, ווען ער האָט סוף 1929 אָנגעהויבן (צוליב דעם שטאַרק דרוק פון „דאָרט" און צוליב פּרנסה) דרוקן זיך אין „פאָרווערטס". ער האָט דאַן געדרוקט אייניקע לידער, וואָס האָבן ווייט ניט געשטימט מיט די עכט־רייזענישע, וואָס האָבן אים באַליבט און באַרימט געמאַכט ביים פאָלק.

אייניקע לידער פונעם „צו־גוטהאַרציקן" דיכטער האָבן באמת געקאָנט אַרויס־רופן אַ פאַרדרוס ביים לייענער, וואָס האָט אַ שאַרפן סאָציאַלן אָדער נאַציאָנאַלן חוש. למשל, ווען דער דיכטער, וואָס האָט בפירוש געטראָגן „אַ האַרץ פול ליבע", טוט זיך אַ זאָג:

גוטע מענטשן, שלעכטע — אַלע זיינען גלייך.

די רשעים, די בלוט־זויגער, די יידן־מערדער שטייען, הייסט עס, אויף איין ברעט מיט די „גוטע מענטשן"...

און בעת ס'איז געווען אַ באַפרידיקונג צו לייענען, ווי דער גרעסטער, מורא־דיקסטער חורבן, וואָס די נאַציס האָבן געבראַכט צו אונדזער פאָלק, האָט ביים גרויסן דיכטער ניט אויסגעלאָשן דעם פלאַם פון זיין גלויבן אין מענטש און מענטשלעכקייט:

עס שטאַרקט זיך נאָך מער אונדזער גלויבן
אין מענטש, אין זיין ליכטיקן ציל...

האָט באמת ווי־געטאָן צו הערן, אַז רייזען האָט זיך אַ זאָג געטאָן:

זינג מיר נישט פון טוגנד,
רעד מיר נישט פון זינד;
יעדער מענטש בלויז שפּילט זיך,
שפּילט זיך ווי אַ קינד.

דאָס לעבן איז, הייסט עס, ניט מער ווי אַ שפּיל. דאָ ווילט זיך דערמאָנען דעם אָנזאָג פון אונדזערע העלדן־מאַרטירער: „ניט פאַרגעסן, ניט פאַרגעבן!" און דער־מאָנען ביאַליקס צאָרנדיקן אויסרוף: „און אַ פויסט וואו איז?" יאָ, און צאָרן וואו איז? אמתע מידת־הרחמים פאָדערט מידת־הדין...

ס׳איז צייטנווייז געווען שווער צו פאַרשטיין, פאַרוואָס דער דיכטער פון „דער אָרעמער גאָס״, דער זון פון דער יידישער פאָלקס־אָרעמשאַפט, דער גרויסער בעל־הרחמים, דער וועקער פון ליבשאַפט צום אָרעמאַן, רופט ניט צו ווידערשטאַנד קעגן די אונטערדריקער. זיין רחמים־געפיל איז, קענטיק, געווען צו־גרויס...

(מערץ 31, 1963)

# אברהם רייזענס יאָרן אין אַמעריקע

אַ באַזונדערע פרייד און נחת זיינען די ביבלישע מאָטיוון אין אברהם רייזענס לידער, שיינע פרעכטיקע איבערדיכטונגען פון „ישעיה״, „ירמיה״, „יחזקאל״, „קהלת״, וואו דער דיכטער קומט מיט קרעפטיקע סאָציאַלע, סאָציאַליסטישע מאָטיוון. דורך דעם הייליקן גייסט פון די נביאים פון סאָציאַלן יושר קומט דער דיכטער מיט שטראָף־רייד צו די באַדריקער און הויט־שינדער. דאָ דערהערן מיר:

ווײ איז יענעם אויף דער וועלט,
ווער זיין הויז אָן משפט שטעלט,
און דעם חבר אויסגענוצט,
און די צימערן פאַרפוצט,

און די ווענט געפאַרבט פאַרשידן
מיט דער אַרבעט פון דעם מידן.
ניט קיין פאַרב איז דאָס, נאָר בלוט!
ווײ איז יענעם, ווער דאָס טוט...
**(פון ירמיה: „הוי בונה ביתו״)**

און גאָר זיין דיכטערישע מייסטערשאַפט האָט דער פאָלקס־דיכטער, דער דיכ־טער מיט „אַ האַרץ פול ליבע״, אַריינגעטאָן אין איבערגיסן אין פאָעטישע יידיש־כלים דעם פלאַם־פייערדיקן צאָרן פון נביא ישעיה אין זיין „הוי החוקקים״ (אוי, געזעצמאַכער):

הײ, איר שרייבער און איר קרייצער,
פון געזעצן וועגן זינד;

ניין, איך קאָן אייך ניט פאַרטראָגן,
אייער שרייבן — לויטער ווינד!

און דורך דעם רוף פונעם נביא קומט דער דיכטער פון פאָלק מאָנען יושר פאַר דעם „עלנדן, געדריקטן״, פאַר „אלמנות און יתומים און דאָס אָרעמע פאָלק דורכאויס״.

אין דעם דיכטערס פיר־און־צוואַנציק בענד לידער און דערציילונגען איז פאַראַן אַ רייכע פאַרשיידנאַרטיקייט פון מאָטיוון, בילדער, געשטאַלטן, וואָס ווייזן, אַז אין אַ פולער מאָס איז פאַרווירקלעכט געוואָרן זיין טרוים „צו קענען געבן דאָס גרויסע שיינע אין טעג אין קליינע פון אונדזער לעבן״.

צווישן אָט־דעם „גרויסן שיינעם״ דאַרף מען אַריינרעכענען: זיינע אידיליעס און באַלאַדן, זיינע יידיש־וועלטלעכע מעלאָדיען, זיינע לידער פון און וועגן אַמעריקע, זיינע שלום־און פרייהייט־לידער, זיינע חורבן־לידער, זיינע לידער געווידמעט צו י. ל. פרצן, זיינע ישראל־לידער, לידער צו און וועגן פיל יידישע דיכטער און דענ־קער, גאונים פון גייסט; זיינע איבערדיכטונגען פון מ. קאָנאָפּניצקאַ, פּושקין, ליער־מאָנטאָוו, פּרץ, ביאַליק; זיינע געזאַנגען וועגן דער יידישער קינדער־שול. אין איי־ניקע לידער פון א. רייזען הערן זיך מונטערע, קרעפטיקע טענער פון פּושקין, ניעק־ראַסאָוו. מען דערשפּירט אַ דיכטער, וואָס האָט פאַרוועבט דעם יידישן פאָלקס־ניגון

מיט דער וועלט־פּאָעזיע, די יידישע ליידן מיטן וועלט־צער, יידישע פרייהייט־בענק־שאַפטן מיט אוניווערסאַלע מאָטיוון פון וועלט־דערלייזונג.

רייזען האָט טיף באַנומען דעם ציל, די סאָציאַלע פונקציע פון ליד. אין זיין ליד „דו פרעגסט" דערקלערט ער, אַז „ווען עס קומט אַ גרויסע נויט, דאַן צינדט זי אָן זיין [דעם דיכטערס] האַרץ און פייער און פאַרבט די וועלט אין פייער־רויט".

אין משך פון עטלעכע יאָר (פון 1926 ביז 1929) איז ער געווען אַן אַקטיווער מיטאַרבעטער פון דער „פרייהייט" („מאָרגן־פרייהייט"), וואו ער האָט געדרוקט לידער, דערציילונגען, מעמואַרן: „עפּיזאָדן פון מיין לעבן" און ליטעראַרישע זכרונות: „צוואַנציק יאָר אַמעריקע". אין 1928 איז ער געפאָרן אויף אַ באַזוך אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, וואו ער איז אויפגענומען געוואָרן מיט פאַראַדן, מיט גרויס ענ־טוזיאַזם. אין 1929 האָט ער אונטער דרוק פון דער צעבושעוועטער וואַקכאַנאַליע קעגן דער יידישער פּראָגרעסיווער באַוועגונג פאַרלאָזט די „מאָרגן־פרייהייט" און איז אַריבער צום „פאָרווערטס". ער האָט שפּעטער ביי אַ ריי געלעגנהייטן (אויך אַ פּאָר מאָל ביי צופעליקע באַגעגענישן מיטן שרייבער פון די שורות) דערקלערט, אַז אין האַרצן בלייבט ער „אַ פריינט פון סאָציאַליזם".

רייזען, וועלכער האָט זיך אַלע זיינע יאָרן, סיי אין לעבן, סיי אין שאַפן, אויס־געצייכנט מיט יוגנטלעכקייט, מיט ענטוזיאַזם, איז געווען גוואַלדיק שעפעריש, פּראָ־דוקטיוו. שוין מיט פערציק יאָר צוריק האָט ער געהאַט מאַטעריאַל אויף אַרויס־צוגעבן פערצן בענדער פון זיינע אָפּגעקליבענע שריפטן. אין דעם פאָרוואָרט צום אויבן־דערמאָנטן באַנד „די לידער" (1951), אַ ווייט־ניט־פולע זאַמלונג, וואָס אַנט־האַלט העכער 800 לידער, רעדט ער וועגן נאָך דריי גרויסע בענדער, אין ליד און אין דער דערציילונג, וואָס וועלן „דערשיינען בוך נאָך בוך — אין זעלבן גרויסן פאָרמאַט — אויסער מיינע עסייען, לענגערע ביכער־רעצענזיעס, און דער עיקר — די ‚עפּיזאָדן פון מיין לעבן' — און מיין אויטאָביאָגראַפישע עפּאָפּיי אין דריטער פערזאָן, אַזוי אויך די עפּאָפּיי ‚דריי דורות' — 1) הירש למדן, 2) זלמן משכיל און 3) דער יונגער לייב".

פון גאָר גרויסער באַדייטונג פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור איז געווען א. רייזענס אַרבעט ווי אַ רעדאַקטאָר און אַרויסגעבער פון זשורנאַלן, ליטעראַרישע שריפטן און זאַמלביכער. אויף זיין 77־יאָריקן לעבנס־וועג, וואָס האָט געפירט פון קאָידאַנאָוו דורך מינסק, קאָוונע, ווילנע, וואַרשע, ווין, קראָקע, בערלין, פּאַריז, ניו־יאָרק (קיין ניו־יאָרק איז ער צום דריטן מאָל אָנגע־קומען אין 1914 אַ רייפער, באַרימטער וועלט־קינסטלער, און שוין דאָ פאַרבליבן אויף זיין גאַנץ לעבן) האָט ער, ווי אַ שאַפער און בויער פון אונדזער ליטעראַטור, רעדאַקטירט און אַרויסגעגעבן די זאַמלביכער און זשורנאַלן: „דאָס אידישע וואָרט", „קונסט און לעבן", „דאָס צוואַנציקסטע יאָרהונדערט", „די איראָפּייאישע ליטע־ראַטור", (נייע) „יום־טוב בלעטער", „דאָס נייע לאַנד" (אויך אַן אַלמאַנאַך מיטן זעלבן נאָמען), „די ליטעראַרישע וועלט", „דער נייער זשורנאַל" (פּאַריז), „ניי אידיש". אין משך פון צענדליקער יאָרן איז ער געווען אַ מיטאַרבעטער פון פיל צייטשריפטן.

אַ באַזונדער קאַפּיטל אין זיין לעבן איז זיין ראָל פון אַ פריינט, „פאָטער", באַ־שיצער און דערמוטיקער פון יונגע יידישע ליטעראַטן, פון שרייבער־אָנהייבער. מיט זיין גרויס ליבשאַפט צו טאַלאַנטן, צו ליטעראַטור, האָט ער אַרויסגעוויזן אַ צערט־לעכע באַציאונג צו יונגע דיכטער, צו „שוואַכע"; ער האָט זיי דערמוטיקט און גע־

קעכלט, געלייענט זייערע לידער מיט אַ „מידת הרחמים", געפּראוווט אויפהאַלטן יעדן פּונק טאַלאַנט. אין מיין זכרון בלייבן מיינע באַגעגענישן מיט אים, זיין איינ־לאַדן מיך צו זיין היים, מיינע שמועסן מיט אים מיט אַרום פערציק יאָר צוריק, ווען כ׳ביך נאָך געווען אַ „גרינער" אין לאַנד און אין דער ליטעראַטור. אָפּגערעדט שוין פון שפּעטער, ווען ער האָט מיטגעאַרבעט אין דער „מאָרגן־פרייהייט". זיין צערט־לעכקייט צו יונגע שרייבער האָט רייזען אויך אַרויסגעוויזן אין זיינע „ליטעראַרישע רעוויוס" אין דעם זשורנאַל און זאַמלבוך „די פעדער" אונטער א. קאַרלינס רעדאַקציע.

די אָפיציעלע (עסטעטישע) יידישע קריטיק האָט רייזענען געקריוודעט, באַ־עוולהט. רייזען האָט זיך דערפון געפילט געקרענקט. ש. ניגער האָט אונטערשאַצט רייזענס טאַלאַנט און חשוב אָרט אין דער יידישער ליטעראַטור.

בעל־מחשבות האָט אין זיין בוך „קריטיק" (קיעוו, 1920) צוגעגעבן, אַז „א. רייזען געהערט צו די באַליבטסטע פאָלקס־פּאָעטן און דערציילער", און דאָך — „איך געהער אויך צו די, וואָס שעצן אָון אַכטן א. רייזענס ווערק, און דאָך האָב איך קיינמאָל נישט געפונען קיין חשק זיך געגויער צו באַשעפטיקן מיט א. רייזענס מוזע". דערביי דערמאָנט בעל־מחשבות די אַרטיקלען פון ה. נאָמבערג און ש. ניגער און זייער „קאַלטע באַציאונג" צו א. רייזענען. זיינע טענות זיינען, אַז רייזען איז „אַ שרייבער, וואָס זעט נאָר ביי יידן דעם קבצן מיט זיין קבצנישן געמיט, און איז בלינד פאַר די ליכטיקערע זייטן פון זיין אַלטער רייכער נשמה".

לעאָ קעניג (אין זיין בוך „שרייבער און ווערק", ווילנע, 1929) רעדט וועגן דער סנאָבישער באַציאונג צו א. רייזענען און לויבט דעם דיכטער: „ער איז באַ־קאַנטער און היימישער דעם יידישן לעזער ווי וועלכער אַנדערער יידישער דיכ־טער". „אברהם רייזען זינגט און דערציילט שטענדיק מיט איין שטימע — מיט זיין אייגענער, נאַטירלעכער", „אברהם רייזען איז דער מענטשלעכסטער, דער פּערזענ־לעכסטער דיכטער אין אונדזער יידישער ליטעראַטור". אָבער דערנאָך קומען אַזעלכע שאַרפע באַמערקונגען: „דער אומגליק איז נאָר, וואָס רייזען אַליין איז נישט קיין גרויסער מענטש, נישט קיין גרויסע פּערזענלעכקייט", „זאָגט ער אונדז אָפט פּשוטע באַנאַלע זאַכן", „קיין גרויסע אייגענע קולטור האָט ער נישט". ניט דערשאַצט די רייזען־פּערזענלעכקייט.

אונדזער מ. אַלגין האָט אין צוויי אַרטיקלען, שוין אין 1914 און 1915 (אין זיין בוך „אין דער וועלט פון געזאַנגען", 1919) געשריבן מיט גרויס לויב וועגן רייזענס דיכטונג. געבנדיק אַ ברייטן, טיפן אַנאַליז פון רייזענס פּאָעטישן שאַפן און אונ־טערשטרייכנדיק רייזענס מאָטיוון פון נויט און עלנט, זיין „יידישן נעבעך", קומט אַלגין צום אויספיר: „רייזען איז דער שטילסטער און באַשיידנסטער פון אַלע אונ־דזערע דיכטער"; „אין קורצע 8־שורהדיקע לידער האָט ער קיין גלייכן ניט צו זיך צווישן יידישע דיכטער", „רייזען איז נענטער פון אַלע צום טאָן פונעם יידישן פאָלקס־שאַפן"; „עס איז אין זיי [אין רייזענס לידער אין בוך ‚אוונט־קלאַנגען'] דאָ אַזויפיל האַרץ און אַזויפיל האַרציקייט, און אַזויפיל ריינע, אויסגעלייטערטע שיינ־קייט". אַלגין האָט געזען ווייטער און טיפער, ווי יענע קריטיקער, וואָס האָבן באַ־טיטלט רייזענען אַלס „אַרעמאַנסקע דיכטער" און פּטור אַן עסק...

אין דעם נומער „די פעדער" צו רייזענס 70־יאָריקן יובילייַ האָט דער דיכ־טער ה. לייוויק געשריבן מיט באַגייסטערונג: „רייזען איז היינט פאַר אונדז דער ליכטיקער שפּיגל, אין וועלכן עס שפּיגלען זיך אָפּ פולע צוויי דורות יידישע פאָ־

עטן, דערציילער און עסייאיסטן. זיי זיינען אַלע אין אים און ער אין זיי".

וועגן רייזענען האָבן וואָרעם געשריבן: משה כץ, נחמן מייזיל, בער מאַרק, ב. ריווקין, נ. ב. מינקאָוו, ב. י. ביאַלאָסטאָצקי, יעקב גלאַטשטיין, בער האָראָוויץ און פיל אַנדערע עלטערע און ייִנגערע קריטיקער און שרייבער.

זיין ליטעראַרישן זעלבסט־פּאָרטרעט האָט רייזען געגעבן אין אַ צאָל פון זיינע לידער, באַזונדערס אין ליד „פאָרגענגער" (ז. 288 אין „די לידער"):

כ'בין מיט ווערטער ניט קיין שטיפער, ניט קיין שפּילער;
איך בין אַ תּלמיד נאָך פון פּושקין און פון היינע און פון שילער,
און נאָך פון עלטערע — די נביאים
און נאָך פון פּריקעדיקע — די לוויים.

דאָס פאָלק האָט ליב געהאַט רייזענען, דעם דיכטער און דערציילער מיט אַן אייגנאַרטיקן נוסח און סטיל אין זיינע ווערק. אין זיין בוך „אומגעקומענע שרייבער פון די געטאָס און לאַגערן" (וואַרשע, 1954) דערציילט בער מאַרק: „אַ גאַנצע ריי דאָקומענטן פון אונטערערדישן געטאָ־אַרכיוו זאָגט עדות וועגן דער גרויסער פּאָפּולאַריטעט פון אברהם רייזען אין געטאָ". בער מאַרק דערציילט ווייטער וועגן אַ האַלב־לעגאַלער מאַסן־פייערונג אין וואַרשעווער געטאָ, דעם 20טן פעברואַר 1942, „לכבוד דער דאַטע: 50 יאָר ליטעראַריש שאַפן פון אברהם רייזען". „אָט אַזוי — שרייבט ב. מאַרק — „האָט צוזאַמען מיט פּרצעס ,אָ, מיין נישט, די וועלט איז אַ קרעטשמע', צוזאַמען מיט שוואַרצמאַנס ,דער שונא ביי די טויערן', געקלונגען אין געטאָ דאָס רייזענישע ליד. די לידער ,הוליעט, הוליעט, בייזע ווינטן', ,די קירכן־גלאָקן', ,די וואַנט', וועלכע זיינען בעת זייער געבורט געווען געווענדט מיט זייער שאַרפקייט קעגן דעם צאַריזם, דער אינקוויזיטאָרישער ,אידעאָלאָגיע' פון דער בור־זשואַזיע און קלער, קעגן דעם קאַפּיטאַליזם, האָבן איצט, אין געטאָ, באַקומען אַ נייע באַזיניקונג. זיי האָבן געשלאָגן אין די בייזע היטלעריסטישע געוויטערס".

א. רייזענס פּלאַץ אין דער ייִדישער ליטעראַטור, באַלד נאָך מענדעלע, שלום־עליכם און פּרץ, בלייבט געזיכערט און באַפעסטיקט לדור־דורות.

מיר שאַצן הויך זיין רייכע ליטעראַרישע ירושה. מיר געדענקען אים ווי דעם פּריליגג פון ייִדישן קינסטלערישן ליד; ווי אַ פאָרגייער פון דער ייִדישער פּראָלע־טאַרישער ליטעראַטור, ווי אַ זייל פון דער ייִדישער פאָלקס־ליטעראַטור, ווי אַ קעמ־פער פאַר דער ייִדישער שפּראַך און קולטור. זיין ניצלעכע, גרויסע גייסטיקע ירושה גיבן מיר איבער מיט כבוד און ליבשאַפט צו די קומענדיקע דורות.

(צו זיין 10טן יאָרצייט, דעם 31טן מערץ, 1963
(אַפּריל 14, 1963)





# יוסף ראָלניק

(1955-1879)

„אונדזער לאַנד איז גרוי און אָרעם; אונדזער הימל — בלייך", זינגט ראָל־ניק, דער לירישער דיכטער, אין זיינס אַ ליד. פון דאָרט, פון זיין געבורטלאַנד, פון ווייסרוסלאַנד, האָט ער מיטגעבראַכט מיט זיך זיין אומעט, זיין געמיט פון „גרוי" און „בלייך", וואָס באַגלייט אים כסדר אויף זיין לעבנס־וועג, אויף זיין דיכ־טערישן וועג. פאַרקאַוועט מיט פראָסט זיינען ווינטער געווען די פענצטער פון זיין איינזאַמער היים, אָפּגעזונדערט אויף אַ פעלד. דאָרט האָט ער אין זיינע קינ־דער־יאָרן איינגעזאַפּט אין זיך אַ פינצטערע מרה־שחורה, וואָס האָט שפּעטער אין משך פון יאָרן באַהערשט זיין ליד.

ראָלניקס גאַנג איז ניט די „פסיעה גסה", ניט דער ברייטער שפּאַן, נאָר דער גאַנג פון „דראָבנע טריט". ער גייט מיט אַ „זייטיקן וועג", מיט אַן „אָפּגעלייגטן וועג", ווייט פון רויש און געפּילדער, ווייט פון דעם „שליאַך דעם טומלער". זיין דרך איז „זיך האַלטן פרום־באַשיידן". שטילקייט איז אַ הויפּט־שטריך פון זיין שאַפן („דאָך ווייז איך ניט און קלאָג ניט — איך גיי אויס שטילערהייט"; „זיין האַרץ האָט געזונגען, די ליפּן — געשוויגן").

פון אַ היפּשער צאָל פון זיינע לידער זינגט אַרויס אַן איינזאַמקייט, אַן עלנט־קייט, אַן אַליינקייט. די לידער דערציילן וועגן דעם, אַז דער דיכטער איז איינ־געשלאָסן אין זיך, אָפּגעזונדערט, איזאָלירט, אָפּגעפרעמדט, אָפּגעריסן פון סביבה, פון דער וועלט. די איינזאַמקייט, פילט איר, איז סיי אַן אָרגאַנישע, סיי אַזאַ, וואָס דער דיכטער האָט אויף זיך אַליין גענומען, אָבער ניט „באהבה", ניט מיטן צוגאַנג פון „חביבין יסורין" („ליב זיינען מיר די ליידן"). ער קלאָגט: „אַליין אין פעלד וועל איך פאַרדאַרן און פאַרדאַרבן". ער טענהט: „וואָס גייען מיך חתונות פרעמדע דען אָן?". ער לאָזט וויסן: „דער קיניג — אין עלנט".

אין אַ סך פון זיינע לידער איז דער דיכטער „ברוגז אויף דער וועלט". ליידן, פעסימיזם, קנאה, פאַרדרוס, פאַרביטערטקייט, כעס — זיינען הויפּט־מאָטיוון אין

יענע לידער. דער טאָן, די שטימונג, אומעט, קלאָג („האַרט ביי דער טיר אויף די טרעפּן אַ האַרץ וואַלגערט אום זיך און קלאָגט"). די טעמאַטיק: דעם דיכטערס אייגענע טיפע איינזאַמקייט, פּערזענלעכע ליידן, ליבע, בענקשאַפט, אַנטוישונג, נאַטור, לאַנדשאַפטן, דאָרף און שטאָט, די מיל (זיין פּאָטער האָט געהאַלטן אַ וואַסער־מיל). דער קאָליר, די אַטמאָספערע פונעם ליד: מערסטנס גרוי, גרוי ווי קאַלטע אָסיען־טעג.

די קנאה, וואָס ער שילדערט קרעפטיק אויף די פאַרשיידענע אופנים אין זיינע לידער און וואָס קלאָגט־אַרויס פון זיי, איז מערסטנס אַ פּערזענלעכע, ניט קיין סאָציאַלע. זי איז ניט דערהויבן צו אַ סאָציאַלער אידייע, צו אַ פּראָטעסט קעגן סאָציאַלן אומרעכט, צו אַ פאַרשטענדעניש פון אַ קלאַסן־צעטיילונג און קלאַסן־קאַמף אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט. ער טענהט:

און וואו נאָר איך גיי איז אַ שמחה, אַ פריידר,
און וואו נאָר איך טרעט — אַ חתונה־קלייד,
און וואו נאָר אַן אויג איך באַגעגן — עס שטראַלט: —
מיין אייגענער בליק נאָר איז טרויעריק און קאַלט.

אַלעמען איז גוט און וואויל, הייסט עס, אַלע לעבן אַ גוטן טאָג, אַלע יובלען — און נאָר אים, דעם דיכטער, איז ביטער. וועגן דעם אַז ער איז איינער פון מיליאָנען ליידנדיקע, באַליידיקטע, אונטערדריקטע, פאַרשטויסענע — קיין אַנדייט ניט. די קנאה, וואָס דינט ווי ברען־שטאָף פאַר זיין דיכטערישן פייער, איז ניט קיין סאָציאַלער פּראָטעסט אָדער רעוואָלט. דער דיכטער איז ניט קיין שליח־צבור.

און אַזוי ווי קנאה קאָן צעפרעסן דעם בעל־קנאה, מערקט זיך אין דעם דיכטערס לידער אַן איבערגאַנג צו אַ פילאָסאָפיע פון רעזיגנאַציע, פון טראָגן דעם שווערן עול פון לעבן ווי אַ מין „מוז־זאַך". אין דער קאַלטער וועלט, וועלכע ער זעט ווי אַ תפיסה מיט גראַטעס, ווי „אייביקע ווענט", האָט ער זיך אויפגעבויט זיין אייגן וועלטל, זיין „עולם קטן", אַרומגעצוימט מיט גראַטעס פון דער וועלטס „האָוען", „ווייִנען", „שרייען" דורך „אַ וואַנט פון בליי".

איינגעשלאָסן אין די דלד אמות פון זיין „איך", זינגט ער זיין ליד אין התבודדות. ער דערקלערט: „ווער עס וויל מיר גוטעס ברענגען, דער זאָל בלייבן דרויסן": פון קנאה־און קלאָג־לידער גייט ער איבער צו שטילע רעליגיעזע לידער, צו אַ תפילה בלחש. זיין ענד־ציל ווערט דאָס ליד. דאָס ווערט באַזונדערס אויסגעדריקט אין זיינע לידער וועגן האַפיז, דעם פּערסישן דיכטער פונעם 14טן יאָרהונדערט. ער זאָגט: „האַפיזן לאָזט נאָר זיין ליד". ער שליסט זיך איין אין זיך און זיין ליד. זיין איך ווערט זיין קיניגרייך; זיין ליד — זעלבסט־ציל.

און דאָך ווירקט זיין פּערזענלעכע פאַרביטערטקייט, דאָך צווינגט זי צו זען דורך זיין דיכטערישן אויסדרוק פון צער און פאַרדרוס דעם צער און וויטאָק פון די מיליאָניקע באַליידיקטע און דערנידעריקטע. ווייל ראָלניק איז ניט נאָר אַ „שווייגער", ער איז אויך אַ מאָנער. זיין ליד איז אַן אויסדרוק פון האַס צו דער פאַרגעלטעוועטער, פאַרביזנעוועטער, קאָמערציאַליזירטער, וואולגאַריזירטער אַטמאָספערע, האַס צום דאַלער־גייסט, צו דער ברוטאַלער, האַרטער אַנטי־קינסטלערישער ווירקלעכקייט, וואו — „ווער דאַרף מיין ליד, מיין בלוט פון האַרצן האָבן?". האַס — אַן אַ ריכט־ליניע, וואָס העלפט פאַרשטיין די קלאַסן־געזעלשאַפט.

אַ פאַרשטייער פון דער דיכטער־גרופּע „יונגע", וועלכע האָט אויפגעשריבן אויף איר פאָן די לאָזונגען „קונסט לשם קונסט" און „מיר ווילן ניט קיין פּראָבּ־לעמען", איז ער דיכטעריש געווען אין אַ געוויסער מאָס אַ „קרבן" פון דער שיטה פון די „יונגע", האָט זיין פּאָעטישער טאַלאַנט און גאַנג אַ היפּש ביסל געליטן מחמת דעם אַנטי־סאָציאַלן איינפלוס פון די „יונגע" (כאָטש די „יונגע" דאַרף מען ניט באַנעמען ווי איין גאַנצע, איינהייטלעכע גרופּע).

עס איז, פאַרשטייט זיך, פאַראַן אַ סך פּאָזיטיוועס אין דעם דיכטערישן בייטראָג פון יוסף ראָלניק. אַהער געהערן: די פּשטות פון פאָרם, די לויטערקייט פון וואָרט, דעם דיכטערס באַשיידנקייט, ערלעכקייט, אויפריכטיקייט אַזש ביז נאַאיוויטעט, זיין אייגענער און אייגנאַרטיקער טאָן. ער האָט, אָן צוויפל, באַרייכערט די מאָדערנע יידישע פּאָעזיע מיט זיינע פרעכטיקע נאַטור־בילדער (באַזונדערס מיט זיינע פיינע לידער „אַרום מיל"), מיט זיינע שטילע, סענטימענטאַל־ראָמאַנטישע, נאָר אויפ־ריכטיקע און רירנדיקע ליבע־לידער. אַ סך פון זיינע לידער זיינען אויך באַ'חנ'ט מיט אַ קלוגן איראָנישן שמייכל, מיט אַ ביטערן סאַרקאַזם. זיין קינסטלערישער בייטראָג וואָלט, אָן צוויפל, געווען אַ סך גרעסער אין באַהעפטונג מיטן פאָלק.

ראָלניק איז דער מחבר פון די לידער־ביכער: „אויפן זאַמדיקן וועג" (ניו־יאָרק, 1911); „לידער" (ניו־יאָרק, 1915), „צום שטערן נויד" (נ. י., 1922), „לי־דער פון יוסף ראָלניק — צווייטע פאַרגרעסערטע אויפלאַגע" (נ. י., 1926), „אַ פענצטער צו דרום" (נ. י., 1941).

זיינע לידער האָבן מיט זייער אָריגינעלקייט, פּשטות, בילדלעכקייט און טיפער אויפריכטיקייט געצויגן אויפמערקזאַמקייט צו זיך שוין אין 1911, ווען עס איז דערשינען זיין ערשטע לידער־זאַמלונג. אַ שווערער און פיינלעכער איז דער וועג פון אָט־דעם פיינעם יידישן ליריקער, דעם זעלבסט־קאָנצענטרירן דיכטער פון פּשוטן וואָרט, וואָס האָט אין זיין ליד אַזוי קינסטלעריש און שיין געמאָלן און אויפגעלעבט די אַמאָליקע ווייס־רוסישע לאַנדשאַפט, זיין דאָרף, זיין מיל, און אַזוי האַרציק געזונגען פון ליבע און פון ליד.

שוין אַ היפּשע צייט ווי ראָלניק האָט זיך אָנגעהויבן באַהעפטן מיט פּראָגרע־סיווער קולטור־סביבה. ער איז אַ נאָענטער פריינט און סימפּאַטיקער פונעם „איקוף" זינט דער גרינדונג פון דער אָרגאַניזאַציע (אגב, גרייט איצט צו דער „איקוף" צום דרוק אַ נייעם בוך לידער פון יוסף ראָלניק). זיינע לידער ווערן געדרוקט אין „איקוף"־זשורנאַל „יידישע קולטור", אין זשורנאַל „דאָס וואָרט" פון יידישן פּראָטערנאַלן פאָלקס־אָרדן. ער שילדערט יידישן לעבנסשטייגער פון אַמאָל. ער שילדערט די יידישע יוגנט פון זיין דור. זיין טאָן איז פריש, דורכזיכטיק, גע־לייטערט. מען קאָן נאָך דערוואַרטן אַ סך זאַפטיקע פּרוכט פון ראָלניקס דיכ־טערישער רייפקייט און באַהעפטונג מיט פּראָגרעסיווער סביבה.

(צו זיין 70־יאָריקן געבורטנטאָג)
1949





# שלום אַש

## דורך די אויגן פון זיין ביאָגראַפער

(1957-1880)

שלמה ראָזענבערגס „שלום אַש פון דער נאָענט" (1958) איז אַ ניצלעך, אינ־טערעסאַנט, ווערטפול ווערק. דער מחבר, אַ פיינער בעלעטריסט, שלום אַשס לי־טעראַרישער סעקרעטאַר אין משך פון צען יאָר, אַ פריינט פונעם גרויסן יידישן שרייבער און אַ מיטגליד פון זיין משפחה (אַ קאָזין פון אַשס פרוי, מאַטילדע), גיט אונדז אַן אינטימען פאָרטרעט פונעם ריז פון דער יידישער ליטעראַטור.

ש. ראָזענבערגס בוך איז פאַקטיש דער ערשטער בוך וועגן אַשן, איינעם פון די שעפערישסטע און פּראָדוקטיוועסטע שרייבער ביי יידן, — אַ קינסטלער, וואָס האָט העכער אַ האַלבן יאָרהונדערט פאַרנומען אַן אויבן־אָן אין דער יידישער לי־טעראַטור, דאָס אַנגעזעענסטע אָרט נאָך אונדזערע דריי אָבות און ראשונים: מענ־דעלע, שלום־עליכם און פּרץ.

דער בוך, געשריבן אין אַ לייכטער, פליסיקער, לעבעדיקער שפּראַך, איז רייך מיט גאָר אינטערעסאַנטע זכרונות, איינדרוקן, שילדערונגען, באַאָבאַכטונגען, עפּי־זאָדן, וואָס וואַרפן אַ העל ליכט אויף דעם גרויסן מייסטער פון אונדזער ליטע־ראַטור, אויף זיין שאַפונגס־פּראָצעס און אויף זיין זייער קאָמפּליצירטער פּערזענ־לעכקייט, פול מיט סתירות, מיט ווידערשפּרוכן.

ש. ראָזענבערג שרייבט מיט טיפער פאַרערונג ממש מיט יראת־הכבוד וועגן שלום אַשן דעם וואָרט־קינסטלער, דעם שאַפער פון פיל מאָנומענטאַלע ווערק, דעם זייל און שטאָלץ פון אונדזער ליטעראַטור. ער שרייבט, פאַרשטייט זיך, ווי ער האָט אים געזען און געקענט. זיין טיפע ליבשאַפט און פאַרערונג צום גאָניאַלן קינסטלער שטערט אים אָבער נישט צו זען און ווייזן אויך די שאָטנדיקע זייטן פון אַשס כאַראַקטער.

ש. ראָזענבערג, דוכט מיר, שרייבט ערלעך און אויפריכטיק וועגן אַשן, פאַר וועמען און מיט וועמען ער האָט נאָענט מיטגעאַרבעט צען יאָר — וועמען ער האָט געהאַט די געלעגנהייט נאָענט צו קענען, זען אים ביי דער אַרבעט, ביים עסן, ביים רוען, ביי שמחות, ביי באַגעגענישן מיט אַנדערע מענטשן, האָבן מיט אים אָפטע לייכטע און ערנסטע שמועסן.

דאָס וואָס ש. ראָזענבערג דערציילט אונדז העלפט דעם לייענער און דעם פאָרשער פון יידישער ליטעראַטור צו קריגן אַ גענויער, פולער בילד וועגן די אויפפירונגען, כאַראַקטער־שטריכן, געדאַנקען, איבערלעבונגען, צער און פרייד, שטימונגען פונעם קינסטלער, וואָס האָט אַריינגעפירט אונדזער יידישע ליטעראַטור אין דער וועלט־ליטעראַטור און זי באַרימט און גרויס געמאַכט.

ראָזענבערג שילדערט אַשן ווי אַ מענטש מיט שטימונגען, וואָס בייטן זיך אָפט; מיט קאַפּריזן, מיט מענטשלעכע שוואַכקייטן. דער מחבר באַהאַלט ניט פונעם לייענער אַזעלכע שוואַכקייטן און חסרונות ביי אַשן דעם מענטש, ווי קאַרג־שאַפט, צייטנווייז גרויסהאַלטעריי, היציקייט, ניט־אָפּגעהיטקייט מיט ווערטער אין מאָמענטן פון בייז־ווערן, און דער עיקר אַזוינע „שוואַכקייטן" ווי אָפּשיי פאַר דעם גביר, דעם פריץ, איבערהויפּט דעם קריסטלעכן פריץ און יחסן, דרך־ארץ בכלל פאַר רייכטום, מאַיאָנטקעס, פאַר אַ לעבן פון לוקסוס און רחבות. אין אָט־די שילדערונגען און דעראַינערונגען וועגן זיין מיטאַרבעט מיט אַשן אין און לעבן אַשס רייכער ווילע „שאַלאָט" אין ניצע, אין דער פראַנצויזישער ריוויערע, ווייזט אונדז ש. ראָזענבערג צייטנווייז אַשן אין דער בחינה פון אַ „יחזקאל באַמבינער" אָדער „שלמה נגיד"...

„פון צופיל צעפּיעשטשעטקייט האָט זיך ביי אים [ביי אַשן] אין משך פון יאָרן אַנטוויקלט אַ גוואַלדיקער עגאָאיזם", שרייבט ראָזענבערג.

אַש קאָן זיך אַ זאָג טאָן צו זיין סעקרעטאַר: — הם... וואָס פעלט אייך דען?... איר זענט שלום אַשס סעקרעטאַר, און וואָס בין איך?... און אַ וואוינונג האָט איר אַ שענערע פון מיינע!"...

דער מחבר ברענגט אָבער אַרויס פיל שטריכן אין דעם כאַראַקטער פונעם גרעסטן יידישן שרייבער פון אונדזער צייט, וואָס רופן־אַרויס צו אים טיפן דרך־ארץ. מיר זעען אַשן אויך אין מאָמענטן פון חרטה און ערגעריש, נאָכדעם ווי ער האָט דער־פילט, אַז ער האָט עמיצן מבייש־געווען אָדער פוגע־בכבוד געווען; מיר זעען אים אין זיין גרייטקייט צו טאָן טובות פאַר פריינט; מיר זעען אים אויך אין מאָמענטן פון ביטול און ממש שנאה צו אָנגעפּאַשעטע גבירים, „גרויסע לייט".

דעם גרעסטן אָפּשיי רופט־אַרויס ביים לייענער און שרייבער אַשס קאָלאָסאַלע אַרבעטזאַמקייט. זיין זיצן ממש יומם ולילה איבערן בוך — איבער שאַפן ביי ווערק אָדער איבער לייענען ביכער ערב און אינעם פּראָצעס פון שאַפן זיינע ווערק. די אינטערעסאַנטסטע שטעלן אין ראָזענבערגס בוך זיינען זיינע שילדערונ־גען פון אַשס שאַפונג־פּראָצעס.

מיר זעען, ווי „אַש איז ראשו ורובו אַריינגעטאָן אין זיין ווערק". דער מחבר ווייזט (דאָס, וואָס פאַר פיל פון אונדז איז שוין לאַנג קלאָר געווען) אַשס גוואַלדיק־ערנסטע, „בדחילו ורחימאַדיקע באַציאונג צו זיין שאַפן; זיין לייענען און לער־נען פיל ווערק אין הכנות צו זיין שאַפן. דער מחבר דערציילט אונדז, אַז בשעת אַשס אַרבעט אין זיין קאַבינעט, האָט מען אים ניט געטאָרט שטערן; אַז אַש איז אין יענע מאָמענטן געווען מיט לייב־און־לעבן פאַרטאָן אין זיין שאַפן; אַז ער האָט ממש מיטגעלעבט מיט זיינע העלדן, מיט זייערעליידן און פרייד[ן]. האָט ער געשילדערט אַ מאָמענט פון נחת און פרייד, איז ער אַליין געווען אויפגעלייגט; האָט ער אַרויסגעבראַכט אַ מאָמענט פון צער און ווייטאָק, איז ער אַליין געווען צעווייטאָקט, צעבראָכן... האָט ער געשילדערט אַ צדיק, אַ בעל־מידות טובות,

איז ער אין יענעם מאָמענט געווען צוגעלאָזט, אַ נחת־לבריות, פריינטלעך־געשטימט; האָט ער געשילדערט אַ רשע, פלעגט ער אַליין ווערן בייז, ממש רשעותדיק...

דער מחבר צעקלאַפּט די נאַרישע און ווילדע בבא־מעשיות וועגן אַשס כלומרשטער „עם־הארצות". ער באַווייזט, אַז אַש איז אַנגעזאַפּטקייט מיט תורה, מיט וויסן, וואָלט געקאָנט קלעקן פאַר אַ סך שרייבער, וואָס פאַרשפּרייטן אָט־די אומגעלומפּערטע רכילותן.

אָט־די אַלע זכרונות און איינדרוקן וועגן אַשן ווערן איבערגעגעבן אין דעם 1טן טייל פון ראָזענבערגס בוך: 21 קאַפּיטלעך (274 זייטן). דער צווייטער טייל (אַרום 80 זייטן) איז געווידמעט דעם „וויכוח אַרום שלום אַשן" אָדער, גענויער, דעם „קרייצצוג" קעגן אַשן.

אין דעם ערשטן טייל זיינען פאַראַן גאָר טשיקאַווע באַשרייבונגען וועגן „שלום אַש אין שטוב און אויף דער גאַס"; וועגן שלום אַש אַלס מאַן און פאָטער, וועגן זיינע באַציאונגען צו מיטמענטשן, צו אַנדערע שרייבער; זיינע באַגעגענישן מיט סטעפאַן צווייגן און פראַנץ ווערפעלן; וועגן אַשן אַלס „באָס", אפילו וועגן זיינע פּאָר סכסוכים און קריגערייען און דערנאָך איבערבעטענישן מיטן מחבר. טשיקאַווע איז צו לייענען וועגן דעם, ווי אַש, וועלכער איז שוין אין עלטער פון 26 יאָר געווען באַרימט, האָט זיין גאַנץ לעבן געחלשט צו הערן אַ גוט וואָרט, אַ לויב־וואָרט, אַ וואָרט פון דערמוטיקונג...

דער ערשטער טייל נעמט אַרום דעם צען־יאָריקן פּעריאָד (ביז אָקטאָבער, 1938), ווען אַש האָט געשאַפן זיינע באַרימטע ווערק „תהלים־ייד", „ביים אָפּגרונט", „דאָס געזאַנג פון טאָל", „דער מאַן פון נצרת". אָט־די ווערק האָט דער מחבר, שלמה ראָזענבערג, דער ערשטער געלייענט. זיין עובדה איז געווען צו פאַרריכטן די גראַמאַטישע און סינטאַקסישע פעלערן, אַריינברענגען אויסבעסערונגען פון אַ וואָרט אָדער אויסדרוק, און איבערשרייבן דעם מאַנוסקריפּט (דערפון איז געדרונגען, אַז פאַר אייניקע נאַכלעסיקייטן אין גראַמאַטיק אָדער זאַץ־בוי אין „תהלים־ייד", אויף וועלכע ש. ניגער האָט בשעתו אָנגעוויזן, איז טאַקע ער, ראָזענבערג, פאַראַנטוואָרטלעך).

פון גאָר גרויס וויכטיקייט איז דער צווייטער, פּובליציסטישער טייל פון ראָזענבערגס בוך. אין אָט־דעם טייל, גרינטלעך צוגעגרייט, שטעלט זיך אָפּ דער מחבר אויף דער שענדלעכער, אָרגאַניזירטער העצע־און פאַרלוימדונג־קאַמפּאַניע, וואָס איז געפירט געוואָרן קעגן אַשן אין פאַרבינדונג מיט זיינע קריסטוס־ראָמאַנען.

דער מחבר ברענגט פאַקטן פון די הפקרדיקע אַטאַקעס, זלזולים און בלבולים קעגן אַשן — וועגן דעם ווי אַזוי אַב. קאַהאַן און חיים ליבערמאַן וחברותא האָבן באַליידיקט און געזידלט אַשן, באַשולדיקט אים אין „נאַציאָנאַלן פאַרראַט", געשטעמפּלט אים אַלס „אַנטיסעמיט, משומד, אָנרעדער צו שמד, מיסיאָנער, געזוכט פאַר׳מיאוס׳ן אים ביים פאָלק, „אומברענגען" אים אַלס שרייבער, פאַרשפּרייטן נאַרישע טעאָריעס, אַז ער איז אַ שונד־שרייבער, אַ גראַפאָמאַן, אַן „עם־הארץ", אַ „קולטורלאָזער" שרייבער.

מיט באַרעכטיקטן צאָרן שרייבט אַשס געוועזענער סעקרעטאַר וועגן אָט־די שמוץ־און שטיינער־וואַרפער. ער דעקט־אויף זייער קנאה־שנאה, זייער ניט־פאַרגינערייַ. ער רופט זיי אָן „אומגעוואַשענע טרייפניאַקעס, כלומרשטע גאַטס סטראַפּ־

טשעס״, „אומפאַראַנטוואָרטלעכע קליקע פון ליטעראַרישע פּאָליטיקאַנטן״. ער ווייזט, ווי זיי זיינען אָנגעפאַלן אויף אַש „מיט רשעות, מיט ציין־קריצעניש, גראָבקייט און ווילדער שנאה״. ער באַצייכנט די גאַנצע בייזוויליקע אַנטי־אַש וואַקכאַנאַליע ווי אַן „אומפאַראַנטוואָרטלעכע קוואַטש־היסטעריע״, ווי „מטורפדיקע אָנפאַלן פון היס־טעריקער״, וואָס „פּאַסן נאָר פאַר דער דזשאָנגל״.

דער מחבר ווייזט אויך אויף אַרויסטרעטונגען פון ערלעכע אַש־קעגנער און טיילט זיי אָפּ פון די בייזוויליקע. ער רעכנט־אויס אויך די פּאַרטיידיקער פון אַשן און פון זיינע „נוצרי״־ראָמאַנען, צווישן זיי: חיים גרינבערג, ש. ניגער, יואל ענטין, מלך ראַוויטש, ח. ש. קאַזשדאַן און אַנדערע.

דורך זיינע אייגענע באַאָבאַכטונגען און דורך די אַרטיקלען און אָפּשאַצונגען פון אַשס חשובע פּאַרטיידיקער באַווייזט דער מחבר, אַז אַש איז אין תוך געווען איינער פון די געטרייסטע זין פון יידישן פאָלק, איינער פון די סאַמע יידישסטע שרייבער, געטריי זיין פאָלק ביז זיין לעצטן אָטעם־־צוג. ראָזענבערג ווייזט, ווי אַזוי די אַלע שמד־בלבולים פון דער רעאַקציאָנערער, היפּאָקריטישער שרייבער־קליקע האָבן אַשן ממש פאַרקירצט די יאָרן, ווי אַש האָט זיך געבעטן צו „צעשטערן דעם שרעקלעכן שמד־בלבול״ אויף אים; ווי אַש האָט געפּרואווט קלאָר מאַכן זיינע אמתע, יידישע, פאָלקס־געטרייע כוונות אין שאַפן זיינע קריסטוס־ראָמאַנען.

זיין בוך ענדיקט דער מחבר מיט אָט־דעם שאַרפן פּאַראַגראַף: „זאָלן די אַש־פאַרלוימדער זייער גאַנץ לעבן געפּייניקט ווערן פון חרטה געפילן [אויב אַזעלכע קאָנען גאָר חרטה האָבן!] און זאָלן זיי נישט האָבן קיין רו, ווייל זיי האָבן שלום אַשן, דעם גרעסטן פּראָזע־מייסטער ביי יידן, פאַראומערט דאָס לעבן, געצאַפּט זיין בלוט און פאַרקירצט זיינע יאָרן!״...

ראָזענבערגס בוך, ווי געזאָגט, איז אַן ערשט בוך וועגן אַשן: אַן ערנסטער, באַדייטנדיקער פּרואוו אַריינצובליקן אין דער נשמה פונעם גרויסן קינסטלער. עס זיינען נויטיק נאָך וויכטיקע שטודיעס וועגן דעם לעבן און שאַפן פונעם גאון פון אונדזער ליטעראַטור, וועגן פאַרשיידענע פעריאָדן פון זיין שאַפן, סאָציאַלע וואָרצלען פון זיינע ווערק.

צום סוף פון בוך איז פאַראַן אַ וויכטיקע אַרבעט פונעם אומדערמידלעכן ביב־ליאָגראַף יעפים ישורין: „שלום אַש ביבליאָגראַפיע״ (אָפּרופן אויף זיין טויט). אַ נוצלעכע אַרבעט, פאַר וועלכער לייענער און שרייבער וועלן אים זיין דאַנקבאַר.

(זונטיק, יולי 13, 1958)



# אליעזר שטיינבאַרג

## מייסטער פון יידישע משלים

(1932־1880)

ס'איז נאָך אַלץ ניטאָ קיין מאָנאָגראַפיע אָדער ביאָגראַפיע, קיין ברייטע אַרומ־נעמנדיקע ליטעראַריש־פאָרשערישע אַרבעט וועגן דעם קלאַסיקער פון דער יידישער משלים־דיכטונג אליעזר שטיינבאַרג (1932־1880), דעם בעסטן, אָריגינעלסטן שרייבער פון פאַבלען ביי יידן.

מיט וואָס האָבן זיך באַזונדערס שטאַרק אויסגעצייכנט זיינע משלים, וואָס האָבן אים געמאַכט באַרימט און באַליבט ביים פאָלק? דער ענטפער איז: מיט זייער הויכער קונסט, מיט זייער פאָלקסטימלעכקייט און שאַרפזין, מיט זייער וואונדערלעכן לשון יידיש, מיט זייער טרעפן אין פינטל, מיט זייער וואַרעמען, ליכטיקן הומאָר און מיט זייער שאַרפער, שניידנדיקער סאַטירע.

וואָס איז דער עיקר זין אָדער ציל פון זיינע בריליאַנטענע, פּאָעטישע פאַבלען, וואָס שטעלן אים אַוועק אין איין ריי מיט די משלים־קלאַסיקער לאַפאָנטען און קרילאָוו? וואָס איז זייער הויפּט־אויפטו? דער פאַקט וואָס זיי זיינען אַ שאַרף ווירקזאַם געצייג אין קאַמף פאַר אַ וועלט פון סאָציאַלן יושר. זייער הויפּט־קראַפט שטעקט אין דער סאָציאַלער סאַטירע, אין דער סאָציאַלער שליחות, אין אויפדעקן און אַרונטערייסן די „בעלי טובהניקעס", די זעלבסט־געקרוינטע גרענדע־פירער, די „תקיפים" אין יידישן לעבן.

אליעזר שטיינבאַרג, דער גרויסער הומאַניסטישער קינסטלער פון יידישן משל, דער מחדש אין פאַבל־געביט, דער „יידישער קרילאָוו", איז קודם־כל געווען אַ פּראָגרעסיווער דיכטער, אַ אידייאיש־קעמפערישער דיכטער. יעדער משל זיינער, וואָס איז אַליין אַ פאַרגאַנצט פּאָעטיש ווערק, האָט אַ נמשל, אַ כוונה, אַ מוסר־השכל (מוסער־האַסקעל), איז תמיד עפּעס אויסן. די מערסטע משלים זיינע, חנ׳עוו־דיק, שפּילעוודיק, פערלדיק אין קינסטלערישער פאָרם, האָבן אַ סאָציאַלן און מאָראַלישן זין, תוכן און באַדייט. זיי קומען — ניט בלויז ברענגען פרייד מיט זייער פאָלקס־חכמה, מיט זייער שפּראַך־עשירות, מיט דערקוויקנדיקע שאַרפע איינפאַלן, מיט עכטער לירישער פּאָעזיע, נאָר צו לערנען אַ מוסר־השכל, באַקעמפן אומ־יושר, אוממענטשלעכקייט. דער משל אויך אָן דעם נמשל איז ביי אים קרישטאָל־קלאָר און דערהויבנדיק ווי אמתע פּאָעזיע. דער נמשל וואַקסט ביי אים אַרויס נאַטירלעך פונעם משל און פינקלט מיט פילאָסאָפישן מוסר־השכל.

פיל פון שטיינבאַרגס משלים זיינען טיפזיניק, בילדעריש, מוזיקאַליש — ממש געזאַנגען. עס זינגט פון זיי לעבנס־חכמה, פאָלקס־חריפות, געזונטע פאָלקישקייט. פּשוטע זאַכן, דוממים, קאַטשערעס מיט לאָפּעטעס, לעבן ביי אים, קריגן ביי אים לשון. חיות און עופות ריידן אין זיינע משלים בלשון בני־אָדם. פיל פון זיינע משלים, וואָס האָבן אין זיך, אין זייערע מאָנאָלאָגן און דיאַלאָגן, אַ סך ענלעכקייט

צו שלום־עליכמען, שמייסן מיט שאַרפער בייטשן־סאַטירע די עקספּלואַטאַטאָרס און זייערע אידייאישע משרתים. זיי גיסן אויס דעם ממשל׳ס (מעמאשעל׳ס, משלים־שרייבערס) געגרעכט צאָרן ניט בלויז קעגן אונטערדריקער, קעגן רעאַקציע, קעגן פאַרשקלאַפער, נאָר אויך קעגן די פּרעדיקער פון אונטערטעניקייט אָדער די בעלי־הכנעה, די שקלאַפישע גאַטורן, וואָס גיבן ניט קיין ווידערשטאַנד צו די אונטער־דריקער. זיי קומען מיט אַ מיסיע: זיי רופן צו קאַמף, צו ווידערשטאַנד קעגן פאַרשקלאַפונג, צו אַ פריי לעבן, צו פרייען זעלבסט־אויסדרוק. דערביי זיינען זיי אַזוי טרעפלעך און פיין־געשליפן, אַז פיל פון זייערע סאָציאַלע מוסר־השכלס בעטן זיך ממש צו ווערן פאָלקס־ווערטלעך, שפּריכווערטער.

שוין אין זיין מאָטאָ־ליד „די פויסט“ (ביים דערעפענען זיין ערשטן באַנד „משלים“) האָט דער דיכטער שאַרף געצייכנט דעם קלאַסן־קאַמף. דער האַמער, דער אונטערדריקער, וואָס קלאַפּט דאָס אייזן אומרחמנותדיק, לאַכט זיך אויס, ווען דער געשלאָגענער טענהט: „איך בין דיר דאָך אַ ברודער!ביידע מיר גאָטס קינ־דער“. דער האַמער ענטפערט אים אָפן און ברוטאַל:

— ס׳אַראַ ברודער (לאַכט דער האַמער) ס׳אַראַ קינדער גאָטס?
איך בין פויסט און דו ליגסט אויפן קלאָץ!

שוין אין זיין סאַמע ערשטן משל אינעם ערשטן באַנד: „דער האַמער און דאָס שטיק אייזן“ חוזקט־אָפּ דער דיכטער פון די היפּאָקריטישע רייד פונעם אונ־טערדריקער דעם האַמער, וואָס פּראָוווט איינריידן דעם געשלאָגענעם שטיק אייזן, אַז „מען דאַרף זיין קלוג, געדולדיק“ און אָננעמען די קלעפּ באהבה. דער דיכטער לאָזט אונדז הערן דעם געהעריקן פּראָטעסט־אויסרוף און וויי־געשריי פונעם גע־שלאָגענעם:

הרגעט־זשלאָגט, און איז אַ ברודער! עצות גיט ער!
שווייגן, ווען אונטער די קלעפּ איך ציטער?
צווישן האַמער און קאָוואַדלע? מוחל! מוחל דיר עס!
אוי, מיין ווייטאָק אָן אַ שיעור איז —
וויל איך שעלטן, וויל איך שרייען אָן חקירות!

אויך אין דעם משל „דאָס פערד און די בייטש“, ווען דאָס פערד האָט טענות צו דער בייטש, הלמאי זי קאַטעוועט און שינדט פאַסן פון דער בידנער בהמה, ענטפערט די בייטש, אַז זי שלאָגט דאָס פערד —

נישט דערפאַר, וואָס ווילסט נישט שלעפּן, וואָס, בהמה, נישט פאַרשטאַנען
נאָר דיך קומט דערפאַר צו קלעפּן, און געלאָזט זיך שפּאַנען!

דאָ הערן מיר דיר רייד פונעם דיכטער דעם בונטאַר, דעם קעמפער קעגן „לאָזן זיך שפּאַנען“.

געטריי צו דער טראַדיציע פון אונדזערע קלאַסיקער, די אָבות פון אונדזער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור, האָט שטיינבאַרג אָפּגעלאַכט פון די ליידיק־גייער, בעלי־יחוס און געשטעלט אויף אַ מדרגה פון חשיבות דעם אָרנטלעכן ברויט־פאַר־דינער, דעם האָרעפּאַשניק, דעם יגיע־כפּימניק.

שוין אין זיין צווייטן ליד „דער חלף און די זעג“ (פון זיינע פּאָפּולערסטע

פאַבלען) הויבט ער אַרויס דעם יחוס פון דער זעג און ברענגט דעם פּרעכטיקן מוסר־השכל:

נאָך עד היום איז אַ זעג, אַ בעל־מלאכה, און אַ שאַרפער חלף האָט הצלחה —
גאָר אַ פּלעק אין דער משפחה, אי ער קוילעט, אי מען מאַכט אויף אים אַ ברכה!

אין דעם לויטער פשטותדיקן משל „דער קוש" קוועלט־אָן דער טיפּש דער בייך, וואָס דער גביר רב ניסל צמאָקעט אים און „קושט" אים. ער באַרימט זיך פאַר טעלער און שיסל, אַז „דער באַלעבאָס אַליין" האַלט אים אין קושן:

— איי, דו שוטה
(ענטפערט אים אַ שיסל),
וואַרט אַביסל,
ביז רב ניסל
וועט דעם מאַרעך דיר אויסנאָגן —
וואָס וועט איר, רב בייניש, דעמאָלט זאָגן?

די „מעשים טובים" פון די רב ניסלס, זייערע גראָבע אויפפירונגען, זייער ספּעציאַליזירן זיך אין אויסנאָגן דעם מאַרך פון די אונטערדריקטע, ווערן אַרויסגעבראַכט אין דער אָפּטיילונג „באַלעבאַטים". דאָרט זעט איר זיי, די יוסטע באַלעבאַטים, די גבירים־נגידים, אונטער אַ מאַסקע, אין אַ גלגול פון — חזירים, „דברים אַחרים" — און מען ווייסט שוין וועמען ער מיינט. אין אָט־די משלים פיגורירן: „חזיר חזיראָוויטש", „רב סוויניאַקע". אין דעם משל „דער פאַרצוויפלטער חזיר" קלאָגט זיך דער דבר־אחר, אַז — „אַלץ פאַרדאַרבן, אַלץ! קיין חזיר קען נישט לעבן אויף דער וועלט!" שאַרף, בוילעט ווערט געצייכנט די העסלעכע געשטאַלט פונעם הערשער דעם דבר אחר ביד חזקה:

אַ באַלעבאָס, אַ יוסטער, ברייטער,
ער שפּאַצירט זיך אין מיין שטעטל...

יענע שרייבער און בכלל אינטעלעקטואַלן, וואָס הנפענען זיך צום באַלעבאַטים־קלאַס, די צופּאַסלער און קאָנפאָרמיסטן, וואָס פאַרלירן זייער אייגענעם פּרצוף פּנים אין צופּאַסן זיך צו די הערשער, וואָלטן מיאוס אָפּגעשניטן ביי שטיינבאַרגן. אין זיין משל „דער שפּיגל און דאָס בילד" לאַכט־אָפּ דער דיכטער־פילאָסאָף פון „דעם שפּיגל", וואָס האָט ניט קיין אייגן פּנים, נאָר „טוט זיך אָן אין איכן, טוט זיך אויס פון איכן". דאָס בילד זאָגט אים שאַרף און אָפן:

דו ביסט דער און יענער און ביסט יעדער איינער,
ווייל אַליין ביסטו נישט קיינער!

דעם דיכטער גופא, דעם פיל־געליטענעם אונטער דער הערשאַפט פון דער האַלב־פאַשיסטישער רעאַקציע אין דער באַיאַרישער רומעניע, זעען מיר אין דעם שיינעם, דורכזיכטיקן משל: „דער רויך און די כמאַרע". דער רויך, וואָס ציט זיך אַרויף־צו, צו די „הויכע בלויע רוימען", רופט דאָס כמאַרעלע צו קומען מיט אים „אַהינצו צו די שטערן" — אָבער דאָס כמאַרעלע ענטפערט:

— ניין! איך קען נישט! איך — אַראָפּ, אַראָפּ איך מוז מיך קערן!
— קינד, פאַרוואָס? — איך האָב אַ האַרץ מיט בליץ, מיט דונער און מיט טרערן!

אַזאַ זעען מיר דעם גרויסן פאַבל־דיכטער — „אַ האַרץ מיט בליץ, מיט דונער און מיט טרערן"!

אינטערעסאַנט איז, אַז אָט־דער צאַרטער דיכטער, וועמענס לעבן און שאַפן

ער האָט אַליין כאַראַקטעריזירט ווי „ליד, משל, מעשה", האָט אָנגעהויבן דעם ערשטן משל אין זיין בוך מיט די אומעט־שורות:

טרויעריק, קינדער, אויף דער וועלט דער ברייטער, גראַמער!
ביטער! מיט אַ משל כאָטש זיך קוויקן לאָמיר.

און געענדיקט האָט ער זיין ערשטן משלים־בוך ווי אַ טרייסטער, אַ בעל־בטחון, פול מיט אָפּטימיזם, האָפענונג און גלויבן אין זיג פון הומאַניזם:

וואָס? די וועלט חסדר־דעה'ש? פינצטער? גליטשיק? יאוש
אין די ביינער עסט זיך איין?
אָבער, חברה, אַז די זון וועט טאָן אַ שיין!
(פונעם משל „דער רעגנבויגן")

קורץ און טראַגיש איז געווען דאָס לעבן פון דער גרויסער, שאַפערישער קולטור־פערזענלעכקייט אליעזר שטיינבאַרג, דער גרויסער סטיליסט, דער שאַפער פון מחיהדיקע קינדער־לידער און קינדער־שפּילן, דער זעלטענער פּעדאַגאָג, דער מחבר פון אַ באַנד קינדער־מעשיות, פונעם זעלטן־שיינעם העברייאישן אַלף־בית „אַלפון" און פון אַ יידישן „אַלף־בית".

אַ געבוירענער אין שטעטל ליפּקאַן, בעסאַראַביע, אַ געשוועסטער־קינד פון יהודה שטיינבערג, איז דער שאַפער פון אָריגינעלע משלים, קינדער־לידער און מעשיות, אין צייט פון דער רעוואָלוציע געוואָרן אַ פירער פון דער פּראָגרעסיווער יידישער בעסאַראַביער יוגנט. אין 1921 האָט ער זיך באַזעצט אין טשערנאָוויץ, וואו ער איז אין משך פון אַ קנאַפּע יאָרצענדליק געווען דער גייסטיקער אָנפירער פון דער יידישער שרייבער־גרופּע, דער פירער פונעם יידישן קולטור־צענטער. אין אַן אַרטיקל וועגן אים (אין מאָסקווער „אייניקייט", אַפּריל 3, 1947) האָט דער טשערנאָוויצער שרייבער ה. בלאָשטיין געשריבן: „ער [שטיינבאַרג] איז געווען אַ טרייער פריינט פונעם סאָוועטן־פאַרבאַנד. אין די לעגאַלע און האַלב־לעגאַלע פּראָגרעסיווע קולטור־אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן געאַרבעט אין בעסאַראַביע און בוקאָווינע [‚קולטור־פעדעראַציע', ‚קולטור־ליגע' א. א.], האָט שטיינבאַרג שטענדיק געהערט צום לינקן פּראָלעטאַריש־רעוואָלוציאָנערן פליגל... ביז אומזיסט איז דער נאָמען פונעם דיכטער ביזן היינטיקן טאָג אַזוי באַליבט און געאַכטעט ביי די אַרבעטנדיקע פון רומעניע און בוקאָווינע".

דער גרויסער משלים־שרייבער האָט אין מערץ 1928 פאַרלאָזט רומעניע, וואו ס'האָט געבושעוועט די ווילדע רעאַקציע, און איז געוואָרן אַ לערער און פאַרוואַלטער פון דער שלום־עליכם שול אין ריאָ דע זשאַנעיראָ, בראַזיל. ער איז צוריקגעקומען קיין טשערנאָוויץ אין זומער 1930 און ווידער פאָרגעזעצט זיין ברייטפאַרצווייגטע קולטור־אַרבעט. מיט קנאַפּע צוויי יאָר שפּעטער איז ער פלוצים, נאָך אַ ניט־געלונגענער אָפּעראַציע אויף אַפּענדיציט, געשטאָרבן אין אַ שפּיטאָל אין טשערנאָוויץ, דעם 28טן מערץ, 1932. ער איז באַערדיקט געוואָרן אין אַ קבר צווישן די קינדער־קברים אויפן טשערנאָוויצער בית־עולם. אַרום צען טויזנט מענטשן זיינען געקומען צו זיין לוויה.

זיין ערשטער באַנד משלים איז דערשינען אין טשערנאָוויץ אַ קורצע צייט נאָך זיין פּריצייטיקן טויט; אַ צווייטע אויפלאַגע — אין בוקאַרעסט אין 1935, אַ דריטע אין בוענאָס איירעס, אין 1949. אין 1947 זיינען אין פאָלקס־רומעניע דערשינען צוויי אויפלאַגעס פון שטיינבאַרגס משלים אין רומעניש; אין 1954 איז אין

ישראל דערשינען אַן אָפּקלייב פון די משלים אין העברייאישער איבערזעצונג. אין 1956 איז אין ישראל דערשינען דער צווייטער באַנד משלים פון שטיינבאַרג, אַרויסגעגעבן דורך זיינע ליפּקאַנער לאַנדסלייט (די משלים זיינען אָפּגעהיט גע־וואָרן דורך דעם דיכטערס אלמנה רבקה).

אין זכרון פון פאָלק בלייבט לעבן די געשטאַלט פונעם גרויסן יידישן משלים־קינסטלער, דער פאָרזעצער און אַנטוויקלער פונעם משלים־זשאַנער פון דר. שלמה עטינגער, מרדכילע (טשעמערינסקי), דובנער מגיד; דעם געטרייען פּעדאַגאָג און קולטור־בויער, קינדער־שרייבער און מעשהלע־שאַפער, דעם פאַבל־מייסטער, וואָס האָט אין זיינע משלים אויפגעהיט דעם בעסאַראַביער קאָלאָריט. לאָמיר האַלטן טייער זיין רייכע, גרויסע ליטעראַרישע ירושה!

(צו זיין 30טן יאָרצייט)
ונטאָג, מערץ 25, 1962.

# י. מ. ווייסענבערג

(1938־1881)

אין אויגוסט, 1956, איז אויסגעפאַלן דער 75סטער געבוירנטאָג און דער אַכצנטער יאָרצייט פונעם גרויסן יידישן רעאַליסטישן שרייבער, מייסטער פון דער דערציילונג, שאַפער פונעם אומשטערבלעכן קלאַסישן ווערק „אַ שטעטל" — יצחק מאיר ווייסענבערג.

אָט־דער ברילִיאַנטענער פאָלקס־טאַלאַנט, אַ האָרעפּאַשניק בן האָרעפּאַשניק, איז געקומען מיט שטורעם אין אונדזער ליטעראַטור ווי אַ פאָרשטייער פונעם „צווייטן דור" צוזאַמען מיט שלום אַש, אברהם רייזענען, ה. ד. נאָמבערגן. ער האָט באַלד פון אָנהויב אָן פאַרנומען אַ בכבודיק, חשוב אָרט אין אונדזער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור, וועלכע ער האָט באַרייכערט און אין וועלכער ער האָט אַריינ־געטראָגן אַ נייעם טאָן, נייע מאָטיוון, נייע בילדער און געשטאַלטן.

יצחק מאיר (איטשע מאיר) ווייסענבערג איז געווען דער ערשטער האָרעפּאַש־ניק אין אונדזער ליטעראַטור, און ער האָט דער ערשטער אין איר אַריינגעבראַכט דעם קעמפנדיקן האָרעפּאַשניק (אין אונטערשייד פון „באַנטשע שווייגן") — דעם מאָנער און דערמאָנער. ער האָט דער ערשטער געבראַכט אין אונדזער ליטעראַטור די טעמע, אידייע, מאָטיוון, בילדער און באַשרייבונגען פון הייסן, גליענדיקן קלאַסן־קאַמף אין יידישן שטעטל.

אָט־דער זון פון גרויסער אָרעמשאַפט איז געבוירן געוואָרן אין דעם שטעטל זשעלעכאָוו, שעדלעצער געגנט, פּוילן. געלערנט האָט ער אין חדר; געלעבט אין דלות. דער טאַטע זיינער, לייביש מאַטעס׳עס, האָט געאַרבעט אַלס אַ גאַר־בער אין זשעלעכאָוו ביי חיסדא גאַרבער. דער יונגער יצחק מאיר איז שוין פון קליינערהייט־אָן געווען אַן אַרבעטער. ביזן עלטער פון 25 יאָר האָט ער זיך אָפּ־געגעבן מיט כל׳ערליי שווערע מלאכות אין וואַרשע און אין לאָדזש. זיינע מערסטע

יאָרן האָט ער געליטן נויט. אויך שוין נאָכדעם ווי ער איז געוואָרן אַ באַרימטער שרייבער, האָט ער אונטערגעהונגערט, געמוזט מאַכן חיונה פון אַרומגיין פאַרקויפן זיינע ביכער. אין זיין האַרצן האָט זיך אָנגעקליבן אַ סך ווייטאָק, פאַרביטערטקייט, צאָרן — דער צאָרן פון די געקריוודעטע, באַ׳עוולה׳טע אין משך פון דורות.

זיינע דערפאַרונגען פון נויט, זיינע באַקאַנטשאַפטן מיט דער אָרעמקייט און אָרעמשאַפט פון זשעלעכאָוו, ענלעך צו הונדערטער אַנדערע יידישע שטעטלעך, האָט ער קינסטלעריש געשטאַלטיקט אין זיינע פילצאָליקע דערציילונגען און נאָוועלן, סקיצן, דראַמאַטישע בילדער, דראַמען, איינאַקטערס, פול מיט לעבן, מיט לעבעדיקע מענטשן. ער האָט אויף אַ מייסטערהאַפטן אופן, מיט דער פשטות פון אַן עכטן קינסטלער, געגעבן אונדז דאָס בילד פונעם יידישן אויפשטייגנדיקן, פּראָטעסטירנדיקן, קעמפנדיקן אַרבעטער ערב, בעת און נאָך דעם שטורעם־יאָר, דעם העלדישן יאָר 1905 (דערביי מיט אַ פּרימיטיווער באַנעמונג פון קלאַסן־קאַמף און פון רעוואָלוציאָנערער פּראַקטיק).

ער האָט אין זיין גרויס ווערק „אַ שטעטל״ און אין פיל אַנדערע דערציילונגען פּאַראייביקט דעם פאַרכאַפּנדיקן, שרפ׳ענדיקן אָטעם פון רעוואָלוציאָנערן אויפברויז, פון רעוואָלוציאָנערן קאַמף, פון דער יונגער שטורמישער יידישער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־באַוועגונג אין די פּוילישע יידישע שטעטלעך.

אונדזער גרויסער קלאַסיקער י. ל. פּרץ האָט דער ערשטער אַריינגעפירטווייסענבערגן אין דער ליטעראַטור. אין 1904 האָט ער אין זיין „אידישע ביבליאָטעק״ אָפּגעדרוקט ווייסענבערגס ערשטע דערציילונגען „דור הולך ודור באַ״ און „דער קיטל״, וואָס האָבן באַלד געמאַכט אַ שטאַרקן רושם מיט דער פרישקייט, דרייסטקייט, נייקייט פון זייער טאָן, מיט זייער עכטן רעאַליזם. אָבער זיין אויבן־אָן אין אונדזער ליטעראַטור האָט ווייסענבערג פאַרנומען מיט צוויי יאָר שפּעטער — אין 1906 — מיט זיין גרויסער דערציילונג „אַ שטעטל״ — אַ נייער וועג־צייכן אין זיין שאַפן און אין דער יידישער בעלעטריסטיק.

דאָס איז געווען גאָר אַן אַנדער שטעטל. אינגאַנצן אַנדערש פון מענדעלעס טונעיאַדעווקע און קאַבצאַנסק, פון שלום־עליכמס קאַסרילעווקע, פון פּרצעס „שטעט און שטעטלעך״, אויך פון שלום אַשס „דאָס שטעטל״. גאָר אַנדערע כאַראַקטערן. פון ווייסענבערגס שטעטל האָט געאָטעמט מיט אויפשטאַנד, מיט גבורה, מיט קאַמף. אין היפּך צו שלום אַשס מנוחהדיקער און שלווהדיקער שטילקייט און שמן־זיתדיקער האַרמאָניע אין זיין שטעטל. אין קעגנזאַץ צו אַשס אידיליע און צו זיין פאַרערונג פאַר די גבירים, פאַר די יחזקאל נאָמבינערס, האָט אין ווייסענבערגס שטעטל, געטריי און אמתדיק צו דערווירקלעכקייט, צום ערב 1905, אַ ברויז געטאָן מיט קאַמף פון די אונטערדריקטע, די ליידנדיקע און באַליידיקטע, קעגן די מעכטיקע: מיט קאַמף קעגן דעם צאַריזם, אויך קעגן דער יידישער גבירקראַטיע.

ניט אַשס יחזקאל גאָמבינערס, ניט נאָמבערגס בלאַסע, בלוטלאָזע אינטעליגענטישע „פליגלמאַנס״ — נאָר קעמפנדיקע יידישע אַרבעטער האָבן פאַרנומען דעם צענטער, דעם אויבן־אָן, די העלדן־ראָלן אין ווייסענבערגס „אַ שטעטל״ און אין פיל אַנדערע נאָכפאָלגנדיקע ווערק אין יענעם בעסטן, פּרוכטבאַרסטן פּעריאָד פון זיין שאַפן, ווען ער האָט אויסגעשמידט זיין אייגענעם, אייגנאַרטיקן, גרויסאַרטיקן סטיל אָדער נוסח, וואָס האָט געהאַט אַ געזונטע השפעה אויף אויף אַנדערע שרייבער.

געווען איז דאָס דער סטיל פון אַ נייער עפּאָכע, פון אַ צעברויזטער רעוואָ־

לוציאָנערער עפּאָכע; געווען איז דאָס דער סטיל פון אַ נייעם קלאַס, דעם אַר־בעטער־קלאַס, וואָס האָט זיך געמאָלדן צום וואָרט און האָט מוטיק, שרעקלאָז, מסירת־נפשדיק אַרויפגעשפּאַנט אויף דער אַרענע פון קאַמף.

עכט, ערלעך, אומגעקינסטלט, רעאַליסטיש האָט ווייסענבערג קינסטלעריש גע־מאָלן, געשילדערט יענעם פּעריאָד און יענע סביבה, וואו „מען רייסט זיך שוין ביי די האָר". ער איז אין משך פון אַ קורצער צייט באַרימט געוואָרן ווי אַ מייס־טער, מעגלעך קלאַסיקער, פון דער יידישער ליטעראַטור. די צאָל פון זיינע נאָכ־פאָלגער און פאַרערער האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן.

די לייענער־קרייזן, די שרייבער און קריטיקער, זיינען ממש באַצויבערט גע־וואָרן פון זיינע דערציילונגען און נאָוועלן „אַ חוב", „דריי וועגן", „קריינדעלע", „דאָרף־מיידל", „טאַטע מיט בנים", „די משוגענע אין דאָרף", „יונגע אלמנה", „אַ זומערדעגן", „אַ שלעכטע פּרוי", „מיינע ערשטע רייזעס", „קליינע שטעטלעך", „דער דערטרונקענער", „דער בעל־תשובה", „אַ רעטעניש", „חנהלע", „ווי דער גורל פירט", „די קינדער", „אַ פּאַמניק", „נישט באַשערט", „בערעק פּאַד קאָצקיעס", „ווידוי", „אַ פּאַרביסענער", „בונעם פעלדשער", „די שיינע גיטל", „אַ סוד" און פיל אַנדערע פון זיינע פּערלדיקע ווערק.

בעת נאָך דעם יאָר 1906 האָבן זיך אין די יידישע און ניט־יידישע גאַסן, אונ־טערן אָנגריף פון דער צאַרישער און פּריצישער רעאַקציע, גענומען טראָגן שטי־מונגען פון רעזיגנאַציע און יאוש, פון „סאַנינשטשינע", האָט פון ווייסענבערג ווערק פון יענעם פּעריאָד נאָך אַלץ געאָטעמט מיט דער קראַפט פון פעסטע און זיכערע טריט פון אַ קעמפנדיקער מאַסע. יעקל סטאָליער פון ווייסענבערגס „אַ שטעטל" האָט פאַרנומען דעם אויבן־אָן. ער, דער האָרעפּאַשניק, דער שליח־ציבור פונעם יידישן אַרבעטער־קלאַס, האָט אָפּגערוקט אין אַ זייט די „שיינע יידן" און כלי־קודש, יחזקאל גאַמבינערן, דעם „לעצטן בעל־תפילה", „באַנטשע שוויגן". ער האָט דרייסט מיט זיין מעכטיקער האַנט אַ קלאַפּ געטאָן איבערן באַלעמער אין שול: דאָס פאָלק האָט דאָס וואָרט! וידבר ה'אַרבעטער־קלאַס! יעקל סטאָליער האָט אָנגעצייכנט די מעטאָדן פון קאַמף קעגן די פּאָגראָם־באַנדעס: „וואָס איז דאָס פאַר אַ תהילים! היינט איז נישט קיין צייט פון תהילים, נאָר פון קעמפן מיט ,בראָן' [וואָפן], רעוואָל־ווערן, פּיסטאָלעטן!"

ווייסענבערג, אַ זייל און יסוד־לייגער פון אונדזער ליטעראַטור, דער ערלעכער דערציילער און שילדערער פון קלאַסן־קאַמף, דער ליטעראַרישער וואָרטזאָגער פו־נעם אַרבעטער, איז אויך דער באַזינגער פונעם האָרעפּאַשניק — פון זיין גבורה און תמימות, פון זיין גלויבן און פשטות, פון זיין בטחון און האָפערדיקייט.

איבער זיינע ווערק שוועבט אַ דינער, פיינער, וואַרעמער הומאָר. דורך די ווערק: בילדער פון שטעטלשער נויט, פון איינזאַמקייט און עלנט אין ביטערן געראַנגל פאַר פּרנסה. די דערציילונגען און נאָוועלן ווערן אין די באַזונדערע בענד פאַרבונדן צווישן זיך דורך דעם מחברס טיפן הומאַניזם, דורך זיין ליבשאַפט צום פאָלקס־מענטשן, דורך אַ וואַרעמען, פּאָעטיש־לירישן געפיל. שטאַרק האָבן אויס־געגומען אויך ווייסענבערגס ערשטע דראַמאַטישע בילדער „דבורהלע" און „ר' יואל" (ווייניקער געלונגען זיינען זיינע דראַמען „קנאה און תאווה", „קאַספּער").

די הויפּט־שטריכן פון ווייסענבערגס סטיל זיינען: קראַפט, אומרו, דינאַמיק, בילדלעכקייט, פּלאַסטישקייט; מאָלעריי פּלוס באַוועגונג, סקולפּטור פּלוס דראַמע.

זיין שפּראַך — די זאַפטיקע, רייכע, פולבלוטיקע, פילפאַרביקע, פשוטע „עמך״־שפּראַך פון פאָלק, פון ברודער־אַרבעטער. זיין בילד — צמצומדיק, קאָנצענטרירט. זיינע געשטאַלטן ווי אויסגעהאַקט פון שטיין, פון מאַרמאָר אָדער בראָנז. ריכטיק און טרעפלעך האָט נח פּרילוצקי געהאַט באַצייכנט וויסענבערגן אַלס דעם סקולפּ־טאָר פון דער יידישער ליטעראַטור. שוין אין 1909 — 5 יאָר זינט וויסענבערגס ערשטער דערציילונג — האָט בעל־מחשבות דערקלערט, אַז וויסענבערג איז „אפשר די גרעסטע האָפענונג אונדזערע״. דערביי האָט דער טאַלאַנטפולער קריטיקער אויסגעדריקט זיין באַגייסטערונג פאַר וויסענבערגס „אָריגינעלקייט פון טעמעס״, „פרישקייט פון זיינע פאַרבן״, „לעבעדיקייט פון דיאַלאָג״, „טיפער לײדנשאַפט־לעכקייט פון זיין טאָן, מיט דעם געפיל זיינעם פאַר דער שטומער, שיינער נאַטור״.

אַ צווייטער פעריאָד אין „דעם זשעלעכאָווערס״ שאַפן האָט זיך אָנגעהויבן נאָך פּרצעס טויט, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. ניט־געקוקט אויף זיין שווערן עקאָנאָמישן לעבן, אויף זיין פילן זיך באַליידיקט און געקריוודעט, האָט דער שע־פערישער, אַרבעטזאַמער מייסטער בייגעטראָגן נאָך אַ סך ווערטפולע שאַפונגען. ער האָט געאַרבעט, געשאַפן ביזן סאַמע סוף פון זיין געפלאָגטן, 57־יאָריקן לעבן. ער האָט אַרויסגעגעבן דעם זשורנאַל „אידישע זאַמלביכער״, די זשורנאַלן „דער שטראָם״ און „אונזער האָפענונג״, אַרום וועלכע עס האָבן זיך גרופּירט יונגע טאַ־לאַנטן. ער האָט מקרב־געווען און אַריינגעפירט אין אונדזער ליטעראַטור די יונגע שרייבער עוזר וואַרשאַווסקי, שמעון האָראָנטשיק, יחיאל לערער, ש. ברײנסקי, א. אַנד. (אַלץ פון די קליינע יידישע שטעטלעך אין פּוילן).

אין יענעם פעריאָד, אין דעם לעצטן און טראַגישן פעריאָד פון זיין שאַפן, האָט די טראַגישע שעפערישע פערזענלעכקייט וויסענבערג פאַרענדיקט אַ 10־בענדיק ווערק „אין דער טיפער אייביקייט״ (צוויי בענד זיינען דערשינען), אַ ווערק „איבער־גאַנג פון קינדהייט צו דערוואַקסונג״, אַ דראַמע „דער נייער מאַרגן״, די ראָמאַנען „בין המצרים״ און „דער איבערגאַנג״, אַ דראַמע „דער מאָדערנער שד״, אַ פילאָ־סאָפישע אָפּהאַנדלונג „די וועלט ווי אַ טרוים״; חוץ דעם: נייע דערציילונגען, קריטיש־פּובליציסטישע עסייען וועגן קונסט און ליטעראַטור, פּאַמפלעטן.

אין 1939, אַ יאָר נאָך וויסענבערגס טויט, ווען וואַרשע איז באָמבאַרדירט גע־וואָרן דורך די נאַציס, זיינען אין פייער פאַרניכטעט געוואָרן פיל פונעם גרויסן קינסטלערס נאָך־ניט־פאַרעפנטלעכטע ווערק: 8 בענד „אין דער טיפער אייבי־קייט״, אַ 3־בענדיקע פּאָעמע „אסתר״, די דראַמע „דער נייער מאַרגן״, אַ בוך אין פאָרם פון בריוו, פיל דראַמאַטישע אַרבעטן, עסייען און דערציילונגען, ווי אויך איבערזעצונגען פון „טויזנט און איין נאַכט״ (בלויז 6 העפטן, אַרויסגעגעבן אין 1922) און „שיר השירים״.

וויסענבערג דער בונטאַר, דער קריטישער רעאַליסט, דער דיכטער פון קלאַסן־קאַמף, דער באַזינגער פון יעקל סטאָליער, פעלט שוין אָבער אין פיל ווערק פון אָט־דעם צווייטן פעריאָד. אייניקע פון זיי זיינען פּסיכאָלאָגיש־פאַרטיפט, זיינען ווערטפול און אָריגינעל. עס פעלט זיי אָבער די פּרימיטיווע, בראשיתדיקע שמשון הגבור־קראַפט פונעם ערשטן וויסענבערג פון „אַ שטעטל״. עס פעלט זיי די דינאַמיק פונעם אמתן וויסענבערגן; ניטאָ דער כוח, דער אימפּעט, דער אויפברויז פונעם ערשטן, עכטן וויסענבערגן.

דער פאַרביטערטער וויסענבערג האָט אין יענעם אָפּגאַנג־פעריאָד עפּעס ווי

אָפּגעריסן זיך פון זיין שורש, פון דער פאָלקס־מאַסע, פון וועלכער ער האָט הויפּנ־ווייז געשעפּט זיין גבורה. אין יענעם פּעריאָד האָט ער פאַרטאַכלעוועט אַ סך פון זיין שעפערישער ענערגיע אויף אַמפּערייען און מחלוקתן קעגן „ליטוואַקעס" (אַן איינרעדעניש, אַז „די ליטוואַקעס" האָבן, הייסט עס, ניט באַרייכערט די יידישע קולטור), און פאַר אַ קאַמף איינצופירן די פּויליש־יידישע אָרטאָגראַפיע.

דער ערלעכער, אומקאָמפּראָמיסלעכער ווייסענבערג האָט געפירט אַ קאַמף פאַר דער חשיבות און ערלעכקייט פון דער יידישער ליטעראַטור, קעגן דערנידעריקן און פאַרשונדעווען זי, קעגן מבזה־זיין איר כבוד, פאַר „דער באַפרייאונג פון אונדזער ליטעראַטור". ער איז אין זיין פּאָלעמיק ניט געווען אָפּגעהיט מיטן לשון. ער האָט מיט זיינע זידלערייען אַרויסגערופן אַ סך בייז בלוט, פאַרשאַפט זיך אַ סך שונאים. מען האָט אים געפּרוואווט פאַרשווייגן. ער לאָזט זיך נישט. זיינע ווערק — פּערלען, שעדעווערן אין אונדזער ליטעראַטור — לאָזן זיך ניט פאַרשווייגן.

ווייסענבערג איז געווען „אַ „סאַמאָראָדנער", אָריגינעלער קינסטלער — מיט זיינע אייגענע קונסט־מיטלען. דאָך קאָן מען אין אייניקע פון זיינע ווערק אָנדייטן אויף אַן השפּעה פון פּרצן און מענדעלען, טיילווייז (זעלטן) אויך פון שלום־עליכמען. אין משך פון יאָרן איז ער געווען פּרצעס אַ הייסער חסיד; שפּעטער האָט ער זיך אָנגעברוגזט אויף פּרצן און געהאַט צו אים טענות. נאָך פּרצעס טויט האָט ער ווידער דעמאָנסטרירט זיין טיפע פאַרערונג פאַר זיין ערשטן רעדאַקטאָר.

אין „אונזער פאָלקסצייטונג" (וואַרשע, 17טן אַפּריל, 1925) האָט ער צום צענטן יאָרצייט נאָך פּרצן פאַרעפנטלעכט אַ רירנדיקן אַרטיקל: „פּרץ דער נישט־באַלוינטער". אָט־דער אַרטיקל איז איבערגעדרוקט געוואָרן דורך ש. נ. (ש. ניגער) אין „צוקונפט", אַפּריל, 1949. לייענט איר אָט־דעם אַרטיקל, פול לויב פאַר דעם מייסטער, וואָס האָט „באַשאָנקען אונדז מיט דימענטן און בריליאַנטן", און איר טראַכט וועגן — ווייסענבערגן. ווי אָנגעמאָסטן עס איז דער אַרטיקל וועגן פּרצן — אויף אים אַליין טאַקע, אויף ווייסענבערגן! ער דערקלערט: „וואָס האָט פּרץ דען פאַרלאַנגט פאַר זיך? נישט מער ווי דאָס, וואָס איז געווען זיין העכסט גליק — שאַפן". און ווייטער: „ער [פּרץ] האָט געחלומט וועגן... קאָנען ווידמען זיין גאַנצע צייט דעם שרייבן"...

דאָס איז דאָך אויך געווען ווייסענבערגס חלום: „קאָנען ווידמען זיין גאַנצע צייט דעם שרייבן". האָבן אים אָבער געפּלאָגט דאגות־פּרנסה. האָט מען אים און זיין הויז־געזינט געוואָרפן פון דער וואוינונג פאַר ניט צאָלן קיין דירה־געלט; פלעגט ער אין די קאַלטע ווינטער־טעג קומען אין וואַרשעווער ליטעראַטן־פאַר־איין אויף טלאָמאַצקע 13 אָנצוואַרעמען זיך. איז זיין געזונט אונטערגעבראָכן געוואָרן און זיין לעבן פאַרקירצט געוואָרן דורך שווינדזוכט (דעם 13טן אויגוסט, 1938, איז ער געשטאָרבן). רוען זיינע ביינער אויפן גענשער בית־עולם נעבן נאָמ־בערגן, אין שכנהשאַפט מיטן אוהל פּרץ. האָט ערשט די פּוילישע פאָלקס־דעמאָ־קראַטישע מלוכה אויפגעשטעלט אַ מצבה אויף זיין קבר.

די יידישע פאָלקס־מאַסן, פון וועלכע ווייסענבערג איז אַרויסגעוואַקסן און וועמענס לעבן ער האָט געשטאַלטיקט, וועלן ניט פאַרגעסן זייער גרויסן פאָלקס־קינסטלער, דעם קעמפער פאַר סאָציאַלן יושר, יצחק מאיר ווייסענבערג. זיי וועלן איצט — 50 יאָר נאָך דער דערשיינונג פון זיין עפּאָכע־שאַפנדיקן „שטעטל" — איבעראַנייעס נעמען שעפּן, לערנען און געניסן פון זיינע רייכע אוצרות.

(צו זיין 75סטן געבורטסטאָג) סעפּטעמבער 2, 1956.



# יוסף אָפּאַטאָשו

(1954-1883)

יוסף אָפּאַטאָשו, וועמענס צענטן יאָרצייט מיר פאַרצייכענען איצט, פאַרנעמט אַן אויבן־אָן אָרט אין אונדזער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור ווי אַ מייסטער־דערציילער, ראָמאַניסט און עסייאיסט.

ער איז געווען איינער פון אונדזערע פּראָדוקטיווסטע, שעפערישסטע פּראָזע־שרייבער: דער מחבר פון העכער 30 בענד, וואָס שליסן־איין היסטאָרישע ראָמאַנען פון אַ הויכן ווערט און אַרום צוויי טויזנט דערציילונגען.

ער האָט פאַרוואַנדלט געשיכטע אין קונסט. אַ וואָרט־מייסטער און וועלט־דערציילער פון גרויסן פאַרנעם, איז ער געווען אַן אַרכיטעקט־בויער און אינזשיניער פונעם ראָמאַן.

זיינע קינסטלערישע דערציילונגען, נאָוועלן און ראָמאַנען נעמען־אַרום פיר פאַרשיידענע פאַזן פון יידישן און ניט־יידישן לעבן אין אַמעריקע: די יידישע איסט־סאַיד, דאָס לעבן פון אַרבעטער, קליינבירגער און מיטקלאַס, אויך פון דער אונטערוועלט; דאָס יידישע לעבן אין אַלטן פּוילן (אין שטעט, שטעטלעך און דערפער), אין ארץ־ישראל, סאָוועטן־פאַרבאַנד; די יידישע געטאָ אין אַמאָליקן דייטשלאַנד; יידישן לעבנס־שטייגער אין די צייטן פון רענעסאַנס אין איטאַליע.

מיט פּסיכאָלאָגישער פאַרטיפונג האָט דער וואָרט־קינסטלער אָפּאַטאָשו, אַ למדן און בן־תורה, אויפגעלעבט פיל געשיכטלעכע תקופות, עפּאָכעס, פעריאָדן אין לעבן פון יידישן פאָלק און פון דער מענטשהייט: דעם היינט, דעם נעכטן און דעם גאָר וויטן עבר (אַמאָל). ער האָט קינסטלעריש אַרויסגעבראַכט הונדערטער געשטאַלטן, פיגורן, כאַראַקטערן. ער פילט זיך היימיש, דאָאיק אין דעם וויטן עבר. ער קען און וויזט די געשעענישן, סביבה, מענטשן, ס׳פּנים פון יענע צייטן. ער פאַרבינדט דעם נעכטן מיטן היינט.

אַ שריפטשטעלער מיט שפּרודלדיקער ענערגיע, מיט אימפּעט און ברען, מיט אַן אייגנאַרטיקן סטיל; אַ שרייבער מיט אַ ריזיקן קערנדיקן קינסטלער־טאַלאַנט, האָט ער אין די 45 יאָר פון זיין פּרוכטבאַרער ליטעראַרישער טעטיקייט געשאַפן אַ וועלט מיט מענטשן, מיט יחידים און זייערע פּראָבלעמען. ער איז ווי אַ וואָרט־

קינסטלער געגאַנגען אין דער ברייט און אין דער טיף, געשיכטלעך און געאָגראַפיש, אין ווייטע תקופות און לענדער.

זיין טעמאַטיק איז קאָלאָסאַל־ברייט. צווישן זיינע וויכטיקע היסטאָרישע ראָמאַנען און נאָוועלן, וועלכע אָטעמען ממש מיט יידישער געשיכטע, מיט טיפער איי־בערלעבונג פון יידישע מאַסן (ניט בלויז העלדן־יחידים), האָבן זיך ביי ברייטע יידישע לייענער־קרייזן באַליבט געמאַכט זיינע מאָנומענטאַלע וואונדערלעכע ווערק: „אין די פוילישע וועלדער״, „1863״, „אַליין״, „אַ טאָג אין רעגנסבורג״ (וועגן אַמאָליקן יידישן לעבן אין דייטשלאַנד), „אליהו בחור״, „רבי עקיבא״, „פונדקא רטיבתא״, „וועו פוילן איז געפאַלן״, „יידן־לעגענדע״; אויך דער ראָמאַן: „היברו״ (פון אַ באַשטימטן ווינקל פון אַמעריקאַנער יידישן לעבן). זיין ראָמאַן „דער לעצ־טער אויפשטאַנד״ (בר־כוכבא) איז דערשינען אין 1955 — שוין נאָך זיין פרי־ציייטיקן טויט.

אַ ראָמאַנטיש־רעאַליסטישער דערציילער־שילדערער־מאָלער, אַ סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער שריפטשטעלער, האָט ער אין זיין קונסט געגעבן אַ תיקון צו שטיקער יידיש לעבן אין פוילן, וואו ער האָט געלעבט די ערשטע צוואַנציק יאָר פון זיין לעבן, און צו פיל ווינקלען און פאַזן פונעם יידישן לעבן אין אַמעריקע, וואוהין ער איז געקומען אין 1907 מיט אַ היפשן באַגאַזש קענטענישן.

אָפּאַטאָשו, טרעגער פון אַ דורותדיקער פויליש־יידישער טראַדיציע, גאונישער קינסטלער פון פוילישער יידישקייט, האָט מיט גרויס טאַלאַנט געגראָבן אין דער טיף פון יידישער געשיכטע, נוצנדיק דערביי זיין רייכע ערודיציע, זיין גרויסע בקיאות.

פון זיין ערשטער דערציילונג „אויף יענער זייט בריק״ (1910) ביז זיין בוך „מלאָווער דערציילונגען״ (1954), האָט זיך געצויגן איין לאַנגער, גרויסער שעפע־רישער וועג. שוין זיין ערשט ווערק „אַ ראָמאַן פון אַ פערד־גנב און אַנדערע דערציילונגען״ (1917) האָט אַרויסגערופן פאַרדינטן לויב. שלום־עליכם איז גע־וועזן באַגייסטערט פאַר דעם יונגן שרייבערס „ניו יאָרקער געטאָ״. פרץ הירשביין האָט געלויבט זיין פאָלקסטימלעכקייט און „אַמעריקאַנישן טעמפּאָ״; דוד בערגעל־סאָן — זיין פילפאַרביקייט. פיל, פיל שרייבער־קינסטלער און ליטעראַטור־קרי־טיקער האָבן נאָך ביי זיין לעבן אונטערגעשטראָכן זיינע אומגעהויער־גרויסע ביי־טראָגן צו דער יידישער ליטעראַטור, זיין טאַלאַנט און פייאיקייט צו האַרמאָנירן דאָס דורות־אַלטע מיטן נייעם, היינטיקן, זיין סימפּאַטיע צו די לומדים, רבנים, רביים און צו די יונגען, שמידן, פישערלייט, בעל־עגלהס.

אַ גאָר הויכע קינסטלערישע מדרגה האָט ער דערגרייכט אין שילדערן די געשטאַלט פונעם גרויסן תנא־בונטאַר, דעם געוועזענעם פאַסטוך רבי עקיבא, ווי אַ לערער און קעמפער, אַ טרעגער פון ספר און שווערד אין קאַמף קעגן די רוימישע הערשער און באַצווינגער, אַ גייסטיקער פירער און אידעאָלאָג פון בר־כוכבאס העלדישן אויפשטאַנד קעגן די רוימישע פאַרשקלאַפער. אין אָפּאַטאָשוס גרויסן ראָמאַן „בר־כוכבא״ (דער צווייטער בוך אָדער פאָרזעצונג פון זיין ראָמאַן „רבי עקיבא״) ווערט אָבער דער גרויסער יידישער קאַמף אַרויסגעבראַכט ווי אַן איזאָלירטע דערשיינונג; עס פעלט דאָס בילד און די אידייע פון פעלקער־פאַר־ברידערונג אין אויפשטאַנד קעגן דעם געמיינשאַפטלעכן שונא, דעם אונטעריאָכער פון פעלקער.

אַ היפּשע צאָל פון אָפּאַטאָשוס קורצע דערציילונגען, בצמצומדיק אין וואָרט און בילד, איז געשריבן געוואָרן האַסטיק, בחפּזונדיק (דער עיקר — פון יענע דערציילונגען, וואָס ער פלעגט וועכנטלעך צושטעלן דעם „טאָג״). אין פיל פון זיינע דערציילונגען מערקן זיך די שוואַכקייטן, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט זיין נאַטוראַליסטישן דערצייל־מעטאָד: דאָס שילדערן דאָס אויבן־אויפיקע, באַזונדערס דאָס פּרימיטיווע, אינסטינקטיווע אין מענטש, דאָס אונטערשטרייכן צו שטאַרק דעם עראָטישן עלעמענט. די גרויסקייט פון אָפּאַטאָשוס קונסט־דערגרייכונגען דאַרף מען זוכן אין זיינע היסטאָרישע ראָמאַנען, אין זיינע ברייטע פּאַנאָראַמעס: דאָרט זיינען פאַראַן עכטע בילדער פון לעבן און מענטשן, לאַנדשאַפטן, מנהגים, שטייגער לעבן. באַזונדערס שיינט־אַרויס אין אונדזער ליטעראַטור זיין קרוין־ווערק „אין די פּוילישע וועלדער״ — אַ רייכע עפּאָפּייע פון יידישן לעבן אין פּוילן אין דער ערשטער העלפט פונעם 19טן יאָרהונדערט. אַ געבוירענער אין מלאַווע (דעם 1טן יאַנואַר, 1883), אַ זון פון דורות יידישע לומדים־חסידים פון פאָטערס צד (דער פאָטער — אַ סוחר און שרייבער פון העברייאישע שירים) און פון וואַלד־סוחרים פון מוטערס צד, אַ פאַרוואָרצלטער אין יידיש־פּוילישער טראַדיציע, לומדות און פאָלקלאָר, האָט ער אין יענעם ווערק קינסטלעריש רעפּראָדוצירט אַ גאַנצע עפּאָכע אין פּויליש־יידישן לעבן.

אַן ערנסטער, אחריותפולער שרייבער, אַ מאָלער פון ברייטע לייוונטן, איז ער געווען אַ באַדייטנדיקע קולטור־פּערזענלעכקייט, אַ קעמפער פאַר יידיש, פאַר יידיש־שאַפן, פאַר יידישער קולטור־טראַדיציע, פאַר נייע גרויסע יידישע קולטור־ווערטן, אַ מיט־רעדאַקטאָר פון וויכטיקע ליטעראַרישע זאַמלביכער, אַ מיטגרינדער פונעם „איקוף״ (אָנטיילנעמער אין יידישן קולטור־קאָנגרעס אין פּאַריז אין 1937), אַן אַקטיווער טוער פונעם „איקוף״ אין די ערשטע 2 יאָר פון זיין עקזיסטענץ.

ביי זיין לעבן און אין משך פון די צען יאָר זינט יוסף אָפּאַטאָשו איז אַוועק אין דער אייביקייט האָבן פיל שרייבער און ליטעראַטור־פאָרשער געשריבן וועגן אים, וועגן זיין ראָל אַלס איינער פון אונדזערע ערשטע און בעסטע היסטאָריקער־ראָמאַניסטן, פאָרשער און קינסטלער, דערציילער און עסייאיסטן. שוין ביי זיין לעבן זיינען דערשינען דריי מאָנאָגראַפיעס וועגן אים: „יוסף אָפּאַטאָשו, זיין לעבן און שאַפן״ פון נחמן מייזיל (1937); „יוסף אָפּאַטאָשוס גאַנג״ פון ב. ריווקין (1948); „יוסף אָפּאַטאָשוס שאַפונגס־וועג״ ((1951); חוץ דעם — אַ גרויסע צאָל עסייען און אָפּשאַצונגען וועגן אים אין צייטונגען און זשורנאַלן אין פיל לענדער. אַ צאָל פון זיינע ווערק זיינען איבערגעזעצט געוואָרן אין אַ ריי שפּראַכן.

יוסף אָפּאַטאָשו האָט זיך אויסגעצייכנט ניט נאָר מיט דער גרויסער עשירות פון זיין אידייען־וועלט, טעמאַטיק און געשטאַלטן־גאַלעריי, ניט נאָר מיט זיין קרעפּטיקן, וואַכן חוש פאַר געשיכטע, נאָר אויך מיט זיין אָריגינעלן סטיל — אַ סטיל פון לויטערקייט און קלאָרקייט, פאַטאָס און פייער. ער האָט זיין יידיש לשון מיט צערטלעכקייט געמייסטערט, געשליפן, געכאָוועט, אויפהיטנדיק דעם ניגון פון זאַפטיקן פּוילישן יידיש. אַ קינסטלער אַ פאָרשער מיט אַ שאַרפן געהער פאַר וואָרט און קלאַנג, האָט ער אין זיינע ראָמאַנען פון דער ווייטער יידישער פאַרגאַנגענהייט פאַרהיט די אייגנאַרטיקייטן פון אַלט־יידיש, געטריי צום אַמאָליקן יידישן לעבנס־נוסח.

אַ שרייבער אַ בעל־לשון, מיט ריזיקע אוצרות פון יידיש לשון אין זיין רשות,

האָט ער געוואוסט דעם סוד פון צמצום און וואָרט־געצוימטקייט, פון קאָנטראָל אי־בער שפּראַך, פון אָפּקלייב, פון שילדערן אַ כאַראַקטער דורך זיין שפּראַך. שוין אין 1912 האָט ב. וולאַדעק (אין אַן אַרטיקל אין „צוקונפט" וועגן אָפּאַטאָשוס דער־ציילונגען) אָנגעוויזן אויפן קינסטלערס „בילדלעכער רייכער שפּראַך". פּרץ הירש־ביין האָט אָנגעוויזן אויף דער „ברייטפּליציקייט", וואָס אָפּאַטאָשו האָט „אַריינגע־בראַכט אין זיין שפּראַך".

אַ שרייבער אַ פּיאָנער און מחדש, האָט ער תמיד אָנגעהאַלטן אַ שאַרפן וואַ־כיקן באַוואוסטזיין וועגן פּראָצעס פון זיין שאַפן, און — וועגן באַנוץ פון דער שפּראַך. זיין גרויסע ליבשאַפט און דרך־ארץ־באַציאונג צו יידיש האָט געקראָגן אויסדרוק, ניט נאָר אין זיינע קינסטלערישע ווערק, נאָר אויך אין זיינע פאַר־טיפטע, גייסטרייכע עסייען, באַזונדערס אין זיין בוך עסייען „יידיש און יידיש־קייט" (טאָראָנטאָ, קאַנאַדע, 1949). אָפּאַטאָשוס גרויסע באַרייכערונג פון יידיש, זיין פאָרשונג פון יידיש לשון און זיין טיפע פאַרערונג פון אונדזער מאַמע לשון איז נאָך ווייט ניט אויסגעפאָרשט געוואָרן, און קאָן זיין אַן ענין פאַר אַ ברייטער, אינ־טערעסאַנטער און באַלערנדיקער שטודיע.

אין זיין עסעי „יידיש" האָט דער גרויסער קינסטלער טיף אַריינגעבליקט אין דער געשיכטע פון דער יידישער שפּראַך און ליטעראַטור, און דערקלערט: „די יידישע ליטעראַטור, וואָס האָט אין זיך געטראָגן וועלטלעכקייט און וועלטלעך־ליטעראַרישן שאַפן, האָט פאַרכאַפּט דאָס גאַנצע פאָלק, אַלע זיינע שיכטן". ער שאַצט הויך די ראָל פונעם יידישן אַרבעטער אין באַרייכערן די יידישע שפּראַך, אין „געבן יידיש — נשמה, מוח און פּראַצע". ווי אַן ענטוזיאַסטישער יידיש־פאָרשער ווייזט ער אָן: „ווי רייך אונדזער שפּראַך זאָל נישט זיין, וואַרטן נאָך אויף יידיש גאַנצע אוצרות". ער קומט צום אויספיר: „יידיש איז אַ וועלט־שפּראַך, ווייל יידן זיינען אַ וועלט־פאָלק".

אין זיין עסעי „די אידייע פון יידיש און פון דער יידישער ליטעראַטור" ברענגט אָפּאַטאָשו אַרויס די פאָלגנדיקע איינשטעלונגען: „אָן יידיש — פעלט אונדז דער יידישער לבוש, דער יידישער פורעם, וואָס פאַראייביקט אינהאַלט"; „יידיש, יידישע ליטעראַטור גיבן דעם ייד אַן אייגענעם פּרצוף, אַ קלסתר פּנים".

אין זיינע עסייען האָט אָפּאַטאָשו אונטערגעשטראָכן דעם גלייך־צייכן צווישן יידישקייט און סאָציאַלער גערעכטיקייט. ער האָט אָנגעוויזן אויף דער קאָלאָסאַל־פּאָזיטיווער ראָל פונעם וועלטלעכן ייד: „אין דעם וועלטלעכן ייד האָט געברויזט דאָס ,היסטאָרישע יידישקייט', דאָס יידישקייט פון אַ פּרץ, פון דער גאַנצער יידי־שער ליטעראַטור, וואָס איז אַ המשך פון די נביאים, פון די תנאים, פון יהודה הלוי'ן און אויך פון „שולחן־ערוך". דער וועלטלעכער ייד איז דער קדוש — אַרטור זיגלבוים".

אין אַן עסעי, „וואָס איז יידישקייט?" (1938) האָט ער אָנגעוויזן אויף דער שעדלעכקייט פון געטאָאיזם, פון „זען די איינציקע ישועה אונדזערע אין דער געטאָ, צווישן די פיר ווענט פון בית־המדרש". ער האָט פאַרבונדן יידישקייט מיט יידישער קולטור, און האָט מיט התלהבות און בטחון אָנגעוויזן אויפן גרויסן כוח פון יידישער קולטור, ווי אַ יסוד און המשך פון יידיש לעבן.

ער האָט אין זיין גייסט און וויזיע, אין זיינע שאַפונגען, אין זיך גופא גע־טראָגן שטיקער יידיש לעבן, יידישע געשיכטע, יידישע קולטור.

אין מאָלן דעם פּאָרטרעט פון רבי עקיבא האָט אָפּאַטאָשו געשריבן: „אין די קנייטשן, אין די קישלעך אונטער די אויגן — אַזוי פיל חכמה, אַזוי פיל טרויער״. אָט אַזאַ געדענקען מיר י. אָפּאַטאָשון: „אין די קנייטשן, אין די קישלעך אונטער די אויגן — אַזוי פיל חכמה, אַזוי פיל טרויער״.

(צו זיין 10טן יאָרצייט)
זונטאָג, נאָוועמבער 1, 1964.



# משה נאַדיר

(1943-1885)

משה נאַדיר (1943-1885) — וואונדערלעכער דיכטער, דערציילער, דראַמאַטורג, עסייאיסט, מעמואַריסט, ליטעראַטור־און טעאַטער־קריטיקער, ליריקער, סאַטיריקער, הומאָריסט, שפּראַך־מייסטער, איבערזעצער־איבערדיכטער.

משה נאַדיר — אומפאַרגעסלעכער, אומפאַרגלייכלעכער ליטעראַט, שפּרודל־דיקער שאַפער פון ליטעראַרישע ווערטן אין פיל זשאַנרען און פאָרמען, מחבר פון דראַמען און איינאַקטערס; פון סקיצן, פאַרצייכענונגען, סאַטירישע פאַמפלעטן, פּאַראָדיעס און פעליעטאָנען, צווישן זיי זיינע שאַרפע, בייסיקע פעליעטאָנען אין דער „מאָרגן־פרייהייט״: „פון נעכטן ביז מאָרגן״, „פען־און־ביקס״ (אויף אַקטועלע טעמעס, מעניני דיומא); איבערדיכטער פון ווערק פון דער וועלט־ליטעראַטור; שרייבער פון קינדער־לידער און מעשהלעך פאַר קינדער.

משה נאַדיר: פילפאַרביקער: אַ סך שרייבער, פערזענלעכקייטן, ליטעראַרישע דורות, שיטות און ריכטונגען — אין איינעם, וואָס האָט אַריינגעטראָגן אַ גרויסע דויערהאַפטע עשירות אין אונדזער ליטעראַטור.

משה נאַדיר: שפּראַך־קינסטלער, עקספּערימענטירער, מייסטער.

משה נאַדיר: נאַראַיעוו (מזרח־גאַליציע) און ניו־יאָרק, יידישלאַנד און אַל־וועלט; איינער פון אונדזערע יידישסטע, אַמעריקאַנישסטע, אוניווערסאַלסטע דיכטער.

משה נאַדיר: געמיש פון „שיר השירים״ און „קהלת״; געמיש פון טויט־ערנסט מיט חנעוודיקער שטיפערישקייט, שפּאַסעריי, לייכט־פאַרוויילערישער גראַמעריי, אָפּלאַכעריי פון אַלדאָס גאוודיק, טיפשותדיק, פון אַלדאָס וואָס פּוסט, אָנ־

געבלאָזן און אויפגעבלאָזן. טראַגיקער, טרובאַדור, לץ, גרויסער קונדס, ממשיך פון שלום־עליכמשער הומאָר־טראַדיציע און פון דער מענדעלע סאַטירע־טראַדיציע, אָריגינעלער פאָרזעצער פון דער הערלעכער טראַדיציע פון זיידע ווינטשעווסקיס שאַרפער פּאָליטישער סאַטירע, אידייאישער קרוב פון שאַפּ־פּאָעט מאָריס ראָזענפעלד. סאַראַ כוח ליב צו האָבן און סאַראַ קראַפט צו האַסן! סאַראַ שנאה אין זיין ביטערער, גאַליקער פּראַלעטאַרישער סאַטירע צו אַלע „פּאַרלעשער פון מענטשישן גליק"! סאַראַ הונגער און דורשט נאָך סאָציאַלן יושר!

אַזוי פיל אַנטפּלעקונג פאַראַן אפילו אין די נעמען פון זיינע ביכער — וועגצייכנס, מייל־שטיינער אויף זיינע שעפערישע וועגן און אומוועגן, סטעזשקעס, שליאַכן און שטעגן. אָט זיינען בלויז אייניקע פון זיי: „ווילדע רויזן", „פון מענטש צו מענטש", „דעלוזיעס", „אין ווילדן ווערטער־וואַלד", „מעשהלעך מיט אַ מאָראַל און אויסגעטראַכטע זאַכן", „קום שפּאַצירן, געליבטע, און פליטער פלירט", „מיינע הענט האָבן פאַרגאָסן דאָס דאַזיקע בלוט"; אין פאַרלאַג פון דער „פריי־הייט" און „מאָרגן־פרייהייט": „אונטער דער זון" (1926), „דערלאַנג אַהער די וועלט, בורזשוי" (און אַנדערע לידער; 1930), „אַ וועלט מיט אַרבעט", „ריווינג־טאָן סטריט" (1932), „פויסטן און פאָנען" און „שטייענדיקע וויזערס" (1932); „דער געניאַלער אידיאָט" (1932); „מאָרגן איז מאָנטיק" (1932); „טעאַטער־טעקסטן" (1932); „טעג פון מיינע טעג" (1935); „טינט און פעדער" (1936); „פּאָלעמיק" (1936); „קינד און קייט" (1937); „אַ לאָמפּ אויפן פענצטער" (פאַרלאַג „נאַראַיעוו", 1929); „נאַדיר־גאַנג" (אַרויסגעגעבן פון אָרדן־צווייג און „משה נאַדיר־שול", 1937).

די אַלע משה נאַדירס פון זיינע פיל פאַרשיידענע ווערק בילדן איין משה נאַדיר — איין קינסטלערישע איינהייט מיט אַ וועלט פון פילפאַרביקע שטימונגען, ניגונים, אידייען, געשטאַלטן, וואָגלענישן, בלאָנדזשענישן, זיג־זאַגן, זיסקייטן און ביטערנישן, בענקשאַפטן, האָפענונגען, אַנטוישונגען, שטרעבונגען, טרוימען, האַרצוויייטיקן.

סאַראַ קאָמפּליצירטע פערזענלעכקייט! סאַראַ טראַגישע שעפערישע פערזענלעכקייט! סאַראַ פאַרשיידנאַרטיקייט און פאַרשיידנזייטיקייט! סאַראַ רייכע קאָמבינאַציע פון סטילן און שרייב־מאַנירן, קונסט־אויסדרוקן און קונסט־מעטאָדן, קאָלירן און טענער, „שולן" און „ריכטונגען".

ס'איז גאָרניט אַזוי גרינג אָט־די „האַרטע נוס צו צעקייען" — צו קומען צום עיקר משה נאַדיר, צו זיין אמתן תוך און טאָך, צום ווירקלעכן יצחק רייז, המכונה משה נאַדיר מ'נאַראַיעוו — פון דער זעלבער גאַליציע־מדינה, וואָס האָט אונדז געגעבן דעם גרויסן בונטאַרישן דיכטער משה־לייב האַלפּערן מ'זלאָטשעוו, נאַדירס מיטקעמפער אויף די פּראָלעטאַריש־רעוואָלוציאָנערע וועגן פון זייער לעבן און שאַפן אויף דער אַמעריקאַנער ערד.

יאָ, ס'איז שווער — און ס'איז אייגנטלעך די גרונט־אויפגאַבע פונעם ליטעראַטור־קריטיקער — אויסצו שיילן די יאָדרע משה נאַדיר פון אונטער די פילפאַרביקע, זיסלעך־טערפּקע שאָלעכצן־מאַסקעס, וואָס ווילן אויך זיין אַ שותף צום תוך, צו דער יאָדרע, צו דער אמתער נוס. ס'איז די מעשה מיט — „תוכו אכל, קליפּתו זרק"...

* * *

שווערע, ביטערע יאָרן האָט יצחק רייז (משה נאַדיר) דורכגעמאַכט אויפן

אַמעריקאַנער באַדן זינט ער איז געקומען אַהער פון נאַראַיעוו, אַ ייִנגל פון 13 יאָר, אַ זון פון אַ סוחר און לערער פון דייטש. שוין אין 1900 — אין עלטער פון פופצן יאָר — איז ער געקומען אין דער ייִדישער ליטעראַטור; געהאָרעוועט, פאַרזוכט דעם טעם פון אונטערהונגערן; געפונען אַן אָפּזאָץ־פּלאַץ פאַר זיין נאַ־טירלעכן, פינקלדיקן, גוט־מוטיקן הומאָר אין די אַמעריקאַנער ייִדישע קונדיס־טישע זשורנאַלן; שפּעטער געדרוקט זיין „פון מענטש צו מענטש" אין באַלעבאַ־טישן „טאָג". אין 1922, מיטן געבורט פון דער „פרייהייט", האָט ער זיך בלב ונפש, מיט יוגנטלעכן ברען, התלהבותדיק, פאַרבונדן מיט דער צייטונג פון די נייע צייטן, מיט דער טריבונע פון די ייִדישע קעמפנדיקע פאַבריק־אַרבעטער, פון דער ייִדישער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־באַוועגונג.

נייע טענער, נייע טעמאַטיק אין נאַדירס שאַפן! אַן אויפשטורעם און אויפ־ברויז אין דער אייביק־אומרואיקער, אייביק־קוואַלנדיקער, ברייט־שטראָמיקער נאַ־דיר־וועלט! ס'איז ביי משה נאַדיר באמת געוואָרן נאַ־דיר מיט דער פולער האַנט!

ס'איז דאַן — זינט 1922 — געקומען אין נאַדירס לעבן זיין רייפסטער, שענס־טער, שעפערישסטער און פרוכטבאַרסטער שאַפונגס־פּעריאָד — אַ פּעריאָד פון קאָ־לאָסאַלן קינסטלעריש־אידייאישן וואוקס און אויפשטייג. דאָס איז געווען דער באַרג־אַרויף־גאַנג אין דעם נאַדיר־גאַנג: זיין פּאָליטישע סאַטירע איז געוואָרן דין־פאַרשאַרפט, ציל־באַוואוסטזיניק; זיין ליריק — מער פאַרטיפט: דאָס דיכ־טערישע וואָרט — מער קאַמף־געלאָדן, סאָציאַל־געזעטיקט, פייער־צעגליט; דער בונטאַר משה נאַדיר איז געוואָרן אַלץ מער דיכטער־קעמפער, מיט אַ שליחות, אַ דיכטער־טריבון, אַ פּאַן פון אַ קאָלעקטיוו פון פּראָלעטאַרישע דיכטער.

נאָך קיינמאָל פריער אין זיין לעבן איז דער מענטש און דיכטער משה נאַדיר ניט געווען אַזוי דורכגעדרונגען מיט עקסטאַז, מיט פרייד פון שאַפן, מיט דער גליקלעכקייט פון זיין אָרגאַניש פאַרקניפּט און פאַרבונדן מיט אַ פאָרויסמאַרשירנ־דיקן, צו דערלייזונג־גייענדיקן קאָלעקטיוו.

דער דיכטער, וואָס פלעגט אין זיינע איסט־בראָדוויי־יאָרן אַזוי שאַרף אָק־צענטירן זיין „איך" און „איכיזם", האָט איצט אָנגעהויבן ריידן בלשון „רבים", בלשון „מיר", בלשון אַלע געקריוודעטע און באַליידיקטע, באַעוולטע און אונטער־דריקטע:

ניט איך, ניט דו, נאָר מיר און איר,
אַ גאַנצע וועלט, באַגזלט און באַגנבעט,
שרייט דורך אונדז אַרויס.

משה נאַדיר האָט זיך אָבער אפילו דאַן, אין דעם גליקלעכסטן פּעריאָד פון זיין שאַפן, געראַנגלט — געראַנגלט קעגן דריקנדיקע שטימונגען פון אומעט, צער, טרויער, וואָס האָבן אים אָפט אין זיין לעבן — אין זיינע יונגע יאָרן — געמאַטערט, געפּייניקט. מוראַדיק שווער איז אים געווען צו באַפרייען זיך פון די קייטן פון אינדיווידואַליזם, פון שרעק פאַרן טויט, וואָס האָבן זיך איינגעביסן אין זיין גוף און גייסט. אַ טייל פון אָט־דעם „באַגאַזש" האָט ער מיט זיך מיטגעבראַכט אויך ווען ער האָט זיך מיט די ערלעכסטע, ריינסטע כוונות פאַרבונדן מיט דער פאָרגע־שריטענער, פּראָגרעסיווער, קעמפערישער ייִדישער אַרבעטער־און קולטור־באַוועגונג.

* * *

מיר ריידן דאָ נאָר וועגן נאַדירן דעם פּאָעט (אפילו בלויז אָפּצושטעלן זיך אויף אַלע אַנדערע זשאַנרען פון זיין שאַפן, וואָלט זיך געפאָדערט אַ גאַנצער בוך!). און ווידער: סאַראַ שיינעם, מחיהדיקן רעגנבויגן פון פיל־קאָלירקייט ער האָט אַריינגעבראַכט אין אונדזער יידישער פּאָעזיע!

נאַדיר דער פּאָעט מיינט: אומרו, אימפּעט, פייער! מיינט: שטורעם־און שטיל־לאַשטשענדיק ווינטל. מיינט: פּיאָנער־אויטטייטשער פון נייע ליטעראַרישע דרכים און ממשיך פון געזונטער יידישער קולטור־ירושה — אויך פון שעפערישע, ווירקנ־דיקע טראַדיציעס און נוסחאות פון דער וועלט־דיכטונג, באַזונדערס: היינע, בייראָן, וויטמאַן.

משה נאַדיר, ווי באַקאַנט, האָט ליב געהאַט צו פאַרשטעלן זיך הינטער פאַר־שיידענע פּען־נעמען, פסעוודאָנימען, צווישן זיי (חוץ משה נאַדיר און יצחק רייז) — יצח סטריער, מאַקס וואַקס, אַנאַ דאַנאַ, פּילאַטוס, שפּירטאַק, רינאַלדאָ, פייער־פויגל, בן־מאיר, אידאַ שילדקרויט, דר. האַציקל, יוד׳קאַ ריש־זעט.

אָבער הינטער זיי אַלעמען איז געשטאַנען ער, משה נאַדיר — דער דיריגענט פון זיין אייגענעם מוזיקאַלישן אָרקעסטער, וואָס האָט איינגעשלאָסן: פידל און פלייט, וויאָלאַ און טרומפּייט, פּיאַנאָ און מאַנדאָלין, פייפל און פּויק. ער איז גע־ווען די אַלע אינסטרומענטן צוזאַמען.

מיר שאַצן אים הויך אַלס עכטן פּראָלעטאַריש־רעוואָלוציאָנערן, שטורמישן דיכטער (ניט־געקוקט אויף אַלע מינוסן און חסרונות, וועגן וועלכע מיר וועלן ריידן שפּעטער), וואָס האָט געשעפּט אין משך פון יאָרן (ביז אַרום 1939, ווען ער איז אַוועק פון דער „מאָרגן־פרייהייט" און פון זיך גופא) זיין קינסטלערישע יניקה און באַגייסטערונג פון די אויפגעשטורעמטע אַרבעטער־קאַמפּן אין אַמעריקע און אי־בער דער וועלט — באַזונדערס פונעם ערשטן לאַנד פון סאָציאַליזם. ער האָט זיך אַליין אין יענע יאָרן באַטראַכט ווי אַ מיט־באַטייליקטער אין די פּראָלעטאַ־רישע קאַמפן, ווי אַ דיכטער אַ פּאָנען־טרעגער, אַ וואָרטזאָגער און באַגייסטערער, וועקער און רופער — אַ יורש און פאָרזעצער פון דער ווינטשעווסקי־עדעלשטאַט־באָווּשאָווער־ראָזענפעלד טראַדיציע אין נייע, אַנדערע באַדינגונגען און צייטן, מיט נייע מאָדערנע הויך־קינסטלערישע, דיכטערישע מיטלען.

אין אַ געוויסן זין האָט ער אין די צוואַנציקער און דרייסיקער יאָרן — יאָרן פון פאַרשאַרפטע עקאָנאָמיש־פּאָליטישע און אידייאישע קאַמפן — דערמאָנט אין דעם געניאַלן דיכטער פון דער רוסישער רעוואָלוציע, איר גלאָק און טרומייט — וולאַדימיר מאַיאַקאָווסקי (ווּעמענס פּערזענלעכע צויבער־שטים עס האָט דאָ מעכ־טיק אָפּגעקלונגען צווישן אַמעריקאַנער אַרבעטער, בעת זיין באַזוך אין אַמעריקע אין 1925).

נאַדיר האָט זיך אין יענע יאָרן באמת און אויפריכטיק פאַרבונדן מיט די פאָ־דערשטע רייען פונעם קעמפנדיקן אַרבעטער־קלאַס און געוואָרן דער דיכטערישער אויסדריקער פון זיין שטים און שטימונג, חלום און וואָר, האָפענונג און גאַרונג. מיט רעכט האָט ער געקאָנט אַ זאָג טאָן (אין זיין בוך „נאַדיר־גאַנג"), אַז — „דער רויך גייט פון מיינע לידער!" (ס׳הייסט דער רויך פון פלאַמיקן קאַמף!), אָדער, אַז ער נעמט זיך „מיט שווערדישע לידער פאַרבליצן אַ וועלט".

נאַדיר — אַ דיכטער־גיגאַנט, טיף־עמאָציאָנעל, צעשטורעמט ווי אַ ברויזנדי־קער ים, איידל־סענסיטיוו ווי אַ צאַרטע פלאַנץ — האָט אין יענעם פעריאָד פון

זיין אידייאיש־קינסטלערישן באַרג־אַרויף געפירט דורך זיין פען אַ מעכטיקן, שטורמישן געראַנגל קעגן דער פינצטערער רעאַקציע אין לעבן און אין קולטור־געביט, „אַקעגן דעם הפקר, אַקעגן דעם אומקום", „קעגן לידער אויף ראַנדן פון טויט און אומקום". ער האָט נאָך קיינמאָל פריער ניט געלעבט און ניט געשאַפן אַזוי שטאַרק, מיט אַזאַ הנאה, מיט אַזאַ נחת־רוח. ער האָט דאַן אין זיין אויטאָ־ביאָגראַפישער פּאָעמע „אַ וועלט מיט אַרבעט" („האַמער", 1934) געקאָנט אויס־רופן מיט ווירדע און זיכערקייט:

דאָס האַרץ פון דער וועלט
וואַכט איבער מיר
אפילו ווען איך לייג זיך שלאָפן.

* * *

פיינלעך, וויטיקדיק ביז גאָר איז נאַדירס גאַנג צו די סאָציאַלע קאַמפן פונעם פאָלק, צום פאַרגעשריטענעם אַרבעטער־קלאַס.

דאָס איז אַ וועג פון וואַקלענישן און וואַנדלונגען, וואַנדערונגען אָן אַ קאָמפּאַס, שטרויכלונגען און שטערונגען, צווייפלען און פאַרצווייפלונגען, מרה־שחורה־אָנ־פאַלן, נאָגנדיקער אומעט, פאַרשטעלט דורך שטיפערייען.

אויף אָט־דעם וועג ביז 1922 (ווען ער האָט אָנגעהויבן מיטאַרבעטן מיט דער „פרייהייט"־„מאָרגן־פרייהייט" זינט דעם ערשטן טאָג פון איר דערשיינונג, דעם 2טן אַפּריל), האָט ער אין זיין ליד — און אַנדערע שאַפונג־זשאַנרען — געגעבן אויסדרוק צו פינצטערע שווערע אומקום־שטימונגען, צו עגאָצענטרישקייט, אַנטוי־שונגען, פיין פון לאַנגווייל, צו אינדיווידואַליזם און פעסימיזם, סקעפּטיציזם און אפילו ציניזם, צו ביטערער אַליינקייט, איינזאַמקייט, שרעק, שרעק, טויט־שרעק.

טרערן רינען פון פיל פון זיינע לידער פון זיין פריען פעריאָד. דאָס זיינען לידער אָנגעזאַפּט מיט טיפן טרויער. טרויער — ווייל דער דיכטער האָט ממש געציטערט פאַר דער אומפאַרמיידלעכקייט פון גורל — פאַר דער שטערבלעכקייט פון בשר ודם, פאַרגאַנגלעכקייט פון לעבן: פאַר דעם אמת פון „אָדם, אָדם, יסודו מעפר — וסופו לעפר".

אָט טאַקע — ניתי ספר ונחזה — לאָמיר אַריינקוקן אין אַ נאַדיר־ספר — אין זיין „נאַדירגאַנג" — „פון 1900 ביז 1937". אָט־דער בוך, וואָס שליסט־איין נאַדיר־שאַפונגען אין משך פון 37 יאָר — זינט זיינע ערשטע ליטעראַרישע טריט אין 1900 — גיט אַ ברייט בילד פונעם זיגזאַגישן וועג, וואָס דער דיכטער איז דורכגעגאַנגען. נאַדיר אַליין האָט איינגעטיילט דעם אָפּקלייב פון זיינע פּאָעטישע און פּראָזע־שאַפונגען אין דריי טיילן־פעריאָדן, וועלכע ער באַצייכנט: „פון מיין ערשט ליד ביז דער וועלט־מלחמה — בלאָנדזשעניש און אָפּגעבונדנקייט"; „פון 1914 ביז 1926 — דערקענטעניש און צוגעבונדנקייט"; „פון 1926 ביז 1937 — איבערטראַכטונג און לייטערונג" („פּענונביקס", „ריווינגטאָן סטריט" און „אַ וועלט מיט אַרבעט").

איר לייענט די לידער און זעט בפועל ממש — דעם דיכטערס בלאָנדזשענישן, זיין איזאָלירטקייט, זיין ביטערן איינזאַם, און — זיין דערנענטערונג צו זיין עפּאָכע און צום אַרבעטנדיקן פאָלק.

סאַראַ שמערצלעכע געפילן פון עלנט:

אָה, לעבן מיינס,
אָה, מוטער,
איך בין איינזאַם
ווי אַ ביגטל ווילדע גראָז
אויף די זאַמד־פעלדער
פון יוטאַ.

יחידישע לידער פון מאַטערנדיקער בענקשאַפט ווידערהאַלן זיך:

בענקען און בענקען און טרערן
זינט איך געדענק,
איך וועל שוין קיינמאָל ניט אויפהערן
בענקען מיין געבענק.

און ווידער און נאָך אַמאָל — זיין היים־שטעטל, נאַראַיעוו: גאָר אַ גרויס, חשוב, באַזונדער, אינטים אָרט אין זיין שאַפן פאַרנעמט נאַראַיעוו, וואָס איז אָרגאַניש פאַר־וועבט אין זיין וועזן, אין זיין לעבן און אין זיין ליד. קיינער, קיינער פון אונדזערע דיכטער האָט נאָך ניט באַזונגען זיין היים־שטעטל מיט אַזאַ נאָסטאַלגיע. נאַראַיעוו, זיין פיזיש וויגל, ווערט אויך דאָס וויגל, און צייטנווייז דער מיטלפונקט, פון זיינע שענסטע טרוימען, פאַנטאַזיעס און גרעזאַנגען. זיין אומגעצוימטע, ממש־קינדערשע, תמימותדיקע בענקשאַפט נאָך זיין נאַראַיעוו האַלט־אָן פיל יאָרן און נעמט־אָן פאַר־שיידענע פאָרמען און געשטאַלטן. די זיסע נאַראַיעוו־זכרונות ברענגען אים צוריק אפילו —

דעם אָטעם פון דעם יום־טוב שבועות,
די פעלד־פרייד פון ל״ג בעומר.

דער דיכטער ווערט ניט מיד צו אידעאַליזירן זיין וויגל־שטעטל. ער רופט־אויס ממעמקים:

נאַראַיעוו דו! קרוינשטאָט פון מיין לעבן,
נאַראַיעוו דו! מיין פלאַמענדיקער דאָרן!
האָסט מיך פאַרקניפּט צו זיך מיט טויזנטער געוועבן
פון יונגע און פון בליענדיקע יאָרן.

אין אַ רירנדיקן ליד „אַ גוטן טאָג, נאַראַיעוו" זינגט־אויס דער דיכטער מיט מוראדיקן וויי:

צום לעצטן מאָל, אָ קום צו מיר, נאַראַיעוו,
איך גיי צו דיר מיט קליינע טריט, כ׳בין שוין אַלט.
עלטער ווי די וואָרצלען אין דיין וואַלד —
נאַראַיעוו, מיין קוואַל פון גאָלד און גאַל!

אַזעלכע צאַרטע לידער פון היים־בענקשאַפט האָט דער פּראָלעטאַרישער דיכ־טער געשאַפן אין דעם זעלבן פעריאָד, ווען ער האָט מיט זיין פען מייסטעריש גע־שילדערט אויך די וויכטיקסטע וועלט־געשעענישן פון זיין צייט, און ווען מ׳האָט אים מיט רעכט געמעגט באַצייכענען אַלס איינעם פון אונדזערע אַמעריקאַנישסטע דיכטער. אין סאַמע פלאַקער־פייער פון קאַמף דערטראָגן זיך צום דיכטער די ריחות פון נאַראַיעווער „מאָרעל און האָפּן"; און אין ליד „ווידער נאַראַיעוו" האָט דער דיכטער צו זינגען און צו זאָגן:

כ׳האָב דיר שטאָט נאַראַיעוו
געשטעלט אַ מאָנומענט —
מיט דעם לעצטן פייער
וואָס אין מיר דערברענט!

* * *

נאַדיר, דער דיכטער־רעוואָלוציאָנער, אַנטפּלעקט זיך קרעפטיק און זינגענדיק עכט און שיין אין זיינע לידער פון קאַמף, ווען — „מיר פירן אונדזער האַרץ אַוועק צו פייערן פון שלאַכט“... איר זעט אים, הערט אים, שפּירט אים און גלויבט אים, ווען ער שאַלט־אויס:

ווי הייס עס איז מיין ליד מיט שרויט,
מיט פלינטע און מיט בליי!
איך בין דער פויקער פון דער נויט,
דער זינגער פון דער פריי.

צאַרט און עכט שילדערט ער רעאַליסטישע בילדער פון נויט, הונגער, אַרבעטלאָזיקייט, קאַמף קעגן עקספּלואַטאַציע און אונטערדריקונג:

עס איז ניט דאָס שטיקל געוואַנט
וואָס פלאַטערט אין מאַי־ווינט,
עס איז אונדזער לעבן געמאַטערטס
וואָס שפּאַנט דאָרט פאָרויס און וואָס צינדט.

דער דיכטער שפּיגלט־אָפּ אין זיין ליד דעם ברענענדיקן בירגער־קריג אין שפּאַניע. זיין האַרץ צאַפּלט צוזאַמען מיט די לאָיאַליסטישע פרייהייט־קעמפער. ער זינגט אַ דערהויבן געזאַנג צו דאָלאָרעס איבאַרורי. פון טיפן האַרצן קומט זיין ליד צו דער פאַרוואונדעטער שפּאַניע:

ווי אַן אַריינגעשאָסענע קויל אין לייב איז מיר דיין קאַמף,
שפּאַניע —
וואָס איך זאָל ניט טאָן און וואו איך זאָל ניט זיין, ביסטו אין מיר,
ביסטו מיין מאַטערנדיק באַוואוסטזיין.

דער דיכטער הערט און באַזינגט די קלאַנגפולע, פיל־צוזאָגנדיקע טריט פון דער מענטשהייט אין איר מאַרש צו פרייהייט:

עס רופט זיך איבער לאַנד מיט לאַנד
מיט יום־טובדיקן גרוס,
עס פליצט דער ים פון ווידערשטאַנד
און פרילינגדיקן פלוס.

די שווערע שטימונגען פון שרעק („ווי איינזאַם! עס ברילט ווי אַ וועלפין מיין שרעק“) טרעטן־אָפּ. אַנשטאָט דעם אַש פון נאַראַיעווס „אויסגעברענטע רויזן“, זעט דער דיכטער די פלאַמען־פייער פון מעכטיקע גערענגלען, אין וועלכע די וועלט גייט צו קינד... דער דיכטער קומט „בחצוצרות ובקול שופר“ באַגריסן די וועלט פון מאָרגן.

פּאַטעטיש איז זיין פּרואוו צו דערנענטערן זיך באהבה, מיט מסירת־נפש, צום קעמפערישן אַרבעטער־קלאַס:

כ׳קום נענטער צום טאָג,
כ׳קום נענטער צו אייך
און קוקט ניט מיט חשד, מיינע ברידער,
איך קום דאָך ווי איר פון דער אָרעמער גאַס,
איך קום דאָך ווי איר פון דער נידער.

ער גאַרט צו ווערן די שטים פון די קעמפער פאַר סאָציאַלן יושר. ער ברענגט זיין „ווייטיקדיק וואָרט אין פראָסטן, אין ערדענעם קריגל“. ער גלויבן אין זיג „פון דעם צו־נצחון־שפּאַנענדיקן ריז“. זיינע לידער זיינען — טיפע, פערזענלעכע איבערלעבונגען.

ווי אַ דיכטערישער שליח־ציבור פון די קעמפנדיקע הונגער־שטאַרבער, פון די צאָרנדיקע קרבנות פון נויט און דלות, שאַלט ער אויס מיט מוראדיקער רוגזה, מיט נביאישער קראַפט:

מיר וועלן אין נאַקעטע, באָרוועסע הונגער־סקאַדראָנען
פּאַרטרינקען דעם שונא אין ימים פון פלאַמיקע פּאַנען.

אָבער, אָבער — זיין „נאַדירגאַנג“ שליסט דער דיכטער — מיט אַ קלאָג־ליד אויף טויט, אויף זיינע געשטאָרבענע קאָלעגן, פאַרגאַנגענע דיכטער — „משה לייב און יאָסל און זישאָ!“ (משה־לייב האַלפּערן, יאָסל קאָטלער, זישאַ לאַנדוי). זיין געוויין־ליד שליסט דער דיכטער מיטן פערז (לעצטער פערז אין בוך!):

וואו זיינען די דיכטער פון נעכטן?
איך בין אַזוי עלנט אָן זיי!
אָ וועלט, אָ וועלט גערעכטע —
פאַרוואָס טוסטו מיר אַזוי ווײ?

אָט־די קלאָגעריי „שטימט“ מיטן דיכטערס „פאָרוואָרט“ צום בוך (אין 1937!), וואו ער זאָגט צו זיך: „און דו?... אַפילו שוין... צוריק פונעם יאַריד, — פאָרסט אויף אַליין, — גאָט מיינער, ווי עלנט־אַליין, ווי אַליין־עלנט!!“

אין לעצן סך־הכל בלייבט איבער פון זיין „נאַדירגאַנג“ (ווי בכלל פון זיין שאַפן) דער איינדרוק פון „אַ מאָגערן, אומרואיקן ברילנדיקן וואָלף, וועלכער וואָרנט מיט די אויגן איידער אַ פוכנאָטע זאַטע קאַץ, וואָס דאַנקט מיטן עק“. דאָס איז עפּעס ענלעכס צו נאַדירס גאַליציאַנער לאַנדסמאַן, דעם ברילנדיקן דיכטערישן לייב — מ. ל. האַלפּערן, דעם „גיבור כארי“ אָדער „האַרי שבחבורה“.

* * *

ברויט, לעבן, ליבע — זיינען די 3 אָפּטיילן אין נאַדירס רעוואָלוציאָנער־דיכטערישן ווערק „אַ לאָמפּ אויפן פענצטער“ (1929), וואו דער פּאָעט זינגט אַ ליכטיקן מזמור־שיר „צו זיין דורכגעלויכטנקייט דעם האָרעפּאַשניק“.

אויך אין אָט־דעם בוך, וואָס איז אַ העכערער שטאַפּל אין נאַדירס הויכן שטייגן, זיינען פאַראַן פיל לידער פון בענקשאַפט, עלנט, נאַראַיעוו, שרעק פאַר טויט, פאַר דעם „יום־הדין“, און לידער פול מיט „צאַרטע ציטערס“, און מיט עסטעטישער עראָטיק אָדער עראָטישער עסטעטיק. אַ כך לידער פינקלען מיטן באַקאַנטן „לבנה־גאָלד“ און מיט „גרין־סאַמעטענע לבנות“, וואָס דיכטער פון אַלע צייטן און לענדער האָבן באַזונגען. איר טרעפט דאָ אַזעלכע ליבע־אויסדרוקן, ווי „מיין דיך אויף דיין דיך“. ווידער און נאָך אַמאָל צעזינגט זיך דער טרויער:

אויף בוימעלעך, אָפּגענאַרטע, אויסגעטוענע
וועט אַ בלי טאָן דער טרויער.

ווידער קערט זיך אום דער זינגער צו דער טרויעריקער, שרעקנדיקער, פיינלעכער טעמע: טויט. זי לאָזט אים ניט אָפּ. צומאָל קומט־צו אַ סאָציאַלער טאָן צום ענין טויט: דער דיכטער זינגט —

פון געזאַנג און פון טויט,
און פון דעם בידנעם שטיקל ברויט.

ער מאַכט ליצנות אַפילו פון טויט: „מ׳וועט לאָזן שטיין די זון און אַלע לעכטיקע מוידן“, און זינגט גלייכצייטיק מיט טיפן צער אויף „צער בעלי־מות“, „אויף דעם גאַנצן טויטן עולם“.

קרעפטיקער און אָריגינעלער זיינען אין דעם בוך זיינע לידער אויף סאָציאַלע מאָטיוון: לידער וועגן דער „,פרייהייט׳־דרוקעריי“ („די לופט איז פול מיט אונ־

דזער וואָרט״) ; וועגן אַרבעטלאָזיקייט („שענקט אַ ביסל רויך אַן אָרעמען קוימען״) ; וועגן יידישן דלות :

דאָ גייט אַרום דער שבת
אַ באָרוועסער אַן ברויט,

ווען אומעטום איז יום־טוב
איז דאָ־הי חול־המועד.

פאַראַן דאָ אין אָט־דעם פרעכטיקן לידער־בוך אָפּקלאַנגען און נאָכקלאַנגען פון וועלוול זבאַרזשער, שלמה עטינגער, שלום־עליכם, היינע, אַלטענבערג — אויף אַ נייער הויכער אָריגינעל־נאַדירשער מדרגה, ראַפינירט, געאיידלט, געלייטערט אין וואָרט, אין ניואַנס, אין נוסח, פאָרם און סטיל.

אייגנאַרטיק־יידישלעך און אידיליש איז נאַדירס געזאַנג פון ביראָבידזשאַן :

דער חומש פון די יונגע אויגן יידישע —
איז דאָס אָפענע גרינע פעלד מיט פּאַפּשוי.
דאָרטן ציטערן אַזוינע ליכטיקע פּסוקים.
אַזוינע גרייז־גראָווע מאמרים מיט זיידענע בערד.

פון דעם לידער־בוך פון ברויט־לעבן־ליבע זינגען־אַרויס אייניקע פון די שענסטע, פאַרחלומטסטע יידישע ליבע־לידער. צו זיי געהערט דאָס ליד־געמעל „קיאַמישאַ״ — אַ ליבע־שטימונג, איינגעפאַסט אין דער גאָלדענער ראַם פון אַ נאַטור־בילד :

און איך — אויפן טייך,
און זי — אויפן טייך,
מיט נאַקעטע פיס
און גרינע הערצער,
אין אַ גרינגן קאָרע־שיפל.

אויף איר שויס
פאַלן שטערן אַראָפּ.
נאָר דער הימל ווערט
דאַפון נישט אָרעמער.

די שענסטע לידער אינעם בוך זיינען די רעוואָלוציאָנערע געזאַנגען — פּרעכטיקע, דערהויבנדיקע — צו מי, צום פּראָלעטאַריאַט, צום „האַמער שווינג־שווינג״, צום „אייזן קלינג־קלינג״, אין דער בעסטער טראַדיציע פון הערוועג און שמעון פרוג, יוסף באָוושאָווער, וול. מאַיאַקאָווסקי און אַלעקסאַנדער בלאָק :

... מיר בענטשן ניט דעם האַר פון הימל,
פאַר זיין גרויס פאַרמעג און רייכע ביזנעס.
מיר בענטשן אָבער יאָ :
דעם האַר פון דר׳ערד, פאַר האַרטע הענט
און פינגער,

פאַר אַקערן און זייען,
פאַר לאַטען און נייען,
פאַר רייסן קראָפּיווע
און רייניקן דעם ווייַנטרויב.

דער דיכטער זינגט אַ ליכטיק ליד צו „וועלט אין קימפּעט״, צו אירע געבורט־ווייען ערב ניי־וועלט — און דער עיקר צו די זייער און פלאַנצער, בויער און טוער — די שאַפער און די טרעגער פון דער נייער וועלט. ער באַזינגט דעם, וואָס „זייעט שוין אויף איבעראַיאָר, און וואַרפט קערנער פון זיין פאָדעליק אינעם ווינט אַריין״.

אָט איז אַ זעלטן־טרעפלעכע זעלבסט־כאַראַקטעריסטיק פון נאַדירס לידער פון יענעם פעריאָד :

מיין לעבן טראָגט צום ברעג די שטילע לידער
ווי טראָפּנס וואַסערן פון די מאָרגן־ביימער,

און אויך די לידער וואָס זיינען ווי פידקאָוועס,
אָנגעזשאַווערט שווער מיט טויטער שנאה.

ס׳איז כדאי צו פאַרגלייכן אָט־דעם אויבן־ציטירטן פערז מיט אַן אַנדער זעלבסט־פּאָרטרעט פונעם פעריאָד, אייד[ע]ר נאַדיר איז דערגאַנגען צו דער פּראָגרעסיווער

אַרבעטער־באַוועגונג:

עס פרעסט מיך די פוסטקייט, ווי זשאַווער,
איך וויין מיט פאַרזשאַווערטע טרערן;
אויף וויץ־בלעטער זויערע מ׳קען הײַנט
ס׳פאַרזשאַווערט גלעלכטער מײַנס הערן״.

צו יענעם בירגערלעך־אינטעליגענטישן ביטערן פעריאָד געהערן דעם דיכטערס דעקאַדענץ־שטימונגען פון עצבות און הילפלאָזיקייט, ווען ער פלעגט שרײַבן מיט זעלבסט־באַדויער און רחמנות אויף זיך אַליין, דעם יונגן דיכטער אָן אַ ציל אין לעבן:

מײַן לעבעדיקער טאָג פאַרגייט,
צעבלוטיקט,
הינטער אַלע בערג.

אַנשטאָט זאָגן אָדער זינגען „ברכי נפשי״, פרעגט דער דיכטער פילאָסאָפיש־טרויעריק:

דאָס גרינע, לאַכנדיקע פעלד מיט ווייץ,
וואָס ווערט — ווען ס׳גייט אַדורך דורך אונדזער אינגעווייד?

הכל הבל — האָט דאַן אָפּגעפּסקנט דער דיכטער.

ווי מאַי־פאָנען און פרילינג־גרוסן האָט אין 1932 אַ פלאַטער געטאָן נאַדירס בוך פון נײַע, פרישע געזאַנגען: „פויסטן און פאָנען״ און „שטייענדיקע וויזערס״ — אַ ווערק, וואָס האָט זיך שטאַרק אָנגעזען צווישן נאַדירס דרײַצן ביכער, וואָס זײַנען דערשינען אין די יאָרן 1927־1937. פאַראַן אין דעם ווערק אַ סך מונטערע, פײַער־דיקע פלאַקאַטן־לידער (ווי „סאַלוט דעם 7טן נאָוועמבער!״), ברויזנדיקע מאַן־און־דערמאָן־לידער, קאַמף־געזאַנגען, לידער פון רירנדיקער באַהעפטונג מיט אַמעריקעס ערד, מיט איר קאַמף־געשיכטע און אירע העלדן־קעמפער, גיבורים און מאַרטירער, לידער וועגן דעם אַמעריקאַנער קעסל־הייצער „ברודער דזשים״, לידער פון „ברויט־מיט־חלום״, און פון טרוים, אַז — „אויף נאַראַיעווער ראָט־הויז וועט פלאַמען די רויטע פאָן״. אָבער אויך דאָ פײַניקט דער טויט־געשפענסט:

איז וואָס אַז נאָך מיר וועט קומען די אייביקייט?
אַ בלעזל אין ים איז מײַן לעבן געווען!
געקומען, געפינקלט אין רויטער מינוטקייט,
פאַרגאַנגען, פאַרגאַנגען און מער נישט געווען.

אין סאַמע מיט פון זײַן „שיר־השירים״ צום באַפרייאונגס־קאַמף מישט זיך אַרײַן דער יאוש־טאָן פון — „הכל הבל! הבל הבלים!״...

* * *

משה נאַדיר, אַן אַמתער ליטעראַרישער „מעין הנובע״, האָט אויך באַרײַכערט אונדזער ליטעראַטור ווי אַ מייסטער־איבערזעצער־איבערדיכטער. צווישן די ווערק, וואָס ער האָט איבערגעדיכטעט אויף זײַן נאַדירשן שטייגער, זײַנען: „די רויטע ליליע״ פון אַנאַטאָל פראַנס, „ווי איך זע עס״ פון פעטער אַלטענבערג, ווערק פון דזשעראָם ק. דזשעראָם און מאַרק טווען; די דראַמע „די האַריקע מאַלפּע״ פון יודזשין אָ׳ניל, די דראַמע „דער פאַרזונקענער גלאָק״ פון ג. האַופּמאַן; אַ צאָל ווערק פון לעוו טאָלסטאָי, א. אַנ.

דער גרויסער לאַך־מייסטער נאַדיר איז אויך געווען דער שאַפער פון אַ וועלט מיט אייגנאַרטיקע קלוגע שטיפערייען, ליצנותן, גלײַכווערטלעך, שאַרפזיניקע וויצן און אַנעקדאָטן, דער שאַפער פון „דער רבי אלימלך״, פונעם באַרימט־געוואָרענעם

„געניאַלן אידיאָט", „פעין־אין־די־נעקל". זיינע „פען און ביקס"־פעליעטאָנען האָבן אין משך פון אַ לאַנגער צייט געטריי געדינט דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג.

אונדזער גרויסער קלאַסיקער שלום־עליכם פלעגט שטאַרק הנאה־האָבן פון נאַדירס הומאָר. „אַ באַזונדער נחת האָט ער געהאַט פון משה נאַדיר", דערציילט שלום־עליכמס איידעם, י. ד. בערקאָוויטש, אין דעם „שלום־עליכם בוך".

אויף דער מינוס זייט דאַרף געזאָגט ווערן: עס האָט אָפט פּאַסירט, אַז דער דיכטער וואָרט־ווירטואָז, וואָרט־מכשף, פלעגט פאַרבלאָנדזשען אין אַ „ווערטער־וואַלד". ווי ער אַליין האָט אין אַ ליד דערקלערט:

איך בלאָנדזשע אום אין ווילדן, ווילסטן ווערטער־וואַלד —
אין ווערטער־וואַלד, בלאָנדזשע איך אום.

דאָס וואָרט ביי נאַדירן איז כחומר בד היוצר — ווי ס'פידעלע אין דוד האַנט. אָבער דער וואָרט־מייסטער איז צומאָל פאַר'מבול'ט געוואָרן פון זיין אייגענער ווערטער־פאַרפלייצונג — געבליבן אָן ווערטער־קאָנטראָל. אָנשטאָט צמצום — ניט אויסגע־רעדט זאָל עס זיין: אַ ווערטער־פליי. אין פיל פון זיינע לידער פון פאַרשיידענע פעריאָדן — אַ סך פּאָעטישע דימענטן, בריליאַנטן, אָבער אויך: אומנויטיקע ווער־טער, שורות. עס פעלט דער שטרענגער קינסטלערישער אָפּקליב. אגב, איז דער „ווילדער ווערטער־וואַלד" צייטנווייז געוואָרן פאַר דעם דיכטער אַן אַנטרינונג־פּלאַץ, אַן „עיר המקלט" — פון זיינע אומעט־שטימונגען, פון זיין פחד פאַרן טויט.

אין אַ היפּשער צאָל פון זיינע שאַל־לידער — צופיל דעקלאַראַציע, צופיל פּלאַ־קאַט — אָנשטאָט עכטע געזאַנגען פון האַרצן.

ניט תמיד געלינגט דעם נאַדיר־לייענער „צו כאַפּן" דעם עיקר־געדאַנק, דעם „דאָס בין איך אויסן", ווייל דער דיכטער האָט זיינע מחשבות און געפילן איינ־געהילט אין שלייער אויף שלייער.

ניט איין מאָל פלעגט דער לץ אין נאַדירן, דער אָפּלאַכער, דער שר של אי־ראָניע אָדער סאַרקאַזם, אַריינמישן זיך בדרך־הלצה, אין נאַדירס דינער, שטילער ליריק — און זי „איבערפירן", אָפּשוואַכן איר ווירקונג. צומאָל קומט ביי אים אַ „ויתרוצצו", אַ שאַרפער צוזאַמענשטויס צווישן העכסטן, גליאיקן עקסטאַז און בי־טערן שפּאָט. עס דוכט זיך אָפט אין זיינס אַ ליד פון שטורמישע, ראָמאַנטישע גע־פילן, אַז „מים רבים לא יוכלו לכבות את האש הזה" (אפילו שטאַרקע וואַסערן קאָנען ניט פאַרלעשן אָט־דאָס פייער) — אָבער די וואַסערן פון סאַרקאַזם אָדער סקעפּטיציזם האָבן דעם כוח צו לעשן דאָס פייער, און דעם דיכטערס ליד ליידט פון זיין אייגענער הלצה.

* * *

געשטאָרבן איז משה נאַדיר „אין דער פרעמד" — אין אַ פרעמדער, קאַלטער סביבה — וואו מ'האָט אים קיינמאָל ניט געוואָלט מוחל־זיין זיינע מעכטיקע בוכ־טשעס, אין אַ סביבה וואו מ'האָט געהאַסט דעם צוימען־ברעכער, דעם אויפדעקער פון סאָציאַלע אומרעכט. געשטאָרבן איז ער טראַגיש אין טאָג־טעגלעכער שרעק פאַרן טויט אין משך פון אַ היפּשער צייט.

אין 1944, צום יאָרצייט, איז דערשינען זיין בוך „מודה אני", לידער און פּראָזע, געשריבן אין די יאָרן צווישן 1936 און 1943 (פאַרלאַג „נאַראַיעוו", ניו־יאָרק).

אין יענעם בוך נאָכן פריצייטיקן טויט פונעם גרויסן דיכטער דערזעט מען דעם פולן טראַגיזם פון משה נאַדיר. איוב־דראַמע. לידער פון שרעקלעכער איינזאַמקייט,

פון מוראַדיקער שרעק פאַר אונטערגאַנג. דאָס זיינען שקיעה־לידער. נעילה. סוף־פּסוק. אַ מענטש פאַרגייט.

איר זעט און שפּירט: אַ פאַרליבטער אין לעבן, האָט דער דיכטער געציטערט פאַרן טויט און — געזונגען לעבן, אַלע שיינקייטן און ליכטיקייטן פון לעבן, אַלע זאַפטיקע פּירות פון לעבן — לעבן אין פולן זין פון עץ־החיים, און — געזונגען שנאה צו טויט, צום קעגנזאַץ און שונא פון לעבן.

„מודה אני" — דינע, האַרציקע, ציטעריקע ליריק. געזעגענונג־לידער. ערב־סוף.

אָבער — משה נאַדיר האָט געמיינט: לעבן, אַקציע, געזאַנג, הומאַניזם. משה נאַדיר לאָזט זיך ניט פאַרשוויגן אָדער פאַרגעסן. זיינע ווערק לעבן, מאָנען, דער־מאָנען. זיין הומאָר לויכט, זיין ליריזם וואַרעמט, זיין פּאַטאָס דרינגט־אַריין אין האַרצן. זיין וואָרט שיינט מיט טויזנט חנען. זיין קלוגע תמימות ווירקט. זיינע בילדער זיינען פריש. זיין טיפע מענטשלעכקייט רירט ביזן סוף.

הספר פּתוח — והיד כותבת, און די האַנט פון דער געשיכטע פאַרשרייבט: דאָס פאָלק קאָן ניט פאַרגעסן דעם שרייבער, וואָס האָט טיף געוויטיקט אויף „יונג־געשטאָרבענע קינדער פון אָרעמקייט"; וואָס האָט געזען און צום לעבן געבראַכט די „געשפּענסטן פון הונגער און פון נויט און פון בלוט".

דאָס פאָלק ווייסט ווי צו שאַצן דעם וואונדערלעכן מוזיקער פון לשון, דעם גרויסן בעל־לשון משה נאַראַיעווער, ווי צו האַלטן טייער די רייכע ליטעראַרישע ירושה פונעם גרויסן אומפאַרגעסלעכן קינסטלער משה נאַדיר.

(צו זיין 25טן יאָרצייט)
„יידישע קולטור", יוני־יולי, 1968.



# דער דיכטער י. י. שוואַרץ

(געב. 1885)

די יידישע ליטעראַרישע וועלט פייערט איצט דעם 75טן געבורטסטאָג פונעם אייגנאַרטיקן, טאַלאַנטפולן דיכטער י. י. שוואַרץ, מחבר פון די צוויי ווערטפולע פּאָעטישע ווערק „קענטאַקי" און „יונגע יאָרן", ווי אויך פון פיל לירישע לידער.

ישראל־יעקב שוואַרץ, אַ געבוירענער אין שטעטל פּעטרושאַני, קאָוונער גו־בערניע, אין 1885, אַ זון פונעם דאָרטיקן רב, ר' יצחק־אייזיק שוואַרץ, איז גע־קומען קיין אַמעריקע אין 1906. אין יענעם יאָר האָט ער אָנגעהויבן זיין ליטע־

ראַרישע טעטיקייט, צוערשט אַלס איבערזעצער פון העברייאישע לידער און פּאָ־
עמען אויף יידיש. אין משך פון יאָרן האָט ער איבערגעדיכטעט פּאָעטישע ווערק
פון די העברייאישע דיכטער פון מיטלאַלטער, פון די ווערק פון ח. נ. ביאַליק און
ז. שניאור, ווי אויך פון דער ענגלישער פּאָעזיע: שעקספּיר (זיינע טראַגעדיעס
„האַמלעט" און „יוליוס צעזאַר"), מילטאָן, וואַלט וויטמאַן.

אַ פאָרשטייער פון דער דיכטער־גרופּע „יונגע", האָט י. י. שוואַרץ אויך אָנ־
טיילגענומען אין זייערע אויסגאַבן („ליטעראַטור", „שריפטן", „די נייע היים",
„וועלט־איין וועלט־אויס", א. אַנד.). נאָך פאַר זיין אַרבעט איבער דעם כמעט־
קלאַסישן ווערק „קענטאָקי", האָט ער פאַרעפנטלעכט פיל לירישע לידער, נאַטור־
לידער פון זיין היימלאַנד ליטע, לידער וועגן דעם ניעמאַן, ווי אויך איבערדיכ־
טונגען פון תהילים.

זיין נאָמען און אָרט אין דער יידישער ליטעראַטור האָט ער אָבער באַפעס־
טיקט דורך זיין גרויסן דיכטערישן עפּיש־לירישן ווערק „קענטאָקי" (ניו־יאָרק,
1925, 260 זייטן). ס'האָט דער צופאַל געוואָלט, אַז דער דיכטער זאָל אין 1918
אויסוואַנדערן פון ניו־יאָרק קיין לעקסינגטאָן, קענטאָקי, לויט אַ פאָרשלאָג פון
זיינעם אַ קרוב. דאָרט, אויף „די ברייטע פלאַכן פון קענטאָקי", האָט דער דיכטער
געפירט, הייסט עס, גרויסע געשעפטן — ביז זיי האָבן געקראַכט. סיי־ווי: דעם
קרוב זיינעם דאַרף די יידישע ליטעראַטור זיין דאַנקבאַר: פון דעם דיכטערס
צען יאָר אין קענטאָקי, פון זיינע באַאָבאַכטונגען און דערפאַרונגען, איז געבוירן
געוואָרן זיין קרוין־ווערק: דער ערשטער יידישער עפּאָס אין אַמעריקע: „קענ־
טאָקי", אַ וואָגיק, פאַרגאַנצט, באַדייטנדיק ווערק. אין 1952 איז דערשינען זיין
צווייט גרויס ווערק, „יונגע יאָרן" — אַן אויטאָביאָגראַפישע פּאָעמע וועגן זיין
ליטוויש שטעטל.

„קענטאָקי" איז אַ גרויס אַמעריקאַניש ווערק — פון יידישן און נעגער־לעבן
אין די דרום־שטאַטן. עס איז אַ פאַררונדיקטע סעריע עפּישע, קינסטלערישע פּאָ־
עמען וועגן יידן, נעגערס, ווייסע פאַרמערס אין קענטאָקי. דאָס ווערק, רייך אין
נאַטור־געמעלן, איז רחחבותדיק, פּשטותדיק, פריי־אָטעמענדיק, ווי די גרויסע וואַ־
רעמע אַמעריקאַנער ערד. ס'איז דעריבער קיין חידוש ניט, וואָס ווען דאָס ווערק
איז צוערשט אין פראַגמענטן געדרוקט געוואָרן אין זשורנאַל „צוקונפט" און איז
שפּעטער דערשינען אין בוך־פאָרם האָט עס געמאַכט אַ שטאַרקן רושם אויף לייע־
נער און שרייבער — אַ רושם מיט זיין פרישקייט, מיט זיין עפּישן טאָן, מיט זיינע
קרעפטיקע דערציילעריש־באַלאַדיש־שילדערישע בילדער פון יידישער פּיאָנעריש־
קייט און אויסדויער־קראַפט, פון דער פייאיקייט פונעם יידישן אייגוואַנדערער (דער
עיקר פונעם הויפּט־העלד, יהושע אָדער דזשאָשוא צי דזשאָש) צוצופּאַסן זיך צו
דער נייער, שווערער סביבה, צו שווערע אַרבעטס־באַדינגונגען.

י. י. שוואַרצס הויפּט־כּוח אַלס דיכטער שטעקט אין זיינע נאַטור־מאָלע־
רייען. דאָס זעט מען קלאָר סיי אין זיין „קענטאָקי", סיי אין זיין צווייטן וויכטיקן
עפּישן ווערק „יונגע יאָרן", וואָס ער האָט געשאַפן שוין אין זיינע עלטערע יאָרן
(מעקסיקאָ, 235 זייטן). די נאַטור און אירע שיינקייטן זיינען י. י. שוואַרצס באַ־
ליבטסטע טעמע. אין שילדערן די נאַטור, איז זיין עיקר גבורה. טראָגט זיך טאָקע
פון זיינע פּאָעמען דער ריח־השדה — דער ריח פון פעלד־בלומען, פון צעאַקער־
טער ערד, פון קאָרן און ווייץ, פון וועלדער און טייכן.

די הויפּט־מעלה פון „קענטאַקי“ באַשטייט אין דעם, וואָס דער דיכטער, אַליין אַן אייגוואַנדערער, האָט זיך עכט און אָרגאַניש באַהעפט מיט דער רייכער, זאַפּ־טיקער אַמעריקאַנער ערד, געוואָרן אַן אַמעריקאַנער דיכטער לויט זיין טעמאַטיק און באַנעם. (זיין קינד, שרייבט ער, „פון איר [אַמעריקעס] ערד איז אַ שטיק“). זיין עפּיש ווערק „קענטאַקי“, וואָס באַשטייט פונעם גרעסטן טייל „ניי־ערד“ און פון אַ סעריע פּאָעמען: „דזשאַן“, „דזשאָ“, „דזשאָרדזש וואַשינגטאָן“, „דאָס יידן העמד“, דער „סוף פון טאָמאַסן“ (די לעצטע דריי וועגן נעגער־לעבן) איז אייגנט־לעך אַ געזאַנג צו און פון „ניי־ערד“, אַ ליד פון דער נייער היים אַמעריקע. דער נייער יידישער אייגוואַנדערער אין קענטאַקי, דער קליינבירגער יהושע (דזשאָש), וועלכער קומט אַהין נאָכן בירגערקריג מיט זיין „פּאַק“ (אַלס אַ פּעדלער), פּאַסט זיך אַריין אין דעם נייעם באָדן, אין דער נייער ניט־יידישער סביבה, ווערט אין איר איינגעגלידערט, פּירט גרויסע געשעפטן (פון וואָל, לעדערוואַרג, מעטאַלן), צעוואַקסט זיך, געזעגנט זיך מיטן אַלטן היימישן לעבן־שטייגער, שלאָגט וואָרצלען אין דער נייער ערד. זיינע קינדער און אייניקלעך ווערן אַסימילירט, זיין עלטסטער זון גייט שוין אין אַנדערע דרכים: אַן איינזעעניש פאַר דעם נויט־ליידנדיקן.

אָבער דער הויפּט־אָנשפּאַר פונעם רייך־געוואָרענעם אָרױפגעאַרבעטן דזשאָש, זיין ליבלינג, איז זיין אייניקל דעיוויד, וועלכער ווערט אַן ערד־אַרבעטער, אַ פּויער. אין אים, הייסט עס, זעט יהושע־דזשאָש זיין אמתן יורש און שורש. צום סוף פון אַט־דעם פּאָעטישן בילדער־רייכן ראָמאַן גייט־אויס דזשאָש פאַר די אויגן פון זיין געטרייען נעגערשן אַרבעטער, סעם, אָנקל סעם, מיטן תפילה־ליד אויף די ליפּן: „פאַרוויג מיך צום שלאָף אין מיין קענטאַקי־היים“...

פאַראַן אַ סך זוניקייט, געזונטע לעבנס־פרײדיקייט, פיינער הומאָר אין „קענטאַקי“. אייניקע פון די געשטאַלטן אינעם ווערק, אין די שילדערונגען פון דריי יידישע דורות, זיינען מייסטערהאַפט אויסגעגאָסן, אויסגעפורעמט. זיי שטייען לעבעדיקע פאַר די אויגן. אַ קינסטלערישע הויך דערגרייכן אויך די דריי נעגער־פּאָעמען צום סוף פונעם בוך. אין זכרון בלייבן: די הויפּט־פיגור דזשאָש, ווי פון בראָנז אויסגעגאָסן — דער גרינדער־פּיאָנער פונעם יידישן ישוב אין די דרום־שטאַטן; זיין פרוי סערע, געשילדערט מיט טיפן פּסיכאָלאָגישן אַריינבליק אין איר נשמה, מיט וואונדערלעכער צערטלעכקייט, מיט אַלע מעלות פון אַ פרומער פּשוטער יידישער פאָלקס־פרוי; זייערע זין און טעכטער: באַזונדערס דזשעיק, זיין קריסטלעכע פרוי וויוויען, זייער טעכטערל פלאָראַ, און וויוויענס יידן־האַסערי־שער אָנקל. עס קרייצן זיך אויך איין אין זכרון: דזשאָשס אַנדערע זין און טעכ־טער, זיינע קריסטלעכע שכנים (צווישן זיי דער פּאַסטאָר), די נעגערשע אַרבע־טער אין דזשאָשס הויף; אויך אייניקע יידן פונעם אויסגעוואָקסענעם ישוב: ליט־וואַקעס און דייטשע יידן, דער רייכער היימאַן, דער שוחט־חזן, און אַנדערע. מען זעט אויך די סינאַגאָגע און דעם „טעמפּל“, דאָס פאַרגרעבט־ווערן פון די נייע ישובניקעס, דעם ניט־יידישן „נייעם אַדל פון מעכטיקע און רייכע גוטבאַזיצער“.

איר האָט דאָ רירנדיקע און פאַרכאַפּנדיקע בילדער פונעם יידנס שווערן, ביי־טערן לעבן, ביז ער וואָרצלט זיך איין אין דער „ניי־ערד“, וואו ער הויבט־אָן האַנד־לען מיט ברוכוואַרג און לעבט זיך צונויף מיט זיינע ניט־יידישע שכנים, וואָס העלפן אים אין זיין נויט. מען זעט די בהדרגהדיקע איינוואַנדערונג פון יידישע פּעדלערס, בעלי־מלאכות, קרעמער, סוחרים, זייער איינדערוואָכן און זייער יום־טוב.

„אַזוי האָט די פּאַרדאַרטע גרינע ליטע אַריינגעקליבן זיך, און זיך צעלייגט אין פּעטן און געבענטשטן דרום־לאַנד". מען זעט אויך דאָס רירנדע בילד, ווי אַזוי דזשאָש און סערע זיינען מקבר זייער קינד פּערעלע אין דער נייער, פרעמדער ערד, און מיט יאָרן שפּעטער — סערעס קבורה, שוין נאָכדעם ווי דזשאָשס „געשעפט האָט זיך צעשפּרייט, צעצווייגט".

פאַראַן אויך פיינע פּרואוון צו ווייזן, ווי אַזוי דזשאָש (וועלכער האָט אַליין פאַר־זוכט דעם טעם פון נויט) באַנעמט (סימפּאַטיש) דעם אָרעמען נעגער אין זיין לאַגע, און ווי אַנדערש דזשאָשס זון, דזשעיק, קוקט פון אויבן־אַרונטער אויפן נע־גער („אַ נעגער איז אַ נעגער — און דאָס גאָר").

פיל נאַטור־מאָלערישע שטעלן בעטן זיך ממש מען זאָל זיי ציטירן. מאַנגל אין פּלאַץ דערלויבט עס ניט. אָבער אַזעלכע שטעלן ברענגען־אַריין, ווי זון־שטראַלן, אַ סך העלקייט און וואַרעמקייט אין דעם ווערק. אָט הערט ווערטער:

האָט זיך די גרויסע פרישקייט אויפגעהויבן:
עס האָט די ערד געהויכט פון זיך מיט זאַפטן,
געשטראָמט מיט ערדיקע צעהיצטע ריחות
און זיך אין בלויער קילער לופט צעפלאָסן.

אָדער:

עס האָט אַ בליץ געטאָן אין פרעמדן אויג
די נייע אומבאַקאַנטע פרישע וועלט
מיט בלויע הימלען און געדיכטן גראָז,
מיט ווייטן וואַלד מיט גרינער בלעטער־קרוין,
מיט נאָנטע פרוכט־ביימער באַהעקט מיט טוי.

אַזוי היימיש־נאָענט איז דער דיכטער צווישן ביימער, וועמענס שיינקייט ער האָט נאָך איינגעזאַפּט אין זיין ליטווישער היים:

און פּלוצים האָבן בוימער זיך צעעפנט,
און אויך די שוואַרצע און צעיורעטע צווייגן
פאַרנומען האָבן זיך און זיך פאַרשוואָלן,
זיך אָנגעדראָלן גריגלעך־שוואַרצע קנאָספּן
וואָס האָבן מיט אַ זאַפטיק־ביטערקייט
געשמעקט:
און ס'האָט גענומען אויסשיסן פון גרונט
מיט דינעם גרינעם קינדערישן גראָז.

מען זעט בחוש, אַז דעם דיכטער־מאָלער קומט־צו אַ שטיק געזונט, ווען ער שילדערט אַ וואַלד — „געפלאָכטן, געצווייגט, געקניפּט, געקנייטשט, צונויפגע־דרייט", אָדער אַ גאָרטן: „געוויקלטע קרויט פאַרפלאָכטן האַרט און זאַפטיק־פריש און שווער און שטייף און פייכט". פאַראַן אין דעם בוך: „די קלאַנגען, קאָליר און ריח פון דעם ברייטן דרום־לאַנד מיט זיינע חיות, מענטשן, פעלד און וואַלד".

פאַראַן אין אָט־דעם ווערק, מיט זיין געלאַסענעם, רואיקן, ישוב־הדעתדיקן טאָן, פיינע איבערגאַנגען פון ליריק צו עפּיק, פון עפּיק צו ליריק. אָפט ווערט אַ גע־ראָטענער זיווג און עס באַקומט זיך לירישע עפּיק אָדער עפּישע ליריק — מיט וואָרט מיט וואַרעמען, מיט לאַשטשענדיקן ניגון, מיט אַ שפע פון קאָלירן און פאַרב־ניואַנסן, מיט געמעלן פון לאַנדשאַפטן, מיט מעשהדיקער דערציילערישקייט. אין דעם עפּאָס ווערן אַריינגעוועבט קרעפטיקע קאָנקרעטע רעאַליסטישע שילדערונגען, שטיקער שטייגער לעבן, צומאָל אַזש ביז נאַטוראַליסטישן נוסח (אַ שטייגער: דער אויסזען פון דזשאָשס שייער, אָדער איינצלהייטן פון אַ סעודה, אַ שמחה, א. אַנד.).

און דאָך ליידט „קענטאָקי" פון גרויסע פעלערן — אידייאישע פעלערן. עטוואָס האָט שוין דערויף אָנגעדייטעט דער קריטיקער ב. ריווקין אין זיין בוך „גרונט־טענדענצן פון דער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע" (1948): „קענטאָקי", האָט ער געשריבן, „איז צו־ווייט אַוועק פון ברייטן יידיש־אַמעריקאַנישן לעבנס־שליאַך".

דער ברייטער יידיש־אַמעריקאַנישער לעבנס־שליאַך האָט געפירט, און פירט, ווי באַקאַנט, דורך די גרויסע אינדוסטריעלע אַמעריקאַנער שטעט — ניט דורך קענ־טאַקי. און ווייטער: די שילדערונג פונעם אַרויפגעאַרבעטן דזשאָש דערמאָנט צו־מאָל אין שלום אַשס גלאָריפיצירונג פונעם גביר יחזקאל גאַמבינער: ווילנדיק צי ניט־ווילנדיק באַקומט זיך אַ פאַרהערלעכונג פונעם נגיד.

און איצט צום ענין נעגערס אין דעם ווערק. צופיל אידיליע! צופיל קאָנ־צענטרירט זיך אויפן נעגערס „ברען פון לייב, ברען פון תפילות, ברען פון בראָנפן" (ווי ב. ריווקין דריקט זיך אויס). די שווידערלעכעליידן פון די געדרודפטע, אונ־טערדריקטע נעגער־מאַסן, די סיסטעמאַטישע אָנווענדונג פון כלערליי ראַסיסטישע דערנידעריקנדיקע דיסקרימינאַציעס קען זיי, ווערן קוים־קוים אָנגעדייטעט אינעם ווערק. און דער דיכטער האָט דאָך געהאַט דעם קינסטלערישן כוח דאָס צו ווייזן — צו ווייזן דעם פולן אמת פון דערווירקלעכקייט. צייטנווייז בליצן־דורך אָנדיי־טונגען, רמזים, דערויף. למשל: ווען דזשעיקאָב זעט־צו (קאַלטבלוטיק) אַ לינטש־סצענע:

> די ווייסע שטריק אַרום דעם שוואַרצן האַלדז,
> דאָס שוואַרצע פנים — גרוי, דאָס מויל פאַרשטשירעט,
> דער קערפּער קאַנוואולסירט אין אַנגסט פון טויט.

אָדער ווען דער דיכטער שילדערט דעם „עקסטאַטישן געזאַנג פון אַלטע נע־גערס — וואָס האָבן נאָך אויף זיך געהאַט סמנים פון בייטשן פון צוואַנג". דער דיכטער קען גוט דעם גורל פונעם נעגער, וואָס איז „געטריבן מיט דער בייטש פון ווייסן הערשער" און וואָס האָט „געגאָסן מיט זיין שווייס אין פעטער ערד". דער דיכטער שליסט זיין בוך מיטן בילד, ווי דער צום־טויט פאַראורטיילטער נעגער טאָמאַס קוקט מיט צער צום לינקאָלן־פּאָרטרעט מיטן געבעט: „פאָטער לינקאָלן, האָב רחמנות אויף אַ בלודנעם נעגער!". דער חסרון איז: ניטאָ כמעט קיין צער־און צאָרן־מאָמענטן; צופיל „אָביעקטיוויקייט"; ניטאָ דאָס בילד פון נעגער אין זיין צאָרן און אויפברויז קעגן ראַסיזם, קעגן הויט־שינדעריי און באַליידיקונג. און כאָטש דער דיכטער איז פאַרוואָרצלט אין יידישער לומדות, פעלט דאָך די עכטע טיף־יידישע טראַדיציע, וואָס ציט איר יניקה פון די נביאים, פונעם צאָרן־רוף: „רשע, למה תכה את רעך?" (רשע, פאַרוואָס שלאָגסטו דיין פריינט), ווען מען זעט־צו ווי מענטשן־קינדער ווערן אומשולדיק געשלאָגן. (אגב, אינגאַנצן אומפאַר־שטענדלעך איז, פאַרוואָס דער מחבר נוצט אַ „יוד" אָנשטאָט אַן „עין" נאָך דער „בון" אין וואָרט „בנעגער"). אָט־די חסרונות שוואַכן־אָפּ דעם גרויסן ווערט פון אַ וויכטיק ווערק, פון אַ „דבר של קימא".

מיט זיינע „יונגע יאָרן" האָט י. י. שוואַרץ באַרייכערט אונדזער אַזוי אויך רייכע שטעטל־ליטעראַטור. אויך אין אָט־דעם ווערק צייכענען זיך, דער עיקר, אויס זיינע נאַטור־געמעלן. דורך פאַרבנרייכע בילדער האָט ער באַוויזן אויפצולעבן פּאָעטיש אַ שטיק פונעם ליטוויש־יידישן שטעטלשן אַמאָל.

אומגעהויער־גרויס זיינען י. י. שוואַרצס פאַרדינסטן און אויפטוען אין איבער־דיכטן פערלדיקע פּאָעטישע ווערק פון די העברייאישע דיכטער פון מיטלאַלטער און פון דער גרויסער ליטעראַרישער ירושה פון חיים־נחמן ביאַליק.

צו זיין 75סטן געבוירנטאָג.

(זונטאָג, נאָוועמבער 19, 1961)



# צבי הירשקאַן

(1938־1886)

איך האָב געהאַט די זכיה צו האָבן געווען באַפריינדט מיט אָט־דעם שיינעם, ערלעכן מענטשן און שעפערישן שרייבער, צבי הירשקאַן (1938־1886). איך פלעג זיך מיט אים אָפט באַגעגענען אין די לעצטע עטלעכע יאָר פאַר זיין פריי־צייטיקן טויט, שמועסן מיט אים, אַריינבליקן אין זיינע טיפע, גליענדיקע אויגן, שוואַרצע ווי קויל; זען אין זיי וועלטן גאַנצע פון שווערע, ביטערע, טראַגישע איבערלעבונגען, אָפּגרונטן פון צרות, איבלען אין לעבן.

דאָס איז געווען אין יענער צייט, ווען ער איז ענדלעך „אָנגעקומען", געפונען זיך אַליין, זיין אמתע מיסיע פון אַ קינסטלער, — צוגעקומען צו דער יידישער לינקער פּראָגרעסיווער באַוועגונג, געוואָרן אַ מיטאַרבעטער פון דער „מאָרגן־פריי־הייט". ער האָט פאַר מיר אָפן, אָפנהאַרציק אַנטפּלעקט זיין טיפע, אינערלעכע, גרויסע פרייד פון באַהעפטונג מיט אַן ערלעכער, קעמפערישער, פאָלקס־געטרייער, אמת־געטרייער באַוועגונג. ער האָט אויסגעדריקט זיין באַגייסטערונג פאַר איר מסירת־נפשדיקייט. ער האָט דערזען אַ נייע פאַר אים וועלט פון מענטשן, אידעאַליסטישע קעמפער, גלויביקע אין די פּרינציפּן פון סאָציאַלן יושר.

שטיל, בנעימותדיק פלעגט ער מיט מיר שמועסן — און פון זיינע אויגן און רייד האָט אַרויסגעלויכטן זיין ענטוזיאַזם, זיין פרייד וואָס סוף־כל־סוף, נאָך אַזויפיל וואָגלענישן און בלאָנדזשעניש, האָט ער געפונען אַ תיקון פאַר זיין „איך", פאַר זיין שאַפן און שעפערישקייט. געווען איז דאָס אין די ברויזנדיקע ניינצן־דריי־סיקער יאָרן.

געווען איז צבי הירשקאַן (צבי־הירש קאַהן) אַן אומרואיקער גייסט, אַן איי־ביקער אמת־זוכער, אַ וואַנדערער, אַ נע־ונד איבער די ברייטע שטרעקעס פון רוס־לאַנד, מערב־אייראָפּע, ארץ־ישראל און מיטל־מזרח, דערנאָך — אַמעריקע. (קיין אַמעריקע איז ער צום ערשטן מאָל געקומען אין 1908 אויף אַ קורצער צייט; אין 1925 האָט ער זיך דאָ באַזעצט).

שוין אין 1908, אין עלטער פון 22 יאָר, האָט ער געצויגן די אויפמערקזאַמ־קייט מיט זיין „נע ונד" — „עטיודן פון יידישן וואַנדער־לעבן" (אין דר. חיים זשיטלאָווסקיס „דאָס נייע לעבן"). מיט צוויי יאָר שפּעטער האָט ער זיך קונה־שם געווען מיט זיין ראָמאַן „צוויי וועלטן" (אין פּרצעס זאַמלבוך „יודיש", 1־2), שילדערונגען פון יידישן שטעטל־לעבן אין רייסן (איבערגעדרוקט אין דער „מאָרגן־

פרייהייט"). שוין אין יענעם ראָמאַן האָט ער געוויזן אַ פאָלקישן צוגאַנג צו מענטש און סביבה.

הירשקאָן איז געווען שעפעריש־פּראָדוקטיוו. ער איז געווען דער מחבר פון ראָמאַנען, דערציילונגען, עטיודן, ליטעראַרישע עסייען, פּען־פּאָרטרעטן, ביאָגראַפישע ווערק, פּובליציסטישע אָפּהאַנדלונגען, א. אַנד. צוזאַמען וואָלטן אַלע זיינע ווערק, ווען צונויפגענומען און פאַרעפנטלעכט אין בוך־פאָרם, באַשטאַנען פון העכער אַ צענדליק בענד.

אין בוך־פאָרם זיינען דערשינען הירשקאָנס: ראָמאַן „צוויי וועלטן" (3 אויפלאַגעס: 1918, 1919 און 1923); דערציילונג „ניט הינטער אַ פּלויט" (צוויי אויפלאַגעס: 1919, 1922); „פון דערווייטנס" (עטיודן, אויך אַרטיקלען וועגן די קלאַסיקער, 1922); „דזשעיק פּעמפּיק אין פּאַריז" (קאָמעדיע אין 3 אַקטן, 1928); „אונטער אייך דאַך" (וועגן יידישע קלאַסיקער, 1931), ראָמאַן „באָריס קאַבאַלקין" (ניו־יאָרק, 1940, 242 זייטן). צווישן זיינע ווערק, וואָס זיינען ניט דערשינען אין בוך־פאָרם, איז אויך זיין ביאָגראַפיע „אחד העם".

יאָרן־לאַנג איז הירשקאָן, אַ געבוירענער אין טשאַשניק, וויטעבסקער געגנט, ווייסרוסלאַנד, אַ געבענטשטער מיט גרויס טאַלאַנט, מיט אַ סך חכמה און לעבןפאַרשטענדעניש, אַ שטרענגער צום ענין קונסט, צו דער פונקציע פון קונסט און צו זיין אייגן וואָרט, געווען אַ „תועה בדרכי החיים" — אַ וואַנדערער און בלאָנדזשער אויף די וועגן פון לעבן.

ס'האָט אים גענומען אַ סך יאָרן צוצוקומען צו דער פּראָגרעסיווער יידישער אַרבעטער־און קולטור־באַוועגונג. אויף אָט־דער באַוועגונג האָט ער זיך אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן אָנגעשפּאַרט באהבה און מיט פולן צוטרוי, געפונען דאָרט נייע שאַפונגס־קוואַלן, מוט און טרייסט.

יאָרן־לאַנג האָט ער, אַ סאָציאַל־געניגטער שרייבער, אַ רעאַליסט, אַ שאַרפער באַאָבאַכטער, געבלאָנדזשעט אַ פריידלאָזער, געליטן, געמאַטערט זיך גייסטיק (אָפּט אויך מאַטעריעל); זיך אָפּט אָפּגעגעבן אַ חשבון־הנפש (פּונקט ווי שפּעטער — דער העלד פון זיין ווערק „באָריס קאַבאַלקין"). זיין דין־וחשבון מיט זיך האָט אים בלויז נאָך מער באַאומרואיקט, פאַרביטערט, געלאָזט אומצופרידן. „וואו געפינט מען אויס מיין מיסיע?" — האָט ער זיך אַליין געפרעגט (אין אַ נאָטיץ פאַרצייכנט אין 1929).

אַ שאַרף־אויגיקער, שאַרפזיניקער וואָרט־קינסטלער און מייסטער־בויער, האָט ער זיך אויסגעצייכנט מיט אַן אייגענעם, אָריגינעלן, שאַרפן סטיל — אַ סטיל פון וואָרט־צמצום — סיי אין זיין מאָלערישקייט און דערציילערישקייט, סיי אין זיינע פאַרטיפטע, אידייען־רייכע עסייען און פּובליציסטישע אַרטיקלען.

שוין עטלעכע יאָר פאַר זיין מיטאַרבעט אין דער „מאָרגן־פרייהייט", האָט אים זיין שאַרף־קינסטלערישער חוש דיקטירט צו שילדערן סאַטיריש־שאַרף, קריגעריש אַ צאָל נעגאַטיווע יידישע טיפּן: גבירים, גבירישקראַטן, פאַרקויפטע נשמות, מאָדערנע „בעלי־טובהניקעס".

נאָך דעם ווי ער האָט פאַרלאָזט דעם „טאָג" און „צוקונפט" און איז אין 1933־1934 צוגעשטאַנען צו דער „מאָרגן־פרייהייט", האָט ער זיך איבערגעגעבן צו אירע פּראָגרעסיווע אידייען און אידעאַלן בלב ונפש. ריכטיק און טרעפלעך האָט ראַשעל הירשקאָן געשריבן (אין דער „מאָרגן־פרייהייט" פון 23טן יאַנואַר, 1955): „צבי

הירשקאָן האָט געפונען זיין מיסיע און דעם אַדרעס וואוהין מיט זיין מיסיע צו קומען — ער איז אַריין אין דער ,מאָרגן־פרייהייט׳ ״.

צבי הירשקאָן איז דאָן באמת געוואָרן אַ שפּרודלדיקער קוואַל. ער האָט אין זיך דאָן אַנטדעקט אַ וועלט מיט נייע, פרישע, קינסטלערישע כוחות. פון זיין פּען זיינען דאָן אַרויסגעקומען פיל וואונדערלעכע מענטשן־פּאָרטרעטן, שילדערונגען פון אַמאָליקן און היינטיקן יידישן לעבן — אין אַמעריקע און אויף יענער זייט ים, געמעלן פון סאָציאַלע סביבות — פּאָזיטיווע און נעגאַטיווע; פּאָרטרעטן פון גע־זעלשאַפטלעכע פיגורן. דער מענטש הירשקאָן האָט דאָן ווי באַקומען אַ נייע נשמה. ער איז דערגאַנגען צום מאַרקסיזם.

הירשקאָן איז שוין פריער געווען דער גרויסער אַנאַליטיקער אין זיין שאַפן — אין זיין שילדערן מענטשן, סביבות און צייטן. ער איז תמיד געווען דער גרוי־סער בעל־חשבון אין זיינע שריפטן. טיף און שאַרף האָט ער אַריינגעקוקט אין דער פּסיכיק פון זיינע כאַראַקטערן, אין זייערע מעשים, אין זייער אויפפירונג. אַריינגעקוקט אין די נשמות פון אַ סך נעגאַטיווע פּאַרשוינען, ״קליינע מענטשעלעך״ (אין זין פון מענדעלעס ״קליין מענטשעלע״) — און ״וירא כי לא טוב״ — און ער האָט דערזען, אַז זיי זיינען ניט גוט — און ער האָט זיי ניט געשאַנעוועט. זיין שאַרפע פּען האָט געקאָנט רייסן, בייסן, שמייסן. וואַרעם, מיט טיפער סימ־פּאַטיע, מיט נחת־רוח, ממש מיט גייסטיקן פאַרגעניגן, האָט ער געשריבן וועגן פּאָזיטיווע, סימפּאַטישע יחידים, טיפּן, געזעלשאַפטלעכע פיגורן.

אין יענע יאָרן פון הירשקאָנס מיטאַרבעט אין דער ״מאָרגן־פרייהייט״ בין איך געווען דער סעקרעטאַר פון דער רעדאַקציע. איך געדענק גוט זיינע מאַנוסקריפּטן. זייער ציכטיקייט און אָפּגעהיטנקייט האָט אַרויסגערופן דרך־ארץ. סאַראַ זעל־טענע פּינקטלעכקייט! ווי אָפּגעהיט אָט־דער אמתער תלמיד־חכם איז געווען מיט יעדן וואָרט, מיט יעדער ״קאָמאַ״, מיט יעדן ״קוצו של יוד״! סאַראַ פּערלדיקע אותיות אין זיין כתב־יד! סאַראַ זעלטענע אחריות פאַרן וואָרט! סאַראַ דרך־ארץ פאַרן לייענער, פאַר ליטעראַטור!

ניט נאָר אינהאַלט — פאָרם האָט ביי אים געשפּילט אַ גרויסע ראָל. יעדעס וואָרט האָט געמוזט זיין ניט נאָר אויפן אָרט, נאָר געשליפן, געפיילט, ״אַרומגע־וואַשן״; יעדער זאַץ — קורץ, שאַרף, פול מיט אינהאַלט, קלאָר און פּשוט — אַ בנין פאַר זיך.

לייענט ״באָריס קאַבאַלקין״ איבעראַנייס, האָט הנאה, קוקט זיך צו און זעט: דער מחבר האָט געהאַלטן אַ וואַכזאַם אויג אויף אַלץ וואָס איז אַרויסגעקומען פון זיין געבענטשטער פּען — ״כבקרת רועה עדרו״, ווי אַ געטרייער פּאַסטוך האַלט אַן אויג אויף זיין טשערעדע. ״אויף אַלץ״ שליסט־איין אויך: די קאָנסטרוקציע פונעם ראָמאַן, די לאָגישע, פּסיכאָלאָגיש־אויסגעהאַלטענע, רעאַליסטיש־ריכטיקע אַנטוויקלונג פונעם סיפּור־המעשה, פון די כאַראַקטערן, פון די לעבן־געשעענישן. אין צענטער — וועלוול סאַנדלער — באָריס קאַבאַלקין — דער זון פון דער גרויסער יידישער אָרעמשאַפט אין דער שטאָט וויטבאַניע — אויפן וועג צו ווערן אַ רעוואָלוציאָנער, אויפן וועג צו אַ סאָציאַליסטיש לעבן.

די ״טאָרבע״ האָט געשפּילט, ווי באַקאַנט, אַ גרויסע ראָל אין מענדעלעס ווערק. אָרעמקייט, נויט, דלות, דחקות, הונגער, געראַנגל פאַר אַ שטיקל ברויט, פאַרנעמען אַ גרויס אָרט אין אונדזער קלאַסישער ליטעראַטור, ווי אויך אין פיל

ווערק, געשאַפן אין משך פונעם לעצטן האַלבן יאָרהונדערט. גאָר אייגנאַרטיק, קרעפטיק, רירנדיק זיינען הירשקאַנס בילדער פון נויט, פון שרייענדיקער אָרעמ־קייט אין דעם יידישן דלות־קוואַרטאַל און יאָמערטאַל „פאַדלאָ" (אין וויטבאַניע), וואו עס „הערשן" די ריחות פון גאַרבאַרניעס און דלות. אָט־די בילדער קריצן זיך איין אין דעם לייענערס זכרון. אַליין אַן אָפּשטאַמיקער פון דער שוידערלעכער, ביטערער יידישער אָרעמקייט, האָט הירשקאַן געוואוסט דעם טעם פון הונגער. רירנדיק ביז גאָר זיינען זיינע שבת־בילדער. דער שבת האָט באַזונדערס שטאַרק געטראָפן דעם יידישן אָרעמאַן. דער שבת האָט פאַר דעם קבצן אַנטפּלעקט מיט באַזונדערער שאַרפקייט זיין געדריקטן מצב: „שבת איז פאַר אונדז די פאַרקער־פערונג פון שאַנד. ניטאָ אין וואָך אַזאַ טאָג ווי שבת. מיט אַ רואיק מינעלע שטעכט אונדז שבת די אויגן: ,קבצנים, שלעפּערס'..."

אַן עכטער וואָרט־קינסטלער, האָט זיך הירשקאַן באַצויגן צו זיין ווערק ווי אַן אמתער מייסטער־מאָלער אָדער סקולפּטאָר: מיט גוואַלדיקער פּאָרזיכט און שאַרפן חוש פאַר פּראָפּאָרץ פון פאָרם, פאַר ליכט און שאָטן, פאַר האַרמאָניע צווישן פאָרם און אינהאַלט, פאַר ניט איבערכאַפּן די מאָס, פאַר ניט אַריינפאַלן אין 9 מאָס רייד. ער האָט מייסטעריש אָנגעהאַלטן אַ באַלאַנס, אַ שטרענגן קאָנטראָל איבער זיין שילדערונג.

אין פּראָצעס פון שאַפן האָט ער לחלוטין אָפּגעוואָרפן איבעריקע באַלאַסטן, אויסגעמיטן אויסערלעכע „באַפּוצונגען", „באַצירונגען". דער איינדרוק פונעם גע־דיכט־קאָנצענטרירטן שטאָף פון זיינער אַ כאַראַקטער־שילדערונג אָדער דערציי־לונג איז דעריבער געוועזן באַזונדערס שטאַרק, ווי דער איינדרוק פון „נאַקעטן אמת".

אין דעם ראָמאַן „קאַבאַלקין" האָט דער סטאַליער־רעוואָלוציאָנער מאָטקע אָנ־געזאָגט קאַבאַלקינען, דעם זון פונעם אָרעמען שוסטער פונעם פאַדלאָ־קוואַרטאַל: „פאַרשעם ניט פאַדלאָ! פאַרגעס ניט דיין שטאַם!"

הירשקאַן, דער געטרייער זון פון דער יידישער אָרעמשאַפט, האָט זיין שטאַם ניט פאַרגעסן און ניט פאַרשעמט.

(צו זיין דרייסיקסטן יאָרצייט, דעם 20טן יאַנואַר, 1968)
יאַנואַר 21, 1968.





# ה. לייוויק

(1963-1888)

ה. לייוויק — אַ קאָלאָסאַלע טעמע. ניט אויסצושעפּן דורך פיל סימפּאָזיומס און ביכער. ס׳איז נאָך בכלל פריצייטיק צו געבן אַ קילן, גרינטלעכן אַנאַליז פון דער לייוויק־פּערזענלעכקייט, וואָס האָט אין משך פון העכער אַ האַלבן יאָר־הונדערט גענערט און באַרייכערט די מאָדערנע יידישע ליטעראַטור מיט פּאָעזיע, דראַמע, פּראָזע — מיט טעלעכע צענדליק ביכער.

דאָ קאָן מען אָנצייכענען בלויז אייניקע הויפּט־שטריכן פון אָט־דעם פּראָ־דוקטיוון, שעפערישן דיכטער און דראַמאַטורג, אַ זייל פון דער היינטצייטיקער יידי־שער פּאָעזיע און דראַמע.

קודם: זיינע שאַפונגען האָבן געווירקט סיי מיט זיין גרויסן טאַלאַנט, סיי מיט זיין ערנסטער, אייביק־זוכנדיקער פּערזענלעכקייט. ער איז געווען דער דיכ־טער פון אינהאַלט, פון אידייען און פּראָבלעמען. אין צענטער פון זיין שאַפן: די פּראָבלעם — פּראָבלעם פון מענטש און וועלט, איך און כלל, פירער און מאַסע, וועלט־דערלייזונג, מענטש־דערלייזונג, הייליקייט פון לעבן, באַשאַפער און שאַפונג (ווי, למשל, דער מהר״ל און דער גולם).

לייוויק איז געווען טיף־יידיש און טיף־אוניווערסאַל אין זיין שאַפן. ער האָט געהאַט דעם גרויסן כוח צו פּאַראַלגעמיינערן, אוניווערסאַליזירן אייגענע געפילן, פּערזענלעכע איבערלעבונגען, אינדיווידועלע מחשבות. פיל פון זיינע לידער ווערן זעאונגען, וויזיעס, דער עיקר וויזיעס פון דער טראַגיק פון מענטשלעכן לעבן. מיר זעען אים אין אַ סך פון זיינע לידער ווי אַ דיכטער אַ וויזיאָנער, אַ דיכטער אַ פילאָסאָף. זיין וועג, זיין דיכטערישער ציל פירט צו פולשטענדיקער זעלבסט־אַנטפּלעקונג, צו „התגלות״: ער פירט דורך זיך צו וועלט, און צוריק — דורך וועלט צו זיך.

ער איז געווען און געבליבן ביזן סוף — דער דיכטער פון ליידן און פּיין. ער איז געווען און געבליבן דער דיכטער־טרוימער פון מענטשלעכער דערלייזונג. ער איז געווען און געבליבן דער דיכטער פון טראַגישער איינזאַמקייט. ער האָט אין זיין לאַנגיאָריקן געראַנגל ניט אַנטפּלעקט דעם באַפרייערישן, דערלייזנדיקן כוח פון קאָלעקטיוון קאַמף, פּאָלקס־קאַמף פאַר פרייהייט. זיין טיפע, עכטע, אויפ־ריכטיקע ליריק איז געווען אַ מיסטישע, אַ סימבאָליסטישע, אַ יחידישע ליריק, וואָס האָט ניט באַוויזן צו באַהעפטן זיך מיטן פאָרויס־מאַרשירנדיקן, קעמפנדיקן, באַפריי־ערישן טייל פון דער מענטשהייט.

ער האָט געהאַט גרויסע פאַרדינסטן פאַר דער ראַפינירונג פונעם יידישן וואָרט, פאַר באַרייכערן אונדזער פערזן־טעכניק, פאַר אַריינברענגען נייע ריטמען, פאַר גראָבן טיף און טאַלאַנטפול אין אוצר פון יידיש לשון, פאַר שעפּן ברייט פון אַלט־יידישע קוואַלן, פון אַלט־יידישער געשיכטע און לעגענדע, ווי ער האָט דאָס באַ־זונדערס באַוויזן דורך זיינע היסטאָריש־העראָאישע דראַמען און דורך זיינע דראַ־מען, באַזירט אויף ביבלישע מאָטיוון.

פאַר׳מעל אַ מיטגליד פון דער אַמעריקאַנער־ליטעראַרישער גרופּע „יונגע" (צווישן זיי: זישאָ לאַנדוי, מאַני לייב, ראובן אייזלאַנד, א. אַנד.) איז ער אין תוך ניט געווען איינער פון זיי. ער האָט ניט געהאַט — און האָט ניט געקאָנט האָבן — קיין שייכות מיט זייער רוף און לאָזונג: „קונסט לשם קונסט", אויסהוילן די פּאָעזיע פון סאָציאַלע מאָטיוון; שטעלן דעם טראָפּ דער עיקר אויף פאָרם, אַנ־שטאָט אויף אינהאַלט, אָדער אויפן חשבון פון אינהאַלט. ער האָט זיך ניט גע־שפּילט מיט ווערטער, פראַזן, פערזן, גראַמען. ביי אים איז דאָס עיקרדיקע געווען דער תוכן, דער אינהאַלט, די אידייע, די שטעלונג פון פּראָבלעמען. אַ סך פון זיינע לידער ווירקן מיט דער קראַפט פון דראַמע, מיט זיין שעפערישן כוח צו דראַמאַטיזירן געפילן, רעיונות, חזיונות.

צווישן די סאַמע פּאָזיטיווסטע מאָמענטן אין לייוויקס שאַפן איז דער פּעריאָד, ווען ער איז געווען אַ מיטאַרבעטער פון דער „פרייהייט" („מאָרגן־פרייהייט").

צווישן לייוויקס הונדערטער לידער און פּאָעמעס זיינען פאַראַן פיל אויטאָ־ביאָגראַפישע שאַפונגען, לידער וועגן זיין געבורט־שטעטל, וועגן טאַטע, מאַמע, היים; לויטערע נאַטור־לידער; פאַרטיפטע שפּינאָזע־לידער; קרעפטיקע, זאַפ־טיקע עפּל־לידער; לידער, וואָס וואַקסן אַרויס פון זכרונות פון אַמאָל, פון בענק־שאַפט, נאָסטאַלגיעס; לידער, וואָס זיינען אָנונגען, אָנדייטונגען, רמזים; לידער פון דער דענווער־סאַנאַטאָריע, וואו ער האָט זיך קורירט; אויך לידער־תפילות, השתפכות־הנפשדיקע תפילות פונעם זון פון דער יידישער אָרעמשאַפט אין שטעטל איהומען, מינסקער גובערניע, אויף זיין שווערן לעבנס־וועג פון אַ האָרעפּאַשניק אַ הויז־פאַרבער און אַ באַרימט־געוואָרענעם יידישן וואָרט־מייסטער אין אַמעריקע.

די גרונט־מאָטיוון, די הויפּט־טענער פון זיינע לידער זיינען פון סאַמע אָנהויב געווען, און מיט קליינע אויסנאַמען געבליבן, טענער פון יאוש, פאַרצווייפלטקייט, פּעסימיזם, מאָטיוון פון אומקום און טויט, שטימונגען פון ירידה און הילפלאָזי־קייט. דער דיכטער האָט דורך פיל פאַרשיידענע וואַריאַציעס געשילדערט און ממש באַזונגען טויט, אומקום. ער איז געוואָרן באַקאַנט ווי דער נביא פון אומקו־מיזם. ער האָט אַנטוויקלט אַ פּאָעזיע, אַ פילאָסאָפיע פון טויט. אַזוי — אין משך פון יאָרן און יאָרן. אין משך פון צענדליקער לידער און פּאָעמעס.

אין לאַנגע קייט פון טויט־מאָטיוון, אומקום־געזאַנגען, וואו עס פיגורירן העק, חלפים, מעסערס, וואו עס ווערט ווידער און נאָך אַמאָל געטייטשט און אויסגעטייטשט דער אַלטער ביבלישער מאָטיוו פון קרבן און עקדה (אַקעידע). אַ לאַנגע קייט שטימונגען פון פּעסימיזם, מרה־שחורה, עצבות. עס רופט דער דיכטער:

זייט טרויעריק, מענטשן — פאַרלירט נישט
מיין אָנבליק פון אייער געזיכט.

אָט־די שטימונגען האָבן געפירט דעם דיכטער און זיין ליד צו שאַפן אַ מין קולט פון אומעט. זיי האָבן אים געפירט צו מיסטיק, מיסטיציזם, צו מעטאַפיזיק, צו גאָט־זוכעניש, צו דערוויטערונג פון אונדזער זינדיקן ערדישן וועלטל. פיל פון אָט־די טויט־לידער, גאָט־פאָעמעס, אומקום־מאָטיוון, אַנגעטאָן, דוכט זיך, אין פּשוטע, קלאָרע, פאַרשטענדלעכע ווערטער, זיינען אָבער געוואָרן — האָבן געמוזט זיין — אומ־קלאָר, נעפּלדיק, אומפאַרשטענדלעך. זיי האָבן געליטן פון אומקלאָרקייט פון אי־דייע און אויסדרוק. וועגן אָט־דער אומפאַרשטענדלעכקייט רעדט אפילו לייוויקס נאָ־ענטער קאָלעגע, דער דיכטער יעקב גלאַטשטיין, אין אַן עסעי וועגן לייוויקן (אין זיין בוך „אין תוך גענומען", 1956), כאָטש גלאַטשטיין פּרוּווט אויסטייטשן, אַז אָט־די אומפאַרשטענדלעכקייט פאַרמאָגט אַ צויבער, און אַז דער גאַנצער צויבער ליגט ערשט אין דעם ניט־דערקלערטן".

פאַרשטייט זיך, אַז די ווירקונג פון די אומקום־לידער איז אַן אומגעזונטע. אַזעלכע לידער ווירקן צו דיסאָרגאַניזירן, דעזאָריענטירן, אַנטמוטיקן אַנשטאָט צו אָרגאַניזירן, קרעפטיקן, דערמוטיקן דעם לייענער, אָנפילן אים מיט מוט און בטחון.

* * *

ערגעץ אויף וועגן סיבירער, דורך שניי און נאַכט, דורך זאַווערוכעס, האָט זיך געשלעפּט אַ יונגער יידישער בחור, אַ רעוואָלוציאָנער־אַרעסטאַנט. ווייסע ווייסטע־ניש. אַ דערלייזער אין קייטן. קייטן־געקלאַנג. אָט־דער קייטן־געקלאַנג האָט שוין באַגלייט דעם אַרעסטאַנט, דעם קרבן פון צאַריזם, אויף זיין גאַנצן 74־יאָריקן לעבנס־וועג. דער בחור לייוויק האַלפּערין (שפּעטער: ה. לייוויק), דער זון פון אַ יידיש־לערער און פון אַ בייגל־בעקערין, וועלכער איז ווי אַ יונגער רעוואָלוציאָנער געוועזן פאַרשפּאַרט אין די טורמעס פון מינסק און מאָסקווע און איז שפּעטער געוועזן אויף פאַרשיקונג אין סיביר, איידער ער איז אין 1913 אַנטלאָפן קיין אַמעריקע, האָט שוין יונגערהייט איינגעזאַפּט אין זיך די יאוש־שטימונגען, וואָס האָבן אַרומגעכאַפּט אייניקע רעוואָלוציאָנערן נאָכן דורכפאַל פון דער אין־בלוט־דערטרונקענער רעוואָ־לוציע פון 1905. פון אָט־די יאוש־מאָטיוון איז אים געווען שווער צו באַפרייען זיך. שניי, ווייס, בלייבט דער הויפּט־קאָליר אין זיינע לידער. ער אַליין באַצייכנט זיינע לידער: „ווייס ווי שניי". ער זינגט:

איך — אַ רייטער אַ ווייסער
אויף נאָך אַ ווייסערן פערד —
בין געקומען זיך דורכרייטן נאָר
אויף דער מילכיקער ערד...

אין זיינע יוגנט־לידער, סיבירער לידער: „איך שניי", „אויף די וועגן סיבי־רער", „ערגעץ־ווייט", „הינטערן שלאָס" הערן מיר אַזעלכע קלאַג־מאָטיוון פון פאַר־צווייפלטע געפאַנגענע: „איינגעשמידטע זיינען מיר, יעדער אין אַ קאַמער זיצט באַזונדער..."; „אַלע זיינען איינזאַם"; „ערגעץ וואָגלט ער אום — טיף אין שניי אַ פאַרשאָטענער"; „אַליין בין איך ווייס, אין דער פינצטער". דער העלד איז עלנט,

איינזאַם. שפּעטער מיט יאָרן וועט אָט־דער מאָטיוו פון עלנט און אַליין ווידערהאַלן זיך אויך אין אייניקע פון לייוויקס דראַמעס.

די מאָטיוון פון ליידן און פּעסימיזם ציען זיך דערנאָך אַלץ ווייטער — און טי־פער. זיי נעמען־אָן מיסטישע פאָרמען, סימבאָל־פאָרמען. זיי ברענגען צוריק צום דיכטער זיינע אַמאָליקע תפיסה־איבערלעבונגען:

וויינט הערט־טראָגט צו מיר געוויין פון שליסל
אין רציחהדיקן שלאָס פון טיר...

זיי ברענגען צו גרויליקע וויזיעס פון טויט און אומקום („לידער פון אומקום"); זיי ריידן מיט התלהבות וועגן אויסשטרעקן דעם האַלדז צום שעכטער, וועגן שטאַרבן אָן אַ ווידערשטאַנד. איר הערט אַזעלכע טענער, ווי: „איך גלויב אין מיין טויט דעם באַזונדערן, איך מייד ניט דעם ראַנד פון געפאַר". ניטאָ קיין גואל, קיין דער־לייזער קומט ניט.

ער ווערט אַלץ פאַרגעסן, הערוויטערט נאָך מער —
ער קומט נישט אַהער...

וועגן אָט־דעם געזאַנג צום טויט, דעם „קאַלירנדיקן", „שמייכלענדיקן", „שפּע־דיקן" טויט, ריידן שוין די נעמען אַליין פון אַזעלכע לייוויק־לידער, ווי „שניט־צייט", „געזאַנג פון חלפים", „דער כולו־חייב טאַנץ" (אין זיין גאולה־קאָמעדיע).

לעבן און שאַפן איז ביי לייוויקן געוועזן איין גאַנצקייט, אָן ווידערשפּרוכן און סתירות צווישן זיך. זיי האָבן זיך צוזאַמענגעגאָסן. שוין אין זיין ערשטער דראַ־מאַטישער פּאָעמע, „די קייטן פון משיח", געשריבן אין 1908, אין דער מינסקער טורמע, קומען דיכטעריש צום אויסדרוק זיינע דערלייזונג־טרוימען, באַפרייאונג־בענקשאַפטן, און — זיין שטימונג פון פאַרצווייפלונג. שוין דאָן זעט ער:

אין פלאַמען טראָגן זיך דעם נביאס רייד
און ווערן לעולם־ועד פאַרשלונגען.

עס ווערן, הייסט עס, „פאַרשלונגען" די אָנזאָג־רייד פון די רעוואָלוציע־נביאים.

טיף און ווייטאָקדיק האָט אָט־דער דיכטער פון שאַרפער אינטואיציע געיאָמערט „דעם יאָמער פון איכה־נביא", און באַקלאָגט דעם גרויסן חורבן, דעם שרעקלעכן בראַך, וואָס דער היטלעריזם האָט געבראַכט דעם יידישן פאָלק. עכט־לייוויקיש האָט ער אין זיין בוך „אין טרעבלינקע בין איך ניט געוועזן" שאַרף אַקצענטירט דעם שולד־געפיל — ווענמענס שולד? — די שולדיקייט פון די לעבן־געבליבענע לגבי די אומגעבראַכטע קרבנות פון נאַציזם. פאַראַן דאָרט אויך שאַרפע וואָרנונגען קעגן די קינס, די מאַסן־מערדער, די קריגס־פאַרברעכער, די נאַציס.

פאַראַן דאָרט דעם דיכטערס קרעפטיקער וועק־רוף: „גוואַלד, יידן, זייט זיך ניט מייאש!". עס רופט־אויס דער דיכטער:

און קולות גייען־אויף אין מיר: ניט ליג געבראָכן,
שטיי אויף, באַווייז, פאַרטאָפּל דיין בטחון.

ער דערזעט און ווייזט דעם „ויהי בוקר", וואָס קומט נאָכן „ויהי ערב":

ניט אויפהערן זאָל אונדזער מויל צו זאָגן:
געוועזן איז אָוונט — טיפע נאַכט — ס׳איז ווידער טאָג!

נאָך אַ העכערע מדרגה, פּאָעטיש און מענטשלעך, זעען מיר אין דעם דיכטער־דראַמאַטורגס שפּעטערדיקע שאַפונגען, ווען ער, דער מקונן, דער טראַגיקער, דער פּאָעט פון צער און טראַגיזם פון אומקום, האָט אין זיך געפונען קוואַלן און כוח פאַר טרייסט, פאַר טרייסט און דערמוטיקונג. מיט אַזאַ וויזיע פון בטחון איז ער געקומען אין זיין דראַמע „די חתונה אין פערנוואַלד". אברהם און שרה, צוויי פון דער שארית־הפליטה, האָבן חתונה.ביידע — טיף־געליטענע. די נאַציס האָבן אומגעבראַכט זיין פרוי און איר מאַן. אברהם און שרה בלייבן לעבן, ווילן לעבן. דער דיכטער גיט זיי זיין ברכה. ער בענטשט די „לעבעדיקע יידן". ער זעט המשך, אויפקום אויפן אַש פון חורבן. ער רופט צום לעבן. עס זיגט די געזונטע יידישע פאָלקס־טראַדיציע, וואָס זאָגט: „ובחרת בחיים" — און אויסקלייבן זאָלסטו דאָס לעבן. אַזאַ אויסוואַל, אַזאַ דרך איז במילא מחייב צו אָפּטימיזם, צו גלויבן, צו מוט און האָפענונג.

אין אָט־די לידער און דראַמעס פון טרייסט און בטחון קריגט לייוויקס וואָרט לויטערקייט און פשטות. עס דערנענטערט זיך אפילו צייטנווייז צו די קוואַלן פון פאָלקלאָר. דער דיכטער־וויזיאָנער גופא, דער גאולה־טרוימער, דער בעל־אחריות פאַרן גורל פון יחיד און כלל, דער שאַפער פון פיל לעבעדיקע דראַמאַטישע געשטאַלטן, רעאַלע און סימבאָלישע, ווערט אין אָט־די מאָטיוון אַליין דערהויבן און דערהויבנדיק. עס טרעט־אָפּ פון אים די „הימלישקייט" און עס קומט „ערדישקייט" — און מיט איר: אינטימקייט מיטן לייענער. ניט אומזיסט זאָגט דער פסוק: „השמים שמים לד' והארץ נתן לבני־אָדם". דער דיכטער־דענקער דאַרף זיך האַלטן האַרט ביי דער ערד. די זאַפטיקייט און רייפקייט פון אָט־די פרוכטיקע לייוויק־לידער איז באַזונדערס שטאַרק „פאַרטראַכטן" אין זיין לידער־בוך: „אַ בלאַט אויף אַן עפּלבוים".

דער שאַפער פון „דער גולם", „הירש לעקערט", „קייטן", „סדום", „עקידה" און פיל אַנדערע וויכטיקע דראַמאַטישע ווערק; דער דיכטער, וואָס האָט אין ערשטן פעריאָד פון זיין שאַפן אויסגערופן אין צער: „צו וואָס איך גיב אַ ריר זיך, איז דאָס דער לעצטער ריר"; דער דיכטער פון שרעק, וואָס האָט דאַן געקלאָגט:

וויל איך לויפן זיך באַהאַלטן פון דער וועלט,
פון זיך אַליין...

אָט־דער דיכטער האָט אויך דערשפּירט און דערקלערט:

איך ווייס: אין יעדנס האַרץ איז דאָ
אַ ליכטיקייט, אַ שיין.

אויף וועלכער שוועל דו זאָלסט ניט זיין,
קלאַפּ־אָן און גיי אַריין...

וואָס מער און אָפטער ער האָט אַנטפּלעקט די „ליכטיקייט", די „שיין" אין מענטשלעכע הערצער, אַלץ העלער און באַלייכטנדיקער איז אָט־די שיין אויפגעגאַנגען מיט ממש־פיזישער וואַרעמקייט אין זיין ליד — ביז ער האָט דערגרייכט צום פונקט פון פולשטענדיקער התגלות, זעלבסט־אַנטפּלעקונג. אָט־די פרייד, די זעלטענע לייוויק־פרייד, קומט צום אויסדרוק אין זיין ליד־תפילה:

התגלות, זיי דער גוטער העגנבויגן
נאָך מבול־טעג, דער צייכן וואָס זאָגט־צו
אַ נייע ערד מיט חסד און מיט רו.

זונטיק, יאַנואַר 27, 1963.
(צו די שלושים נאָך זיין טויט)

# פרומע האַלפּערן

(1966-1888)

אַ שטילע און באַשיידענע איז די שרייבערין פרומע האַלפּערן צווישן אונדז אַרומגעגאַנגען. אַ פאָלקס־מענטש, אַ שאַפּ־אַרבעטערין, אַ לאַנגיאָריקע קראַנקן־שוועסטער אין שפּיטאָל. אַ מענטש מיט פּראָגרעסיווע אידייען, אַ טוערין אין איר פּראָטערנאַלן קלוב, אַ טעטיקער מיטגליד אין יידישן שרייבער־פאַראיין ביים „איקוף", אַ מיטאַרבעטערין פון דער „מאָרגן־פרייהייט" און „זאַמלונגען".

אַ טאָכטער פון דער יידישער אָרעמשאַפט, האָט זי אין משך פון איר גאַנץ לעבן אָנגעהאַלטן אַ טיפע פאַרשטענדעניש און סימפּאַטיע צום אָרעמען מענטשן, צו די פאַרשטויסענע, באַליידיקטע, באַעוולטע, וועמען דאָס לעבן, די „געזעלשאַפט" האָט אַוועקגעשטעלט „כעני בפתח" — ווי אַן אָרעמאַן ביי דער טיר...

פרומע האַלפּערן האָט אויפגעהויבן און אַרויסגעהויבן אָט־די מענטשן. אין אירע רירנדיקע דערציילונגען האָט זי זיי געגעבן אַ פּלאַץ אויבן־אָן. דורך דעם צוריר פון אירע געבענטשטע הענט (דער נאָמען פון איר בוך דערציילונגען) האָט זי זיי דערהויבן און אַנטפּלעקט זייערע שיינע, טיף־ליידנדיקע נשמות.

פרומע האַלפּערן האָט אין איר בוך פון 39 דערציילונגען אַריינגענומען היימ־לאָזע און זיי געגעבן אַ היים, טרייסטלאָזע און זיי געגעבן אַ טרייסט. זי האָט פאַר־בונדן איר שווער לעבן מיט זייערע אָרעמע, שווערע, פאַרהאָרעוועטע לעבנס.

אָרעמע יידן, נעגערס, פּאָרטאָריקאַנער האָבן זיך געפילט היימיש, „אונטער איין דאַך", אין פרומעס דערציילונגען. זי וויזט זייערע שיינע פרייהייט־טרוימען. זי צעוואָרפט די וואַנט פון פרעמדקייט צווישן זיי. די עלנטע אלמנה, מרס. סיגעל (אין דער דערציילונג „שכנים"), שליסט אַ פריינטשאַפט־בונד מיט איר קראַנקער נעגערשער שכנה מערי. זי געזעגנט זיך מיט איר קליין מגן־דוד'ל, וואָס הענגט אויף איר האַלדז, און זי גיט עס אַוועק אַ מתנה צו מערין — אַ סגולה, הייסט עס, פאַר איר קראַנקן אייניקל. דאָס מגן־דוד'ל ווערט אַ סימבאָל פון פריינטשאַפט צווישן צוויי פעלקער.

דער פרומער, אָרעמער שוסטער, מוניע (אין דער דערציילונג „מוניע דער שוסטער און ברוך שפּינאָזאַ"), דערוויסט זיך פונעם אידעלן בית־מדרש בחור וועגן דער „חשיבות פון מלאכה". די שרייבערין לערנט אים, אַז — „נאָר דורך ערלעכער פּראַצע דערגרייכט מען די געטלעכקייט".

די דערציילונג „חברטע באַשע" הויבט זיך אָן מיט אָט־די פשוטע שורות: „באַשע איז איינע פון די טויזנטער מיידלעך, וואָס אונדזער מיליאָנעקע שטאָט היי־פּערט־איבער און פאַרזעט. ניט קיין יונגע, ניט קיין שיינע, שטעלט זיך אויף איר קיינעמס אויג ניט אָפּ, און גייט זי פאַרביי".

אָבער פרומע האַלפּערן פאַרזעט ניט די באַשעס. פאַרקערט: זי גיט זיי אָפּ כבוד; זי באַהאַנדלט זיי מיט גרויס דרך־ארץ. זי שילדערט זיי מיט איידלקייט. זי זעט און אַנטפּלעקט פאַרן לייענער זייער גייסטיקע יונגקייט און אינערלעכע, נשמהדיקע שיינקייט.

עס קאַן גאָרניט זיין קיין מער טרעפלעכער נאָמען, קיין מער געלונגענע באַ־צייכענונג פאַר פרומע האַלפּערנס זאַמלונג דערציילונגען, ווי — „געבענטשטע הענט". די געבענטשטקייט באַציט זיך סיי אויף די הענט פון דער שרייבערין, סיי אויף די הענט פון אירע העלדן — אַרבעטסלייט, האָרעפּאַשנע הויז־פרויען, אַרבעטער־מיידלעך, צייטונגס־פאַרקויפערינס, שוסטער און אַנדערע באַלמעלאָכעס.

ווי אין לעבן, אַזוי אויך אין שרייבן, אין אירע דערציילונגען, איז פרומע האַל־פּערן געווען אַ קראַנקן־שוועסטער, אַ היילערין. מיט אירע פריינטלעכע, געטריע, געבענטשטע הענט האָט די קראַנקן־שוועסטער פרומע האַלפּערן געבראַכט דער־לייכטערונג און דערמוטיקונג צו די קראַנקע, יסורים־ליידנדיקע אין שפּיטאָל. מיט די זעלבע פריינטלעכע, געטריע, געבענטשטע הענט, האָט די שרייבערין פרומע האַלפּערן געבראַכט היילונג, טרייסט, האָפענונג צו די אָרעמע מענטשן אין אירע דערציילונגען — די קרבנות פון נויט און ברוטאַלקייט, די פאַרשעמטע, באַגזלטע, באַרויבטע פון ליכט און וואַרעמקייט, פון אַ גוט וואָרט, פון אַ פּלאַץ אין אונדזער געזעלשאַפט.

די ערלעכע, פרומע, טאַלאַנטפולע יידישע פּראָגרעסיווע שרייבערין, פרומע האַלפּערן, וועלכע האָט אַליין גרינטלעך געוואוסט דעם טעם פון נויט און דחקות, האָט ווי אַ מאַמע, ווי אַ שוועסטער, צוגעטוליעט צו זיך דידאָזיקע מענטשן אירע — די מענטשן פון אירע דערציילונגען — און זיי געגעבן גאָר איר ליבשאַפט און צערטלעכקייט. געהיילט זייערע וואונדן. געגעבן זיי מוט און — לשון. און אויב ס'האָט זיי אויסגעפעלט לשון, איז זי, די באַשאַפערין פון אָט־די העלדן פון אמתן לעבן, געוואָרן זייער בעל־לשון, זייער פאַרטיידיקערין, פאַרשטייערין, וואָרטזאָגערין און קעמפערין פאַר זייערע רעכט. עס זיינען פאַראַן וואַרעמע פונקען פון אברהם רייזען דעם גרויסן בעל־רחמים אין אייניקע דערציילונגען פון פרומע האַלפּערן — צומאָל דערציילונגען רויע, ניט־געשליפענע, אָבער געשאַפענע ניט נאָר מיט דער שרייבערינס היילנדיקע, גראָטענע, געבענטשטע הענט, נאָר מיט דער מאַמעשער וואַרעמקייט פון איר נשמה.

יאָ, דאָס איז טאַקע די אויטאָרין פרומע האַלפּערן די הויפּט־העלדין פון איר ליכטיקער דערציילונג „געבענטשטע הענט", מיט וועלכער זי עפנט איר בוך. דאָס איז זי — די קראַנקן־שוועסטער שרה, וועמענס וואונדערלעכע פינגער עס לאַשטשען „מענטשלעכע ווייען, באַהעפטן זיך מיט די ווייטאָקן, וואָס קומען פון שווערער פּראַצע", „פאַרלייכטערן ווייטאָגן, לינדערן שמערצן".

די שרייבערין דערציילט וועגן שרהן: „די חולאים ברענגען צו שרהן ניט נאָר זייערע אייגענע צעוואונדעטע לעבנס, נאָר אויך די צרות פון זייערע קינדער און קינדס־קינדער. אַזוי אַרום ווערט זי אַריינגעפעדעמט אין אַלעמענס משפּחות. זי זעט זיי אַרום זיך, ווי זיי וואָלטן געווען אירע לייבלעכע קרובים".

פרומע האַלפּערן, די שרייבעריך, האָט, ווי איר העלדין שרה, „אַריינגעפעדעמט־זיך" אין די לעבנס פון אירע אָרעמע העלדן. זיי זיינען געוואָרן — אירע „לייב־לעכע קרובים".

פאַראַן אַ פאַרשיידנאַרטיקייט פון מאָטיוון און טענער אין פרומע האַלפּערנס דערציילונגען, צווישן זיי דינע, צאַרטע, לירישע טענער, אויך עלעמענטן פון הו־מאָר, סאַטירע, פּאַטאָס.

אין דער דערציילונג „זי, ער און די לבנה" זעען מיר פיינע שפּילעוודיקייט. אין

דער דערציילונג מיטן אומגעריכטן סוף ווערן געוויזן דער העלדינס פּלוצים־אויפ־געקומענע ניט־דערפּילטע באַגערן און די צויבער־קראַפט פון אַ ליכטיקער לבנה, וואָס „לאָזט ניט צומאַכן קיין אויג״. די דערציילונג דערמאָנט אין דעם פאַרבענקטן, פאַרחלומטן פאָלקס־ליד: „אוי, אַ נאַכט אַ שיינע!״...

אין „די שטראָף״ דערציילט די שרייבערין, ווי אַזוי אַ פרום־קאַטוילישע קראַנקן־שוועסטער, אַ ביטערע ראַסיסטקע, וועלכע האַסט שטאַרק יידן און נעגערס, קריגט „אַ שטראָף פון גאָט״: אויף דער עלטער, ווען זי באַזעצט זיך אין אַ „היים״ פאַר אַלטע לייט, „פאַלט זי אַריין״ אין אַן אַנשטאַלט, וואָס געפינט זיך דווקא אין אַ יידישער געגנט. די אַנטיסעמיטקע דערזעט אין דעם אַ שטראָף פונעם רבונו־של־עולם פאַר אירע זינד קעגן יידישע פּאַציענטן אין שפּיטאָל, וואו זי האָט יאָרן־לאַנג געאַרבעט.

צוויי בלינדע — די יונגע פאַלין און דער מיטל־אַמעריקער פרענק — פאַרליבן זיך איינער אין דער אַנדערער — און „דערזעען זיך״ (אין דער דערציילונג „זיי האָבן זיך דערזען״). די ליבע עפנט זייערע אויגן...

די אויטאָרין פרומע האַלפּערן ווייסט אויך דעם טעם פון אַרבעטער־אייניקייט און לערנט אַ לעקציע פון סאָלידאַריטעט צווישן אונטערדריקטע. איר העלדין סוזאַן פלעשער (אין דער דערציילונג אונטערן זעלבן נאָמען), די אָרעמע איינוואוינערין פון אַלטן איינגעהויקערטן שטיבל, זאָגט צום עקספּלואַטאַטאָר טאָמאַס: „...מיר זיינען אַלע אין פאַמיליע. מיר האָבן געשלאָסן אַ בונד! מיר שטייען אַלע צו־נויפגעשמידט קעגן די גרויסע לאַנדבאַזיצער, וואָס ווילן ביי אונדז צונעמען אונדזער לעצט פאַרמעגן. ...מיר׳ן זיי ווייזן, אַז זיי וועלן אונדז ניט אַרויסוואַרפן!״

די שרייבערין האָט געשאַפן אירע ווערק אין דער איינזאַמקייט פון איר קליי־נער, אָרעמער דירה. זי איז אָבער געווען און געבליבן אַ גליד און מיטגליד פון אַ גרויסער וואַרעמער משפּחה — פון לייענער און שרייבער, וואָס האָבן זיך געזען ווי „אירע לייבלעכע קרובים״, פון פיל עלנטע נשמות, וואָס האָבן „דערזען, ווי זי זאַפּט־איין אין זיך זייערע אַנגסטן״.

אַזאַ געשטאַלט ווי פרומע האַלפּערן, וועלכע איז געקומען אויף דער וועלט מיט „געבענטשטע הענט״ צו העלפן היילן „צעוואונדעטע לעבנס״, — אַזאַ געשטאַלט בלייבט איינגעבאַקן אין האַרצן פון אירע לייענער, פריינט, מיטאַרבעטער, קאָלעגן. אַזאַ געשטאַלט בלייבט אומפאַרגעסלעך.

(„יידישע קולטור״, מערץ, 1966)





# ל. מילער

(1967-1889)

„והיה כעץ שתול על פלגי מים״...

אויף אונדזער ליבן און ליכטיקן דיכטער ל. מילער, וועמענס 75טן געבורטס־טאָג מיר פאַרצייכענען איצט, זיינען אָנגעמאָסטן די ווערטער פונעם תהלים־זאָגער וועגן דעם ערלעכן, יושר־זוכנדיקן מענטשן:

און ער וועט זיין ווי אַ בוים
געפלאַנצט ביי בעכן וואַסער,
וואָס גיט זיין פרוכט אין צייט,
און זיין בלאַט ווערט ניט פאַרוועלקט;
און אין אַלץ וואָס ער טוט וועט ער באַגליקן.
(תהלים א׳, ג׳, יהואָש־איבערזעצונג)

אַזאַ בוים גיט פרוכט און געזאַנג און פריינטלעכקייט, געמיטלעכקייט, שאָטן־קילקייט פאַר דעם מידן. פון אַזאַ בוים ווייעט מיט פעסטקייט און בטחון, מיט לעבנס־חכמה. אַזאַ בוים שרעקט זיך ניט פאַר קיין בייזע שטורעמס, ווי אַזוי זיי זאָלן זיך ניט רופן: מעקאַרטיזם צי אַן אַנדער שוואַרץ־יאָר. אַזאַ בוים איז טיף פאַרוואָרצלט אין באָדן פון לעבן און פון פאָלק. אַזאַ בוים נערט זיך פון דורות־דיקע זאַפטן; זיינע וואָרצלען ציען זיך ממעמקים — פון די טיפענישן — זיי זיינען ווייט און ברייט צעשפּרייט.

אַ דיכטער, געגליכן צו אַזאַ ערלעכן בוים, קאָן זינגען און זאָגן:

ווען דור נאָך דור האָט זיך געמיט,
האָב איך גערוט.
איצט רופן זיי
און איך גיי ווייטער מיט דער
אַרבעט אָן.
און וואויל איז דעם,
וואָס ווייסט, אַז ער דאַרף טאָן —
און טוט.

(פון ל. מילערס בוך „שטורעמס און רעגנבויגנס״, ניו־יאָרק, 1948)

יאָ, אויף אונדזער דיכטער ל. מילער איז ווי אָנגעמאָסטן דער נאָמען פון זיין ליד: „דערפאַר וואָס ביסטו געווען שטאַרק״ (אַ ליד געווידמעט דרייסיק יאָר סאָוועטן־פאַרבאַנד).

ל. מילער, איינער פון די פירנדיקע יידישע פּראָגרעסיווע דיכטער, אַ שריי־בער מיט אַ גרויסן סטאַזש, האָט אָנגעהויבן זיין ליטעראַרישע טעטיקייט נאָך אין 1909. דאָס מיינט, אַז ער האָט דורכגעמאַכט אַ 55־יאָריקן ליטעראַרישן וועג.

זיין ליד איז — טיף־יידיש און אוניווערסאַל. זיין ליד איז — אייגן, ערדיש, קוואַליק, תוכיק. זיין ליד איז — ליריש און סאָציאַל. זיין ליריזם איז אַ וואַרעמער, אַ האַרציקער, אַ היימיש־וואָלינער, אַ „בלוי־אויגיקער״ ווי דער דיכטער.

ל. מילער איז איינער פון אונדזערע אַמעריקאַנישסטע דיכטער. זיין ליד איז דורכגעזאַפּט דורך־און־דורך מיט דער גבורהדיקער, שעפערישער וואַלט־וויטמאַן־השפעה, מיט וויטמאַנישן גייסט, אָפּטימיזם, גלויבן אין זיג פון מענטש, פון סאָציאַלן יושר. זיין האַרץ און מוח זיינען וואָך צו אַלץ, וואָס רודערט זיך אין אַמעריקע, זיין לאַנד, — צו אַלע פאָלקס־ליידן און פאָלקס־פרײדן, פּראָבלעמען פון זיין לאַנד.

אין זיין ליד „איך הער דיין קול, וואָלט וויטמאַן״ (אין זיין צווייטן לידער־בוך, „דאָ איז מיין היים״, ניו־יאָרק, 1939) רופט־אויס דער דיכטער:

וואָס פאַר אַ קולות הער איך, וואָלט וויטמאַן ?
קולות און שטימען וואָס קומען מאָנען און דערמאָנען,
קולות פון טורמעס, קולות פון געפייניקטע,
קולות פון אַלאַבאַמאַ,
נעגער־קולות פון תליה־בוים און שייטער־פלאַם —
(הער שראַם אויף דיין פנים, אַמעריקע !).

און דער דיכטער דערהערט וויטמאַנס שטימע „אין כאָר פון אַלע שטימען: אין כאָר פון מיליאָנען מאַרשירנדיקע, שטרייטנדיקע, יובלדיקע זין און טעכטער פון אַמעריקע״ — און ער אַליין איז איינער פון אָט־די „מאַרשירנדיקע, שטרייטנדיקע, יובלדיקע״.

ל. מילער איז באמת אַ משורר החיים — אַ דיכטער און זינגער פון לעבן. זיין גאַנצע דיכטונג און פילאָסאָפיע זיינען אַ שיר־השירים צום לעבן. זיין לידער־בוך „דאָ איז מיין היים״ עפנט ער טאַקע מיטן כאַראַקטעריסטישן פּאָר אים ליד: „איך זינג פון לעבן״:

זאָל זינגען, ווער עס וויל, פון טויט, פון שרעק און אומגליק,
און ווער עס מוז, זאָל צווייפלען, פאַרלייקענען, פאַרנייגן.
איך — זינג פון לעבן. מיר איז דאָס לעבן ליב און אייגן
און איך זע איצטער שוין דער צוקונפטס העלן אָנבליק.

אין זיין בוך „אייביק לעבן״ (1959) זינגט ער צום לעבן: „ביסט אומעטום און אייביק דאָ !״.

אַ געבענטשטע האַרמאָניע הערשט אין ל. מילערס לידער און פּאָעמען: אַ האַרמאָניע פון אינהאַלט און פאָרם, פון פילאָסאָפיש־געמיטלעכער רו און פון פּלאַמיקן, אמת־זוכנדיקן אומרו. ניטאָ אין זיינע שאַפונגען קיין אָנשטעל, קיין יאָגעניש נאָך „אָריגינעלקייט״, נאָך „סופּער־מאָדערניזם״. איבער אַלץ ווירקט די עכטקייט פון זיין ליד, דער אויפריכטיקער טאָן, די וואונדערלעכע לויטערקייט און פשטות. דער אידייען־רייכער אינהאַלט איז אָנגעטאָן אין אַ ציכטיקן, שיינעם לבוש. דאָס לשון — בילדלעך, קאָלירפול. די פערזן — ריטמיש, פליסנדיק, שטראָמענדיק, מוזיקאַליש.

שוין דער נאָמען אַליין פון זיין צווייטן לידער־בוך, „דאָ איז מיין היים״, קלינגט ווי אַ דיכטערישע פּראָקלאַמירונג, ווי אַ לאָזונג, אַ שאַל־רוף, אַ קערנדיקער אַרויסרוף צו זיך און צו וועלט— דאָ איז מיין היים. דער דאָ איז סיי —

ערד, באָדן, וואַרצלדיקייט, סיי — אַמעריקע, איר געזונטע פאָלקישקייט, אירע הער־לעכע דעמאָקראַטישע טראַדיציעס. פאַראַן היים, היימישקייט אין זיין ליד. דער דיכטער, אַ געבוירענער אין לאַנאָוויץ, וואָלין (געקומען קיין אַמעריקע אין 1906), האָט ניט בלויז אויפגעשטעלט זיין היים אין אַמעריקע — ער איז געוואָרן איינער פון אירע געטרייע זין, פרייהייט־קעמפער, בויער, באַזינגער.

אַ זינגער פון די פאָלק־און נאַטור־שיינקייטן פון אַמעריקע (באַזונדערס אַ זינגער פון ניו־יאָרק, סאַן־פראַנציסקאָ, פעטאַלומאַ, א. אַנד.), אַ שילדערער פון די אַמעריקאַנער אַרבעטער־קאַמפן אין די דרייסיקער און פערציקער יאָרן, פונעם עקאָנאָמישן קריזיס (אין די ערשטע דרייסיקער יאָרן), אַרבעטלאָזיקייט, דלות אין אַרבעטער־היימען, האָט זיך דער דיכטער געשטעלט אין די רייען פון „די מאָגער“ — די מאָגער פון סאָציאַלער גערעכטיקייט פאַר די אָפּגענאַרטע, די געקריוודעטע, די גערודפטע. דער דיכטער רעדט בלשון „מיר“ אין זיין פרייהייט־און־קאַמף־ליד:

ס'האָט די שעה געשלאָגן אויפצומאָנען אַלץ, פאַר פריער, פאַר איצט, פאַר שפּעטער.
ס'איז מאָנער־צייט, און ווער עס מאָנט נישט איצט, איז ווען־זשע וועט ער?
ווער עס איז געקריוודעט גאָר, זאָל קומען איצט מיט אונדז און מאָנען.
(פון ליד „מאָנער־צייט“ אין „דאָ איז מיין היים“)

שוין אין זיין סאַמע ערשטן לידער־בוך, „אויף גאָטס וועלט“ (ניו־יאָרק, 1919, קינסטלעריש גע'כתיבה'ט), שטאַרק באַאיינפלוסט דורך דער בירגערלעכער דיכ־טער־ריכטונג, די „יונגע“, שטרעבט דער דיכטער, דער יידישער אימיגראַנט, דער זון פון אַ רב אַ למדן און מחבר פון ספרים, צו באַהעפטן זיך מיט דער האָרע־פּאַשנער אַמעריקאַנער גרויס־שטאָט, מיט איר מי און שוויס, מיט איר עמך־שטאָל־און־אייזן. אין זיין ליד „שטאָט“ האָט ער דאַן געזונגען:

שטאָט:
פאַרמויער מיך אין דיינע מויערן,
שמיד מיך איין אין אייזן און אין שטאָל,
פאַרפלאָנטער מיך אין דיינע כישופדיקע קלאַנגען
און האַלט מיך געפאַנגען
אין דיינע פייערדיקע נעצן.

אין יענער ערשטער לידער־זאַמלונג (1913־1919) איז נאָך דער דיכטער אַרויס־געטראָטן מערסטנס ווי אַן „עסטעט“, אַ זינגער פונעם „ליד פון מיין איך“, דאָרט, נאָך ניט איינגעשלאָסן אין דעם גרויסן קעמפנדיקן ברוױזנדיקן פאָלקס־קאָלעקטיוו. האָט ער זיך נאָך געזען „ווי אַ שטרוי פון שטראָם געלאָזן ביי אַ שטיין“. אָדער ער האָט אָנגעזאָגט, אַז „ווי עס קומט אַ גאַסט אויף יום־טוב, אַזוי בין איך גע־קומען אויף גאָטס וועלט“. אָבער שוין דאַן האָט ער, אין דער אַרבעטער־טראַ־דיציע פון מאָריס ראָזענפעלדס שאָפּ־לידער, פונעם ראָזענפעלדישן נאָגנדיקן „אור־מעט פון די שעפער“, געזונגען אין זיין ליד „אין שאָפּ“ וועגן דעם מיידל, וואָס האָט אין שאָפּ געוויינט:

מיר האָבן אַלע שטיל געאַרבעט — שטיל און בלאַס.
עס האָט דער טאָג זיך אַזוי שווער און לאַנג געצויגן,
און זיינען מיר פאַרנאַכט פון שאָפּ אַרויס אין גאַס,
האָט זיך געדוכט, אַז יעדער האָט פאַרוויינטע אויגן.

שוין דאָרט, צווישן דעם דיכטערס ערשטע לירישע איך־און איך־זיך־לידער, זיינען פאַראַן מאָטיוון פון מונטערקייט, לעבנס־פרייד, פּרואוון אַריינצובליקן טיף אין דער גויט פון די אָרעמע טענעמענטס.

אָבער נאָך פריער — געגנוי דעם 1טן אַפּריל, 1911 — האָט (אין דער ניו־יאָרקער „פרייע אַרבעטער־שטימע") מעכטיק און טיף־ווייטאָגדיק אָפּגעקלונגען ל. מילערס קרעפטיק־סאָציאַל ליד־אָפּרוף אויפן שרעקלעכן „טראַיענגל־פייער": „אויף די קברים פון די טויטע — צו די לעבעדיקע".

דורכגענומען מיטן טיפן צער אויף די נאָענט צו 150 קרבנות פונעם פייער — קרבנות פון קאַפּיטאַליסטישער הפקרות — האָט דער דיכטער געקלאָגט:

„...שטום וועל איך באַוויינען די קרבנות דיינע!
שטומער ווייטאָג מיינער... קינדער מיינע!

ביי אייניקע „יונגע" פון יענער צייט — מאָטיוון פון ענגן אינדיווידואַליזם, איזאָ־לירטקייט פון לעבן, זעלבסט־באַוואונדערונג אָדער זעלבסט־פייניקונג. ביים יונגן ל. מילער — פלאַמיקער, פיינפולער סאָציאַלער צוגאַנג צו מענטשלעכע ליידן.

מילערס לידער פון מענטש און וועלט, לעבן און נאַטור, פון „דאָס אייביקע", פון מי און צער, בענקשאַפטן און האָפענונגען, זיינען טיף־מענטשלעך, עכט־הומאַ־ניסטיש. איבער זיינע לידער שוועבן, פלאַטערן „שלום־טויבן, לשנה־טובה טויבן". דער דיכטער פון וועלט־שלום און פעלקער־פריינטשאַפט זינגט — „אין כאָר מיט די פעלקער". ס'איז — „מענטש און לעבן אין מיין ליד" — דערקלערט ער אַליין שטאָלץ און ריכטיק. ס'איז — „פרייד פון זיין און ווערן". ס'איז: „מענטש און וועלט און גליק און פרייהייט — דאָס געוועב, וואָס אייביק לעבט".

מיט אָט־דער פרייד באַגייסטערט ער דעם לייענער, און גיט אים מוט און כוח צו קעמפן פאַר אַ בעסער לעבן:

לעבן לערנט מיך צו האָפן,
אַז פאַרשווינדן וועט דאָס בייז.

פון בוך צו בוך איז דער דיכטער ל. מילער געשטיגן אין זיין קונסט. מיר האָבן דאָ דערמאָנט זיינע לידער־זאַמלונגען: „אויף גאָטס וועלט" (1919), „דאָ איז מיין היים" (1939), „שטורעמס און רעגנבויגנס" (1948), „אייביק לעבן" (1959). מען דאַרף דערמאָנען אויך זיין וויכטיקן, ווערטפולן בוך איבערדיכטונגען פון וואָלט וויטמאַנס לידער: „בלעטלעך גראָז" (1940) — אַ גרויסער קינסטלערישער אויפ־טו, אַ באַדייטנדיקער ביישטייער צו אונדזער ליטעראַטור.

דערמאָנען דאַרף מען אויך ל. מילערס אַנדערע ווערק: „אבא" (ראָמאַן, גע־דרוקט אין זאַמלבוך „שריפטן", 1920); „מיסטער מענטש" (דראַמע אין ענגליש, געדרוקט אין „פּאָעט לאָר", 1929); זיינע פיל ליטעראַרישע עסייען און דערציי־לונגען, זיינע ניט־פאַרעפנטלעכטע אין בוך־פאָרם ראָמאַנען און ביאָגראַפיש־קריטישע שטודיע פון וואָלט וויטמאַנס לעבן און שאַפן.

אַ באַזונדער פיין אָרט אין מילערס דיכטונג פאַרנעמען זיינע פּאָליטישע מאָ־טיוון, קינדער־לידער, געלעגנהייט־לידער. אין זיינע צאַרטע, דינע, צעשטראַלטע ליבע־לידער דערהויבט זיך מילער צו דער הויכער מדרגה פון די ליבע־מאָטיוון אין דער פּאָעזיע פון פּאָל עלואַר און לואי אַראַגאָן.

באַזונדערס חנעוודיק און פריש, פֿאַרבנרייך און נגינהדיק, זײַנען דעם דיכ־טערס נײַסטע לידער פֿון און וועגן פֿראַנקרייך (וואו דער דיכטער לעבט די לעצטע עטלעכע יאָר מיט זײַן לעבנס־באַגלייטערין, דער טאַלאַנטפֿולער דערציילערין און עסייאיסטין ראַשעל הירשקאַן־מילער). זײַנע לידער־סעריעס „פּאַריז״ און „קאָט ד'אַזיר״ באַרייכערן בפּירוש אונדזער עשירותדיקע מאָדערנע יידישע פּאָעזיע. ווי פּראָפּעטיש, ווי עכט און נאַטירלעך, דער דיכטער גראַמט די מיט־בלוט־געהייליקטע ווערטער „פּער־לאַשעז״ און „מאַרסעליעז״ — מיט „דופּט פֿון יונגן בעז״.

דער וואונדערלעכער, מחיהדיקער „דופּט פֿון יונגן בעז״ טראָגט זיך אויך פֿון ל. מילערס נײַע „לידער פֿון איטאַליע״. אויך בעת זײַנע באַזוכן אין איטאַליע האָט דער דיכטער אויפֿגענומען, ווי אין אַנדערע לענדער, דעם אַראָמאַט און ריטם פֿונעם לאַנד, פֿון דער ערד, און די אַטמאָספֿער, דעם אָטעם פֿון פֿאָלקס־נויט און פֿאָלקס־קאַמף. דער דיכטער קוקט זיך אײַן אין „די לוקסוס־היימען״ און כאַפּט־אויף, „וואָס גאַסן אָרעמע, פֿון נויט דערציילן״:

> איך וועל אַרויסגיין זען: מיר דאַכט, דער ריז דערוואַכט,
> דער ריז פֿון ריזן, וועמענס נאָמען ס'איז מיר אַלע.

ס'איז קיין חידוש ניט, וואָס מילערס נײַער בוך לידער, וואָס וועט דערשײַנען אָנהייב דעצעמבער 1964, אין פּאַריז, צו זײַן געבוירנטאָג־פֿייערונג, טראָגט טאַקע דעם קאָלעקטיוויסטישן נאָמען: „מיר אַלע״.

מילערס לידער וועגן דעם גרויסן יידישן חורבן, וועגן דעם אומקום פֿון זעקס מיליאָן יידן דורך די הענט פֿון די נאַצישע רוצחים, פֿאַרנעמען אַ באַזונדער אָרט אין זײַנע ווערק. אין אָט־די לידער איז ער אַ דיכטער אַ מקונן (מעקוינען) און טרייסטער, מאָנער און וואָרענער. קרעפֿטיק איז זײַן רוף: „דו ביסט מײַן פֿאָלק ווי די פֿרייהייט — אייביק!״ (אין „שטורעמס און רעגנבויגנס״).

אַ באַזונדער קאַפּיטל, אַ וויכטיק און גרויס קאַפּיטל, זײַנען ל. מילערס בײַ־טראָגן ווי אַן איבערדיכטער־איבערזעצער פֿון אַנדערע ליטעראַטורן, אַ רעדאַקטאָר און מיטרעדאַקטאָר פֿון ליטעראַרישע זשורנאַלן, זײַן ראָל אַלס אַ קולטור־פּערזענ־לעכקייט, אַ קולטור־געזעלשאַפֿטלעכער בויער און טוער.

צו זײַן 75טן געבוירנטאָג.
(זונטאָג, נאָוועמבער 29, 1964)





# אהרן קורץ

(1964־1891)

אהרן קורץ איז געווען איינער פון די שפּעפערישסטע, אָריגינעלסטע, פּירנדיקסטע פּראָגרעסיווע אַמעריקאַנער יידישער דיכטער.

אַ זון פון דער יידישער אָרעמשאַפט, אַ מענטש מיט גרויס טאַלאַנט, אַן אי־בערגעגעבענער דעם פאָלק בלב ונפש, איז ער געווען דער שאַפער פון אַן אייגענעם, זיין אייגענעם, אייגנאַרטיקן קורצישן סטיל. ער האָט יאָרן־לאַנג געפירט אַן ענער־גישן געראַנגל פאַר אָט־דעם סטיל. אין דעם געראַנגל זיינען געווען זיגן, דער־פאָלגן — און אויך נידערלאַגעס.

אַ דיכטער אַ רעוואָלוציאָנער, אין אינהאַלט און אין פאָרם, אין לעבן און אין ליטעראַטור, אַ פּאָעט אַ נאָוואַטאָר, אַ מחדש אין פאָרם און טעכניק, אַן אויס־טרעטער פון נייע וועגן אין דער יידישער פּראָגרעסיווער פּאָעזיע, האָט ער גע־טראָגן מאַיאַקאָווסקישן אימפּעט און ברען אין זיין ליד. זיינע לידער זיינען מערסטנס געווען לידער פון סאָציאַלן באַדייט.

קורץ איז געווען דער דיכטער פון רעוואָלוציע, פון כסדרדיקן, נאָכאַנאַנדיקן קאַמף פאַר גרינטלעכער סאָציאַלער, פּאָליטישער, קולטורעלער ענדערונג אין לעבן. אין די היסטאָרישע דרייסיקער יאָרן, יאָרן פון שאַרפן עקאָנאָמישן קריזיס, פון הונגער און צאָרן, ברויז און שטורעם, יאָרן פון קאַמפן קעגן אַרבעטלאָזיקייט, יאָרן פון מעכטיקן אַנטי־נאַצי־קאַמף, האָט עס אויסגעקוקט, ווי דער גאָט פון סאָציאַלע קאַמפן אַליין האָט אים, קורצן, אַרונטערגעשיקט אויף אונדזער ערד ווי אַ שאַל־רוף, אַ טרומייט און פויק פון פּראָטעסט, אַ וועקער און מאָנער פון סאָציאַלן יושר, פון פאָלקס־געוויסן.

געקומען איז קורץ אין אונדזער דיכטונג מיט נייע מעכטיקע האַמערדיקע רייד, לאָזונגען, וואָרנונגען, דיכטעריש־פּאָליטישע טראַקטאַטן, מיט נייע, אַמעריקאַנישע ריטמען, פאָרמען, אימאַזשן, סימבאָלן.

זיינע לידער זיינען אַ ברייטע, דיכטערישע פּאָליטיש־סאָציאַלע פּאַנאָראַמע פון עטלעכע צענדליק יאָר אַרבעטער־קאַמפן, פאָלקס־קאַמפן, פרייהייט־קאַמפן אין אַמע־ריקע; אויך — אַ קינסטלערישער שפּיגל און סעיסמאָגראַף פון דער אומרואי־קער, ברויזנדיקער נשמה פונעם דיכטער גופא, וואָס האָט איינגעזאַפּט אין זיך דאָס שענסטע פון דער יידישער און וועלט־פּאָעזיע.

* * *

אהרן קורץ איז געווען אַ רייכע, קאָלירפולע, שטורמישע דיכטערישע פּער־

זענלעכקייט. ער איז אויך געווען אַ באַגאַבטער טריבון־אָראַטאָר, קולטור־בויער, רעדאַקטאָר, אָרגאַניזאַטאָר, קעמפער פאַרן פאָלק. ער איז געווען אַ דיכטער מיט אַן אויסגעשפּראָכענער קינסטלערישער אינדיווידואַליטעט אין זיין שאַפן. זיינע פּאָעטישע ווערק זיינען בלויז אַ טייל פון זיין גרויסער דיכטערישער פּערזענלעכלעכקייט. איך וועל זיך דאָ אָפּשטעלן בלויז אויף זיין דיכטונג — סיי־ווי דריקט זי אויס דאָס בעסטע וואָס ער האָט פאַרמאָגט — זיינע פרייהייט־טרוימען, בענקשאַפטן, שטרעבונגען, האָפענונגען, חזיונות.

אַ סאָציאַלער דיכטער אין פולן זין פונעם וואָרט, האָט ער אָבער — ווי יעדער אמתער דיכטער — קיינמאָל זיך ניט געקאָנט אויסטאָן פון זיין איך. זיין איך איז תמיד געווען דער באַגלייטער און באַגייסטערער ניט נאָר פון זיין לירישן, נאָר אויך פון זיין סאָציאַלן ליד. אין דעם פּרט זיינען דאָך דיכטער אַנדערש פון נביאים. אפילו איוב האָט זיך דאָך אויסגעדריקט: „מבשרי אחזה" — דורך זיך, דורך מיין לייב, דורך מיין פליישׁ און בלוט, זע איך די וועלט, זע איך דאָס לעבן, די מענטשן, זיך גופא (איוב, י"ט, כ"ו). יעדער עכטער דיכטער זעט דורך זיך גופא, דורך זיין לייב־און־לעבן. מיט זיין בלוט און מאַרך, מיט אַלע זיינע רמ"ח אברים. אַזאַ דיכטער־זעער איז געווען אויך אהרן קוריץ.

ער איז געווען אַ דיכטער־מאָלער פון אַמעריקאַנער סאָציאַלע פּייזאַזשן, פון דער אַמעריקאַנער גרויס־שטאָט — אירע עקאָנאָמישע קאַמפן, שאַפּ־לעבן, סטרייקס, אַרבעטלאָזיקייט — און אויך אַ פאַרטיפטער לירישער דיכטער, מיט אַ דינעם צאַרטן וואַרעמען לירישן געמיט, אַ דיכטער וואָס האָט אויף זיין ספּעציפישן אופן געגעבן אויסדרוק דעם מענטשנס דראַנג נאָך שיינקייט, נאָך קונסט, נאָך גייסטיקער דערהויבונג, נאָך דער פולער מעגלעכער אַנטוויקלונג פונעם יחידס פּערזענלעכקייט. ער האָט אין די שפּעטערדיקע פּעריאָדן פון זיין שאַפן דערגרייכט די הויכע מדרגה פון דיכטערישער פּאַלקסטימלעכקייט (אין וואָרט און אין פערז), און האָט אויף אַ הויך־קינסטלערישן אופן געזונגען, געמאָלן, געשילדערט דאָס אַלטע היימישע שטעטל, אונדזער אַלעמענס וויגעלע.

ער האָט כסדר געהאַלטן דעם פּאָעטישן פינגער אויפן פולס פון דער צייט, פון אונדזער הרת־עולמדיקער עפּאָכע, און האָט אויסגעזונגען אירע געשעענישן, איר תוך, איר זין און אינהאַלט, איר מאַרש־פאָראויס, איר טיטאַנישן געראַנגל צווישן פּראָגרעס און רעאַקציע, צווישן לעבן און טויט, שלום און מלחמה, מענטש און חיה. אַ זינגער פון לעבן, האָט זיין ליד אומאויפהערלעך געשאַלט קעגן קריג, קעגן ראַסיזם, קעגן עקספּלואַטאַציע פון מענטש דורך מענטש, קעגן באַליידיקן מענטשלעכע ווירדע.

* * *

מיין באַקאַנטשאַפט מיט קורצן ציט זיך נאָך פון די צוואַנציקער יאָרן. צוזאַמען זיינען מיר אָפט אַרויסגעטראָטן אויף פּראָלעטפּענישע אָוונטן מיט לידערפאָרלייענונגען, לעקציעס און רעדעס וועגן ליטעראַרישע ענינים — פאַר אַרבעטער־אוידיטאָריעס; צוזאַמען מיטרעדאַקטירט פאַרשיידענע פּראָגרעסיווע ליטעראַרישע שריפטן; צוזאַמען געטרוימט וועגן דעם ליכטיקן מאָרגן פון סאָציאַליזם.

איך געדענק זיין פרייד מיט די פּרוכט פון זיין פּיאָנער־אַרבעט אין געביט פון דער פּראָלעטאַרישער דיכטונג. אָנגעהויבן האָט ער עטלעכע יאָר נאָך דעם ווי אויף דער יידישער גאַס האָט נאָך געקלונגען דאָס בלייך־ציטערדיקע, שטעטל־

דיקע ליד פונעם „לעצטן בעל־תפילה״; אָנגעהויבן אין אַ צייט, ווען ס׳האָט געקלונגען דאָס באַלעבעסלדיקע ליד „זיץ איך מיר אויף דער וועראַנדע״. ס׳איז געווען נאַטירלעך, אַז די „פרייהייט״ (שפּעטער „מאָרגן־פרייהייט״) זאָל באַלד ווערן זיין היים און זיין דערמוטיקערין.

ס׳איז געווען גאַנצקייט אין זיין נשמה: ער איז געווען אידעאָלאָגיש אויסגע־האַלטן, אומגעוואַקלט ביזן סאַמע סוף פון זיין פרוכטבאַר לעבן.

אַן אויפריכטיקער קינסטלער, אַ דיכטער פון נייקייט און יונגקייט, איז ער דרייסט, מוטיק און געוואַגט געגאַנגען אויף די שווערע, שטרויכלונגפולע וועגן פון זוכן נייע פאָרמען, נייע דיכטערישע מעטאָדן, נייע זשאַנרען, עקספּערימענטן, פּרואוון. זיין שאַפן, אין וועלכן ער האָט פאַרצייכנט באַדייטנדיקן קינסטלערישן אויפטו און דערגרייכונג, איז תמיד ביי אים געווען אויך אַ לאַבאָראַטאָריע פון דיכטערישן וואָרט, אַ כסדרדיקער פּראָצעס פון שאַפן.

פונקט ווי ער האָט פיינט געהאַט יענעם „קינסטלער, וואָס לויפט דעם אמת פאַרביי״, אַזוי האָט ער אויך פיינט געהאַט אַלטע פאָרמען, שאַבלאָן, איינגעזעסנ־קייט, „איבערגעניצעוועטע קליידער״ (ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט). ער האָט, קומענדיק פון דער ליטעראַרישער ריכטונג „אין זיך״, ניט מורא געהאַט אַרייג־צוברענגען דעם פּלאַקאַט אין דער יידישער פּאָעזיע; ער האָט עקשנותדיק באַ־אַרבעט און אַנטוויקלט אָט־די פאָרם, האַלטנדיק, אַז זי איז מסוגל און צוגעפּאַסט אויפצונעמען און אויסדריקן די היינטיקע אַמעריקע, דאָס רויע, כאַאָטישע אין דער ניי־אינדוסטריעלער, צעוואַקסענער אַמעריקע. זיין שטרעבונג איז געווען צו זינגען, ניט פון און וועגן אַמעריקע, נאָר זינגען טאַקע אַמעריקע גופא. ביז אין אַ געוויסער מאָס האָט ער אָט־די שטרעבונג פאַרווירקלעכט (זע זיינע פּלאַקאַטן־פּאָעמעס אין זיין בוך „פּלאַקאַטן״ [ניו־יאָרק, 1927] וועגן — יוניאָן סקווער, פּאַ־סעיק, פיפט עווניו, סאַקאָ־וואַנזעטי).

אַ פּיאָנער און פרעדיקער פון דער פּלאַקאַטן־פאָרם, האָט ער, דער דינאַמישער דיכטער, געשטרעבט צו געבן „מאָלערישע, קאַלעידאָסקאָפּישע פּלאַסטישקייט״ דורך זיין פּלאַקאַטן־פּאָעמע. אין אַ היפשער מאָס האָט זיך דאָס אים איינגעגעבן. ס׳איז אָבער געווען כמעט אומפאַרמיידלעך, אַז ער זאָל דערביי אָנווענדן אויך אַ מאָס ״עטאָריק, רייד (ווי דאָס איז געווען אומפאַרמיידלעך אויך אין איניקע פּאָעמען ביי מאַיאַקאָווסקין).

„אַן אַבסאָלוט־אָפּענער שפּיל פון אידייען און פאַרבן — דאָס איז מיין באַנעם פון פּלאַקאַטן״, — מיט אָט־דער דעפיניציע פאַרענדיקט ער דאָס פאָרוואָרט צו זיין בוך „פּלאַקאַטן״.

* * *

שוין אין יענעם בוך „פּלאַקאַטן״, האָבן „דעם אָרעמאַנס הונגעריקע טעג און קאַלטע קעלערדיקע נעכט״ געפונען אַ היים אין זיינע לידער. שוין אין יענעם בוך, אין פריען פעריאָד פון זיין שאַפן, האָט זיך א. קורץ אידענטיפיצירט מיט „די רויטהאַרציקע, שוואַרצברויטיקע פּלעבן״.

דורך דעם דיכטער קומען צום וואָרט „יונגען הונגעריקע, הונגעריקע יונ־גען״; אויפגעברויזטע, צעשטורעמטע פּאַריערס, שניידער, סטאָליאַרעס, דער קעמ־פערישער היסטאָרישער יוניאָן סקווער מיט זיינע „פּאַנען אין די ווינטן״, מיט זיינע „הערצער, וואָס שטורעמען און מאָנען״, „פנימער צעשפּילטע ווי די פּאַנען״.

צוזאַמען מיט די פּאַסעיקער זייד־וועבער האָט דער דיכטער געקאָנט זאָגן: „מיר וועבן אין לעבן אַ פייער אַריין".

אין דעם פלאַקאַטן־געזאַנג פונעם מיליטאַנטן וועבער־סטרייק אין פּאַסעיק האָט דער דיכטער געשילדערט די עקשנות און אַנטשלאָסנקייט פון די סטרייקערס, דעם הונגער פון זייערע קינדער, די פּאָליציי־ברוטאַליטעט, די באַנדאַזשן אויף די קעפּ פון די צעשלאָגענע סטרייקערס, און אין יענער סיטואַציע געזען — „רויטע אימאַזשן פון רייפן רעוואָלט". אָט־די אימאַזשן העלן און פלאַקערן איבערן גאַנצן בוך, און ליכטיקן־אַרויס פון אַ סך פילוועריטעדיקייט אין די פרייע פערזן.

אין גייסט פון מענדעלען, וואָס האָט אויסגערופן „קיין טאַנץ גייט מען ניט פאַרן עסן", רופט־אויס דער דיכטער קורץ: „אויב ניט דאָס לעבן — צו וואָס די קולטור?". דאָס לעבן, דאָס לעבן — איבער אַלץ און פריער פון אַלץ.

שוין דאַן האָט ער (אין זיין פּאָעמע „רוסלאַנד") געזונגען אַ אָדע צום אָקטאָ־בערדיקן „שטאָלענעם דור פון ליכטיקע בויער". פלאַם־פייערדיק האָט ער אויס־גערופן

דיינע פייערן
האָבן אונדזערע נעכט
פון חושך אויסגעלייזט.

איר לייענט בקול רם דעם דיכטערס שורות (אין „רוסלאַנד"):

מיר זעען ווי איר האָט אַלע געטשקעס און מיפּן צעטראָטן און
אייער אָפּגעפרישטן גלויבן איינגעקנאָטן אין
דעם ליים פון
די ווענט.

אָדער זיינע שורות (אין ליד „יאָסל"):

מיר צעפּעדעמען די וואַרעם־געזוחלב׳טע געצן פון אַלע פּאַרזעסענע,
פון מילבן צעגעסענע געצן.

און איר דערמאָנט זיך אין ענלעכע אַנטי־קלעריקאַלישע פערזן־שורות ביי מאָריס ראָזענפעלד און יוסף באָוושאָווער; און איר טוט אַ טראַכט וועגן דעם כוח פון געזונטער רעוואָלוציאָנערער טראַדיציע, וואָס אונדזער דיכטער קורץ האָט וויר־דיק געטראָגן און פאָרגעזעצט.

* * *

אַ העכערער שטאַפּל אין קורצעס דיכטונג איז געווען זיין בוך לידער „די גאָלדענע שטאָט" (1935) — אַ געזאַנג צו דער מעטראָפּאָליע ניו־יאָרק, צו דער האָרעפּאַשנער, פּראָלעטאַרישער ניו־יאָרק. דער דיכטער זעט זיך ווי איינער פון אירע זין און בויער: „מיר, וואָס בויען־אויף און פלעגן ניו־יאָרק מיט אונדזער בלוט". ער רופט־אויס:

צו דיר, מיין שטאָט
פון העלבדיקן וואונדער,
און צו דיין הימלדיקן דראַנג,
צו מיינע ברידערס מעסערדיקע וואונדן —
מיין וויטיקדיק
און ליב געזאַנג.

דער דיכטער לעבט־אויף דורך בילד די מאַסן־נויט, די מאַסן־פּראָטעסטן, די מאַסן־קאַמפן, די „הונגער־רעוואָלטן" פון זיינע ברידער און שוועסטער.

ער נעמט־אַריין אין זיינע לידער גאַנצע געגנטן פון דער גרויס־שטאָט: אַר־טשאַרד סטריט, די באַוערי, האַרלעם, 28טע גאַס, — די גאַסן און זייערע „צע־שמעטערטע לעבנס". ער זינגט פון די שאַפּער, קעמפער און מאַרטירער פון ניו־יאָרק; פון איר אינדערוואָכן און יום־טוב, פון איר „גאָלד און דלות". ער וואָרנט קעגן דער היטלער־געפאַר; ער קומט מיט שאַרפע שטראָף־רייד קעגן דער „מאַרק־קולטור פון איסט בראָדוועי". ער קלאָגט אויפן „הונגער אין לאַנד פון גאָלדענע צעבערס". ער שילדערט די ביטערע קריזיס־יאָרן, וואָס האָבן די „האַלב־ליידיקע פּאַליצעס צעגריזשעט". ער מאָלט יידישע אַרבעטער, סטרייקערס, אַרעמעלייט. ער בליקט־אַריין אין לעבן פון די נויטליידנדיקע:

מיט קעץ און מייז אין קעלערס,
אין קאַלטע קאָרידאָרן,
ווי די מיסט־זעק, ווי דער אָפּפאַל —
מענטשן קנוילן־איין די יאָרן.

איר האָט דאָ אַן אַריינבליק אין מענטשן, צייט־געשעענישן, הייזער, גאַסן, סקווערן, איר לייענט ווידער איבער די לידער — און עס דערטראָגט זיך פון זיי דער גרויל, צער, צאָרן און שטורעם פון די דרייסיקער יאָרן.

* * *

נאָך אַ העכערע דיכטערישע מדרגה האָט קורץ דערגרייכט אין זיין בוך לידער „נאָ פּאַסאַראַן" (1938), געווידמעט דעם העלדישן קאַמף פונעם שפּאַנישן פאָלק קעגן דעם פאַשיסטישן אָנגריף פון פראַנקאָ־היטלער־מוסאָליני.

אין אָט־די העראָאישע, לירישע און עפּישע לידער, האָט דער דיכטער דער־גרייכט עכטע אינטימקייט מיטן לייענער. ער האָט פאַרקערפּערט די גבורה און מסירת־נפש פון די פרייהייט־קעמפער, די טראַגיק פון די בלוטיקע שלאַכטן, די נאַטור־שיינקייטן פון שפּאַניע, די העלדישקייט און פאַרבריִדערונג פון שפּאַנישע פאָלקס־קעמפער, יידישע קעמפער, און זין און טעכטער פון פאַרשיידענע פעלקער און לענדער אין מעכטיקן געראַנגל קעגן פאַשיזם.

אין דעם ווערק האָט דער מחבר אויסגעמיטן די פּלאַקאַטן־פאָרם, וועלכע איז ניט געווען צוגעפּאַסט צו דער טעמע, און האָט אויך אויסגעמיטן זיין איבערפלוס פון ווערטער און בילדער, פון וועלכן ס'האָבן געליטן זיינע פריערדיקע ווערק.

מיטן דיכטערס אויגן זעען מיר, ווי עס:

ברענען שפּאַניעס פעלדער זוניקע
מיט רויטע רויזן און מיט רויטע הערצער.

דער דיכטער פירט דעם לייענער „דורך רויך און פייער", דורך די טראַנ־שייען און שלאַכטפעלדער, וואו בראַווע ערלעכע פאָלקס־מענטשן זיינען מקריב זייערע לעבנס אין קאַמף פאַר פרייהייט.

אָט איז זיינס אַ הערלעך, רירנדיק בילד פון אַ שלאַכט, וואו לאָיאַליסטישע טרופּן זיינען געווען געצוואונגען צו וואַרפן זיך אין דעם מאַנזאַנאַר טייך:

ריטמיש, ריטמיש
פליסט דער מאַנזאַנאַר.
שטילער טייך טראָגט־אָפּ אַ טאָג מיט טויט
צום רוישנדיקן ים, —
אַ טאָג מיט זון, מיט הימל,
אַ טאָג, וואָס האָט פאַרן לעבן פולבלוטיק
געלעבט;
אַ טאָג, אַן איינציקער קאַפּיטל —
פאַלט־אַריין אין טויטן־ים,
ווי די געשיכטע — אין דער אייביקייט.

אין זיין דראַנג צו ווערן איינס מיטן שפּאַנישן פאָלק אין זיין העלדישן קאַמף, — כאַפּט־אויף דער דיכטער און שילדערט דעם גייסט און פאָלקלאָר פון די זין און טעכטער פון שפּאַניע, פון שפּאַניעס לאַנדשאַפטן און פּייזאַזשן, אירע שליאַכן, טייכן, הימלען, וועלדער, גערטנער און סעדער, שטעט און דערפער, דעם „טעם פון מאַ־לאַגער וויין, פון סעווילער גאָלדענע אָראַנזשערייען", שפּאַניעס „פלאַטערדיקע פרייד, וואָס זינגט איר טרוים דורך אומעט פון טליענדיקע וויען". איר גלויבט דעם דיכטער, ווען ער זאָגט וועגן שפּאַניעס ליד, אין זיין ליד „נאָ פּאַסאַראַן":

דאָס ליד זינגט דורך דיינע דינסטע אָדערן
און לייכט־אויף אין דיר
העל־לעכער פון אַלע פיינסטע אַריעס.

דער דיכטער האָט אין זיין ליד פאַראייניקט עלעמענטן פון ליריק און רעאַליזם, ראָמאַנטיק און סאָציאַלער סאַטירע, נאַראַטיוו, שילדערונג, נגינה, סצענישקייט און רעטאָריק, הויכע טענער און אויך „קול דממה דקה", בילד און אידייע.

* * *

אין גאָר אַ ניי, לויטער ליכט האָט זיך קורץ אַנטפּלעקט פאַר אונדז אין זיין נייעם גרויסן ווערק „מאַרק שאַגאַל" (ניו־יאָרק, 1946). אָט־די גרויסע פּאָעמע איז אַ געזאַנג צו קונסט, וואָס דערהויבט און באַפליגלט, אַ „שיר־השירים" צום גרויסן וויטעבסקער־פּאַריזער זון פון יידישן פאָלק, צום קינסטלער מאַרק שאַגאַל, —

וואָס איז אַרויס אויף דער וועלט,
און וואָס ס'איז אים אין גאָט ס וועלט ניט געפעלן,
האָט ער איבערגעפאַרבט און איבערגעשטעלט.

צוזאַמען מיטן קינסטלער, ווענענס ליריש־צאַרטע בילדער פון יידישע ליידן, האָפענונגען און שטרעבונגען דער דיכטער האָט געטראָגן אין זיין אייגענער נשמה, האָט ער פאַר אונדז געמאָלן „אונדזער טרויער און אונדזער דויער"; האָט ער אונדז געלערנט קוקן אויף דער וועלט „דורך אַ שטוב אָן וואַסער, דורך אַ הויז אָן שויבן".

קורצעס שאַגאַל־פּאָעמע איז אַ געזאַנג צום גרויסן מאָלערס טרוימען און חלומות, צו זיין פּאָעזיע אין געמעל, צום טרוימער, וואָס „טרוימט זיך זינגענדיק אַ זיגרייכן ניגון, ווי אַ באַפרייער אין זיין תפיסה־צעל". דאָס איז אַ געזאַנג צו שאַגאַלס פידלדיקע פידלען אויף די דעכער — אויב ניט נאָך העכער...

דער דיכטער האָט געשאַפן קאָנקרעט, רעאַליסטיש וואָרט־בילד פאַר דעם מאָלערס פאַנטאַסטיש־לעגענדאַרער, אומרעאַלער אָדער סופּער־רעאַלער וועלט פון פאַרב, וועלט פון רויזן, ליכט, מלאכים, בלויע קי און רויטע פערד, ציגן און הענער, שוועבנדיקע קלעזמער, פליגלדיקע זייגערס, זיידעס אויף דעכער, פליענדיקע געליבטע — אַ וועלט פון טרוימען, וואָס וואַקסן־אַרויס פון טיפער מענטשלעכער ליבע און פאַרלאַנג פאַר יושר, — „אַ וועלט פון לויטער ליבשאַפט".

טראָגט זיך קורצעס שאַגאַליש געזאַנג — „פון די אומעטיקע קוימענס ביז די פריילעכע הימלען". און דורך דעם שאַגאַליש־קורצישן געזאַנג טראָגט זיך צווישן הימל און ערד די נשמה פון דער אָרעמער וויטעבסק, ווי אַ סימבאָל פון

הונדערטער ענלעכע יידישע שטעטלעך איבער דעם חלל פון דער וועלט.

גאַר אַ באַזונדער און רייך קאַפּיטל זיינען קורצעס לידער און פּאָעמען אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן (אין זיין זשורנאַל „היינטיקע לידער"). געשעעענישן פון טאָג, טעמעס פון דער ברענענדיקער צייט, זיינען צו אים געקומען און געקראָגן אַ קינסטלערישן תיקון; דער שרעקלעכער יידישער חורבן אונטער די נאַציס; דער העלדישער געטאָ־אויפשטאַנד אין וואַרשע; די העראָאישע נעגער־רעוואָלטן; די הויכע קונסט פון עמיל גילעלס און דוד אויסטראַכס צויבער־פידעלע, וואַלענ־טינע טערעשקאָוואַס פלי צו די הויכע רוימען.

* * *

קורץ איז געווען אַ גרויסער פּאָעטישער טאַלאַנט — מיט גרויסע חסרונות ווי אַ דיכטער.

אין אַ גרויסער צאָל פון זיינע לידער און פּאָעמען איז פאַראַן צופיל ווידער־האָלונג, צופיל צעצויגנקייט, צופיל ווערטער אָדער ווערטער־פּלייץ, אַזוי אַז אָט־דער „צופיל" שוואַכט־אָפּ דעם איינדרוק, מאַכט צייטנווייז מיד דעם לייענער.

דאָס זיינען חסרונות פון פאָרמאַליזם, פון שטעלן דעם טראָפּ צופיל אויף פאָרם, צופיל אויף פערזן־טעכניק — חסרונות פון אָנשטרענגען זיך צו זיין „אָריגינעל", „מאָדערניסטיש". דאָס אָנלייגן צופיל וועג, די אָנלאָדונג פון צופיל ווערטער און בילדער, פאַרשטעלט צומאָל דעם וועג צום תוך, צו דער צענטראַלער אידייע; שטערט דער קריסטאַליזירונג און קאָנצענטרירונג פון בילד און אידייע.

עס פעלט צומאָל דעם דיכטער די געהעריקע באַלאַנסירטקייט צווישן פאָרם און אינהאַלט; עס פעלט אים דער קינסטלערישער כוח צו קאָנטראָלירן, צוימען דעם שטראָם פון ווערטער, — עס פעלט דער כוח פון קינסטלערישן צמצום פון וואָרט.

דער דיכטער פאַרגעסט פּלעכאַנאָווס גוטע עצה צו שרייבער: „זאָל זיין ענג פאַר די ווערטער און געראַם פאַר די געדאַנקען", און דעם גוטן, ניצלעכן זאָג אין טשעכאָווס „די מעווע" („טשאַיקאַ"): „איך קום אַלץ מער און מער צו דער איבער־צייגונג, אַז עס איז ניט קיין פראַגע פון נייע און אַלטע פאָרמען; נאָר אַז דער עיקר איז, אַז אַ מענטש זאָל שרייבן, אינגאַנצן ניט טראַכטנדיק וועגן פאָרמען — שרייבן, ווייל עס שטראָמט פריי פון זיין נשמה".

אין אייניקע פּאָעמען פון א. קורץ איז דער טאָן צייטנווייז צו־רוישיק, צו־הילכיק, אָנשטאָט פּאָעזיע באַקומט זיך אין אַ צאָל לידער און פּאָעמען, דער עיקר אין די צע־צויגענע שטעלן — רעטאָריק, רייד. די מערסטע פון זיינע פּאָעמען וואָלטן פיל גע־וואונען, ווען זיי ווערן קאָנדענסירט, „אַרומגעשוירן", אויסגעלאָדן פונעם באַלאַסט פון איבעריקע רייד, שורות, פערזן, איבערחזרונגען.

צום באַדויערן, איז דעם דיכטער ניט געלונגען צו באַזייטיקן אָט־די חסרונות, וועלכע האָבן באַגלייט זיין שאַפונגס־וועג אין משך פון יאָרן.

ניט־געקוקט אָבער אויף די אַלע פעלערן האָט אהרן קורץ דאָך באַוויזן צו פאַר־נעמען אַ חשוב אָרט אין דער מאָדערנער יידישער פּאָעזיע.

קורצעס לעבן איז געווען „פול מיט לידער פון הונגעריקע הערצער". ער האָט זיין געזאַנג געשעפּט פונעם צעוואונדיקטן האַרץ פון דער מענטשהייט.

(„יידישע קולטור", נאָוועמבער, 1964)

# חיים קרול

## זיינע לידער אוןליידן

(1946-1892)

איז געווען אַמאָל אַ יידישער דיכטער. אַן אייגנאַרטיקער, אַ צאַרטער, אַ ציי־טעריקער. מיט אַ שטילער, דינער שטים. אַ קול דממה דקה. אַ טראַגישער לי־ריקער. חיים קרול האָט ער געהייסן. האָט ער געזונגען לידער פון ליבע און צער — פון גרויסער, ניט־דערפילטער ליבע. האָט דער יונג־פאַרשטאָרבענער דיכטער פון לויטערן ליריזם אויסגעזונגען אין ליד זיין איידל, ראָמאַנטיש, פאַר־ביטערט האַרץ.

געווען איז דער דיכטער (1892-1946) געגליכן צו אַ זינג־פויגל מיט צעבראָ־כענע פליגל, „מיט פאַרוואונדעטע פיס" — אַ פיזיש־קראַנקער, אַליידנדיקער פון אַ שלאָף־קראַנקהייט, אַ האַלב־פּאַראַליזירטער. פיל פון זיינע לידער זיינען אַרויס־געקומען לויטער און שטראַליק: דורכגעלייטערט אין דעם פייער־טיגל פון זיינע לאַנגיאָריקע, שרעקלעכע פיזישע ליידן און גייסטיקע יסורים. דאָס זיינען לידער פון טיפן עלנט, פון שווערער נויט, פון ביטערער איינזאַמקייט. ער האָט געזונגען ממעמקים, פון די טיפענישן — אַ צאַפּלדיקע, פלאַטערדיקע סענסיטיווע פלאַנץ אין אַ האַרטן, שטייניקן, זאַמדיקן מדבר. האָט דער דיכטער טאַקע אָנגערופן איינע פון זיינע לידער־זאַמלונגען מיטן נאָמען „אינדערלייטערונג" (1925) — לידער אין פראָצעס פונעם דיכטערס לייטערן זיך דורך אומגעהויער שאַרפע לייב־און ליבע־ווייען.

דעם דיכטערס געליבטע, חיה־שרה, איז דער לייט־(און לייד)־מאָטיוו פון זיין ליד, דער שיר־השירים פון זיין דיכטונג, די אייביקע שולמית פון זיין טרוים. איר האָט ער אויסגעזונגען זיין האַרץ — צוערשט זיינע תפילהדיקע שירים מיט האָפענונג, דערנאָך — מיט שווידערלעכער אַנטוישונג. די געשטאַלט חיה־שרה איז געוואָרן זיין חלום אין וואָר — זי האָט באַהערשט זיין מוזע, זיין ליד, זיין לעבן. זי איז געוואָרן — אַ „מיראַזש" אין זיין פיינפולן לעבנס־וועג.

פאַרגליכן האָט ער זי צו אַ „גאָלדענער מנורה", צו „פייער", צו „אַ לאָטאָס", צו „ראַכעל — געטעס געליבטע"; זיך אַליין האָט ער, אין אַ קאָמפּלעקס פון מינדערוויכטיקייט, פאַרגליכן צו „אַ זעמדל אין אַ זייל געהויבן פון אַ ווירבל". חיה־שרהן האָט ער פאַרהערלעכט, פאַרהייליקט, אָנגעטאָן איר אַ „שכינה־מאַנטל"...

געווען איז דער דיכטער אַ וועבער בן וועבער פון לאָדזש, אַ קינד פון דער יידישער אָרעמשאַפט פון לאָדזשער דלות־געגנט באַלוט. שוין צו ניין יאָר האָט ער אָנגעהויבן וועבן — האָרעווען צוזאַמען מיטן טאַטן, דעם אָרעמען האָרעפּאַש־ניק יחיאל־מאיר, צו העלפן אויפהאַלטן דאָס הויזגעזינט. די מוטער אסתר־פריידל איז יונגערהייט געשטאָרבן; געווען זיינען צוויי שוועסטער: צירל און פייגעלע, און אַ ברודער דוד. אין יענע באַלוטער דלות־געסלעך האָט אויפגעשפּראָצט און

ס׳האָט זיך צעבליט די ליבע פונעם פֿאַרחלומטן בחורל, דעם יוגנטלעכן שרייבער, צום מיידל חיה־שרה פונעם שכנישן הויז, און אויף אַ צייט — איר קעגנזייטיקע ליבע.

„יעדן מאָרגן קלאַפּן בלויע שוואַלבן" אין פענצטער פונעם יונגן דיכטער (אין זיין טאַטנס וועב־שטוב) און ברענגען אים גרוסן פון זיין שיינער, יונגער חיה־שרהן, און ער זינגט צו איר לידער פון ליבע און אַזוינע תפילות, ווי: „זאַנגען, בעט פאַר איר... נאַכט, פֿאַרחלום זי!". זיינען דאָס געווען דורכגעשטראַלטע לידער פון אַ צעזונגענער, ליכטיקער ליבע.

חיה־שרה איז באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה אָפּגעפאָרן פון לאָדזש צו קרובים קיין אַמעריקע, צוזאַגנדיק דעם יונגן ראָמאַנטישן ליריקער קרול אַריבערצוברענגען אים שפעטער אַהער. דער דיכטער האָט אין נויט, אונטער די שווערסטע באַדינגונגען, פֿאַרגעזעצט זיין פּאָעטיש לעבן, געקראָגן אָנערקענונג אין די לאָדזשער יידישע ליטעראַרישע קרייזן. זיין ערשט ביכל לידער, „הימלען אין אָפּגרונט", איז דערשינען אין לאָדזש אין 1919; אין 1920 (אין פֿאַרלאַג „יונג אידיש" אין לאָדזש) — זיין צווייט לידער־ביכל: „לויבן" — לידער, געווידמעט חיה־שרהן. אין 1923 איז ער געקומען קיין אַמעריקע — אַ קראַנקער, אַ שטאַרק געליטענער פון הונגער און פרירן אין די מלחמה־יאָרן און פון בענקשאַפט נאָך דער „דולציניייע" פון זיין האַרצן. זי, חיה־שרה, האָט קוים געפּועלט (מיט דער הילף פון ב. וולאַדעק, דוד איגנאַטאָוו און אַנדערע), אַז מען זאָל אים, אַ קראַנקן, אַרויסלאָזן פון עליס איילאַנד.

אין אַמעריקע האָט דעם שטילן, קראַנקן דיכטער באַלד אויפגענומען די האַרטע, טומלדיקע ווירקלעכקייט. ער האָט אַ צייט געאַרבעט ווי אַ וועבער אין פּעטערסאָן; שפעטער — אין דעם ניו־יאָרקער „האַיאַס", וואו ער פלעגט, אַ צעבראָכענער, אַ טרויעריקער, אויסטיילן „נומערן" צו באַזוכער, וואָס זיינען געקומען קריגן אינפאָרמאַציע וועגן אימיגראַציע־ענינים. אָט אין יענער צייט האָב איך זיך מיט אים באַקענט און באַפריינדט. זיינע הענט האָבן געציטערט, זיינע אַקסלען — געצוקט, זיין גוף — איינגעבויגן. מיט פלעמלדיקע פייערלעך אין זיינע פֿאַרטרוימטע, פֿאַרקלערטע אויגן פלעגט ער פֿאַר מיר פֿאָרלייענען זיינע נייע חיה־שרה־לידער.

חיה־שרה האָט אים געפירט צו דאָקטוירים, געזוכט פאַר אים אַ היילונג. איר ליבע איז, קענטיק, אַוועק; געבליבן איז בלויז רחמנות. ווען זי האָט זיך דערוואוסט, אַז ער וועט ווערן פולשטענדיק פּאַראַליזירט — איז זי פֿאַרשוואונדן; חתונה געהאַט מיט עמיצן אַנדערש. פֿאַרשוואונדן חיה־שרה — געבליבן ביים דיכטער זיינען אומהיילבאַרע וואונדן, וואָס האָבן נאָך מער פֿאַרקירצט זיין לעבן. געבליבן איז די אומשטערבלעכע ליבע פונעם תמימותדיקן, קינדישן, קראַנקן דיכטער, זיין גרויזאַמע אַנטוישונג, זיין פֿאַרדרוס און ווייטאַק, און אויך — זיין שלום־מאַכן מיטן וויסטן גורל, זיין גליק־געפיל „פאַר מיין זיין מיט דיר אין איין צייט". אָט־די אַלע געפילן האָבן אָנגעפילט זיינע לידער.

אין דער טומלדיקער, רוישיקער, פּראָזאַאישער, פֿאַרביזנעסטער אַמעריקאַנער וועלט, האָט קרולס ריין און רירנדיק, השתפכות־הנפשדיק ליד דאָך געפונען אַ וועג צום האַרצן פון פיין־פילנדיקע, סענסיטיווע לייענער. אין 1925 האָט אַ קולטור־גרופּע אין ניו־יאָרק אַרויסגעגעבן קרולס דריטע לידער־זאַמלונג, „אינדערלייטע־

רונג״, וואָס איז אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס לויב פון דער קריטיק און פון פיל אינטעליגענטע לייענער.

מיט אַ צעבראָכן האַרץ און צעווייטאָקטן געמיט איז דער קראַנקער פּאָעט געפאָרן אין 1932 צו זיין היימלאַנד פּוילן, אויך קיין דייטשלאַנד — צו זוכן היילונג. מיט אַ יאָר שפּעטער איז ער צוריקגעקומען אַ נאָך מער קראַנקער און מידער — און אַלץ מיט אַ נאָגנדיקער בענקשאַפט נאָך חיה־שרהן, וועמענס אַדרעס ער האָט געזוכט.

אין לאָדזש, אין זיין יוגנט, אין דעם ערשטן פּעריאָד פון זיין שאַפן, האָט ער געדרוקט זיינע לידער אין די זשורנאַלן „געזאַנגען״, „יונג יידיש״, „פעלד״, „אין דער שטיל״; שפּעטער, אין ניו־יאָרק — אין די זשורנאַלן „צוקונפט״, „שריפטן״, „פרייע אַרבעטער־שטימע״, און אַנדערע אַמעריקאַנער־יידישע צייטשריפטן, ווי אויך אין דעם לאָדזשער זשורנאַל „שוועלן״.

צווישן זיינע לאָדזשער יוגנט־פריינט זיינען געווען די שרייבער: די עלטערע קאָלעגן משה בראָדערזאָן, יצחק קאַצענעלסאָן און „הערשעלע״, און די יוגנט־לעכע: דוד זיטמאַן, חיים־לייב פוקס, י. ח. ראַדאָשיצקי, יצחק בערלינער, ישראל ראַבאָן, פּרץ אָפּאָטשינסקי, ישעיהו שפּיגל. לאָדזש האָט, חוץ די אויסגערעכנטע טאַלאַנטירטע שרייבער, אַרויסגעגעבן אויך די שרייבער־טאַלאַנטן: ש. בערלינסקי, יוסף אָקרוטני, ריקודה פּאָטאַש, מרים אולינאָווער, יצחק יאַנאָסאָוויטש, ב. עפּעלבוים, י. מ. ניימאַן, אל שמולעוויטש (חוץ מוזיקער, מאָלער, געלערנטע).

אין 1930 איז אין דעם ווילנער פאַרלאַג „ב. קלעצקין״ דערשינען קרולס בוך מיטן זייער טרעפלעכן, צוגעפּאַסטן נאָמען „אַרום זיך״. פאַקטיש איז דער בוך אַ זאַמלונג פון דריי טיילן: אַ ראָמאַן „פון מיין טאַטנס שטוב״; „לידער״ און ליטעראַרישע מיניאַטור־עסייען (איין־און־דרייסיק אין צאָל).

אין 1954 — אַכט יאָר נאָכן דיכטערס פריצייטיקן טויט — איז אין ניו־יאָרק (אין פאַרלאַג „אייגענע״) דערשינען אַ בוך „כתבים פון חיים קרול״ — זיין „ליטעראַרישע ירושה, איבערגענומען פונעם דיכטער אין זיינע לעצטע טעג, מיט אַ צוזאָג אַרויסצוגעבן עס אין אַ בוך־פאָרם, געזאַמלט און צונויפגעשטעלט פון י. ח. ראַדאָשיצקי, מיט אַ הוספה פון זכרונות און אָפּשאַצונגען פון דיכטער און קריטיקער״. דער בוך (189 ז״ז) עפנט זיך מיט אַ ליד פון קרולס נאָענטסטן פריינט אין אַמעריקע, ראַדאָשיצקי, און מיט ראַדאָשיצקיס אַן עסיי: „חיים קרול — זיין לעבן, ליידן און שאַפן״. דערנאָך קומט אַן אָפּקלייב פון קרולס לידער, פון זיין פּראָזע: 1) פראַגמענטן פונעם ראָמאַן „פון מיין טאַטנס שטוב״, 2) „דורות״ — אויטאָביאָגראַפיע (ניט־פאַרענדיקט), 3) „אין טויטן־הויז״ (טאָגבוך — ניט־פאַרענדיקט); 18 נייע מיניאַטור־עסייען; און אַרטיקלען, זכרונות און אָפּשאַצונגען וועגן חיים קרולן — פון 14 שרייבער; קרול־ביבליאָגראַפיעס — פון יעפים ישורין און י. ח. ראַדאָשיצקי.

קרולס קראַנקער צושטאַנד האָט זיך אַלץ מער פאַרערגערט, און אין 1934 איז ער, לויטן ראָט פון זיין פריינט ראַדאָשיצקי, אַריין אין אַ ברוקלינער שפּיטאָל פאַר אומהיילבאַרע. אין יענעם אַנשטאַלט האָט ער זיך אָפּגעפּלאָגט צוועלף לאַנגע, שווערע יאָר ביז זיין טויט אין 1946. אין משך פון די 12 יאָר האָט ער פאָרגעזעצט זיין שאַפן: געשריבן לידער, עסייען און שפּיטאָל־בילדער און פאַרצייכענונ־

געז וועגן די לעבעדיקע מתים אַרום אים. די בילדער — אין אַ רעאַליסטישן, שאַרפן סטיל — האָט ער אַ נאָמען געגעבן „אין טויטן הויז״ (לויט דעם נאָמען פון דאָסטאָיעווסקיס נאָטיצן פון טויטן־הויז).

ח. קרול איז געווען און פאַרבליבן דער עיקר — אַ דיכטער, אַ וואונדערלעכער פּאָעט פון ציכטיקע, שירהדיקע, „שחרית״־און „מעריב״־לידער, אפשר אַ לעצטער ליריקער־ראָמאַנטיקער פון אַ דור. אין זיינע לידער: סיי צוויט, סיי פרוכט פון דיכטונג, קינסטלערישער אויסדרוק פאַר ליבע־ווייען און פּיזישע אַנגסטן פון „אני הגבר״ — איך בין דער מאַן, דער געליטענער... זיין וואָרעם־איכיש, צאַרט־יחידיש ליד איז גלייכצייטיק געווען באַהאָפטן מיט ליכטיקער ליבשאַפט צו מענטש, צו אַלע ליידנדיקע...

דער וועבער־אַרבעטער פון לאָדזש און פּעטערסאָן האָט אַריינגעוועבט הערלעכע, פאַרביקע לידער־בלומען אין אונדזער דיכטונג. חוץ די ליבע־מאָטיוון, דאָמינירן די טענער פון נויט, דלות, עלנט, יאוש, ווייטאָק און פאַרדרוס, ליידן, טרויער, אַסקעטיזם, נזירות (נעזירוס), טויט; זעלטן — אויך סאָציאַלע מאָטיוון, לידער צו פרייהייט, לידער געווידמעט די פּעטערסאָנער וועבער, לידער־געבעטן פאַר אַלע אָרעמע, הונגעריקע, האָפענונגלאָזע, אונטערדריקטע; בענקשאַפט נאָך פוילנלאַנד:

אין ווייטער היים
זע איך אייביק וואַכן מיין מאַמען
איבער אונדזער שטוב: זי גייט אַכטונג
אויפן ביסל אָרעמקייט,
ס׳זאָל זיין שלום צווישן מיינע צוויי שוועסטערלעך

מיט מיין אַלטן טאַטן,
אַז ס׳זאָל זיי וואויל באַקומען
די פּאָר קאַרטאָפל
מיטן ביסל האָבער־גריץ.

וועגן זיין אייגענער נויט שרייבט ער: „מיין מאָלצייט איז דעם ווינטס בלאָז״. ווייטאָקדיק באַקלאָגט ער זיך:

דעק דיין טיש פאַר אָרעמע לייט —
האָט מיר מיין טאַטע געזאָגט.
בין איך פאַרוואָרפן אין דער רייכער וועלט

און בין מיין טאַטנס צוואה נישט מקיים —
כ׳האָב אַליין נישט צו עסן.

דער דיכטער האָט צוגעזען ווי עס פאַלט־איין זיין „צעשלומערטער גוף, וואָס וועקט זיך צווישן חלום און וואָר״; זיין טרויער איז געוואָקסן, און ער רופט־אויס:

טרויער — מיין כלה!
איך ציר זיך מיט דיר,
ווי דער ים־ברעג מיט אַ מושל.

די הימלען, וואָס שפּרייטן זיך פאַר זיינע אויגן, הילן אים איין „אין נזירות״ — אין אָפּזונדערן זיך פון וועלט; ער וויינט — „ווי אַ טויב אויפן בית־המקדש, וואָס איז אַמאָל אין מיר חרוב געוואָרן״; ער זעט קלאָר זיין לעבן, „וואָס איז אַזוי ביטער, ווי טרערן פון אָפּגעגנאַרטע כלות״.

טרייסט געפינט ער אין זיין ליד, זיין חבר; אויך אין זען פונדערווייטנס זיין געבורטלאַנד, זיין וויגל־היים:

מיט מיין בליק דערגרייך איך ביז פוילן־לאַנד,
וואו כ׳האָב ס׳טייערסטע פון מיין לעבן:
אַן אַלטן טאַטן. אַ כשרער ייד —

אַ פּשוטער בעל־מלאכה,
וואָס וועבט נאָך אויף זיינע אַלטע יאָרן
אונטער אַ וועב־שטול.

ווען זיינע ליידן ווערן אומדערטרעגלעך, רופט ער אויס אין רירנדיקע לידער: „וואו איז מיין דערלייזונג?". און ער ברענגט צום אויסדרוק חזיונות (וויזיעס) פון טויט: „יעדן מאָרגן פיל איך טויט, די אייביקייט, דעם גורל". אָדער: „טויט, וועסט צו מיר קומען ווי אַ ברודער — אַ לאַנג־נישט־געזעענעם". אָדער: „איך לאָז פאַלן דעם שדי־מאַנטל — איך גיי צו דיר".

צייטנווייז כאַפּט אים אָן אַ פאַרדרוס, וואָס ער איז ניט־סאָציאַל אין זיין ליד, און ער פרעגט:

אפשר זינדיק איך,
וואָס איך דערצייל נאָר פון מיינע פיר איילן,
ווי ליב איך האָב זיך?

און דער פיל־געפייניקטער דיכטער „פאַרענטפערט זיך" באַלד:

פייניקט דאָך מיך יעדער ווערימל־אומקום,
בלוטיק איך דאָך מיט יעדן בלוט־טראָפּן.

דער קראַנקער פּאָעט, וואָס האָט שוין יונגערהייט דערשפּירט „אוונטס עלטער" אויף זיין קאָפּ, האָט דאָ אין אַמעריקע־לאַנד געזוכט „אַ קליין ווינקעלע — אַ ד' אמותל" פון נחת און רו — און האָט עס ניט געפונען. ביסלעכווייז האָט ער זיך אַלץ מער אָפּגעשלאָסן אין זיך, אין אַ צניעות און נזירות אין די אייגענע פיר איילן פון זיין נשמה. זיינע לידער — געזאַנגען פון אַ צעבראָכן געמיט, פון אַ דיכטער־מקונן אויף זיין אייגענעם חורבן. זיינע לידער רירן מיט זייער קינדי־שער נאַאיווקייט, מיט אַ זעלטענער נשמה־ריינקייט, מיט תמימות און נאַטירלעכ־קייט. זיי ווערן אַלץ מער אָנגעגאָסן מיט טרויער. אין זיי דרינגט־אַריין אַלץ מער די אַנונג און פאָרגעפיל פון טויט — און די גרייטקייט אויפצונעמען דעם טויט ווי אַ דערלייזונג פון אַלע ערדישע יסורים.

אין דעם קורצן פּעריאָד פון זיין שאַפן — שאַפן אין נויט און אין אָנגעזיכט פון טויט — האָט דער דיכטער פון אידעאַליזירטער ליבע ניט באַוויזן צו דער־גרייכן די געגאַרטע שלימות און אויסלאָדונג פון זיין ליד, צוקומען צו קינסטלע־רישער אויסדרוקפולקייט. ער האָט אָבער אין זיינע פרייע, ווייסע פערזן, מיט אַ נאָענטקייט צו פאָלקלאָר, מיט אַ מחיהדיקן, זאַפטיקן, ריטמיש־זינגעוודיקן יידיש, דערגרייכט צמצום פון וואָרט, קלאָרקייט פון בילד, עכטקייט פון ליד. ער האָט געפונען דיכטערישן כוח אָפּצושפּיגלען אין ליד זיינע אייגענע, ערלעכע, פיל־גע־ליטענע, אַסקעטישע „אומבאַפלעקטע טעג", וועלכע זיינען געווען אָנגעפילט מיטן הויפּט־בילד, חיה־שרה, די יידישע „העלויז", וועלכע האָט זיך ווי אַ „דיבוק" באַזעצט אין דעם דיכטערס בלוט, אין זיין לייב־און־ליד. „אין מיין בלוט רויזסטו", האָט ער צו איר געזונגען. דער דיכטער האָט צייטנווייז נאָך אַלץ געחלומט פון אויסגעגעבן ווערן „לתורה, לחופה ולמעשים טובים". זיין קראַנקע, פאַרמשפּטע ליבע האָט אים פאַרצערט מיט איר פלאַם. דער דיכטער, דער פלאַקערדיקער „סנה", איז סוף־כל־סוף אומגעקומען אין זיין פייער.

לבנה, שטערן, נאַכט, וואָלקנס, פעלדער, גראָזן זיינען ביי אים אַלץ פאַר־וועבט מיט מאָטיוון פון זיין פלאַמענדיקער ליבע און נאָגנדיקן אומעט. ליד נאָך ליד זינגט ביי אים אַרויס דער „עזה כמות אהבה" („שטאַרק ווי טויט איז די ליבע"). דער לייענער דערשפּירט, אַז אַזאַ פייער — אש (עיש) אין העברייאיש — מוז פירן

דעם איינזייטיק, אומגליקלעך־פּאַרליבטן צו — אַש. אין אָנונג פון אונטערגאַנג רופט דער דיכטער צו זיינע זויבערע טעג: „העלפט מיר אונטערהאַלטן די פאַלנ־דיקע זיילן פון מיין אונטערגאַנג".

מערקווירדיק: אפילו אין די פיינלעכסטע טעג האָט דעם דיכטער ניט פאַר־לאָזט זיין גוטסקייט, זיין ליבשאַפט צום אָרעמען געפיינקטן מענטשן — און זיין וויזיע פון אַ ליכטיקער צוקונפט.

קרולס עקסטאַטישע, התלהבותדיקע לידער האָבן געשטראָמט פון זיין איי־גענעם איך. די פאָרם פון זיין ליד איז טיילווייז אונטערן איינפלוס פון תנ"ך, פון אייניקע יידישע ראָמאַנטיקער און פון די ראָמאַנטישע ווערק פון געטע, היינע, באַיראָן, נאָוואַליס, וועלכע ער דערמאָנט אין זיינע לידער. דער ראָמאַנטיקער האָט אין אַ ליד „מאַרטירער" באַזונגען הירש לעקערט און נפתלי באָטווין; אין אַ ליד „באַפרייאונג" גערופן צו „באַפרייאונג: פון נאָרעס, פון קערקערס, פון קאַזעמאַטן, פון טייוול־אינדזלען".

קרולס ראָמאַן אין „מיין טאַטנס שטוב" האָט סיי אַ קינסטלערישן, סיי אַ היסטאָרישן ווערט. אין אַ פאָלקסטימלעכן פוילישן יידיש שילדערט ער לאָדזש ערב און אין אָנהייב פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. אין צענטער פון ראָמאַן — חיה־שרה, אָבער אויך — די משפחה, די אָרעמע יידן פון די אַרומיקע באַלוט־געסלעך, דעם טאַטנס וועב־שטול, און — די שוידערס און גרוילן פון קריג; די דייטשע באָמבאַרדע אויף לאָדזש, די 21־טאָגיקע באַלאַגערונג פון דער שטאָט, און דערנאָך די אָקופּאַציע. בילדער פון די שרעקן און זאָרגן פון יידישע אָרעמעלייט, פון אומשולדיקע באַלוטער קרבנות, פון חורבן אין יידישע געסלעך. בילדער פון שרעקלעכן הונגער, ברויט־רייען, קאַרטאָפל־רייען, דייטשע צוואַנג־אַרבעט; פיינע יידישע מידות פון „מתן בסתר" — פון העלפן נויטבאַדערפטיקע שטילערהייט.

מען זעט דעם יונגן דיכטער ביים וועב־שטול, ביים לערנען ליטעראַטור מיט חיה־שרהן, צו ווען עס ציט אים — „ווי די פליג צום פלאַם". מען זעט אים מיט זיין יינגערן ברודער דוד ביים גראָבן קאַנאַוועס אין טאָמאַשאָוו, און שפּעטער ביי אַרבעט אין אַ כעמישער פאַבריק לעבן פראַנקפורט־אַם־מאַין. מען זעט, ווי דער דייטש פירט־אַרויס „ס'געהילץ פון די פוילישע וועלדער". פון די בלעטער שטראַלט־אַרויס דעם דיכטערס ליבשאַפט צו זיין פאָטער דעם וועבער, צו זיינע שוועסטער און ברודער, ווי אויך פאַרערונג צום אָנדענק פון זיין מוטער. רירנדיק זיינען די ראָמאַן־מאָמענטן צווישן די צוויי יונגע געליבטע, און ווי אַזוי — אין טעג פון הונגער און פרעסט — פאַרטייטשט ער פאַר איר ווערק פון דער וועלט־ליטעראַטור.

עטלעכע נעכט נאָכאַנאַנד האָב איך זיך איינגעזאַפּט דעם ווייכן מוזיקאַ־לישן קלאַנג פון קרולס ליד און פראָזע; באַקענט זיך מיט זיין הילצערן אָרעם הויז אין לאָדזשער באַלוט, איינגעזאַפּט דעם טיפן יאוש פון זיינע איובדיקע קלאָג־לי־דער, דעם טרויער, וואָס וויינט־אַרויס פון אַזוינע שורות, ווי:

אַלע ציטערנדיקע שטערן לעשן זיך אויס,
אַלע וועלטן לעשן זיך אויס.

געהערט זיין רוף צו דער נאַכט אין רגעס פון שוידערלעכע אַנגסטן:

קום, פאַרגיס מיינע אויגן,
ליים ס'ליכט פון מיין זען,

און לאָז מיך אויף דיין האַלדז פאַלן —

און דאָך האָט זיך פון מיר ניט אָפּגעטאָן ס׳געפיל, אַז דער דיכטער האָט אין זיין גייסטיקער גבורה זיך ניט אויסגעוואָרצלט פונעם לעבן, און אַז אפילו אין גלי פון זיין פיין האָט ער ניט פאַרגעסן זיין שורש — די היים פון זיינע האָרע־פאַשנע אָבות, זיין פוילנלאַנד:

מיט מיינע פיס
בין איך איינגעגראָבן אין פוילן־לאַנד,
איך בענק נאָך דיינע באַלוטער בלאָטעס,
נאָך דיינע ליימיקע רעגנס,
נאָך דיינע קליינע סאָמשעלקעס,
נאָך דיינע געקאַלכטע רינשטאָקן...
פאַרבענקט זיך מיר
נאָך מיינע אָרעמע יידן...

חיים קרול — אַ טראַגישע דראַמע, אַ ניט־אויסגעלעבט, פרי־פאַרשניטן לעבן, אַ ניט־דערזונגען, פרי־פאַרשניטן געזאַנג, זיינע לידער — „פלעמער נישט־דער־צונדענע״.

צו זיין 20סטן יאָרצייט.
(„יידישע קולטור״, יאַנואַר, 1967)



# ז. ווײַנפּער
## דער גלויביקער דיכטער
(1957־1892)

„וואָס הייסט, אַזאַ ווי איך, בין מער ניטאָ?״
(פון ז. ווײַנפּערס אַ ליד)

ז. ווײַנפּער (1957־1892), שעפערישער דיכטער, עסייאיסט, ראָמאַניסט, איז געשטאָרבן אין עלטער פון 65 יאָר, רייף אין טאַלאַנט און אין שאַפן. פון זיינע ווערק האָט אָבער געאָטעמט מיט יונגקייט. ער איז נאָך געווען אין סאַמע פאַנאַנ־דערבלי פון זיין פילזייטיקן שאַפן.

מ׳האָט נאָך געקאָנט דערוואַרטן פון אים פיל וויכטיקע ווערק, אַ סך בייע פרוכט פון שאַפן. ער האָט זיך אַליין טאָקע געהאַט אויסגעדריקט אין אַ ליד: „דאָס רייפסטע פון מיין פעלד האָט מיין קאָסע נאָך ניט אָפּגעשניטן״. און אין אַן אַנדער ליד:

אויסגעזונגען שוין פון זיך אַזויפיל לידער
און עס זינגט זיך ווײַטער, ווידער.

ז. ווײַנפּערן דאַרף מען זען און באַטראַכטן — ניט איזאָלירט, נאָר אין פאַר־

בינדונג מיט דער גאַנצער יידישער דיכטונג אין אַמעריקע, אין וועלכער ער האָט אַרײַנגעטראָגן זײַן אײגנאַרטיקן פּאָעטישן האָב־און־גאָב, זײַן באַדײַטנדיקן צושטײַער.

זײַנע ערשטע ליטעראַרישע טריט האָט ער געשטעלט אין 1914. העכער פֿער־ציק יאָר, ביזן לעצטן טאָג פֿון זײַן פּרוכטבאַר לעבן — שבת, 2:30 בײַנאַכט, פֿון 26טן אויפֿן 27טן יאַנואַר, 1957, — איז ער געווען ליטעראַריש־אַקטיוו. און ניט נאָר ליטעראַריש: ער איז געווען פּאַרטאָן ממש מיט לײַב־און לעבן ווי אַ בויער פֿון דער יידישער וועלטלעכער קולטור, ווי אַ פֿירער (נאַציאָנאַלער סעקרעטאַר) פֿונעם „איקוף״, וועלכן ער האָט געהאָלפֿן גרינדן אין 1937.

ז. ווײַנפּער איז געקומען אין דער יידישער פּאָעזיע מיט זײַן אײגענעם ניגון, מיט זײַן אײגענעם כּתב (קסאָוו). פֿון זײַנע סאַמע ערשטע לידער האָט מען דער־שפּירט, אַז הינטער זײ שטײט אַן אמתער, געבענטשטער פּאָעט. שוין פֿון יענע לידער האָט געשפּרודלט מיט לעבנס־פֿרײד, מיט „גאָלד און גרין״, מיט ליבשאַפֿט צום לעבן, צום מענטשן, צו „גאָטס וועלטל״.

ווײַנפּער האָט פֿאַרצײכנט גאָר באַדײַטנדיקע דיכטערישע דערגרײכונגען סײַ אין כּמות (קאָמוס), צאָל, סײַ אין איכות (עיכוס), קוואַליטעט. ער האָט פֿאַרנו־מען אַ חשובֿ אָרט צווישן די ווichtיקע יידישע פּאָעטן, וואָס האָבן שעפֿעריש צע־אַקערט, פֿאַרזײט און פֿאַרפֿלאַנצט דעם באָדן פֿון דער יידישער פּאָעזיע אין דער ערשטער העלפֿט פֿונעם איצטיקן יאָרהונדערט. ער האָט מיט רעכט געזאָגט וועגן זיך: „דער זײער טראָגט צום פֿעלד זײַן זריעה״.

פֿון אַ ליריקער דורך־און־דורך איז זישע ווײַנפּער שטופֿנווײַז און נאַטירלעך געוואָרן אַ סאָציאַלער ליריקער — אַ דיכטער, וואָס האָט אויף אַן עכטן, ערלעכן, ניט־געקינסטלטן אופֿן פֿאַרבונדן זײַן „איך״, זײַנע „איך״־טרוימען, „איך״־געפֿילן און איבערלעבונגען, מיטן כּלל, מיט דער גרויסער וועלט, און דער עיקר מיטן לעבן פֿון זײַן פֿאָלק.

ער איז געווען וואַכזאַם צו וויכטיקע וועלט־געשעענישן, צום אָרעמיקן גע־זעלשאַפֿטלעכן לעבן, באַזונדערס צום תּוך, מהות (מעהוס) און גורל פֿון דער יידי־שער וועלטלעכער קולטור, וואַכזאַם צום יידישן שאַפֿן בכלל, צו שרײַבער און ליטעראַרישע ווערק. עדות, דערויף זײַנען פֿיל פֿון זײַנע לידער אויף אָט־די טע־מעס און זײַנע צוויי בענד „יידישע שריפֿטשטעלער״ (1933 און 1936), זײַן בוך וועגן זײַן גרויסן לערער און פֿרײַנט משה־לײב האַלפּערן (טאַקע אונטערן זעלבן נאָמען, 1940), זײַן ווערק „שרײַבער און קינסטלער״ (1958).

אין רעטראָספּעקט, אין אַ בליק אויף צוריק, זעט מען פֿאַר זיך ז. ווײַנפּערן ווי אַ זוניקן דיכטער, ווי אַ ליכטיקע געשטאַלט, ווי אַ שטענדיק שעפֿערישע שאַפֿנ־דיקע פּערזענלעכקײט, וואָס האָט אויפֿגעשטעלט אַ גרויסן ליטעראַרישן בנין, וואָס זעט זיך אָן אין דער גאַנצער גרויסער קינסטלעריש־רײַפֿער יידישער דיכטונג אין אַמעריקע.

... ווײַל אַזוינס, וואָס איז צעלויכטענע ירושה,<br>איז פֿאַר אַלע דורות לויטערע קדושה —

אַזוי האָט ז. ווײַנפּער געשריבן אין זײַן סאַמע לעצטן ליד, אַ ליד אַ צוואה. און מיר גײען־צו צום דיכטערס „צעלויכטענער ירושה״ ווי צו אַ „לויטערער קדושה״. אָט־די ירושה, רײַך און אָנגעזעטיקט מיט ליכטיקע, לויכטנדיקע פּראָגרעסיווע אי־

דייען, שליסט־איין עטלעכע־און־צוואַנציק ביכער לידער און פּאָעמען, ראָמאַנען, זכרונות, ליטעראַרישע עסייען, ליטעראַרישע פּאָרטרעטן. פיל פון זיינע ווערק זיי־נען אויטאָביאָגראַפיש און אויטאָפּאָרטרעטיש.

זישע וויינפּער, דער זון פונעם טריסקער חזן, אַ משורר קליינערהייט, איז געווען אַ ליטעראַרישער דאַוונער בציבור. ניט נאָר האָט ער זיך מיט רעכט באַ־טראַכט פאַר איינעם פונעם פאָלק, אַ פּעדימל פון פאָלקס געוועב, נאָר ווי אַ רינג אין דער גאָלדענער קייט פון דער מאָדערנער יידישער פּרעכטיק־אויסגעוואָקסענער ליטעראַטור, ווי אירער אַ שליח־ציבור, אַן אַרכיטעקט־בויער, שאַפער, וואָרטזאָגער, פאַרשפּרייטער. ער איז באמת געווען אַ חשובער גליד פון דער גרויסער יידישער שרייבער־משפּחה — אַ דיכטער, וואָס האָט אויפגענומען געזונטע השפּעות פון אַנדערע (י. ל. פּרץ, מ. ל. האַלפּערן, דוד בערגעלסאָן), און האָט אַליין משפּיע־גע־ווען אַנדערע דיכטער. רעדט מען וועגן ז. וויינפּער, מוז מען נאָכאַנאַנד אינזינען האָבן דעם גאַנצן גאַנג און וואוקס פון דער יידישער דיכטונג אין אַמעריקע, אירע שוועריקייטן, פּראָבלעמען, אויפגאַבן, אויפטוען און דערגרייכונגען.

ז. וויינפּער האָט זיך באַצייכנט אַלס איינעם פון די „יינגסטע" — ווייל ער האָט זיך באַוויזן אין דער אַמעריקאַנער יידישער פּאָעזיע מיט אַרום צוויי יאָר נאָכן אויפקום פון דער דיכטער־גרופּע אָדער ריכטונג „יונגע". וויינפּער איז געווען אַ דיכ־טערישע פּערזענלעכקייט פון כסדרדיקן אימפּעט און אומרו. ער אַליין האָט גערעדט וועגן „מיין אומרו, וואָס האָט מיך קיינמאָל נישט אָפּגעלאָזן" (פון זיינער אַ רעדע אין 1940).

נאָך דעם ווי ער איז (אין די דרייסיקער יאָרן) אין זיינע דיכטערישע שאַ־פונגען אַרויפגעטראָטן אויפן „דרך המלך", אויפן ברייטן שליאַך פון ליריש־גע־זעלשאַפטלעכער, אידייען־געלאָדענער פּאָעזיע, מיטן טראָפּ אויף אינהאַלט, אויפן לעבן פון פאָלק, האָט ער זיך געפרייט און האָט מיט שטאָלץ פאַרצייכנט, אַז ער איז „שוין ניט מער אויף קיין זייטיקע סטעזשקעס, נאָר אויף דעם ברייטן טראַקט".

אין די יאָרן פון גרויסן יידישן בראָך האָט וויינפּער געפונען אין זיין גרויסער דיכטערישער נשמה קוואַלן פון מוט און בטחון — גייסטיקע כוחות גובר־צו־זיין דעם טיפן, אומגעהויער־שטאַרקן צער און ווייטאָק, צו וועלכע ער האָט געגעבן אויסדרוק אין זיינע שענסטע, פּלאַמיקסטע, קרעפטיקסטע לידער — לידער־קינות, איוב־פּאָעמען. ער האָט אין זיך אַנטפּלעקט די דיכטערישע כוחות צו „דערוואַרעמען מיט חלום" דעם לייענער פון זיין ליד.

אין זיין ליד „פּען מיינע, שרייב און פאַרשרייב" האָט ער גערופן:

פּען מיינע, שרייב און פאַרשרייב!
נעם דעם צעדריבלטן איבערבלייב,
און פּוחעם אים ווידער
אין גלויביקע לידער,
און זאָלן זיי קלינגען נאָך העכער.

און זיין פּען האָט אים געפאָלגט, און זיינע גלויביקע לידער האָבן געקרעפּ־טיקט זיין אייגן צעבראָכן געמיט און די געמיטער פון זיינע לייענער. און דער דיכטער, וואָס האָט זיך דערהויבן צו דער מדרגה פון דיכטער פון פאָלק, האָט אויסגערופן: „חושך איז ניט אייביק, באַלד וועט ווערן העל", און:

עס האָט נישט קיין פייער פון קיין שום גיהנום

צעאַשט אין מיין האַרצן דעם גלויבן.
(פון בוך „דאָס געזאַנג פונעם גלויביקן".

אַ דיכטער אַ גלויבער און אַ געלייטערטער אין גלויבן, האָט ער באַזונגען אויך דעם גלויביקן און דעם גלויבן גופא. אין זיין ליד „פאַר לויטערן גלויבן" זינגט ער:

פאַר גלויבן, וואָס שלאָגט זיך
מיט ווינטן אויף וועגן,

דער גלויבן, וואָס טראָגט זיך
דעם מאָרגן אַנטקעגן.

„דעם מאָרגן אַנטקעגן" איז ער געגאַנגען מיט אָפּטימיזם, מונטער און אַנט־שלאָסן, מיט העלן גלויבן אין מענטשן און אין דעם אומבאַזיגבאַרן גייסט פון מענטשן, מיט דיכטערישע פּאַרמעסטן, מיט שאַפערישער ענערגיע.

אַן עיקר־עלעמענט אין וויינפּערס שאַפן איז זיין „ליבע צו דאָ־זיין", ווי ס'האָט זיך אויסגעדריקט אונדזער גרויסער יידישער פּראָזע־שרייבער דוד בערגעלסאָן (אין די וואַרשעווער „ליטעראַרישע בלעטער" אין 1929).

אין וויינפּערס לידער, שוין אפילו אין די ערשטע יאָרן פון זיין שאַפן, מערקט זיך ניט קיין יאָגעניש נאָך עפעקטן, נאָך „וועלן געפעלן", נאָך וועלן קלינגען „אָרי־גינעל". די הויפּט־סימנים פון זיין ליד זיינען פשטות און קלאָרקייט. זיינע לידער, לויטער און פאַרשטענדלעך פאַר די מערסטע לייענער, האָבן בייגעטראָגן צו זיין פּאָפּולערקייט.

ז. וויינפּער איז דער דיכטער פון שטימונגען, געמיט־צושטאַנדן, מיט אַ שלל פון עמאָציעס און אידייען, פרייד און פּיין, טראַכטונגען און זכרונות, טיפע אינער־לעכע איבערלעבונגען, חשבון־הנפש, דין־וחשבון פון זיינע אייגענע פליוסן און מינוסן. זיין „איך" אַלס מענטש און דיכטער קוקט־אַרויס צו אונדז אין דער פולער קלאָרקייט פון זיינע לידער. אין זיי — זיין תוך און טאָן.

פיל פון וויינפּערס לידער באַדן זיך אין זונשיין. עס אָטעמט פון זיי מיט אוקראַינע, מיט זיין היים־געגנט וואָלין, און מיט די רחבותן פון אַמעריקע. אין פיל פון זיינע לידער — אַ געמיש פון שטעטל און גרויס־שטאָט, טריסק און ניו־יאָרק, אַ געמיש פון פּאַטאָס און הומאָר. זייער קען־צייכן: לעבנס־פרייד, ברויז, ברען. פאַראַן אין אַ סך פון זיינע לידער און פּאָעמען דער צויבער פון בילדלעכקייט, אַ לעבנס־פילאָסאָפיע פון אָפּטימיזם, פון בטחון אין דעם מענטש פון מי. וויינפּער איז דער דיכטער פון סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער שליחות, פון הויך־עטישער מי־סיע, אַ מאָנער און דערמאָנער. אין זיינע לידער — „דאָס ליד פון זיין", ענטו־זיאַזם פון בויען, פרייד פון שאַפן.

ווען מיר זאָגן „טריסק" — מיינען מיר דאָס אין פיזישן און סימבאָלישן זין. מיינען מיר — די קייט פון דורות, דעם המשך. וויינפּער איז געווען דער „ממשיך פון דעם המשך — נישט נאָר פאַר זיך אַליין, נאָר אויך פאַר דעם פאַר־שניטענעם".

אין די יאָרן פונעם גרויסן יידישן חורבן בימי היטלער הרשע און שפּעטער האָט וויינפּער אַנטפּלעקט אין זיך, פאַר זיך גופא און פאַר זיינע לייענער, וואונ־דערלעכע פּאָעטישע גבורה פאַר אַרויסזינגען קרעפטיקע נאַציאָנאַלע (ניט נאַציאָ־נאַליסטישע !) מאָטיוון. אומפאַרגעסלעך בלייבן אַזוינע צער־און צאָרן־לידער זיינע, ווי „אלה אזכרה", „פאַר אייער הייליקייט און לויטערקייט", „און אויך מיין יידיש

וואָרט״ (פון זיין בוך „געזאַנג פונעם גלויביקן״).

אַ וויכטיקער אויפטו פונעם „איקוף״ איז געווען דאָס, וואָס ער האָט (אין 1962, אונטער דער רעדאַקציע פון נחמן מייזיל) אַרויסגעגעבן „דאָס ז. וויינפּער־בוך״ — אַן אַנטאָלאָגיע פונעם דיכטערס שאַפונגס־וועג, זוכעניש, דערגרייכונגען. אין דעם בוך גייען־אַריין אָפּגעקליבענע לידער פון וויינפּערס ערשטן לידער־בוך „פון אונזער לאַנד״ (1920), פון זיינע לידער־זאַמלונגען „ראַטמיאַ״, „ביי דער גרעבליע״, „גאָלד און גרין״, „אייגנס״, „געקליבענע לידער״, „דער גילדענער האָן״, „ביראָבידזשאַן״, „פּיניע״, געזאַנג פונעם גלויביקן״, „ביים גרענד קעניאָן״, „לייד און פרייד״, „פּאָעמען וועגן די נביאים״; אויך „לעצטע לידער״, וואָס דער דיכטער האָט געשריבן אין די לעצטע וואָכן פון יאָר 1956 (דער ז. וויינפּער בוך״ אַנטהאַלט אויך אַ צאָל אַרטיקלען וועגן ז. וויינפּער).

ווי אין אַ שפּיגל זעט מען, ווי דער דיכטער האָט אויף זיין לעבנס־וועג, אין גערעאַנגל פאַר אַלץ העכערע קינסטלערישע מדרגות, באַזיגט די פערזון־לייכטקייט פון זיין ערשטן שאַפונג־פּעריאָד; מיר זעען זיין רייכע טעמאַטיק, זיין פאַרליבטקייט אין יידישן לשון און ליטעראַטור; מיר שפּירן די רייפע, וואַקסנדיקע קעמפּפערישקייט אין זיין ליד.

ז. וויינפּער האָט באמת געזונגען „אַ ניי און ליכטיק געזאַנג פאַר די קומענדיקע דורות״. זיין דיכטונג לעבט און זינגט, ווירקט און באַגייסטערט.

זונטאָג, יאַנואַר 29, 1967.
(צו זיין צענטן יאָרצייט דעם 27טן יאַנואַר, 1967)



# משה סטרוגאַטש

(געב. 1892)

„אויף זוניקע וועגן״, לידער און פאַבלען, פון משה סטרוגאַטש, „איקוף״־פאַרלאַג, ניו־יאָרק, 1965. 160 זייטן

דער דיכטער משה סטרוגאַטש איז שטיל אין זיין לעבן, און שטיל אין זיין דיכטונג. ער קערט ניט איבער קיין וועלטן. ער בויט אָבער אויף זיין אייגן וועלטל — אַ וועלטל פון חלומות און טרוימען, — טרוימען פון אַ וועלט פון יושר און שיינקייט.

„אויף זוניקע וועגן“ איז שוין זיין פינפטער לידער־בוך. זיין ערשטע לידער־זאַמלונג, „לידער פון נעכטן און היינט“, איז דערשינען נאָך אין 1922, און האָט דאַן געקראָגן אַ וואָרט פון אָנערקענונג פון אונדזער אומשטערבלעכן משה אַלגין. דער נאָמען פון סטרוגאַטשס נייעם לידערבוך, „אויף זוניקע וועגן“, איז אַ טרעפּלעכע באַצייכענונג פון זיין קרעדאָ, פון זיין לעבנס־ציל. פיל לידער אין דעם בוך, באַזונדערס אין דער ערשטער אָפּטיילונג „אין געראַנגל“, זיינען באַלויכטן מיט זוניקן גלויבן אין מענטש, מיט אַן אָפּטימיסטישן בליק אויפן לעבן. די „זוניקע וועגן“ דאָס זיינען קודם־כל וועגן פון פריינטשאַפט צווישן מענטש און מענטש, צווישן פאָלק און פאָלק.

שוין דער סאַמע ערשטער פערז פונעם ערשטן ליד, „צו מיין זיבעציקסטן געבורטסטאָג“, אין דעם בוך, לייענט זיך:

עס מאַכט די עלטער מיך ניט מיד<br>און כ'פיל גאָר ניט, ווי עס גייט אַוועק דער טאָג —<br>מיט פרישקייט נאָך איז אָנגעזאַפּט מיין ליד<br>און כוחות שאַפּנדע אין זיך נאָך איך פאַרמאָג.

דער לעצטער פערז אין דעם ליד דעקלאַרירט:

עס מאַכט די עלטער מיך ניט מיד<br>און כ'וויס גאָר ניט, וואו עס קומט די צייט אַהין, —<br>עס זינגט דער טאָג זיין גרויסע ליד<br>און ס'איז דאָס לעבן פול מיט זין.

אויפריכטיק קלינגען די פערזן פון אָט־דעם פּראָגרעסיוון דיכטער. מען קאָן אים בפירוש גלויבן, ווען ער זינגט צום סוף פון זיין צווייטן ליד:

כ'האָב קיין זילבער און קיין גאָלד, כ'האָב מיט באַקוועמלעכקייט געצאָלט,<br>און ערלעך, פיל איך, איז מיין געוויסן, — דערפאַר פון רואיקייט כ'קאָן איצט געניסן.

דער אינהאַלט פונעם בוך קאָן איינגעטיילט ווערן אין דריי הויפּט־אָפּטיילן: 1) לידער פון אונדזער צייט און סביבה, 2) קהלתדיקע לידער — פילאָסאָפישע באַטראַכטונגען, לירישע רעיונות ביים אַריינשפּאַנען אין אַכטן יאָרצענדליק פון לעבן, 3) פאַבלען און סאַטירעס. צום סוף קומען עטלעכע לידער, צו וועלכע ס'איז געשאַפן געוואָרן מוזיק (פון וולאַדימיר חפץ און מרדכי ירדני).

פאַראַן דאָ לידער פון דער היינטיקער ניו־יאָרק און אירע פּראָבלעמען פון נויט, אַרבעטלאָזיקייט, פאַרברעכן. עס מאַטערט דעם דיכטער די פּראָבלעם פון ראַסן־האַס, ראַסן־צעטיילונג. ער טרוימט פון יענער צייט, ווען סוף־כל־סוף וועט אומגעוואָרפן ווערן די „דיקע וואַנט צווישן מענטש און מענטש“.

די מערסטע לידער אין דעם ערשטן אָפּטייל זיינען טרוימען וועגן מאָרגן. די טרוימען זיינען דורכגעדרונגען מיט אַ ליכטיקן גלויבן, און זיינען פול מיט לעבנס־לוסט. אין דער לופטן הערט דער דיכטער דאָס שפּילן פון „האַרפן־סטרונעס“; פאַר זיין אויג — אַ „צוקונפט הערלעכע ליגט אַן אויסגעשפּרייטע“; די טעג — „אַזעלכע שטורמישע און הייסע, ווען כוחות ראַנגלען זיך אין ריזיקן פאַרמעסט“. דער דיכטער גייט „אין פוסטריט מיט דער צייט“; ער פאָלגט־נאָך מיטן גרעסטן אינטערעס אָט־דעם קאָלאָסאַלן פאַרמעסט פון כוחות, אין וועלכן אויך ער איז אַ

צד, און ער רייסט זיך צום לעבן, צום געראַנגל.

דורך אַ גאַנצער ריי לידער שילדערט דער דיכטער זיין צובונד צום יידישן פאָלק, צו יידישע וועלטלעכע קולטור־ווערטן, צו דער יידישער קולטור־ירושה און קולטור־טראַדיציע. אין אַט־די לידער דערזעען מיר ניט נאָר דעם דיכטער און דערציילער מ. סטרוגאַטש, נאָר אויך דעם לאַנגיאָריקן יידישן פּעדאַגאָג און לערער פון די פּראָגרעסיווע יידיש־וועלטלעכע שולן, דעם געטרייען שול־טוער, דעם קול־טור־טוער. זיין בטחון זאָגט אים אונטער, אַז ס׳וועט אונדזער וואָרט, „וואָס דורכ־געמאַכט אַזויפיל, ווי אַמאָל פּונקט זיך צעבליען און ברענגען פרישע פּירות״.

פאַראַן אין בוך אויך לידער אויטאָביאָגראַפישע, לידער פון דער נאַטור, פון בענקשאַפט, פון ליטוויש היים־שטעטל, פון אייגענעם „איך״, לידער־געזאַנגען צו אַרבעט — „אַזאַ גרויס פאַרמעג״, און לידער וועגן אייגענעם ליד. צווישן זיי צייכנט זיך באַזונדערס אויס דעם דיכטערס ליד „מיין וואָרט״, וואָס קלינגט אויפריכטיק און באַשיידן:

כ׳פלאַנץ מיין וואָרט ווי קערנדלעך אין דר׳ערד
און וואַך שטיל איבער זיי ס׳זאָלן אויפגיין פולע זאַנגען —
ווער מיין שטים הערהערן וועט און ס׳איז באַגערט,
דערפילן וועט אין איר די אויפריכטיקע קלאַנגען...

די עלף לידער אין צווייטן, קלענערן אָפּטייל, „ביים זון־אונטערגאַנג״, זיינען לידער מיט אַ קהלת־טאָן און צומאָל מיט אַ קהלתדיקן געדאַנקען־גאַנג. זיי קומען אָפּט „אין געראַנגל״ מיטן ערשטן בטחונדיקן, פּולגלויביקן אָפּטייל.

שוין די נעמען פון אייניקע פון די דאָזיקע לידער גיבן־איבער זייער תוך און תמצית. למשל: „אויף דער עלטער״, „אַ דור פאַרגייט״, „געוווען אַמאָל אַ מענטש״. די דאָזיקע לידער ליידן פון צופיל צווייפל, אויב ניט פון — פאַרצווייפל. אין אַט־די לידער פאַלט אַריין דער דיכטער אין שטימונגען פון אומעט און עצבות, וואָס שטימען ניט מיט זיין אָפּטימיזם און בטחון־גייסט פונעם פריערדיקן אָפּ־טייל. ער פילאָסאָפירט צופיל וועגן טויט; קוקט־אַריין צופיל אין קאַלענדאַר פון צייט. דאָ טרעפט איר אַזעלכע זקנה (זיקנע)־שורות, ווי: „ביסלעכווייז פאַלט־צו די נאַכט...״; „שווער די עלטער צו פאַרשטעלן״, „ניט שוין־זשע בין איך טאַקע אַלט?״; „און קומען וועט, ווי יעדנס, אויך מיין באַשערטער סוף״, „אַ דור קומט־אָן, אַ דור פאַרגייט....״ — בעת אפילו קהלת זאָגט אַנדערש און מיט מער אָפּ־טימיזם: „דור הולך ודור בא״: „אַ דור פאַרגייט, אַ דור קומט־אָן״. מיטן טראָפּ אויפן דור, וואָס קומט־אָן. יאָ, עס ציט זיך און ס׳וועט זיך ציען די קייט פון דורות, אָן אַן איבעררייס: די נייע, אָנקומענדיקע דורות זיינען דער המשך, די פאָרזעצונג פון אונדז און פון אונדזער אַרבעט.

נאָך אַ גוט וואָרט פאַרדינען סטרוגאַטשעס לידער־פאָלקסמאָטיוון אָדער גלאַט לידער אין פאָלקסטימלעכן נוסח, צווישן זיי זיינען: „יאָ, צי ניין?״, „זיבן וועכ־טער״, „טרערעלעך־פּערעלעך״ און אַ צאָל אַנדערע, צו וועלכע ס׳איז צוגעפּאַסט גע־וואָרן מוזיק, ווייל זיי זיינען באמת זינגעוודיק און בעטן זיך צום זינגען.

אַ נייער, געראָטענער זשאַנר אין סטרוגאַטשעס דיכטונג איז זיין פאַרנעמען זיך אויפן וועג פון שאַפן פאַבלען און סאַטירעס. דאָס איז ביי אים אַן אָנהויב, אַ נייע פאַזע; אַ וועג, וועלכן ער האָט ערשט אין אויסטרעטן. די אַכצן (ח״י)

פּאַבלען און סאַטירעס אין זיין בוך זיינען אַן אָנזאָג אויף וואוקס און אַנטוויקלונג אין זיין שאַפן. זיי ווייזן אויך, פאַרשטייט זיך, אַז ער זוכט אַלץ נייע פאָרמען און מיטלען פון אויסדרוק. עס פעלט זיי נאָך מער געשליפנקייט פון וואָרט און פּאָ־לירטקייט פון אויסדרוק, אויך מער סאָציאַלע פאַרשאַרפטקייט, אָבער סיי־ווי זיינען זיי אַ יש, אַ זשאַנר, וועלכן דער דיכטער דאַרף מער און ווייטער און העכער אַנטוויקלען. אונדזער אַלטע און נייע יידישע ליטעראַטור איז רייך אין טיפע, לויטערע קוואַלן פון וואונדערלעכע, פערלדיקע משלים און סאַטירעס (דער מדרש; דר. שלמה עטינגער, אליעזר שטיינבאַרג, א. אַנד.) פון וועלכע דער היינטיקער משלים־שרייבער קאָן אַ סך שעפּן מיט גרויס הנאה — און טאַקע לערנען און לערנען אין פּרט פון דערשלאָגן זיך צו מייסטערשאַפט.

די פיילן פון זיין סאַטירע צילט דער דיכטער קעגן די פוסטע באַרימער, די געלט־זעק, די באָדן־ספּעקוליאַנטן, די גבירים אין געלט און אָרעמעלייט אין גייסט, די קונסט־זאַמלער וואָס קאָנען ניט זיין קיין קונסט־געניסער, די היפּאָ־קריטן־צבועקעס, די כיטרע פוקסן און די „פרומע" קעץ; קעגן די אַלע, וואָס זוכן צו צוימען דעם מאַרש־פאָרויס פון פּראָגרעס, צו דרייען די רעדער פון דער געשיכטע אויף צוריק.

פאַראַן נעגאַטיווע שטריכן אין פּרט פון פאָרם, סטיל און טעכניק אין סטרוגאַטשעס דיכטונג. למשל: שוין צופיל קלאָרקייט און פשטות. די פשטות גייט ביי אים אַריבער אין פּאַראַיינפאַכונג, אין צופיל מסביר־זיין, קלאָר־מאַכן. דער דיכטער זוכט „איינצוקנעלן" מיטן לייענער. דער לאַנגיאָריקער לערער, דער פּאַר־טייטשער סטרוגאַטש האָט זיך דאָ אַריינגעמישט אין דער „מלכות פון שירה" און געשטערט דעם דיכטער סטרוגאַטש. אין לידער, ווי באַקאַנט, איז אָפט בויטיק אַ דינע סוגעסטיע, אַן אָנדייט, אַ ניט־דערזאָגטקייט, איידער אַן איבער־געזאָגטקייט. ווי זאָגט דאָס ווערטל: „ודי לחכימא ברמיזא" (וועדאַי לאַכקימאָ ב׳רמיזע — פאַרן קלוגן איז גענוג אַ וואונק...). מען דאַרף איבערלאָזן אַ היפּש ביסל פּאַר דער פאַנטאַזיע פונעם לייענער. די ווידערהאָלונג פון ווערטער, אויסדרוקן, גאַנצע פערזן אין לידער איז בפירוש אַ שטערונג, אַ גרויסער מינוס.

אָבער בכלל גענומען, ווייזט מ. סטרוגאַטשעס נייער לידער־בוך מער רייפקייט, אָנגעזעטיקטייט מיט אידייען, פיינע ריטמישקייט. דער בוך איז אַ העכערער שטאַפּל אין זיין שאַפן.

(זונטאָג, פעברואַר 6, 1966)

צוגאָב: לעצטנס זיינען דערשינען צוויי ביכער דערציילונגען פון מ. סטרוגאַטש.





# מלך ראַוויטש

(געב. 1893)

די נייע לידער־זאַמלונג „עיקר שכחתי" (1954־1969) פונעם 77־יאָריקן דיכטער מלך ראַוויטש אילוסטרירט ווידער און איבעראַנייס, אַז זיין דיכטונג איז רייך און שעפעריש אין קוואַנטיטעט און קוואַליטעט, און אַז ער איז איינער פון די אָריגינעלסטע יידישע פּאָעטן.

מ. ראַוויטשעס דיכטערישער וועג האָט געפירט און פירט צו פרייקייט פון פּאָעטישן וואָרט און פערז, צו באַפרייען דאָס ליד פון צוימען און פענטעס, צום „דרך המלך"... — דעם ברייטן וועגן אָדער שטראָם פון דיכטונג.

שוין אין די ערשטע פעריאָדן פון זיין רייפונג אין שאַפן איז ראַוויטש, אַ ליריש־פילאָסאָפישער דיכטער, געגאַנגען מיט וואָלטמאַנישן ברייטן, אָפענעם דיכטערישן דרך. דאָס מיינט אָבער ניט אָפּזאָגן זיך פון פּאָסיקער, געהעריקער פאָרם, אָדער פון נויטיקן פורעם און פון אַ ראַם, וואָס פאַרהיט פון צעפלאָסנקייט.

זיין נייע לידער־זאַמלונג „עיקר שכחתי" (פּאָסט סקריפּטום) — אַרום 50 לידער און פּאָעמעס — אַ מין נאָכקלערן, נאָכטראַכטן ישוב־הדעתדיק נאָך אַ לעבן־לאַנג פון דיכטן, שאַפן, וואַנדערן און שאַפן, וויזט דעם פּאָעט אין נייער קינסטלערישער דערגרייכונג, אין נייע פּאָעטישע אויפטוען, אין טעכנישער פערזן־מייסטערשאַפט, און נאָך מער: אין אינערלעכער, גייסטיקער דערהויבונג.

מלך ראַוויטש האָט זיך אין אַלע ווערק זיינע אַנטפּלעקט ווי אַ דיכטער פון געדאַנקלעכקייט, וואָס איז ליריש, עמאָציאָנעל, אַ פּאָעט פון אוניווערסאַלער טעמאַטיק, פון „קאָנטינענטן און אָקעאַנען".

פיל פון זיינע לידער, אויך אין דער איצטיקער זאַמלונג, ווי אין זיינע פריערדיקע לידער־ביכער, זיינען פילאָסאָפיש־ליריש (ניי, היינטצייטיק, נאָר אין דער טראַדיציע פון אונדזערע דיכטער פון דער „גאָלדענער שפּאַנישער עפּאָכע"), אויך — לידער פילאָסאָפירנדיקע, מעדיטירנדיקע, דיסקוטירנדיקע. פאַראַן אויך געראָטענע פּובליציסטישע נוסחאות אין אייניקע פון זיינע לידער. פאַראַן אין זיי סיי רייכקייט, סיי קלאָרקייט און פאַרשטענדלעכקייט פון אידייען.

די געדאַנקלעכקייט אין ראַוויטשעס לידער איז אַ פּאָעטישע, אפילו אַ זינגעוודיקע. באַזונדערס וואַרעם און צעגליט איז זיין ליד דאָרט, וואו ער אַנטפּלעקט פאַרן לייענער זיין „איך", זיינע טיפע פערזענלעכע אינערלעכע איבערלעבונגען, זיינע זאָרג וועגן מענטש, וועלט, לעבן, ליד, עטיק.

וואָס איז דער דרך פון אָט־דעם דיכטער־האַרעפּאַשניק, וועלכער האָט זיך אַליין

ריכטיק געהאַט באַצייכנט: „אַ דיכטער, אַ וואַנדערער און אַ ייד"? זיין דרך און נוסח איז צו זינגען, זאָגן, אויסטענהן זיך, כאַפּן אַ באַרעדעוודיקן וואַרעמען שמועס מיטן לייענער — אָבער אַלץ ליריש, עכט, האַרציק, אויפריכטיק.

אין צענטער פון זיין רייכער אידייען־וועלט, וועלכע דער דיכטער עפנט ברייט פאַר זיינע לייענער, שטייען די פּראָבלעמען: ייד, מענטש, גאָט, וועלט, מענטשן־איינזאַמקייט, וועלט־שלום, ליבשאַפט, און יושר — „דאָס געבאָט, וואָס איז פאַרן ערשטן געבאָט".

ראַוויטשעס באַציאונג צום ליד, וואָס „מוז זיין אמת — אַבסאָלוט", איז אַ פיינלעך־ערנסטע, לויטן מוסטער פון אַלע אמתע, גרויסע דיכטער אין דער וועלט־ליטעראַטור. צו אַ סך פון זיינע לידער האָט ער בפירוש אַ מאָראַליש רעכט צו זאָגן, ווי ער זאָגט אין זיין „אַ תפילה" צו זיינס אַ ליד:

און וויסן זיי,
אַז טאַקע דערפאַר ווייל דו ביסט
אַן אויסגעשריי
פון טיפסטן האַרץ,
ביסט דו אמת און ביסט אַ ליד,
ווייל אַ ליד מוז זיין אמת — אַבסאָלוט,
ווי אמת עס איז אַ שנירל בלוט,
אַ טראָפּן טרער.

אַ סך לידער און פּאָעמעס אין דעם בוך זיינען דיכטערישע תפילות, פּיוטים, אַלט־יידישע טראַדיציע, נוסח פון די אַלטע, אַמאָליקע פּייטנים, שליחי־ציבור, דיכטער מיט אַ נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער שליחות. רירנדיק ביז גאָר איז ראַוויטשעס פּאָעמע־תפילה פאַר שלום: „נאַכט פון תחנון און בטחון איבער תל־אביב" — איינער פון די שענסטע שלום־געזאַנגען אין דער מאָדערנער פּאָעזיע.

סאַראַ פּרעכטיקע, דיכטערישע שלום־רופן:

און פאַרביי מיט דיינע געטלעכע טריט
דעם שרעקלעכן ריס, דעם געפערלעכן שניט
צווישן ברודער פאָלק און ברודער פאָלק.
.... פיר די האַנט פון אַלע דיינע קינדער
אייביק צום אַקער און קיין מאָל צו דער
שווערד.

דאָס זיינען דיכטערישע שלום־שאַלן, וואָס בעטן זיך מען זאָל זיי איבערזעצן אויף פיל לשונות און ברייט פאַרשפּרייטן צווישן די פעלקער און אומות פון דער וועלט.

דער געפילפולער דיכטער פון קאַנאַדע רופט־אויס ווי אין אַ תפילה זכה:

טריף
דעם טוי פון דיינע טויען,
די שלווה, דעם שלום
אויף די אַלע קינדער און מענער און פרויען.

דער פלאַמיקער באַגער איז: שלום צווישן פעלקער און לענדער, צווישן מענטש און מענטש:

אַלע דיינע וואַסערן גייען צום ים,
און דער ים איז קיין מאָל נישט פול.
אַלע דיינע פּיינען, דיינע פּלאָגן, אוי, גאָט,
גייען צום יידישן האַרץ,
און דאָס יידישע האַרץ איז שוין פול,
און עס קען שוין נישט מער, קען שוין נישט
מער.
און ס'איז דאָך דאָס האַרץ פון דער וועלט —

און ווידער און נאָך אַמאָל ציטערט דער דיכטער איבער דעם גורל פון מענטש — „די קרוין פון די קרוינען" און „פון אַלע ווערטן די מאָס פון ווערט". און ווידער דעקלאַרירט ער פלאַקאַטיש־פּאַטעטיש:

ס׳איז דער אוניווערס שוין אַזוי געשטעלט,
אַז שנאה גענוג האָט ער סיי ווי סיי.

זיין „פּלאַקאַט אויף די ווענט פון דער וועלט" ענדיקט דער דיכטער מיט די געבעט־שורות פאַר שלום:

פאַרוואָס דערלאַנגען דעם מלאך המות
אַ העלפנדיקע האַנט ? !
צי וואַרפט ער דען ווייניק נאָך פון אונדזער מין
אַליין יעדן טאָג אַריין אין תהום ? !

דעם דיכטערס פּאָעמע „קול קורא במדבר" („אַן איינזאַם נאַכט־ליד צו יענער זייט גבול פון מדינת ישראל") וואָלט געדאַרפט געלייענט און רעציטירט ווערן דורך אַלע אמתע פרייהייט־קעמפער! דאָ האָט איר אַ ברענענדיקן באַגער פאַר שלום און פריינטשאַפט צווישן ישראל און די אַראַבישע פעלקער און לענדער. עס בעט זיך דער דיכטער:

ברודער מיינער,
ברודער
ישמעאל,
זון פון אברהם
אויך דו,
קום נענטער,
דערלאַנג מיר די האַנט!

דער דיכטער ווייזט קלאָר, אַז „ביידנס גורלות" „זינגען זיך צוזאַמען". ער רופט ישראלס אַראַבישן שכן:

דערלאַנג מיר דיין ערלעכע ברודער־האַנט,
און לאָמיר פון איצט אָן צוזאַמען
אַקערן ערלעך דעם דאָזיקן שטיין.

ביידנס פרידלעכע מי וועט באַפרוכפּערן זייערע שכנישע לענדער, וועט ברענגען די ברכה פון שפע:

לאָמיר זיך בעסער דערלאַנגען
אַריבער דעם פּלויט
פּירות פון לעבן.

ניט קיין באָמבעס און קאַנאָנען, ניט קיין טויט, ניט די קללה און פּלאָג פון מלחמה, נאָר — „פּירות פון לעבן"!

דעם דיכטערס שלום־און לעבן־וויזיע זעט, ווי אין פרידן צווישן ישראל און אירע שכנים וועלן פון ביידן אַנטלויפן „די פיר אימהדיקע רייטער": „דער הונגער, די נויט, די פּעסט און דער טויט".

די פּאָעמע איז אַ דערהויבן געזאַנג צום „חלום פון שלום", און צום „ערלעכן אַקער און ערלעכן האַמער". זי איז אויך אַ „יזכור" צום אָנדענק פון „די פאַרברענטע מיליאָנען אונדזערע", אַ תפילה און אַ רוף, אַז —

זאָל פון היינט אָן און אייביק
קיין בלוט נישט טריפן,
קיין האָס נישט גליען —
נאָר בליען זאָל רחמים און טריפן זאָלן טרערן
פון ליבע.

און אָט הערט דעם מעכטיקן פינאַל פון דער סימפאָנישער שלום־פּאָעמע:

ישמע־אל — הער מיך אין נאָמען פון גאָט!
פון דער מיט פון דער מדבר־וועלט
רופט דיך אַ ברודער —
פון דער מיט פון זיין טיפסטן האַרץ
קומט זיין קול.

אין דיין האַרץ — ברודער — איז דער
באַשייד,
אַז דאָס קול זאָל נישט זיין
און בלייבן
קול קורא במדבר.

ציטנוויז שרייט־אַרויס (שווייגט־אַרויס) אַ טיפער עלנט, אַ מוראדיקער צער פון ראַוויטשעס לידער, אַ „יאוש, מער מוראדיק ווי דאָס דערטונקען ווערן", אַ פינצטערער פּעסימיזם, ווען „דער גאַנצער טרויער פון אַלע וועלטן שווייגט און גייט מיר נאָך". אָבער באַלד קומען האָפענונג־און בטחון־שטראַלן, דער גלויבן אין הומאַניזם, דער גלויבן אין המשך, אייביקייט („אייביק דו און איך און אייביק איך און דו") — און פאַרטרייבן די געדיכטע צער־וואָלקנס. דער „דיכטער פון אייביק ניכטער", וואָס זעט אַ סך אומזין, רשעות, אַבסורד, קליינקעפּיקייט אין לעבן פון מענטשן אין אַ משוגענער וועלט פון גוואַלדטאַט און רציחה, שעפּט אויך טרייסט, „האָף און גלויב" פון דער ערלעך־אַרבעטנדיקער מענטשהייט, וואָס קעמפט פאַר יושר. ער קריגט זיין טרייסט און מוט אין אַ וואָרט פון אותיות פיר: בויט! גראָד דאָס אַש פון מיליאָנען פאַרשטאַרקט אין אים דעם רוף: בויט! בויען אויפן אַש, אויף די קברים, אויף די חורבות — בויען „דעם מענטש, די וועלט". דער ווייפולער צער ווערט באַשטראַלט דורך גלויבן אין מענטש:

און עס שטראַלן
שטראַלן
פון גלויבן.

דער דיכטער זעט דעם ענדגילטיקן אויפקום פון אַ „בייער ליבע צווישן פעלקער".

ראַוויטשעס לידער איבערן חורבן דורך די בלוטיקע הענט פון די נאַצי־באַר־באַרן זיינען דורכגעפלאַמט מיטן רוף: נישט פאַרגעסן: „נישטאָ — קיין פאַר־געסן, נישטאָ, נישטאָ!"

מיט צאָרן זיינען דורכגעגליט זיינע לידער וועגן די „שטיינהאַרציקע, אייביקע וועלט־באַגליקערס", די „באַלעבאַטים פון אונדזער אַלעמענס פּלאַנעט", די לייט מיט „קרוינען אויף אייזערנע טעפּ און נישט אויף מענטשלעכע קעפּ".

אין אַ קהלת־טאָן רופט אויס דער דיכטער: „ס'איז געקומען מיין צייט — איצט וויל איך שוין טועם זיין די אייביקייט". אָבער גרעסער איז דער אינטערעס צום לעבן, און אין אַ פילה־ליד בעט ער:

גיב מיר נאָך יאָרן,
גיב מיר נאָך זון.

גיב מיר נאָך רעגן,
גיב מיר נאָך גאַנג איבער טעג, איבער וועגן.

אין דערזעלבער צייט באַוויינט ער די ברוטאַלקייטן, רציחות, געפאַלנקייט, גרוי־זאַמקייט אין לעבן. די קהלת־טענער ווערן דורכגעוועבט מיט שיר־השירים טענער — שיר־השירים צו פעלקער־פריינטשאַפט, צו דער שלימות און שליחות פון מענטש־לעכער פּאָעזיע.

אין זיין דערפאַרונג־און דיכטונג־רייפקייט בלייבט נאָך אַלץ דער דיכטער

אַ פּרעגער פון פּראַגן, אַ זוכער פון באַשייד, פון וועג צו זיך, פון בריאת־העולם, פון אייביקן לעבנס־שטראָם. ער זוכט אַריינדרינגען אין „דברים העומדים ברומו של עולם״.

די לידער אין זיין נייסטן בוך זיינען חשבון־הנפשדיקע, סך־הכל־אונטערצי־ענדיקע — און דאָך מיט פּאַטאָס, מיט עקסטאַז, מיט אינטענסיוון ליריזם. דאָס איז — ליריש־אינטעלעקטועלע, טראַכטנדיקע, סאָציאַל־עטישע דיכטונג. דער טאָן — אַ טיף־טרויעריקער, טראַגישער, אָן אינספּירירטער און אינספּירירנדיקער. דער בוך איז ווי אַ בוים, וואָס איז טיף־פאַרוואָרצלט ביי טייכן וואַסער — טייכן פאָלקס־טרערן, דורותדיקע, לויטערע. פאַראַן אין דעם בוך אויך זשורנאַליסטיש־עסייאיס־טישע עלעמענטן; אויך אַ צאָל שוואַכע, בלאַסע שורות און פערזן — זיי מינערן אָבער בשום אופן ניט די קינסטלערישע וואָגיקייט פון דער זאַמלונג, מיט איר שאַרפער סאָציאַלער קריטיק פּלוס צערטלעכקייט און ליבשאַפט. דעם דיכטערס קינסטלערישע דערגרייכונג דריקט זיך אויך אויס אין אַנטפּלעקן אַ רייכע, שעפע־רישע פאַנטאַזיע, מיט שוואונג, מיט פליגל, מיט דראַמאַטישקייט.

אין דער ווינטשעווסקי־טראַדיציע פון „אַ בעזים און אַ קער״ (כאָטש ניט אַזוי קאָנקרעט און ספּעציפיש) שליסט ראַוויטש זיין בוך מיט „אַ ליד צו אַ גאַסן־קערער״:

ער איז פול מיט רו —<br>
ער קערט,<br>
די גאַס, די שטאָט, די גאַנצע ערד.

דערהויבנדיק דעם סימבאָל פונעם גאַסן־קערער, ווי דעם אָפּראַמער פון אַל־דאָס בייז, רופט־אויס דער דיכטער:

מאַך אונדז ריין די גאַס,<br>
די שטאָט, די ערד —<br>
אָ, דו גאַסן־קערער!

מלך ראַוויטש דוכנט שוין עטלעכע־און־פופציק יאָר ביי דער יידישער ליטע־ראַטור, ווי אַ דיכטער, עסייאיסט, אַנטאָלאָגיסט, מעמואַריסט. ער איז דער מחבר פון 24 ביכער. אין זיין באַלערנדיקער הקדמה צו „עיקר שכחתי״ גיט ער אַ מין זעלבסט־איבערבליק און זעלבסט־כאַראַקטעריסטיק. ער דערקלערט זיך ווי אַ פּרק־תלמיד. ער זעט אין זיך „אַ המשך אַ נאַציאָנאַלן, אָבער אַזאַ המשך, וואָס אינטעגרירט זיך אין אַן אוניווערסאַל־הומאַניסטישער וועלט־באַנעמונג״.

(זונטאָג, אָקטאָבער 4, 1970)





# אפרים קאַגאַנאָווסקי

(1958-1893)

דער שרייבער און קולטור־בויער אפרים קאַגאַנאָווסקי איז געווען איינער פון דער „אַלטער גוואַרדיע", פון דער ערן־גוואַרדיע פון אונדזער ליטעראַטור, דער סאַמע לעצטער פון דער פרץ־משפחה, אַ גלענצנדער פאָרזעצער פון דער וואונדער־לעכער טראַדיציע פון אונדזערע קלאַסיקער, אַן אָריגינעלער וואָרט־קינסטלער, וואָס האָט זיך באַצייכנט אַלס „אַ סאָלדאַט פון פּרצעס גוואַרדיע".

אַוועק איז דער מייסטער! אַוועק אין סאַמע בלי איז דער מייסטער פון דער יידישער נאָוועלע, דער זעלטענער כאַראַקטער־צייכענער און מיניאַטור־קינסטלער, דער מאָלער און פּלאַסטיקער פון אונדזער ליטעראַטור, דער מייסטער פון שילדערן „דאָס געסל".

אַוועק איז אַן עכטער, ערשט־קלאַסיקער, גרויסער קינסטלער, וואָס האָט פאַר־נומען גאָר אַ חשוב און אייגנאַרטיק אָרט אין אונדזער ליטעראַטור. אַוועק איז אַ קרעפטיקער קינסטלער פון פּוילישן יידנטום — דער פּרעכטיקער שרייבער, וואָס האָט אויפן שטייגער פון אַ מאַקסים גאָרקי פאַראייביקט דאָס באַרימטע וואַרשעווער סטאַווקי־געסל — דאָס לעבן פון דער יידישער אָרעמשאַפט, פון שרייענדיקן דלות, פון ביטערער נויט. זיינע וואָרט־מאָלערייען און בילדער פונעם סטאַווקי־געסל, פון וועלכן עס טראָגן זיך קולות, קלאָגערייען, געיאָמער פון ביטערער דחקות, ריחות פון דורותדיקער נויט, בלייבן ווי אַ מאָנומענט נאָך יענעם פאַרשוואונדענעם „געסל".

אפרים קאַגאַנאָווסקי איז געקומען ווי אַ „נס", ווי אַ וואונדער אין אונדזער ליטעראַטור. שוין מיט זיינע ערשטע מחיהדיקע שאַפונגען, מיט כמעט אַ האַלבן יאָר־הונדערט צוריק, האָט ער אַרויסגערופן די באַגייסטערונג פון אונדזער גרויסן קלאַ־סיקער י. ל. פּרץ, וועלכער האָט אים ליב געהאַט און אים מקרב געווען. שוין זיינע ערשטע סקיצן, דערציילונגען, נאָוועלן האָבן אַרויסגערופן די באַוואונדערונג פון קאָלעגן־שרייבער, זיינע בני־דור. אַ גלענצנדער המשך און ממשיך פון דער „גאָלדענער קייט", פון דער טראַדיציע פון אונדזערע אָבות און ראשונים, מענדעלע־

שלום עליכם־פרײַז, האָט ער, אַ קינסטלער מיט אַ שאַרפֿן חוש פֿאַר פֿאַרב און ניואַנסן, אַרײַנגעבראַכט אַן אײגענעם, אײַגנאַרטיקן נוסח אין אונדזער רײַכן ייִדישן שאַפֿן (מיט אַ רײַכן אוצר פֿון ייִדיש אין דעם לשון פֿון זײַנע „העלדן").

דורך זײַנע הונדערטער דערציילונגען, סקיצן, נאָוועלן (צעוואָרפֿן אין פֿיל ייִדישע צײַטשריפֿטן), דורך די זאַמלונגען פֿון זײַנע דערציילונגען און קלײנע און גרויסע נאָוועלן, האָט אפֿרים קאַגאַנאָווסקי קינסטלעריש פֿאַרפֿיקסירט שטיקער ייִדיש פֿאָלקס־לעבן, ייִדיש לעבנס־שטייגער, געמאָלן און געשטאַלטיקט אַ גרויסע צאָל ייִדישע פֿאָלקס־טיפּן. עס לעבט „אַ גרויסער עולם" אין זײַנע ווערק. מיט ליבשאַפֿט, סימפּאַטיע און פֿאַרשטענדעניש האָט ער אײדל, דין, שאַרף געצייכנט און קאָלירפֿול, פֿאַרביק, חנעוודיק און מיט פּיקחות געמאָלן פּשוטע פֿאָלקס־געשטאַלטן, באַזונדערס אָרעמעלײַט, עניים ואביונים, באַליידיקטע און אונטערדריקטע, פֿאַרשטויסענע, פֿאַרחוזקטע. מיט צערטלעכקייט, ליריש, מיט וואַרעמען הומאָר האָט דער מייסטער געצייכנט געשטאַלטן פֿון ייִדישע האַרעפּאַשניקעס, בעלי־מלאכות, טרעגער, באַלעגאָלעס, מאַרק־הענדלער, אַרויסהויבנדיק זיי פֿון דער גרויער וואָכעדיקייט. מאָפּאַסאַניש־טשעכאָוויש, נאָר עכט־ייִדישלעך, אויף זײַן אײגענעם שטייגער, האָט ער געשילדערט די האָפֿענונגען, בענקשאַפֿטן, חלומות פֿונעם ייִדישן אָרעמאַן: די פּוסטקייט, גאַוווהדיקייט און אומשעפֿערישקייט פֿון דער מיטלבירגערלעכער סביבה; דעם עלנט פֿון אָרעמע זקנים. ער האָט דער ערשטער אין אונדזער ליטעראַטור אַרײַנגעבראַכט בילדער פֿון דער אונטערוועלט, און דערבײַ געשילדערט אירע געשטאַלטן מיט עכטקייט און טיפֿער מענטשלעכקייט, ווײַזנדיק די סאָציאַל־עקאָנאָמישע אומשטענדן, וואָס האָבן געפֿירט צו אַ פֿאַרקריפּלטער עקזיסטענץ.

און אַ עיקר־זאַך: זײַנע געשטאַלטן זײַנען ניט קײן שאַטנס. זיי לעבן. דער לייענער זעט זיי, הערט זיי, שפּירט זיי. זיי זײַנען שאַרף אינדיווידואַליזירט. יעדער אײנער פֿון זיי מיט זײַן לעבן, מיט זײַן וועלטל, מיט זײַן הולך, אויסזען, כאַראַקטער, תנועות און העוויות. זיי זײַנען לעבעדיקע מענטשן. לעבעדיק געצייכנט דורך פּען און פּענזל פֿון אַ רעאַליסטישן קינסטלער מיט שטילע טענער, מיט דינע פֿאַרבן, מיט אָריגינעלע קאַגאַנאָווסקישע קונסט־מעטאָדן.

געצייכנט האָט דער מייסטער מענטשן און געשעענישן אין באַוועגונג, אין פּראָצעס פֿון ענדערונג, פּסיכאָלאָגיש פֿאַרטיפֿט, מיט שטוינענדיקן צמצום פֿון וואָרט, פֿון בילד, פֿון שטריכן, אָן איבעריקע דיבורים, אָן אומנויטיקע דעטאַלן. שפּאָרזאַמקייט. קאָנדענסירטקייט — דאָס זײַנען גרונט־שטריכן אינעם שאַפֿן פֿונעם וואונדערלעכסטן סטיליסט קאַגאַנאָווסקי.

דער מייסטער האָט זיך באַליבט געמאַכט בײַ גאָר ברייטע קרײַזן לייענער ניט נאָר מיט דער עכטקייט פֿון זײַן שאַפֿן, נאָר מיט זײַן וואַרעמען הומאַניזם, וואָס שטראַלט־אַרויס פֿון זײַנע בילדער און צייכענונגען, נאָוועלן און דערציילונגען. אָט־די עכטע, נאַטירלעכע הומאַניטאַרישקייט, וואָס דרינגט אַרויס אָרגאַניש פֿון זײַנע שילדערונגען, איז דערצו געוויינלעך באַגלייט מיט אָפּטימיזם, לעבנס־פֿרייד, דורכגענומען מיט לעבנס־חכמה. זײַנע ווערק „נעמען" דעם לייענער, פֿאַרכאַפּן אים, צינדן זײַן פֿאַנטאַזיע מיט דער פֿרישקייט פֿון טאָן, מיט דער דורכזיכטיקער קלאָרקייט פֿון בילד, מיט נײַע מאָטיוון, מיט אַלט־נײַער טעמאַטיק. זיי קאָמבינירן די שענסטע שטריכן אין דער שאַפֿערישקייט פֿון אונדזערע „גרויסע דרײַ". זיי זעצן פֿאָר זייער דרך פֿון אַרויסהויבן שײנקייט און גוטסקייט אין דעם אָרעמען מענטשן. און זיי

זיינען גלייכצייטיק באַהויכט מיטן מחברס אייגענע לירישע, אָפט ראָמאַנטישע, עלעגישע שטימונגען, באַגלייט מיטן שטילן ניגון פון זיין קינסטלערישער נשמה. פאַראַן אויך ביטערע איראָניע, שאַרפע סאַטירע אין אייניקע פון זיינע שאַפונגען: די בייטש פון סאַטירע ווענדעט דער קינסטלער קעגן די נעגאַטיווע טיפּן און דער־שיינונגען אין אונדזער לעבן.

אַ געבוירענער אין וואַרשע (אין 1893) איז קאַגאַנאָווסקי געווען מיט לייב־און־לעבן פאַרבונדן מיטן יידישן לעבן אין פּוילן — אפילו אין זיינע יונגע יאָרן אין דער אוקראַינע, פון וואַנען ער איז צוריקגעקומען צו זיין היימשטאָט אין 1921; און אפילו שפּעטער, אין די יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, וואוהין ער האָט זיך געראַטעוועט אין צייט פון דער נאַצי־אָקופּאַציע.

אין 1948 האָט זיך קאַגאַנאָווסקי באַזעצט אין פראַנקרייך, וואו ער איז באַלד געוואָרן אַ חשובער מיטאַרבעטער, אַ זייל פון דער פּראָגרעסיווער יידישער טאָג־צייטונג „נייע פּרעסע", מיט וועלכער ער איז געווען פעסט און ענג פאַרבונדן ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן, ניט־געקוקט אויף די שענדלעכע העצעס און אַטאַקעס קעגן אים מצד דער יידישער רעאַקציע.

דער פּאַריזער צען־יאָריקער פּעריאָד אין זיין שאַפן איז געווען, קאָן מען זאָגן, דער סאַמע פּראָדוקטיווסטער און פרוכטבאַרסטער אין זיין רייכער, ליטעראַרישער טעטיקייט. אין דער פּראָגרעסיווער יידישער קולטור־סביבה אין פּאַריז, אַרומגע־רינגלט מיט עכט־חברשער ליבשאַפט און וואַרעמקייט, הויך געשעצט פון זיינע קאָלעגן און לייענער־קרייזן, האָט ער זיך דערפילט גוט און היימיש. ער האָט אין משך פון אָט־דעם פּעריאָד באַאַרבעט זיינע פריערדיקע ווערק (פון פאַר דער מלחמה) און געשאַפן נייע. ער האָט געשאַפן זיין זעלטן־שיינע אויטאָביאָגראַפיע „די טונ־קעלע דירה"; די גרעסערע דערציילונג „אָלגאַ"; דעם רייכן קינסטלערישן עסייען־און מעמואַרן־בוך „יידישע שרייבער אין דער היים" — אַ ווערק פון גרויסן באַ־דייט, אין וועלכן ער לעבט־אויף און פירט־דורך פאַר אונדזערע אויגן אַ גאַנצן שרייבערישן, שעפערישן דור; דעם ווערטפולן און וויכטיקן בוך „פּוילישע יאָרן".

דאָס זיינען גאָר באַדייטנדיקע באַרייכערונגען פון אונדזער ליטעראַטור, גאָר וויכטיקע צוגאָבן צו קאַגאַנאָווסקיס פריערדיקע נאָוועלן־און דערציילונגען־זאַמלונ־גען: „טירן און פענצטער" (1921; דערשינען אין דריי אויפלאַגעס), „לייב און לעבן" (1928); סקיצן־זאַמלונג „מיידלעך" (יוגנט־עפּיזאָדן, 1914), א. אַנד.

די לייענער פון דער „מאָרגן־פרייהייט" זיינען גוט באַקאַנט מיט די גרויסאַר־טיקע שאַפונגען פון קאַגאַנאָווסקיס „פּאַריזער פּעריאָד". מיר אַלע האָבן ממש „גע־שלונגען" די זאַפטיקע, מחיהדיקע פרוכט פון זיין שאַפן. מיר האָבן מיטן גרעסטן אינטערעס נאָכגעפאָלגט זיינע אייגנאַרטיקע דערציילונגען, וואָס האָבן זיך רעגל־מעסיק געדרוקט אין אונדזער צייטונג.

די זעלבע אויסגעצייכנטע געפּרעסטקייט פון סטיל, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר קאַגאַנאָווסקיס דערציילונגען און נאָוועלן, מערקט זיך אויך אין די בילדער, צייכענונגען, עסייען, זכרונות „יידישע שרייבער אין דער היים". זיי זיינען פון גרויס וויכטיקייט פאַר דער פאָרשונג פון אונדזער ליטעראַטור און אירע דורות שאַפער. מיט גרויס קאַרגשאַפט פון וואָרט האָט קאַגאַנאָווסקי אויף אַ פּאַרטיפּטן, גראַציעזן, חנעוודיקן אופן אַרויסגעבראַכט נייע, וויניק באַקאַנטע כאַראַקטער־שטריכן אין די פּערזענלעכקייטן און אינעם שאַפן פון אונדזערע קלאַסיקער, פון אַזוינע

שרייבער ווי נאָמבערג, ווייסענבערג, שלמה גילבערט, סעגאַלאָוויטש, קאַווע — זעל־טענע פּען־פּאָרטרעטן (באַגלייט מיט פּרעכטיקע קינסטלערישע צייכענונגען פון מחבר, איינגעשלאָסן זיין אויטאָ־פּאָרטרעט).

די טיפקייט, שיינקייט, ברייטקייט פון פאַרנעם אין קאַגאַנאָווסקיס גייסטן בוך „פּוילישע יאָרן" איז נאָך ווייט ניט גענוג אָפּגעשאַצט געוואָרן. דאָס איז אַ גרויס ווערק, אַ רייכע פּאַנאָראַמע בילדער, טיפן, געשטאַלטן, — אַ ווערק, דורכגענומען מיט אומעט, באַשטראַלט מיטן קלוגן שמייכל פונעם אויטאָר. „פּוילישע יאָרן" איז אפשר דער סאַמע אָרגאַנישסטער טייל פון זיינע שאַפונגען (אין בוך זיינען איינגעשלאָסן 7 דערציילונגען פון דער מלחמה־צייט).

סוף 1957 איז קאַגאַנאָווסקי געווען אויף אַ באַזוך אין ישראל; גזועכט צו באַקענען זיך מיטן לעבן פון די יידישע מאַסן אין דער יידישער מדינה. אַזוי ווי, ער שטייט מיטן פּראָגרעסיוון לאַגער, האָט אים די אָפיציעלע פירערשאַפט פונעם יידישן ליטעראַטן־פאַראיין אין תל־אביב איינגעלאַדן אויף אַ „קבלת־פּנים" ערשט „אַ שעה פאַר ליכט־בענטשן", האַרט פאַר זיין אָפּפאָרן. ער האָט זיך פון אָט־דעם כבוד אָפּגעזאָגט. די פּראָגרעסיווע צייטונג „פריי ישראל" האָט דאַן מיט רעכט אָנגעוויזן, אַז קאַגאַנאָווסקין, דעם שרייבער וואָס „איז פיל יאָרן געווען אַן אַריינגייער און אַ ידיד נישט בלויז ביי י. ל. פּרצן, נאָר אויך ביי ביאַליקן", קאָן די רעאַקציע ניט שענקען דעם פאַקט, וואָס „ער האָט זיך נישט אָנגעשלאָסן אין דער ווּיסטער אַנטי־סאָוועטישער וואַקכאַנאַליע".

און אויך די בירגערלעכע ישראל־צייטונג „לעצטע נייעס" (מ. צאַנינס) האָט מיט רעכט זיך איינגעשטעלט פאַרן כבוד פון קאַגאַנאָווסקין. די צייטונג האָט דערקלערט פּשוט און דירעקט: „אויב אפרים קאַגאַנאָווסקי איז נישט אויפגענומען געוואָרן, זיינען דערצו קיין שריפטשטעלערישע מאָטיוון נישט געווען. דערפאַר זיינען יאָ געווען פּאָליטישע מאָטיוון. דערמיט האָט דער שרייבער־פאַרבאַנד זיך אַליין אויסגעלייזיקט פון אינהאַלט". די צייטונג באַצייכנט קאַגאַנאָווסקיסן אַלס „דעם גרעסטן נאָוועליסט ביי יידן", „די קרוין אויף אונדזער קאָפּ", און דערקלערט: „מיר האָבן די קרוין אַראָפּגעוואָרפן און זיינען געוואָרן נאָך דלותדיקער ווי מיר זיינען".

ערשט נישט לאַנג צוריק האָט קאַגאַנאָווסקי געקראָגן אַ האַרציקן קבלת פּנים אין פּוילן. ס'איז געווען אַ באמת רירנדיקע באַגעגעניש. די שרייבער און טוער הערש סמאָליאַר, בער מאַרק, אברהם מאָרעווסקי, מיכל מירסקי, דוד ספאַרד, ישראל עמיאָט, יואל לאַזעבניק האָבן וואַרעם באַגריסט דעם חשובן גאַסט, דעם יוגנטלעכן וועטעראַן פון אונדזער ליטעראַטור און געזאָגט וועגן דער גרויסער, געזונטער השפּעה פון זיין שאַפן אויף יידישע אַרבעטער אין דער פאַר־מלחמהדיקער וואַרשע, וועגן זיינע ווערק — מאָנומענטן נאָך די אומגעבראַכטע פּוילישע יידן. און ער, דער גרויסער פריינט און קינסטלערישער היסטאָריקער פונעם פאַרבנרייכן יידיש־פּוילישן לעבן, האָט דאַן אין זיין דאַנק־וואָרט דערקלערט: „אומעטום וואו עס זיינען פאַראַנען פּוילישע יידן, בליצט־אויף אין מיין שכל און מיין טאַלאַנט [אויב איך האָב אים], רופט זיך אָפּ דער עקסטראַקט, דער וואונדערבאַרער געמיש, וואָס האָט געשאַפן אַזעלכע גרויסע גייסטיקע אוצרות דורך הונדערטער יאָרן פון יידישן פּוילן".

ס'איז אַ ווייטקדיקער פאַקט, נאָר מען דאַרף אים דערמאָנען: דערפאַר וואָס קאַגאַנאָווסקי איז געשטאַנען מיטן פּראָגרעסיוון לאַגער, האָבן אים שרייבער אין

דעם רעאַקציאָנערן חדר מיאוס פאַרפאַלגט, געהעצט קעגן אים, פאַרביטערט זיין לעבן. אין אַ רעדע, אויפן פאַריזער פערטן לאַנד־קאָנגרעס פונעם „אוניאָן" (פאַר־באַנד פון פּראָגרעסיווע יידישע אָרגאַניזאַציעס אין פראַנקרייך) האָט ער מיט צער און פאַרדרוס דערמאָנט: „אַ חוץ עפנטלעכע אָנפאַלן, פערזענלעכע נישט־געשמאַקע געשפּרעכן, פּרימיטיווע און ווולגאַרע אַריינזאָגענישן פאַר מיין מיטאַרבעט אין דער „נייע פּרעסע", אַ חוץ אַנאָנימע טעלעפאָנען, גייט קעגן מיר אַן אַקציע פון איזאָלאַציע, פון מינערן מיין שרייבערישן ווערט". ער האָט דערביי באַטאָנט: וואו דער ערלעכער פאָלקס־לייענער — דאָרט בין איך.

אין אָנהייב 1956 אויף דער פייערונג (אין פּאַריז) לכבוד קאַגאַנאָווסקיס 45־יאָריקער ליטעראַרישער טעטיקייט האָט ער מיט ווייטאָק דערמאָנט: „איר זענט עדות דערפון, וויפיל אינסינואַציעס, פאַרלוימדונגען און רעגלמעסיקע באַליידי־קונגען מיר קומט־אויס אין די לעצטע יאָרן איבערצוטראָגן מצד די באַוווינער פון די שרייבער... עס איז דאָ אַ גאַנצער פּאַקעט פון פאַרשווינען, וואָס מאַכן אַ לעבן פון זידלען קאַגאַנאָווסקין..." דערביי האָט ער, דערמאָנענדיק דעם אומקום פון „אונדזערע בעסטע שרייבער אין רוסלאַנד", באַטאָנט: „איך וויל נישט גע־הערן צו די, וואָס מאַכן פּראָפיט אויפן אומגליק פון פאָלק".

אין זכרון פון פאָלק וועט אייביק לייכטן די געשטאַלט פונעם גרויסן, האַרציקן, איינציקאַרטיקן קינסטלער קאַגאַנאָווסקי, דעם ווירדיקן תלמיד און נאָכפאָלגער פון י. ל. פּרץ, דעם טרעגער פון די השפּעות פון דער פּוילישער און רוסישער פּאָרגע־שריטענער ליטעראַטור, וועלכער האָט פון זיין ערשטער קליינער נאָוועלע „ביי־נאַכט אין דאָרף" און „דאָס יינגל מישקאַ" (אין זיינע „פּוילישע יאָרן") ביז די נייסטע שאַפונגען זיינע, געשטעלט זיין טאַלאַנט, זיין האַרץ און מוח, אין דינסט פון פאָלק.

אָקטאָבער 26, 1958.





# ב. גלאַזמאַן

(1945-1893)

ברוך גלאַזמאַן — איינער פון די סאַמע אַמעריקאַנישסטע יידישע שרייבער, אַ וואָרט־קינסטלער מיט גרויס טאַלאַנט, אַ פּסיכאָלאָג־באַאָבאַכטער מיט אַ שאַרף אויג.

ברוך גלאַזמאַן, וועלכער איז פּריצייטיק געשטאָרבן (אין עלטער פון 51 יאָר), פאַרנעמט אַ בכבודיק אָרט אין דער יידישער ליטעראַטור מיט דער באַדייטנדיקער צאָל פון זיינע וויכטיקע סאָציאַלע בעלעטריסטישע ווערק. ער האָט אין משך פון זיין קורצן, שווערן, געראַנגל־פולן לעבן אָנגעשריבן אַרום דרייסיק ווערק — דער־ציילונגען, נאָוועלן, ראָמאַנען, אויך עסייען, רייזע־בילדער, קינסטלערישן רעפּאָר־טאַזש, קריטיק, פּובליציסטישע אַרטיקלען, זכרונות. ער האָט באַוויזן אַרויסצוגעבן זיבעצן בענד; איין בוך זיינער, „ברויט", איז דערשינען אַ יאָר נאָך זיין טויט.

גלאַזמאַן האָט געשטאַמט פון אַ משפּחה שוסטערס, גלעזערס, בויערס. ער איז געבוירן געוואָרן אין שטעטל קאַפּיטקעוויטש אין טיף־פּאָלעסיע. זיין פאָטער — אַן אָרעמער שוסטער. די פאַמיליע האָט זיך נאָך ברוכס געבוירן אַריבערגעקליבן קיין מאָזיר, שפּעטער — קיין קיעוו. אומעטום — געליטן נויט. ברוך האָט גע־לערנט אין די ישיבות פון מאָליוער גובערניע, דערנאָך — אין דער באַרימטער לידער ישיבה. ער האָט אויך שטודירט וועלטלעכע לימודים אין דער קיעווער גימנאַזיע. אין 1911, אין קיעוו, האָט ער געשלאָסן נאָענטע באַקאַנטשאַפט מיט די שפּעטערדיקע וויכטיקע דיכטער: אשר שוואַרצמאַן, נחום אויסלענדער, דוד האָפשטיין און ד. וואָלקנשטיין, וועלכע האָבן ביי אים אַרויסגערופן אַן אינטערעס צו דער יידישער ליטעראַטור.

סוף 1911, מיט אַ באַגאַזש פון יידישער און וועלטלעכער בילדונג און מיטן גרויסן חלום צו ווערן אַ שרייבער, איז גלאַזמאַן געקומען קיין אַמעריקע. דאָ האָט ער אין די ערשטע יאָרן שווער געהאָרעוועט אַלס אַ קאַנאַלן־גרעבער, הויז־פאַרבער, אָפיס־אָנגעשטעלטער; אין די אָוונטן — שטודירט. אין 1915 האָט ער גראַדו־אירט פון אַ מיטל־שול; אין 1916 האָט ער אָנגעהויבן זיין ליטעראַרישע אַרבעט אין ענגליש; אין 1918 — גרדואירט פונעם אָהאַיאָ סטעיט אוניווערסיטעט; אין

יענעם יאָר אָנגעהויבן זיין מיליטער־דינסט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי; געדינט ביז פעברואַר 1919.

זיין ערשטע סקיצע אין יידיש האָט ער אָפּגעדרוקט אין 1913 אין דער „פרייע אַרבעטער־שטימע״, אָבער דעם אָנהויב פון זיין ליטעראַרישן פּעריאָד אין יידיש האָט ער אַליין גערעכנט פון 1917, ווען ער האָט פאַרעפנטלעכט דערציילונגען אין אַ ריי יידישע צייטשריפטן. אין די יאָרן 1916־1917 האָט ער רעדאַקטירט אַן ענג־לישן ראַדיקאַלן זשורנאַל. אין גלאַזמאַנען איז אין משך פון עטלעכע יאָר אָנגע־גאַנגען אַ געראַנגל צווישן יידיש און ענגליש — צי זאָל ער ווערן אַן ענגלישער אָדער יידישער שרייבער. יידיש האָט געזיגט. ער האָט דערפילט, אַז פון יידיש שטאַמען זיינע הויפּט־וואָרצלען. זינט 1919 האָט ער זיך אינגאַנצן געווידמעט דער יידישער שריפטשטעלערישער טעטיקייט.

ער איז באַלד פון די ערשטע טריט פון זיין שאַפן געווען ליטעראַט דורך־און־דורך, געראַנגלט זיך פאַר סטיל, געזוכט פּאַסיקע, געהעריקע פאָרמען און אויסדרוקן פאַר זיינע פּסיכאָלאָגישע באָאָבאַכטונגען.

ער איז אין תוך געווען און געבליבן אַן אינדיווידואַליסט מיט אַ שאַרפן אינ־טערעס אין סאָציאַלע פּראָבלעמען. ער איז געווען באַהערשט פון פּעסימיסטישע שטימונגען; אַ גוואַלדיקער צווייפלער, אַ סקעפּטיקער, אַ ניט־גלויבער. דאָס האָט אים פאַרביטערט זיין לעבן אַלס מענטש, און דאָס האָט אים געשטערט אַלס קינסט־לער. ס'איז אים שווער געווען צוצופּאַסן זיך צו דער נייער סביבה. צו אַלץ — צום לעבן און צו מענטשן — האָט ער זיך באַצויגן אַנאַליטיש, גריבלעריש. ער האָט זיך קיין אָרט ניט געקאָנט געפינען. אים האָט זיך געדוכט, אַז ער זעט, ווי יידיש אין אַמעריקע גייט־אונטער, ניטאָ קיין סביבה, קיין מעגלעכקייט פאַר יידישן קולטור־שאַפן. ער האָט אַלץ געקלאָגט אויף הוילקייט, פּוסטקייט, מאַנגל אין קול־טור־אינטערעס, אידעאַללאָזיקייט אין היגן יידישן לעבן.

ער האָט דאַן, אין די צוואַנציקער יאָרן, אונטערגענומען רייזעס קיין אייראָפּע; באַזוכט פּוילן, דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד, געזוכט זיך אַליין, געזוכט די וואָרצלען פון יידיש לעבן און שאַפן, געוואָלט אָפּפרישן זיין אייגן יידיש לשון.

זיינע רייזעס זיינען פאַקטיש געווען ליטעראַרישע נסיעות. פון די דערפאַ־רונגען, באַגעגענישן און באַאָבאַכטונגען אויף זיינע רייזעס האָט ברוך גלאַזמאַן, דער ענערגישער, מיזאַמער, פּראָדוקטיווער שרייבער, דער שטענדיק־פונקציאָנירנ־דיקער ליטעראַט, „אָפּגעשפּאָרט״ אַ היפּשע צאָל ווערק — דערציילונגען, שילדע־רונגען, רייזע־איינדרוקן. זיינע שיפן מיט פּאַסאַזשירן זיינען קליינע וועלטלעך מיט דער גאַנצער קלאַסן־געזעלשאַפט אין דער מיניאַטור (אויך דער אָקעאַן איז ביי אים אַ קאָלירפולער, שטימונגפולער „העלד״).

אין זיין דערציילונג „אַ שיף אויף גרויסע וואַסערן״ זיינען פאַראַן גאָר פיין־געשניצטע פיגורן פון דער אוממאָראַלישער געלט־אַריסטאָקראַטיע. אין זיין זעלטן־קרעפטיקער, פּסיכאָלאָגיש־פּאַרטיפטער שיף־דערציילונג „טאַנץ פון די נעגערס״ דריקט ער אויס פּראָטעסט קעגן ראַסיזם, קעגן ווייסן שאָוויניזם.

צווישן די פיל פּראָבלעמען, וואָס ער רירט־אָן אין זיינע דערציילונגען און ראָ־מאַנען, זיינען פאַראַן פּערזענלעכע און אוניווערסאַלע ענינים; יידישקייט־מאָטיוון; מאָטיוון פון יאוש, פון „אונטערגאַנגיזם״ (די יידישע קולטור אין אַמעריקע גוסס'ט, הייסט עס); עראָטישע מאָטיוון — קאַמף צווישן מאַן און פרוי, געראַנגל צווישן

„ער" און „זי"; עקזאָטיק; סאָציאַלע און סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישע מאָטיוון; באַצי־אונגען צווישן ווייסע און נעגערס.

אין זיין ערשטן שאַפונג־פּעריאָד האָט ער אַ סך געשריבן וועגן יידן אין דער ווייטער אַמעריקאַנער פּראָווינץ, וואָס זיינען אָפּגעריסן פון יידיש לעבן, אָפּגע־פרעמדט פון יידישער קולטור. ער האָט געוויזן, ווי קולטור־ווערטן ווערן איג־נאָרירט, ניט אָפּגעשאַצט. ער האָט זיך אויפגעגעסן אַ לעבעדיקער פון דעם אַלע־מען. אים איז שווער געווען צו זען און באַנעמען די געזונטע, שעפערישע, פּאָזי־טיווע, קעמפערישע און בויערישע עלעמענטן אין דעם אַמעריקאַנער יידישן לעבן — דעם ווירקנדיקן קעמפער פאַרן המשך פון דער יידישער קולטור.

ער איז געווען אַ פאָרשער און שילדערער פון פּראָבלעמען, אַ טיף־ערנסטער קינסטלער מיט שטרענגע פאָדערונגען צו זיך. מיט דער צייט איז זיין פּענזל גע־וואָרן שאַרף און פאַרפיינערט, כאָטש קיין פולע סטיל־מייסטערשאַפט האָט ער ניט דערגרייכט. מיט אָט־דעם פּענזל, מיט פיינע, פאַרביקע שפּראַך־בילדער, האָט ער געשילדערט די שאַרפע, סאָציאַלע קאָנטראַסטן אין דער קלאַסן־געזעלשאַפט, געזען און געוויזן דעם אָנקום פון גרויסע, סאָציאַלע איבערקערענישן אין דער וועלט, דעם קומענדיקן ליכטיקן מאָרגן. אין דער אויבן־דערמאָנטער דערציילונג „אַ שיף אויף גרויסע וואַסערן" (אין זיין בוך „אַנטרונענע") האָט ער געוויזן סיי די „הויכע געזעלשאַפט", סיי דעם „דעק". די מאַטראָסן שילדערט ער ווי — „דרעמ־לענדיקע ריזן, ריזן שלאָפנדיקע, וואָס קאָנען זיך צו יעדער מינוט ענדלעך אויפ־כאַפּן"...

דער ענין קלאַסן־צעטיילונג איז גאָר אַ וויכטיקע טעמע אין זיינע ווערק. אַ מיטליידנדיקער מיט דיליידן פון די עקספּלואַטירטע און באַליידיקטע, האָט ער תכלית־שנאה פיינט געהאַט די בלוטזויגער, די „אַרויפגעאַרבעטע" על חשבון פון די אָרעמעלייט. ער האָט געזען די „אַלראַיטניקעס" ווי מענטשן אָן האַרץ, אָן אַ חלום, אָן אַ אידעאַל; געזען זיי אין זייער גייסטיקער שפלות און אויסגעהוילט־קייט. ער האָט הנאה געהאַט צו רייסן פּאַסן פון זיי אין זיינע שילדערונגען.

גאָר זיין אָנגעקליבענעם פאַרדרוס, צאָרן און פאַרביטערטקייט לאָזט ער אויס צו זיי, די „פּאַרוועניוס", די רייך־געוואָרענע „אַלראַיטניקעס", די פאַרגעלטעוועטע, פאַרביזנעוועטע, מיט געדיכטע פאַרבן און מיט אָפענער אַנטיפּאַטיע, כאָטש קינסט־לעריש־ראַפינירט, שילדערט ער זייער טעמפּקייט, געלט־דורשטיקייט, גראָבקייט, גייסט־אָרעמקייט, ציניזם, ביטול צו אָרעמעלייט. זיין קינסטלערישע פּען לאָזט זיך וואוילגיין. זיין אויג כאַפּט־אויף ממש יעדע דעטאַל, וואָס אַנטפּלעקט אָט־די טיפן זיינע אין זייער פּוסטקייט, לעבערלעכקייט, זינלאָזיקייט. אין דער מענדעלע־טראַ־דיציע, נאָר מיט אַנדערע קינסטלערישע מיטלען, האָט גלאַזמאַן אויפגעכאַפּט אויך דעם אומסימפּאַטישן פּרצוף פון דער „הויכער" גביראָקראַטיע, פון דער יחסנישער גרויס־בורזשואַזיע און אירע בעלי־טובהניקעס און צדקה־געבער.

ב. גלאַזמאַן איז, בכלל גענומען, געווען גאָר אַ פיינער וואָרט־פּלאַסטיקער און צומאָל אויך אַ לירישער דערציילער. מיר האָבן אָבער אַ כלל גדול: וואָס „צו" איז איבעריק. גלאַזמאַנס סטיל האָט געליטן פון „צופיל": צופיל רייד, צופיל דעטאַלן, צופיל פאַרב. זיין פּען — צו־פּליסיק; אייניקע פון זיינע פיגורן — צו־סכעמאַטיש. אַזוי האָט אויך זיין פילאָזאָפישער לעבנסקוק געליטן פון צופיל שאָטן, צופיל ביטערניש, צופיל אומגלויבן און צווייפל. אַזוי איז אויך צו־גרויס פּראָפּאָר־

ציאָנעל די צאָל פון זיינע נעגאַטיווע פּאַרשוינען (די יונה קודלעס, מיסטער נעסאָוס, מר. „ביס" און ענלעכע) לגבי דער אַלגעמיינער „באַפעלקערונג" פון זיינע כאַראַקטערן. זעלטן געפינט ער אין זיינע העלדן דערהויבנקייט, תמימות, נשמה־שיינקייט. דער מחבר, אַ טיפּישער אינטעליגענט, האָט געליטן פון אינטעליגענטישע אַנגסטן, פּאַרדאַכטן, קווענקלעניש, זעלבסט־גריבלעניש און זעלבסט־גראַבלעניש. אין דער פּרוי האָט ער געזען מערסטנס שאָטנדיקע שטריכן, נעגאַטיווע זײטן. איר אַמביציע, לויט זיינע ווערק, איז: צו באַהערשן דעם מאַן, איר שטרעבונג איז צום סאַמע הפוך פון „והוא ימשול בה" („און ער זאָל געוועלטיקן איבער איר"). די מערסטע פון זיינע פּרויען־טיפּן זיינען אָפּנאַרעריש, נעגאַטיוו. קיין שיינקייט און צערטלעכקייט אין דער פּרוי האָט ער כמעט ווי ניט געזען.

אין אַ צאָל פון זיינע רעאַליסטישע דערציילונגען געלינגט אָבער גלאַזמאַנען אויך אַרויסצוברענגען שיינע, ליכטיקע מענטשלעכע געשטאַלטן און געבן קינסטלערישן אויסדרוק צו טיפן מענטשלעכן צער, צו גייסטיקע יסורים, צו רירנדיקן טראַגיזם. אין יענע דערציילונגען אַנטפּלעקט זיך גלאַזמאַן ניט בלויז ווי אַ ליטעראַרישער פּסיכאָלאָג און פּסיכאָ־אַנאַליטיקער, אַ ליטעראַרישער כירורג מיט אַ דינשאַרף לאַנצעטל, אַ „בוחן־ובודק", נאָר ווי אַ שרייבער מיט אַ גרויס, וואַרעם, מיטפילנדיק האַרץ.

רייך אין טאַלאַנט און וויסן, איז ער געוועזן אַ קינסטלער מיט גרויס באַוואוסטזיין וועגן די ספּעציפישע פונקציעס פון ליטעראַטור, וועגן דער ראָל און אויפגאַבן פון ליטעראַטור, וועגן אירע פאַרשיידענע „שולן" און ריכטונגען. ער איז תמיד געווען „ליטעראַריש־באַוואוסטזיניק"; תמיד געטראָגן אין קאָפּ פלענער פאַר נייע דערציילונגען, ראָמאַנען, עסייען; אויסגעוואַרעמט אין מוח און האַרצן נייע סיוזשעטן, טעמעס, סיטואַציעס, כאַראַקטערן.

איינער פון ברוך גלאַזמאַנס וויכטיקסטע בייטראָגן און אויפטוען באַשטייט אין דעם, וואָס ער האָט געגעבן שטיקער אַמעריקע אין זיינע ווערק, רייכע בילדער און שילדערונגען פון אַמעריקאַנער יידישן לעבן (אין שטעט און שטעטלעך), פון כלערליי אַמעריקאַנער טיפּן יידן — תושבים און ניי־איינגעוואַנדערטע, יידישע אַרבעטער, פאַרמערס, פּשוטע פּאַלקס־מענטשן, אינטעליגענטן (מערסטנס לערערס, שרייבער), קליינבירגער, גבירים. אַ וועלט מיט מענטשן! שוין פון זיינע סאַמע ערשטע בענד נאָוועלן „באַגינען" (1921) און „אויף אַ האָר" (1923) האָט מען געקאָנט זען, אַז ער קען אַמעריקע, דער עיקר די אַמעריקאַנער־יידישע סביבה. אין אָט־די ווערק זיינע — טרויעריקע, לירישע טענער, צער־פולע שילדערונגען, מעשיות און דערציילונגען וועגן יידן, וואָס פילן זיך פרעמד, אויסגעוואַרצלט, אייבערגעפלאַנצט אויף אַ פרעמדן, שטייניקן, זאַמדיקן באָדן. אָט־די העלדן זיינע האָבן, ווי ער אַליין, געוואָלט „היימישקייט", „וואָרצלדיקייט" — און האָבן, ווי ער, זיך ניט געקאָנט איינוואָרצלען.

אויך אין זיינע שפּעטערדיקע דערציילונגען און ראָמאַנען — ברייטע אַמעריקאַנער לייוונטן, און — שטיקער פון זיין אייגן, שווער, טראַגיש, פרי־פאַרשניטן לעבן, באַזונדערס אין זיין „פּעינטערס" און אין די טיילווייז־אויטאָביאָגראַפישע ראָמאַנען „אין גאָלדענעם זומפּ" (1940 — ס'לעצטע ווערק, וואָס איז דערשינען פאַר זיין טויט) און „ברויט". דער הויפּט־העלד פונעם ראָמאַן „ברויט", דער נויטליידנדיקער שוויגנדיקער לערער לאַרקין — דאָס איז דאָך ער, אונדזער מחבר גלאַזמאַן

— אַרומגערינגלט פון די „הוואווערווילס" — די סימבאָלן און געשטאַלטן פון אַמע־ריקעס קריזיס־יאָרן, הונגער־יאָרן. ברויט, פּרנסה פאַר זיך, זיין פרוי סימע און זייער קינד אַלעקסאַנדער איז ביי גלאַזמאַנען געווען אַ לעבנס־פראַגע. וועגן די ענינים פלעגט ער אָפט רעדן מיט מיר אין מאָמענטן פון זיין עלנט.

זיין ראָמאַן „אין גאָלדענעם זומפּ" האָט גלאַזמאַן פּאַקטיש געשריבן אינעם ערשטן פּעריאָד פון זיין ליטעראַרישן שאַפן. דער בוך איז „דער רעזולטאַט פונעם שרייבערס שטימונגען נאָך אין די יאָרן 1919־1920". אַט־דער ביטערער בוך איז אַ מין ליטעראַרישער סך־הכל פון אומצופרידנקייט מיט זיך גופא, פאַרדרוס און פאַרביטערטקייט קעגן קאָלעגן־שרייבער, קעגן דער בירגערלעכער איסט־בראָד־וועיער שרייבער־סביבה און דעם וואולגאַריזם פון איר פּרעסע. דאָס איז אַ בוך פול מיט שטימונגען פון יאוש און רעזיגנאַציע, און גלייכצייטיק אַ שאַרפע אָנקלאַגע, אַ סאַטירע אויף אַ צאָל רעדאַקטאָרן און שרייבער, וואָס האָבן זיך גרינג געקענט דערקענען הינטער די פאַרשטעלטע נעמען אין דעם ווערק. דער העלד פונעם ראָמאַן, משה רמבם, אַ געוועזענער ערנסטער יידישער פּאָעט און איצט אַ נייעס־רעדאַקטאָר אין אַ גרויסער יידישער צייטונג, זינקט אין גאָלדענעם זומפּ... צומאָל דערפילט ער אַליין זיין גייסטיקע ירידה. דער מחבר שילדערט אַ געפאַלענע איסט־בראָדוועיער שרייבער־סביבה: חניפה, האָס, באָסיזם, סאַדיזם מצד דעם „באָס", און ענלעכע „מידות טובות"... דער בוך איז באַגעגנט געוואָרן אויף איסט־בראָד־וועי מיט אַ ליאַרעם און געפילדער.

ב. גלאַזמאַן, אַ שעפערישע פּערזענלעכקייט, אַ זוכער פון שלימות, איז, קעגנ־טיק, קיינמאָל ניט געווען צופרידן מיט זיינע אייגענע דערגרייכונגען אַלס שרייבער. אים האָט זיך אַלץ אויסגעדוכט, אַז ער גופא האָט ניט דערגרייכט דעם שרייבערישן ציל, וואָס ער האָט זיך געשטעלט. ער האָט אַלץ געטרוימט וועגן דעם גרויסן ווערק, וואָס ער דאַרף נאָך שאַפן. ער איז, אין אַ היפּשער מאָס, געווען אַ קרבן פון זיין אייגענעם פּעסימיזם, און פון זיינע שווערע, ביטערע ראַנגלענישן מיט זיך און מיט דער סביבה.

אפשר דער פּריידיקסטער און שעפערישסטער מאָמענט אין זיין לעבן איז גע־קומען אין 1922 מיט דער גרינדונג פון דער „פרייהייט". ער איז באַלד געוואָרן איינער פון אירע מיטאַרבעטער. ער האָט זיך דערפילט דערהויבן אין אַ סביבה פון יידישע פּראָלעטאַרישער און פּראָלעטאַרישע אינטעליגענטן, וואו יידישע קול־טור ווערט הויך געשאַצט. ער האָט אין יענעם פּעריאָד אַ סך געשאַפן. ער האָט זיך געדרוקט אין דער „פרייהייט"—„מאָרגן־פרייהייט" אין די יאָרן 1922־1924, 1926־1928, 1934־1938. אין יענע יאָרן האָט ער זיך אויך געדרוקט אין די פּראָגר־רעסיווע שריפטן „דער האַמער", „סיגנאַל", „ניילעבן", „פּראָלעטאַרישע דערציאונג", אויך אין סאָוועטיש־יידישע צייטשריפטן.

ווען ער האָט פאַרלאָזט די „מאָרגן־פרייהייט" און איז צוריק אַוועק אינעם בירגערלעכן לאַגער, האָט אים דאָרט באַגעגנט אַ שאַרפע פיינטשאַפט, אַ ביטערער ביטול, אַן אַלאַסקאַ־קעלט. ער האָט זיך דערפילט נאָך מער איינזאַם, פאַרלאָזן און טראַגיש.

(צו זיין צוואַנציקסטן יאָרצייט)
זונטאָג, סעפּטעמבער 26, 1965.



# סעם ליפּצין

(געב. 1894)

וועגן דעם באַליבטן פאָלקס־שרייבער און הומאָריסט סעם ליפּצין איז ניט שייך צו זאָגן, אַז ער איז ענג פאַרבונדן מיט די יידישע פאָלקס־מאַסן. ער איז אַליין אַ שטיק פונעם פאָלקס־לעבן, אַן אמתער עמך שער־און־אייזן.

נאָך מער: ער, דער שטענדיק־ענערגישער, געטרייער פרייהייט־קעמפער און אַרבעטער־טוער, איז אַ שטיק קעמפערישע יידישע אַרבעטער־געשיכטע. צוזאַמען מיט די יידישע אַרבעטער־יוניאָנס האָט ער געפּאָקט און געמאָזלט, צוזאַמען מיט זיי דורכגעלעבט קאַלטס־און־וואַרעמס. ער איז, קאָן מען זאָגן, געשטאַנען ביים וויגעלע פון דער אַמאַלגאַמעיטעד שניידער־יוניאָן, וועלכע ציילט איצט קרוב צו פיר הונדערט טויזנט מיטגלידער. ער האָט די דאָזיקע יוניאָן געהאָלפן גרינדן און בויען.

סעם ליפּצינס זעכציקסטער געבוירנטאָג פאַלט־צוזאַמען מיטן פערציקסטן געבוירנטאָג פון אָט־דער יוניאָן. אונדזער חשובער יובילאַר האָט יאָרן־לאַנג געקעמפט שרעקלאָז און עקשנותדיק קעגן די באַלעבאַטים און זייערע אַרויסהעלפער, קעגן סקעבס און יוניאָן־ביוראָקראַטן, קעגן רעאַקציע און קאָרופּציע. די שטיינער פון די ניו־יאָרקער גאַסן זיינען ניט איין מאָל באַפאַרבט געוואָרן מיט זיין בלוט, ווען ער איז געשטאַנען מיט די ברידער און שוועסטער סטרייקערס אויף די פּיקעט־לאַינס.

אונדזער בן־ששים, דער שניידער בן שניידער, דער זון פון דער יידישער אָרעמשאַפט פון ליפּסק, סואוואַלקער גובערניע, האָט אָנגעהויבן אַרבעטן ביי שניידעריי, ווען ער איז נאָך געווען אַ צען־יאָריק בחורל. און ווען ער איז אין עלטער פון פופצן יאָר געקומען אין קאָלומבוסעס מדינה, איז ער באַלד געוואָרן אַ שאַפּ־אַרבעטער און אַ מיטגליד פון דער יוניאָן (יונאַיטעד גאַרמענט וואָירקערס אָוו אַמעריקע). ער איז געוואָרן אַקטיוו אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. אין 1926 האָט אים די דאַמאָלטיקע רעאַקציאָנערע פירערשאַפט פון דער יוניאָן, וואָס ער האָט אַליין געהאָלפן בויען, אויסגעשלאָסן. זיינע „זינד"? ער האָט אויפגעדעקט קאָרופּציע־געשעפטן פון אַ קליקע אין דער יוניאָן. ער איז אַרויסגעוואָרפן געוואָרן אויך פון שאַפּ און האָט געכאַפּט קלעפּ פון געדונגענע שלעגער.

אָבער דער שניידער בן־שניידער איז קיינמאָל ניט געוואָרן אויס שניידער. סעם

ליפּצין האָט גענומען אַרבעטן ביי אַנדערע מלאכות און האָט בלויז פאַרביטן זיין נאָדל אויף דער פּען. ער האָט איינגעשפּאַנט זיין לייכטע, פליסיקע פּען אין זיין זינגער־מאַשין (אָט טאַקע ווי אין זוני מאָודס אַ צייכענונג) און ער האָט ווייטער געשטעפּט. ניט מער: אַנשטאָט מלבושים, האָט ער גענומען נייען — ביכער. אָט־אַזוי־אָ האָט ער זינט 1923 אָפּגעשטעפּט איין־און־צוואַנציק ביכער — פיינע „מלבו־שים" צו דערוואַרעמען און דערקוויקן דאָס האַרץ פונעם האָרעפּאַשנעם פאָלק. זיין שאַפּ איז געוואָרן די גאַנצע וועלט....

שרייבן איז ביי ליפּצינען אַ טייל פון זיין לעבן־און־קאַמף, אַ טייל פון זיין אַרבעט פאַר דעם אַרבעטער־פאָלק. ער האָט אין זיינע ביכער פאַרצייכנט זיין לעבן און דאָס לעבן פון שאַפּ־אַרבעטער אַלערליי, „גרינע" און „אויסגעגרינטע", קלאַסן־באַוואוסטזיניקע און צוריקגעשטאַנענע. און — דאָס פאָלק האָט אים אָנערקענט און ליב־געקראָגן. דאָס פאָלק האָט אויפגענומען זיינע ווערק מיט אַ געפיל פון פרייד און שטאָלץ: עס איז דאָך עפּעס טאַקע איינער, וואָס איז בלוט פון אונדזער בלוט און לייב פון אונדזער לייב, און אין אַלץ וואָס ער האָט געשריבן האָט דער שניידער און שרייבער, אַ גייסטיק איניקל פון מאָריס ראָזענפעלד, אַריינגעוועבט רויע שטיקער יידיש אַרבעטער־לעבן, שטיקער פון דער יידישער אימיגראַנטישער אַרעמשאַפט, טרערן און וויי, דורכגעפעדעמט מיט מאָטיוון פון פּראָטעסט און קאַמף, דורכגעשטראַלט מיט האַרציקן, מחיהדיקן הומאָר. דורך זיינע פּילצאָליקע מעשה־לעך, פּען־שטיפעריען, מאָנאָלאָגן, פעליעטאָנען, דערציילונגען, רעציטאַציעס, לי־דער, משלים, איינאַקטערס, בילדער און בילדלעך האָט אונדז ליפּצין ערשטנס, געגעבן אַ ברייט בילד, אַ פּאַנאָראַמע, פונעם געשיכטלעכן וועג און וואוקס פון דער יידישער אַרבעטער־מאַסע, ווי אויך פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמע־ריקע. און געטאָן האָט דאָס אונדזער יובילאַר ערלעך, געטריי צום לעבן, רע־אַליסטיש, מיט טאַלאַנט, און מיט דער וויזיע פון אַ קעמפער, וואָס איז דורכגעדרונ־גען מיט גלויבן אין סאָציאַלן יושר און אין דעם ענדגילטיקן זיג פון פאָלק.

ער האָט אונדז געגעבן מעשה־שאַפּ, און דאָס מיינט: מעשה שרעקלעכע נויט און באַסישע עקספּלואַטאַציע, דלות און דחקות, הונגער און צער. ער האָט אונדז געוויזן די עקספּלואַטאַטאָרס אָפּגעשוינדענערהייט. ער האָט אַרויסגעבראַכט עכטע בילדער פון שאַפּ און סטרייק אויפן גרונט פון אייגענער ביטערער דערפאַרונג און איבערלעבונג. שוין אין זיין סאַמע ערשטן בוך „אויף לייטיש געלעכטער" (1923) רעדט ביי אים אַ באָס בזה לשון: „וואָס פרעגט איר וואָס דער סוף איז געוועזן? איר ווייסט דאָך, אַז מיסטער פּעמפּיק איז ניט קיין גזלן. די חברה האָט ביי מיר אָפּגעסטרייקט אַ זעקס וואָכן, האָב ,געצעטלט'. וואָס דען, איך וועל זיי לאָזן שטאַרבן פון הונגער?...". יאָ, איר הערט אים רעדן, דעם מר. פּעמפּיק, און איר דערקענט אים. דער מחבר ליפּצין האָט אים ריכטיק אָפּגעפּאָרטרעטלט. און פונקט אַזוי דערקענט איר פיל פון די העלדן און כאַראַקטערן, פּאָזיטיווע און נע־גאַטיווע, וואָס ליפּצין שילדערט אויף זיין אייגענעם הומאָריסטישן אָדער סאַטירישן אופן. אַ סך פון זיינע מעשיות זיינען שוין געוואָרן אַ שם דבר: זיי זיינען אַריין אין פאָלק. מען זאָגט שוין, למשל: עס איז ווי מיט די וועקזייגערס אין ליפּצינס מעשהלע „יונה פעפער"; אָדער: אָט־אָ־דער אויטאָמאָביל איז ווי ליפּצינס „צע־פאָרענע מאַשין, וואָס קאָן ניט פאָרן; אַ מאַשין, וואו אַלץ פייפט און סקריפּעט". אָדער מען הערט זאָגן: מיט יענעמס ווערק איז ווי מיט ליפּצינס אויטאָמאָביל:

„יעדער טייל געהערט צו אַן אַנדער פירמע...". ניט זעלטן הערט איר זאָגן: ס'איז ווי מיט ליפּצינס „בעיבי סיטערס", אָדער ס'איז אַקוראַט ווי מיט ליפּצינס „וואַקאַציע"...

ליפּצין איז געבענטשט מיט אַ זעלטענעם, נאַטירלעכן הומאָר, פון וועלכן עס שטראַלט אַרויס דעם מחברס האַרציקע, וואַרעמע באַציאונג, זיין ליבשאַפט צו די אונטערדריקטע, געפּלאָגטע אַרבעטער־ברידער און שוועסטער.

ליפּצין, וועלכער האָט נאָך אַ סך „צו זינגען און צו זאָגן", האָט אויסגעאַרבעט זיין אייגענעם סטיל, און אַן אייגנאַרטיקן ליפּציניש זשאַנר. ער איז אַ פאָלקס־זאָגער און ווערטל־זאָגער פון אַ הויכער מדרגה — בעל־פּה און בכתב. ער איז אַ פּרעכטיקער פּאַרזעצער פון געזונטער יידישער פאָלקס־טראַדיציע פון הומאָר און סאַטירע; די טראַדיציע פון הערשעלע אָסטראָפּאָליער, אפרים גריידיגער, מאָטקע חבד, מיט עלעמענטן פון שלמה עטינגער, וועלוול זבאַרזשער, אליעזר שטיינבאַרג און מאָריס ווינטשעווסקי. אָבער ער איז ניט קיין נאָכמאַכער: עס איז דורכאויס זיין אייגענער הומאָר און סאַטירע. די שאַרפע פיילן פון זיין סאַטירע זיינען געצילט קעגן די באָסעס, לענדלאָרדס, בלוטזויגער, צבועקעס און גלאַט ליידאַקעס.

ליפּצין איז אַ גייענדיקער, שפּרודלדיקער קוואַל פון שפּאַס און שטיפעריי. ער נוצט אַלערליי פאָרמען פון הומאָר: הומאָר פון סיטואַציע און כאַראַקטער, וואָרטשפּיל, המצאהלעך, וויץ, שאַרזש, וואָרט־קאַרטון, קונדס־שטיק און „שטוקעס". זיין סאַטירע איז ניט תמיד דווקא „סובטיל": צייטנווייז איז זי אַ געמיש פון ביטערער איראָניע, סאַרקאַזם, חוזק און שפּאָט, מאַכן חוכא־וטלולא, „לייטיש געלעכטער", פּראָווען ליצנות, אָפּלאַכעריי, טרייבן קאַטאָוועס. תמיד איז זי אַ „שפּיל — צום ציל", צו טרעפן אין פּינטל, צו דערלאַנגען (דעם קלאַסן־שונא) אין דער זיבעטער ריפּ. תמיד איז זי ביי ליפּצינען אַ וואָפן, אַן אינסטרומענט, אַ קאַמפס־מיטל.

פאַראַן אַ יידיש שפּריכוואָרט: „שטיף און לאַך און היט־אָפּ די זאַך!" ס'הייסט: מעגסט זיך טאַקע זיין לוסטיק און פריילעך, נאָר זאָלסט אינזינען האָבן דעם תכלית. און אָט־דאָס האָט אונדזער פריילעך־מאַכער ליפּצין (אָנקל סעם, קוועקזילבער, לאַכשויך, רויטער פעפער) אינזינען.

ליפּצינס טאָן איז פעסט און מונטער. עס איז דער בטחון פון טוביה דעם מילכיקן און דער אָפּטימיזם פון קעמפנדיקן, זיגנדיקן און זינגענדיקן אַרבעטערקלאַס. זיין מעשהלע זוכט צו ברענגען טרייסט און דערמוטיקונג ניט בלויז צום האָרעפּאַשניק, וואָס ווערט אויסגעריסן, נאָר בכלל צום יורד, צום שוואַכן: אַז מאַלווינאַ די סוברעטין ווערט אַלט און פאַרלירט איר שטים און די יונגע כוחות, און זי דערשרעקט זיך פאַר אירע גרויע האָר, געפינט זי (ביי ליפּצינען) אַ טרייסט, ווען איר 6־יאָריק אייניקל לאַלאַ צעזינגט זיך און צעטאַנצט זיך. „דערפילט זיך מאַלווינאַ אַ דערפרישטע, אַ באַנייטע, פונדאַסניי געבוירן"...

ליפּצינס 21 ביכער רופן זיך איבער אַזוי מונטער און פריילעך: מיר זיינען דאָ, הייסט עס. אָט זיינען מיר: „גוט מאָרגן!", „אַ גוט יום־טוב!". צעזינגען זיך אַלע ווי איינער אין אַ כאָר: „לאָמיר זינגען", „אַ פריילעכס", „קאַמפּלוסטיק", „ניט געדאַיגעט", „לעבעדיק און לוסטיק", „צולאַכ־עס די טרערן", „מיט געזאַנג אין קאַמף", „אינספּאַיט אָוו טירס" (אין ענגליש), „געקעמפט און געלאַכט", „אויף לייטיש געלעכטער", „איך לאַך פון דער וועלט", „הערט אַ מעשה", „רויטע פעפער־

לעך״, ״קוועקזילבערס פענשטיפערייען״, ״שפיל — צום ציל״. פאַרציט איינער מיט אַ מעשה־ניגון: ״אַמאָל איז געווען...״ (און דערציילט אַ וועלט מיט מעשיות פון ניו־יאָרק מיט יאָרן־צוריק); ענטפערט אים אַ צווייטער: ״פאַר פרייד און פרידן!״, און צעזינגט זיך און טראָגט־אונטער אַ שלל מיט מעשהלעך.

ליפּצינס ווערק זיינען אַ שאַרפער ענטפער צו יענע יידישע רעאַקציאָנערן, וואָס זוכן איצט (ערב די פייערונגען פון 300 יאָר יידיש לעבן אין אַמעריקע!) מבטל־מאַכן, אָפּווישן אָדער פאַרקריפּלען דעם בייטראָג פון די יידישע אַרבעטער, פון די יידישע טרעיד־יוניאָנס ביי אונדז אין לאַנד. ליפּצינס ווערק שפּיגלען־אָפּ אין אַ גרויסער מאָס די דירעקטע באַטייליקונג פון יידישע אַרבעטער אין בויען די אַמעריקאַנער אַרבעטער־באַוועגונג.

(צו זיין זעכציקסטן געבורטסטאָג)
מאַי 16, 1954.



# אסתר כץ

(געב. 1894)

״מאַריקס חלום״ — מעשיות און לידער פאַר קינדער, פון **אסתר כץ**. צייכענונגען פון זוני מאָוד. פאַרלאַג יונגוואַרג, ניו־יאָרק, 1953. 160 זייטן.

מיט אַ צויבער־שטעקעלע אין האַנט קומט צו גיין אַ טאָכטער פון פאָלק, קומט צו גיין צו אַ הויכן טויער אין אַ הויכן מויער, זאָגט אַ יידישן כישוף־שפּרוך דעם טויער אין אויער, מיטן כישוף־שטעקעלע אין האַנט, רירט זי אָן די שטיינערנע וואַנט, — און וואונדער איבער וואונדער: ברייט צעעפנט זיך דער טויער און די טאָכטער פון פאָלק טרעט אַריין אין אַ פּרעכטיקן כאָר, אין אַ כאָר פון פּרוכט־ביימער כלערליי. און הייסן הייסט דער כאָר ״יידישע וועלטלעכע קינדער־ליטע־ראַטור״, און די טאָכטער, וואָס פילט זיך פריי און היימיש אין אָט־דעם סאָד פון בלומען, ביימער און מעשיות, הייסט אסתר כץ.

מישט מען בלעטל נאָך בלעטל אין איר נייעם, ערשטן בוך קינדער־לידער און מעשיות, ״מאַריקס חלום״, און מען ווערט אַריינגעצויגן אין די נאַטור־בילדער און אין די שפּילערייען, שטיפערייען און שמועסן, אין דעם ערנסט און שפּאַס, פון שלמהלעך און שרהלעך, פון האָזן און הינער, פון גענדזלעך און גרעזלעך, און פו־

נעם וואָלקן, וואָס טאָג־נאָך־טאָג טרינקט ער „וואַסער פון אַ גרויס טאָפּ“, ביז ער מאַכט אַ רעגן.

מיש איך די בלעטלעך אין דעם מעשה־ביכל און פון דאָרט שפּרינגען אַרויס אַזוינע טייערע, מחיהדיקע קינדער־געשטאַלטן: פריידעלעך און יאָסעלעך, מיט פרילינג־ווינטעלעך און וועוויריקלעך, מיט בלומען און בערעלעך. און אַלץ ווערט אײנס: קינד און נאַטור, פריידעלע מיטן פרילינג־ווינטעלע, שפרהלע מיטן קעצעלע, ייִנגעלע־צינגעלע מיטן העלדישן האָן, ביילקע מיט דער ליאַלקע, וואָס זי מאָלט.

די דיכטערין נעמט אונדז, קליינוואַרג און גרויסוואַרג, און פירט אונדז אַוועק אין אַ וועלט פון וואונדער, אין אַ וועלט פון מעשה: אין אויסטערלישע לענדער, אין לאַנד פון קינדער, אין לאַנד פון שפּילעכלעך.

שנייען, רעגנס, וואָלקנס, וואַסער־שטראָמען, ווינטן, פעלדער און וועלדער פילן זיך היימיש, ווי אָנגעלייגטע מחותנים, אין דעם מעשה־וועלטל. שטוב בעלי־חיים און וואַלד־חיות פאַרנעמען אַן אויבן־אָן. אַלץ לעבט אין דער וואונדערלעכער וועלט פון מעשה: אויך שטוב־מכשירים לעבן. אויך שער און מעסער לעבן און ווילן וויסן ווער פון זיי איז בעסער. און פון שפּילעכלעך און חברה צאַצקעס איז אָפּגע־רעדט: אָט איז אַ העלפאַנט מיט אַן אָפּגעצופּטער נאָז, און אָט איז „אַן אייזל, וואָס איז פויל אפילו אַ טראַכט צו טאָן, אַז ער איז רחלעס צאַצקע“.

די הויפּט־מעלות פונעם בוך זיינען: פשטות און פאָלקסטימלעכקייט, שפּי־לעווודיקייט; דערפינדערישקייט. די מעשהלעך זיינען אין תוך רעאַליסטיש. דער דיכטערינס פאַנטאַזיע און המצאהדיקייט העלפן קינסטלעריש און איבערצייגנדיק אַרויסברענגען די סביבה, דיווירקלעכקייט, די טאָג־טעגלעכקייט פונעם קינד.

דער פּעדאַגאָגיש־פּראָגרעסיווער דערציאונג־ווערט פון די מעשהלעך און לי־דער באַשטייט אין דעם, וואָס פאַר דעם קינד ווערט געשילדערט זיין היינט, זיין אייגענע רעאַלע סביבה, זיין דירעקטער אַרום. דאָס קינד לערנט זיך ליב האָבן און אַכטן זיין מיט־מענטש, ליב האָבן ערלעכקייט און אַרבעט. באַנעמען דעם זין פון קאָלעקטיווער צוזאַמענאַרבעט און פון קאָלעקטיווער פאַראַנטוואָרטלעכקייט, ליב האָבן פרייהייט, שטרעבן צו וויסן און צו אמת, „האָפן און גלויבן“, ליב האָבן דאָס לעבן.

די מערסטע מעשהלעך צייכענען זיך אויס דערמיט, וואָס זיי האָבן אַ קאָנ־קרעטן אינהאַלט, אַ סיפּור־המעשה. די מעשהלעך נעמען זיך ניט אונטער צו זיין פּריידיקער. אָבער פון זייער עצם סיפּור־המעשה דרינגט אָפּט נאַטירלעך און אומ־געקינסטלט אַרויס אַ מוסר־השכל. די מוסר־השכלס, וואָס לייענען זיך ווי צימצומ־דיקע, קאָנדענסירטע אַפאָריזמען, אָדער קורץ־געפאַסטע עפּיגראַמעס, זיינען ווי פּסוקים אָדער שפּריכווערטלעך באַזירט אויף לעבנס־חכמה, לעבנס־דערפאַרונג. . .

אָט זיינען, למשל, אייניקע פון אָט־די פּרעכטיקע מוסר־השכלס פאַר קינדער: „אַפּלאַכן פון יענעם איז גאָרניט אַזוי שיין“; „אַז מען לערנט ניט, פאַרבלייבט מען אויף שטענדיק קליין“; „פויל זיין איז אַ זינד“; „איז מיין אַרבעט — גייך, ניט בלייבן קיינמאָל שטיין“; „אַ שער און אַ מעסער שניידן פאַרשיידענע זאַכן“; „פון שלעכטע קינדער, וואָס טוען ווי, לאַכט מען אָפּ ביי אונדז פון זיי“.

דאָס לענגסטע מעשהלע אין דעם בוך טראָגט טאַקע דעם נאָמען פונעם גאַנצן בוך: „מאַריקס חלום“. דאָס איז אַ קרעפטיקע, פאַרכאַפּנדיקע פּאָעטישע קינדער־געשיכטע, אַ העראָאיש־ראָמאַנטישע פּאָעמע, וואו די קלאַסן־צעטיילונג איז אויף

מענטשן און פאַשיסטן, און וואו דאָס סאַמע עקלהאַפטע וואָרט אויף דער וועלט איז „פאַשיסט".

די דיכטערין וויקלט־פאַנאַנדער רירנדיקע בילדער פון מאַריקס ליבע פריינט און באַשיצער. מיר הערן, ווי דער וואַלד לאָזט מאַריקן וויסן, אַז זיין מאַמע קעמפט צוזאַמען מיט די פאַרטיזאַנען קעגן די פאַשיסטן.

מאַריק שליסט דערוויל פריינטשאַפט מיט אַ בער, אַ געוועזענעם צירק־אַקטיאָר, וואָס איז אַ פליכטלינג פון די רוצחים פון די פאַשיסטן. דער בער דערציילט מאַריק'ן, ווי די פאַשיסטן האָבן געמאַכט אַ חורבן אין שטאָט און גענומען שיסן קליינע קינדער.

ביידע — מאַריק און דער בער — ווערן פאַרטיזאַנישע קעמפער. זיי לאָזן זיך אַוועק צום לאַגער פון די פאַרטיזאַנען. דערוויל ווערט אין חלום־לאַנד אַ נייע בהלה. דער וואַלד, וואָס האָט פיינט פאַשיסטן תכלית־שנאה, פאַרטראַכט אַ פּלאַן, אַז „זאָל די ערד צעעפענען אַ מויל, פאַרשלינגען יעדן איינציקן פאַשיסט". נו־נו, עס ברויזט אין חלום־לאַנד. מיר זעען, ווי אַ גרוב אין וואַלד פון חלום־לאַנד, אַ וואונדער־שטוב, העלפט אויסבאַהאַלטן מאַריקן פון די גזלנים די פאַשיסטן. מיר זעען, ווי דער עלנטער שטיין ווערט מאַריקס נאָענטער פריינד. פּלוצים — אַ גוואַלד, אַ געפילדער: די ערד וויל ניט צונעמען אַזאַ מיסט, וואָס הייסט פאַשיסטן. און ווען מאַריק כאַפּט זיך אויף פון שלאָף, איז זיין ערשטע פראַגע צו זיין מאַמען: „זיינען שוין פאַשיסטן איצט אין ערגעץ מער ניטאָ ?"

מאַריק איז טאַקע אַ העלד, אַ גאַנצער פאַרטיזאַן, אָבער ער האָט געלאָזט אַ סך פּלאַץ אינעם בוך פאַר פיל אַנדערע ייגנלעך און מיידלעך. אָט איז יאָסעלע, וואָס „וויל פון ווערטער ווערבן" עפּעס אַזאַ וועלט פון גערטנער מיט קווייטן — אַ וועלט, וואָס מיר, גרויסע, רופן אָן — די וועלט פון מאָרגן, פון כולו־טוב, פון שלום און פרייהייט און יום־טוב אינדערוואָכן.

און אַ פרייד איז צו קוקן אויף די צוויי שלמהלעך, ווי זיי שפּאַנען „איבער געסלעך און גאַסן" מיט זייער נייעם באַקאַנטן, דעם ריזיקן הונט. און ס'איז, כ'לעבן, כדאי צו זען יאָסעלען אין זיין וואַקסן און בליען, און טאַקע צו זען, ווי „וואונ־דערלעך בליען אין יאָסלען אויף טרוימען"; און צווישן אָט־די טרוימען — הערט און שטוינט! — „צווישן זיי אַלע, איז אויך דבורה געווען"!

נו, און „דאָס הינטל וואָס קנאַקט ניסלעך", איז דאָך גאָר אַ צאַצקע!

אַ פיינע, טשיקאַווע מעשה מיט שכלדיקע איינפאַלן, מיט קינדישן חן איז „דאָס קעצעלע בובו". דאָס איז ניט פּרצעס „פרומע קאַץ", די היפּאָקריטקע און גאַטס גנבטע, וואָס הרגעט קאַנאַריקלעך און מאַכט דערביי אַ ברכה. „בובו", פאַר־שטייט איר מיך, איז אַ געטרייע מאַמע, אַ קאַץ אַ האַרעפּאַשניצע, וואָס טוט איר הויז־אַרבעט בשלימות. נאָר וואָס דען? זי באַשטייט אויף אירע רעכט. נו, מעגט איר זען און הערן, ווי אַזוי זיי האָט דורכגעפירט אַ סטרייק. יאָ, אַ סטרייק, אַ זיץ־סטרייק!

נו, און וועגן דודל קאַפּיטאַן האָט איר געהערט? אין דעם מעשהלע מיט אָט־דעם נאָמען איז דודל קאַפּיטאַן געוואָרן אַן אמתער העלד. שווימענדיק אין ים, צוזאַמען מיט זיין ליבן פריינט דעם אַלף־בית, האָט ער זיך אַרויפגעכאַפּט אויפן רוקן פון אַ וואַלפיש און אינאיינעם האָבן זיי אַלע דריי צעשמעטערט אַ סובמאַרין מיט אַ באַנדע פאַשיסטן.

ניט תמיד איז די גרענעץ צווישן מעשהלע און משל אָדער פֿאַבל שאַרף גע־צייכנט. מיר באַגעגענען אין דעם בוך מעשהלעך, וואָס זיינען אויך, אָדער זיינען דער עיקר משלים, מיט אַ נמשל, מיט בילדלעכע פֿאַרגלייכונגען, מיט פֿאָלקלאָר־עלעמענטן. דאָס איז אַ פֿאָרזעצונג פֿון דער דורות־אַלטער יידישער און ניט־יידישער טראַדיציע פֿון משל, ליד און מעשה פֿאַרן קינד.

די דיכטערין האָט געפֿונען דעם פּאַסיקן צוגאַנג צום קינדס נשמה, צו זיין פּסיכיק, צו זיין אופֿן פֿון באַנעמען מענטשן, זאַכן, פּאַסירונגען. איר מוטערלעכע געטריישאַפֿט, פֿאַרשטענדעניש, צערטלעכקייט און ליבשאַפֿט צו די שרהלעך און דודלעך, האָבן איר אַ סך געהאָלפֿן. די מעשהלעך זיינען גוט צוגעפּאַסט פֿאַר די שול־קינדער. דאָס איז פֿיינער מאַטעריאַל צום פֿאָרלייענען פֿאַר די קינדער אין די שולן, צו פֿאַרפֿירן שמועסן, דיסקוטירן.

די פּרעכטיקע צייכענונגען פֿונעם טאַלאַנטפֿולן קינסטלער זוני מאַוד — פֿאַרדינען אַ סך לויב. זיי זיינען אַ טייל פֿונעם בוך. זיי זיינען אַ באַווייז פֿון אַ זייער געראָטענעם זיווג פֿון וואָרט און ליניע.

אַרום־און־אַרום איז דער בוך אַ פּרעכטיקע מתנה פֿאַר אונדזערע שולן, פֿאַר אונדזערע קינדער — אונדזער המשך, אונדזער ליכטיקער מאָרגן.

מאַי 16, 1954.



# שרה פעל־יעלין

(1968-1895)

שרה פעל־יעלין איז קודם־כל אַ דיכטערין אַ קעמפֿערין, אַ סאָציאַלע דיכטערין, אַ קולטור־בויערין, אַ לעקטאָרין און רעדנערין.

לעצטנס האָט זי פֿאַרצייכנט די „ציפֿער זיבעציק". ווי אין אַלע אירע פֿריער־דיקע מיפֿולע, בטחונדיקע, קעמפֿערישע יאָרן, איז זי אויך איצט פֿול מיט מוט און געזונטן אָפּטימיזם. אָט איז אַ בילד פֿון איר געמיט־צושטאַנד:

קיין טענות האָב איך ניט,
ווייל ייִנגער, אימפּעטיקער ווי מיין גוף
איז מיין געמיט.
ווייל יעדער טאָג איז אָנגעלייגטער גאַסט,

און ווי אַ פֿעדער לייכט איז לאַסט פֿון יעדן יאָר.
(פֿון ליד „געבוירן אין פרילינג״)

אפילו די וויינענדיקע ווערבע (אין איר ליד אונטער דעם זעלבן נאָמען):

וויינט גאָר ניט... מיטביימער איז זי גלייך
ביים פֿעסטן ברעג פֿון פֿולן פרילינג־טייך.

ווי איר פֿאַרבערין מיט „באַרשט אויף דער וואַנט, העגט — ווי פֿליגל אויסגע־שפּרייט״, אַזוי איז אויך זי, אונדזער דיכטערין — „איר לויז, איר פרייד, פֿאַר אָפּ־מעקן די וואָכיקייט פֿון ווענט״.

שרה פעל־יעלין, וועלכע ברענגט אונדז איצט ווי אַ מתנה איר זעקסטן לידער־בוך, איז אַ דיכטערין אַ קרעפּטיקע, מיט בילד און פֿאַרב און אימאַזש אין איר ליד, מיט חוש פֿאַר ריטם, מיט פּאָעטישן חלום, — אַ דיכטערין, וואָס קאָן זיך טראָגן „אויף פֿליגל פֿון חלום״. אַ טייל פֿון איר חלום־וועלט איז: „אָפּמעקן די וואָכיקייט״ פֿון גרויען, שווערן, געדריקטן לעבן, העלפֿן ברענגען יום־טוב אין דער וועלט פֿון מענטש און פֿון דער מענטשהייט.

די קאַמפֿן פֿאַר שלום, קעגן ראַסיזם און אַנטיסעמיטיזם, פֿאַר סאָציאַלן יושר, זיינען ניט נאָר אויך אירע קאַמפֿן, נאָר אירע פּערזענלעכע און דיכטערישע איבער־לעבונגען, פֿון וועלכע עס וואַקסן אַרויס אירע לידער. זי לעבט און אָטעמט באמת מיט דער צייט, מיטן היינט, וועלכער טראָגט אין זיך, מיט זיך, אין זיין איינגעווייד, דעם ליכטיקן, אויסגעטרוימטן, אויסגעבענקטן מאָרגן, פֿאַר וועלכן עס קעמפֿט און פֿון וועלכן עס זינגט די דיכטערין שרה פעל־יעלין.

דער נאָמען פֿון איר נייעם לידער־בוך, „מענטש און צייט״, איז זייער טרעפֿ־לעך און באמת צוגעפּאַסט צום תוך, כאַראַקטער און אינהאַלט פֿונעם ווערק. איר הויפּט־אויפֿמערקזאַמקייט, ווי אַ דיכטערין, איז דער עיקר קאָנצענטרירט אויף מענטש, דעם מענטש (פֿון היינט) און אויף צייט — אונדזער גורלדיקע, היסטאָ־רישע, וועלטן־שאַפֿנדיקע צייט. איר מענטש, דער מענטש פֿון איר ליד, איז מערסטנס דער מענטש אין איר „פּורעם און געשטאַלט״ — דער קעמפֿער, דער בויער, דער פֿאָראויסמאַרשירער מיטן פּנים צום מאָרגן.

אויף די נעמען פֿון אירע פֿריערדיקע ביכער זיינען ניט נאָר נעמען, נאָר דיכ־טערישע לאָזונגען, קרעדאָס, סימבאָלן פֿון דער דיכטערינס מוט, בטחון, האָפֿענונג און גלויבן: „טריט נאָך טריט״ (1937), „נעענטער״ (1941), „ליכטיקע וויזערס״ (1946), „צו זון און פֿרייד״ (1957), „אויף פֿליגל פֿון חלום״ (1961).

שרה פעל־יעלינס געזאַנגען צו מענטש, צו מענטשנס מוטיקן העלדישן גייסט, זיינען געזאַנגען צום לעבן, צום טריאומף פֿון מענטש איבער חיה, בטחון איבער יאוש, האָפֿענונג איבער אַנטוישונג, גלויבן איבער אומגלויבן, ליכט איבער חושך, קאָסמאָס איבער כאַאָס, יושר איבער אַלע אומווירדיקייטן.

אין געבענטשטע מאָמענטן (ניט אַלעמאָל!), ווען עס רוט אויף איר „די מוזע״, ווען זי ווערט דורכגענומען, דורכגעגליט, דורכגעלויכטן דורך דיכטערישער אינ־ספּיראַציע, איז פֿאַראַן סיי ליכט, סיי פֿייער אין איר ליד.

דעם צאַפּל פֿון אַ דיכטעריש, פֿלאַמיק, צעפֿלאַטערט האַרץ דערשפּירן מיר באַזונדערס שאַרף און וואַכיק אין דער צווייטער אָפּטיילונג פֿון איר לידער־בוך,

אין דער אָפּטיילונג: „פון האַרצן״. ריכטיק! די מערסטע לידער אין אָט־דער אָפּטיילונג זיינען באמת פון האַרצן. פון האַרצן קוועלן זיי אַרויס, און זיי דרינגען אַריין אין האַרצן (לויטן אַלטן גוטן זאָג: „דברים היוצאים פון הלב נכנסים אל הלב״ — ווערטער וואָס פליסן־אַרויס פון האַרצן, גייען־אַריין אין האַרצן).

די דיכטערין, וועלכע האָט, פאַרהעלטניסמעסיק, ווייניק „איך״־לידער אין אירע ביכער, און וועלכע איז מערסטנס אַן אידייען־און פּראָבלעמען־דיכטערין, באַהעפט זיך מיט וועלט און נאַטור אין פיל לידער פון אָט־דער אָפּטיילונג, און זי אַנטפּלעקט שיינקייט פון דיכטערישן יידישן וואָרט, שפּילעוודיקייט, אַ כּוח אַריינצודרינגען אין סוד פון בוים און גראָז.

פאַראַן עכטע, ערלעכע אויפריכטיקייט אין אירע לידער, און — אַ סך אמת־דיקע, מאַמעשע געטריישאַפט צום ברודער־מענטש, צום פאָלק, צום ליידנדיקן און באַ׳עוולה׳טן. איר גלויבט איר באמת, אַז זי איז אויפריכטיק, ווען זי זאָגט און זינגט, אַז —

ווען איך וועגד מיינן רייד אויסגעטאָקטע ווי קרעלן
צו הימל, צו זונען, צו מילכיקע וועגן,
מיין אייגענער שאָטן וואָלטן לעבן פאַרשטעלן,
מיין ליד וואָלט פאַרוויאַנעט ווי פלאַנץ אָן אַ רעגן. ......(„מיינע לידער״)

זי מיינט אַזוי, אָבער אין לעבן איז עס אַנדערש. אין סאַמע ברען פון קאַמף פאַר אַ וועלט פון יושר פאַרמאַכן מיר ניט די אויגן אויף „הימל, זונען, מילכיקע וועגן״. לייענט טאַקע אירע פּרעכטיקע לידער „דערמאָנונג״, „באַגינען״, „לבנה־נאַכט״ און ענלעכע „איך״־און נאַטור־לידער, און איר וועט זיך איבערצייגן, אַז אָט־די לידער אירע קלינגען ניט „ווי פוסטקייט אויף שטיינברוך״, נאָר אַז זיי קריגן אַ לעבעדיקן אָפּקלאַנג, אַ וואַרעמען עכאָ אין האַרצן פון לייענער.

אַ לירישע וואַרעמקייט אָטעמט פון אָט דעם פיינעם פינאַל פון איר ליד „דער־מאָנונג״:

ווי קינדווייז אויף מיין בערגעלע אַמאָל,
איך זיץ אויף דיר, מיין באַרג, אויף דיין פריינטלעך־גרינעם קאַרק,
און קלאַמער זיך אין שפּליטערס ליכטיקע פון מיינע קינדער־יאָרן,
אין אַלץ וואָס איז פאַרמעקט געוואָרן,
און ווינטש ס׳זאָל קיינמאָל, קיינער ניט צעשטערן אין דיין טאָל
די יונגע שיינהייט פון פלייש און בייך, פון שטיין און שטאָל.

דאָ האָט איר בענקשאַפט, חלום פון קינדהייט, פאַרוועבט נאַטירלעך און עכט מיטן חלום פון שלום.

פעדער־לייכט, גרינגפיסיק, ריטמיש, שיין און ערנסט, איז איר ליד „באַגי־נען״, וואָס שליסט זיך מיטן ענטוזיאַסטישן זוניקן, פריידיקן פערז:

פאַרשיכורט פון באַגינען, דעם נייעם טאָג באַוינען,
איך רייס מיר אָן נאַרציסן — דעם נייעם טאָג באַגריסן.

אַ ליד אַ געזאַנג, וואָס דערמאָנט אין דעם וואונדערלעכן פאָלקסליד „אוי, אַ נאַכט אַ שיינע״, איז „לבנה־נאַכט״. עס ווייעט מיט יונגקייט און מיטן געפלאַטער פון אַמאָליקער „רייפער מיידלשקייט״ פון אָט־דעם יונגן, שיר־השירימדיקן, דאָך קהלתדיקן ליד:

אַלט און שלאָפלאָז, איך פיל נאָך אָפּט דעם ציטער פון דיין פראַכט,
לבנה, ליבע כישוף־שפּינערין פון רוימען;
איך האָב אין מילדן שיין דיינעם געהאָפט, געוויינט, געלאַכט,
פאַרליבט אין ליבע... אין זיסע, פורעמלאָזע טרוימען!

פון אַ סך פון אָט־די לידער שמעקט מיט בלומען, עפּל, פייגן, פרילינג־גראָזן:

שיכור איז פון דופט און שיינקייט מיין געמיט:
איין בליענדיקער בוים באַ־יום־טוב׳ט האָט די גאַס. („יאַפּאַנעזישער עפּל־בוים״)

וויניקער געלונגען זיינען די לידער אין דער ערשטער אָפּטיילונג: „מענטש און צייט״. דאָ האָט איר מערסטנס געדאַנקלעכע, אינטעלעקטועלע, צערעבראַלע פּאָעזיע. אין איר דראַנג צו זיין צייטיק, אָפּרופן זיך דיכטעריש אויף די ברויזנ־דיקע סאָציאַלע געשעענישן פון אונדזער צייט, זאָגן איר וואָרט וועגן ברענענדיקע פּאַסירונגען און פּראָבלעמען, פאַלט די דיכטערין צומאָל אַריין אין רעטאָריק, דע־קלאַראַציע; גוטע, קלאָרע, ריכטיקע אידייען בלייבן דאַן בילדלאָז, בלוטלאָז. זיי קומען פון מוח, בעת אין פיל פון דער דיכטערינס לירישע לידער קומען די גע־דאַנקען, ניט נאָר די געפילן, פון האַרצן.

אַ הויכע דערגרייכונג אין פּאָעזיע באַקומט זיך דאַן, ווען „בלוט, פּאַנטאַזיע און אינטעלעקט אַרבעטן צוזאַמען״; ווען ס׳ווערט געשלאָסן אַ געראָטענער שידוך צווישן עמאָציע און אידייע, געפיל און געדאַנק; ווען ס׳איז דאָ אַ געבענטשטער זיווג, אַן עכטע האַרמאָניע צווישן קאָפּ און האַרץ און צווישן אינהאַלט און פאָרם. ניט תמיד אָבער גרייכט אונדזער דיכטערין אָט־די געוואונטשטע הויכע מדרגה. צו־אָפּט, אין די לידער אין דער ערשטער אָפּטיילונג פונעם בוך, איז דער געדאַנק — כאָטש אַ קלאָרער און געזונטער — גובר די עמאָציע, פאַרלויפט איר דעם וועג, קריגט שליטה איבערן ליד. אין אַזעלכע פאַלן איז אויך די ווירקונג פון איר ליד אויפן לייענער אַ שוואַכערע, אַ וויניקער־ווירקזאַמע. די שטרעבונג פון יעדן עכטן און ערנסטן דיכטער דאַרף זיין צו זוכן און געפינען דעם נויטיק באַלאַנס, דעם גלייכגעוויכט אָדער עקוויליבריום צווישן מוח און האַרץ, מחשבה און געפיל, פּונקט ווי די גאַנצע מענטשהייט נויטיקט זיך אין און בענקט נאָך אָט־דער פיל־גע־גאַרטער האַרמאָניע.

אין דער אָפּטיילונג „מענטש און צייט״ זיינען פאַראַן אַ צאָל פּאָליטישע לידער, געלעגנהייט־לידער. זיי שילדערן וויכטיקע צייט־געשעענישן. אָבער דאָס איז דיכ־טעריש ווייט ניט גענוג. די שטרעבונג פונעם פּאָעט דאַרף זיין: פאַרוואַנדלען, פאַרקערפּערן לעבן אין קונסט. ס׳פאָדערט זיך אויך, אַז די פּאָעטישע שפּראַך אינעם ליד זאָל זיין מער געלייטערט, רייכער, מוזיקאַלישער, טיפער, קאָלירפולער, וויניקסטנס אין איינקלאַנג מיט דער איצטיקער הויכער שטופע און אַנטוויקלונג פון אונדזער פּאָעטיש יידיש לשון. לאָמיר האָבן מער ספּאָנטאַנקייט פּלוס גרויסע, שווערע מי אין אויסהאַמערן אַן אייגן נאַטירלעך, דיכטעריש, דראַמאַטיש וואָרט, אַן אייגענעם, אינדיווידועלן סטיל. עס נויטיקט זיך מער געהיטקייט קעגן פּראָזאַ־איזמען, זשורנאַליסטישע אויסדרוקן אין ליד.

למשל: נעמט דאָס ליד „סאַקאָ און וואַנזעטי״. צוויי מאַרטירער, צוויי קדושים! אָט איז אַן אויסצוג:

עס וואַכט אַ שטאָט,
עס וואַכט אַ לאַנד,
עס וואַכט אַ וועלט:
מיט הענט פאַרבראָכענע אין פעסטן קלאַמער
שטייען טויזנטער, —
דאָרט אין טויטן־קאַמער,

הינטער אייזן־גראַטעס ווערן קדושים אַ קרבן
גערבראַכט
אויף מזבח פון מאַכט.
אַרום טורמע־ווענט
ים — געבייַלטע הענט.

אָדער, נעמט למשל, דאָס ליד „מיר זייַנען דאָ!“ ווידער — אַ ליד אויף אַ מאַרטירער־טעמע. עס רעדט זיך וועגן די ראָזענבערג־מאַרטירער. די דיכטערין שילדערט, ווי „אַ שאַרפער קלאַנג פון העלדן־קברים ווערט דערהערט“:

אַצינד איז יעדער טאָג אַ פריש־באַטויטע(?) הויז,
אפילו בלינדע הויבן־אָן צו זען,
ס'האָט צייט, ווי מאַמע, אונדז געטראָגן אין איר שויס —
מיר זייַנען דאָ... און אַלעמאָל געווען!

דאָס זייַנען שאַל־רופן, לאָזונגען, גוטע, ערלעכע כוונות אין דעקלאַראַטיווער פאָרם — עס פעלט די וויזיע, די געשטאַלט, דאָס בילד, וואָס זאָל אויפרודערן דעם לייענער.

דאָס זעלבע קאָן געזאָגט ווערן וועגן דעם ליד „די מאַפּע פון דער ערד“, וואָס הויבט זיך אָן מיטן פערז:

אַלטער שטייגער שטאַרבט.
צעווירןעט און צעפאַרבט אויפסנייי
ווערט מאַפּע פון דער ערד:

ווי בעלמעס אויף אויגן
פליאַמעס שקלאַפעריי
אויף ספעקטער־פאָן פון רעגנבויגן.

אַלץ איז ריכטיק, לאָגיש אינעם ליד. איר האָט דאָ אפילו אַ בילד. דאָס בילד איז אָבער געבוירן אין די מוח־צעלן, און איז ניט דורכגעגליט מיטן געפילן־פייער, וואָס זאָל אויסברענען אַ טיפע ווייַ־וואונד, אַ בראַנד־וואונד אויף אין דעם מוח און הארץ פון לייענער. עס איז ווי אַ קורצער, קאָמפּאַקטער עסיי, אין פערזן און מיט גראַם און ריטם.

אין ליד „פעלקער ערשט־געבוירענע“ — אַזעלכע פראַזאַאיזמען, ווי „חשיבות־דיקע“, „אין שטעל און מאַנערן“, „פּאַלאַץ פון נאַציאָנען“.

פאַראַן, פאַרשטייט זיך, אויך אייניקע מער געראָטענע און קרעפּטיקע לידער אויך אין אָט־דער אָפּטיילונג. פון די שוואַכערע לערנען מיר דעם כלל: פאַר אַ דיכטער אָפּצורופן זיך אויף אַ וויכטיקער צייט־געשעעניש מיט אַ ליד איז נאָך ווייט ניט גענוג. ס'איז נויטיק, אַז די שטימונג, וועלכע גיט געבורט דעם ליד, זאָל זייַן פון אַזאַ קראַפט, אַז זי זאָל זיך דורך וואָרט, בילד און ניגון איבערגעבן דירעקט צום לייענער און אים באַווירקן פונקט ווי זי האָט באַווירקט דעם דיכטער. דאָס ליד מוז ווערן אַ יש, אַ כוח, אַ קונסטווערק. דעם דיכטערס ווערטער מוזן קריגן פליגל...

דערפאַר אָבער איז אַ פרייד צו מעלדן, אַז אין אירע נעגער־לידער צייכנט זיך אויס אונדזער דיכטערין, ווי אין דער צווייטער אָפּטיילונג, מיט אַ סך עכט־פּאָעטישער צערטלעכקייט, מיט אַ געזונטן פאָלקישן ראָמאַנטיזם, מיט אַן אמת־דיקער צוגעבונדנקייט צום לייַדנדיקן, קעמפנדיקן נעגער־פאָלק. די לידער אין דער אָפּטיילונג „נעגער־לידער“ זייַנען באַשטראַלט מיט אַ טיפן הומאַניזם. זיי צייכענען

זיך אויס מיט די גרויסע מעלות פון פאָלקישקייט, פאָלקלאָר, זינגעוודיקייט. דאָס מחיהדיק „וויגליד פון אַ שקלאַפן־מאַמע״ שליסט זיך מיט אָט־דעם אידעלן, פיין־קלינגענדיקן פערז:

מיין קינד! דערווייל מיין אייגענער דו ביסט!
מיין ליבשאַפט אין דיין הערצעלע זאָל זיין ווי ווינטער־צוויט.
שלאָף, מיין אוצרל, ביי מיינע פולע בריסט,
זאָל ווי מאַגנאָליע אין פריליִנג דיין האָפענונג זיין צעבליט!

איר האָט דאָ אַ נאַטירלעכן געוועב צווישן אַלטן יידישן וויגליד און נעגערשן וויגליד.

צאַרט און קרעפטיק און פול מיט צער און ווי איז אויך דער דיכטערינס ליד „פיר פייגעלעך״ — וועגן דעם בלוטיקן זונטאָג אין סעפטעמבער 1963, אין בוירמינגהעם, אַלאַבאַמאַ, ווען פיר נעגער־מיידלעך זיינען געטויט געוואָרן דורך אַ באָמבאַרדע פון ווייסע ראַסיסטן אויף אַ נעגער־קירך:

פיר יונגע פייגעלעך,
שוואַרצע, מלא חן,

פיר טויטע פייגעלעך
אונטער ברוך און שטיין!

אַ פרעכטיק ליד־געמעל איז „די בראָנזענע מאַדאָנאַ און קינד״. רירנדיק און דויערהאַפט זיינען אַזעלכע לידער, ווי „אַ שוואַרצע מיידעלע״, „בוירמינגהעם״ און אַ צאָל אַנדערע אין דער סעריע נעגער־לידער. אין אייניקע שפירט מען דעם געזונטן איינפלוס פון דער מאָדערנער, קינסטלעריש־געשטיגענער, קעמפערישער נעגער־פּאָעזיע.

ניט אַלע פון די צוואַנציק קינדער־לידער אין דער פערטער און לעצטער אָפּטיילונג, „קינדער־וועלט״, זיינען געראָטן. אייניקע פון זיי פעלט — „קינדיש־קייט״, מעשהדיקייט, תמימות. אַזעלכע לידער שאַפן דעם איינדרוק, ניט פון מעשה־ליד, נאָר פון מעשהלעך וועגן מעשהלעך. אַ צאָל אַנדערע פון די קינדער־לידער פאַרמאָגן שטיפערישקייט, קינדער־חן און דעם עיקר־עלעמענט פון שרה פעל־יעלינס דיכטונג און לעבנס־פילאָסאָפיע: פרייד פון לעבן.

שרה פעל־יעלינס נייער, זעקסטער לידער־בוך — „לידער פון מענטש און צייט״ — איז אַ העכערער שטאַפל אין איר קינסטלערישן וואוקס, אַ העכערע שטופע אין איר ליד פון קאַמף, שטורעם און ברויז אין דער טראַדיציע פון אונדזערע אָבות־פּיאָנערן פון יידישן אַרבעטער־ליד.

זונטאָג, סעפטעמבער 19, 1965.





# קלמן פרידמאַן

(1969-1895)

קלמן פרידמאַן — אַ שטילער לירישער דיכטער, אַ ליבער מענטש, אַ מוס־טערהאַפטער קולטור־געזעלשאַפטלעכער טוער, אַ שיינער זון פונעם פויליש־אַמע־ריקאַנער יידנטום.

ער האָט געטריי געוואַכט איבערן יידישן פּראָגרעסיוון ליטעראַרישן וואָרט; ערלעך באַמיט זיך ווירדיק אַרויסצוהייבן דעם גייסט פון גבורה און קדושה פון די העלדן און מאַרטירער פונעם וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד.

ער בלייבט אין זכרון: אַ באַשיידענער, עניוותדיקער, פריינטלעכער מענטש, אַן אמתער נוח לבריות.

אין זיין באַנעמונג איז געווען עפּעס פון אַן עלטערן, געטרייען ברודער: תמיד מיט אַ ליבלעכן, פאַרשטענדיקן שמייכל; תמיד גרייט צו העלפן אַ קאָלעגע.

זיין לאַנגיאָריקן אַמט אַלס סעקרעטאַר פונעם יידישן שרייבער־פאַראיין ביים „איקוף" האָט ער געטראָגן ווירדיק, מיט אחריות, געטריי, אָן טומל. זיין אַרבעט פאַרן זשורנאַל „זאַמלונגען" האָט ער געטאָן מיט ליבשאַפט, בשלימות.

אויך ווי אַ שרייבער, אַ דיכטער, האָט ער זיך געהאַלטן שטיל און באַשיידן. וויניק לייענער און שרייבער וויסן, אַז שוין אין יאָר 1916 — מיט העכער אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק — איז אין ניו־יאָרק דערשינען קלמן פרידמאַנס ערשטע (און דערוויל איינציקע) לידער־זאַמלונג. אין דער שווערער טאָג־טעגלעכער פּרנסה־האַוועניש, אין דעם כסדרדיקן פיבער פון געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, וואָס איז פאַר אים געווען אַ מאָראַלישע פליכט, האָט קלמן פרידמאַן אויך אויפגעהאַלטן דאָס פּאָעטישע אין זיך, זיין דיכטערישן ניגון, זיין פּאָעטישע שליחות. שאַפן לידער איז פאַר אים געווען אַ „מלאכת־הקודש", וואָס ער פלעגט טאָן בחדרי־חדרים, אין גרויס התבודדות. מיט אַ געפיל פון בדחילו ורחימו פלעגט ער בקול דממה דקה אויספליסטערן, אויספיבערן זיין וואָרט, זיין ליד, זיין חלום, זיין בענקשאַפט.

אַ ליד זיינס מיטן נאָמען „פאַרנאַכט" (אין „זאַמלונגען") האָט ער פאַרענדיקט מיט די פאַרחלומטע שורות:

אין ערגעץ צווישן דעם הימל און וואַסער
אָטעמט מיט בענקשאַפט אַ מענטשלעכעס האַרץ.

דאָס איז דאָך טאַקע דאָס טיף־מענטשלעך האַרץ פונעם שטילן דיכטער קלמן פרידמאַן, וואָס האָט געטרוימט פון אַ וועלט פון אַ באַפרייטער, באמת־דערלייזטער מענטשהייט, פון אַ וועלט פון לויטערער מענטשלעכער שיינקייט און ברידערלעכקייט, פון אַ וועלט פון דערהויבנדיקער, דערמוטיקנדיקער נגינה.

אין דער וועלט פון נגינה און קונסט האָט ער געשעפּט זיין דערמוטיקונג און באַגייסטערונג. אין די שווערע, ביטערע, שניי־שטורמישע ווינטערס פון לעבן, האָט ער, דער דיכטער, געטראָגן פרילינג אין זיין גייסט. זיין ליד „טו־אָן דיין וואַרעם מאַנטל, קינד" האָט ער געשלאָסן מיט די שיינע שורות:

פון די אויגן לייכטן טרוימען
און אין האַרצן בליט אַ פרילינג.

אויף דער האַרטער, „פּראָזאַאישער" אַמעריקאַנער ערד, צווישן שטיין און שטאָל פון שטויביקער קאָכיקער גרויס־שטאָט, איז ער אַרומגעגאַנגען אַ פאַרקלערטער און טיף אין זיך געצערטלט זיין ליד:

מיין ליד איז דער סוד פון די שטילע פאַרנאַכטן,
ווען ס׳ווערט אויפן האַרצן אַזוי אומעטיק־באַנג,
אויף טענער פאַרבענקטע און סודותדיק שווייגן
ציטערט אין שטילקייט מיין האַרציק געזאַנג.

ווייניק פרייד האָט דער דיכטער געהאַט אין זיין לעבן; אַ סך צער האָט פאַרצערט זיין געמיט. שווערע פאַרלוסטן האָט ער דורכגעטראָגן: די פאַרלוסטן פון זיין ליבער פרוי אַדעלע, די צאַרטע לירישע דיכטערין, און די פאַרלוסטן פון זיינע צוויי ברידער, צווישן זיי דער טאַלאַנטפולער, יונג־פאַרשטאָרבענער פילאָסאָפישער דיכטער, לוי פרידמאַן. גרויס דרך־ארץ און ליבשאַפט האָט ער אין זיין נשמה געטראָגן צו די לידער פון לוי פרידמאַן און אַדעלע פרידמאַן. אַ גליקלעכע, אויסגעבענקטע שעה אין זיין לעבן איז געווען די דערשיינונג פון אַדעלעס פרעכטיקן לידער־בוך „אין באַוואונדער" — זיבן יאָר נאָך איר פריצייטיקן טויט, — אַ בוך, וואָס ער האָט מיט גרויס מי זאָרגפעליק אַרויסגעגעבן.

אַדעלעס ליד און בילד האָבן געבליט אין זיין דיכטערישן האַרצן. זיין צאַרטע ליד „כ׳האָב געלייענט די שורות דיינע", געווידמעט אַדעלעס אָנדענק, האָט ער געשלאָסן מיטן פערז:

כ׳האָב געלייענט די שורות דיינע, אַלע אָנגעשריבן
מיט שטילן וויי, ווי אַן אויסגעבענקטער חלום.
אַלע, אַלע וועלן בענטשן דיינע ווערטער
קעגן מאָרד, קעגן קריג, פאַר אַ וועלט פון שלום.

ווי אַ הייליקע צוואה קלינגט זיין שאַל־רוף: „קעגן מאָרד, קעגן קריג, פאַר אַ וועלט פון שלום".

(פון אַ הספּד ביי דער לוויה נאָך קלמן פרידמאַן, דעם 9טן יולי, 1969)
(„יידישע קולטור", אויגוסט־סעפּטעמבער, 1969)



# אַדעלע פרידמאַן

(1963-1897)

איר ליד איז געווען וואַרעם, פאָלקסטימלעך און אויפריכטיק, שיין און אמתדיק.

מיר וועלן אין אונדזערע הערצער האַלטן טייער די געשטאַלט פון אָט־דער ליבער, ליכטיקער און ערלעכער פערזענלעכקייט, וועלכע איז אונדז אַלעמען געווען נאָנט מיט איר מענטשלעכקייט און האַרציקייט, מיט איר עכטן, שטראַלנדיקן ליד.

מיר געדענקען איר וואַרעמע, פריינטלעכע באַציאונג צו מענטשן, און מיר האַלטן אין זכרון, ווי דרך־ארצדיק זי האָט זיך באַצויגן צום פאָלק און צו יידיש לשון, ווי זי פלעגט ציטערן איבער יעדער שורה, איבער יעדן וואָרט פון איר ליד.

אַדעלע פרידמאַן איז ווי אַ דיכטערין געוואָקסן און געשטיגן פאַר אונדזערע אויגן. איר פּאָעטישער טאַלאַנט האָט געהאַלטן אין סאַמע פאַנאַנדערבלי. איר ער־לעכער ניגון איז געבליבן ניט־פאַרענדיקט.

אַ שטילע און באַשיידענע, מיט אַ וואַרעם און ליבנדיק האַרץ, וואָס האָט גע־וויטאָקט אויף יעדן סאָציאַלן אומרעכט, האָט אַדעלע פרידמאַן געזען אין איר טרוים, אין איר וויזיע אַ נייע, אויפגייענדיקע וועלט פון מאָרגן — אַ וועלט פון סאָציאַלן יושר, אַ וועלט פון שלום און פריינטשאַפט צווישן פעלקער, אַ וועלט אָן ראַסיזם און אַנטיסעמיטיזם, אַ וועלט פון „והיה באחרית הימים". איר ליד האָט זיך געוואָרצלט אין היינט און האָט זיך, ווי אַ בלום צו דער זון, געצויגן מיט דורשט און באַגער צום ליכטיקן מאָרגן.

מיר האָבן זי ליב געהאַט, און ליב געהאַט איר ליד. און עס האָט אונדז גע־פרייט צו זען, ווי זי באַהעפט זיך אַלץ נעענטער מיטן היינט, מיטן פאָלק. אין איר ליד האָט זי צערטלעך און תמימותדיק באַזונגען די פיל־מיליאָניקע שטאָט ניו־יאָרק, און געזונגען „אַ הימן צו פרילינג אויף די גאַסן פון דער שטאָט".

זי האָט עמאָציאָנעל מיטגעלעבט מיטן גרויסן היסטאָרישן אויפברויז פונעם נעגער־פאָלק, און אין איר קרעפטיקן ליד האָט זי דיכטעריש גערופן:

| | |
|---|---|
| און ווער ס'האָט געוויסן | זאָל שפּאַנען אין ריי |
| און יושר אין האַרצן, | מיטן ברודער דעם שוואַרצן! |

מיט האַרץ און נשמה האָט זי באַזונגען די „דריטע אַמעריקאַנער רעוואָלוציע",

דעם גרויסן פֿאַרברידערטן פּאַראויסמאַרש פֿון נעגערס און ווייסע:

ציען זיך, ציען זיך די ריען געדיכטע,
אַ חוב פֿון יאָרהונדערט
אַצינד אויפֿצומאָנען.

די וואונד איז פּריש, אָבער פּאַראַן איז אַ טרייסט: די טרייסט איז, אַז אַדעלעס לעבן איז געווען ניצלעך, פּרוכטבאַר און שעפֿעריש; אַז מיט איר וואָרט האָט זי ווירדיק געדינט דעם פֿאָלק; אַז די ברייטע לייענער־קרייזן האָבן זי ליב געהאַט.

אַדעלע פֿרידמאַן האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך אַ שיינעם באַליבטן נאָמען, שיינע אויפֿטוען, אַ ווערטפֿולע ליטעראַרישע ירושה.

סעפּט. 24, 1963.
„זאַמלונגען“, נומ. 29, 1963.
(פֿון אַ הספּד ביי דער לוויה נאָך דער דיכטערין אַדעלע פֿרידמאַן)

* * *

אַ טייל פֿון אַדעלע פֿרידמאַנס ליטעראַרישער ירושה איז אַריין אין איר בוך, וואָס קלמן פֿרידמאַן, איר מאַן, האָט אַרויסגעגעבן. דער לידער־בוך הייסט: „אין באַוואונדער“.



# יעקב גלאַטשטיין

(געב. 1896)

ביים לייענען די לידער פֿונעם חשובן יידישן דיכטער, יעקב גלאַטשטיין, שפּירט מען, ניט נאָר די מוזיק פֿונעם ליד, נאָר אויך די אָנוועזנהייט פֿונעם דיכטער גופֿא: זיין צאַפּל, זיין באַריר. עס איז ווי דורך זיין ליד זאָל ער זאָגן: כל עצמותי תאמרנה — איך רעד צו דיר, יידיש־לייענער, מיט מיין גאַנצן לייב־און לעבן... די עמאָציעס אין פֿיל פֿון די לידער דענקען, די געדאַנקען — פֿילן, די סטרונעס — ציטערן.

די תנ״ך־השפּעה אויף פֿיל יידישע (און אויך ניט־יידישע) דיכטער איז גוט

באַקאַנט. דער געזונטער תנ״ך־איינפלוס איז שטאַרק ניכּר אין די דיכטערישע שאַ־פונגען פון פּרץ, ביאַליק, ליעסין, יהואָש, ה. רויזענבלאַט, ש. האַלקין, איציק מאַנגער, און פיל אַנדערע. איך יעדן פון זיי דריקט זיך אויס די תנ״ך־ווירקונג אויף אַ באַזונדערן, אינדיווידועלן, ספּעציפישן אופן. תנ״כיש־באַאיינפלוסט, חומשדיק־דורכ־געדרונגען און דוכגעזאַפּט זיינען פיל פּאַרחומשטע גלאַטשטיין־לידער. עס אָטעמט פון זיי מיט תנ״כישן אַראָמאַט. צי שטאַמט אָט־די יניקה פון זיין „גירסא דינקותא״, פון דער פּויליש־יידישער לובלין, פונעם דיכטערס קינדהייט און יינגל־יאָרן? — ווער ווייסט.

קלאָר איז: דער זכות פונעם ספר הספרים, פונעם תנ״ך, איז דעם דיכטער אַ סך בייגעשטאַנען אין העלפן אים פורעמען, געשטאַלטיקן זיינע אידייען און בילדער, אין שאַפן ווערק, וואָס זאָלן זיין אַ דבר־של־קימא.

גלאַטשטיינס „שפּילן זיך מיט וואָרט״ אין די ערשטע פּעריאָדן פון זיין שאַפן, זיין „עקספּערימענטירן״ ווי אַ דיכטער־נאָוואַטאָר מיט פאָרם און פערזן־טעכניק אין דער לאַבאָראַטאָריע פון זיין שאַפן, איז ניט געגאַנגען לאיבוד. זיינע זוכענישן האָבן געבראַכט פּרוכט. אָבער זיין עיקר־גבורה ווי אַ דיכטער האָט ער צוגעקראָגן, ווען ער איז דורכגעדרונגען געוואָרן מיט הויכע עטישע אידעאַלן, ווען ער האָט דערהערט דעם מאָנענדיקן שאַל־רוף פון פאָלק און צייט, ווען ער איז ווי איבער־נאַכט גרוי געוואָרן פונעם גרויסן, דורות־אויפטרייסלענדיקן חורבן פון יידישן פאָלק. צוזאַמען מיטן שטאַרקן אחריות־געפיל זיינען געקומען אויך פּליגל מיט פאַרנעם, מיט פלי אין מרחקים, מיט טיפע ממעמקימדיקע איבערלעבונגען, מיטן רוף פון דורות, אַזש פון די צייטן פון „מתן־תורה״...

גלאַטשטיין איז אַ דינאַמישער קינסטלער; אַ דיכטער פון אומרו און ברויז — אָן דער געמיטלעכער רואיקייט פון אַ צאָל פון די „יונגע״. זיין ביז־איצטיקע ליטעראַרישע פּראָדוקציע (אַרום 20 ביכער, איינשליסנדיק אויך בעלעטריסטיק, עסייאיסטיק, ליטעראַטור־קריטיק און פּובליציסטיק) איז אַ גאָרטן מיט אַ סך שפע און ברכה, מיט אַ סך רייפע ליטעראַרישע פּרוכט. זיין דיכטונג איז רייך אין עמאָ־ציעס און ניגונים, אידייען, געשטאַלטן, חלום און וואָר, וויזיע און שטימונג. זי ציט זיך טעמאַטיש און אידייאיש, איבער ברייטע געשיכטלעכע שטחים, פון דורות צו דורות, פונעם אַמאָל אין פּוילן, דורך די אַמעריקאַנער רחבותן, דורך חורבן, דורך טרעבלינקע און מאַידאַנעק — ביז ניי־ישראל, ביז מאָרגן; פון סקעפּטיציזם צו גלויבן און בטחון, פון טיפן טרויער אויף דער „סוכה הנופלת״ ביז „פרייד פון יידישן וואָרט״ (נאָמען פון זיינעם אַ לידער־בוך, 1961).

דער דיכטער־מקונן קאָן אויך זיין אַ טרייסטער, קאָן אויך מחיה־מתים־זיין טויטע, פאַרלאָשענע יידישע וועלטן, קרבנות פון נאַציזם; ער קאָן זיי אויפלעבן דורך וואָרט און בילד, לערנען אונדז צו לערנען פון זיי דויערדיקייט, המשכדיקייט.

דער איבערוועגנדיקער עלעמענט אין גלאַטשטיינס לידער, אין אומגעפער די לעצטע דרייסיק יאָר פון די אַרום פופציק יאָר פון זיין דיכטערישן שאַפן, באַ־שטייט דער עיקר פון נאַציאָנאַלע מאָטיוון, בעת אין ערשטן פּעריאָד פון זיין לי־טעראַרישן וואַקסן און רייפן האָט ער געשאַפן פיל אינדיווידואַליסטישע לידער, אויך סאָציאַלע לידער, געזאַנגען אויף אוניווערסאַלע טעמעס.

אַ פילגעשטאַלטיקע, פילזייטיקע שעפערישע פּערזענלעכקייט מיט הויכע דער־גרייכונגען אין פיל זשאַנרען, איז גלאַטשטיין אויך אַ היטער און וועכטער, אַ גע־

טרייער שומר פון יידישער גייסטיקער ירושהדיקייט, פון אַלטע און נייע יידישע קולטור־ווערטן. אין זיין ליד און פּראָזע איז ער אַ מאָנער און פּראַקטיצירער פון וואָרט־צמצום, אַ שטענדיקער שטרעבער צו פשטות, צו קינסטלערישער שלימות — דער אידעאַל פון יעדן עכטן דיכטער.

זיין קינסטלערישע הויך האָט ער הויפּטזעכלעך דערגרייכט אין זיינע חורבן־לידער, אין זיינע מאָטיוון פון חורבן און גאולה, קדושה און גבורה. גלאַטשטיין איז דער גרויסער מקונן פון אונדזער שווערן בראָך, פון דעם אומקום פון זעקס מיליאָן יידן דורך די הענט פון די נאַצי־באַרבאַרן. אין זיינע חורבן־קינות, „קינות אויף די נשמות פון יידישע שטעט", און אַנדערע לידער פון דער גרויסער יידי־שער קאַטאַסטראָפע, „וויינען טויזנטער טויטע קינדער שירה", ווערט דער מערדער פון די זעקס מיליאָן קדושים געוואָרנט:

„רעד זיך נישט איין, אַז דאָס קאָן געשענקט ווערן".

גלאַטשטיין איז ניט נאָר אַ מייסטער, ווירטואָז און זינגער פון לשון יידיש, נאָר אַ באַזינגער און פאַרהייליקער פון דער יידישער פאָלקס־שפּראַך: „ס'יידישע וואָרט בליט אויף אַ מאַנדלשטעקן" (פונעם ליד „ס'יידישע וואָרט"). אין זיין ליד „אין אַ גערטאָ" רופט דער דיכטער:

פּאָעט, נעם די שטילסטע יקדישע רייד,
פאַרגלויב זיי, פאַרהייליק אויף דאָס ניי.

*    *    *

אין זיין ערשטן דיכטונג־פּעריאָד, אָנהויבנדיק פון אַרום יאָר 1919; אין זיינע ערשטע לידער־זאַמלונגען, אָנהויבנדיק מיט די ביכער „יעקב גלאַטשטיין" (1921), „פרייע פערזן" (1926), „קרעדאָס" (1929), האָט דער דיכטער געזונגען לידער פון יאוש און וועלט־כאַאָס; געזונגען פון עראָטיק און ליבע, אויסגעשאַלט „דאָס ליד פון יונגן לעבן"; געהערט דעם בבל־טורעמדיקן „שטאָט־געשריי", וואָס איז „אַ פאַרגליווערטער אין לופט געהאַנגען". שטיפעריש און מעלאַנכאָליש האָט ער גע־זונגען פון און צו „צעלאַ־צעלדי":

צולאַ־צעלדי.
צולאַ־צעלדי — גרינג־פּיסיקע.
צום צימב פון צימבל,
ווערסטו ווי אַ סאַרנע גרינג,
ווי אַ העזל פלינק.

(פון בוך „יעקב גלאַטשטיין")

דער יונגער זינגער פון יוגנט־לידער, פול מיט פּעסימיזם, האָט שוין דאַן, אין זיינע צוואַנציקער יאָרן, „אָנגעשריבן לאַנגע בויגנס גרויע האָר און טיפע קנייטשן", און גרויס און נאָגנדיק איז געווען זיין יוגנטלעכע בענקשאַפט:

אַז אין פאַרנאַכטן וואָיעט נאָך ס'האַרץ אין מיר: מאַמע.
און נאָך היינט ווילט זיך אַוועקשליטלען מיינע יאָרן אויפן שניי.

(„מיינע לידער" אין בוך „יעקב גלאַטשטיין")

גלאַטשטיינס לידער־ביכער, אָנהויבנדיק פון 1921, זיינען אינטערעסאַנטע, באַ־לייכטנדיקע וועג־צייכנס: זיי זיינען זינגערישע אָנווייזן אויף אַ מערקווירדיקן אַנטוויקלונג־וועג פון אַ דיכטער, וואָס האָט נאָך ברכהדיקער מי און שעפערישקייט דערגרייכט זיין איצטיק, הויך אָרט אין אונדזער פּאָעזיע. שוין זיין דיכטע־רישער בראשית איז, פאַקטיש, געווען דער אָנהויב פון אַ ליטעראַרישן בונטאַר

קעגן אַלטע פּאַרגליווערטע פאָרמען, סטילן און ריטמען אין דער יידישער פּאָ־עטישער וואָרט־קונסט, קעגן „פּאָעטיזירן", „מוזיצירן", קעגן פּאַרנאַסישער רוטי־קייט אין דעם עולם השירה. שוין אין ערשטן פּעריאָד פון זיין שאַפן, אַלס אַ דיכטער עסטעט־אינדיווידואַליסט־„אינזיכיסט" (מיטגרינדער פון „אינזיכיזם"־איני־טראָספּעקטיוויזם אין רעוואָלט קעגן די ניי־ראָמאַנטיקער — די „יונגע"), האָט ער באַרייכערט אונדזער יידיש ליד מיט נייע פרישע טענער, מיט אַ נייער טעכניק פון פערז, מיט אַ נייעם נוסח, מיט אַ באַנייאונג און אָפּפרישונג פון יידישע ווערטער.

ווער האָט זיך עס געקאָנט פאָרשטעלן אין 1921, ווען ס׳איז דערשינען זיין ערשטע לידער־זאַמלונג, אַז פון דעם דיכטער פון באַהעמיש־אַבסטראַקטע לידער וועט אויסוואַקסן דער היינטיקער אָנגעזעענער נאַציאָנאַלער דיכטער?!

*      *      *

וואָס איז געווען זיין וועג?

זיין וועג האָט געפירט פון אומעט־לידער צו חומשדיקע „יידיש־טייטשן" (1937), „געדענק־לידער" (1943), „שטראַלנדיקע יידן" (1946), „דער בראַצלאַווער צום סופר" (1943־1953), „דעם טאַטנס שאָטן" (1953), „פון מיין גאַנצער מי" (אַ גלאַטשטיין־לידער־אַנטאָלאָגיע, 1919־1956), „פריידיד פון יידישן וואָרט" (1961).

די צווייטע שטופּע אין דעם דיכטערס רייכן און רייפן שאַפן הויבט זיך אָן, פּאַקטיש, פון זיין באַרימט־געוואָרענעם, אויפשוידערנדיקן סיגנאַל־ליד „אַ גוטע נאַכט דיר, וועלט". אָנהויבנדיק מיט יענעם צוויייטיקטן ליד, האָט זיך דער דיכ־טער געקערט בלב ונפש צום פּנים און גורל פון זיין פאָלק און האָט זיך פאַרטיפט אין דער לאַנגער, נסיונות־פולער, מאַרטירער־און העלדן־געשיכטע פון אונדזער פאָלק, אין זיין דורותדיקן געראַנגל פאַר קיום, אין זיין גייסטיקן כוח פון אויס־דויער, אין זיין טיפן הומאַניזם, וואָס איז דער עמוד־האש אויף זיין פיינפולן לעבנס־וועג צווישן פעלקער.

אָנהויבנדיק מיט יענעם ליד און מיט זיינע באַרימט־געוואָרענע „געדענק־לי־דער", הויבט זיך אָן די התגלות פונעם דיכטער פאַר זיך און פאַר זיינע לייענער, ווי אַ זינגער פון יידישעליידן און פריידן, פון יידישע יסורים און האָפענונגען, ווי אַ דיכטער פון יידישן נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין, פון יידישער גייסטיקייט און פּראָבלעמאַטיק, ווי אַ רופער צו כסדרדיקער, אומאויפהערלעכער יידישער שעפע־רישקייט, וועלכע איז די בעסטע באַוואָרעניש קעגן די פריציייטיקע קדיש־זאָגער נאָך יידיש, קברנים פון יידיש — „דיין געזאַנג איז אַ שמירה קעגן זייער געקלאָג".

דער דיכטער פון תחינהדיקע, תפילהדיקע לידער אין דער שפּראַך פון קדושים, דער באַזינגער פונעם בראַצלאַווער, קומט צום לייענער, צום געפּלאָגטן יידישן פאָלק, מיט „נחמו"־לידער, מיט אַ פילאָסאָפיע פון לעבן, פון גלויבן אין לעבן און קאַמף פאַרן לעבן: „די תורה איז געגעבן געוואָרן צום לעבן".

סאַראַ ווייטער, לאַנגער מהלך פונעם דיכטער עסטעט־אינדיווידואַליסט פון די ערשטע צוואַנציקער יאָרן — ביז צו נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער שליחות, ביז לידער מיט אַ מיסיע וועגן דעם פאָלקס קדושה און גבורה! שוין דער נאָמען אַליין פון זיין לידער־בוך פון 1961 — „די פריידיד פון יידישן וואָרט" — קלינגט ווי אַ לאָזונג, אַ ווענדונג צום יידישן לייענער און שרייבער: דאָס יידישע וואָרט לעבט, יידיש גיט פריידיד! האַלט־אויף די פריידיד! רייך זיינען די לידער אין פּאָ־עטישע וויזיעס, אין דיכטערישע זעאונגען; זיי זיינען — „פייערדיקע יידישע קאָ־

פיטלען". עס שטראַלט־אַרויס פון זיי לויטערע דיכטערישע חכמה, לעבנס־חכמה — אַן אָפּשטראַל פון דער קלוגשאַפט פון חכמי־לובלין, פונעם גייסטיקן זיידן, דעם „חוזה פון לובלין"...

גלאַטשטיין זעט די פונקציע פון יידישן פּאָעט ווי אַ גרויסע, הייליקע שליחות. דעם היינטיקן יידישן דיכטער, האַלט ער מיט רעכט, איז געגעבן די התחייבות, די אויפגאַבע צו זיין ניט נאָר דיכטער — נאָר שומר אויף דער וואַך, היטער פון יידיש־דורותדיקן קולטור־פאַרמעגן, פון יידישן לשון:

ווער דער שומר, באַוואַך,
פאַרוואָר —
דאָס בטחונדיקע טיר־און טויער־געזאַנג
פון אַן איבעראַיאָר,
וואָס איז אויף תמיד
אין דיינע גלויביקע ביינער איינגעקריצט.

דעם דיכטערס שאַרף אויג און וויטער קוק זעט אין זיין צער אַזויפיל מתים און האַלבע מתים, כמעט מתים, אַזויפיל קברים, אַזויפיל אַש און שטויב. פאַראַן אַזויפיל טרויער אין זיינע לידער, „געטרייער גרויסער טרויער", — און אויך אַזוי־פיל טרייסט, בטחון און — „פרייד פון יידישן וואָרט".

דער דיכטער אַנטפּלעקט דעם כוח פון „רייד, וואָס ווערן דערזעעוודיק און לויכטן":

שענער און האַפטיקער פון שענסטן וואָלקן
אויפן פייערדיקסטן הימל
איז אַ גוט בלייבעוודיק וואָרט. (פון „אַ חבר וואָס איז אַוועק")

אַ פאַרליבטער אין לשון יידיש, אַ צויבערער פון אונדזער שפּראַך, זינגט ער אייניקע פון זיינע שענסטע און צאַרטסטע לידער וועגן יידיש, ליבע־לידער צום יידישן וואָרט:

נעם מיך אַרום מיט ווערגנדיקער געטריישאַפט,
לשון מיינס, ווער מיר אַן אייפערזיכטיק ווייב,
בינד מיך צו צום געצעלט. („מיין געצעלט")

אָדער:

רעד צו מיר יידיש, מיין יידיש לאַנד,
און איך וועל צו דיר ריידן עברית ממילא.
אברהם מיט שרהן קומען אַנטקעגן,
פון דער מערת המכפלה.
(„רעד צו מיר יידיש")

טיפע זאָרג פאַרן קיום און המשך פון זיין פאָלק הילט־איין פיל פון זיינע לידער:

דאָס הערוויילעכטס אונדזערס,
ווי אַ סוכה צונויפגעשלאָגן —
צעפאַלט.
ס'איז אַלץ צעהויקערט, אָפּגעטראָגן
און אַלט.
(„הבה, לאָמיר")

דער דיכטער, וואָס זיין „קאָפּ איז באַקרוינט מיט גרייז־גרויער יידישקייט", שילדערט אַליין די וואָגל־און וואַנדער־יאָרן פון זיין יוגנט:

אָפּגעריסן, עלנט און באַזונדערט,
האָב איך אָנגעהויבן מיין וואָגל
דורך דעם אימהדיקן מדבר פון אונדזער יאָרהונדערט. („פון ליד „די קרוין")

* * *

ווי געזאָגט, האָט גלאַטשטיין פאַרצייכנט גרויסע אויפטוען, דערגרייכונגען און זיגן אין אַ גאַנצער ריי געביטן פון יידיש־שאַפן. ער איז אָבער קודם־כל און איבער

אַלץ — אַ דיכטער. זיין פּאָעטישע אַנטאָלאָגיע, צו זיין 60טן געבוירנטאָג (1956), האָט ער באַצייכנט מיטן נאָמען „פון מיין גאַנצער מי" (פונעם פּסוק: „מכל עמלי"). דערמיט האָט ער אַליין אונטערשטראָכן, אַז זיין פּאָעזיע איז דער עיקר פון זיין מי, אַז זי איז אים אַמנאָענטסטן פון אַלע אַנדערע שאַפונגס־געביטן אין יידיש־לאַנד.

זיין דיכטערישער אוצר און ביישטייער איז, אין אַ גרויסער מאָס, אַ ליטעראַרישער שפּיגל פון אַ יידישן דור אין גערנגל — אַ דור אין אַ הרת־עולמדיקער היסטאָרישער תקופה, אַ דור אין זוכעניש פון זעלבסט־דערקענטעניש.

זיין דיכטונג באַטראַכט דער פּאָעט ווי אַ מלאכת־הקודש. אויפן געדאַנק קומט זיינע אַ דערינערונג וועגן זיין פאָטער דעם למדן און משכיל: „ער האָט אַזוי ווי געהייליקט זיין זון צו דער יידישער ליטעראַטור. „ער האָט געבראַכט אין שטוב אַריין פאַר מיר פּרצן, שלום־עליכמען, רייזענען. ער האָט אַנגעקוואָלן ווען איך האָב פאַרגעלייענט פון דער יידישער ליטעראַטור. עס זעט מיר אויס, אַז ער האָט געוואָלט האָבן אַ זון אַ יידישן שרייבער". דער זון האָט דעם פאָטער ניט אַנטוישט! („איצט זיינען מיינע טאַטע־מאַמע באַלוינט, מיין קאָפּ איז באַקרוינט").

אַ באַזונדער קאַפּיטל זיינען גלאַטשטיינס אַמעריקאַנישע מאָטיוון, לידער פון אַמעריקע, וואו ער האָט אין זיינע „גרינע" יאָרן „געאַרבעט אפשר אין פּופּציק שעפּער — און אין ערגעץ ניט געטויגט" („שמועסן מיט יידישע שרייבער" פון יעקב פּאַט). אין זיינע לידער זיינען ניכר גוטע השפּעות פון די בעסטע היינטצייטיקע אַמעריקאַנער דיכטער.

צווישן גלאַטשטיינס פּרעכטיקע עסייאיסטישע לידער שיינט־אַרויס זיין התלהבותדיק פּרק־ליד, פול מיט עקסטאַז, מיט התרוממות־הנפש און פאַרערונג פאַר דעם גרויסן און געטרייען פאָטער פון אונדזער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור:

ביסט גרעסער נאָך ווי דו ביסט געווען
ביסט הייליקער פון שרייבעריי.

מיר האָבן אונדזער געזאַנג אין דיר אַריינגעלעזן
דורך די טויטע יאָרן, וואָס זיינען פאַרביי.

אומפאַרגעסלעך בלייבט גלאַטשטיינס „געטאָ־ליד" (פון זיינע „געדענק־לידער"):

מיין געזאַנג אין דיינע
ביינדלעך,
ווי יונגער שניי צעגייט.
אין דיינע שטערבדיקע אויגן
וואַקסט־אויף אַן אַלטע פרייד.
לאַכעלע, מיין קינד,
זינגעניו, מיין טרויער,
ס'גייען־אויף זיבן זונען
אויף אַן אַלטן מויער.

דער שבת וויינט
אַ פאַרשוועכטער
פון די ביימער־שפּיצן.
אויף אַלע חושכדיקע געסלעך
טויטע בעטלערס זיצן.
שווייגעניו, מיין קינד,
שלאָפעלע, מיין קרישל,
אויף דיין ליידיקן טעלער
טאַנצט אַ גילדן פישל.

שטערן פון אונטערוועגנס —
באַלייכט דיין טאַטנס וועג,
די לבנה איז זיין פאַרמעגנס
אויף נאַכטיקן געיעג.
שלאָפעשי, מיין קינד,
קושעניו דיינע אויגן,
איבער קלאָגנדיקע חורבות
איז אַ טייבעלע געפלויגן.

דאָס טייבעלע ביסטו דאָך,
דיינע הענטלעך ווייסע פליגל,
דיין מאַמע וועט נישט
אָפּטרעטן
פון דיין הונגעריקן וויגל.
שאַזשעשי, מיין קינד,
שטילעניו, מיין טרויער,
דיין טאַטנס גוטע הענט
עפענען דעם טויער.

דער דיכטער ווירקט אַפֿט מיט זיין שפּילעוודיקייט און שטיפערישקייט — צייטנווייז דערגייט אַט־די חכמהדיקע תמימות צו הערשל אָסטראָפּאָליערדיקייט, ווי אין ליד „אַ יידענע מיט אַ שוועֶר געמיט״. עס מערקט זיך זיין שטרעבן צו קלאָרקייט פון וואָרט, און גלייכצייטיק צו פרישן נייעם קינסטלערישן, אָריגי־נעלן אויסדרוק.

גלאַטשטיינס גרויסער כוח און אויפטו באַשטייט אין קאָנען פאַרוואַנדלען טאָג־טעגלעכע שטימונגען, וואָכעדיקע פּאַסירונגען אין מיטרייסנדיקער, ווירקנדיקער פּאָעזיע.

ער איז אויך אַ צויבערער־„מכשף״ פון יידישן וואָרט. ס׳איז דאָך אַ שם־דבר זיין כוח משדך־צו־זיין ווערטער, זיין מזווג זיין און פּאָרן יידישער ווערטער און אויסדרוקן, זיין אָריינבלאָזן אַ רוח־חיים אין ווערטער טויטע, אָפּגעניצטע, זיין געבן זיין און אינהאַלט צו בלאַסע, גרויע, זקנהדיקע ווערטער.

בכלל גענומען, איז ער אין זיין ליד מער קוהלתדיק, ווי שיר־השירימדיק; מער דענקעריש, ווי דיכטער פון עקסטאַז; מער יהואשדיק, ווי רייזעניש.

ניט אַלע זיינע לידער, אָבער, זיינען מלא וגדוש מיט אינהאַלט און אידייען. ניט אַלע זיינע לידער זיינען מיר צום האַרצן, אָדער ריידן צו זינגען זיך אַריין אין מיין האַרצן. איך רעד דאָ וועגן יענע לידער, וואָס זיינען צו־מאָדערניסטיש, „צו־קלוג״, צו־חריפותדיק און פּיקחותדיק־חכמהדיק פאַר אַ ליריקער, צו־געקליגלט. למען האמת מוז איך זאָגן, אַז אייניקע פון די גאָט־לידער, וואו דער דיכטער רעדט צו גאָט אָדער מיט גאָט, פירט מיט אים אַ דיאַלאָג, נאָך אַ לאַנג־יאָריקער אפּיקורסות — בלייבן פרעמד מיין גייסט און זין. מען דאַרף אויך אָנווייזן, אַז אייניקע לידער פונעם דיכטער בלייבן אומקלאָר, אומפאַרשטענדלעך — כאָטש די ווערטער, די אויסדרוקן גופא זיינען גאַנץ פּשוט. אייניקע פון זיינע לידער זיינען בכלל מער ריידעוודיק, ווי זינגעוודיק.

* * *

אַ קאַפּיטל פאַר זיך איז גלאַטשטיין דער אָריגינעלער פּראָזע־קינסטלער, כאָטש דאָס איז ניט אָפּצוטיילן פון גלאַטשטיין דעם דיכטער. אַז ער איז אַ מייסטערהאַפטער דערציילער, באַווייזן זיינע צוויי באַרימטע נאָוועלן: „ווען יאָש איז געפאָרן״ און „ווען יאָש איז געקומען״. דאָ זעען מיר אים ווי אַן אויסגעצייכנטן סטיליסט, אייגנ־אַרטיק ווי אין זיין פּאָעזיע. ביידע — די פּראָזע און די פּאָעזיע — זיינען „מעור אחד״. אַ שטילער, דינער ליריזם נעמט־דורך דעם דיכטערס פּראָזע.

דער פּאָעט־דערציילער גלאַטשטיין געפינט זין אין זיינע „יאָש״־ביכער, וואָס זיינען אייגנטלעך אַן אַריינפיר צום איצטיקן נאַציאָנאַלן פּעריאָד אין דעם דיכטערס שאַפן. ער געפינט זיך: זיין קינדהייט קומט אים אַנטקעגן. דער ערב לעבט־אויף דורך די וואָכע חושים פונעם דיכטער מיט אויג, מיט וויזיע, מיט לובלין אין זיין לייב־און־לעבן, מיטן „טאַטנס שאָטן״ אַלס זיין באַגלייטער. ס׳איז אַ מין — „חדש ימינו כקדם!״... דער אַהיים־קום פונעם דיכטער אויף אַ באַזוך, נאָך פיל יאָר צעשיידונג פון זיין וויגל־שטאָט, ווערט — קונסט. דער וויטער „אַמאָל״ שטראַלט־אויף; שטיקער אַמאָליק לעבן וואַכן־אויף, געפירט מיט אַ געניטער, שאַרפער פען פון אַ קינסטלער, וואָס איז טיף־פאַרוואָרצלט אין דורות און טיפענישן פון יידיש לעבן, יידיש וויסן, יידיש שאַפן.

עס ציט זיך אַ שטראָם פון זכרונות, רעיונות, אַריינטראַכטונגען, אויטאָביאָ־

גראַפישע שטריכן, רייזע־בילדער, פּנימער, געשטאַלטן, בילדער פון יידישן לעבן אין פּוילן ביי דער שוועל פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. עס קומען־אויף די געשטאַלטן פון ר׳ נחמן בראַצלאַווער (וועמען דער דיכטער האָט געווידמעט איי־ניקע פון זיינע שענסטע לידער), פון די פאַלשע משיחים פונעם 17טן יאָרהונדערט, שבתי־צבי און יעקב פראַנק.

דורך לעבעדיקע, קינסטלערישע שילדערונגען, מיטן געשליפענעם, זאַפטיקן לשון פון אַ מייסטער, פאַלקסטימלעך און ראַפינירט, מיטן חן פון פּוילישן יידיש, טיילט זיך דער דערציילער־דיכטער מיט זיינע טיפע, רירנדיקע איבערלעבונגען: געזען, געהערט, באַגעגנט, אויפגענומען, דורכגעלעבט. די בילדער, די איבערלע־בונגען. די דעראינערונגען זיינען דורכגעוואַרעמט מיט אַ פילנדיק האַרץ. זייער ווירקונג אויפן לייענער איז אַ שטאַרקע און דויערהאַפטע.

* * *

דער אינטעלעקטואַליזם, די ראַפינירטקייט, וואָס לייגן זייער חותם אויף גלאַט־שטיינס לידער, שפּירן זיך אויך שטאַרק אין זיינע ליטעראַרישע עסייען און אָפּ־האַנדלונגען, אין זיין ליטעראַטור־קריטיק. דאָ פילן זיי זיך גאָר היימיש.

גלאַטשטיין, דער מחבר פון הונדערטער אַרטיקלען וועגן שרייבער און ביכער, דער פאַרפאַסער פון די עטלעכע בענד „אין תוך גענומען" און „מיט מיינע פאַר־טאָגביכער", איז געקומען צום געביט פון ליטעראַטור־קריטיק מיט רייכער ערודי־ציע, מיט אַ שאַרפן אַנאַליטישן חוש, מיט אַ גרענעצלאָזער ליבשאַפט צו עכטער ליטעראַטור, מיט באַדייטנדיקע ליטעראַטור־קענטענישן, מיט אַ סך קלוגשאַפט, מיט יאָרן דערפאַרונג אין שרייבערישן פאַך (אָדער צעך), מיט פייאיקייטן צו באַלאַנ־סירן, ניט איבערצוכאַפּן די מאָס, ניט מגזם־צו־זיין, ניט אַריינצופאַלן אין איבערריי־קער התפעלות. ער איז געקומען מיט אַן אַנטוויקלטן חוש צו „דערשנאַפּן" אַ טאַ־לאַנט, אויפצוכאַפּן אפילו אַ ניצוץ פון טאַלאַנט.

ווי דער טיטל פון זיינע עסייען־ביכער זאָגט („אין תוך גענומען"), גייט אים דער עיקר אין תוך־זאַכן, אין עיקר־ענינים. דער קריטיקער־עסטעט זוכט תוך, אינ־האַלט, ווי אויך געהעריקע פאָרם. ער זוכט און ברענגט־אַרויס דעם תמצית פון אַ ווערק; ער זוכט דעם שרייבער הינטערן ווערק אָדער אין דעם ווערק. ער שיילט־אָפּ שאָלעכצער, תכשיטים און אַנטפּלעקט דעם תוכן, דאָס וועזנטלעכע.

ער קומט מיט ישוב־הדעת, מיט געלייטערטע געדאַנקען. אָפט ווערט זיין רואיק דענקען באַגלייט מיט התלהבות און ענטוזיאַזם פאַר עכטקייט פון טאַלאַנט, אָריגינעלקייט פון קינסטלערישן אויסדרוק, פאַר נייע קינסטלערישע דערגרייכונ־גען. ער זוכט אָנצורעגן דעם לייענער צו דענקען, נאָכדענקען, צו באַקענען זיך מיט די ווערק גופא פונעם באַהאַנדלטן שרייבער.

צייטנווייז איז ער דער קינסטלער אויך אין זיינע ליטעראַרישע עסייען און אָפּהאַנדלונגען. פאַראַן דער חותם גלאַטשטיין אויך אויף זיי. צומאָל מישט זיך אין זיי אַריין דער דיכטער, דער בעלעטריסט, דער פּאָרטרעטן־מאָלער (פונקט ווי דער עסייאיסט גלאַטשטיין העלפט אַמאָל דעם דיכטער גלאַטשטיין). אָבער דער קריטיקער גלאַטשטיין „האַלט אַן אויג". ער מאָנט און פאָדערט פון זיך גופא ער־לעכע מאָס־און־וואָג. ער קאָן זיין שטרענג און מילד. ער שרייבט בליציק, באַ־לערנדיק, עלעגאַנט — און אינטערעסאַנט. ער אַרבעט־אויס זיין אייגענע שיטה, אָדער זיין אייגענעם דרך אַלס ליטעראַטור־קריטיקער. ווערק פון שרייבער־יחידים און גאַנצע דורות ווערן באַהאַנדלט אין זיינע ווערק.

אַ מקפּיד מיינט ניט דווקא קפּדן. דער ליטעראַטור־קריטיקער גלאַטשטיין שעפּט נחת, ווען עס קומען אים אַנטקעגן „שורות פול מיט ליכט", אפילו ווען (אָדער — באַזונדערס ווען) זיי זיינען פון אַ דיכטער, אַ ווייניק־באַקאַנטן, „אַ פאַרווינקלטן".

אַליין איינער פון די בעסטע, ווערסאַטילסטע, מיזאַמסטע יידישע שרייבער, מאָנט ער, מיט רעכט, פון שרייבער — דרך־ארץ פאַר דער וויכטיקער פונקציע פון שרייבער, און — דרך־ארץ פאַר אַנדערע שרייבער, „אַן אויפריכטיקן און אָפּשאַצרישן דרך־ארץ". ער אַליין שרייבט מיט טיפער ליבשאַפט, ניט נאָר וועגן דער יידישער ליטעראַטור, נאָר אויך וועגן אירע שאַפער — „די מייסטע יידישע שרייבער באַשיינען אונדזער לשון". ער, דער גייסטרייכער עסייאיסט מיט אַ וואַכן, שאַרפן, אָפּענעם מוח, איז אַ האַרעפּאַשניק פון דער יידישער ליטעראַטור, אַ מתמיד, מיט אַ באַציאונג פון „בדחילו ורחימא" (זיינע ווערטער) צו ליטעראַרישן שאַפן.

„משגיאות מי נקי?" ווער איז ריין פון טעותן, פון „זינד", בשוגג אָדער במזיד? איינער פון די ערנסטע טעותן פונעם עסייאיסט גלאַטשטיין איז געווען זיין אומבאַרעכטיקטער פעך־אַנגריף אויפן גרויסן יידישן שריפטשטעלער שלום אַש אין פאַרבינדונג מיט זיינע קריסטוס־ראָמאַנען. אַ צווייטער בלויז: דער דרייסטער און געוואַגטער שרייבער גלאַטשטיין האָט — מיט קליינע אויסנאַמען — ניט געוואַגט צו שרייבן, אָפּצורופן זיך ווי אַ ליטעראַטור־קריטיקער וועגן די שאַפונגען פון יידישע פּראָגרעסיווע שרייבער. אין זיינע ווערק, וואָס באַלייכטן דעם גאַנג פון אונדזער יידישער ליטעראַטור, פון אַ ריי דורות יידיש־שאַפער, דיכטער און דענקער, פעלט אָט־דער וויכטיקער סעקטאָר פון דער יידישער ליטעראַטור.

זאָל דאָ דערמאָנט ווערן, אַז דער פּראָדוקטיווער שרייבער גלאַטשטיין געפינט אויך צייט צו זיין אַ קולטור־טוער, אַ קולטור־בויער, אַ לעקטאָר, אַ רעדנער, אַן עפנטלעכער קעמפער פאַר דער חשיבות פון יידיש. פאַראַן אַ סך אָנרעג צו מעשים אין זיין זאָג: „ווען מען טראָגט יידיש אויף די פּלייצעס, טראָגט מען אַ פאָלק מיט זיין גאַנצן אינדערוואָכן, מיט זיינע שבתים און יום־טובים". פאַראַן אַ סך געזונטער שכל־הישר, אַ סך פּראַקטישע חכמה אין זיין רוף: „אויפהערן ריידן פון יידיש אין טערמינען פון אייביקייט — לאָמיר בעסער אַריינלייגן די גאַנצע אייביקייט אין דער איצטיקייט". איצטיקייט! דאָאיקייט!

צום סוף: ביי די אומות־העולם וואָלט מען לכבוד דעם 70סטן געבוירנטאָג פון אַ שרייבער פון אַזאַ פאַרנעם, ווי י. גלאַטשטיין, מכבד־געווען דעם יוביליאַר מיט אַ גרויס, וואָגיק ווערק וועגן זיין פילזייטיקן שאַפן. אין דער יידישער פּרעסע באַנוגנט מען זיך מיט אַרטיקלען. עס פאָדערט זיך אַ גאַנץ בוך פאַר אַן אַל־אַרומנעמענדיקער אָפּשאַצונג וועגן אַזאַ שעפערישן וואָרט־קינסטלער, וואָס האָט הינטער זיך אַ האַלבן יאָרהונדערט שאַפן און פאַרנעמט אַן אויבן־אָן אין אונדזער היינטצייטיקער יידישער ליטעראַטור. וועגן יעדן ווערק זיינעם פאָדערט זיך דאָך אַ באַזונדערע ברייטע אָפּהאַנדלונג — אָפּגערעדט פון אַ כוללדיק בילד פון זיין לעבן און שאַפן.

(צו זיין 70סטן געבוירנטאָג, דעם 20סטן אויגוסט, 1966)
(„יידישע קולטור", אָקטאָבער, 1966)

* * *

צו גלאַטשטיינס 75סטן געבוירנטאָג, אין 1971, זיינען דערשינען זיינע דריי נייע ביכער: אַ בוך לידער, אַ בוך עסייען, און אַן אָפּקלייב פון זיינע לידער אין ענגלישער איבערזעצונג.



# משה שיפּריס

(געב. 1900)

משה שיפריס: „אונטער איין דאַך״. אַרויסגעגעבן פון איקוף־פאַרלאַג, מיט דער הילף פון משה שיפריס יובילײ בוך־קאָמיטעט, ניו־יאָרק, 1970. 160 זייטן.

משה שיפריס דינט שוין העכער אַ האַלבן יאָרהונדערט דער יידישער ליטע־ראַטור. ער האָט זי באַרייכערט מיט זיינע לידער און דערציילונגען, שאַפונגען פאַר קינדער, טעקסט־ביכער פאַר די לערן־שולן, קינסטלערישע רעפּאַרטאַזשן, איבער־זעצונגען פון דריי ענגלישע ביכער, און אַן אויטאָביאָגראַפיע, וואָס דרוקט זיך איצט אין פאָרזעצונגען אין דער „מאָרגן־פרייהייט״ און וועט אינגיכן דערשיינען אין בוך־פאָרם.

מיר קלייבן זיך דאָ ניט אונטערציען קיין סך־הכלען. משה שיפריס לעבט ברוך־השם און ווירקט און שאַפט, און פאַרמעסט זיך נאָך אויף פיל פּראָיעקטן. מיר ווילן דאָ בלויז אָפּשטעלן זיך — און בקיצור — אויף זיין ניי־דערשינענער לי־דער־זאַמלונג.

קודם: וויל מען בעסער פאַרשטיין און טיפער באַנעמען דעם דיכטער משה שיפריס, דאַרף מען זיין באַקאַנט מיט זיין שורש, מיט זיין היים־געגנט: בעסאַ־ראַביע. איך האָב געקענט בעסאַראַביע. איר זאַפטיקע שוואַרץ־ערד האָט פּראָדו־צירט מאַמעליגע, אירע פעטע שאָף האָבן פּראָדוצירט ברינזע, און איר רייכע שפע, קאָנצענטרירט אין די הענט פון פּריצים, האָט פּראָדוצירט אַ ביטערע נויט, אַ שרעקלעכן דלות. איבערן רוקן פון פאָלק איז כסדר געהאָנגען די צוויי־שאַרפיקע דאַמאָקלוס־שווערד. איבער די פעלדער האָט זיך ברייט און וויט געטראָגן דער אומעטיקער ניגון פון דער „דאָינע״, אויסגעשפּילט פונעם אָרעמען „טשובאַן״ (פאַסטוך).

אָט יענעם אומעט, יענעם ניגון פון עלנט און וויי, צוזאַמען מיט זיין פרומען טאַטנס ניגון, דער ניגון פון תורה־לערנען און זיך אָננעמען די קריוודע פונעם אָרעמאַן, פונעם באַליידיקטן, האָט משה שיפריס איינגעזאַפּט אין זיך, איבערגע־נומען אין זיין ליד, וואָס ער האָט אין משך פון יאָרן געהאַלטן אין שלייפן און פאַרפולקאָמען.

דער זון פון דער בעסאַראַביער ערד, דער זון פונעם לומדישן שוחט אין שטע־טעלע בעלץ, וועלכער איז שוין צענדליקער יאָרן פיזיש אַזוי וויט פון זיין געבורט־אָרט, טראָגט נאָך אַלץ אין זיך, אין זיינע לידער, חלומות, וויזיעס, אין זיין בלוט

און מאַרך — בעסאַראַביע: איר ערד און אירע הימלען, איר גוף און גייסט, איר זון און לבנה, איר ניגון, איר עפּאָס און מיטאָס. אַזאַ, קענטיק, איז דער כוח פון שורש, פון יניקה, פון שטאַם. חותם בעסאַראַביע, איר השפעה, איז דער תוך פון שיפּריסעס ליד.

אַ היפּשער טייל פון די לידער אינעם נייעם בוך זיינען אייגנטלעך דעם דיכטערס אַ חלום־און בענקשאַפט נסיעה פון ניו־יאָרק קיין בעלץ און צוריק.

גוט האָט דער דיכטער געטאָן, וואָס אין דעם בוך האָט ער אַריינגעגעבן סיי נייע לידער, געשריבן לעצטנס, סיי אַן אָפּקלייב פון לידער פון פריערדיקע ביכער. דער נאָמען פונעם בוך „אונטער איין דאַך", איז דעריבער טרעפלעך־צוגעפּאַסט. אונטער איין דאַך הויזן דאָ פאַרשיידענע פּעריאָדן אין דיכטערס לעבן און שאַפן; אויך פאַרשיידענע זשאַנרען, נוסחאות, גראַדן פון פּאָעטישער אַנטוויקלונג. די לידער ווערן ניט געגעבן אין אַ כראָנאָלאָגישן סדר. פאַרקערט: די ראשונים לויט דער צייט, ווען זיי זיינען געשאַפן געוואָרן, ווערן גאָר אחרונים, און פאַרקערט: דער געניטער לייענער דערשפּירט, אַז דער גוטער אָנהויב פון די לידער פונעם דיכטערס ערשטן שאַפונג־פּעריאָד רופט זיך אָפּ אין די נייעסטע לידער, און די רייפונג פון די נייעסטע פרוכט איז שוין פּאַקטיש פאַרוועבט אין די פריע לידער. אַזוי אַרום —איין קייט, איין המשך. דער בוך איז, אין אַ זין, אַ קווינט־עסענץ, אַ כולל און אַ קיצור, אַ סך־הכל און אַ מוסטער, פון שיפּריסעס דיכטונג. ער גיט אַ שליסל צום תוך פון זיין פּאָעטישן שאַפן.

יאָ, זיי הויזן אונטער איין דאַך: דער 70־יאָריקער דיכטער מיטן 20־יאָריקן, דער נעכטן מיטן היינט. ניטאָ צווישן זיי קיין „ריס פון דורות" — קיין „דזשענערעישאָן געפּ". און וואונדער איבער וואונדער: פיל לידער פון די ניינצן־דרייסיקער יאָרן האַלטן־אָן זייער פרישקייט און יוגנטלעכקייט. און דאָס איז בפירוש אַ הויכע מדרגה! אייניקע לידער זיינען אפילו מחיה־מתים פּעריאָדן, צייט־אָפּשניטן, וואָס זיינען שוין וויט פאַרשוואומען מיט די ברוזיקע שטראָמען פון דער צייט. אויף אַנדערע, שוואַכערע לידער, חטאת־נעורים לידער, האָט דער גאַנג פון די דרייסיקער הונגעריקע, צאַרנדיקע יאָרן געלייגט זיין חותם, זיין סטיל — און גוברגעוועזן די קונסט פון די לידער.

אַמקרעפטיקסטן אַנטפּלעקט זיך שיפּריס ווי דער שילדערער פון נויט און דלות, און ווי דער זינגער פון לעבן, פון לעבנס־פרייד. איינער פון אונדזערע פאַרגעשריטענע זינגער פון אַרבעטער־נויט, אַרבעטלאָזיקייט, מאָטיוון פון ליידן און פּראָטעסט קעגן די אונטערדריקער, האָט ער נאָך אין 1933 אַזוי רירנדיק און עכט געזונגען:

אַן אומעטיק ווינקל. אַן אייזערן בעט.
דריי קינדער, אַ ווייב און אַ קעלט.
אויף אומרו פון זייגער הוידעט די נויט,
טיק־טאַק און טיק־טאַק — זי גריזשעט און קוועלט.

אַזאַ בילדלעכע שורה, ווי „אויף אומרו פון זייגער הוידעט די נויט", לאָזט זיך ניט פאַרגעסן.

אַזוי אויך פילט איר, זעט איר, הערט איר דעם צער פון דלות, די בילדער און קלאַנגען פון נויט, אין שיפּריסעס לידער וועגן דער נעגער־געגנט העיסטינגס אין דעטראָיט, צי אין אַנדערע אָרעם־געגנטן פון אונדזער רייכער, זאַטער אַמעריקע.

דער דיכטער מיט אַ קלאָרן, פּראָגרעסיוון וועלט־באַנעם גיט זיך ניט אונטער קיין יאוש־שטימונגען. ער איז פאַרליבט אין לעבן — מבטן ומלידה. דורך ווײַ־טאָקן און ליידן, „ווי אויף אַ בעט פון גליאיקע טשוועקעס", גייט־אויף זיין לויטער געזאַנג צום לעבן. דאָס איז אַ טיף־מענטשלעכער שיר־השירים צום עץ־החיים, צו אַלץ וואָס לעבט און וואַקסט. עכט, שטיל, פריידיק זינגט דער דיכטער:

עס זינגט דאָס בלוט
אין מיינע אָדערן.
איך הער דאָס וואַקסן
אין די פּרוכט, די יאָדערן.

אַן אַנדער ליד פון אָט־דער אָפּטיילונג שליסט ער מיטן אָפּטימיסטישן פּערז:

איך האָב געבונדן אַ בונד מיטן לעבן,
אויף אייביק, אויף אַלע צייטן —
די שווערד פון קאַמף אין מיין האַנט,
און מיין פרייהייט־רוף אין אַלע ווייטן.

„די שווערד פון קאַמף אין מיין האַנט" איז ניט קיין מליצה. דער לירישער דיכטער שיפריס איז גלייכצייטיק אַ סאָציאַלער דיכטער, אַ דיכטער פון סאָציאַלן פּראָטעסט — אין די פוסטריט און אין דער גוטער טראַדיציע פון אונדזערע ראשונים־קלאַסיקער־פּיאָנערן פון אַמעריקאַנער יידישן פּראָלעטאַרישן ליד. די יאָרן פון שאַרפן עקאָנאָמישן קריזיס אין 1930 און שפּעטער, די יאָרן פון מאַסן־הונגער און אַרבעטלאָזיקייט, פון „ליידיקע קוימענס", ווי אויך דער פּעריאָד פון „סקאָטסבאָראָ", פון די קאַמפן פאַר סאָציאַלער פאַרזיכערונג, פאַר נעגער־רעכט, קעגן ראַסיזם און רעאַקציע, האָבן געפונען אַן אָפּשפּיגלונג, אַ קינסטלערישן תיקון אין שיפריסעס צערפולע און צאָרנדיקע לידער. פון אָט־דער סעריע לידער שיינט־אַרויס אַזאַ פּערלדיק, ממש קלאַסיש ליד, ווי „ליד פון שוואַרצן שיכפּוצער", אַן אַנטאָלאָגיע־ליד, פון די בעסטע לידער קעגן אַנטי־נעגערשן ראַסיזם, אַ ליד וואָס דערמאָנט אין די בעסטע שאַפונגען פונעם גרויסן נעגער־דיכטער לענגסטאָן היוז — דירעקט, ריטמיש, פשטותדיק, עקאָנאָמיש אין וואָרט:

שוואַרץ איז מיין הויט,
נאָך שוואַרצער מיין נויט.
נישטאָ קיין פרייד.
מיין היים — אַ הינטישע נאָרע,
אויף יעדן בוים אייגעשניטן אין קאָרע —
אַ שטריק איז גרייט.

דער וועלט־צער און דער דיכטער זיינען איינס. די באַעוולטע, געקריוודעטע, צו־הונגער־פאַרמשפּטע; די קרבנות פון היטלעריזם; די קרבנות פון דער פאַר־ברעכערישער וויעטנאַם־מלחמה — זיי אַלע „אין שלאָפלאָזע נעכט" זיי קומען, זיי מאָנען:

זייער צער,
זייער טרויער,
אין שטענדיקן לויער
אויף מיין אויער.

מיר האָבן שוין לאַנג אָנגעוויזן אַז אונדזערע פּראָגרעסיווע אַמעריקאַניש־יידישע דיכטער זיינען די אַמעריקאַנישסטע צווישן אַלע יידישע דיכטער דאָ אין לאַנד. אויך שיפריסעס לידער זיינען אַ בולטער באַווייז דערפון. איר האָט דאָ שטיקער אַמעריקע — איר געשיכטע, איר פרייהייט־טראַדיציע, אירע קאַמפן, נויטן, ליידן, האָפענונגען.

סאָראַ דיכטערישער אויפטו עס זיינען זיינע אַרבעט־לידער („פאָרד רוזש פּלענט", א. אַנד.)! איר האָט דאָ די אַטמאָספער פון פּראַצע, די פּראָצעסן פון אַר־

בעט, דעם ווײטס פון מי, דעם ווײ פון שאַפן, דעם געבורט פון אויטאָמאָביל. איר זעט, דוכט מיר, ממש דעם „בזיעת אַפּיך״... זעט און הערט:

העֶנט אין זעלביקן באַוועג, שעה׳ן, טעג און וואָך
הענט אין נאָכאַנאַנדיקן געיעג — אין קאַנווייער־יאָך.

און דעם דיכטערס זעענדיק אויג זעט און זאָגט־אָן: „דאָ זאַמלט זיך האַס און גליאיקער צאָרן״.

פאַראַן אין דעם בוך אַ געוועב פון וואַרעמע, העלע פאַרבן און אַ צונויפקלאַנג פון לידער לירישע, דערציילערישע, מאָלערישע, וואָס אַלע קוועלן זיי אַרויס פון אַ פיין־פילנדיק האַרץ, אַן „אָנגעצויגענע פידל־סטרונע״. איר דערהערט דינע טענער פון לידער פון שלום, צער אויפן גרויסן יידישן חורבן, לידער צום „מענטש, דעם העלד״, דעם בויער; אַן איבעררוף צווישן לידער פון „סקאָטסבאָראָ״ און „סעלמאַ, אַלאַבאַמאַ״.

דאָס בחורל פון בעלץ, וועלכער האָט פון עווענױ „עי״, ניו־יאָרק, אַריבערגעשיקט בענקשאַפט־לידער־שטאַפעטן צו זיין היימשטאָט, האָט זיך גאָר גיך איינגעוואָרצלט אין אַמעריקע, איז געוואָרן אַ חשובער תושב אין דער יידישער ליטעראַטור. ער האָט אָנגעהויבן מיט דער בראָנזווילער גרופּע שרייבער־אָנפאַנגער; „געפעדערט״ זיך צווישן די ערשטע אין דעם זשורנאַל „פעדער״, און איז מיט דער צייט גאָר אַריין אין די „סאַמאָראָדנע״ פּראָלעטאַריש־לינקע „פעדערן״ — אין דער פּראָגרעסיווער יידישער ליטעראַטור. דאָ האָט ער געפונען זיין היים, זיין סביבה, דעם קוואַל פון זיין אינספּיראַציע. דאָ זינגט ער — אַמעריקע. דאָ צאָלט ער אָפּ אַ חוב צו זיין שורש — בעסאַראַביע, די מוטער פון אַ צאָל אָנגעזעענע יידישע שרייבער, צווישן זיי: אליעזר שטיינבאַרג, יעקב שטערנבערג, משה אַלטמאַן, אייזיק ראַבאָי, אפרים אויערבאַך, אליעזר גרינבערג, דוד סעלצער, הענעך אַקערמאַן, און אַנדערע.

ווידער און נאָך אַמאָל טויכט־אויף בעלץ, דעם דיכטערס נאָגנדיקע בענקשאַפט נאָך דעם היימלאַנד וואָס הייסט „בעלץ״, נאָכן טאַטנס ניגון, נאָך מאַמעס היים, נאָך די בעלצער יידישע יום־טובים, אפילו נאָך די בעלצער בלאָטעס:

כ׳לעב זיך מיין חלום אין מיין ליבן ניו־יאָרק,
נאָר כ׳נעם זיך אַ חלום אַ בעלצער אויף באָרג.

איר לייענט דעם דיכטערס בעלץ־לידער, און איר דערשמעקט זיסע ריחות פון פעלדער און סעדער, פון אַרבוז, פאָווידלע און פּאַטלאַזשאַנעס, פון גאָלדענע ווייצן. אָבער דער דיכטער איז ניט קיין סענטימענטאַלער ראָמאַנטיקער. ווי אַ רעאַליסט גיט ער זיך אָפּ אַ חשבון:

טראָפּנס פרייד און וּמערס צער עס בענקט זיך מיר נאָך מיין שטעטל,
ליגן אין טיש־קעסטל פון מיין זכרון. נאָר ניט נאָך יענע יאָרן.

צווישן די לידער וועגן דעם גרויסן יידישן בראָך ווייטיקט־אַרויס אַ ליד מיט שאַרפער פיינפולקייט: „דער אידנבוים״ — וועגן אַ באַרנבוים, וואָס די היטלערישע חיות האָבן פאַרוואַנדלט אין אַ תליה־בוים פאַר יידן. מיט טיפן צער רופט־אויס דער דיכטער:

װעלט, אָ, װעלט! צי האָט מען װען געזען, װי פון אַ גוטן באַרנבוים —
צי האָט מען װען געהערט, אַ אײדנבוים גאָר װערט!

קונסט־מאָלער װעלן באַזונדערס הויך אָפּשאַצן אַזױנע לידער־געמעלן, װי: „דער אַרבוז אויפן טיש", צי „אַ זון איז געשטאָרבן". די לידער רעדן צו אַלע חושים, נאָר גאָר באַזונדערס צום חוש־הראיה.

פּרעכטיק אין איר פרישקייט איז די לידער־סעריע „מדבר", װאָס דער דיכטער האָט געשאַפן נאָך אין די צװאַנציקער יאָרן. גאַטירלעכע, עכטע געמעלן און גע־זאַנגען פונעם פאַרשרפעטן, מיסטעריעזן מדבר; פונעם אָרעמען אַראַבישן פעלאַך (פויער) אין זיין אייביקן לעכצן נאָך װאַסער; פונעם ביטערן געװיין פון שאַקאַלן אין מיטן נאַכט, פון דער שיינער, פלאַמיקער, אומגליקלעכער ליבע צװישן איב־ראַהימען און דער צאַרטער ראַכאַמאַ. איר הערט ממש, װי:

דורך אויפגעריסענע העלדזער פון שאַקאַלן
בייט־אויף דאָס געװיין פון אַלע װעלטן.

דער יונגער דיכטער, אַ מיטגליד פונעם „יידישן לעגיאָן", האָט זיין באַקאַנט־שאַפט מיטן מדבר אין מיטל־מזרח פאַרװאַנדלט אין ניי, פריש, בילדרייך, עקזאָ־טיש ליד — אַ נייעס אין דער יידישער פּאָעזיע פון יענער צייט. אָבער שוין דאַן, אין זיינע יונגע יאָרן, האָט ער אין זיינע קאַירע־לידער דערהערט און געװאוסט:

פון מיט פון דער שטאָט
שרייט־אַרויס די רייכע זעט,
פון הינטער דער שטאָט —
שרייט־אַרויס די גרויסע נויט.

ס'איז אַ שאָד בלויז, װאָס אין זיינע מדבר־לידער האָט זיך אַריינגעכאַפּט אַזאַ װילדע, אומפּאַסיקע פראַזע, װי „די באַנדעס אַראַבער אַרום". געװיס האָט דער דיכטער געמיינט: „גרופּן", „אַ געזעמל". קיין אַנדער אויסטייטש קאָן דאָ ניט זיין.

מיט גאָר אַ באַזונדערן חן צייכענען זיך אויס שיפּריסעס אייגנאַרטיקע, מחיה־דיקע לידער פאַר קינדער. דאָ זעען מיר אים װי אַ „קונדס הגדול" — מיט זיין פיינעם הומאָר, שטיפערישקייט און שפּילעװדיקייט, מיט אַ טיפער פאַרשטענדעניש פאַר דער גרויסער װעלט פון קליינװאַרג, יונגװאַרג, — פאַר דעם װאונדערלעכן פאָלק, װאָס הייסט קינדער. דאָ זעט איר דעם דיכטערס אַריינדרינג אין דער פּסי־כיק און „װעלט־באַנעם" פונעם קינד.

דאָ האָט דעם דיכטער שיפּריס אַ סך אַרויסגעהאָלפן דער לאַנגיאָריקער, גע־טרייער, דערפאַרענער שול־לערער שיפּריס. דער דיכטער האָט אָנגענומען — און אויסגעפּילט — „סאָציאַלע באַשטעלונגען"ביים לערער: באַשטעלונגען אויף פריש־צאַפּלדיקע יידישע לידער פאַר קינדער און װעגן קינדער. און די לידער האָבן גאָר עולה־יפה געװען. שיפּריסעס קינדער־לידער זיינען ביי אונדז פון די בעסטע און געראָטנסטע. ניט אומזיסט זיינען אַ צאָל פון זיי אַריין אין שול־כרעס־טאָמאַטיעס. אייניקע פון זיי זיינען געװאָרן אַ שם דבר, װי, למשל: „די ראַבע מיסעס הינדל", „דער זייגער", „גאָר און גאָרניט", „די מאַמע װאָך מיט די זיבן טעג", און פיל אַנדערע.

אַ סך פון אָט־די לידער קומען מיט אַ קוים־מערקבאַרן סאָציאַלן מוסר־השכל. זיי פלאַנצן־איין אין קינד אידייען פון הומאַניזם, פון יושר און אמת — און אַלץ אויף אַ שפּילעװדיקן אופן. זיי רעגן דעם קינדס פאַנטאַזיע; זיי רעדן מיטן קינדס

לשון. זיי מאָנען גערעכטיקייט. די פינף טעג־האַרעפּאַשניקעס קומען מיט אַ פאָ־דערונג צום „שבת" און „זונטאָג": „אַלע אַרבעטן גלייך; אַלע יום־טובן גלייך".

דאָס פאָלקס־ווערטל זאָגט: „קינדער זיינען גאָטס וואונדער" און „ביי אַ קינד איז די נבואה אין מויל". דער דיכטער און לערער שיפּריס אילוסטרירט אָט־דעם טיפן אמת אין זיינע קינדער־לידער. עס שטראַלט־אַרויס פון זיי אַ האַרציקע ליב־שאַפט צום קינד. אָט, למשל, דאָס קליינע מיידעלע און גרויסע שטיפערקע, וואָס הייסט מיני האַ האַ:

זי טוט־אָפּ שפּיצלעך אָט אַזאַ איז מיני;
טאַקע נאָר צום לאַכן — וואָס־זשע קאָן מען מאַכן?

שיפּריסעס לידער היטן־אָפּ די גוטע, אַלט־יונגע יידישע פאָלקס־טראַדיציע פון בטחון, פון גלויבן אין זיג פון יושר — די פּרץ־טראַדיציע פון „האָף און גלויב":

איך חלום אַ חלום דאָס שלעכטס ווערט פאַרזונקען,
פון האָפענונג און גלויבן. דאָס גוטס ווערט דערהויבן.

אין דער איצטיקער צייט, ווען די לופט אין לאַנד איז ניט נאָר פיזיש, נאָר אויך מאָראַליש פאַרפּעסטעט, ווי מיר זעען דאָס אין דער שחיטה אויף פיר סטו־דענטן, אַנטי־מלחמה פּראָטעסטירער, אין דעם קענט סטעיט קאַלעדזש אין אָהאַיאָ; ווי מיר זעען דאָס אין ניקסאָנס קאַלטבלוטיקייט צו דער שחיטה, ווי אין זיין קאַלט־בלוטיקער אינוואַזיע אין קאַמבאָדיע, — אין דער איצטיקער צייט זיינען אַזעלכע לידער, ווי די שאַפונגען פון משה שיפּריס, אַ באַזונדערע גייסטיקע דערמוטיקונג און דערהויבונג.

זונטיק, מאַי 24, 1970.



# משה קיש

(געב. 1899)

משה קיש: „די וועלט איז מיין ליד". געקליבענע לידער און פּאָעמען. 300 זייטן. פאַרלאַג „איקוף", ניו־יאָרק, 1968. מיט אַן אַריינפיר פון אברהם ביק: „דאָס מאָלערישע וואָרט".

דער דיכטער משה קיש, אַ לאַנגיאָריקער אָנערקענטער מאָלער, איז אַ מאָלער אויך אין זיין פּאָעטישן וואָרט. פיל פון זיינע לידער זיינען אַ געראָטענער זיווג צווישן וואָרט און געמעל, צווישן דעם געזעענעם דורכן פיזישן אויג און גייסטיקן

אויג. צומאָל רעדן זיינע לידער מיט פאַרב, און זעען מיט קלאַנג...

דורך זיינע לידער — פון 1919 ביז 1968 — אַנטפּלעקט פאַר אונדז דער צאַרטער מאָלער־דיכטער די וועלט פון זיינע זעאונגען, פאַנטאַזיעס, חלומות — זיך גופא. אין אָט־דער וועלט פאַרנעמען אַן אָנגעזעען אָרט: דעם דיכטערס בייע היים — די מעטראָפּאָליע ניו־יאָרק, באַזונדערס זיין היים־געגנט, וויליאַמסבורג און די נאַטור.

גאָר שיינע געזאַנגען — דורך ברייטע, קאָנקרעטע, רעאַליסטישע קונסט־בילדער, מיט געדיכטע פאַרבן — ווידמעט דער דיכטער־מאָלער צו וויליאַמסבורג און ברוקלין, צום איסט ריווער און דעם האָדסאָן, צו די העננגענדיקע בריקן, צו קאָלאָמבוס סוירקל און גרעניטש ווילעדזש. אָבער זיין שענסטער שיר־השירים איז געווענדט צום מענטש, דעם בויער, דעם שאַפער:

זע ווי ער שטייט — אַ גיגאַנט! זיינע פיס טיף פאַרגראָבן
אין פעלז און אין שטיין, זיינע מעכטיקע אָרעמס צעשפּרייט
איבער דער לענג און ברייט פון דער מעטראָפּאָליע,
און זיין קאָפּ ווי אין גאַלאָפּ שטאָלץ און הויך, אַ טריבון,
אין פאַרמעסט — צו דער זון.

דער דיכטער זעט די וועלט מיט די אויגן פון אַ מאָלער און פון אַ פּראָגרעסיווּפילנדיקן און דענקענדיקן ייד און מענטש. דורך זיינע לידער־בילדער טראָגן זיך וועלטן מיט קולות פון ניו־יאָרק, דער מעטראָפּאָליעס געלעכטער און געוויין, קרעכצן, קאַמפס־רופן:

ווי אַ וואונדערלעך־העראָאישע סימפאָניע —
דאָס געזאַנג פון דער מעטראָפּאָליע.

„אינדזלען אויפן האָדסאָן", שיפן אַלערליי, „אַ זומער־שטורעם אין גרעניטש ווילעדזש", „זונפאַרגאַנג אין ניו־יאָרק", „נאַכט אין דער מעטראָפּאָליע", „וואַשינגטאָן סקווער־פּאַרק אין ווינטער", „די וויליאַמסבורג בריק", „פּאַרטאַג ביי די ברעגן פון איסט־ריווער", „אַ שניי איבער וויליאַמסבורג", — זיי אַלע האָבן ביים דיכטער אין פאַרשיידענע צייטן אַרויסגערופן שטימונגען, ניגונים, גערעדט צו זיין גייסטיקער וועלט, און זיי אַלע ווערן געמאָלן און אויסגעזונגען דורך וואָרט־פאַרבן, מוזיקאַלישע קלאַנגען, און באַהעפטן זיך מיטן לייענער, — ווערן אויך אַ טייל פון זיין געמיט און וועלט.

וויליאַמסבורג קריגט אַ דיכטערישן תיקון.

וויליאַמסבורג — די געגנט, איר געשטאַלט, איר לעבן — איז אַריין אין דעם דיכטערס ליד און אין זיין לייב־און־לעבן. דאָרט האָט ער געמאָלן „בילדער פון אָרעמען לעבן, פול מיט טרויער, מענטשן, גאַסן, טייכן, בריקן און מויערן". ווי אין אַ תפילה זינגט ער אויס:

וויליאַמסבורג — ביסט אַ טייל פון מיר,
אַ טייל פון לעבן מיינעם!

און עס גיסן זיך צוזאַמען אין דעם לידער־בוך, ווי אין דעם דיכטערס געמיט, „לידער פון זונשיין און פרייד" מיט „לידער פון צער און לייד". אָבער גובר איז דער בטחון, דער גלויבן אין מענטש, אין זיין טיפער מענטשלעכקייט, אין זיין העלער צוקונפט:

איך זינג פון טעג אָנקומענדיקע,
זוניקע און גלויביקע.

פון מענטש צו מענטש רעדט זיך דורך דער דיכטער מיט זיין לייענער; טיילט זיך מיט זיינע גאַרונגען, זכרונות, דעריגערונגען פון אַמאָל.

אין דעם טומל און געדודער פון דער רוישיקער גרויס־שטאָט שטעלט זיך אָפּ דעם דיכטער־מאָלערס שאַרף אויג אויף די האַרעפּאַשניקעס: אויף די האַפּן־אַר־בעטער; אויף די אַרבעטער פון דער וויליאַמסבורגער „דאָמינאָ" צוקער־פאַבריק, וואָס „טאָג און נאַכט ביים זיסן צוקער, ביטער שקלאַפן"; אויפן גאַסן־קערער, וואָס „קערט מיט זיין בעזים שטיקער נאַכט"; אויפן „מידן אויסגעדינטן פייערלעשער", אַנקל ראַב; אויפן קוילנגרעבער.

געזאַנגען פון כוואַליעס, פון ים־פייגל פון בערג און וועלדער אין די קעטסקילס, גיסן זיך צוזאַמען מיט געזאַנגען צום קוימענקערער, צום קאַטערינשטשיק, צום זוניקן זיגגער און צום אָרעמען קינסטלער אין זיינע לעצטע טעג.

מ. קיש דער ליריקער, דער זינגער פון עלנט־און איינזאַמקייט־מאָטיוון, איז אויך סאָציאַל אין זיין דיכטונג. ער זוכט און געפינט דעם וועג צום אָרעמען, אונ־טערדריקטן, באַליידיקטן כלל. ביז גאָר אויפריכטיק קלינגען זיינע טענער פון צונויפגעבונדנקייט מיטן אַרבעטנדיקן, עקספּלואַטירטן אַרבעטער־קאָלעקטיוו, מיט אַלע גערודפטע און באַעוולטע. זיין ליד „צו אייך זינג איך" שליסט זיך מיט די שורות:

איך אַלע געקרייוודעטע, גיט־געזאַלבטע, ניט באַזונגענע,
צו אייך אַלע, אָן שם און אָן רום, זינג איך איצט מיין ליד!
מיין ליד, מיין אומעטיק ליד!

גאָר אייגנאַרטיק, אָריגינעל זיינען מ. קישס שלום־לידער אָדער שאַרפע אַנטי־מלחמה מאָטיוון. אין זיין קרעפטיק ליד „דער זעלנער קאָן ניט שטאַרבן" ווייזט דער דיכטער ווי דער האַלב־טויטער זעלנער ראַנגלט זיך פאַרן לעבן, ווי:

„... ער דערציילט אויס דעם גרויל, די משוגעת פון דער שלאַכט!
און דער זעלנער מיט דער קויל אין זיין שאַרבן, —
וועט לעבן, וועט לעבן, ער טאָר איצט ניט שטאַרבן! — — —

דער דיכטער פון גרויס־שטאָט, פון נאַטור־וואונדער און פון שטימונגען, איז אוניווערסאַל און יידיש. וויליאַמסבורג רעדט צו אים דורך די געזאַנגען פון אַמאָ־ליקע איסט־סאַידער יידישע פּאָעטן, דורך „זייערע טריט, די שטילע" אויף דער וויליאַמסבורג־בריק. דורך די פלאַמען און רויכן פון אָשוויענטשים און טרעבלינקע רעדן צו אים די זעקס מיליאָן פאַרטיליקטע יידן. זיי לאָזן ניט רוען:

ער זעט: ערד אויסגעווייקט אין יידיש בלוט.
ער זעט: קאָלכאוויוונס גיהנומדיקע, אָנגעהייצט און גרייט,
וואָס דייטשן האָבן זיי מיט פלייס געבויט.
אין די אויוונס, אין די פלאַמען העלישע, זעט ער ווידער
די מאַרטירער יידישע, זיינע ברידער!

דורך זיין קינה־פּאָעמע „אין פלאַמען זעט דער יידישער פּאָעט", באַהעפט זיך דער דיכטער מיט די זעקס מיליאָן קדושים. ער קלאָגט און צאָרנט, אָבער ער קומט אויך מיט טרייסט און האָפענונג. די פּאָעמע ענדיקט ער מיטן טאָן פון בטחון:

ער טראַכט, דער יידישער פּאָעט,
פֿון נביא ישעיה וועגן אַקער־אייזן און שווערד;
ער זעט ניט מער קיין שנאה, ער זעט ניט מער קיין פֿלאַמען,
עס הערשט אַ שלום אייביקער אין אַ וועלט אַ נייער —
אַלע פֿעלקער לעבן איצט גליקלעכע צוזאַמען,
און צווישן זיי, די ברידער זיינע, יידן,
אויסגעלייזטע, פֿרייע!

אין פֿיל לידער זינגט דער דיכטער זיין שטאַרקן דראַנג צום לעבן. זיין טע־מאַטיק איז אַ פֿאַרשיידנאַרטיקע: פֿאַראַן דאָ לידער צו קונסט און ליד; צו די העלדישע אַנטי־פֿאַשיסטישע קעמפֿער אין דעם שפּאַנישן בירגער־קריג; צום גרויסן שלום־עליכמשן הומאָר; צו פּאָעטן, מאָלער, זינגער, טענצער; צו ציגיינער און גאָנדאָלירן. איבער אייניקע לידער איז איבערגעצויגן אַ ראָמאַנטישער שלייער.

פֿון צייט צו צייט בליצן־אויף אין דעם דיכטערס זכרון בילדער פֿון זיינע ייִנגל־יאָרן אויף יענער זייט ים, און די בילדער ווערן פֿאַרטיפֿטע לידער, ווי, למשל, זיין ליד „פּליטן איבער דער דווינע" — און דער לייענער דערזעט די „לאַנגע שורות שווימענדיקע פּליטן" און די אַרבעטער און פֿויערים ביי דער געפֿאַרפֿולער אַרבעט פֿון פֿירן די פּליטן.

אין אַ צאָל לידער קערט זיך אום דער דיכטער צו דער טעמע „ליד — געזאַנג", און פּרואווט זיך פֿאַרטיפֿן אין סוד און צויבער פֿון קלאַנגען, וואָס זיינען איינער פֿון די יסודות פֿון לעבן און ליד. אין זיין ליד „איך הער קלאַנגען" הערט ער און „זעט" די קלאַנגען — „ווי שטערן־שטויב אין נאַכט צעהעלט".

גאָר אַ באַזונדער, חשוב אָרט אין זיין דיכטונג פֿאַרנעמט דעם דיכטערס „קליינער און אָרעמער" בלומען־גאָרטן אין וויליאַמסבורג. זיי, די בלומען, שענקט ער זיינע צערטלעכסטע לידער. ער שילדערט זייער ביטערן קאַמף קעגן „שטויב און רויך, אַש און קויל".

די בעסטע לידער אין דעם בוך זיינען די לידער־געמעלן, וואו ס'איז גובר דאָס אויג פֿון גייסט. אייניקע פֿון אָט־די לידער (מערסטנס נאַטור־בילדער) זיינען פּאַסיק פֿאַר שול־ביכער, כרעסטאָמאַטיעס. למשל, זיין ליד „די אַדיראָנדעקס":

בערג אַרום און בערג אַרום
און הינטער זיי אין פֿאַרבן בלוי,
בערג ווי סילועטן קוקן שטום,
בערג ווי האַלבע לבנות, אָריענטאַלישע,
און בערג ווי פּיראַמידן,
בערג ווי קעמל־קאַראַוואַנען
וואָס פֿאָרן אויף יאַרידן
אין קאַלירפֿולע געשפּאַנען.

פֿאַרבנרייך זיינען אויך די לידער „די חתונה אין וואַלד", „דער וואַלד ווייַנט" און פֿיל אַנדערע לידער פֿון באַרג און וואַלד, טאָל און פֿעלד. פֿון די געמעלן ציטערט־פֿלאַטערט דעם דיכטערס האַרץ.

אין אַ צאָל לידער שפּירט מען דעם געזונטן, שעפֿערישן, וועהיטמאַנישן איינפֿלוס: אין גייסט און אין פֿאָרם. מיט דער וועהיטמאַנישער השפּעה (הומאַניזם, אוניווערסאַלקייט, אַמעריקאַנישקייט) קומען אויך וועהיטמאַנישע פּילווערטערדיקייט און קאַטאַלאָגיזמען, וואָס זיינען ניט תמיד אַ מעלה. גראַטעוענער זיינען קישס לידער, וואו ס'איז דאָ צמצום פֿון וואָרט, סוגעסטיע, אָנדייט, אָנוואונק. משה קיש איז אַ פֿאַרדינסטפֿולער, רעאַליסטישער קונסט־מאָלער, וואָס האָט געוואונען אַ סך אויסצייכענונגען. מיר דוכט, אַז די כללים פֿון רעאַליזם אין דיכטערישן וואָרט זיינען

אַנדערש ווי די געזעצן פון רעאַליזם אין דער מאָלעריִשער קונסט. אין פּאָעטישן וואָרט איז בעסער די אָנווענדונג פון רמז (רעמעז), ניט־דערזאָגטקייט, דער מיין „צווישן די שורות".

אין דער אָפּטיילונג „אין טאָל פון מיראַזשן" — די לעצטע אין דעם בוך — זײַנען פאַראַן קהלת־טענער — טראַכטענישן וועגן טויט און אומפאַרמיידלעכקייט פון טויט, מחשבות וועגן אייביקייט. אָט־די לידער זײַנען באַלויכטן מיטן דיכטערס הומאָר, מיט אַן „הבל־הבלים"־פילאָסאָפיע. זײַן ליד „מײַן אַדרעסן־ביכל" שליסט ער מיטן אומעטיקן פערז:

כ'האָב נעמען, אַדרעסן געקליבן, ס'איז באַלד שוין ניט קיינער פאַרבליבן, —
מײַן ביכל וועט בלײַבן באַלד לער; זאָגט: ווער וועט פאַרמעקן מיך, ווער?

די מערסטע טענער אינעם לידער־בוך זײַנען שטילע, געצאַמטע. „קול דממה דקה". אָבער זיי קומען פון אַ האַרץ פול מיט אומרו און ברויז. אומרו איז די הויפּט באַוועג־קראַפט פונעם ליריש־סאָציאַלן דיכטער און מאָלער. זײַן ליד „דער ים" שליסט ער מיטן פיל־אַנטפּלעקנדיקן פערז:

אייביק ביסטו ים — די אייביקייט אַליין!
פאַנטאַסטיש ביסטו ים, און שיין ביסטו — אַ פּראַכט!
און כאָטש אַנטקעגן דיר בין איך אַ מילב בלויז קליין,
דאָך, מײַן האַרץ, ווי דײַנס, שטורעמט טאָג און נאַכט.

(„מאָרגן־פרייהייט", זונטאָג, פעברואַר 1, 1970)

# שלמה וואַסערמאַן



(געב. 1898)

שלמה וואַסערמאַן: „מענטשן אין מײַן לעבן". דערציילונגען.
העכער 300 זײַטן. פאַרלאַג „איקוף", 1967.

ש. וואַסערמאַנס נײַער בוך איז אַ צייכן פון אויפשטײַג אין זײַן אייגענער ליטעראַרישער אַנטוויקלונג און אַ באַדײַטנדיקער בײַטראָג צו אונדזער ליטעראַטור וועגן איצטיקן ייִדישן אַרבעטער־לעבן דאָ אין לאַנד און דער עיקר טאַקע וועגן ייִדישן שאַפּ־לעבן. אָט־די טעמאַטיק איז נאָך אַלץ זייער אַן אַקטועלע — און „וכל

המרבה לספר הרי זה משובח" — הלוואי שרייב מען ביי אונדז (פאַרשטייט זיך: גוט, קינסטלעריש, עכט) וואָס מער אויף אָט־דער „טעמע".

וואַסערמאַנס בוך איז איינגעטיילט אין אַ צאָל אָפּטיילונגען: „אויף דער וואָג־שאָל" (עלף דערציילונגען), „אַ רייזע אַרום מיין הויז" (פאַרצייכענונגען, באַשריי־בונגען, „אַ ליטעראַרישער שפּאַציר"), „פון אונטערוועגנס" (רייזע־איינדרוקן פון אַ באַזוך אין אַרגענטינע), „מיין שוועסטער ביילע" (דערינערונג), און — „אַ שאָפּ מיט מענטשן", אַ נאָוועלע.

די נאָוועלע פאַרנעמט העכער אַ דריטל פונעם גאַנצן בוך, און זי איז, דענק איך, די בעסטע שאַפונג אינעם ווערק. דער נאָמען פון דער נאָוועלע איז אַזוי גענוי און ריכטיק צוגעפּאַסט: עס האַנדלט זיך בפירוש וועגן אַ שאָפּ פון אונדזער צייט אין ניו־יאָרק און וועגן די מענטשן אין שאָפּ. איר האָט דאָ אַן עכט־רעאַליס־טישע שילדערונג פון אַ היינטיקן שאָפּ, וואו כמעט די מערסטע מענטשן זיינען יידן.

ניט די פאַבולע, דער סיפור־המעשה, איז דאָ דער עיקר — נאָר די שאָפּ־סצענעס, די מאַלערייען פונעם שאָפּ־לעבן; די מאָמענטן פון פיל ליידן, שרעק, זאָרגן, דאגות פרנסה — און אויך מאָמענטן פון קאָלעקטיווע שמחהלעך, פאַמי־ליע־שמחות.

דער מחבר, אַליין כל־ימיו אַ שאָפּ־אַרבעטער, אַ דרעסמאַכער (אַרבעטער ביי פרויען־קליידער) קען אויסגעצייכנט דאָס לעבן אין שאָפּ און די מענטשן פון שאָפּ — ער קען זיי מיט אַלע זייערע תנועות און העוויות, מיט זייער לשון, גלייכווערט־לעך, האָפענונגען, צער, יום־טוב און אין דער וואָכן. ער קאָן מיט רעכט זאָגן מיט די רייד פונעם שאָפּ־אינטעליגנט דאָרפמאַן: „...איך קען די מענטשן בישט לויט דעם נומער: איך ווייס זייערע פריידן און ליידן, זייערע האָפענונגען און צווייפלענישן... איך זע זיי אַמאָל וויינען אין באַהאַלטענע ווינקעלעך פון שאָפּ... איך זע אַמאָל זייערע איבערגעפילטע אויגן פון פרייד... איך קען זייערע מאַניערן און געוואוינהייטן...".

דער שאָפּ אין וואַסערמאַנס נאָוועלע לעבט זיין אייגן לעבן — אַ באַזונדער, ספּעציפיש, אייגנאַרטיק לעבן. אַ וועלט פאַר זיך. אַ וועלט מיט וועלטעלעך. יעדער איינער אין שאָפּ — אַ וועלט. איר האָט דאָ קינסטלערישע, רעאַליסטישע בילדער און שילדערונגען פון דער שאָפּ־אַטמאָספערע — פון דעם שאָפּ; זיין טאָג־טעג־לעכקייט, זיין טומל און געפּילדער, מאַשין־רויש, עקספּלואַטאַציע פון מענטשלע־כער מי, ענגשאַפט, חשכות, קולי־קולות, שטויב, שמוץ, ווילדערניש, קריוודעס, באַ־ליידיקונגען, ערגערניש, שטענדיקע יאָגעניש ביי דער אַרבעט.

איר האָט דאָ דעם שאָפּ מיט זיין לעבן־שטייגער, מיט זיין דראַמע: דאָס אָרט וואו די אַרבעטער פינצטערן־אָפּ די מערסטע און בעסטע צייט פון זייער לעבן. ס'איז דער שאָפּ מיט מענטשלעכע ליידן און יסורים, מיט זיין ספּעציפישן אַרבעטער־לשון, מיט זיין פּאַלקלאָר. ס'איז אָפּט אַ גיהנום — און „נישטאָ וואוהין צו לויפן!". איר האָט דאָ בילדער פונעם שאָפּ־אומעט און לאַנגווייל, „הונגער נאָך אַ ביסל פרייליכקייט".

דער לאַנגווייל ווערט פאַרטריבן דורך אַראָפּריידן זיך פון האַרצן, דורך אי־בערוועטלען זיך, דורך גערזאַנג אָדער קיבעצעריי, חוזק־מאַכעריי, אָפּלאַכעריי, אַריינזאָגעריי. די צעקאָכטע געמיטער פירן צו טענות־מענות, קריגערייען, עסע־נישן, ביטערנישן, אומרו, קידער־ווידער, אויפרעגונג.

דער מחבר איז קודם־כל אַ זוכער פון מענטשלעכקייט אין מענטשן, אין זיינע כאַראַקטערן און „העלדן". עס קוקט־אויס, ווי ס׳גייט אים ממש אין לעבן צו אַנטפּלעקן אין מענטשן צערטלעכקייט, איידלקייט — אונטער דער מאַסקע פון וואָכעדיקייט, כלומרשטער פּאַהאַרטעוועטקייט. דער מחבר בענקט־אויס די בענקענישן און טרוימט־אויס די טרוימען פון זיינע „העלדן".

וואַסערמאַן ברענגט אַרויס דעם שאָפּ מיט זיין פּיזישן אויסזען (פּאַרטיקער שטאָף פאַר אַ קונסט־מאָלער!), מיט זיין גייסטיקן פּנים. דער מחבר גיט דעם שאָפּ אַ קינסטלערישן תּיקון — ער האָט אויסגעפורעמט זיין געשטאַלט, אַז מ׳זאָל אים געדענקען. ער שילדערט אים אין זיין ברייטער ראַם, ווי אַ טייל פונעם אַרומיקן „דזשאַנגל", וואָס הייסט „גאַרמענט־צענטער" (צענטער פון דער קליידער־אינדוסטריע).

צומאָל גייט דער רעאַליזם איבער אין אַ וואַרעמען, לירישן טאָן.

זיי שטייען פאַר אייך ווי לעבעדיקע, די מענטשן אין שאָפּ: איר זעט זיי סיי אין קאָלעקטיוו, סיי ביחידות, יעדן אינדיווידועל. אָט זיינען די אָפּערעיטאָרס: ראַלף („ראובן דער שרייבער") פון בעסאַראַביע; דאָרפמאַן דער סענסיטיווער אינטעליגענט; דער „טערק"; איב — דער „אָלד־טאַימער" — אַ ייד אַ קעמפער מיט אַ רייכער אַרבעטער־פאַרגאַנגענהייט; „שיע — דער גאַליציאַנער"; יאָסל „דער אָדעסער"; חיים דער בעל־שמחה; און אָט זיינען די דרעסערס: דעיוו, דער קיביצער, „דער קאַנאַריק", דער פּרעזידענט פון זיין קלוב; איזי, דער געזעל־שאַפטלעכער טוער; לעווין, דזשאָו, לואי.

פון אַן ענגן שאָפּ־ווינקל, ווי אין אַ שטייג, קוקן אַרויס צו אונדז די אומעטיקע פּנימער פון די פינישערינס: לילי, די קעמפערין קעגן סאָציאַלע עוולות; די אייד־דעלע פּערל; די בייזע, חוצפּהדיקע פּאַרלעידי, וואָס שרייט „דיין אַרבעט טויג ניט"; די ערנסטע און געטרייע שאָפּ־טשערמאַן און קאָמיטע־לייט: סעם און אייבעלע.

און אָט זיינען זיי: דער באָס, דער אָדון הגדול, דער „פּראָדאַקשאָנמאַן", וועלכער קאָכט זיך „אַזש די אָדערן אין האַלדז ווערן אים אָנגעדראָלן צום פּלאַצן"; דער „אומפּאַרטייאישער טשערמאַן" פון דער קליידער־אינדוסטריע, וועמען די באַל־מעלאָכעס רופן „דער שוחט", ווייל נאָר ער האַלט אין איין שעכטן די אַרבעט־שכירות. אין דעם שאָפּ־לעבן זיינען איינגעוועבט אויך די צוויי נעגער־מיידלעך: קעטרין, דאָס „פלאָר־מיידל", און אוירלי די פּינקערין; אויך דער בעטלער מיט זיינע סידורימלעך און לוח׳עלעך.

איר האָט זיי דאָ אַלע — די „וואָכן־הענט" און די „שטיק־אַרבעטער", ווי אויך די באַלעבאַטים — מיט זייערע צונעמען, יעדער מיט זיין פּנים, מיט זיינע כאַראַקטער־שטריכן, טעמפּעראַמענט, אופן פון ריידן און אַרגומענטירן.

איר זעט די אַרבעטער אין שווערן, ביטערן געראַנגל פאַר פּרנסה — (און דווקא אין אַ יוניאָן־שאָפּ), אין זייערע שטימונגען פון אָנוואַקסנדיקן רעוואָלט: „מיר פאַר־דינען וואַסער אויף קאַשע! מיר אַרבעטן שווער און קריגן קדחת מיט כשרע פּאַ־דעם!". און איר הערט די ברוטאַלע דראָאונג־רייד פונעם „פּראָדאַקשנמאַן": „מען דאַרף זיי אַלע אַרויסוואַרפן און אויפהענגען אַ שלאָס אויפן שאָפּ!"... „ווער דאַרף אייך דאָ? צום טייוול מיט אייך!"

איר זעט דאָ יידישע בויער פון יוניאָנס, פּיאָנערן און שפּעטער־געקומענע, מיט

איינגעפלאַנצטן דורך־ארץ פאַר יידישער קולטור און אירע שאַפער (דער גאַנצער „טשוואָק" פון דער האַנדלונג איז אַרום אַ וויכטיקן בוך, וואָס איז פאַרשוואונדן פון ראַלפס קעסטל און וואָס האָט זיך צום סוף אָפּגעזוכט ערגעץ אין אַ ווינקל־קאַסטן). איר האָט דאָ אויך די ווירקונגען און גאַכווייעניישן פון די וויסטע „קליינע מלחמות" פון אונדזער צייט: קאָרייע, וויעטנאַם.

דער מחבר אונטערשטרייכט דאָס געפיל פון ווירדע און מענטשלעכן שטאָלץ, ווען מען דערמאָנט די אַרבעטער אין שאַפּ: איר זייט דאָך יוניאָן־מענטשן! דאָס וואָרט „יוניאָן" איז מחייב צו אַ סך אחריות. דעם כוח פון דער יוניאָן זעען מיר אין דער שילדערונג פון אַ ווירקזאַמער פּראָטעסט־דעמאָנסטראַציע פון אַרבעטער פון פיל שעפער קעגן אַ באָס, וואָס שליסט־אויס זיינע אַרבעטער און קלייבט אַרי־בער דעם שאַפּ אויסער שטאָט.

וואַסערמאַן אידעאַליזירט ניט די באַלמעלאָכעס. ער פּרובירט זיי שילדערן ווי זיי זיינען. מיט זיין ליבשאַפט צו יידישן פאָלקלאָר, צו יידיש לשון, כאַפּט ער אויף מיט אַ שאַרף אויער די טאָג־טעגלעכע, זאַפטיקע, קאָלירפולע שפּראַך פון די באַל־מעלאָכעס.

„אַ שאַפּ מיט מענטשן האָט אַ זכרון און אַ האַרץ" — זאָגט דער מחבר, און פון דער נאָוועלע וויקלט זיך אַרויס בילד נאָך בילד דער זכרון און דאָס פּיין־פּילנ־דיקע טיף־ליידנדיקע האַרץ פון אַ שאַפּ מיט מענטשן.

ש. וואַסערמאַן האַלט־אָן די גוטע טראַדיציע פון בויען אַ קורצע דערציילונג — לויטן אַלטן גוטן שניט: פּיק־פאַרטראַכט, געטריי צום לעבן, מיט פּסיכאָלאָ־גישער פאַרטיפונג. אין יעדער דערציילונג — אַ סיפּור המעשה. איבער זיינע מערסטע דערציילונגען שוועבט אַ הויך פון ליריזם, אַ דינער הומאָר־שמייכל. אין זיי אַלע — אַ נאָענטקייט צום פאָלקס־מענטש, צום אַרבעטס־מענטש, אַ פאַרליבט־קייט אין יידישער קולטור, אין יידישן קולטור־שאַפן.

אין דער דערציילונג „פריינט" ווערט דער פריינטשאַפט־בונד צווישן דעם קינסטלער און דעם הויז־פאַרבער נאָך מער פאַרשטאַרקט, ווען ס'פאַלט אַוועק אַן אומזיסטער פאַרדאַכט פון איינעם אויפן צווייטן. מיט פּיעטעט שרייבט דער מחבר וועגן דעם אָרעמען קינסטלער: „נאָך אַ שווערן טאָג, אין די אָוונטן, ראַנגלט זיך די פרייד פון שאַפונג מיט דער מידקייט אין די הענט... אוי, ווי שווער, אוי, ווי ביטער, עס קומט־אָן דעם צאַפּלדיקן בילד געבוירן צו ווערן!"

די דערציילונג ענדיקט זיך מיט „אַ לחיים צו דער עכטער פריינטשאַפט פון אַלטע פריינט!"

אין דער דערציילונג „אויגן" — אַ טיפע סימפּאַטיע צו די הונגעריקע נאָך ברויט און הונגעריקע נאָך אַ טראָפּן פריינטשאַפט. „טיף אין האַרצן ברענען די אַלע בליקן פון הונגעריקע, עלנטע און באַליידיקטע אויגן" — און בעטן מען זאָל וועגן זיי שרייבן...

דער אויפציטער און אויפפלאַטער פון יונגער, צאַרטער, שיינער ליבע, וואָס גייט־אויף אין די יונגע הערצער פון אַ מיטלשול־תלמיד און תלמידה, ווערט פאָע־טיש, חנעוודיק געשילדערט אין „אוי, אַ נאַכט אַ שיינע".

„אויף דער וואָגשאָל" איז אַ שאַרפע סאַטירע אויף קאַפּיטאַליסטישער גערעכ־טיקייט. דער ריכטער מעלדעט דעם 21־יאָריקן יידישן סטודענט, דעמאָנסטראַנט קעגן קריג: „יודזשין גאָלדבערג, ווערסט באַשולדיקט אין ברוטאַלער האַנדלונג,

קעגן פּאָליסמאַנס פערד". דער שלום־קעמפער ווערט פאַרמשפּט. זיין פאָטער קאָמענטירט מיט סאַרקאַזם: „ס'איז בלויז אויף דערווייל, וואָס דעם פּאָליסמאַנס פערד האָט איבערגעוואויגן די וואָגשאָל פאַר דער גערעכטיקייט".

אין „ניי־געבוירן" ווערט דער קריגס־וועטעראַן סטיוו, אַ קרבן פון מלחמה, גייסטיק צערודערט. דער מענטשלעכער פונק זיגט. סטיוו ראַטעוועט זיך אַליין, ער ווערט ניי־געבוירן, ווען ער שטעלט־איין זיין לעבן, שפּרינגט אין די פלאַמען פון אַ שריפה און ראַטעוועט אַ פרעמד קינד.

עטוואָס עסייאיסטיש איז די דערציילונג „אַ שטאָט, אַ קאַלענדאַר און אַ זאַמלער" — דורכגעדרונגען מיט טיפער ליבשאַפט צו אונדזער יידישער קולטור־ירושה, חכמה פון פאַרגאַנגענע דורות און צום סימבאָל און גייסט פון וועלט־שלום.

רירנדיק, ביז גאָר אָריגינעל איז די שאַפ־דערציילונג „צוויי מענטשן — איין שטול". דער שטול ביי דער מאַשין איז אָפּגעליידיקט געוואָרן, ווען דער באַל־מלאָכה איז אויפן אָרט אויסגעגאַנגען. דעם נייעם באַלמלאָכה דוכט זיך, אַז דער מת פאָדערט זיין שטול...

וועגן דער מכה פון געמבלען מיט „נומערן" אויך אין און אַרום די שעפּער, ווערט דערציילט אין „צוזאַמענברוך". דער צענטראַלער „העלד" איז דער אינדיאַנער פעדראָ, דער שומר איבער די מיסט־קעסטלעך.

אין „צוליב אַ שעיפּ" דערציילט אונדז דער מחבר, מיט ביטערער איראָניע, ווי צוויי דערפאַרענע באַלמלאָכעס צעשלאָגן זיך צוליב אַן אַרגומענט איבער דעם פאַסאָן („שעיפּ") פון אַ נייעם מענער־אָנצוג.

אַ רעאַליסטיש בילד פונעם שרעקלעכן, טעגלעכן געדרענג אין די ניו־יאָרקער סאָבוועיס ווערט געגעבן אין „פרימאָרגן אין סאָבוועי". דער מחבר שילדערט „די מענטשן־קנוילן, וואָס ראַנגלען זיך פאַר אַן אָרט צום שטיין, פאַר אַן אָרט צום זיצן, פאַר אַן אָנהאַלט, פאַר אַ ביסל לופט צו אָטעמען". דער אויספיר איז: „אין די טיפענישן פון די ניו־יאָרקער סאָבוועיס האַלט דאָך אויף דער מענטש די מענטשלעכקייט... פאַרשטייסט: עס איז בלויז שולדיק די גרויסע ענגשאַפט".

די וועלט האָט ליב אַ מעשה — באַזונדערס האָבן קינדער ליב אַ מעשה. אַ פיינע געשיכטע וועגן דעם גאַרן פון קינדערלעך נאָך אַ מעשה ווערט דערציילט אין — „דערצייל מיר אַ מעשה"... מיר שפּירן ווידער דעם שרייבערס טיפע פאַרשטענדעניש פאַר דער וועלט פון קינדערלעך.

די אָפּטיילונג „אַ רייזע אַרום מיין הויז" באַשטייט, אייגנטלעך, פון באַשרייבונגען און כמו־עסייען און פּאַסט זיך ניט אַריין אין אַ בוך מיט אַ באַצייכענונג דערציילונגען.

אַ קרעפּטיקן איינדרוק פון פּאָעטישער שילדערונג, פאַרטיפטער מעדיטאַציע און אויפנאַם פון נייע וועג־דערפאַרונגען לאָזן די בילדער און פאַרצייכענונגען אין דעם אָפּטייל „פון אונטערוועגנס". מיט גערעכטן שטאָלץ ברענגט דער מחבר אייניקע זכרונות וועגן זיין געבורט־שטעטל כעלם, וואָס האָט אַזוי שטאַרק באַרייכערט אונדזער פאָלקלאָר.

כעלם בלייבט כעלם. אין בוענאָס־איירעס, וואוהין וואַסערמאַן קומט צוגאַסט, אָרדענען־איין זיינע לאַנדסלייט, מיטגלידער פון צוויי פּאָליטיש־קעגנערישע אָרגאַניזאַציעס, אַ וואַרעמען קבלת־פּנים פאַרן חשובן גאַסט פון ניו־יאָרק. די צוגרייטונגען מאַכן זיי בסוד סודות, אַז איין פאָראיין זאָל זיך ניט דערוויסן פונעם

צווייטנס פּלענער. סוף דבר: דער גרויסאַרטיקער באַנקעט ווערט איינגעאָרדנט אויפן זעלבן שבת־צו־נאַכטס אין צוויי באַזונדערע זאַלן. כעלם!

„מיין שוועסטער ביילע״ איז אַ יזכור־דערציילונג וועגן אַ יונג־פאַרשטאָרבענעם צאַרטן מיידעלע — אַ יאָרצייט־ליכט נאָך אַן אויסגעלאָשענעם קינדער־ליכטל.

סך־הכל: מיר האָבן פאַר זיך אַ שרייבער, וואָס איז אין די לעצטע יאָרן באַ־דייטנדיק געשטיגן אַלס רעאַליסטיש־לירישער קינסטלער און שילדערער פון יידישן אַרבעטער־לעבן. דער דערציילער דאַרף אויסמיידן אַריינצופאַלן אין טאָן פון עסיי־איסטיק, און שטרעבן צו מער וואָרט־צמצום.

מיר נעמען אויף זיין נייעם בוך ווי אַ פיינעם ביישטייער צו אונדזער גוטער, אמת־מענטשלעכער בעלעטריסטיק.

„מאָרגן־פרייהייט״, זונטיק, אָקטאָבער 15, 1967.



# י. א. ראָנטש

(געב. 1899)

י. א. ראָנטש איז איינער פון אונדזערע פּראָדוקטיווסטע, שעפערישסטע, פירנ־דיקע דיכטער. דער פופציק־יאָריקער האָרעפּאַשניק פון דער פען איז אַ מעין־הנובעדיקער, שפרודלדיקער, פילזייטיקער שרייבער — דיכטער, דערציילער, ראָ־מאַניסט, עסייאיסט, ביאָגראַף — לערער און דערציילער, קולטור־געזעלשאַפטלע־כער טוער, מחבר פון אַרום צוואַנציק אָפּגעדרוקטע ביכער און צוועלף נאָך־ניט־געדרוקטע ביכער, לעקטאָר, רעדנער, רעדאַקטאָר, אַקטיווער מיטאַרבעטער פון דער „מאָרגן־פרייהייט״, „יידישע קולטור״, „זאַמלונגען״ און פון פּראָגרעסיווע צייט־שריפטן אין אויסלאַנד.

הומאַניזם ליכטיקט־דורך אַלע זיינע ווערק. אין זיינע יידישע מאָטיוון, איינ־געשלאָסן די חורבן־לידער, דערזעט מען אַ ווירדיקן, שטאָלצן, פּראָגרעסיוון, קעמ־פערישן בטחונדיקן ייד.

צוליב מאַנגל אין פּלאַץ וועלן מיר זיך דאָ אָפּשטעלן הויפּטזעכלעך אויף ראָנ־טשעס דיכטערישע שאַפונגען. ס׳וואָלט זיך געפאָדערט אַ גאַנצער, לאַנגער קורס צו באַהאַנדלען זיינע ביכער, דערציילונגען, ראָמאַנען, עסייען, פּאָרטרעטן פון שרייבער און קינסטלער, ביאָגראַפיעס, קינדער־דערציילונגען, רייזע־בילדער, עסקיזן און פאַרצייכענונגען.

זיין עסייאיסטיק איז, אין תוך, אָרגאַניש פאַרבונדן מיט זיין ליד. ניט נאָר איז זי רייך אין אידייען, נאָר איר וואָרט איז אויך ריטמיש און דערהויבנדיק. זיין בוך עסייען „אַמעריקע אין דער יידישער ליטעראַטור" (1945) איז גאָר אַ וויכ־טיקער ביישטייער צו אונדזער ליטעראַטור־פאָרשונג.

ראַנטש איז צווישן די ערשטע יידישע מאָדערנע, רעאַליסטישע, פּראָגרעסיווע דערציילער. ער אַליין איז אַ וויכטיק קאַפּיטל אין אונדזער פּראָגרעסיווער יידי־שער ליטעראַטור. אין זיינע בעלעטריסטישע שאַפונגען פאַרבינדט ער זיין סאָציאַלן רעאַליזם מיט אַ נאַטירלעכער ליבשאַפט צום אַרבעטער, צום אונטערדריקטן, צום האָרעפּאַשניק. אין די לעצטע יאָרן האָט ער אַרויפגעשטעלט אויף דער יידישער ליטעראַרישער מאַפּע אַזעלכע ווינקעלעך און מקומות, ווי סאַנטאַ באַרבאַראַ און די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך.

שוין אין ערשטן פּעריאָד פון ראַנטשעס בעלעטריסטיק האָט זיך געמערקט אַ זוכעניש צו דערגרינטעווען זיך טיפער צום כאַראַקטער פונעם געשילדערטן מענטשן. די כאַראַקטערן ווערן אַלץ מער אינדיווידואַליזירט, יעדער מיט זיין פּנים, מיט זיין אינערלעכן „איך". די מענטשן — לעבעדיק, מיט זייערע פּראָבלעמען, רעיונות, וועלטן און וועלטלעך.

ראַנטשעס פּראָזע צייכנט זיך אויס מיט אַ רייכער, פאַרשיידנאַרטיקער טעמאַטיק, מיט אַ סך האַנדלונגען און קאָלירן, מיט אַ זיכערער האַנט, מיטן גויטיקן טעכנישן אַפּאַראַט פאַר שילדערן און מאָלן. אַ סך פון זיינע כאַראַקטערן לעבן און האַלטן־אָן אייער אינטערעס.

נאָך דעם ווי ראַנטש האָט „אויסגעפּרואווט זיין פען" מיטן בוך פאַרצייכענונגען „שאָטנס פון ניו־יאָרק" (1928) און מיטן בוך דערציילונגען „אייגענע מענטשן" (1939), איז ער אין 1952 אַרויסגעקומען מיט זיין גרויסער טרילאָגיע „מאָטעק און סאָל־טשע", און האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר אונדז ווי אַ ראָמאַניסט מיט אַ ברייטער סאָ־ציאַלער קאַנווע. ראַנטש האָט געגעבן דעם לייענער אַ ברייטע עפּאָפּייע פון יידישן אַרבעטער־לעבן אין משך פון עטלעכע צענדליק יאָר — פריער אין לאָדזש, און דערנאָך אויפן אַמעריקאַנער באָדן. אין דעם דריי־בענדיקן ראָמאַן שיינען־אַרויס די צוויי הויפּט־געשטאַלטן פון מוטיקע קעמפער פאַר יושר: מאָטעק און סאָלטשע.

דער ראָמאַניסט האָט אויפגעלעבט אַ ברייטע סביבה און גאַלעריי פון יידישע האָרעפּאַשניקעס, חסידים, גבירים־פאַבריקאַנטן, אַ וועבער־סטרייק ביי אַ פרומען פאַבריקאַנט — מיט די קלאַנגען, טענער און עכאָס פון אַמאָליקן לאָדזש. שפּעטער זעען מיר די הויפּט־העלדן אין זייער נייער סביבה — אַמעריקע.

אַ ביאָגראַפיש מייסטער־ווערק און מוסטער־ווערק ניט נאָר ביי יידן איז ראַנטשעס לעבנסבאַשרייבונג פונעם גרויסן יידישן קינסטלער מיט אַ וועלט־נאָמען, מאַרק שאַגאַל.

אָבער ראַנטש איז קודם־כל און איבער אַלץ אַ דיכטער — און וועגן זיין דיכטונג וועלן מיר דאָ רעדן.

שוין אין די ערשטע פּעריאָדן פון ראַנטשעס שאַפן האָט ער אָנגעהויבן צע־וויקלען די פּאַנאָראַמע פון אַרבעטער־קאַמפּן. שוין דאַן באַווייזן זיך זיינע קלאַסנ־באַוואוסטזיניקע לידער, קאַמף־לידער, פרייהייט־לידער. שוין דאַן הערט מען אין זיין דיכטונג שאַרפע, בולטע טענער פון סאָציאַלן פּראָטעסט.

דער דיכטערישער גאַנג: פון בוך צו בוך — באַרג־אַרויף: די האָריזאָנטן

— ברייטער, די שטים — קלאָרער, די שליאַכן — רחבותדיקער.

אַמשטאַרקסטן איז דער דיכטער ראָנטש אין יענע לידער, וואו ער רעדט דורך אימאַזשן, וואָרט־בילדער, וואו ער איז דער זעער. זיין כוח איז אויך גרויס אין זיין עמאָציאָנעלקייט, אין זיינע אויפגערודערטע, אויפגעברויזטע געפילן, אין זיינע פּראָטעסט־שאַלן קעגן סאָציאַלע אומרעכטן, קעגן אונטערדריקונג, מענטש־באַליידיקונג. אין אָט־די לידער שטורעמט דער הייס־בלוטיקער לירישסאָציאַלער דיכטער, אַ טיף־צעוויטיקטע דיכטער־נשמה.

אַ פּיאָנער פון דער מאָדערנער יידישער פּראָגרעסיווער פּאָעזיע אין אַמעריקע, איינער פון די ערשטע דיכטער־מיטאַרבעטער אין דער „פרייהייט" (שפּעטער — „מאָרגן־פרייהייט"), האָט ער שוין אין די צוואַנציקער און דרייסיקער יאָרן אַרויסגערופן צו זיך אַ באַציאונג פון דרך־ארץ, ווי אַ פּאָעט אַ מוטיקער קעמפער פאַר פרייהייט, פאַר מענטשן־רעכט, פאַר מענטשלעכער ווירדע.

אַ דיכטער מיט פאַנטאַזיע, מיט שוואונג, מיט סענסיטיווקייט, האָט ער דורכגעמאַכט אַ לאַנגיאָריקע ראַנגלעניש פאַר געליטערטן וואָרט, פאַר אייגענעם אינדיווידועלן קינסטלערישן זעלבסט־אויסדרוק, פאַר אַן אַנטוויקלטער פערזן־טעכניק.

יצחק־אלחנן ראָנטש איז געוואָרן אַ שרייבער, ווייל אים האָט געאַרט. שוין יונגערהייט האָט ער צוגעזען דלות, דחקות, סאָציאַלע עוולות — און דאָס האָט אים געאַרט, וויי־געטאָן. ער האָט שוין דאַן געפילט ווי אויסצושרייען אויפן חומשדיקן אופן: „רשע, למה תכה את רעך?". זיין פאַרדרוס האָט אים געשטויסן צו דער פּען, אַראָפּרעדן זיך פון האַרצן, דערציילן דער וועלט, אויסשאַלן זיין גליענדיקן צאָרן.

מיכה־יוסף בערדיטשעווסקי שרייבט וועגן ברענער: „ער האָט זיך פשוט אָנגענומען פאַר אַנדערע, און דאָס האָט אים אַריינגעגעבן די פּען אין דער האַנט". דאָס זעלבע קאָן מען זאָגן וועגן ראָנטשן.

י. א. ראָנטשעס דיכטונג איז קודם־כל אַ דיכטונג מיט שליחות, מיט אחריות. אַזאַ דיכטונג וואַקסט־אַרויס פון אויפריכטיקייט. דער עלעמענט פון אויפריכטיקייט אין ראָנטשעס פּאָעזיע איז אַזוי שאַרף און אויסגעשפּראָכן, אַז מער ווי אַלע קונסטאויסדרוקן אין זיין רשות העלפט ער אַריבערצוטראָגן צום לייענער זיינע מחשבות און עמאָציעס, זיינע זעאונגען און בילדער, זיינע אינערלעכע איבערלעבונגען.

נאָך מער: די אויפריכטיקייט פונעם דיכטער העלפט דעם לייענער אַריינבליקן טיפער אין דיכטערס נשמה, אין די ממעמקים פון זיין „איך". די אויפריכטיקייט פירט דעם דיכטער צו מאָטיוון פון טרויער און ביטערניש, און צו — טרייסט, קלאָסן־אָפּטימיזם, וואָס וואָרצלט אין גלויבן און פאָלק. דער דיכטער קאָן זיין צאַרט און האַרט; ער קאָן שפּילן פידל און טרומייט. ער קאָן שלייפן זיין וואָרט, אַז ס'זאָל ווערן העל און דורכזיכטיק. ער רעאַגירט שאַרף און צאָרנדיק אויף דער אונטערדריקונג פון נעגער — אַמעריקעס סאַמע מיאוסטע פּלאָג.

באַגייסטערונג רופט־אַרויס זיין באַוואונדערן די נאַטור־שיינקייט, זיין תמימותדיקער אויסרוף פון „מה נאה אילן זה!" — ווי שיין איז דער בוים!

ראָנטשעס העכסטע שעפערישע דערגרייכונג שפּירט דער לייענער אין זיין ממש אָרגאַנישער, מעלאָדישער באַהעפטונג מיטן אוניווערס, וועלכן ער זינגט, באַזינגט אָדער שילדערט מיט פיינע ניואַנסן, מיט פאַרגאַפּטקייט, און מיט פּסיכאָלאָגישער פאַרטיפטקייט.

אַן אָנהויב פֿון אַזאַ דיכטערישער אַלוועלט־אויסטײַטשונג האָבן מיר שוין געזען אין צווייטן טייל פֿון ראַנטשעס לידער־בוך „אינדיאַנער זומער“ (1930).

דיכטערישער טאַלאַנט, אַפילו פֿון אַ גרויסן פֿאַרנעם, קאָן זיך אויסשעפּן און איז אַליין ניט גענוג פֿאַר הויכע קינסטלערישע דערגרייכונגען. אין דער רייפונג און צייטיקונג פֿון ראַנטשעס דיכטערישע ווערק אין זיין איצטיקן בלי־פּעריאָד זיינען אים שטאַרק צונוץ געקומען זיינע רייכע לעבנס־דערפֿאַרונגען, זיינע קענטענישן פֿון יידיש לעבן, געשיכטע, ליטעראַטור, זיין אינטערעס אין מאָלערישער קונסט.

אַ דערפרייענדיקע דערשיינונג: וואָס עלטער אין יאָרן, אַלץ פרישער דעם דיכטערס וואָרט, אַלץ העלער זיין וויזיע, אַלץ פלאַמיקער זיין עקסטאַז, אַלץ ליכטיקער זיין גלויבן, און אַלץ טיפער זיינע וואָרצלען אין פֿאָלק.

ביכער פֿון אַ דיכטער, אין פֿאַרשיידענע פּעריאָדן פֿון זיין שאַפֿן, זיינען רינגען פֿון איין קייט — זיי שטעלן־צוזאַמען איין יש. מיר וועלן דעריבער אַריינבליקן אין די גרונט־מאָטיוון פֿון אַ צאָל פֿון ראַנטשעס לידער־ביכער.

שוין אין זיינע געקליבענע לידער פֿון 1924־1929 אין זיין בוך „אינדיאַנער זומער“ (1930) האָט זיך ראַנטש אַנטפּלעקט אַלס אַ סאָציאַלער דיכטער מיט אַן אייגענער, אויסגעשפּראָכענער אינדיווידואַליטעט, מיט ריטמישקייט און מוזיקאַלישקייט. געוויס, פֿאַראַן נאָך אַסך סכעמאַטישקייט אין יענע לידער, מער אַבסטראַקטע אידייען איידער קאָנקרעטע, פֿולבלוטיקע בילדער און געשטאַלטן, אָבער שוין דאָרט — אַזוי פרי ווי אין די צוואַנציקער יאָרן — שפּירט איר אַ טיף ערנסטן דיכטער מיט אַ סאָציאַלער מיסיע, מיט אַ האַרציקייט און פעסטקייט פֿון טאָן, מט אַ וואָגיקייט פֿון פערז, מיט אַן אייגענעם ניגון, מיט אַן אָפּשיי פֿאַרן לעבן און פֿאַרן מענטש.

ניט אומזיסט זיינען איינִיקע פֿון ראַנטשעס פיין־ריטמישע לידער פֿון יענער צייט באַקליידט געוואָרן מיט דער פּרעכטיקער מוזיק פֿון אונדזער גרויסן, אומפֿאַרגעסלעכן, פּראָלעטאַרישן קאָמפּאָזיטאָר יעקב שייפער און ווערן אַזוי האַרציק געזונגען דורך אונדזערע פֿאָלקס־כאָרן. צווישן זיי זיינען אַזעלכע קרעפטיקע לידער, ווי „מען רופט“, „אונדזער פירער“ און אַנדערע.

איינגעבאַקן אין האַרצן זיינען געבליבן אַזעלכע מוזיקאַלישע שורות פֿון ליד „מען רופט“, ווי:

אָ, הער!  
עס פֿאַלט אַ טרער  
אין לופט...  
מען רופט!

אָדער אַזעלכע שורות פֿון טיפער טראַגיק, ווי:

רוקנס איינגעבויגענע און קרומע,  
אויגן אָנגעזאַפּט מיט פּיין,  
וועלן איינזאַמע און שטומע  
פרעגן: וואָס וועט איצטער זיין?  
(פֿון לענין־ליד „אונדזער פירער“)

שוין אין זיין סאַמע ערשטן ליד פֿונעם בוך, „דאָס ליד פֿון צאָרן“, רעדט צו אונדז דער עטלעכע־און־צוואַנציק־יאָריקער דיכטער מיט גליאיקן צאָרן, מיט נביאישן פּאַטאָס, מיט אַן אויסרוף פֿון „איך באַשולדיק“:

פֿון לייבער אונדזערע געשונדן פֿאַסן,  
און רויטע וואונדן גליען נאָך אויף אונדזער הויט;

ס׳האָט אונדזער וואַרעם בלוט געוואַשן אַלע גאַסן,
און באַפאַרבט די טורעמס רויט...

אַ העכערער שטאַפּל אין ראָנטשעס דיכטערישן וואוקס זיינען זיינע לידער און פּאָעמעס אין בוך „הונגעריקע הענט“ (1936). דאָס זיינען עכט־פּראָלעטאַרישע לידער פון די קריזיס־און הונגערן־יאָרן — די נײַנצן דרײַסיקער, די דלות־און צאָרן־יאָרן. די לידער פון אָט־דעם פּעריאָד אָטעמען מיט אַרבעטער־קאַמף, מיט טרויער און פּראָטעסט פון „הונגעריקע הענט“, מיט אומרו און אויפבראַוז פון הונ־גער־מאַרשירער.

דאָס זיינען לידער פון האַרטן, שטורמישן אַמעריקאַנער „היינט“ פון יענעם קאַמף־פּעריאָד — צעגליט פון די קאַמפן פאַר ראַטעווען די סקאָטסבאָראָ־ייִנגלעך; געגנערט מיט טיפער פאַרערונג צו אַרבעטער־העלדן און פרייהייט־מאַרטירער; באַ־לויכטן פון דער זון פון עפּאָכע־מאַכנדיקן „אָקטאָבער“.

היימיש און אייגן פילט זיך דער דיכטער אין דער גרויסער, אַלוועלטלעכער משפחה פון קעמפער פאַר אַ שענערן און בעסערן מאָרגן:

כ׳האָב איצט אין יעדן לאַנד אַזויפיל פעטערס, מומעס,
עס וואַרצלט טיפער זיך מיין פעסטער שטאַם.
כ׳וועל אומעטום צו זיך אַהיים באַלד קומען,
ס׳וועט גאַנצע וועלט ניט האָבן מער קיין צאַם. (פון ליד „משפחה“)

דאָ זיינען לידער — בילדער, וואָרט־געמעלן פון סטרייק־קאַמפן, פון וויסטע לינטשערייען, — די סאָציאַלע פּאַנאָראַמע און ביאָגראַפיע פון אַמעריקע פון יע־נער צייט:

ביז הער ביזגער איז און בייסיק
אין נײַנצן דריי־און־דרייסיק.

„זונשיין און שטורעם“ און „האַרטער היינט“ זיינען די טרעפלעכע נעמען פאַר די צוויי לידער־סעריעס אין דעם בוך. די לידער פון יענעם פּעריאָד ווייזן די גע־זונטע השפּעה, דעם שעפערישן המשך פונעם פּיאָנערן־פּעריאָד פון דער יידישער פּאָעזיע אין אַמעריקע — פון די אַרבעטער־דיכטער ווינטשעווסקי, עדעלשטאַט, ראָזענפעלד, באָווזשאָווער, די גרונטלייגער פון יידישן פּראָלעטאַרישן ליד אין אַמעריקע.

נאָך אַ טיפערן אַריינבליק אין אַמעריקע, אין נאַטור, אין דער מענטשהייטס גאַנג צו סאָציאַליזם, אין דעם מענטש און ייִד אין זיך זעלבסט, זעען מיר אין ראָנטשעס בוך „לידער“ (1947) און אין זיין בוך „געקליבענע שריפטן“ (1960).

די הויפּט־מאָטיוון אין אָט־די לידער זיינען: מענטש, ייִד, דער גרויסער חורבן, אַרבעטער, נעגער, אַמעריקע, שלום און פעלקער־פריינטשאַפט, נאַטור, קאַמף פאַר יושר, — און ער אַליין, דער בעל־דבר, דער מענטש ראָנטש: זיין אינערלעכע וועלט, זיינע איבערלעבונגען, רעיונות און דמיונות.

דער דיכטער אינספּירירט דעם לייענער מיט זיין תמימותדיקער באַוואונדע־רונג פון מענטשלעכער גוטסקייט און פון נאַטור־שיינקייט, וועלכע ער איז אָפט מאַחד, פאַראייניקט זיי, ווי איין גאַנצע האַרמאָנישע דערשיינונג. ער זעט דעם וואונדער אין „צאַרטע מענטשן־הענט, וואָס ווילן אייביק געבן“. ער פאַרברידערט זיך מיט בוים, טייך און וואַלד. אין ריח פון אַ רויטן, רייפן עפּל דערשפּירט ער

די „מאַמע־ליבשאַפט פונעם מילדן בוים".

דער געראַנגל פון נעגער פאַר פולע רעכט קריגט אַ וואַרעמע אָפּשפּיגלונג אין פיל פון ראַנטשעס לידער. זיי דערציילן, מאָלן, ווי — „עס מאָנט דער דער־וואַכטער נעגער אַ חשבון ביי דער וועלט".

ווי אַ געטרייער פאַרזעצער און יורש פון דער וויטמאַן־טראַדיציע, רעדט צו אונדז ראַנטש מיטן לשון פון געזונטן פאָלקס־אָפּטימיזם און לעבנספרייד. זיינע לידער זאָגן אונדז: זיגן וועט דער מענטש! זיגן וועט דאָס לעבן! זיגן וועט דער אמת! זיין שאַל־רוף איז: „צו לעבן, צו ליבן!" ער ברענגט אונדז דאָס מונטער, בטחונ־דיק „געזאַנג פון מענטש", די וויזיע פון ליכטיקן מאָרגן. ער זינגט:

עס טוט מיר גאָרניט, מאָרניט באַנג,
וואָס עלטער ס'ווערן מיינע יאָרן.
איך ווער כסדר ניי־געבאָרן
און זינג פון דויער אַ געזאַנג.

כ'הערקען די כוחות וואָס פאַרבאָרגן
עס ליגן נאָך אין טיפעניש פון מיר.
איך בין דער שאַפער פונעם מאָרגן,
איך עפן־אויף דער וועלטס געהיימע טיר.

ראַנטשעס מענטש, סימבאָל פון פעלקער, פון מענטשהייט, לעכצט נאָך שלום. אַ גאַנצן בוך האָט דער דיכטער געווידמעט דעם — „ליד פון שלום" (1952). עס רופט־אויס דער מענטש אין ראַנטשעס ליד מיט שטאָלץ און ווירדע:

איך וויל ניט זיין מער קין,
כ'וויל אָנהויבן פון ישעיהן.
איך האָב די לעבנס־פרייד באַפרוכפּערט און פאַרמערט,
איך בין די טאַטע־מאַמע פון דער ערד.

פון ראַנטשעס לידער שיינען־אַרויס די שטראַלנדיקע געשטאַלטן פון אַ צאָל גרויסע גייסטער, צווישן זיי: איבּ לינקאָלן, לענין, אַלבערט איינשטיין, שלום־עליכם, יעקב שייפער, מאַרטין לוטער קינג. ראַנטשעס לינקאָלן הערט די שטים פון די „נביאים פון אַלע צייטן". זיין לינקאָלן־געשטאַלט ליכטיקט־אַרויס ווי אַ ליבע פאָלקס־געשטאַלט.

ראַנטש איז איינער פון אונדזערע אַמעריקאַנישסטע דיכטער. עכט און אי־בערצייגנדיק קלינגט זיין יידישער זאָג אין דער פּאָעמע „אַמעריקע":

. . . כ'בין איינגעוואָרצלט טיף, ס'איז וואָר:
איך בין שוין דאָ דריי הונדערט יאָר.

אַמעריקע, ס'איז אייגן מיר דיין גוטע ערד,
מיר האָבן זי מיט אונדזער בלוט גענערט.

אין זכרון בלייבן איינגעקריצט אַזעלכע אַמעריקאַנער לידער, ווי „אַ פישער־דאָרף אין מעין", „פעלז־גאָרטן אין בראָנקס", „סטעטן איילאַנד פערי" און פיל אַנדערע. און איבער אַלץ שאַלט־אַרויס זיין געזאַנג צו „העגט", צו „די אויסגע־אַרבעטע פאַר הענט"; און איבער אַלץ שאַלט זיין שטים פון אַ מאַנער, דערמאָנער, רופער, חשבון־מאָנער קעגן אַלע רשעותן, קין־מעשים, המן־רציחות, היטלערישע שחיטות, שחיטות אויף די פעלקער פון אינדאָכינע.

* * *

איינע פון ראַנטשעס שענסטע דיכטערישע שאַפונגען, און בכלל אַ וויכטיקע שאַפונג אין דער היינטצייטיקער פּאָעזיע, איז זיין אייגנאַרטיקע פּאָעמע „אין מדבר", צו וועלכער דער פריצייטיק־פאַרשטאָרבענער קאָמפּאָזיטאָר וולאַדימיר חפץ האָט געשאַפן מוזיק. דער דיכטער האָט איינגעזאַפּט די אור־שיינקייט, די אור־קראַפט

פון דער מדבר־וויסטעניש און זי פילפאַרביק אַרויסגעבראַכט. די מדבר־זאַמדן האָט ער פאַרוואַנדלט אין בליענדיקע פּאָעטישע גערטנער. אין דעם שטומען, טויטן מדבר האָט ער געפונען און אַנטדעקט די אָאַזיסן — מיט זייערע מעכטיקע, שיינע, טיף־וואָרצלדיקע, ברייט־בלעטערדיקע בוימער.

זעט דעם כּוח פון טראַדיציע: אין מדבר האָט דער דיכטער אַ וויזיע דער־זען: דעם סנה, דעם דאָרנבוש, „והסנה בוער באש ואיננו אוכל״ — און דער סנה ברענט אין פייער און ווערט ניט פאַרברענט. דער פייער — דאָס איז די מיסיע פון אַן עכטן, פאָלקס־געטרייען דיכטער: דער פייער פון אמת, דער פייער פון קאַמף פאַר יושר, דער פייער פון פראָמעטעי.

אין טויטן מדבר בלאָזט ער אַריין אַ רוח־חיים. אין ברענענדיקן מדבר לויכטן־אויף אין זיין פּאָעטישן געמיט מאָטיוון יידישע, מאָטיוון פון יידישן לעבן אין זיין קינדהייט־שטאָט לאָדזש, אויך — מאָטיוון פון אַלטער יידישער געשיכטע.

פונעם מדבר צעוויקלען זיך פאַרבנרייכע לאַנדשאַפט־לייוונטן. נאָך מער: דער דיכטער באַנעמט דעם נאָך ערגערן וויסטן מדבר פון קולטור, מדבר פון געדאַנקען און געפילן אין אַ מדבר־סיסטעם פון פאַרשטיינערטע הערצער, פון גענאָסיד אין וויעטנאַם. אין ליכט פון ראָנטשעס פּאָעמע טויכן־אויף די העלע שורות פון פושקינס „פּראָראָק״ (דער נביא):

| | |
|---|---|
| אָגניאָנאָי זשאַזשדאָיו טאָמים | (פון ברענענדיקן דורשט געמאַטערט, |
| וו פּוסטיניע מראַטשנאָי יאַ וולאַטשילסיאַ, | אין אומעטיקן מדבר האָב איך געוואַנדערט, |
| אי שעסטיקרילי סעראַפים | און אַ זעקס־פליגלדיקער מלאך (שׂרף) |
| נאַ פּערעפּוטי קאָ מניע יאַווילסיאַ. | אויפן ישיידוועג האָט זיך פאַר מיר באַוויזן.) |

אין מדבר באַווייזט זיך פאַר ראָנטשן די געשטאַלט פון אַ נביא פון יושר.

אין מדבר באַגלייטן דעם דיכטער די „זיילן שוואַרצן רויך פון די לאָדזשער וועב־פאַבריקן״, וואָס זיינען אים אין די ביינער אַריין. דאָרט, אין מדבר, האָט ער „מיטגעוויטיקט מיט די טרויעריקע לוויות פון די לאַנגע קאַפּאָטעס און שוואַרצע יידישע היטעלעך״. אויך דאָרט אין דער זאַמד־וויסטעניש ווערט ער פאַרפאָלגט דורך „די בלוטיקע געשטאַלטן פון וויעטנאַם, ווען ס׳האָבן באָמבעס אין דיין האַרץ גע־נומען פּלאַצן״.

און דער דיכטער ראָנטש רופט־אויס צו זיין מדבר־נביא:

נביא, נביא, הער ווי ס׳כליפּעט וועלט. אָ, אייל זיך אונטער,
רויט איז ערד, און בלויער הימל איז געוואָרן צונטער.

דער דיכטער זעט בחוש אַז „אויפגעריכט וועט ווערן וויסטער מדבר״. ער שליסט זיין וויזיע־פּאָעמע מיטן געזאַנג פון שלום און גלויבן, „פון ליבע און פון לעבן״:

| | |
|---|---|
| אַ נייער פון מדבר געקומען, | דעם היינט און דעם מאָרגן באַנומען, |
| מיט גלויבן, מיט האָפענונג, מיט האַפט. | מיט ליבשאַפט, מיט דויער און קראַפט. |

* * *

ראָנטשעס נייסטער לידער־בוך „עס ווערט שוין שפּעט״ (1970) איז די העכסטע מדרגה אין זיין פּאָעטישן שאַפן. ס׳איז ביי אים „מעלין ב׳ליד ולא מורידין״. אין פיל לידער אין זיין נייסטן בוך דערגרייכט דער דיכטער דאָס געגאַרטע און גע־וואונטשטע פאַר אַ פּאָעט: האַרמאָניע צווישן אינהאַלט און פאָרם (פאַראַן דאָך

לעצטנס אין דעם בירגערלעכן לאַגער אַזויפיל לידער מיט פאָרם, נאָר אָן אינ־האַלט און אָן קונסט !).

דאָ האָבן מיר דעם נויטיקן צמצום פון וואָרט, לויטערקייט פון בילד — דעם דיכטער אין זיין עכטער השתפכות־הנפש, אין זיין ליריש־פילאָסאָפישן מעדי־טירן, אין זיין אָפּגעבן „אַ דין וחשבון פאַר דער וועלט״.

דאָ זעען מיר, שפּירן מיר דעם דיכטער אין זיין ליב־האָבן האַרציק, שיר־השירימדיק, אין זיין דענקען קיל, ישוב־הדעתדיק, קהלתדיק, סך־הכלדיק. דאָ דערפילן מיר שטאַרק דעם דיכטנדיקן מענטש, דעם בשר־ודם, מיט זיין האַרץ־שלאָג, אין זיינע ריטמישע, קלאַסישע, פּשטותדיקע, פיין־געשליפענע לידער.

דאָ זעען מיר דעם גאַנצן מענטש־דיכטער אין זיין לעבנס־גאַנג צו אונדז, צו זיך, צו וועלט. דאָס יינגל פון לאַדזש אין שאָטן פון די לאָדזשער פאַבריק־קוימענס — די לאָדזש פון גינאַ מעדעם, מרים אולינאָווער, ישראל־בער ביילין און יאַנקל קאַצ. דאָ זעען מיר דעם יונגן יידישן לערער און דיכטער פון שיקאַגאָ ביים שטעלן זיינע ערשטע, אומזיכערע, פּאָעטישע טריט, ביים אַרויסגעבן זיין ערשטע לידער־זאַמלונג „ווינטן״ אין 1923. דאָ זעען מיר דעם שטייגנדיקן, קעמפערישן, פּראָגרעסיוון דיכטער אין די ראַמען פון זיין סביבה און צייט, אין זיין צייטיקן און רייפן זיך אין באַהעפטונג מיט זיין דור און עפּאָכע.

ראָנטש עפנט זיין נייסטן לידער־בוך מיט אַ מין ווידמונג צו „נעמען יידישע״ — צו די גבורים און קדושים, וואָס האָבן זייער לעבן געגעבן פאַר דער ווירדע פון ייד און מענטש, פאַר דעם גליק פון דער מענטשהייט:

> מען האָט זיי פאַרפייניקט אין אויזשוויץ און דראַנסי,
> געלינטשט זיי ווי נעגערס אין שטאַט מיסיסיפי...

דער דיכטער וואָרנט און אַלאַרמירט:

> הינטער אונדז און איבער אונדז
> דער שונא גרייט זיך, לויערט
> און גרייט טרעבלינקעס נייע
> און ציילט די נעמען יידישע.

דער דיכטער וויקלט־פונאַנדער פאַר אונדז די פייער־מגילה, וואָס הייסט וויעטנאַם:

> גיהנום־באָמבעס געהאָגלט האָבן פון הימל,
> צעשטערער פון לעבנס, פון פלאַנצן און דורות —

און קאַלעידאָסקאָפּיש ציען זיך פאַר אונדז שוידער־בילדער פון גרויסן יידישן חורבן בימי היטלער ימח שמו:

> די גאַז־אויוונס פון אָשוויענטשים און בערגען בעלזען;
> די בעטנדיקע הענט פון דייטשע פיר שוועסטער,
> זייערע מענער און קינדער;
> די פעטערס, מומעס, שוועסטער קינדער.

דער טרוימער פון שיינקייט און פון מענטש־דערהויבונג אַנטפּלעקט זיך פאַר אונדז אין זיינע גליקלעכע מאָמענטן פון נשמה־פאַרברידערונג מיט נאַטור און מיט ברודער־שוועסטער מענטש:

> איך חבר זיך מיט זון און רעגן.
> דאָס ליכט פון טאָג איז מיין פאַרמעגן.

כ׳דערקען אין מענטשלעך פּנים מיין משפּחה.

... דער ים איז מיר אַן אייגן וואַסער;
דער העכסטער באַרג־שפּיץ — מיין טעראַסע,
פון וואַנען איך באַטראַכט מיין וועלטל.

עס טרעפט —
איך ווער מיט מענטשן־פרייד באַהעפט.

אין יענע פריידיקע מאָמענטן פון דיכטערישער התבודדות ווערט דער דיכטער אַ זעער: ער דערזעט די „פרישע, יונגע העלקייטן" פונעם פאַרטאָג; ער דער־הערט די „גוטע בשורות פון צעפּראַלטער ערד". אין זיך אַליין דערהערט ער דעם אויפגאַנג פון נייע, העלע געזאַנגען: „אַ הללויה האָט אין דיר גענומען שאַלן".

דער דיכטער, וואָס שעפּט זיינע געדאַנקען פון גרענד קעניאָן; דער דיכטער, וואָס זוכט דערגיין די סודות פונעם קליינעם שטיינדעלע פונעם קאַליפאָרניער מדבר, — דערזעלבער דיכטער רעדט זיך דורך אחריותפול מיט זיין דור און מיט די מאָרגנדיקע דורות, און — טראָגט „ווי אַ חוב אַ הייליקן די לאַסטן" פון די זינד און אומרעכט פון אַ וועלט, פון די פאַרברעכנס פון הונגער און פעלקער־מאָרד. ער פאַרזיכערט: „כ׳וועל גוטמאַכן די עוולות פאַר די נייע דורות".

מיט גרויס עקסטאַז זינגט ראָנטש זיין וויטמאַניש געזאַנג צו מענטש. אין זיין ליד „ווער?" זעט ער דעם באחרית הימים, ווען מענטש וועט זיין דער פולער האַר און מייסטער פון נאַטור, וויסנשאַפט און טעכניק. אין אַן אַנדער ליד זעט ער:

דאָס פּנים פונעם מענטש איז אַ לאַמטערן,
וואָס לייכט אין פינצטערניש פון נאַכט.

ראָנטש קאָן זיין אין זיין ליד סיי שטיל, סיי ברויזנדיק; סיי צאַרט, סיי שטרענג. זיינע לידער זיינען דורכגעגליט מיט מענטשלעכקייט. עס זיינען אין זיי פאַראַן מערקווירדיקע איבערגאַנגען פון ליריק, פון לירישן אויפברויז, פון סאָציאַל־אָנ־געלאָדענער ליריק — צו סאָציאַלן רעאַליזם, און פאַרקערט. זיין יידיש איז פאָלקס־טימלעך. זיין כוח אַנטפּלעקט זיך סיי אין ריטם, סיי אין אימאַזש.

אייניקע פון ראָנטשעס לידער זיינען געווידמעט דער טעמע וועגן דער סאָ־ציאַלער ראָל און פונקציע פון ליד. זיין דיכטערישער קרעדאָ (אני מאמין) קומט אַמבולטסטן צום אויסדרוק אין זיין ליד: „אַ ליד דאַרף זיין אַ פריינט". ער פרעגט דעם דיכטער אַ פראַגע, וואָס יעדער ערנטלעכער פּאָעט דאַרף זיך שטעלן:

אָ, דיכטער, וואו ביסטו געווען אין שווערער צייט?
איז ליד געווען געוויסן פון דיין דור?
איז ליד געווען אַ וועכטער ביי דיין זייט?
ביסטו געווען דער טאָן־געבער אין כאָר?

ראָנטש, דער „טאָן־געבער", איז אַ — „נאה דורש ונאה מקיים". זיין ליד איז אַ פריינט, „אַ טרייער פריינט, אין שעה פון צווייפל און פון נויט".

ווי אַ רויטער פאָדעם גייט־דורך פיל פון זיינע לידער די מאָנונג פון געוויסן, פון הויכער עטיק. מיט ביטערן סאַרקאַזם בייטשט דער דיכטער בלעריי אויס־דרוקן פון מאָראַלישער ירידה, פון ציניזם, היפּאָקריטסטווע, הפקרות.

ניט אינגאַנצן פּאַסיק איז דער נאָמען פונעם בוך. וואָס פאַר אַ „עס ווערט שוין

שפּעט״? עס הויבט זיך ערשט אָן! ס׳איז ניט סוף־פּסוק, נאָר — בראשית, דער בראשית פון אַ נייער, ליכטיקער, שלומדיקער, יושרדיקער וועלט!

כאָטש ראָנטש איז שוין פיל יאָרן „אַ תושב אין הימלאַנד פון ליד״ (לויעלעסעס אַן אויסדרוק), איז זיין פּילזייטיק שאַפן ניט געבוג אָפּגעשאַצט געוואָרן. ש. ניגער האָט זיך געהאַט אויסגעדריקט (אין זיין ווערק „קריטיק און קריטיקער״): „די אמתע קונסט פון אמתער קריטיק ליגט אין באַוואונדערן די וואונדערס פון שאַפן... קריטיק איז שיינקייט־זוכעניש, קריטיק איז ליבע״. אָט־דאָס איז אויך דער זין און ציל פון מיין אָפּשאַצונג וועגן ראָנטשעס שאַפן.

ס׳ווערט דערציילט: איידער דזשאָן ריד, דער מחבר פונעם באַרימטן ווערק „צען טעג, וואָס האָבן אויפגעטרייסלט די וועלט״, איז אָפּגעפאָרן פון ניו־יאָרק קיין מאָסקווע, האָט אים די גרויסע אַמעריקאַנער דיכטערין עדנאַ סעינט ווינ־סענט מילעי עמאָציאָנעל אַרומגענומען און געזאָגט צו אים מיט די ווערטער פון שעקספּירס דעסדעמאָנאַ צו אָטעלאָן: „איך האָב דיך ליב פאַר די געפאַרן און שווערקייטן, וואָס דו האָסט דורכגעמאַכט און בייגעקומען״.

בייקומען, באַזיגן שווערקייטן — דער וועג פון יעדן עכטן דיכטער.

„יידישע קולטור״, 1971.



# ש. בודין

(געב. 1899)

ש. בודין: „לעבן מיינע לידער״,
240 זייטן. פאַרלאַג „איקוף״,
ניו־יאָרק, 1969.

די לידער אין ש. בודינס נייעם בוך זיינען לידער פון לעבן און ליבשאַפט, פאָלק און נאַטור. זיי נעמען אַרום אַ צייט־אָפּשניט פון פופצן יאָר (1954־1968) — אַ ברויזנדיקן, גורלדיקן פעריאָד, וואָס לייגט זיין חותם אויפן דיכטערס שטי־מונגען, געמיט און ליד.

דאָס זיינען מערסטנס לידער פון האַרץ צו האַרץ. דער דיכטער שפּירט אין זיך אַ נאַטירלעכע, וואַרעמע, חברשע נאָענטקייט צום לייענער. דאָס זיינען אַמ־מערסטן ליכטיקע לידער, פול זוניקייט, מוט, באַהעלט מיט די שטראַלן פון בטחון און אָפּטימיזם, מיט „ליכטיקע האָפענונגען", כאָטש עס פעלן אויך ניט אויסדרוקן פון „שווער־פאַרשאָטענע זאָרגן".

פאַראַן אין דעם בוך פיל ליריש־פילאָסאָפישע לידער, פול מיט השתפכות־הנפש, לידער „ווי אַ שפּיגל": דורך זיי שיינט־דורך דעם דיכטערס לעבן — זיינע טיפע איבערלעבונגען, עמאָציעס, רעיונות.

דער דיכטער האַלט אַן אויג אויף זיין אייגענעם לעבנס־גאַנג — אויף די טעג פון זיין לעבן, אויפן טאָג־טעגלעכן, וואָכעדיקן גאַנג פון זיין לעבן, וואָס איז פאַרבונדן מיטן לעבן פון כלל, פון פאָלק, לאַנד, וועלט, אוניווערס.

אַ באַגייסטערטער באַזינגער פון לעבן אויף דער וועלט, דערפילט ער זיין מיסיע פון אַ וועכטער איבער שלום, וואָס מיינט במילא לעבן, און אויף וועלכן — „דער שונא לויערט אָפן און פאַרבאָרגן".

ש. בודין נעמט־אויף די נאַטור מיט אַ זעלטענער אינטימקייט. פאַראַן אַ באַהעפטונג צווישן אים און די נאַטור־שיינקייטן, צווישן אים און בוימער, גראָזן, וועלדער, פעלדער, טייכן, וואָלקנס. גאָר אַ גרויסער טייל פון זיינע לידער באַ־שטייט פון נאַטור־געזאַנגען.

דער דיכטער זעט און שפּירט די שיינקייטן פון דער נאַטור און אַנטפּלעקט זיי פאַר דעם „פאַריאָגטן מיט אַרבעט און מי":

עפן אויף דיינע אויגן
און זע די בוימער אין בלי.

בודינס לידער ווירקן מיט זייער עכטקייט און אוממיטלבאַרקייט. ער רעדט זיך אויס ס'האַרץ, אָדער רעדט זיך אַראָפּ פון האַרצן; ער כאַפּט אַ האַרץ־פון־האַרץ שמועס מיט זיין לייענער.

ליב און טייער זיינען אים אַלע טעג פון יאָר — אַלע פיר סעזאָנען. פון זיי אַלע געניסט ער, לערנט ער. זיי אַלע „לייענט" ער און פאָרשט. באַזינגט ער מיט ווערטער פּשוטע, נאָר לויטערע, דעם פרילינג און דעם זומער, דעם האַרבסט און דעם ווינטער — דאָס גרין און בלוי, ווייס און גרוי און אַלע אַנדערע פאַרבן־געמישן און קאָלירן־ניואַנסן פון די פיר יאָר־פעריאָדן.

דער דיכטער זעט און ווייזט די וואונדער פון די ווינטער־שנייען, און ווי „ס'וואַקסט דער זומער אויף פייגלס פליענדיקע פליגל". ער הערט, ווי —

ס'זינגט דער האַרבסט אונדז
דאָס שענסטע ליד, דאָס שוואַנען־ליד
פון פולן זומער.

און אַז עס קומט דער פרילינג —

אַלע יאָרן אין פרילינג, אַ בענקשאַפט
פאַר אַ נײַ לעבן איך דערפיל.

און ווייל עס שטראָמט און קוואַלט אין דעם דיכטער זיין פאַרליבטקייט אין

לעבן און זיין ליבשאַפט צום מיטמענטש, באַזונדערס צום מיטקעמפער פאַר אַ וועלט פון שיינקייט, יושר און גוטסקייט, ברענט אין זיין ליד דער צער און צאָרן אויפן חורבן וויעטנאַם. דורך קרעפטיקע לידער ברענגט בודין צום אויסדרוק דעם שווערן שולד־געפיל פונעם גרעסטן טייל פונעם אַמעריקאַנער פאָלק, וואָס האָט דערלאָזט צו דער מאַסן־שחיטה, וואָס הייסט וויעטנאַם־מלחמה. דער דיכטער וויטאָקט און צאָרנט און קלאָגט, וואָס מיר „ברענען דאָרט מיט נאַפּאַלם פרויען און קינדער". זיין „בריוו פון וויעטנאַם" שליסט ער מיט אָט־דעם צער׳פולן שאַל־־רוף:

אָט דאָ וואו איך זע
איז דער הימל פאַרוואונדעט,
און די ערד גיסט זיך אָפּ מיט מיין
וויעטנאַמיש פאָלקס־בלוט.

אָ, ברידער פון וועלטן, פון ערד־קיילעך
אַרום־און־אַרום,
פאַר אייך אָנקלאָגן דעם ביטערן אומרעכט
איצט אים קום.

אין ליכט פון די לעצטנס־אויפגעדעקטע סאָנגמי־שחיטות און שריפות — די אַרבעט פון „אונדזערע" טרופּן — דערהערן מיר נאָך גרויליקער און פיינלעכער דעם וויי־רוף פונעם וויעטנאַמער פאָלק קעגן זיינע „רעטער און באַשיצער".

און ווייל דעם דיכטער איז אַזוי ליב אונדזער ערד, וואָרנט ער „מיט פשוטע ציטערנדיקע רייד" קעגן דער נוקלעאַרער „לויערנדיקער סכנה". און ס׳טוט אים וויי אויף די „שווייגנדיקע", אויף די וועמען עס אַרט ניט, אויף די וואָס שטייען מן־הצד און מישן זיך ניט אַריין, און לאָזן ניט הערן זייער פּראָטעסט־שטים קעגן גענאָסיד, קעגן רציחות און הריגות, קעגן סאָציאַלע אומרעכט, קעגן די פאַר־ברעכנס פון ראַסיזם און אַנטיסעמיטיזם. אין זיין קרעפטיק ליד „דער מענטש, וואָס וויל ניט הערן" רופט־אויס דער דיכטער:

דער מענטש וואָס וויל ניט הערן
זיצט ביי זיך אין שטוב,

און וויל ניט זען ווי טיף ס׳איז די גרוב,
וואָס האָט איינגעשלונגען זיינע ברידער.

הערט און זעט — סאָנגמי! די „לידיצעס" פון אונדזער צייט!

דער פּאָעט פון לעבנס־פרייד וואָרנט, אַז די שיינקייטן פון לעבן „ווילן בייזע מענטשן ביי אונדז רויבן".

שוין עטלעכע צענדליק יאָר ווירקט און שאַפט ש. בודין אויף דער אַמע־ריקאַנער ערד — אָבער זיין געבורטשטעטל קאַראָסטישעוו אין דער אוקראַינע איז פון אים קיינמאָל ניט אַוועקגעפאָרן, האָט זיך פון אים קיינמאָל ניט אָפּגעטאָן. דער געברויז און געבריאַזג פון גרויסשטאָט האָט ניט פאַרטויבט, ניט פאַרשטילט זיין ליב־האַרציקן קאַראָסטישעוו־ניגון. אין זיין ליד „האַרבסט" זינגט ער התלהבות־דיק, נאָסטאַלגיש:

אָ, אויגן, מיינע אויגן —
פון קאַראָסטישעווער טעטעראָוו
מיט מער אַהער פאַרפלויגן,

לאָמיר אָפּזוכן חעם
אויסגעחלומטן ברעג.

די וואָר ברענגט אָבער דעם דיכטער צוריק צו ניו־יאָרק, צו אַמעריקע און אירע פּראָבלעמען. איינער פון אונדזערע אַמעריקאַנישסטע דיכטער, איז ער מיט זיינע לידער אויסגעקניפּט און אויסגעבונדן מיט אַמעריקע, מיט דער העלדן־גע־שיכטע פון איר פאָלק, מיט אירע טרוימען און פרייהייט־גערונגלען, מיט אירע נאַציאָנאַלע העראָאישע געשטאַלטן, לינקאָלן און וויטמאַן זיינען אים אַמנאָענטסטן;

דער האָדסאָן, זיין „באַליבטער טייך״ — זיין שכן; די ערד פון ווערמאָנט — זיין געליבטע; דער ריז ניו־יאָרק מיט זיין ריווערסאַיד־דראַיוו, טאַימס סקווער, האַרלעם, אַיסט־סאַיד, גאַסן פון דלות, איז „אין זיין בלוט און אין זיין געביין״.

אַ צאַרטער לירוקער, איז ער דאָך רעאַליסטיש ענג פאַרבונדן מיט זיין צייט און סביבה, מיט זיין וואַכיקן אַרום פון „פראָזאַאישע״ ביטערע קאַמפן פאַר אַ בעסער לעבן, פאַר שלום אויף דער וועלט, פאַר דעם כבוד און ווירדע פון זיין פאָלק. אָט־די קאַמפן פון פאָלק גיט דער דיכטער אַ קינסטלערישן תיקון אין פיל פון זיינע לידער, צווישן זיי לידער געווידמעט דעם ליכטיקן אָנדענק פון די צוויי אַמעריקאַנער מאַרטירער: פרעזידענט קענעדי און מאַרטין לוטער קינג, און דעם אָנדענק פונעם אַפריקע־העלד, דעם קאָנגאָ־מאַרטירער, לומומבאַ. זיין „לומומבאַ״־ליד שליסט דער דיכטער מיטן פערז:

אָ, חלום, ס׳וועט שוין אייביק ניט פאַרגעסן ווערן
לומומבאַס פּנים,
ס׳וועט שוין קיינמאָל ניט אַוועקגיין פון דער ערד
זיין טרוים, —
דער אָטעם פון זיין מויל האָט אָנגעפילט
דעם גאַנצן רוים.

אייניקע פונעם דיכטערס לידער זיינען געווידמעט די העלדישע קאַמפן פונעם נעגער־פאָלק אין אַמעריקע פאַר פולע בירגערלעכע רעכט.

ווי אַ דיכטער פון יידישן פאָלק, איז ער אויך אַ מקונן אויפן גרויסן חורבן, אויפן שוידערלעכן בראַנד, אויפן נאַצישן אומברענג פון זעקס־מיליאָן יידן. די רויכן פון די היטלערישע גאַז־קאַמערן און קאַלך־אויוונס פאַרסמען דעם דיכטערס רו, זיינע נעכט, זיין שלאָף — „ווען אויף קישן יעדער פאַלנדיקער שאָטן קלאָגט זיך מיט אַ צאַרנדיק קול״.

פונקט ווי זיין וויגל־שטעטל קאַראַסטישעוו און זיין היימלאַנד אַמעריקע זיינען טיף־פאַרוואָרצלט אין דעם דיכטער, אַזוי אויך וואָרצלט טיף אין אים זיין ליבשאַפט צו יידיש לשון, וועמען ער ווידמעט שיינע לידער, און זיין ליבשאַפט צו די קעמפנדיקע אַמעריקאַנער פאַלקס־מאַסן, צו די מאַרשירער און קעמפער פאַר וועלט־שלום און פעלקער־פריינטשאַפט. זיין טיפער דרך־ארץ פאַר דעם מאַרש־פאַרויס פון דער יידישער שפּראַך און ליטעראַטור ווערט אויסגעזונגען אין זיינע לידער צו י. ל. פּרץ און שלום־עליכם, ווי אויך דעם אָנדענק פון זיינע מיט־צייטלער, פריינט און קאָלעגן, דעם שריפטשטעלער נחמן מייזיל, די דיכטער ל. מילער און אהרן קורץ.

סיי טעמאַטיש, סיי אידייאיש איז בודינס נייע לידער־זאַמלונג, אין תוך, אַ המשך, נאָר דיכטעריש רייפער, פון זיין פריערדיקן לידער־בוך „טעג און לעבן״ (ניו־יאָרק, 1955). אויך דאָ איז זיין הויפּט־מאָטיוו: טאָג אָדער טעג, טעג פון לעבן. יעדער טאָג — אַ עיקר־זאַך, אַן אוצר. אויך דאָ „גייט־אַרום״ דער דיכטער מיט זיינע טעג, גיסט־אויס זיין האַרץ פאַר זיי, פירט מיט זיי אַ וויכוח. אויך דאָ וויזט ער: „יעדער טאָג גייט־אַרום מיט געשיכטע אויף זיינע ליפּן״...

אויך דאָ, ווי אין זיין ערשטן לידער־בוך, טיילט זיך דער דיכטער אינטים מיטן לייענער — טיילט זיך מיט זיינע חלומות, טרוימען, מיט „שיינקייטן פון אַלע שיינע, מיט אמתן ליכטיקע, ריינע״.

איניקע לידער אינעם נייעם בוך זיינען ווי תפילות. דאָס זיינען דאַנק־און בענטש־לידער צום מענטש פון פיזישער און גייסטיקער מי און פראַצע פון היינט און פון נעכטן:

געבענטשט זאָלן זיין
די פאַרדויכערטע אויגן פונעם
לאָקאָמאָטיוו־פירער,

די מוסקולירטע האַנט פונעם
סיגנאַלן־גלאָקן־ציער.

דער דיכטער שיקט אויך איבער זיין ברכה צו די נעכטיקע זייער און פלאַנ־צער פון: „ליבע, וואָרט, מוט, טאַט פאַר אונדזערטוועגן".

אין בודינס לידער מערקט זיך די געזונטע, שעפערישע וויטמאַנישע השפעה. זיין דיכטערישע יניקה האָט דער דיכטער אויך געצויגן פון דער אוקראַינער ערד, פון אוקראַינישן פאָלקלאָר. כאַראַקטעריסטיש איז זיין ווענדונג: „איר גוטע מענטשן", — אין אוקראַיניש: „אָ, ליודי דאָברי".

אין איניקע לידער כאַפּט זיך אַריין אַן אומעטיקער קהלת־טאָן, אַ סיגנאַל־טאָן וועגן דער אומפאַרמיידלעכער סופיקייט, פאַרגענגלעכקייט פון מענטשנס לעבן; אָבער אָט־די שטימונג איז אַ האַסטיק־פאַרבייגייענדיקע.

די מערסטע לידער אינעם בוך זיינען געזאַנגען פון לעבנס־פרייד, זיינען דורכגעלויכטן, אָנגעוואַרעמט מיט זון, מיטן ליכטיקן טאָג, מיט די שטראַלן פון בטחון, פון פאָלקס־אָפּטימיזם. „מיט צוויי פאַרליבטע אויגן" זעט דער דיכטער „מענטשנס טרויער, מענטשנס פרייד".

אַ יישר־כוח דעם זינגער פון לעבן און פאָלק, ליבשאַפט און בטחון!

(„מאָרגן־פרייהייט", זונטיק, דעצעמבער 21, 1969)



# בען גאָלד

(געב. 1900)

(„אין יענע טעג", אַרויסגעגעבן דורכן „בען גאָלד בוך־קאָמיטעט", ניו־יאָרק, 1970. פיר טיילן. העכער 280 זייטן)

בען גאָלדס נייע נאָוועלע „אין יענע טעג" איז אָנגעפּיקעוועט מיט האַנדלונג, מיט אַקציע.

דער ספור־המעשה הויבט זיך אָן אין אַ שטעטל ערגעץ אין אָדער ביי בע־

סאַראַביע און ענדיקט זיך אין ניו־יאָרק. די האַנדלונג איז קאָנצענטרירט אַרום דעם הויפּט־העלד פונעם ווערק, לעיזקע, וועלכער קריגט שפּעטער, אין אַמעריקע, דעם נאָמען לעסטער גאָרדאָן.

דער מחבר פירט דורך זיין העלד, דורך כלערליי איבערלעבונגען, פון זיין קינדהייט אין זיין געבורט־שטעטל, אַ זון פון דלות, ביז אַמעריקע, וואו ער הונ־גערט, האָרעוועט שווער ביז — ער ווערט אַ דערפאָלגרייכער שותף צו אַ בויאונג־פירמע, אַ מוטיקער, אידעאַליסטישער קעמפער קעגן דער ערשטער, אימפּעריאַליס־טישער וועלט־מלחמה, אַן ערלעכער, פּראָגרעסיווער יוניאָן־פירער, ביז — ער ווערט אויפגעריסן דורך אַ באָמבע, אונטערגעלייגט דורך אַ באַנדע יוניאָן־רעקע־טירס, אונטערוועלט־פאַרשוינען און באָסעס.

עס טוט זיך! ניטאָ קיין לאַנגווייל אין קיין בילד אָדער סצענע. עס אָטעמט מיט קלאַסן־געראַנגל, און — מיטן מחברס ליידנשאַפטלעכן געפיל פאַר יושר. דער לייענער ווערט מיטגעריסן. ער ווערט אַ באַאָבאַכטער פון דער ברייטער פּאַנאָראַמע פון קאַמף, פון פּראָטעסט קעגן עקספּלואַטאַציע און שווינדל, און ער ווערט אַ מיטליידנדיקער מיט די קרבנות פון קלאַסן־רויבעריי און אונטערדריקונג, און מיט די העלדישע קעמפער קעגן סאָציאַלן אומרעכט.

געראַנגל פונעם יחיד (לעיזקע) פאַר זעלבסט־באַפרייאונג, פאַר זעלבסט־ביל־דונג, פאַר באַזיגן אין זיך רעשטלעך פון „ווילדער יונגאַטשישקייט", פאַר שטייגן צו דער הויכער מדרגה פון לערער, פירער, וועגווייזער פאַר אַרבעטער — דורך אייגענער מסירת־נפש; געראַנגל פון אַ קאָלעקטיוו קעגן דער רשעות און הפקרות פון באָסישע בלוטזויגער בשותפות מיט יוניאָן־פאַררעטער, — איז דער הויפּט־זין, די עיקר־אידייע פונעם ראָמאַן.

מיר דוכט, אַז מער קינסטלעריש געראָטן איז דער ערשטער טייל פונעם בוך — ביז אַמעריקע. דאָרט האָט איר עכטע, געלונגענע בילדער פון יידישן אָרעמען לעבן אין שטעטל אין אָנהויב פונעם איצטיקן יאָרהונדערט. דער קיילעכדיקער יתום לעיזקע, דער שפּעטערדיקער מייסטער־סטאָליער, שניצער און טעסליער „מיט גאָלדענע הענט", ווערט געשילדערט אין אַ סביבה פון שרעקלעכער אָרעמקייט, אומוויסנהייט, פאַרוואָרלאָזטקייט. דאָס ווילדע בחורל, „לעיזקע ממזר", וועלכער איז שפּעטער געוואָרן באַקאַנט ווי „לעיזקע טעסלער", איז געווען אַ גאַסן־ייִנגל, אַ שלעגער, וואָס האָט זיך געחברט מיט אַ „הפקרדיקער חברה אין שטעטל".

דעררעטעוועט ביים לעבן האָבן אים: זיין אָרעמע באָבע עטיע־מעניע, זיין גוטהאַרציקער קרוב אברהם־כאַנצעס, דער וויינשענקער, און — זיין אייגענער לעבנס־דראַנג. אויף לערע ביי צדוק סטאָליער, און אויף קעסט ביי צדוקס קינ־דערלאָזער פרוי, רעכל, ווערט לעיזקע אַן אויסגעצייכנטער בעל־מלאכה, טעסלער און דאַך־לייגער, אַ גוטער פאַרדינער. אין שטעטל ציטערט מען אָבער פאַר אים צוליב זיינע פריערדיקע „ווילדע שטיק".

שוין יונגערהייט שטעלט זיך לעיזקע, דער אויסגעדינטער סאָלדאַט אין צאַרס אַרמיי, אויף דער זייט פון געקריוודעטע און באַליידיקטע. ער דערלאַנגט קלעפּ — און כאַפּט קלעפּ. ער פאַרמעסט זיך אַרויסצוראַטעווען דאָס יונגע, אומשולדיקע דינסט־מיידל מירקע פון די לאַפּעס פונעם בויאַן און הפקר־פאַרשוין, „די מאַלפּע"; ער געווינט דעם קאַמף, נאָר פאַרלירט שיעור ניט זיין לעבן דורך די בלוטיקע הענט פון „דער מאַלפּעס" אונטערוועלט־כאַפּטע.

דער לייענער באַקענט זיך מיט אַ צאָל תושבים פון שטעטל, צווישן זיי: מיטן ערלעכן, תמימותדיקן, אָרעמען שטעטלשן רב, ר׳ ברוכל, וואָס ווייסט קוים פון אַ צורת־מטבע; מיט דער רביצין פערעלע; מיטן אייביקן קבצן און שווערן האָ־רעפּאַשניק, גאָדל נאָטע־באַנצעס, אַ זאַק־פאַרלאָטער ביים גבירישן סוחר און תקיף, וועלוועלע; מיטן „בעל־טובהניק" רעב וועלוועלע; מיט גאָדלס בנ׳אָק „נאָטקע בולוואַן" און מיט גאָדלס געראָטענער און שיינער טאָכטער, גאָלדעלע, אין וועל־כער לעיזקע פאַרליבט זיך ערלעך און ערנסט ביז איבער די אויערן.

עטוואָס באַקענט זיך דער לייענער מיטן לעיזקעס פאַרהייראַטער שוועסטער און מיט איר מאַן, אַן אָרעמער שוסטער; ווי אויך מיטן אַלטן רייכן אלמן, רב דודל גרינשפּאַן, וועלכער וויל ניט אַנדערש, נאָר חתונה־האָבן מיט דער יונגער, שיינער גאָלדעלע.

אין זכרון קריצן זיך איין די פּנימער פון די בויאַנישע פּוסט־און־פּאַסניקעס, וועלכע פּרעסן און זויפן אין דעם שענק־הויז פון אברהם כאַנצעס. עס פעלן בפירוש מער בילדער, געשטאַלטן פון יידישע האָרעפּאַשניקעס אין שטעטל — אויפן שטח (שטעטל) פון די ערשטע הונדערט זייטן.

גאָדלס לעבנס־טרוים ווערט פאַרווירקלעכט. ער ווערט פּטור פונעם צע־לעכערטן דאַך פון זיין הויז. דער מייסטער לעיזקע בויט־איבער דאָס גאַנצע הויז — ניט צו דערקענען! לעיזקע און גאָלדעלע פּלאַנעווען צו הייראַטן; פּאַסירט אַן אומגליק — אין אַ קריגערייַ מיט לעיזקען האָט דער גביר וועלוועלע גענומען שטיקן לעיזקען ביים האַלדז; יענער האָט אים אָפּגעשטופּט פון זיך, רעב וועל־וועלע איז צוגעפאַלן צום טיש, געבליבן ליגן פּאַראַליזירט, און איז אין עטלעכע טעג אַרום געשטאָרבן. לעיזקע האָט געמוזט פאַרלאָזן דאָס שטעטל. ער איז אַוועק קיין אַמעריקע.

אין די טיילן צוויי, דריי און פיר אָטעמט עס דורכאויס מיט — אַמעריקע. יאָרן פון שאַרפן עקאָנאָמישן קריזיס, הונגער, נויט, אַרבעטלאָזיקייט, וואַקסנדיקע פאַר־ביטערטקייט. לעיזקע פאַרזוכט דעם ביטערן טעם פון הונגער, פון וואַלגערן זיך דורך די נעכט אויף פּאַרק־בענק, אין הויז־קאָרידאָרן. באַלד נאָכן קריזיס ווערט ער ביסלעכווייז אויפגעריכט. זיינע „גאָלדענע הענט" לייזן אים אויס פון דלות. ער אַרבעט ביי הייזער־בוי; ווערט פאַרמעגלעך; הייראַט זיין שותּפס געראָטן טעכטערל.

ווען פּרעזידענט ווילסאָן, דער „שלום־זוכער", וואַרפט־אַריין אַמעריקע אין פייער פונעם ערשטן וועלט־קריג, ווערט לעיזקע, איצט לעסטער, אַ שרעקלאָזער שלום־קעמפער. די מאַכט שליידערט אים אַריין אין תפיסה. פון דאָרט קומט ער אַרויס נאָך מער פאַרהאַרטעוועט, מוטיק, פּאָליטיש־געבילדעטער, ציל־באַוואוסטזיניק.

דאָ ציט זיך אַ סדרה עפּיזאָדן פון קאַמף: פון אָרגאַניזירטן ווידערשטאַנד פון ערלעכע אַרבעטער, טרעיד־יוניאָניסטן, קעגן דער פינצטערער כאַליאַסטרע, בראש מיטן יוניאָן־באָס „פּעט אָ׳בראַיען" און זיינע געהיימע שותּפים אין דער אונטערוועלט, צוזאַמען מיטן רעקעטיר און אַנטיסעמיט „ענדריו וויליאַמס" און זיינע באַצאָלטע שותּפים.

דער דריטער קאַמף פון די „רענק און פאַילער" קעגן גענגסטעריזם און רעקעטירערייַ אין די יוניאָנס ווערט אַרויסגעבראַכט, ווי אַן אַקטועלע פּאַסירונג ערשט פון נעכטן אָדער היינט. אין צענטער פונעם קאַמף שטייט לעסטער, וועלכער

קריגט דעם פולן, פֿאַרדינטן צוטרוי פֿון די אַרבעטער. ער באַצאָלט מיט זײַן לעבן.

צום שלוס קומט נאָך אַ קאַפּיטל „נקמה": דער געוועזענער, אויסגעשפּילטער פּויסטן־קעמפּער, „פּאָנטש דראָנק מעק", וועמען לעסטער האָט געהאַט געראַטעוועט פֿון פֿאַרשיקט ווערן אין תּפֿיסה, רעכנט זיך אָפּ מיט די דורכפֿירער פֿונעם מאָרד אויף לעסטערן: ער דערשיסט די צוויי „קאַרפּן־קעפּ" פֿון דער אַנטי־יוניאָן, אַנטי־אַרבעטער אונטערוועלט, ענדריון און זײַן הויפּט־לייטענאַנט דזשאַני. ער פֿילט, אַז זײַן אַקט פֿון נקמה איז אַן אַקט פֿון יושר. ער איז גרייט צו באַצאָלן מיט זײַן לעבן פֿאַר זײַן טאָפּלטן מאָרד.

אין דעם בוך האָט דער מחבר אַרײַנגעלייגט ניט נאָר קענטעניש און וויסן, נאָר אויך אַ סך אײַנדרוקן פֿון אָנגעזאַמלטער דערפֿאַרונג און זכרונות אַלס אַ לאַנג־יאָריקער, אויסגעפּראַוווטער, ערלעכער און מוטיקער יוניאָן־בויער און קעמפּער פֿאַר טרעיד־יוניאָן־דעמאָקראַטיע. פֿאַראַן דאָ פֿײַנע, סאָלידע כאַראַקטער־שילדע־רונג; אַן אויג פֿאַר ראָמאַן־קאָנסטרוקציע, פֿאַר פּלאַן, פֿאַר געהעריקער קאָמפּאָזיציע. פֿאַראַן, ווי געזאָגט, פּאַבולע מיט אַקציע, מיט אימפּעט. צומאָל ווערן אַרײַנגעוועבט קורצע נאַטור־בילדלעך, וואָס העלפֿן אַרײַנברענגען געמיטלעכקייט אין דעם ברען פֿון האַנדלונג.

חסרונות? פֿאַראַן. אין די לעצטע טיילן שפּירט מען געאײַלטקייט, בחפּזונ־דיקייט. פֿאַראַן דערציילערישקייט — אָבער ניט גענוג שילדערונג. בעת די ערשטע טיילן זײַנען געראָטן, פֿאַראינטריגירן, גרייטן־צו דעם לייענער פֿאַר דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פֿון דער פּאַבולע, ווערט שוין די דערציילונג שוואַכער און בלאַסער אין די שפּעטערדיקע טיילן. צומאָל פֿאַרלויפֿט דער זשורנאַליזם דעם וועג פֿונעם דערציילער.

עס געלינגט אָבער דאָך דעם מחבר צו ווײַזן, ווי אַזוי לעזיקע־לעסטער גייט־דורך פֿאַרשיידענע גלגולים ביז ער גרייכט זײַן העכסטן פּונקט פֿון אַן אַנטי־פֿאַ־שיסטישן קעמפּער.

פֿאַראַן אין דער נאָוועלע אַ צאָל שפּראַך־און סטיל־חסרונות, וואָס האָבן גע־דאַרפֿט באַזייטיקט ווערן. למשל: „...די קללות, וואָס האָבן געהאָגלט אויף די אַרבעטער פֿונעם באַלעבאָס"; „אירע ווייסע, גלייכע ציין און אײדל שמייכעלע האָבן אַרײַנגעגאָסן אין איר פּנים אַ ים מיט חן"; „פֿאַרשפּאַרט אונטער [געמיינט: הינטער] גראַטעס"; „דריקט דער קאָמיטעט אויס איר [געמיינט: זײַן] טיפֿע דאַנק־באַרקייט"; „...אַז ער, מעק, האָט פֿאַרלוירן זײַנע קישקעס" געמיינט מוט; אין ענגלישן „גאָטס").

פֿון בען גאָלדס „אָווערעמל ברווידע" (1944), פֿון זײַן בוך דערציילונגען זײַן נאָוועלע „דער מזלדיקער דזשים" (1968), ביז זײַן איצטיקן, נײַעם ראָמאַן — אַ ווייטער מהלך, אַ באַדייטנדיקער פֿאַרשריט אין סטיל און קאָמפּאָזיציע. דער עיקר: דער בוך „אין יענע טעג" איז אַן ערלעך ווערק, אַ מוטיק ווערק פֿון נעכטן און פֿון היינט, אַ שפּיגל פֿון ברוטאַלדיקע קאַפּיטלען אַמעריקע; אַן ענטפֿער יענע לײַט, וואָס טענהן און קלאָגן, אַז דער ראָמאַן איז שוין געשטאָרבן, האָט שוין איבער־געלעבט זײַן לעבנס־באַרעכטיקונג, זײַן זכות הקיום.

דער בוך איז אַ ווירדיקער בײַטראָג צו די פּראָגרעסיווע נאָדל־פּאַך־אַרבעטער און צו זייערע איבערגעגעבענע פּירער — צו וועמען ער איז געווידמעט.



# שלמה דאַווידמאַן

(געב. 1900)

שלמה דאַווידמאַן האָט אַ היפּש ביסל פאַרדינסטן אַלס פּראָדוקטיווער, אַר־בעטזאַמער שרייבער פאַרן פאָלק, אַלס שול־לערער אין משך פון העכער אַ פּאָר צענדליק יאָר, אַלס טרעגער, בויער און פאַרשפּרייטער פון אונדזער יידישער פּראָגרעסיווער קולטור, אַלס געטרייער געזעלשאַפטלעכער טוער. ער איז אַ שרייבער און אַ טוער.

יאָ, איך געדענק אים נאָך פון דער „אַלטער היים", פון זיין געבורטשטאָט, וואָס ער האָט אַזוי וואַרעם און ענטוזיאַסטיש באַשריבן אין פיל פון זיינע דער־ציילונגען און מעשיות. איז ער דאָך כמעט אַ בן־עיר מיינער (מאָגילאָוו איז אַרום 20 וויאָרסט פון מיין געבורט־שטעטל יאַרוגע). אין זיין מאָגיליאָוו האָב איך שטו־דירט. דאָרט האָב איך זיך מיט פיל יאָרן צוריק באַקענט מיטן יונגינקן, רויט־קעפּיקן, ברייט־פּלייציקן, מאָסיוון, ערנסטן, עטוואָס־פאַרחלומטן שלמהן, וועמען נאָענטע פריינט האָבן גערופן „ליאָמע". מען האָט אים אויך גערופן „שלמה דעם דיינ׳ס" — דער טאַטע זיינער איז געוועזן אַ דיין, אַ קבצן, און האָט געהאַט אַ בוכ־האַנדלונג. פון צייט צו צייט האָב איך דאָרט געקויפט אַ פּאָר ביכער.

און „די רעדער דרייען זיך און די יאָרן גייען זיך". און ווידער האָב איך געטראָפן דעם אַקטיוון, מיזאַמען, ברויזנדיקן שלמה דאַווידמאַן — דאָס מאָל שוין אויפן אַמעריקאַנער באָדן, טאַקע אין זיין היים ערגעץ אויף וואַיז עוועניו, בראָנקס, ביי אַ מיטינג פון אַ „גרופּע פון יידישע אַרבעטער־שרייבער". ביי יענע מיטינגען איז געבוירן געוואָרן דער פּראָלעטאַריש־ליטעראַרישער זשורנאַל „יונג קוזניע".

זינט דאַן האָט דאַווידמאַן ברייט פאַנאַנדערגעוויקלט זיין שרייבעריש־לערעריש־געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט. זייט דאַן האָבן זיך אָפּט באַוויזן זיינע דערציילונגען אין דער „מאָרגן־פרייהייט" און אין אונדזערע פּעריאָדישע צייטשריפטן, און עס זיינען דערשינען אין בוך־פאָרם (אין אַ באַדייטנדיקער צאָל ביכער און ביכלעך) זיינע פיל מעשיות, דערציילונגען, סקיצן, שפּילן, אויך מעמואַרן, ראָמאַנען און אויטאָביאָגראַפישע ווערק.

זיין פּען איז פליסיק. זיין טעמאַטיק שעפּט ער הויפּטזעכלעך פון זיין אייגענער לעבנס־דערפאַרונג אין דער „אַלטער" און אויך אין דער נייער, אַמערי־

קאַנער היים. אַ גרויס אָרט אין זיין ליטעראַרישן שאַפן פאַרנעמט דאָס קינדער־לעבן, דאָס שול־און לערער־לעבן. דאָ קומט אים שטאַרק צונוץ זיין רייכע, לאַנג־יאָריקע לערער־דערפאַרונג; דאָ העלפט אים אַלס שרייבער זיין וואַרעמע ליב־שאַפט, זיין פאַרשטענדעניש פאַרן קינדס וועלטל און נשמה, און אויך זיין צובונד צום עכטן פאָלקס־לערער, און אין אָט־די ווערק זיינע האָט דער שרייבער געשלאָסן אַ שידוך מיטן לערער, פעדאַגאָג, קינדער־דערציער, און דער שידוך איז עולה־יפה געווען.

אַן אָנגעזעען אָרט אין דאַווידמאַנס שאַפונגען פאַרנעמט זיין היים־שטאָט, איר אָרעמשאַפט, אירע פאָלקס־מענטשן, טרוימער, קעמפער פאַר אַ בעסער לעבן. צווישן אָט־די ווערק זיינען: דער ראָמאַן „די פאַמיליע סטרונעס פון מאָגיליאָוו־פאָדאָלסק", „קאָמאַנדיר שלמה פאָדאָלסקי", „מאָגילאָוו־פאָדאָלסק", א. אַנד.

פיינע מעשהלעך, „געשיכטעס", פון און פאַר קינדער, זיינען איינגעשלאָסן אין דאַווידמאַנס בוך „יידישע קינדער אין ביראָבידזשאַן" (פון זיין „סאָבוועי־ביב־ליאָטעק: געשיכטעס פאַר גרויס און קליין"): דאָ איז פאַרוועבט טאָג־טעגלעכ־קייט, וואָכעדיקייט פון קינדער־לעבן, מיט מעשהדיקייט, מיט העלדן־געשיכטע, מיט אַרבעטער־העראָאישקייט. אין איינעם פון אָט־די מעשהלעך קומט צום אויסדרוק דעם מחברס הויפּט־כוונה: „און יידישע קינדער דאַרפן וויסן די געשיכטע פון יידישן פאָלק, די געשיכטע פון די יידישע מאַסן פון אַלע צייטן און אין יעדן לאַנד" (זייט 16).

דאַווידמאַנס דערציערישע כוונה נעמט אויך דורך און נעמט־אַרום זיין בוך „אַ שפּראַך איז ווי אַ גאָרטן" (1952). דער טאַטע (אין דער ערשטער דער־ציילונג פון אָט־דעם בוך) דערקלערט זיין טאָכטער: „אַ שפּראַך איז ווי אַ גאָרטן: ווי אַזוי דו פאַרזייסט די שפּראַך, אַזוי וואַקסט זי אויס". און דער מחבר ציט אַ פאָדעם, אַ גאָלדענעם פאָדעם: צווישן „מאָטל פּייסי דעם חזנס" מיט אַן אַנדער מאָטל — „מאָטעלע גערמאַן, מיין יונגער לאַנדסמאַן פון מאָגיליאָוו־פאָדאָלסק, וואָס האָט געראַטעוועט צוויי טויזנט יידן פון די געטאָס".

די נאַצי־מערדערייען קעגן יידן, ווי אויך דער העלדישער אַנטי־נאַצי ווידער־שטאַנד און קאַמף ווערט אָפּגעשפּיגלט אין אַ היפּשער צאָל פון דאַווידמאַנס מעשה־לעך און בילדער („אַ קאָפּ פון יידן", א. אַנד.).

שלמה דאַווידמאַנס ערשטע בעלעטריסטישע ווערק זיינען: „ערשטע טריט", „ווען הערצער ברענען"; „געקניפּטע ריטלעך" (בוך אַרויסגעגעבן צוזאַמען מיט מאַקס פּערלאָוו).

אין 1918 איז אין יאַמפּאָל, פאָדאָליע, אין דער דרוקעריי „טרוד" דערשינען דאַווידמאַנס סאַמע ערשט ווערק — אַ קליינע לידער־זאַמלונג פון 16 זייטן: „בענקעניש".

(דאָנערשטיק, דעצעמבער 12, 1957)





# איציק מאַנגער

(1969-1901)

## די „גאָלדענע פּאַווע" פון יידישן ליד

איציק מאַנגער — דער צויבער־נאָמען פון אונדזער דיכטונג. איציק מאַנ־גער — דער סימבאָל פון פאָלקישקייט, פון פאָלקסטימלעכקייט, פון פּאָעטישן פאָלק־לאָר. איציק מאַנגער — „די גאָלדענע פּאַווע" פון יידישן ליד.

איציק מאַנגער (אַ געבוירענער אין טשערנאָוויץ אין 1901) בלייבט לעבן אין אונדזער ליטעראַטור ווי איינער פון אונדזערע סאַמע אָריגינעלסטע, שאַפע־רישסטע, יידישסטע דיכטער — אַ ליריקער פון עכטסטן גראַד און אַ מייסטער פון דער באַלאַדע; און אויך — ווי אַן אייגנאַרטיקער דערציילער, דראַמאַטורג און עסייאיסט.

שוין מיט זיין סאַמע ערשטן לידער־בוך „שטערן אויפן דאַך" (פאַרלאַג „שלום־עליכם" בוקאַרעשט, 1929; 180 זייטן) האָט זיך מאַנגער באַליבט געמאַכט מיט זיין אייגענעם מעלאָדישן, מאַנגערישן ניגון, מיט דער פּשטות פון זיין לויטער וואָרט, מיט זיין ייִנגלשער תמימות — און מיט זיין לויטערער ליבשאַפט צום פאָלק.

זינט דאַן איז זיין ליד און באַלאַדע כסדר געשטיגן אַלץ העכער אין פּאָעטי־שער לויטערקייט, האָט באַצויבערט מיט דער שטימונג, טעמאַטיק, בילדערישקייט, נגינה, וויזיע און געשטאַלטן.

דער גרויסער דיכטער פון אונדזער דור האָט נאָך זיך איבערגעלאָזט אַ ביז גאָר רייכע, ווערטפולע, ליטעראַרישע ירושה. ס'וועט נעמען יאָרן ביז אָט־די לע־בעדיקע גייסטיקע ירושה וועט ווי געהעריק אָפּגעשאַצט ווערן. זי שליסט־איין: „שטערן אויפן דאַך" („ליד און באַלאַדע"), 1929; „לאַמטערן אין ווינט" („ליד און באַלאַדע"), וואַרשע, 1933; „פעלקער זינגען" (איבערדיכטונגען פון אַנדערע שפּראַכן), וואַרשע, 1935; „חומש־לידער" (פאַרלאַג „אַליינעניו"), וואַרשע, 1935; „מגילה־לידער", וואַרשע, 1936 (דערשינען אויך אין העברייאישער איבערזעצונג פון מרדכי אַמיתי, תל־אביב, 1953); „דעמערונג אין שפּיגל" („ליד און באַלאַדע"), וואַרשע, 1937; „וועלוול זבאַרזשער שרייבט בריוו צו מלכהלע דער שיינער", וואַר־

שע־ווין, 1937 ; „נאָענטע געשטאַלטן" („סקיצן וועגן יידישע שרייבער־געשטאַלטן"), וואַרשע, 1938 (אויך אין העברייאישער איבערזעצונג פון א. שלאַנסקי, ארץ־ישראל, 1941) ; „פאַר יוגנט" („לידער און באַלאַדן"), וואַרשע, 1937 ; „די וואונדערלעכע באַשרייבונג פון שמואל־אבא אַבערוואָ" („דאָס בוך פון גן־עדן"), ראָמאַן, אילו־סטרירט פון מענדל רייף, וואַרשע, 1939 ; „וואָלקנס איבערן דאַך" („ליד און באַ־לאַדע"), פאַרלאַג „אַליינעניו", לאָנדאָן, 1942 ; „האָצמאַך־שפּיל" („אַ גאָלדפאַדען־מאָטיוו אין 3 אַקטן"), לאָנדאָן, 1947 ; „דער שניידער־געזעלן נאָטע מאַנגער זינגט" (לידער), מיט אַן עסעי פון דר. שלמה ביקל און אַ פּאָרטרעט פון נאָטע מאַנגער (דעם דיכטערס טראַגיש־אומגעקומענער ברודער), לאָנדאָן, 1948 ; „געזאַמלטע שריפטן", „מדרש איציק", פּאַריז־זשענעווע, 1930 ; „ליד און באַלאַדע", איציק מאַנגער־קאָ־מיטעט, ניו־יאָרק, 1952 ; „ליד־באַלאַדע־דערציילונג" (יידיש און העברייאיש), תל־אביב, 1961 ; „נאָענטע געשטאַלטן און אַנדערע שריפטן", מיט אַ ביבליאָגראַ־פיע פון יעפים ישורין, „איציק מאַנגער יובל־קאָמיטעט", ניו־יאָרק, 1961.

איציק מאַנגער האָט פון זיין ערשטן ליטעראַרישן אָנהויב ביזן סוף פון זיין שעפערישן ווײ־און פיין־פולן לעבן — אַ לעבן פון וואָגלעניש, וואונדן און יסורים, געשעפּט מיט טאַלאַנט און מיט חכמה פון די טיפע, ליכטיקע קוואַלן פון פאָלקס־שאַפן. ער האָט זיך „דורכגערעדט" מיט דורות דיכטער. אין זיין גייסט גופא האָט געריזלט אַ מעין הנובע, אַ קוואַל פון עכטער דיכטונג. ער האָט זיך אויך דיכטעריש איבערגערופן מיטן פאָלקישן הומאָר פון שלום־עליכם, מיט דער בליציקייט פון משה נאַדיר, מיט די רחמים־געפילן פון אברהם רייזען, מיט די צייטלעכע באַ־לאַדישע טענער פון מאַני לייב און פונעם יונגן שפּאַנישן דיכטער און קרבן פון פאַשיזם, פרעדעריקאָ גאַרסיאַ לאָרקאַ.

ער איז געווען און געבליבן אַן עכטער, געבענטשטער, געניאַלער זינגער פון פאָלק — מיט זיין ספּעציפישן, מאַנגערישן, אומפאַרגלייכלעכן נוסח און חן.

ער איז געווען און האָט מיט זיך פאַרקערפּערט — „אַ מעשה, אַ ליד און אַ יידישע טרער".

זיין ליד שטאַמט פונעם שניידער־וואַרשטאַט פון זיין פאָטער, דעם ליבן זינגער און מעשה־דערציילער ; פון זיין מאַמעס פאָלקס־ניגונים ; פון די היימישע פאָלקס־מעשות (פון בוקאָווינע — גאַליציע — אַלט־רומעניע) ; פון די „בראָדער־זינגער" און אברהם גאָלדפאַדען. זיין פאָטער הלל מאַנגער האָט ער באַצייכנט אַלס „אַ הומאָריסט, אַ קינסטלער, אַ מייסטער פון גראַמען"...

„כ'בין אַרויפגעשפּרונגען אויפן וואָגן פון די ,בראָדער זינגער'", האָט ער דערציילט. ער, וואָס באַצייכנט זיך אַליין אַלס „דער שניידער־געזעלן, בראָדיאַגע און פּאָעט", איז געווען דער וואונדערלעכער ממשיך און פאָרזעצער, מיט מאָדערנעם באַלאַדישן נוסח, פון דער טראַדיציע פון די „בראָדער זינגער", וועלוול זבאַרזשער און אברהם גאָלדפאַדען (פון זשיטאָמיר און שפּעטער אָדעס). שוין אין זיין ערשטן לידער־בוך „שטערן אויפן דאַך", האָט ער געזונגען זיין „גאָלדפאַדעניאַדע" און „זבאַרזשעריאַדע".

די ניגונים און מעשיות פון זיין „בראשית", וואָס ציט זיך פון טשערנאָוויץ, קאָלאָמיי, סטאָפּטשעט — דורך יאַס, רומעניע, דורך וואַרשע, וואָגל־וועגן איבער פראַנקרייך, לאָנדאָן, ניו־יאָרק ביז ישראל — האָבן אים באַגלייט ביזן סוף פון זיין שאַפן.

דער וועג פון די „בראָדער זינגער", וועלוול זבאַרזשער און אברהם גאָלדפאַדען האָט אים געפירט צום יידישן טעאַטער, וועלכן ער האָט באַרייכערט מיט זיין זינגענדיק ליד, מיט זיין רייכער פאַנטאַסטיק, מיט זיינע חלומות און זעאונגען, מיט זיין אייגענעם מאַנגערישן סטיל, אין די פוסטריט פון א. גאָלדפאַדען. דער „גאָלדפאַדען־סטיל איז געבליבן פונאַדעמנטאַל־אייגן, עפּעס אַזוינס וואָס איז עכט יידיש און אייגן", האָט ער געשריבן.

מאַנגערס לידער זיינען דער שפּיגל פון זיין נשמה, פון זיין „איך", פון זיין דיכטערישער געשטאַלט. זיין לעבן, דער תוך און תמצית פון זיינע טראַגישע, טיפע איבערלעבונגען, זיין זעלבסט־כאַראַקטעריסטיק, דער מהות פון זיינע עמאָציעס און טראַכטונגען, — דאָס אַלץ איז פאַראַן אין זיינע לידער און באַלאַדן. אין זיין ליד „צווישן קאָסעוו און קיטעוו" (אין „שטערן אויפן דאַך") גיט ער דעם „בראשית" פון זיין ליד:

| | |
|---|---|
| צווישן קאָסעוו און קיטעוו | אין טיפן קלאָרן וואַסער |
| שטייט אַ גילדענער ברונעם. | האָב איך אַ זון געפונען. |

דאָס איז געווען די זון פון זיינע געזאַנגען. אָט־די זון האָט אים באַלויכטן זיין לעבנס־וועג פון וואַנדער, ווי און וואָגל.

| | |
|---|---|
| איך בין אַ פראָסטן שניידערס | געשטעלט מיינע יונגע יאָרן |
| ווילד־פאַרלוירן קינד, | אויף וואַנדערן און ווינט. |

אין דעם אַריינפיר צו זיין ערשטן לידער־בוך האָט ער אַליין געפּרואווט כאַראַקטעריזירן דעם מהות פון זיינע לידער: „באַלאַדע און תפילה". „די טונקעלע זעאונג און דאָס ליכטיקע שטאַמלען וואָס פיבערט אין די אויגן און אויף די ליפּן ערב נאַכט".

„די סאָציאַלע און גראָטעסקע אַקאָרדן, וואָס ציטערן ווי דיסאָנאַנסן אין בוך, נעם איך אַרום מיט אַ באַזונדערער ליבשאַפט: אפשר וועלן זיי מיך ערגעץ־וואו דערפירן". אין דעם פאָרוואָרט צו זיין צענטן בוך, „וואָלקנס אויפן דאַך", רופט ער אָן זיין לידער־זאַמלונג — „אַ געבויגענער יידיש־פּאָעטישער קאָפּ אין רייפן באַדויער". קיינער וואָלט דאָס אַזוי טרעפלעך ניט געזאָגט. די דיכטער־געשטאַלט פון איציק מאַנגער, די אימפּאָנירנדיקע מאַנגער־פערזענלעכקייט שטראַלט־אַרויס דורך די לידער אין „וואָלקנס איבערן דאַך" אין איר פולער גאַנצקייט און רייפקייט, מיט טיפער טראַגיק פון אַ דיכטער אַ מקובל. דאָ קומט צום אויסדרוק „דאָס ליד פון טויטן קינד אין וועג און פון דעם פעטן פעלד־מאַרשאַל [געהרינג], וואָס טויט, און שפּילט זיך מיט זיין קינד". אין די אַלע לידער פיבערט דער צער פון אַ דיכטער, וואָס טראָגט אין זיין וועזן דעם טרויער און בראָך פון זיין פאָלק, און גיט קינסטלערישן, געלייטערטן תיקון אָט־דעם צער דורך דער עכט־יידישער, מאַגנערישער באַלאַדע, וואו עס ליכטיקט טרויער, וואו עס פּערלט אַ טרער.

מיר האָבן אויבן דערמאָנט מאַנגערס וואָרט „דיסאָנאַנסן". יאָ, אַזעלכע זיינען געווען אין משך פון יאָרן אין זיין ליד. עס האָט זיך, דער עיקר, אין זיינע ערשטע לידער־ביכער געשפּירט און געוואָרפן אין אויג דער דיסאָנאַנס צווישן מאַגנערן, דער פאָרשטייער און אויסדריקער פון עכטער, פאָלקישער פשטותדיקייט („עמך שער־און־אייזן"), דער ממשיך פון געזונטע יידיש־רומענישע, ערדישע פאָלקס־מאָטיוון — און מאַנגערן, דעם באַאיינפלוסטן פון אולטראַ־מאָדערניסטישע גרויס־

שטאָטישע, צומאָל ניט־געזונטע, מערב־אייראָפּייִאישע השפעות, וואָס האָבן גע־פּרואווט באַווירקן זיין גייסט נאָך אין די יאָרן פון זיין בוקאַרעשטער פּעריאָד.

אין יענעם פּעריאָד פון דער פינצטערער באַיאַרישער מאַכט פון טעראָר אין רומעניע האָבן זיך אין מאַנגערס לידער אַרייַנגעוועבט שאַרפע מאָטיוון, בלי־ציקע בילדער און סימבאָלן פון טויט, שרעק און חושך, פון דער מלכות פון נאַכט, שאָטנס, „דולע געשטאַלטן״; רירנדיקע בענקשאַפטן נאָך „אַ שיין פון ליבע״, ווילדע, וויסטע שאָטנס האָבן זיך געיאָגט נאָכן „גאָלדענעם ציגעלע״, נאָך דער „גאָלדענער פּאַווע״. שפּעטער, אין אַ רעפעראַט אין וואַרשע (1929), האָט ער אַליין וועגן זיך און זיין געמיט־צושטאַנד דערציילט: „דאָס באַדלערישע פון דער גרויס־שטאָט האָט געדרייצט, פאַרכישופט און געפאַנגען״. עס האָבן אים שטאַרק געדרעגט די ווייַן־און לבנה־לידער פונעם כינעזישן דיכטער לי־טאַ־פּע, פונעם פּערסישן פּאָעט האַפיז, פונעם פראַנצויזישן דיכטער־סימבאָליסט ווערלען, פונעם אַלט־גרי־כישן דיכטער אַנאַקרעאָן.

געזיגט האָט בערל בראָדער... גובר־געווען האָט דער גאָלדענער המשך פו־נעם יידישן פאָלקס־ליד און פאָלקס־עפּאָס — די „גאָלדענע פּאַווע״. די זון פונעם ברונעם פון „צווישן קאָסעוו און קיטעוו״ האָט אויסגעשפּרייט איר וואַרעם ליכט אין מאַנגערס האַרציקע, פאָלקישע לידער און באַלאַדעס. געזיגט האָט דער „בראשית״ פון טאַטנס נאָדל־פאָדעם און פון דער מאַמעס ניגונים, פונעם שניידער־וואַרשטאַט, וואָס איז געווען „אַ נעסט פון אַרבעטער־אָרעמשאַפט און פּאָעזיע״.

דער דיכטער פון יידישן דלות און בעסאַראַביער „דאָינעס״ (פּאַסטוך־לידער) האָט מיט פולער מייסטערשאַפט באַהערשט די באַלאַדע־פאָרם, וועלכע איז אים אַמ־נאָענטסטן און אַמליבסטן, און דורך איר האָט ער אויסגעזונגען און באַזונגען די מאָטיוון פון יידישער, ביטערער נויט און דעם אייביקן חלום פון ברויט. זיין מאַמע, וואָס האָט אים געפירט צום פאָלקס־ניגון, איז געבליבן לעבן אין זיינע באַ־לאַדן, וואָס זיינען ליכטיקע, וואַרעמע טרערן־פּערל, דורכגעזאַפּט מיט פאָלקיש־קייט, סודות׳פולקייט, טראַגיזם. איר, דער מאַמעס, אָנדענק האָט ער געווידמעט זיין „לאָמטערן אין ווינט״, ווייל — דערקלערט ער — ווייל זי האָט פאַר מיר אַנט־פּלעקט די וואונדערלעכע שיינקייטן פונעם יידישן פאָלקס־ליד, דערפאַר ווייל זי האָט אין מיר אַריינגעזונגען יענעם רעליגיעזן ציטער, וואָס האָט שוין נישט איין מאָל אין קריטישע מאָמענטן געראַטעוועט מיין לעבן און מיין ליד״.

מאַנגער איז אויך געבליבן אַ שטענדיקער בעל־חוב דעם פריינט פון זיינע קינדער־יאָרן, לייבעלע בעקער, וועמענס געזאַנגען „אין מידע פאַרנאַכטן״ ס׳האָבן אין אים „געוועקט דעם חוש פאַר לירישע שיינקייטן״, און זיין ליבן, זינגענדיקן ברודער נאָטע, וועלכער האָט אויף אים געהאַט אַ געזונטע, דויערנדע השפּעה. (זיין ברודער האָט ער געהייליקט אַ ציקל: „סאָנעטן פאַר מיין ברודער נאָטע״).

זיין מאַמע־געשטאַלט, דער שורש און מקור פון זיין פאָלקישן ליד, אַנטפּלעקט דער דיכטער מיט ליבשאַפט אַ סך מאָל אין פיל וואַריאַציעס. אין זיין ליד „ליב־שאַפט״ זינגט ער אידל־צאַרט:

מיין מאַמע איז שוין זינט יאָרן טויט,
נאָר איר ליבשאַפט גייט־אַרום אין רוים
מיט אָפענע אָרעמס פאַרן ווינט.

דער מאָטיוו „ליבשאַפט" גייט־דורך ווי אַ רויטער פאָדעם דורך די מערסטע מאַנגער־לידער. ליבשאַפט איז זיין אַרויסרוף צו דער ממשלה פון רשעות.

זיין מוטערס געשטאַלט וויזט זיך אויך אין ליד „די בלויע קריגעלעך", וואו — „מיט די בלויע קריגעלעך אין די מידע הענט שוועבן ווייסע מאַמעס צו דעם ברונעם".

אין זיין ליד „די מאַמע" זעט ער:

די מאַמע וויגט דאָס וויגל מיד און מידער
(אָוונט אויף דער שויב — אַ בלויער וואַל).
דער מאַמעס אויגן זיינען פול מיט לידער,
וואָס שעפּן טרויער פון איר שוואַרצן שאַל.

זיין מאַמע־געשטאַלט לויכט־אויף צווישן די אויסגעהונגערטע מאַמעס (אין זיין צער'פולער „באַלאַדע פון ווייסן ברויט"), וואָס זעען אין פּנים פון דער לבנה דאָס פּנים פון אויסגעבענקטן ברויט, און זינגען:

הייליק ברויט, פאַל אין אונדזער שויס!
הייליק ווייצן־ברויט, לייז אונדז אויס!

אין פריען פעריאָד פון זיין שאַפן (אין רומעניע) האָט מאַנגער אויך דער־הערט און מיט באַרוישונג אויפגעכאַפּט דעם וועלט־רעגנדיקן רוף פון דער אָק־טאָבער־רעוואָלוציע. יענער רוף האָט דאַן אָפּגעקלונגען אין זיין „אָקטאָבער־באַ־לאַדע", אין וועלכער ער זאָגט־אָן, אַז „ס'בליען רויטע שטערן". די באַלאַדע שליסט זיך מיט די שורות:

העי, דו פויגל, רויטער פויגל,
העי, דו פויגל, פלי געשווינט.
פלי־אַדורך אונדזער דערפל —
דו און דער אָקטאָבער־ווינט.

ס'איז אַ חלום אויפגעגאַנגען
איבער אונדזער ווייסן לאַנד,
און מיר גייען אים דערגרייכן
מיט די ביקסן אין דער האַנט.

זיין חלום פון מענטשלעכער דערהויבנקייט האָט דער דיכטער שפּעטער אַריינ־געוועבט אין זיינע קרעפטיקע עלעגישע, דראַמאַטישע באַלאַדן. זיין סאָציאַלן פּראָ־טעסט, זיין ווײ־געשריי קעגן רשעות, האָט ער אויסגעדריקט דורך גראָטעסקע ביל־דער, סאַטירע, הומאָר, דורך ביטערן חוזק. אַ גרויסע קינסטלערישע קרובהשאַפט האָט זיך (אין זיין רומענישן פעריאָד) איינגעשטעלט צווישן אים און די שרייבער אליעזר שטיינבאַרג (פון ליפּקאַן, בעסאַראַביע), משה אַלטמאַן (פון ליפּקאַן — איצט אין טשערנאָוויץ), און יעקב שטערנבערג (פון ליפּקאַן — איצט אין מאָסקווע).

אין דער באַלאַדע־פאָרם האָט זיך מאַנגער געפונען. אין איר, נאָך אַ פעריאָד פון זוכענישן און ראַנגלענישן, האָט ער געפונען דעם פּאַסיקסטן אויסדרוק פאַר זיינע חלומות, זעאונגען, ניגונים.

גאָר אַ באַזונדערע, הויך־קינסטלערישע מדרגה האָט ער דערגרייכט אין זיינע „חומש־לידער" און „מגילה־לידער". אין זיי קומט צום אויסדרוק זיין נאַטירלעכע פאָלקסטימלעכקייט, פאָלקס־נאָענטקייט, מייסטערשאַפט פון וואָרט, ליכטיקער הומאָר. צערטלעך, שפּאַסיק, שטיפעריש, שפּילעוודיק, ליבהאַרציק האָט דער דיכטער פאַר־היימישט און פאַרהיינטיקט די געשטאַלטן פון חומש, געבראַכט זיי צו אונדז פון צייט־מרחקים אין דער היימיש־שטעטלשער סביבה. ריכטיק האָט ער זיינע חומש־לידער באַצייכנט (אין אַ קורצן אַריינפיר אַלס — „אַ שטיפעריי אַזאַ מיט די גרינז־גרויע בערד פון די אָבות און מיט די שטערנטיכלעך־עקן פון די אמהות". די „אָבות" און „אמהות" ווערן אין מאַנגערס לידער היימישע, לעבעדיקע, היינטיקע,

בשר־ודמ׳ישע טאַטע־מאַמעס. אפילו דער שיכור לוט קוקט־אויס ווי אַ שיכורניק פון אַ היינטיקן שענקל. דער דיכטער האָט מיט זיין וואונדערלעכער פאַנטאַזיע אָפּגעמעקט די מחיצה פון צייט און אָרט.

דער זעער פון „דאָס וואונדערלעכע ווייסע ליכט“ (פון פאָלקס־געזאַנגען), דער טרוימער פון דער „שיינקייט פון דער וועלט“, סימבאָל פונעם „ווייס־גאָלדן ציגעלע“ פון אונדזער וויגליד, האָט אַריינגעבראַכט אוצרות מיט חידושים, שיינקייטן, אויפטוען אין היינטיקן יידישן קינסטלערישן ליד, וואָס ער האָט באַרייכערט און פאַרפיינערט. שטיקער יידיש שטעטל־און שטאָט־לעבן צאַפּלען זיך אין זיינע לידער. די געשטאַלטן פון זיין טאַטע־מאַמע, חבר לייבעלע בעקער, ברודער נאָטע (אַ נאָענטער פריינט פונעם גרויסן משלים־שרייבער, אליעזר שטיינבאַרג, „ר׳ לייזערל הקטן“), לעבן אונטער איין דאַך מיט די באַלאַדישע וואונדער־געשטאַלטן פונעם בעל־שם־טוב, ר׳ נחמן בראַצלאַווער, פּאָדאָליער רבֿ, יאָסער שניידערל, ר׳ לוי יצחק, אליהו הנביא, צוזאַמען מיט די „בראָדער זינגער“, מיט וועלוול זבאַרזשער, אינאיינעם מיט בדחנים, וואַגאַבונדן, שניידער־געזעלן, האַרעפּאַשניקעס, פּורים־שפּילער, קלעזמער, הונגער־שטאַרבער אין וואַרשע, האָלץ־העקער און וואַסערפירער, קרבנות אין די געטאָס און נאַצישע טויטן־לאַגערן. אויך די וואָלקנס און ווינטן; וואַסערן, ווערבעס און שטערן; וועלדער, וועגן, פעלדער לעבן אין זיין ליריק, אין זיינע פאַרחלומט־ראָמאַנטישע אייביק־פרישע לידער.

לאַנדשאַפטן, זונפאַרגאַנגען, געסלעך, דעכער, דערפער, קרעטשמעס, אכסניות, ווערן וואונדער, מעשי־בראשית אין מאַנגערס באַלאַדישער אַנטפּלעקונג.

סאַראַ אבלות ס׳איז פאַראַן אין זיינע אויפרודערנדיקע, אויפשוידערנדיקע לידער אויפן „חורבן פון פּוילישן יידנטום“. אין אַ מין תפילה בלחש־ליד זינגט ער:

אונטער יאַנקעלעס וויגעלע
ליגט געקוילעט דאָס גאָלדענע ציגעלע.

מיטן צער פון עכטע קינות זינגט ער:

די גאָלדענע פּאַווע און דאָס קלאָר־ווייסע ציגעלע
וויגן די ליידיקע וויגן:
נישטאָ מער דאָס הייליקע יאַנקעלע,
טאָ וויגט מען אָן אַ ניגון.

און דאָך, און דאָך — פאַרלאָזט אים ניט דער יידישער בטחון. ער קומט מיטן טרייסט־וואָרט פון „האָף און גלויב“. ער גלויבט: עם ישראל חי. די שעפערישקייט פונעם פאָלק האָט — המשך. זיין בוך „וואָלקנס איבערן דאַך“ האָט ער געשלאָסן מיטן פּראָפעטישן ליד „אָנזאָג“, געווידמעט „דעם ערשטן אמתן פּאָעט, וואָס וועט קומען פונעם געטאָ“.

„וואוהין, מיין פאָלק־ליד?“
„דורך נויט און טויט און טרויער
צום אייביק־יידישן דויער!“
„איז וועמען נעמט מען מיט?“
„אונדזערע געווינער און פאַרלירער,

אונדזערע טרוימער און מאַרטירער,
אונדזער נביא און אונדזער שמיד“.
— — — — — — — — — — — — —
„דורך געטאָ־ווענט צו די שטערן“...

גאָר גרויס איז מאַנגערס ביישטייער צו דער יידישער בעלעטריסטיק, עסייאיסטיק, דראַמע. דאָס איז אַ טעמע פאַר באַזונדערע אַרטיקלען אָדער ביכער. ס׳איז

כדאי צו דערמאָנען, אַז זיין זעלטן־שיינער, הומאָרפולער, פאָלקסטימלעכער ראָמאַן „דאָס בוך פון גן־עדן‟, פול מיט פאָלקלאָרישן חן, געשריבן אין פּאַריז אין 1939, איז דערשינען אין איבערזעצונגען אין דייטש, האָלענדיש, העברייאיש, און (אין 1960) אין דער ענגלישער איבערזעצונג פון לעאָנאַרד וואולף, ניו־יאָרק.

* * *

אין מאָמענטן פון טיפן יאוש האָט דער דיכטער, אין זיין באַנד „ליד און באַלאַדע‟ (אין ליד „עפּיטאַף‟), זיך מיט טרויער באַצייכנט אַלס — „דער אויף תמיד פאַרשטומטער לידער־קוואַל‟. „מיין ליד איז אויס‟, האָט ער אויסגערופן אַ פאַרצווייפלטער אין זיין ליד „עפּילאָג‟. אָבער זיין „לידער־קוואַל‟ לעבט, רוישט און העלט און דערקוויקט. זיינע לידער ווערן געלייענט, דעקלאַמירט, געזונגען אין אַלע ידישע ישובים. זיין דיכטונג איז געוואָרן אַ טייל פון פאָלק.

אין זיין ליד צו ישראל האָט ער מיט ליבשאַפט געזונגען:

כ׳וועל נישט קושן דעם שטויב ווי יענער גרויסער פּאָעט,
כאָטש מיין האַרץ איז אויך פול מיט געזאַנג און געוויין.
וואָס הייסט קושן דיין שטויב? איך בין דיין שטויב,
און ווער קושט עס, איך בעט אייך, זיך אַליין?

אויך דאָרט אין ישראל, וואו ער איז געוואָרן אַ „נאסף אל עמו‟, וואו עס רוט זיין פרישער קבר, לעבט מאַנגערס וואָרט, ווי מיר וויסן דאָס פון דער בינע־שפּיל פון זיינע „מגילה־לידער‟ (פּורים־שפּיל), און פון זיין גרויסער פּאָפּולערקייט און באַליבטקייט ביים פאָלק אין ישראל.

דורך מאַנגערס ליד זינגען צו אונדז דורות ידישע פאָלקס־זינגער. דורך זיין ליד טראָגט זיך צו אונדז דאָס געזאַנג פון אונדזער גורלפולער, הרת־עולמדיקער צייט. מיר וועלן ווייטער וועבן דעם חלום פונעם ליכטיקן מאַנגערישן ליד.

(זונטאָג, אַפּריל 6, 1969)

# נתן־דוד קאָרמאַן

(געב. 1901)



נתן־דוד קאָרמאַן: „טעג און יאָרן‟ — לידער און פּאָעמעס. פאַרלאַג י. ל. פּרץ, תל־אביב, 1970. 246 זייטן. מוזיק פון וולאַדימיר חפץ צו אַ צאָל לידער.

דער דיכטער נתן־דוד קאָרמאַן איז אין משך פון די לעצטע יאָרן באַדייטנדיק געשטיגן קינסטלעריש. דערויף זאָגט־עדות זיין נייער, דריטער לידער בוך: „טעג

און יאָרן", דער בוך ווייזט, אַז דער דיכטער האָט דורכגעמאַכט אַ היפּשן מהלך פּאָרויס זינט זיינע ערשטע צוויי לידער־ביכער: „אויף אינדזלשער ערד" (האַוואַנאַ, קובאַ, 1927) און „באַרג־אַרויף" (פילאַדעלפיע, 1943).

קודם־כל מערקט זיך אַ רייכקייט און פאַרשיידנאַרטיקייט פון טעמאַטיק; אַן אויסגעברייטערטקייט פון טעמאַטישן דיאַפּאַזאָן (פאַרנעם).

דער דיכטער באַווייזט זיך פאַר אונדז אין רייפקייט, מיט אַן אייגענער פּאָעטישער האַנטשריפט. זיין נייעסטע לידער־זאַמלונג, וואָס באַשטייט פון זיבן אָפּטיילונגען, איז אַ מין פּאָעטישער טאָגבוך, אַ ספר־הזכרונות. דורך די זיבן לידער־ציקלען באַקענען מיר זיך מיטן דיכטערס לעבנס־באַשרייבונג; זעען מיר אים אין זיין גאַנג, אין זיין וואוקס און אַנטוויקלונג, אין באַזונדערע פּעריאָדן פון זיין שאַפן, אין זיין געראַנגל פאַר פּאַסיקער פאָרם, פאַר אייגענעם סטיל.

נ. ד. קאַרמאַנס דיכטערישער סימן מובהק, זיין אינדיווידועלער חותם איז — פּאַלקסטימלעכקייט, אויך אַ מין היימיש־שטעטלשע תמימות, נאַאיוויטעט. ניט תמיד דערגרייכט זיין פּאָלקסטימלעכקייט די הויכע מדרגה פון קונסט; ניט תמיד איז זי דורכגעלויכטן דורך דער לויטערער, לייכטנדיקער טיף. אָבער מערסטנס זיינען זיינע לידער עכט, אויפריכטיק, אַרויסקוואַלנדיק פון האַרצן.

שוין אין סאַמע ערשטן ליד פונעם בוך שפּירט מען דעם דרייסטן, מונטערן טאָן פון אַ פּראָלעטאַריער, אַ האָרעפּאַשניק, וועלכער שרעקט זיך ניט פאַר קיין שווערער מי, נאָר באַזינגט זיין טאָג, וואָס „גייט־אויף, געבענטשט מיט זאָרגן":

> איך פאָר אין שאַפּ אַריין אויף מיילן — כ'האָב ליב צו איילן זיך, צו איילן —
> געזעגן זיך מיט קינד און ווייב, און היטן, ווי דער זייגער טרייבט.

אָט־דער טאָן פון „מוט און פליים", דער אימפּעט און טעמפּאָ פון דער גרויס־שטאָט אין פּראַצע נעמט־דורך די גאַנצע (ערשטע) לידער־סעריע „דאָ־היי". די דאַאיקייט און די מי פון פּראָדוקציע, פון שאַפן, אָטעמט כמעט אין יעדן ליד פון אָט־דעם ציקל:

> עס זינגט די וועלט אויף אַלע שפּראַכן
> ס'ליד פון שאַפנדיקן גליק.

דער ציקל „דאָ־היי" שילדערט פּאָעטיש דעם אַרבעטערס ביטערע דאגות אין ציטן פון אַרבעטלאָזיקייט, די באַסישע עקספּלואַטאַציע אין שאַפּ, די עלנט פון נאַקעטער נויט. עס עכאָ'ט־אָפּ דאָס קול פון מאָריס ראָזענפעלד.

דער באָס מיטן פאָרמאַן קאָמאַנדעווען, בושעווען — און

> פון וויטנס וואַרפן זיך אַהער די בליקן פון אָפּערייטאָרס
> און ס'ציטערן ביי זיי, פון אויפרעגונג, די הענט.

די לידער אין „דאָ־היי" זיינען אַ געזאַנג צום „מענטש פון מי" און צו זיין געזונטן אָפּטימיזם:

> ...מיט בטחון לעב איך יעדע שעה דאָ־היי.

נ. ד. קאַרמאַן יאָגט זיך ניט נאָך קיין אָרנאַמענטן, נאָך באַפּוצונגען. ער „נעמט" דעם לייענער מיט זיין האַרציקער פּשטות. אָט, למשל, זיינס אַן אַנטי־מלחמה ליד: „דער רעגן־בויגן" — אַ שאַל־רוף פאַר שלום, אַ וואָרנונג קעגן אַטאָמישן גיהנום. טוט דער דיכטער אַ זאָג אַזוי פאָלקיש־פּשוט און ערלעך:

כ׳בעט, אַז ס׳זאָל די שעה נישט קומען —
ווייל דאָס לעבן איז אונדז טייער,
און יעדער מענטש אַ גאַנצע וועלט איז.

קאַרמאַנס ליד איז רעאַליסטיש, סאָציאַל, פון פאָלק און מיטן פאָלק. זיין שאַרף אויג כאַפּט־אויף, ווי דער שווערער אַרבעטער, דזשים דער נעגער־יונג, „שלעפּט די פּיס פאַמעלעכדיק ווי קוליעס". דעם דיכטערס אויער נעמט־אויף דזשימס שעלטן דעם באָס און שעלטן „זיין אייגענע און שווערע דאָליע". זיין מיטליידנדיק האַרץ ווייטאָקט־מיט מיטן מענטש דעם עלנטן, וואָס „האָט נישט וואו צו גיין און וואָס צו טאָן" און „וואָס לעכצט נאָך רו".

מיר דוכט זיך, איך זע מיין אייגענעם אויפגעשטראַלטן שמייכל אויפן פּנים, ווען איך לייען קאַרמאַנס באַ׳טעמ׳ט ליד: „וואַרעמע בייגל": שפּעט ביינאַכט אין אויטאָבוס אויפן וועג אַהיים צו דער אַרבעט איז „דער אַלטער בעקער, חבר טאָל" מכבד דעם דיכטער מיט פרישע, וואַרעמע בייגל, ערשט פון אויוון אַרויס — „בייגל וואַרעמע פאַר אַ יידיש ליד". איך פיל און טראַכט: די וואַרעמע בייגל — דאָס זיינען דאָך טאַקע קאַרמאַנס לידער: היימיש, „ערשט פריש געבאַקן", געשמאַק, פונעם הייס־צעגליטן אויוון פונעם דיכטער־האַרץ. די וואַרעמע בייגל זיינען דאָך די פּאַסיקסטע כאַראַקטעריסטיק פאַר קאַרמאַנס דיכטונג.

דורכאויס אויטאָביאָגראַפיש איז די לידער־סעריע „אין פּוילן". דאָ קומען מיר צום שורש, צום וויגל פונעם פילאַדעלפיער היטלמאַכער־דיכטער, וואָס זוכט אַלץ צוצופּאַסן אַ געהעריק היטל צו „קרומע קעפּ"... דאָ האָט איר פּולע, רונדע שטייגער־לעבן־בילדער פון דחקות און נויט אין פּוילישן שטעטל בימי צאַר ני־קאָלאַי. דאָס לשון — דאָס גערעדטע, טאָג־טעגלעכע לשון פון יידישן פאָלקס־מענטש, דער ריטם — אַ פליסנדיקער, נאַטירלעכער. דאָ פיגורירן דעם דיכ־טערס זיידע, בערל דער שניידער; די אָרעמע באָבע דבורה, די פעדערן־פליקע־ריןָ, מיטן „גוואַלדריס אין קלייד"; די האָרעפּאַשנע טאַטע־מאַמע; דער פורמאַן אויף דער קעלניע; לוי היטלמאַכער. אייניקע פיגורן — ממש סקולפּטורן.

אַ ליד־בילד: „דער זיידע פאָרט אויפן יאַריד". יידן שטופּן־אונטער דעם וואָגן אַרויף־צו אויפן בערגל, ס׳בייטשל פאָרט אויף די רוקנס פון די מידע סוסים. „אָט פאָרט שוין דער וואָגן און האָצקעט אויף שטיינער". אין וואָגן: צעלניק, היטלען, טעפּ:

אַזוי זיינען יידן אַוועק נאָך פּרנסה,
אַזוי ה׳מען געפאָרן צום גריצער יאַריד,
געקומען צוריק מיט אַ הייזעריק לשון —
פאַרזאָרגט און פאַרכמורעט, פאַרמאַטערט און מיד.

אַ בילד פון בידנע „יידישע פּרנסות" — היפּשלעך ווייט פון יחזקאל גאָמבי־נערס רייכע געשעפטן...

אין זכרון בלייבן שויך, ווי לעבעדיקע, דער יונג־פאַרשטאַרבענער טאַטע, וואָס „האָט די יאָרן זיינע אַריינגעבייט אין פעלצן", און די מאַמע, די אלמנה, וואָס „שטייט אין קרעמל פון אינדערפרי ביז שפּעט ביינאַכט", און שבת פירט זי אָן מיט אַ טייטש־חומש „לייען־קרייז"...

דורך קורצע, שאַרפע שטריכן מאָלט דער דיכטער ס׳בילד ווי זיין פּוילישע היימשטאָט ראַדעם גייט איבער פון האַנט צו האַנט: פון די צאַרישע קאָזאַקן צו

די דייטשע אָקופּאַנטן, דערנאָך צו די פּוילישע ענדעקעס־כוליגאַנעס, וואָס שניידן יידנס בערד. מען שלאָגט און מען לאָזט ניט וויינען.

אין קאַך און טומל פון „פּאַרטייען און פּאַרטייעלעך" פורעמט זיך די קאָרמאַן־געשטאַלט, דאַמאָלט אַ חסיד פון בער באָראָכאָוו און זרובבל; און אין דער „יוגנט־פּאַן" (קראָקע, 1922) טוט אַ גלאַנץ פּאַר זיינע אויגן זיין ערשט ליד: „זיי מוז איך געפינען" — אַ יוגנטלעכער באַגער נאָך פרייהייט, שיינקייט, לעבן.

און ווייטער ציען זיך לעבנס־קאַפּיטלעך: נתן־דוד — אין פּוילישן מיליטער; זיין „הומאָר און יום־טוב־ראָמאַנסן" אין „ראַדאָמער בלאַט" אונטער ל. מלאָכס רע־דאַקציע; דער וויסנדורשט פון דער יידישער יוגנט, דאָס „שלינגען" די ווערק פון די קלאַסיקער, פון די „נייע" — מאַרקיש, ראַוויטש, קאַציזנע. די פאַרברענטע נעכטנס ווערן פאַרשריבן ווי אין אַ פּנקס. די שפּעטערדיקע הרוגים פון טרעבלינקע און אָשוויענטשים ווערן דיכטעריש אויפגעלעבט: די סוחרים, מעקלער, נגידים, אָרעמעלייט, שוסטער, שניידער, סטאָליאַרעס, טרעגער; די בית־מדרש־יידן און די יוגנט פון די קלובן און ביבליאָטעקן. עס באַקומט זיך אַ פּען־פּאָרטרעט פון ראַדעם.

און די אָפּטיילונג „אין פּוילן" שליסט זיך מיטן טרויעריקן פינאַל:

אַלץ איז אַוועק שוין, אַלץ איז פאַרגאַנגען —
מען הערט ניששט אין ראַדעם קיין יידיש געזאַנג שוין.

בשכנות מיט דער אָפּטיילונג קומט די לידער־סעריע „פונקען אין אַש" („אין ליכטיקן אָנדענק פון מיינע דריי ברידער און דריי שוועסטער, מיט זייערע משפּחות, אומגעבראַכטע פון נאַציִשע קוילערס, בימי היטלער ימח שמו!"). די לידער אין דער סעריע זיינען, אייגנטלעך, „יאָרצייט־ליכט" נאָך די זעקס מיליאָן קדושים — „יאָרצייט־ליכט אין האַרץ און אין זכרון":

הייליק איז אַ שטויבל אַש
פון אונדזערע קדושים;
אָ, יתגדל ויתקדש,
און צינד מיט זון דעם חושך.

דעם דיכטער דוכט זיך, אַז אפילו די „וואָלקנס שטומע טראָגן דאָס אַש פון די קדושים". ליד נאָך ליד באַקלאָגט דעם מוראדיקן אומקום, דעם חורבן; ליד נאָך ליד — אָנגעזאַפּט מיט טרערן. דער דיכטער הערט דעם אָנזאָג פון די קדושים: „זיי זיינען מיר גוזר — צו לעבן און לעבן". ער טראָגט אין זיך ווייטער דעם ראַדעם־ניגון:

כ'לעב, אַז ס'לעבן זאָל פאַרמיידן נאָך אַ מאָל אַזאַ מין גזר.

פון ראַדעם האָט דעם דיכטערס לעבנסוועג געפירט אים קיין האַוואַנאַ, קובאַ. יענעם פּעריאָד דערפאַרונגען און איבערלעבונגען האָט ער אָפּגעשפּיגלט דורך ליד אין זיין זאַמלונג „אויף אינדזלשער ערד" (1927) — פון די פּריע פּרוכט פון זיין שאַפן. אייניקע לידער פון יענער זאַמלונג זיינען איינגעשלאָסן אויך אין דעם נייעם בוך. דאָס זיינען לידער פון איינהיימישן זיך, איינבירגערן זיך אין פרעמדן לאַנד, לידער פון „הונגער, אָרעמקייט און קויט".

עטוואָס קאָן מען פון די לידער פאַרזוכן דעם ביטערן טעם פונעם זוניקן און פאַרשקלאַפטן קובאַ־לאַנד פון 1926־1927, וואו דער דיכטער זינגט „אַ ליד פון אַרבעט מיט מאַזאָליעס אויף די הענט". יונג און מונטער איינדזלט זיך איין דער

דיכטער אין דעם קובאַ־אינדזל, באַהעפט זיך גייסטיק מיט קובאַס מאַרטירער.

פאַראַן אין דעם בוך גערעאַטענע לידער אויף נעגערשע מאָטיוון; לידער קעגן ראַסיזם און אַנטיסעמיטיזם. אייניקע פון קאַרמאַנס שענסטע לידער זיינען געווידמעט אונדזער מאַמע־לשון יידיש; צווישן זיי: „אונדזער יידיש", „מיין מאַמעס לייען־קרייז..." , „אַ בריוו צום זיידן מענדעלע", „שלום־עליכם אינעם ראַדעמער בית־מדרש", א. אַנד.

מיט גרויס פּיעטעט זיינען געשריבן די לידער, געווידמעט צום זיידן מענדעלע, צו ה. לייוויק, דר. חיים זשיטלאָווסקי, נחמן מייזיל, פּרץ מאַרקיש, זישע וויינפּער, אהרן קורץ, י. צ. שאַרגעל, א. אַנד.

פּרילינגדיק־ליריש איז די אָפּטיילונג „אַ סטעזשקע צו דער זון" — בטחונדיק, האָפענונגפול, מיט „חלום פון ליכטיקן מאָרגן", מיט „אַ מאָרגן, וואָס איז אייביק — אייביק בלוי".

דעם דיכטערס באַזוכן אין מדינת־ישראל האָבן אים אינספּירירט צו אַ פיינער לידער־סעריע, אויך אין פאָלקס־טאָן: „אין לאַנד פון די אָבות": דיכטערישע איינדרוקן און בילדער פון „אַ גאַסט אויף אַ וויל" וועגן נגב, רמת־אביב, שער־הגולן, חיפה, פּתח־תקווה, אשדוד, אילת, א. אַנד. לידער פון פאַרערונג און באַוואונדער פאַר די פרידלעכע, נעכטיקע און היינטיקע בויער פון ישראל, פאַר „חלוצישער מי", — לידער, באַלויכטן מיטן חלום פון שלום.

אייניקע פון די לידער כאַפּן־אויף דעם פּייזאַזש, די אַטמאָספער פון די ישובים.

באַזונדערס טרעפלעך און גערעאַטן איז דער ריטם אין ליד „אין צפת". די מאָפּע, געשיכטע און שטייגער פון צפת ווערן דאָ אַרויסגעבראַכט — דורך ריטם. אָט איז דער ערשטער פערז פונעם ליד:

שטילע געסלעך,
קרומע הייזער —
טרעפּ־אַראָפּ
און טרעפּ־אַרויף.
ס'וועט די גאולה זיך באַווייזן
דאָ אין צפת —
און אין אַ קלויז.

איבער פיל פון קאַרמאַנס לידער שוועבט אַ דינער, פיינער הומאָר, וועלכן ס'האָט נאָך בשעתו באַמערקט דער טאַלאַנטפולער שרייבער פון ראַדעם, ל. מלאך.

אין עליזאַ אָרזשעשקאָס דערציילונג „דאַי קוויאַטעק" (גיב אַ בלימל) בעט זיך דאָס קינד פון יידישער נויט, חיימל, אַן אייניקל פון אַ שמאַטע־קלייבערין, מ'זאָל אים געבן אַ בלימל. ער וויל אַ בלימל צו באַשיינען זיין אָרעם לעבן. אין אַ הומאָר־פולן ליד „גיב מיר אַ בלימל" באַגערט דער דיכטער נ. ד. קאַרמאַן, אַ זון און אייניקל פון אָרעמע יידיש־פּוילישע באַלמעלאָכעס, אַ בלימל — „אַ וואָרט פון גנאָד, ווען כ'קאָן דאָס נאָך הערן":

אַ בלימל ביים לעבן,
אויב ס'איז מיר באַשערט.
איך וויל נישט קיין בלומען
צעלייגט אויף מיין אָרון.

נ. ד. קאַרמאַן פאַרדינט בפירוש ניט נאָר „אַ בלימל", נאָר אַ בלומען־קראַנץ פאַר זיין נייעם, ווערטפולן לידער־בוך.

(זונטיק, נאָוועמבער 1, 1970)



# כאַווער־פּאַווער

(1965־1901)

פּאַריתומט געבליבן זײַנען די פּול־בלוטיקע העלדן פון כאַווער־פּאַווערס פּילצאַליקע, שיינע, רייפע, קינסטלע־רישע ווערק. פּאַריתומט געבליבן זיי־נען זײַנע „גיבורים פון דער נאַכט", „זלמן דער שוסטער", די קינדער פון אָרעמקייט און נויט פון „קלינטאָן סטריט". פּאַריתומט בלייבט זיין געבענטשטע, האָרעפּאַשנע, ערלעכע צוויבער־פּען. פּאַריתומט געבליבן זײַנען מיר, זײַנע לייענער און קאָלעגן־שרײַבער און לערערס, זײַנע נאָענטע און אייגענע. פּאַריתומט בלייבן זײַנע צוויי קינדער, זיין פרוי צירל און זיין שווער, דער 84־יאָריקער ערלעכער האָרעפּאַשניק חיים ווייינאָקור.

מיר טרייסטן זיך אָבער דערמיט, וואָס זיין גייסט בלייבט לעבן אין זײַנע שאַפונגען; וואָס זיין ספּעציפישער ניגון, דער כאַווער־פּאַווער־ניגון, באַגלייט אונדז ווייטער.

מיטן פּריצייטיקן טויט פון כאַווער־פּאַווער (גרשון איינבינדער) האָט אונדזער יידישע פּראָגרעסיווע ליטעראַטור געליטן אַ שווערן פאַרלוסט. ער איז פאַר איר באמת געוועזן אַן אוצר. זײַנע העכער 20 ווערק — דערציילונגען, ראָמאַנען, דראַ־מען, בינע־שפּילן, קינדער־מעשהלעך, אויטאָביאָגראַפיעס — זײַנען אַן עשירות פאַר אונדזער ליטעראַטור.

אָנהויבנדיק פון זײַנע צוויי בענד קינדער־מעשהלעך (1925), דערנאָך פון זיין קינדער־ראָמאַן „פון יענער זייט טייך" (1930), ביז צו זײַנע אויטאָביאָגראַפישע ווערק „גרשון מאיר דעם בלינדנס" (1958) און „גרשון אין אַמעריקע" (1963) איז כאַווער־פּאַווער כסדר געשטיגן, — פון בוך צו בוך געשטיגן אין קינסטלערישער דערגרייכונג.

זײַנע אייגענע לעבנס־דערפאַרונגען, זײַנע שאַרפע באַאָבאַכטונגען, זײַנע קענ־טעניש פון לעבן און מענטשן, האָט ער, דער זון פון דער בערשאַדער יידישער אָרעמשאַפט, פאַרוואַנדלט אין ליטעראַטור, אין וואָרט־קונסט. זײַנע ווערק אָטע־מען, שפּרודלען מיט לעבן, מיט גרעאַנגל פאַרן לעבן. אין זײַנע ווערק — שטי־קער אַמעריקע, שטיקער פון אונדזער אייגן לעבן.

ער איז געגאַנגען אין זיין שאַפן „בעד החיים אל החיים" — פאַר דעם לעבן צום לעבן. מיט גרויס דורשט האָט ער הויפּנוויז געשעפּט פון רויען לעבן, כדי דאָס איבערצופורעמען, איבערגעשטאַלטיקן אין רעאַליסטישע בילדער, שילדערונ־גען, פּען־מאָלערייען, דערציילונגען, דראַמען.

ער האָט אונדז, די לייענער, געפאַנגען מיט זיין היימישקייט, תמימות און פשטות, מיט זיין רייזינישער נאַטירלעכקייט, מיט זיין דינעם, האַרציקן הומאָר, מיט זיין שאַרף־אַנטוויקלטן חוש פאַר רעאַליזם, פאַר דעם טאָג־טעגלעכן וואָכעדיקן לעבן.

דער לייענער, דער פֿאָלקס־מענטש, האָט אין אים באַלד דערשפּירט דעם גרויסן בעל־רחמים, דעם מענטשן־פֿריינט, דעם הומאַניסט.

איבער אַלע זיינע ווערק שוועבט זיין נשמהדיקע וואַרעמקייט, זיין ליבשאַפֿט צום מיט־מענטשן, דער עיקר טאָקע צו אַלע ליידנדיקע, באַליידיקטע, אונטער־דריקטע. זיינע בילדער און באַשרייבונגען — עדות און דאָקומענטן פֿון אונדזער ברוינזנדיקער, היסטאָרישער צייט.

ער איז געגאַנגען אין חדר, אין ליטעראַרישן חדר, צו די גרויסע אָבֿות פֿון אונדזער ליטעראַטור און צו אייניקע פֿון זייערע ווירדיקע נאָכפֿאָלגער. אָבער אין משך פֿון זיינע העכער פֿערציק שעפֿערישע יאָרן האָט ער, מיט מי און התמדה, אויסגעהאָמערט אַן אייגנאַרטיקן, כאַווער־פּאַווערישן נוסח און סטיל, — אַ נוסח, וואָס ציט זיך פֿון שלום־עליכמען מיט זיין פֿאָלקסטימלעכקייט; אַ סטיל, וואָס איז פֿריש און לויטער און וואָס ווירקט מיט זיין עכטקייט, מיט זיין נאָענטקייט צום ברודער־מענטש.

דער שרייב־מאַניר אין כאַווער־פּאַווערס דערציילונגען, ראָמאַנען, באַשרייבונגען, דראַמע־שפּילן, מעשהלעך און גערימט־בילדער פֿאַרכאַפּט ממש מיט זיין אייגנעם, אָריגינעלן, פֿליסנדיקן ריטם, מיט זיין מוזיקאַלישקייט — דער בערשאַדער ניגון, מיט זיין זאַפֿטיק, קאָלירפֿול מאַמע־לשון, וואָס איז רייך אין אידיאָמאַטיק, אין שפּראַך־ניואַנסן און וואָרט־פֿאַרבן, רייך אין בילדלעכקייט. דאָס איז די שפּראַך, וואָס ציט איר יניקה און קראַפֿט פֿון דורותדיקן פּאָדאָליער יידיש, טיף־פֿאַרוואָרצלט אין מאַמע־ערד פֿון דער אוקראַינע.

דערצו זיינען פּאַווערס ווערק תמיד רייך אין סיפּור־המעשה, אין פֿאַבולע, אין האַנדלונג, אין אַנטוויקלונג פֿון כאַראַקטער און סיטואַציע, — אין שטענדיקער באַוועגלעכקייט. און די האַנדלונגען גייען ריטמיש־האַסטיק, ווי אויפֿן פֿילם־עקראַן — צי זיי קומען־פֿאָר אויף דער איסט־סאַיד, אין בראָנזוויל, אָדער אין לאָס־אַנדזשעלעס — און דורך די רייד און די מעשׂים פֿון די כאַראַקטערן זעען מיר זיי אַלץ קלאָרער און בולטער, אין זייער פֿיזישער געשטאַלט, אין זייער גייסטיקער אַנטוויקלונג. און דורך זיי, די העלדן־יחידים, זעען מיר אַ ברייטע סאָציאַלע פּאַנאָראַמע, דעם לעבן־שטייגער, די סאָציאַלע סבֿיבֿה מיט אירע פּראָבלעמען און געראַנגלען.

אַזוי ציט זיך דאָס לעבן, ווי פּאַווער האָט עס געזען און ערלעך געשילדערט, אין זיינע ראָמאַנען: „בראָנזוויל" („מאָרגן־פֿרייהייט", 1930), „קלינטאָן סטריט" (1937), „די צען לאַנדסלייט" (1942), „לעבנס אויף דער וואָגשאָל" (1944), „וואָוויק" (1947), „גיבורים פֿון דער נאַכט" (1950), „זלמן דער שוסטער" (1955), זיינע אויטאָביאָגראַפֿישע און אַנדערע ווערק.

מיר ריידן לעצטנס אַ סך וועגן המשכדיקייט. פּאַווערס ווערק קאָנען דינען ווי אַ מוסטער און אילוסטראַציע פֿון ציען ווייטער דעם גאָלדענעם פֿאָדעם פֿון אונדזער וואונדערלעכער הומאַניסטישער יידישער ליטעראַטור, פֿון איבערנעמען דאָס שענסטע און בעסטע פֿון אונדזער קולטור־ירושהדיקייט.

איך לייענט „גרשון אין אַמעריקע" און איך שפּירט: ס'איז ניט בלויז גרשון אין אַמעריקע — נאָר ס'איז בערשאַד אין אַמעריקע, ס'איז פּאָדאָליע אין אַמעריקע, ס'איז פּאָדאָליער־יידישער נוסח. גרשון איינבינדער (כאַווער־פּאַווער) האָט אין אַמעריקע תמיד מיט זיך מיטגעטראָגן בערשאַד: דאָס הייסט — ניט נאָר די

שטעטלשע געשיכטע און געשטאַלטן, נאָר דאָס וואָרצלדיקע, תּוכיקע, קערנדיקע אין דורותדיקן פּאָדאָליער יידיש, די גייסטיקע ירושה פון דורות פּאָדאָליער יידישע יידן. הינטער אים זיינען געשטאַנען דורות גוטע פּאָדאָליער יידישע שרייבער און לערער, יודעי־ספר און בני־תּורה, למדנים און דענקער, און זיי האָבן זיך פּאַר אים געמיט, און ער האָט פון זיי געלערנט, פּונקט ווי ער האָט געלערנט פון אַלע גרויסע שאַפער פון אונדזער ליטעראַטור.

פּאַווער האָט אין זיינע ווערק דערגרייכט האַרמאָניע אָדער המשך: בערשאַד און בראַנזוויל, די אַלטע היים און די נייע היים, אוקראַינע — און ניו־יאָרק אָדער קאַליפאָרניע.

זיינע ווערק, חלום און וואָר, פאַנטאַזיע און ווירקלעכקייט, זיינען ניט מאָמענטאַל. זיי האָבן אַ דויערהאַפטן ווערט. אָט נעמט זיין „קלינטאָן סטריט", וואָס איז מיט יאָרן צוריק דראַמאַטיזירט געוואָרן דורך דעם דיכטער ל. מילער און אויפגעפירט געוואָרן דורכן „אַרטעף".

לויטן מוסטער פון די בעסטע אַמעריקאַנער־ענגלישע פּראָזע־שרייבער און די אַמעריקאַנער־יידישע רעאַליסטן־ראָמאַניסטן פונעם אָנהויב פון 20סטן יאָרהונדערט, האָט פּאַווער, מיט אַ פיינעם חוש פאַר קאָנסטרוקציע, אויפגעבויט אַ באמת־שפּאַנענדיקן סאָציאַלן ראָמאַן — אַ ברייט בילד פון דער יידישער איסט־סאַידער אימיגראַנטישער אָרעמשאַפט, מיט דער טראַגעדיע, וואָס באַגלייט דעם דלות.

די בילדער פון שווערער, גרויער, ביטערער נויט, פון דער גאַס, האָט אָבער דער מחבר, אַ מחבר מיט אַ פּראָגרעסיוון גייסט, „פאַרלייכטערט" פאַרן לייענער, באַשטראַלנדיק דעם חושך פון אָרעמקייט מיט פאַסן ליכט פון מענטשלעכקייט, מיט וואַרעמע שטראַלן פון מענטשלעכער שיינקייט און ליבע.

אָט־דער דרך ביי פּאַווערן איז אַ מין המשך פון דער הערלעכער טראַדיציע ביי מענדעלען (אין זיין „פישקע דער קרומער") אָדער ביי וויקטאָר הוגאָ (אין זיין „הויקער פון נאָטער־דאַם") — אַ כוונה צו ווייזן ניט בלויז טרויער, נאָר אויך די שיין פון פרייד און דערהויבונג, און זוך דעם: ניט אַ צושטאַנד אָן אַן אויסוועג, נאָר בפירוש: האָפענונג, בטחון, באַזירט אויף קאַמף פאַר אַ בעסערן לעבן.

פּאַווערס מידת־הרחמים שיינט־אַרויס ממש פון זיין בוך „לעבנס אויף דער וואָגשאָל", ווי בכלל פון זיינע געריכט־בילדער. מיט טיפער פאַרשטענדעניש שילדערט ער די קרבנות פון אַן אומגערעכטער סיסטעם.

אין זיין „גיבורים פון דער נאַכט" זעען מיר, ווי דער מחבר כאַווער־פּאַווער איז דורכגעגליט מיט טיפער ליבשאַפט צו די גיבורים פון מוט און גייסט, די אַנטי־נאַצי־קעמפער, די יידישע פּאַרטיזאַנען אין פוילן — די קעמפער קעגן די שונאים און תּלינים פון פאָלק, קעגן די שענדער פון לעבן. ער באַזינגט יידישע גבורה, יידישע קדושה.

פּאַווערס קינדער־מעשיות, זיינע צוויי „לאַבזיק"־ביכלעך (1935 און 1937), ווי זיינע קינדער־שפּילן, פינקלען מיט פּאַווערשן ספּעציפישן חן, מיט עכטער שפּילעוודיקייט, מיט לשון וואָס איז נאַטירלעך און צוגעפּאַסט פאַר קינדער — פאַר זייער וועלט און פּסיכאָלאָגיע. אַ גרויס קינד רעדט מיט קלענערע ברידערלעך און שוועסטערלעך, שפּילט זיך מיט זיי, פאַרווײַלט זיי, דערציילט זיי מעשהלעך. זיי ווערן ניט מיד זיך צוצוהערן צו אים. זיי פילן: ער איז איינער פון זיי, אַן אייגענער, אַ שטיק פון זייער לעבן. ער איז מיט זיי — כאַווער־פּאַווער (אין פּאַ־

דאָליער־בעסאַראַביער יידיש: גוט־ברודער).

פֿאַוועד האָט געקאָנט אָפּמאָלן מיט אַלע פּיטשעווקעס פּנימער פֿון מענטשן און פּנימער פֿון גאַסן — אומעטיקע און פֿריידיקע, וואַרעמע און קאַלטע, גרויע און קאָלירפֿולע, זוניקע און וואָלקנדיקע. זיין צייכענען די כאַראַקטערן איז אַזוי שאַרף און אַזוי ראַיעל, אַז אייניקע פֿון זיי קומען אַרויס ווי לעבעדיקע פֿון די בלעטער פֿון זיינע ביכער.

כמעט אַלץ אין לעבן איז פֿאַר אים אַ טעמע; און אַלץ, וואָס ער שרייבט, רירט אונדז אָן, איז אונדז נוגע, אינטערעסירט אונדז, רופֿט זיך אָפּ אין אונדז, אין די לייענער. רופֿט־אַרויס אַ נאָכקלאַנג. עס בלייבט ניט קיין קול קורא במדבר. און דאָס אַליין איז דער בעסטער סימן פֿון אַן אמתן שריפֿטשטעלער.

אַ מייסטער־מאָלער פֿון מענטשן־פּאָרטרעטן, האָט פֿאַוועד אויך געהאַט אַ שאַרפֿן קינסטלערישן חוש פֿאַר רעפּראָדוצירן דורך וואָרט — קלאַנגען, רויכן, ריחות, זאַפֿטן, קאָלירן, קלאַסן־קאָנפֿליקטן. אָט־דער חוש ווערט ביי אים פֿאַרבונדן מיט זיין פּסיכאָלאָגישן כוח אַריינצובליקן טיף אין מענטשלעכע נשמות, אין זייערע מחשבות און געפֿילן. אָט איז איין קליינער מוסטער, ווי דער „גרינער" גרשון נעמט־אויף דעם געברום און גערודער פֿון ניו־יאָרק ביי זיין ערשטן אָנקומען אין אונדזער מעטראָפּאָליע:

„ס'האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויף אים אַ ריזיקע פֿאַנטאַסטישע שטאָט מיט אַ גוואַלדיקן רעש, מיט אַ גוואַלדיקן קנאַקן, מיט אַ בריאַזגן, מיט אַ ברומען, מיט אַ קאָכן. ס'קאָכט, ס'דונערט. און אויף די גאַסן — מען לויפֿט, מען יאָגט, ווי פֿון אַ שריפֿה, מענטשן, פֿערד־און־וועגענער, טראַמווייען און לאַנגע באַנען איבער די דעכער".

ס'אַראַ ליריש געמעל פֿאַוועד געפֿינט פֿאַר דער יידישער אָרעמשאַפֿט אין זיין „קלינטאָן סטריט":

„ס'איז אַ זומער־פֿאַרנאַכט. אויף די דעכער זיצן יידן פֿון אוקראַינע, פּוילן, רומעניע און גאַליציע, יידן פֿון גאַר דער וועלט, און האָבן אַ קאַפּעלע הנאה פֿון פֿאַרדעכטיקטע ווינטלעך. די פֿאַרדעכטיקטע ווינטלעך קומען ניט פֿון גרינע פֿעל־דער, ניט פֿון קילע ימען. זיי קומען פֿון פֿאַרעיפּושטן איסט ריווער. הייסע און טוכלע ווינטלעך. אָבער די לופֿט־כאַפּער קוויקן זיך: מילא, לאָז זיין אַזאַ ווינ־טעלע, אַבי ס'בלאָזט".

מיט איין קורצן שטריך פֿון זיין פֿען־פּענזל גיט אונדז פֿאַוועד אַ בילד פֿונעם שאַפּ, וואו זיין שוועסטער רחל האָט פֿאַרלוירן איר יוגנקייט און שיינקייט:

„...און די בליענדיקע גאָלדענע הויט פֿון איר פּנים איז טאָקע אין זעלביקן שאַפּ אויפֿגעגעסן געוואָרן פֿון ווינציק לופֿט און פֿון די טשאַדנדיקע ריחות פֿון די פּרעסלעך; און אירע אויגן זיינען קורצזיכטיק געוואָרן, ווייל אפֿילו בייטאָג ברענען דאָרט לעמפּלעך, אָבער שטאַרק ליכטיק ווערט נישט פֿון דעם".

אָדער הערט אַזאַ צאַרטן, קורצן און טיפֿזיניקן זאָג וועגן זיין שוועסטער: „אַן עלטער מיידל מיט אַזויפֿיל מאַמע אין זיך".

אַ שרייבער, אַ כסדר־שטייגנדיקער, מיט וואַכע חושים, איז פֿאַוועד באַלד אין אָנהויב פֿון זיין ליטעראַרישער קאַריערע געקומען צו דער „פֿרייהייט"־„מאָרגן־פֿרייהייט" און מיט איר פֿאַרבונדן זיך אויפֿן גאַנצן לעבן; אין דער „מאָרגן־פֿרייהייט" געדרוקט כמעט אַלע זיינע ווערק (אייניקע פֿון זיי — נאָך ניט אין

בוך־פאָרם). און ביי דער „מאָרגן־פרייהייט" האָט ער געלערנט אידעאָלאָגיע, גע־לערנט צו באַרייכערן זיין פּאָליטישן וויסן, געלערנט ווי צו באַהעפטן זיין טאַ־לאַנט מיטן פאָלק, מיטן לעבעדיקן לעבן. זיין פאַרבינדונג מיט דער „מאָרגן־פרייהייט", זיין וואַקסן ווי אַ שרייבער, דאָס וואַקסן פון זיין דור — אַ דור בויער פון אַ ניי לעבן — האָט ער וואונדערלעך און פשטותדיק געשילדערט אין „גרשון אין אַמעריקע".

קלאָר, בילדלעך, מיט טענער וואַרעמע און צאַרטע, אינטים־חבריש, האָט ער דורך זיינע צוויי אויטאָביאָגראַפישע ווערק געשילדערט פאַר אונדז גרשונס לאַנגן, שווערן וואַנדערוועג, וואָס האָט זיך געצויגן פון דער בערשאַדער טאָרהאָ־וויצע־גאַס, דורך לערעריי אין בעסאַראַביע און אָדעס, דורך לערעריי און כלערליי שווערע מלאכות און ביטערע געראַנגלען פאַר עקזיסטענץ אין דעם „גאָלדעם לאַנד" — ביז צו אַ חשוב, געזיכערט, כשר־פאַרדינט אָרט אין אונדזער גרויסער, ליב־האַרציקער, וואונדערלעך־צעבליטער יידישער ליטעראַטור.

אויף זיין אייגנאַרטיקן אופן האָט אָט־דער וויכטיקער סאָציאַלער וואָרט־קינסט־לער נאָך מיט יאָרן צוריק געפירט אַ מלחמה קעגן אָרעמקייט. אָט ווי פאַאווער, אַ טרוימער אַ רעאַליסט, האָט פאַרענדיקט זיין ראָמאַן „קלינטאָן סטריט" (1937):

„אינמיטן דער איסט־סאַיד וועט מען אויסלייגן אַין גרויסן וואַלד מיט טייכ־לעך, מיט וועלדלעך, מיט גערטנער, מיט בלומען־פעלדער, מיט מוזייען, מיט פאַ־לאַצן פון רו און שפּיל, קינדערלעך אין די צענדליקער טויזנטער וועלן אַרומ־לויפן אין די גרינע גערטענער. מאַמעס פריידיקע און לויכטנדיקע, טאַטעס שמייכ־לענדיקע און זאָרגלאָזע, וועלן זיצן נאָך דער אַרבעט אין גרויסער רו אויף די בענק. איבער אַלע אַלייען — אַ יוגנט, וואָס וועט פאַרהילכן אַלע בוימער".

אָט אַזוי שיין און הערלעך האָט געטרוימט כאַווער־פּאַווער, איינער פון אונ־דזערע טאַלאַנטפולסטע שרייבער.

גרשון מאיר דעם בלינדנס, דער זון פון דער בערשאַדער אָרעמשאַפט, האָט נאָך זיך איבערגעלאָזט אַ רייכע ליטעראַרישע ירושה. מיר וועלן זי האַלטן טייער און הערלעך. מיר וועלן זי ברענגען צום פאָלק. ער האָט זיך אויפגעבויט אַ היים —אין האַרצן פון פאָלק.

(הערע ביים כאַווער־פּאַווער אָנדענק־מיטינג, פעברואַר 11, 1965)
(„זאַמלונגען", נומער 33, 1965)



# בעלאַ גאָלדווירט

(געב. 1905)



בעלאַ גאָלדווירטס נייער פּראָזע־בוך, „איבער גרענעצן", וואָס באַשטייט פון פערצן דערציילונגען און איין נאָוועלע, איז בפירוש אַ וויכטיק, ווערטפול ווערק — אַ קינסטלעריש־היפשער שפּאַן ווייטער פון אירע פריערדיקע צוויי בעלעט־ריסטישע ווערק: „נייע טעג (1949) און „אין דער פרעמד" (1954).

קודם זאָל געזאָגט ווערן צו איר לויב: זי האָט תמיד צו דערציילן אַ מעשה. אין יעדער דערציילונג אירער איז פאַראַן אַ קאָנקרעטע, ממשותדיקע טעמע, אַ פאַרכאַפּנדיקער סיפור־המעשה, אַ פאַבולע.

איר צוגאַנג איז אַ דירעקטער, אוממיטלבאַרער, מיט פשטות, אָן פליטערלעך, אָן אומנויטיקע באַפּוצונגען. איר טאָן — אַ וואַרעמער, אַן אויפריכטיקער. איבער אַלע דערציילונגען שפּירט מען דעם צאַרטן פרויענלעכן באַריר: אַ מאַמעדיקע באַ־ציאונג צו די פּאָזיטיווע כאַראַקטערן.

פאַראַן תמיד אין אירע דערציילונגען אַ וואָס מיט אַ ווי אַזוי: ניט נאָר אַ סו־זשעט, נאָר אויך אַן אייגענער אופן פון דערציילן, אַן אייגענער פשוטער, היימישער סטיל, אַן אייגענער דערצייל־מאַניר. דער מאַניר איז אַ שמועסאַרטיקער, „כדבר איש אל רעהו".

אַלץ אין די דערציילונגען איז איר אייגנס, אייגנאַרטיקס.

דער וואָס קומט ביי איר דירעקט פון לעבן, פון דער רעאַלער טאָג־טעגלעכ־קייט, פון אייגענע איבערלעבונגען, שטימונגען, דערפאַרונגען, באַאָבאַכטונגען, באַ־געגענישן, אַריינטראַכטונגען, רייזעס איבער לענדער. צוליב וואָס אויסטראַכטן, אַז דאָס לעבן אַליין פאַרמאָגט אין זיך אַזוי פיל נאָך־ניט־דערציילטע מעשיות, וואָס בעטן זיך ממש מען זאָל זיי דערציילן; אַז עס זיינען דאָ אַזוי פיל טעמעס, וואָס זוכן דעם פּאַסיקן דערציילער? אויך איר באַדייטנדיקע קולטור־געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט אין איקוף, אין די לייען־קרייזן, אין שרייבער־פאַראיין זיינען אַ קוואַל פון טעמאַטיק.

דער ווי אַזוי איז אויך אירער אַן אייגענער: אַביסל „געלערנט פון חדר" — געגאַנגען אין חדר צו גוטע יידישע שרייבער — מען מעג זיך אויף זיי פאַרלאָזן. געלערנט זיך ביי די קלאַסיקער — ביי רעב מענדעלען, ביי פּרצן און שלום־עליכמען, ביי די שפּעטערדיקע יידישע שרייבער־דורות, און ביי די היינטיקע. אויך די „מאָרגן־פרייהייט", „יידישע קולטור" און „זאַמלונגען" זיינען גאַנץ נישקשהדיקע לערערס. אָבער דער עיקר: געלערנט האָט זי זיך ביים פאָלק, ביים לעבן. אַ גאַנץ פיין חדר!

באַקומט זיך טאַקע אין איר בוך אַ זאַפטיק, קערנדיק, באַטעמט מאַמע־לשון, דאָס אַליין האָט דאָך די ווערט כל ה׳געלטער. דאָס איז אַ לשון, וואָס שמעקט מיט פוילן־לאַנד און האָט צומאָל דעם טעם פון „יענגעלקעס״ (פעלד־באַרנעלעך). כ׳לעבן, ס׳איז כדאי צו פאַרזוכן!...

ווער זיינען די מחותנים און הויפּט־מחותנים אין די דערציילונגען אין „איבער גרענעצן״? פאַרשטייט זיך, אַז „עמך״ (אַמכאַ), היימישע מענטשן — היימישע, אָבער ניט תמיד היימלעכע. פיל פון זיי — אויסגעוואָרצלטע, היימלאָזע. איר כאַפּט שוין דעם מיין: דאָס זיינען קרבנות פון היטלעריזם, האַלאָוועשקעס אַרויסגעראַטעוועטע פונעם נאַצי־גיהנום, פון די גאַז־קאַמערן און קאַלכאויוונס. אודים מוצלים מאש, שרידים ופליטים, יידן פון אָשוויענטשים און טרעבלינקע.

אויף אייך קוקן אויגן, פול מיט טיפן אומעט — אויגן, וואָס האָבן טאָג־טעגלעך געזען אומקום, געזען די פייער־פלאַמען, וואָס האָבן אויסגעלאָשן די לעבנס פון זייערע משפחות, פון מיליאָנען יידן.

אַזעלכע צערפולע בליקן טרעפט איר אין די רירנדיקע דערציילונגען „אַ שטילע חתונה״, „דאָס קעסטל״, „מאַרישאַ״, א. אַנד.

איר טרעפט דאָ כלערליי יידן. צווישן זיי אויך אַנטי־פאַשיסטישע העלדן, קעמפער, גיבורים, ווי לעאָן, סאַלע, דעבאַ אין דער נאָוועלע „איבער גרענעצן״, אָדער דער בחור־פאַרטיזאַן, יאָסל (פון „אַ שטילע חתונה״), וואָס צו 9 יאָר האָט ער שוין געגעבן אַ נאַגאַן קעגן די נאַצישע רוצחים. מיט זייער אייגענעם לעבן און מוסטער וואַרפן זיי אָפּ די ווילדע, וויסטע בלבולים (פון די האַגאַנאַ אַרענדס און די ראַול היל־בערגס), אַז יידן זיינען כלומרשט געגאַנגען צום אומקום ווי שעפסן צו דער שחיטה. אָט־די שטילע פאָלקס־העלדן זיינען לעבעדיקע עדות פון שרעקלעכן יידישן חורבן און אויך פון יידישער דערהויבנדיקער גבורה.

די שרייבערין פרואווט זיי באַנעמען, פאַרשטיין, אַריינדרינגען אין זייער פסיכיק. זי איז ערלעך מיט אירע מענטשן; זי גיט זיי איר טיפסטע סימפּאַטיע. זי זעט און ווייזט זיי ווי מענטשן. זיי זיינען ניט קיין שאָטנס, ניט קיין פּראָדוקטן פון פאַנטאַזיע, נאָר לעבעדיקע בשר־ודמס, לעבן־געבליבענע פון אַזעלכע גיהנומס, וואָס אפילו דאַנטע האָט זיך ניט געקאָנט פאָרשטעלן.

אָט נעמט, למשל, דעם דאַרן, אויסגעצערטן חתן־בחור יאָסל סטאָליער פון דער דערציילונג „אַ שטילע חתונה״, וואָס שפּילט זיך אָפּ אין אַ דערפל אין ישראל. אָט־דער וואַלד־פאַרטיזאַן אין קאַמף קעגן די נאַציס ווערט נאָך עד־היום געפּייניקט דורך די קאָשמאַרן פון די שוידער־יאָרן. אויך די כלה — „אַ קיילעכדיקע יתומה, אַ דערשלאָגענע פון דער וויסטער היטלער־מלחמה״. די מחותנים אויך — פאַר־יתומטע.. קיין קלעזמער. אַ שטילע טרויעריקע חתונה אין אַ רונדיקן יידישן הויף אונטער בוימער. און דאָך ענדיקט זיך די זייער פיינע דערציילונג מיט אַ נאַטקע פון אמונה און בטחון. די מיט־שותפים צו דער שטילער חתונה זיינען אויך אַזעלכע געהויבענע מחותנים, ווי „די שטערן אויפן טיפן בלויען הימל״ און די בוימער מיט די פרוכטן. פונעם טיפן צער וואַקסט אַרויס שמחה. „פון דעם יונגן פּאָרל שטראַלט־אַרויס אַ טיפע פרייד — די פרייד, וואָס זיי זיינען אַרויס מיטן לעבן פון דעם גרויסן חורבן, כדי זיי זאָלן וויטער וועבן, פאַרזעצן דאָס לעבן פונעם יידישן פאָלק, צו באַשאַפן נייע דורות אין אַ פרידלעכער וועלט״.

דער פינאַל איז אַ טיף־יידישער, טיף־מענטשלעכער, בטחונדיקער, לעבנפולער.

ניט נאָר מענטשן מיט געזונטן אָפּטימיזם טרעפט איר אין דעם בוך. פאַראַן דאָ אַ סך עכטע בילדער פון עלנט, איינזאַמקייט, פּיין און צער, בילדער פון מענטשן מיט אומהיילבאַרע נשמה־וואונדן. אָט־די דריקנדיקע מרה־שחורה האָבן די מענטשן מיט־גענומען מיט זיך פון די גיהנומס. דאָס זיינען מענטשן אויסגעבענקטע נאָך אַ טראָפּן פרייד, נאָך אַ שטראַל פון מענטשלעכער פריינטשאַפט.

אין די מערסטע דערציילונגען שפּירט מען דער שרייבערינס טיפן ווייטאָק אויפן גרויסן יידישן חורבן, אויפן נאַצישן אומברענגען פון 6 מיליאָן יידן, צווישן זיי די יידן פון פּוילן, איר געבורטלאַנד. גלייכצייטיק גייט־אויף פאַר איר — און פאַר דעם לייענער, — דאָס ליכט פון עקשנותדיקן ניי־לעבן און ווידער־אויפבוי פונעם קליינעם ענערגישן מוסטערהאַפטן יידישן ישוב אין דעם נייעם פּוילן (אין דער דערציילונג „אַ פאַרדינטער מעדאַל").

איר לייענט און איר דערהערט: שטילע, בלוטנדיקע, צעוואונדיקטע טריט פון קוים־מיטן־לעבן געראַטעוועטע. אויף פיל בלעטלעך פונעם בוך הויערט דער מלחמה־שווידער, דער גרויל פון יידישן אומקום. שוין אין דער סאַמע ערשטער, טיף־פאַר־טראַכטער דערציילונג „מאַרישאַ" קומט דער אַמעריקאַנער אימיגראַנטישער ייד אייזיק ווײַנשטיין צוריק צו זיין געבורטשטאָט אין פּוילן און טרעפט „אַ שטאָט, וואָס איז אויסגעהוילט פון יידן". פאַר זיינע אויגן שוועבן בלויז די שאָטנס פון יידן.

דאָס איז אַ דערציילונג, וואָס קריצט זיך איין אין זכרון. ווי דורך אַ נס טרעפט אייזיק אַ לעבעדיקע זיין שוועסטערס טאָכטער מאַרישאַ. אַ פּוילישע פאַמיליע גול־קאָווסקאָ האָט זי געראַטעוועט און באַשיצט פון די נאַצישע חיות. מאַרישאַ איז איצט פאַרהייראַט צו פּרוי גולקאָווסקאָס זון, וולאַדעק. זיי האָבן זיך ליב. סאַראַ אומבאַשרייבלעכער מאָמענט, ווען דער יידישער פעטער פון אַמעריקע באַגעגנט זיך מיט זיין פאַרפּוילישטער פּלימעניצע מאַרישאַ. „ביידע האָבן אין דעם מאָמענט פאַר־לוירן דאָס לשון. זיי זיינען געוואָרן פאַראייניקט אין דעם צער פון אומקום". דער פעטער האָט מיט זיך מיטגעבראַכט פאָטאָ־בילדער פון איר אומגעבראַכטער משפּחה. „די בילדער האָבן אויפגעריסן אירע וואונדן. פאַר אירע אויגן האָבן געשוועבט די פאַרפּייניקטע לעבנס".

מאַרישאַ קומט מיט איר קינד אויף אַ באַזוך צו אירע אייגענע אין אַמעריקע. זיי פּרובירן באַווירקן זי צו בלייבן דאָ אין לאַנד. די דערציילונג הויבט־אויף אַ פּראָבלעם: צי זאָל מאַרישאַ בלייבן מיט איר שטאָם אָדער זאָל זי זיך צוריקקערן צו איר מאַן, בלייבן געטריי איר מאַראַלישער פליכט, איר געוויסן, איר ליבע, אירע רעטער. זי פאָרט צוריק צו איר מאַן און שוויגער קיין פּוילן. זי פאַרזיכערט אָבער: „וואָס שייך מיין שטאַם, קאָנט איר זיין זיכער, אַז איך וועל אים תמיד טראָגן אין מיין האַרצן וואו איך וועל זיין".

דאָס איז אַ דערציילונג צום נאָכטראַכטן און דיסקוטירן.

גאָר אַ שטאַרקן איינדרוק מאַכט די דערציילונג „דאָס קעסטל". די שרייבערין ווייזט דאָ אַרויס טיפע פאַרשטענדעניש פאַר יידישער צוגעבונדנקייט צו היימישער טראַדיציע. דער עלנטער, אַלטער לייזער־משה, אַ דורך־נסים־געראַטעוועטער פון נאַצישע נעגל, אַ פאַראיינזאַמטער נאָכן אומקום פון זיין פּרוי און קינדער, קומט צו זיין ברודער אין אַמעריקע. ווי אַ הייליקייט ברענגט ער מיט זיך: אַ קעסטל מיט זיין מאַמעס אַלט איווועלע און זיין טאַטנס מגילת אסתר. ער האָט זיי אָפּגעהיט ווי דאָס אויג אין קאָפּ. אַ זכר לחורבן! און דאָס קעסטל „שטייט אַזוי אין הויז, ווי

אַ דענקמאָל נאָך די ליבע, נאָענטע מענטשן, אַ הייליקע געדעכעניש פון די אומגעקו־מענע אין דעם היטלער־חורבן".

אין דער דערציילונג „אַ פאַרדינטער מעדאַל" העלט־אויף פאַר אונדז די ליכטיקע געשטאַלט פון אַ יידישן העלדישן אַנטי־נאַצי קעמפער שאַרל שייפער, אַ זון פון אַ בעקער אין בריסעל, בעלגיע. דערהויבנדיק איז דער מאָמענט, ווען ער ווערט באַערט דורך דער בעלגישער מלוכה מיט אַ מעדאַל פאַר זיין העלדישקייט.

די גרעסטע און וויכטיקסטע דערציילונג אינעם בוך, פאַקטיש אַ זעלבשטענדיקע נאָוועלע פון קנאַפע 100 זייטן אין דעם בוך פון 271 זייטן, „איבער גרענעצן", איז אַ פאַרכאַפּנדיקע פּאַנאָראַמע פון קלאַסן־קאַמף אין פּוילן אין די ערשטע 1930ער יאָרן, און פון אַנטי־פאַשיסטישן קאַמף אין בעלגיע. דאָ האָט איר אַ ברייטע שילדע־רונג פון אַ ווייניק־באַקאַנטן ווינקל אין יידישן לעבן איידער און נאָך היטלערס קומען צו דער מאַכט: די לעבנס־באַדינגונגען פון יידישע אַרבעטער און קליין־הענדלער אין בעלגיע, די געראַנגלען פון יידישע פּאָליטיש־פאַרפאָלגטע עמיגראַנטן, לעגאַלע און „אומלעגאַלע" אין בריסעל. דאָ האָט איר הערלעכע קאַפּיטלען פון זייער העל־דישן קאַמף קעגן דעם היטלערישן באַרבאַריזם, קאַפּיטלען וועגן זייער הילף צו פּליכט־לינגען פון היטלעריסטישן טעראָר, קאַפּיטלען פון ברייט־פאַרצווייגטער פּאָליטישער און קולטור־געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט אונטער אויסערסט־שווערע באַדינגונגען אין בעלגיע. אינצווישן זיינען איינגעפלאָכטן אויך בילדער פונעם שאַרפן עקאָנאָ־מישן קריזיס אין אַמעריקע אין 1930, בילדער פונעם ניו־יאָרקער אַרבעט־מאַרק, פון פאַרשמאַכטע און פאַרחושכטע אַרבעטלאָזע.

אין צענטער פון דער נאָוועלע שטייען די פיין־און שאַרף־געצייכנטע פיגורן פו־נעם אַרבעטער־פירער לעאָן שוסטער און צאַלע. ביידע — העלדישע פּראָלעטאַרישע, אַנטי־פאַשיסטישע קעמפער. דורך דער נאָוועלע — זייערע ליידן און פריידן. לעאָנס לעבן און קאַמף פירט צו זיין העראָאישן אומקום אין די שלאַכטן קעגן די פראַנקאָ־פאַשיסטן אין שפּאַניע.

איינגעוועבט אין די ראַמען פון יענעם פעריאָד פון קאַמף פאַר לעבן און ווירדע איז אַ גאַנצע גאַלעריי פון פאַרבנרייכע פיגורן, צווישן זיי: די שיינע, הערלעכע גע־שטאַלטן פון יצחק און צביה, קעמפער פאַר יושר; די אַרבעטער־טוער הערשקע, דעבאָ, יוריק, דער לערער גליק, דער בעלגישער העלד פּיער; די טשעכן: איליאַ, דער שטיינהאַקער סטעפאַן, מאַריאַ גרושיק, א. אַנד.

טשיקאַווע איז, אַז ביי די יידישע פרייהייט־קעמפער, וואָס זיינען געצוואונגען געווען צו אַנטלויפן פונעם האַלב־פאַשיסטישן פּוילן, בלייבט די פּוילישע ערד איינ־געבאַקן אין האַרצן, „היימיש, אייגן, נאָענט, ליב און טייער".

דאָס איז אַ בוך פון בענקשאַפטן, ליבעס, אַנטוישונגען, אַ בוך מיט אַ רייכער גאַמע פון געפילן ביי די כאַראַקטערן: אומעט, זאָרג פאַר זקנה, אייפערזוכט, שולד־געפיל, און תמיד: נייע, וואַקסנדיקע האָפענונגען און געראַנגל פאַרן לעבן.

פאַראַן אַ סך אויטאָביאָגראַפישעס אין דעם בוך. אין אַ צאָל דערציילונגען ווערט גענוצט דער מעטאָד פון אַרויסרופן און אויפמישן בענקשאַפט־שאַפנדיקע זכרונות, נאָסטאַלגישע דערינערונגען, יוגנט־דערמאָנונגען פון די העלדן. צומאָל זיינען דאָס דער אויטאָרינס אייגענע זכרונות, פאַרצייכענונגען פון אירע פריע יאָרן.

די אויטאָרין ווייזט־אַרויס אַ גוואַלדיקע ליבשאַפט צו נאַטור־שיינקייטן, צו אַלץ וואָס שפּראָצט, בליט, וואַקסט, ברענגט פרוכט. ס'איז דעריבער נאַטירלעך, אַז צווישן

די „כאַראַקטערן" פון די דערציילונגען זיינען דאָ אויך: דער הימל, די זון, די לבֿנה, די שטערן, ווינטן, וואַסערן, וועלדלעך, בוימער, גראָזן, די נאַטור־געמעלן, וואָס זיינען עכט און אָרגאַניש פאַרוועבט אין די דערציילונגען, ברענגען אָפּט אַ דערקוויקונג דעם לייענער. זיי בעטן זיך, מ׳זאָל זיי לייענען און ווידער לייענען. אָט הערט:

„די זון האָט שוין אַראָפּגענידערט צום סאַמע ראַנד פון דער ערד; זיך געגרייט צו איר נאַכטלעגער. מיט די לעצטע, אָפּגעקילטע, אָבער נאָך אַלץ שאַרפע שטראַלן האָט זי באַגלייט דעם שנעל־לויפנדיקן אויטאָ.

„...דער אָרום האָט אָנגעהויבן טונקלען, דער הימל איז בלויער און העכער געוואָרן.

„...די שטערן אויפן טיף־בלויען הימל האָבן מיט פּראַכט שימערירנדיק אַראָפּגעקוקט".

אָדער זעט אַ געמיש פון האַרבסט־פאַרבן (אין דער דערציילונג „אויפדאַסניי"):

„יעדן טאָג קריגן די ביימער אַן אַנדער קאָליר; זיי ווערן באַצירט מיט נייע פאַרבן. איינציקע בלעטער זיינען געל ווי מערן און אָראַנזש־קאָליר. שפּעטער ווערן זיי ווי ציגל. אונטערן בליאַסק פון דער זון זעען זיי אויס ווי גלאַנציקער מעש. אַן אַנדערש מאָל ווערן זיי ווי קופּער, ווי בוראַק, אָדער פייערדיק־רויט".

אונדזער שרייבערין האָט אויך אַ וואַכן חוש פאַר ריחות. אָט איז אירס אַ בילד פון האַרבסט־ריחות: „די לופט שמעקט מיט האַרבסט, מיט אַלערליי ריחות פון רייפע פּרוכטן, אויסגעמישט מיט ריחות פון אויסגעטריקנטע בלעטער און מיט צעגראָבענער ערד". פון פיל דערציילונגען טראָגן זיך ריחות פון צעאַקערטער רויערד, פון די פיר יאָר־סעזאָנען, פון פעלד און וואַלד, שטאָט און שטעטל.

איינער פון די הערשנדיקע געפילן אין די מערסטע דערציילונגען איז דאָס געפיל פון בענקשאַפט פון די העלדן נאָך דער אַלטער היים, נאָכן קליינעם שטעטל. אָבער ס׳איז מער ווי דאָס. דאָס איז אויך די נאַטירלעכע בענקשאַפט פון יעדן בשר־ודם נאָך זיין יוגנט, נאָך זיין קינדהייט, נאָך די „אויפגייענדיקע שפּראָצונגען" אין זיין אייגן לעבן. אַ בענקשאַפט נאָך די יאָרן, וואָס וועלן שוין צוריק ניט קומען.

ביז גאָר פּאַסיק איז דער נאָמען פונעם בוך: „איבער גרענעצן". יאָ, מען גנבֿעט גרענעצן, מען אַנטלויפט איבער גרענעצן, מען ראַטעוועט זיך מיטן לעבן איבער גרענעצן.

ס׳איז אַ וועלט מיט גרענעצן. מען דאַרף זיי זען און פאַרשטיין פיזיש און סימבאָליש.

דאָס זיינען גרענעצן צווישן לענדער, פעלקער, ראַסן, רעליגיעס, מענטשן. די צענטראַלע אידייע אין דעם בוך איז: אַ סוף צו גרענעצן! אַריבער איבער די גרענעצן! אָפּשאַפן די מחיצות צווישן מענטש און מענטש, צווישן פאָלק און פאָלק, דערנענטערן ברודער צו ברודער! לאָמיר שוין האָבן אַ וועלט פון פעלקער־פריינטשאַפט!

מיט איר נייסטן בוך האָט בעלאַ גאָלדווירט פאַרצייכנט שרייבערישן פאָרשריט. די יידישע פאָלקס־טאָכטער, וואָס איז געוואָרן אַ שרייבערין ביי יידן פאַרדינט אונדזער וואַרעמע אָנערקענונג און דערמוטיקונג. זאָל זי קיינמאָל ניט אויפהערן לערנען זיך, פאַרטיפן זיך אַלץ מער אין דער קאָמפּליצירטקייט פון וועלט, לעבן, מענטשן; תמיד געדענקען די שטרענגע פאָדערונגען פון אונדזערע גרויסע ליטעראַרישע מייסטערס.

(„יידישע קולטור", מערץ, 1967)

# חיים סלאָוועס

(געב. 1904)



„צען ברידער זיינען מיר געוועזן״... דראַמע אין דריי אַקטן, פון ח. סלאָוועס. פאַרלאַג „אויפסניי״, פּאַריז, 1965. 133 זייטן. הילע געצייכנט: אַרטור קאַלניק.

די נייע דראַמע „צען ברידער זיינען מיר געוועזן״... פון חיים סלאָוועס (פּאַריז) איז מער ווי נאָך אַ קינסטלערישע דערגרייכונג פונעם טאַלאַנטפולן, שעפעריש דראַמאַטורג. דאָס איז אויך אַן אייגנאַרטיקער, ווירדיקער ליטעראַריש־דראַמאַטישער דענקמאָל נאָך די קדושים וטהורים, העלדישע קעמפער, גיבורים־מאַרטירער, קרבנות פון באַרבאַרישן היטלעריזם. דאָס איז אַ רירנדיקער דראַמאַטורגישער דאָקומענט, געווידמעט דעם העראָאישן קאַמף פון די אַנטי־נאַצישע אויפשטענדלער אין דער וואַרשעווער געטאָ אין 1943.

סלאָוועסעס „צען ברידער״ איז אַ דראַמע־טראַגעדיע אין פולן זין פון וואָרט — אין קלאַסישן זין פון אָט־דעם באַגריף. דאָס ווערק, פּאָעטיש־פילאָסאָפיש אין באַנעם, טיף־יידיש און טיף־הומאַניסטיש אין גייסט און תוך, קאָנסטרואירט לויט אַלע כללים פון אַ דראַמע, פאַרמאָגט אַלע גויטיקע עלעמענטן פון די מוסטערן פון דער אַלטער גריכישע טראַגעדיע. די גרונט־פראַגן וועגן דעם גורל פון מענטשן: געבורט, לעבן, טויט, קאַמף, ליבע און האַס, פראַגן פון גורל און פון פערזענלעכער אחריות, פון היינט און פון מאָרגן, — מעכטיקער געראַנגל,ליידן, טרויער, פּאַטאָס, לאַמענטאַציע, זיג און באַזיגטקייט.

מיר דוכט, אַז חיים סלאָוועס, איינער פון די אַקטיווסטע, שעפערישסטע יידישע דראַמאַטורגן פון אונדזער צייט, האָט אין זיין איצטיקער, נייער דראַמע באַוויזן צו באַהערשן און באַמייסטערן די קאָמפּליצירטע קונסט־פאָרם פון דראַמע נאָך מער, בעסער, ווירקזאַמער, ווי אין זיינע פריערדיקע פינף דראַמאַטישע שאַפונגען: „נקמה־נעמער״ (1947), „המנס מפּלה״ (1949), „די יונהס און דער וואַלפיש״ (1953), „ברוך פון אַמסטערדאַם״ (1956) און „די מלחמה פון גאָט״ (1963).

די דראַמע „צען ברידער זיינען מיר געוועזן״... איז צום ערשטן מאָל אויפגעפירט געוואָרן אין פּאַריז, דעם 24טן אַפּריל 1964, אין טעאַטער „סטודיאָ דע שאַנז־עליזעי״, אונטערן טיטל „מיט אַ געהויבענעם קאָפּ״, אין דער פראַנצויזישער באַאַרבעטונג פונעם מחבר (און אונטער דער רעזשי פון זשאַק מיניאַ).

אַ שאָד, אַ שאָד, וואָס מיר האָבן די אויפפירונג פון דער דראַמע אויף דער בינע

ניט געזען. זי איז אַזוי סצעניש, אַזוי בינע־מעסיק, אַז זי בעט זיך ממש אויפגע־פירט צו ווערן. אָבער איר טעאַטער־קראַפט דערשפּירט מען אויך פון לייענען די־דאָזיקע דראַמע. איר עפעקט, איר ווירקונג אויפן לייענער איז קרעפטיק, שטורמיש. זי פאַרכאַפּט און באַוועלטיקט דעם לייענער שוין באַלד ביים אַנהויב אין דעם ערשטן אַקט. די שפּאַנונג וואַקסט און שטייגט פון אַקט צו אַקט. עס האַנדלט זיך דאָך דאָ וועגן דער מוראדיקסטער טראַגעדיע פון אונדזער עפּאָכע; וועגן דעם אומברענגען פון זעקס מיליאָן לעבעדיקע וועזנס, יידן, דורך די נאַציִשע חיות־רעות און וועגן דעם סאַמע העלדישסטן קאַמף אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט: די עפּאָפּייע פון די מאָדערנע חשמונאים־מאַקאַביער: די אַנטיילנעמער אין דעם העראָאישן אויפשטאַנד אין דער וואַרשעווער געטאָ.

די באַזע פון סלאָוועסעס נייער דראַמע, די הויפּט־טעמע פון זיין פּאָעטיש־דראַמאַטיש, יידיש־אוניווערסאַל, טיף־מענטשלעך, קינסטלעריש־דויערהאַפט ווערק איז דאָך, ווי ער אַליין דערקלערט אין זיין פאָרוואָרט — „דער דערשיטערנדיקער אויסגעשריי פון געטאָ־אויפשטאַנד".

סלאָוועסעס אָנרעגנדיקע, אויפרודערנדיקע דראַמע שפּילט זיך אָפּ אויף די חורבות פון דער וואַרשעווער געטאָ אין די סאַמע לעצטע שעה'ן פונעם העלדישן אויפשטאַנד קעגן די נאַצי־טמאים. איר גרונט־מאָטיוו איז און בלייבט: די באַזיגטע זיינען אויך די זיגער. דער אָנדענק פון די העלדן־קעמפער — אַ קליין הייפל יידן קעגן אַ מעכטיקער שטאַרק־באַוואָפנטער נאַצי־אַרמיי — וועט לויכטן לדור־דורות אין דער געשיכטע פון מענטשלעכן קאַמף און פּראָגרעס. דער לעצטער אויסגעשריי פון די לעצטע קעמפער אין די לעצטע שעה'ן פונעם העלדישן, אומפאַרגעסלעכן, אומפאַרגלייכלעכן, רומפולן קאַמף צווישן די געטאָ־רואינען איז געווען באַגלייט, ניט מיט יאוש, נאָר מיט בטחון, מיט גלויבן אין דעם ענדגילטיקן זיג פון בן־אָדם איבער חיה. ווי דריקט זיך אויס דער מחבר צום סוף פון זיין פאָרוואָרט: „דאָס לעצטע, טראַגישע געזאַנג פון געטאָ־אויפשטאַנד איז געווען לויטער אמונה: גלויבן אין מענטש, אין פאָלק און אין וועלט".

די האַנדלונג אין דער דראַמע האַלט־אָן צוויי מיט אַ האַלב שעה, „פון פיר ביי־נאַכט ביז האַלב זיבן באַגינען, זינגען־אויס עטלעכע לעצטע געטאָ־קעמפער, עטלעכע לעצטע געטאָ־יידן זייער לעצט געזאַנג, יעדער מיט זיין ניגון. עס רופן זיך איבער און פלעכטן זיך דורך די מאָטיוון פון אידל־מיטן־פידל, פון איוב און שיר־השירים, מיטן געהילך פון קוילנוואַרפער און אויפרייס־קנאַל פון גראַנאַטן".

סאַראַ איבערפלעכט פון מאָטיוון! איוב, שיר־השירים, אידל־מיטן־פידל פירן אַ בלוט־פאַרגליווערנדיקן דיאַלאָג אין מדבר פון טויט, בלוט, אַש, שטיינער און ביינער!

די ניין כאַראַקטערן — תנחום, ערשטער ייד, צווייטער ייד, דוד, עוואַ, שמעון, הערש, מלכה, יעקב — בלוט־און־פלייש פון לעבעדיקער, דערהויבנדיקער דראַמע, אין שיין פון דער טויט־געשטאַלט, וואָס שפּאַנט „צווישן חורבות אומצאָליקע, פאַרביי בערג מיט מתים".

סאַראַ ברוויזנדיקע, פרילינגדיקע, לעבן־און ליבע־דורשטיקע יוגנטלעכקייט אין די שטורמישע פלאַם־פייערדיקע הערצער פון די יונגע מסירת־נפשדיקע געטאָ־קעמפער: שמעון, זיין כלה עוואַ און דוד.

שוין באַלד פון די ערשטע סצענעס ווערט דער לייענער אַריינגעצויגן אין דער

מעכטיקער טראַגעדיע: „בישטאָ מער קיין גאָט! בלויז מדבר!" און זי, די געשטאַלט פון טויט, „שפּרייזט איבער קעלערס און היילן אויפגעריסענע, איבער בונקערס אויפגעבראָכענע, אויף אַ גאַנצער אונטערערדישער שטאָט, אַ צעוואַלגערטער און חרובער, ווי נאָך אַן ערדציטערניש!"

די לעצטע געטאָ־קעמפער לייגן ניט אַוועק זייער געווער. זיי הענגען־אויס אויפן שפּיץ פון אַ חורבה־וואַנט, צווישן די חורבות, אַ פאָן — די פאָן פון דויערנדיקן אַנטי־נאַצי ווידערשטאַנד — די פאָן — „פאַר אונדזער און אייער פרייהייט!". מיט זייער בלוט באַצאָלן זיי פאַרן כבוד און פאַר דער פרייהייט פונעם פאָלק. דער לייענער דערזעט, דערהערט, דערשפּירט באַשיינפּערלעך: „דאָס מענטשלעכע איבערשטייגט זיך אָן אויפהער און דערהויבט זיך כסדר צום איבערמענטשלעכן".

איר דערהערט — לעצטן געשריי פון צום־אומקום־פאַרמשפּטע, און לעצטן געזאַנג, פרילינג־געזאַנג, נצחון־געזאַנג פון אמתע העלדן, וואָס זיינען זיך מקריב־נפש פאַר דער ווירדע פון זייער פאָלק. קדושה און גבורה גייען־אויף פאַר אייערע אויגן. דער אויטאָר האָט זיך צוגערירט צו אַן ענין פון פלאַם־פייער — און איז אַרויס גאַנץ, חלילה ניט ניזוק געוואָרן, נאָר האָט באַוויזן טיף־מענטשלעכע גבורה אין פייער־פלאַם פון זעקס מיליאָן טויטן.

אַ געוועב פון מאָטיוון: די טראַגישע, האַלב־מיסטישע, האַלב־שאָטנדיקע תנחום־פיגור (דער ייד, וואָס איז נעבעך אַרונטער פון זין — פון גרויסע צרות) רעדט בלשון איוב — ער איז „איוב פונעם לאַנד געטאָ!" ער איז — „דער לעצטער פון די צען ברידער!" ער איז דער מקונן אויפן חורבן: „צען ברידער זיינען מיר געווען... בין איך געבליבן איינער". ער קלאָגט — און האָפט: ער האָפט אויף תחית־המתים. ער מאָנט „גערעכטיקייט פאַר די, וואָס וועלן אויפשטיין פון גרוב". ער בעט זיך ביי די געציילטע עטלעכע לעבן־געבליבענע געטאָ־יידן — „יידן־יידן, פאַרוואָס ווילט איר ניט שטאַרבן". ער באַטראַכט זיך ווי „דער היטער פון די שוועלן". ער בעט זיך, ניט צו פאַרהאַלטן די גאולה, אויסשטאַרבן וואָס־גיכער — כדי צו ברענגען צו תחית־המתים...

איובס טענות צו גאָט און וועלט פלעכטן זיך איבער מיטן לעבנס־געזאַנג, וואָס גייט־אויף פון די בלוט־אָדערן פון די פלאַטערנדיקע, צאַפּלדיקע, שיר־השירים הערצער פון דוד, עווא (חוהלע) און שמעון — דער אָנפירנדיקער „קאָמענדאַנט" פונעם קאַמף־דריילינג — פון די דריי שרעקלאָזע קעמפער.

אָבער דאָס לעצטע געזאַנג קומט ניט נאָר פון די דריי פאָלקס־געטרייע העלדישע יוגנטלעכע. ווי זאָגט דער מחבר: פון די עטלעכע לעצטע געטאָ־יידן זינגט „יעדער מיט זיין ניגון". מיט זיין ניגון זינגט אויך דער אַלטער, פרומער יעקב, שמעונס זיידע. אָט־דער אַלטער תמימותדיקער, גלוביקער, טיף־רעליגיעזער ייד גאַרט צו ווערן אַ „נושא־כלים" ביי די היינטיקע, יונגע, גבורהדיקע אַנטי־נאַצי־קעמפער. ער טייטשט דעם „לא תרצח!" אויף — תרצח! ווען עס האַנדלט זיך וועגן דעם קאַמף קעגן די נאַצישע רוצחים.

מיט איר ניגון זינגט אויך שמעונס פרומע, ביז משוגעת־פאַרצווייפלטע, איבערגעשראָקענע מוטער, מלכה, וועלכע לאָזט זיך אין לעצטן מאָמענט לויפן מיט גראַנאַטן אין די הענט קעגן דער אַרומרינגלונג פון די שטאַרק־באַוואָפנטע נאַצי־טרופּן. מיט זיין ניגון זינגט אויך שמעונס פאָטער, הערש, וועלכער האַלט, אַז פאַר אַ יידן צו בלייבן לעבן איז אויך אַ פאָרם און מעטאָד פון קאַמף און נקמה קעגן דעם

שונא פון דער מענטשהייט. זיין העלדישער, קעמפערישער זון שמעון לערנט אים דעם העכערן, העכסטן אמת: די פילאָסאָפיע פון קאַמף פאַרן כבוד פון פאָלק; דעם געדאַנק, אַז וויכטיק איז ניט דער „מי לחיים" (ווער צום לעבן) — נאָר דער ווי אַזוי — צום לעבן.

איבער אַלע געשרייען און געזאַנגען, איבער די חורבות, בערג מיט אַש און ציגל, שטייגט דער בטחונדיקער קאַמפס־רוף פון שמעונען: „מיר וועלן זיך דורכ־רייסן! [דורך דעם אייזערנעם רינג פון די נאַצי־בעסטיעס]. אומעטום איז אונדזער אָרט איז אור־מעטום, וואו ס'גייט אָן דער קאַמף! אומעטום וואו ס'איז פאַראַן אַ שלאַכט־פעלד! זייט־ביי־זייט, האַנט־ביי־האַנט מיט אַלע די, וואָס שלאָגן זיך קעגן שונא!"

זיין רוף באַפליגלט מיט פרישן מוט, מיט גבורהדיקער אַנטשלאָסנקייט דעם שיר־השירים־זינגענדיקן, מיט־לעבן שפרודלדיקן דוד, און די יונגע עוואַ (חוה), וועלכע איז אַליין אַ פאַרקערפּערונג פון שירה.

אין זיינע „נאָטיצן־ביכער" האָט זיך דער טאַלאַנטפולער אַמעריקאַנער שרייבער פרענסיס סקאָט פיטצזשעראַלד (1896־1940) געהאַט אויסגעדריקט: „ווייזט מיר אַ העלד און איך וועל אייך אָנשרייבן אַ טראַגעדיע". דר. חיים סלאָוועס, דראַמאַ־טורג און קולטור־בויער, האָט אַליין דערזען די העלדן פון אונדזער צייט, די הייב־טיקע פראָמעטייען — ליכט־ברענגער פאַר די צוקונפטיקע דורות, די העראָאישע קעמפער צווישן די חורבות פון דער וואַרשע־געטאָ. ער האָט זיי פאַר אונדז אַנט־פלעקט אין זייער דראַמע, אין ליכט פון זייער היסטאָרישן אמת; ער האָט געשאַפן אַ טראַגעדיע פון בדמיך חיי — אין דיין בלוט זאָלסטו לעבן. זיין טראַגעדיע שליסט זיך מיטן ניגון פון לעבן און האָפענונג, מיטן מאָטיוו פון פרילינג: „...און בלו־מען וועלן זיך באַווייזן אין לאַנד, און די צייט פון געזאַנג וועט קומען!".

(זונטיק, אַפּריל 17, 1966)



# דוד סעלצער

(געב. 1904)

דוד סעלצער: „געזאַנגען פאַר שלום און פרייד" (געזאַמלטע צייט־לידער פון פיר דעקאַדעס), מיט אַן אַריינפיר־אָפּשאַצונג פון אברהם ביק, פאַרלאַג „וואַלדהיים", ניו־יאָרק, 1964. 192 זייטן. מיט אילוסטראַציעס.

וואָס שטעלט מיט זיך פאָר דער נייער בוך, „געזאַנגען פאַר שלום און פרייד", פונעם דיכטער און דערציילער דוד סעלצער? וואָס איז די באַדייטונג פונעם

לידער־בוך פאַרן דיכטער און פאַרן לייענער?

קודם־כל, קאָן מען פעסטשטעלן, אַז דער בוך ווייזט אונדז דעם דיכטער אין וואָקסן, אין פּאָעטישן שטייגן. ווי דער מחבר דערקלערט אין זיין פאָרוואָרט, איז אַרום אַ העלפט פון די לידער אין אָט־דעם בוך שוין פריער געווען פאַרעפנטלעכט אין פאַרשיידענע צייטשריפטן און דערנאָך אין זיינע 3 לידער־ביכער: „בעסאַראַבער לידער", 1937, „בראָנזווילער געזאַנג", 1942, און „די אויסגעבענקטע שעה", 1947. די איצטיקע זאַמלונג איז אין זיך כולל דעם דיכטערס לידער, געשאַפן אין משך פון די לעצטע פערציק יאָר, אָנהויבנדיק מיט זיינע ערשטע פאַרעפנטלעכטע לידער אין 1924.

אַזוי אַרום איז דוד סעלצערס נייער בוך אַ מין אָפּקלייב און דיכטערישער שפּיגל פון זיין שאַפן אין פאַרלויף פון פיר יאָרצענדליקער.

דוד סעלצער, אַ זון פון אָרעמע יידישע באַלמעלאָכעס (שניידער) פון סאָראָקי, בעסאַראַביע, איז דורכאויס אַ פּראָגרעסיווער שרייבער. זיין אידעאָלאָגיע לייגט אַ חותם אויף אַלע זיינע שריפטן.

זיין נייע לידער־זאַמלונג איז איינגעטיילט אין צען סעריעס. בקיצור, קאָן מען די לידער, לויט דער טעמאַטיק, איינטיילן אין לידער פון קינדהייט און יוגנט, בעסאַראַביע, אַמעריקע, בראָנזוויל ווי אַ באַשטימט ווינקל אין דעם דיכטערס לעבן און טעטיקייט, אַרבעט און קאַמף, שלום־לידער, נאַטור־לידער (איינגעשלאָסן „וואַלדהיים"), קינדער־לידער, און איבערדיכטונגען פון לידער פון אַנדערע פעלקער.

דער אויטאָביאָגראַפישער טייל פונעם בוך איז אין אַ געוויסן זין אַ המשך אָדער אַ פּאָעטישע ווערסיע פון זיין פּראָזע־בוך, „בילדער און געשטאַלטן פון סאָראָקי", 1961. אין זכרונות־לידער ברענגט אונדז ווידער דער דיכטער זיין בעסאַראַביער געבורט־שטאָט סאָראָקי, זיינע האָרעפּאַשנע טאַטע־מאַמע, זיינע פעטערס, זיין גאַנצע משפחה.

דער דיכטער האָט מיטגעבראַכט מיט זיך, אין זיך, זיין בעסאַראַביער היים, און טראָגט זי אַרום אויך צווישן די ניו־יאָרקער הימלקראַצערס. אין זיינע לידער פליסט גאַנץ רחבותדיק דער טייך פון זיין קינדהייט, דער דניעסטער, וואָס „אַזש פון שנייאיקע קאַרפּאַטן טראָגט ער שטורעמדיקן גרוס פון בונטן". דער דניעסטער שטראָמט ביי אים אויך אין בראָנזוויל און אין מאַנהעטן און פאַרברידערט זיך שפּעטער מיטן ברייט־שטראָמיקן מיסיסיפּי.

אָט־די לידער פונעם דיכטערס יינגל־יאָרן, די לידער פון דער פּרעכטיקער בעסאַראַביע, מאַכן אַ שטאַרקן איינדרוק ניט בלויז צוליב די געפילן פון היימישקייט, וואַרעמער אינטימקייט, מיט וועלכער זיי זיינען דורכגעדרונגען, נאָר אויך צוליב זייערע טעמאַטישע און אידייאישע מאָטיוון. דאָס זיינען אויך לידער פון מי און פּראַצע, פון שניידערשע אָמכאָדיקע שער־און־אייזן. דאָס זיינען געזאַנגען און קורצע לידער־בילדער פון ערלעכע שטעמלשע יידישע האָרעפּאַשניקעס: שניידער, שוסטער, קאַמאַשן־שטעפּער, שמידן, סטעלמאַכער.

דערצו נאָך זיינען אָט־די בעסאַראַביע־מאָטיוון איינגעהילט אין דעם צויבער פון ראָמאַנטיק, פון רעוואָלוציאָנערער לעגענדע, פון פאָלקס־מעשה וועגן דעם גרויסן העלד קאָטאָווסקי און אַנדערע פאָלקס־העלדן און גבורים, וואָס האָבן זיך מוסר־נפש געווען פאַר באַפרייען בעסאַראַביע פון אונטערן יאָך פון אויסלענ־

דישע פאַרכאַפּער, רומענישע פּריצים און באָיאַרן.

אין וואָס באַשטייט דער הויפּט־כּוח פון סעלצערס דיכטונג? דער ענטפער איז: אין איר פאָלקסטימלעכקייט, אין איר פאָלקס־טאָן, אין איר פאָלקלאָרישער אייגנשאַפט. אומעטום, אין די אַלע לידער, וואו אָט־דער עלעמענט קומט צום אויס־דרוק, איז פאַראַן דער חן פון תמימות, פרישקייט און עכטקייט, וואָס איז כאַראַק־טעריסטיש פאַר פאָלקסטימלעכער פּאָעזיע, וועלכע שטייט נאָענט צו די אייביקע, לויטערע, אומאויסשעפּלעכע קוואַלן פון פאָלקס־שאַפן.

מען וואָלט געקאָנט ברענגען פיל ביישפּילן, מוסטערן, ציטאַטן פונעם דיכטערס לידער צו אילוסטרירן אָט־דעם געדאַנק. אָט זוי, למשל, דער דיכטער פאַרענדיקט זיין ליד: „טרייסט“:

נו, וויין נישט, מיין ליבע, ניט וויין,
ס'וועט אויפשטיין אַ דור פון בונטאַרן
עס בליצט שוין די לופט מיט געפאַרן,
מיט זון אין די אויגן און ציין.
דורך שטורעם וועט וואונדער געשען —

אָדער נעמט, למשל, אַזאַ פערז פון זיין בעסאַראַביע־ליד „טשובאַן“:

איך וויל מיט די אויגן דערגרונטעווען
דעם טיפן און פינצטערן ים.
אונטער האַרצן ביי מיר דאָרט צעבונטעווען
דעם זון פון דעם שיינעם טשובאַן.

און דאָ קומען מיר צו אַ הויפּט־עלעמענט, וואָס איז דירעקט פאַרבונדן מיט פאָלקס־דיכטונג און וואַקסט פון איר אַרויס. מיר רעדן דאָ וועגן ריטמישקייט, זינגעוודיקייט, נגינה, וואָס פליסן נאַטירלעך און אוממיטלבאַר פון פאָלקסטימלע־כער פּאָעזיע.

דער גרויסער פּאָעטישער מעשה־דערציילער, נחמן בראַצלאַווער, האָט זיך אויסגעדריקט: „נגינה איז די נשמה פון דער וועלט, פון גאַנצן אוניווערז“. מיט אָט־דער נגינה, מיט נאַטירלעכער מוזיקאַלישקייט, איז דער דיכטער סעלצער גע־קעומען צו אונדזער ליטעראַטור מיט פערציק יאָר צוריק, שוין אפילו אין זיינע ערשטע, פריע, רויע לידער. ער איז געקומען מיט אַן אייגענעם ניגון, מיטן ריטם פון דער היימישער שניידערישער ביי־מאַשין, מיטן ריטם פון דניעסטער, מיט „זמירות פון קאַמף“.

זיין סאָציאַלע ראָמאַנטיק איז דורכגענומען מיט „טרויער פון דלות“, מיט קאַמף־מאָטיוון, מיט בונטאַרישקייט. זיין אויג און אויער זיינען אָנגעשפּיצט צו סאָציאַלע עוולות, צו דער נויט און די ליידן פון אָרעמע און אונטערדריקטע. זיין פּערזענ־לעכע ליריק גיסט זיך אָפט צוזאַמען מיט סאָציאַלער ליריק.

אַן אָנגעזעען אָרט אין דעם בוך פאַרנעמען די צאָרן־און פּראָטעסט־לידער, לידער פון מוטערקייט, טרייסט, בטחון און גלויבן. די מערסטע לידער אין דער אָפּטיילונג „אין לאַנד פון מי“ זיינען געזאַנגען פון און צו אַרבעט, לידער פון שטאָל און אייזן, פון דער האָרעפּאַשנער גרויסשטאָט, אויך פון אַרבעטלאָזיקייט, נויט און הונגער.

אין זיין ליד „שטאָל און אייזן“ זאָגט דער דיכטער:

בראָנזענע לייבער אין שווייסיקן גלימער
הונגערן־אויס פון מעטאַל אַ געזאַנג.

אויך די לידער־סעריע „בראָנזוויל" באַשטייט פון געזאַנגען צו און פון די יידישע האַרעפּאַשניקעס, אַרבעטער, באַלעמלאָכעס פון בראָנזוויל. פּירנדיק דעם לייענער דורך „די גאַסן בראַנזווילער, פאַרהאָרעוועט, פאַרשמייעט", זינגט דער דיכטער זיין ליד צום נייעם, יונגן, פּראָגרעסיוון, אמת־זוכנדיקן, פּראָלעטאַרישן יידישן דור פון די צוואַנציקער און דרייסיקער יאָרן, — אַ דור, פון וועלכן ער איז אַליין אַ טייל.

דאָס איז דער דור, וואָס איז געקומען קיין אַמעריקע מיטן יידישן אימיגראַנטן־שטראָם נאָך די פּעטליורע־און דעניקין־פּאָגראָמען אין רוסלאַנד, אַ דור, וואָס איז געווען באַהויכט מיט רעוואָלוציאָנערע אידייען, — „אַ דור, וואָס האָט פאַרלוירן די מורא". אין זיינע בראָנזוויל־לידער האָט דער דיכטער באַזונגען יענע געגנט פון יידישער פּראַצע און נויט, און האָט אונדז געגעבן קורצע לידער־פּאָרטרעטן פון לעבעדיקע יידישע יוגנטלעכע האָרעפּאַשניקעס: פייגל, יאָסל, גרשון, בושקע, איטקע. מיט אַ שפּילעוודיקייט פון סטיל, אין לידער פון אַ לייכטן זשאַנר, האָט ער אויך געשילדערט ווי אַ ליבע, אַ יוגנטלעכע ליבע, ווערט געוועבט אין דער בראָנזוויל־מדינה:

> עס זאָגט דאָס האַרץ מיר, ברודער,
> כ'האָב מיין ליבע היינט באַגעגנט.

אגב, האָט אָט־די לידער־סעריע אַ אידייאישע קרובהשאַפט מיט כאַווער־פּאַווערס נייעם בוך: „גרשון אין אַמעריקע", וואו בראָנזוויל שפּילט אַ גרויסע ראָל.

די בלאָסקייט און אָרעמקייט פונעם דיכטערס אימאַזש און מעטאַפאָר ווערט אויסגעקויפט דורך זייך ריטם — פּאַראַן שוואונג, אימפּעט אין זיין ליד, אָפּטמאָל אפילו ברען, פייער. ווי זאָגט דער דיכטער: „אין דאָינעס צעבלעזלטע שטילע איז אומרו און פייער פאַראַן".

די זינגעוודיקע, מחיהדיקע, חנעוודיקע בעסאַראַביער דאָיגעס און פּאַרביאַלעס קריגן אַ קינסטלערישן תיקון, אַ געשמאַקן יידישן טעם אין סעלצערס דיכטונג־איבערדיכטונג:

> דער סטעפּ טוט אַ הירזש מיט פערד און מיט פייער,
> נאָר וואַסערלעך בלעזלען מיט וואָלכעשן טרויער.

די נאַטור איז פאַרן דיכטער אַ וועלט פון מוזיק, פון געזאַנג, פון שירה און שיר־השירים, — אַ וועלט פול מיט נגינה. אָט־דער וועלט האָט ער געווידמעט אייניקע פון זיינע פיינסטע לידער.

אין לעצטן סך־הכל זיינען סעלצערס לידער אַ געזאַנג צו מענטש, צו דעם „מענטשנס זיין", און צו פאַרברידערונג פון מענטשן און פעלקער. דער שילדערער פון פּאָעטיש־רעאַליסטישע בילדער פון מענטשן, טיפן, פּאַסירונגען, טראָגט־אַריין טענער און מאָטיוון פון ברידערלעכקייט צווישן יידישע און ניט־יידישע מענטשן פון מי אין דער „אַלטער היים" און דאָ אין לאַנד.

אויך אין אייניקע פון זיינע שלום־לידער, לידער פון חורבן און יידישער גבורה, איז דעם דיכטער געלונגען אַריינברענגען זינגעוודיקייט, פאָלקס־טאָן.

אין משך פון די לעצטע יאָרן, בעת און נאָך זיין באַזוך אין מדינת ישראל, האָט דער דיכטער געשאַפן אַ סעריע ישראל־לידער. אָט־די לידער צייכענען־אָן אַ נייע, העכערע מדרגה אין זיין דיכטערישן גאַנג. אין אָט־די לידער קומט צום

אויסדרוק דעם דיכטערס דרך־ארץ און טיפע פאַרערונג פאַרן מענטש, זיין ליב־שאַפט צום מענטש דעם בויער, דעם טוער, דעם שאַפער. דעם דיכטער איז גע־לונגען צו שילדערן דורך ליד די אַטמאָספער פון מדינת ישראל אין בוי און וואוקס, דורך מי און אָנשטרענגונג, און אינעם דראַנג פון די פאָלקס־מאַסן פון ישראל צו שלום און פעלקער־פריינטשאַפט. פאַראַן אין אַט־דער סעריע צאַרטע, וואַרעמע לידער וועגן דגניה, יד־חנה, „חנהלע פון אשדות־ים", לידער צו ישראלס העלדן פון מי (פריידל, וורדי, גבעתי, אלישבע):

„...און אין קיבוץ די וויינשטאָקן שטייען, און די זעלבע צוויי גריבעלעך חן
און עס קלינגט דאָרט איר ליד, ביי איר פריילעכער טאָכטער שולמית.

פאַראַן אין אייניקע לידער, באַזונדערס אין די קאַמף־מאָטיוון, קענטיקע השפעות פון די פיר יידישע פּיאָנערן אַרבעטער־דיכטער אין אַמעריקע: ווינטשעווסקי, עדעלשטאַט, באָווהאָווער, ראָזענפעלד.

אייניקע לידער אין דעם בוך האָבן ניט אויסגעהאַלטן דעם שווערן עקזאַמען אָדער די שטרענגע פּראָבע פון דער צייט. זיי זיינען געווען קרעפטיק און באַרעכ־טיקט אין זייער צייט, אין די דרייסיקער יאָרן. ווי זאָגט דער פסוק: „ונח היה צדיק בדורותיו"... פאַר דער נייער צייט. וואָס פאַדערט נייע לידער, נייע ניגונים, זיינען זיי אויסער צייט אָדער אומצייטיק. אַ חסרון איז אויך דער צו־לייכטער טאָן אין אַ צאָל לידער, און די ניט־געלונגענע האַמעטנע צוויי־ווערטער קאָמבינאַציעס, ווי למשל „אייזן־ציש", צי אַזוינע אויסדרוקן, ווי „אָדלער־פערד וואָס קנאַקן", „הענ־גען טרערן אַטראָפירט", „אויגן האָבן זיך אַ שיפ געטאָן צום רעדנער", „ציגאַר־האַלעוועשקע", א. אַנד.

עס פאָדערט זיך מער אָפּגעהיטקייט אין באַנוץ פון פאָעטישן וואָרט; נענטער צוליגן דעם אויער צו דער עכטער נאַטירלעכער שפּראַך פון פאָלק און צו דער געלייטערטער יידישער דיכטונג.

אָבער סיי־ווי: דוד סעלצערס נייער בוך לידער פאַרצייכנט אַ מדרגה פון וואוקס און אַנטוויקלונג, דער עיקר דאָרט וואו ער קומט מיט אַ שטילן ניגון. מיט רעכט דעקלאַרירט דער דיכטער אין זיין אַריינפיר־ליד:

און ס'האָט מיין פּעח אין אייגן בלוט זיך אָנגעגליט
און זיך געשליפן איבער שאַרפשטיין פון דער נויט.

(פרייהייט, אַפּריל 24, 1964)





# שלום שטערן

(געב. 1907)

שלום שטערן: „דאָס ווייסע הויז". איקוף־פאַרלאַג, ניו־יאָרק, און פאַר־לאַג „יידיש בוך", וואַרשע, 286 זייטן. 1967.

שלום שטערנס נייער בוך, „דאָס ווייסע הויז", אַ ראָמאַן אין פערזן, איז אַ טיף־פאַרטראַכט ליכטיק־ליריש פּאָעטיש ווערק, וואָס וועט זיכער פאַרנעמען אַ חשוב אָרט אין אונדזער יידיש־ליטעראַטור אין אַמעריקע. דאָס איז, טעמאַטיש, דורכאויס אַ קאַנאַדער יידיש ווערק, — אין אַ געוויסן זין, עפּעס נייעס אין אונדזער ליטעראַטור.

דאָס ווערק איז געבויט אויפן זעלבן ליריש־דערציילערישן, אָפּט השתפכות־נפשדיקן שטייגער, ווי דעם דיכטערס פריערדיקע צוויי בענד: „אין קאַנאַדע". דאָס איז אַ פּאָעטיש־אויטאָביאָגראַפישער ראָמאַן, מיט פאַרכאַפּנדיקע עפּיזאָדן, שיל־דערונגען און געמעלן. דער לייענער ווערט געהאַלטן געשפּאַנט. ער גייט־מיט מיטן דיכטער־דערציילער אין אַלע טיפע איבערלעבונגען פונעם הויפּט־העלד אינעם בוך, דעם יונגן דיכטער וועלוול אין זיין געראַנגל פאַר לעבן און געזונט. „דאָס ווייסע הויז" איז, אין אַ טיפערן זין, אַן ערלעך געזאַנג צו לעבן און ליבע, צום מענטשן פון ערלעכער מי, צום קאַמף פאַר סאָציאַלן יושר, צו דער טראַדיציע פון יידישן פאָלק און פון זיין קולטור.

רייכער, ווי פריער, אין טעכנישער דערפאַרונג אין „אויפבויען" אַ פּאָעטישן ראָמאַן־בנין, האָט דער מחבר אין זיין נייעם ווערק באַוויזן אַ העכערע מדרגה פון קאָנסטרוקציע. דער סיפור־המעשה איז קלאָר; די פאַבולע קניפּט זיך און בינדט זיך, קייטלט זיך פון איין עפּיזאָד צום צווייטן, פון איין געשעעניש צו אַ צווייטער. דער אינטערעס ביים לייענער שטייגט פון קאַפּיטל צו קאַפּיטל.

די האַנדלונג שפּילט זיך אָפּ הויפּטזאַכלעך אין די קאַנאַדער וואַלדיקע בערג, אין אַ סאַנאַטאָריע פאַר טובערקולאָז־קראַנקע, אַ ווייסע געביידע — דערפון נעמט זיך אויך דער נאָמען פונעם בוך: „דאָס ווייסע הויז".

אַהין, צום „ווייסן הויז", ווערט דורכן דאָקטאָר געשיקט צום קורירן זיך דער יונגער, ערנסטער יידישער דיכטער וועלוול, אַ שאַפּ־אַרבעטער אין מאָנטרעאָל, אַ

זון פון אַ למדנישער משפּחה פון אַ קליין שטעטל אין פּוילן.

מיר זעען אים אין דער סאַנאַטאָריע, אונטער דער אויפזיכט פון יידישע דאָק־טוירים און קראַנקן־שוועסטער — און אין פּראָצעס, ווען דאָרט בליט־אויף ווי אַ פּרעכטיקע רויז אַ שיינע צאַרטע ליבע צווישן דעם קראַנקן דיכטער און דער שיינער, ערלעכער קראַנקן־שוועסטער מיס אַלמאַן, וועלכע העלפט אים צוריק־קריגן זיינע כּוחות.

אין די ראַמען פון אָט־דעם צעבליטן ראָמאַן צווישן צוויי ריינע יונגע נשמות קומט־אַריין די גאַנצע אַרומיקע, דערבייאיקע סביבה: די פּאַציענטן, די קראַנקן־שוועסטער, דאָקטוירים, פאַרוואַלטער, די פאַרמער־שכנים — יעדער מיט זיין וועלטל. דער מחבר באַווייזט אַריינצובליקן אָפּט אין די טיפע ברונימער אין די נשמות פון זיינע כאַראַקטערן, אַרויסאַנטפּלעקן פון דאָרט דאָס תוכיקע, דאָס סאַמע וועזנטלעכע.

עס שאַפט זיך אַזוי אַרום אַ גאַנצע גאַלעריי מיט מענטשן־פּאָרטרעטן. אייניקע פון זיי — עכט־קינסטלעריש־געשילדערטע.

ניט נאָר פאַראינטריגירן אונדז די „הויפּט־העלדן": וועלוול און זיין גע־ליבטע, מיט וועמען ער האָט חתונה (צום סוף פונעם ווערק), נאָר אויך אַ צאָל אַנ־דערע „איינוואוינער" פונעם „ווייסן הויז". באַזונדערס קריצן זיך איין אין זכרון: דער פרומער, גלויביקער ר' שמואל; דער איינזאַמער פאַרוואַלטער מיסטער בריק, וועלכער שרייבט אין די נעכט אַ ראָמאַן וועגן דעם קאַנאַדער־פראַנצויזישן דאָר־פישן באַרג־לעבן; דער קרבן פון דער „פּראַלעטאַרישער קרענק", חבר יוסף טרושטשאַנסקי, אַ פלאַמיקער רעוואָלוציאָנער; די פּאַציענטן דזשאָ פערלמאַן און דער שערער איזי געלבער; די דאָקטוירים באַנד און מאַכלין; די בייזע „נוירס", די ניט־פאַרגינערין מיסיס גלין; דער אידעלער מאָלער און יושר־מאַנער יוסף גאָרן; די פאַרליבטע נוירס נעלי קעי; דער פאַרמער זשאַק לעוועק און זיין פרוי — און נאָך און נאָך.

מיר זעען די ערנסטע חולאים אין זייער טראַגישן צושטאַנד, אין קאַמף פאַר בלייבן לעבן — און מיר זעען אייניקע פון זיי אין זייער צאַנקען ווי אַ ליכט, אין זייער גסיסה און אויסגיין. אַ סך טראַגיק, אַרומגעוועבט מיט ליכטיקע פעדים פון מענטשנס האָפענונג, שטרעבונג, לעבנס־דראַנג און לעבנס־לוסט.

אַ שטיק רעאַליסטיש לעבן אין אַ וויכטיקן ווינקל פון קאַנאַדע גייט־אויף אין שפּרייט זיך פאַר אונדזערע אויגן. און צווישן די „העלדן", וואָס שפּילן גאָר אַ וויכטיקע ראָל אין שטערנס ווערק און רעגן אונדזער פאַנטאַזיע, זיינען די ווינטן און וואַסערן; די זון, לבנה און שטערן; שנייען, רעגנס, שטורעמס — זייערע „לידער" און מעשׂיות; פעלזן, ביימער, בערגלעך, וואַלד, גראָזן און מאָכן. זיי רעדן, דערציילן, מאָלן, שמועסן זיך דורך. זיי העלפן וועבן די פעדים פונעם ראָמאַן. זיי העלפן אויסזינגען דעם שיר־השירים, וואָס קוואַלט־אַרויס פון די טיפענישן פו־נעם דיכטערישן ווערק. זיי זיינען ניט בלויז פאַרבן, אָרנאַמענטן, קאָלאָריט — זיי זיינען שותּפים — סיי פונעם דיכטער, סיי פון זיין ראָמאַן וועגן אַ ראָמאַן. דער דיכטער שילדערט אויך די אייגנאַרטיקייט פון די פיר יאָר־סעזאָנען אין דער „ווייסער מלוכה"; אויך די טעג און נעכט, פאַרטאָגן און פאַרנאַכטן אין און אַרום דעם אַנשטאַלט.

דאָס „ווייסע הויז" — די סאַנאַטאָריע — לעבט אַן אייגן, אייגנאַרטיק לעבן:

אַ הייל־אַנשטאַלט אין די זומער־גרינע, ווינטער־ווייסע קאַנאַדער בערג. דוכט זיך, איזאָלירט, אָפּגעריסן פון דער וועלט — אָבער ס׳איז ניט אַזוי. דורך זיין סיפּור־מעשה פאַרוואַרפט דער דיכטער אַ בריק צווישן דער סאַנאַטאָריע, איר אומעט און צער, און דער גרויסער, האָרעפּאַשנער, טומלדיקער וועלט אַרום איר, — אַ בריק צווישן דאָרף און שטאָט. פונעם מחברס שילדערונגען, דורך קורצע דיכטע־רישע שורות און שורהלעך, באַקענען מיר זיך מיט די טראַגישע לעבנס־געשיכטעס, וואָס האָבן געבראַכט די חולאים צום „ווייסן הויז" — אייניקע פון זיי אויפן לעצטן וועג. זעען מיר זיי, אַזוי אַרום, אין זייערע אַנגסטן און ווייען — אָבער אויך מיט זייערע טראָפּנס פרייד און האָפענונג, צייטנווייז אויך מיטן אויפבּרויז פון ליבע־געפילן, ליבע־גאַרונגען.

אַ סך מענטשלעכע גוטסקייט ברענגט דאָ אַרויס דער מחבר. זי וועגט ווייט אַריבער די שאָטנדיקע מאָמענטן, דאָס נעגאַטיווע אין מענטשן. אין שאָטן פון טויט, אין טאָל פון וויסטעניש, לויכטן־אויף מענטשלעכע טרוימען פון אַ וועלט פון שלום און ברידערלעכקייט. זיי שטראַלן־אויף מיט ליכטיקן גלויבן אין טרו־שטשאַנסקיס לעצטע לעבן־רגעס, אין זיינע צוואה־רייד:

וואָרום ייִד מיינט ניִשט
בלויז היטן פון דורות
דעם געירשנטן לעבנס־אַרט.

אַ יידישער פּאָעט דאַרף אַרויסטרעטן
קעגן די, וועלכע האַלטן
דעם אָרעמאַן אין נויט פאַרשפּאַרט.

פון די דיכטערישע בילדער וואַקסן־אַרויס קינסטלעריש־געמאָלטע קאַנאַדער (קוויבעקער) פּייזאַזשן, ווי אויך שטיקער לעבן־שטייגער אין די צעוואָרפענע פּוי־ערים־שטיבלעך אין די ביי־וואַלדיקע דערפלעך, ווי אויך אין די יידישע קוואַרטאַלן פון דער אַרבעטערשאַפט און אָרעמשאַפט אין מאָנטרעאָל.

פיל פּאָעטישע פּערל זיינען „צעוואָרפן" איבערן גאַנצן בוך. זיי שימערן און גלימערן מיט חן פון אָריגינעלע אימאַזשן, וואָרט־בילדער, מעטאַפאָרן און פאַר־גלייכונגען, מיטן חן אויך פון פאַרשיידענע ריטמען און אייגנאַרטיקע גראַמען — אין די שורות און צום סוף פון שורות.

קאָלירפול און פילפאַרביק איז דער איבערגאַנג פון לידער־פּאַסטאָראַלן צו לי־דער־געמעלן צו לידער־ניגונים, דורך וועלכע עס קומען צום אויסדרוק דעם דיכ־טערס שטימונגען, געמיט־צושטאַנדן, טיפע אינערלעכע פּאָעטישע איבערלעבונגען, ווי אויך זיין לעבנס־פילאָסאָפיע, זיין בליק אויף דיכטונג און קונסט, זיינע פאָדע־רונגען צו זיך און צו קאָלעגן־דיכטער.

דער ערלעכער ר׳ שמואל זאָגט־אָן דעם צאַרטן דיכטער: „פון לויטערן האַרץ־קוואַל שעפּ די ווערטער". ביים באַנקעט צו דער געזעגענונג מיטן דיכטער און מיס אַלמאַן, ווינטשט אים צו דער פּאָעטיש־געשטימטער פאַרוואַלטער, מיסטער ברין:

אין זיין היימיש האַרציק געזאַנג
זאָל תמיד אין ליכטיקער ליבע
ציטערן דער לויטערער קלאַנג.

אָבער די געליבטע גופא, מיס אַלמאַן, זעט נאָך אַ העכערן אידעאַל אין דיכ־טערישן געזאַנג. זי פאַרבינדט „ליכטיקע ליבע" מיט אַרבעטס־פאָלק. אין עק־סטאַז רופט זי אויס:

צו וועלוועלס ליד אַ לויב,
וואָס דעם אָרעמען מענטש
אין אים ער דערהויבט.

ליד זאָל דערהויבן דעם אָרעמאַן, קרעפטיקן זיין מוט, ווייזן אים זיין מענטש־לעכע ווירדע און חשיבות — דאָס איז די הויפּט־אידייע פונעם דיכטער ש. שטערן, ווי אויסגעדריקט דורך די רייד פון זיין פּאָעט:

אין לעבן מוז קומען
אַ שטאַרקער איבערבוי.
מענטשן טאָרן מער נישט זיין
אויסגעדראָשענע בינטלעך שטרוי.
...דעריבער איך מאָן, נישט אַרויסלאָזן
פון האַנט די פרייהייט־פאָן.

די דערציילערישקייט איז אָפט געבראַכט אין מעשהדיקן, שטילן טאָן. אין דער מעשה פון די „העלדן" און זייערע שווערע לעבנס ווערן אַריינגעוועבט מחיה־דיק־שיינע לידער־בלימלעך, ווי אוזאָרן פאַרביקע אין פילקאָליריקע אוקראַיניש־פויערשע היימישע טעפּיכער. מערסטנס זיינען דאָס שטימונגספולע צוויי־שורהדיקע, אָדער דריי־שורהדיקע פערזן, וואָס זיינען פאַרגאַנצטע פּאָעטישע מיניאַטור־ביל־דער. למשל:

שטיין, גראָז, שטוב און וואַלד.
און צווישן די מאַכן אַ וואַסערל קוואַלט.
גאָלדענער גלי פון פאַרבן.

די לאָנקע ליגט
אַ געל־אָפּגעגאָלטער שאַרבן.

אַ סך פון אָט־די קורצע סטראָפן, וואָס זיינען ווי גאָלדענע טראָפּנס טוי פול מיט זונשיין, דערמאָנען צומאָל אין דער וואונדערלעכער פּאָעטישער טראַדיציע פון די דריי־שורהדיקע יאַפּאַנישע „האַיקו"־לידער — געמעלן פון נאַטור, שטימונג, עמאָציע, בענקענישן און נשמה־באַגערן.

שלום שטערנס נייער בוך איז אַן אָרגאַנישער געמיש פון רעאַליסטישע ביל־דער און דערהויבנדיקער, געלייטערטער פּראָגרעסיווער ראָמאַנטיק. דער בוך איז אַ העכערער שטאַפּל אין שטערנס עכטער דיכטונג. ער איז גלייכצייטיק אַ וויכטיקער אויפטו פאַר אונדזער היינטצייטיקער יידישער פּאָעזיע — אַן אויפטו פון באַדייטונג, ווי, למשל, י. י. שוואַרצס „קענטאָקי"־פּאָעמע איז געווען בשעתּה — נאָר, פאַרשטייט זיך, מיט אַנדערע קינסטלערישע מיטלען.

„דאָס ווייסע הויז", ווי אַ ווערק מיט אַ שלל קאַנאַדע־בילדער, מיט קאַנאַדעס נאַטור־לאַנדשאַפטן, ווי אויך מיט איר סאָציאַלער פּאַנאָראַמע, איז אַזוי־אַרום אַ ביישטייער צו דער קולטור פון קאַנאַדע. ווי אַ ווערק, אַנגעזאַפּט מיט פיינער יידי־שער, דיכטערישער טראַדיציע, מיט אייגענע פּאָעטישע חידושים, איז שלום שטערנס נייער בוך אַ ווערטפולער ביישטייער צו אונדזער יידישער ליטעראַטור.

(זונטיק, אָקטאָבער 22, 1967)





# פסח בינעצקי

(1965-1910)

פּסח בינעצקי: „אויסדרויער". לידער און פּאָעמען. פאַרלאַג „תרבות לעם", תל־אביב, 1963. 260 זייטן.

יעדעס ליד, יעדעס גוט ליד, איז אין דער אמתן אַ נס, אַ וואונדער, אַ התגלות, אַן אַנטפּלעקונג און זעלבסט־אַנטפּלעקונג. אַ היפּשע צאָל אַזעלכע גוטע לידער געפינען מיר אין דעם נייעם בוך לידער און פּאָעמען „אויסדרויער", פונעם דיכטער פּסח בינעצקי, וועלכער איז אין משך פון די לעצטע יאָרן געוואָרן אַ תושב אין מדינת־ישראל.

שוין אין זיין ערשטן לידער־בוך, „אַ פענצטער צו דער וועלט" (לאָדזש, 1948) איז דער פּראָגרעסיווער, פיל־געליטענער דיכטער, אַ געוועזענער פּאָליטישער אַרעס־טירטער אין פּילסודסקיס פּוילן, געקומען צום לייענער מיט אַן אייגענעם, אייגן־אַרטיקן פּאָעטישן טאָן. אין 1957 איז אין פאַרלאַג „יידיש בוך", וואַרשע, דערשי־נען זיין צווייטע לידער־זאַמלונג: „לידער". איצט קומט צו אונדז דער דיכטער מיט זיין דריטער לידער־זאַמלונג (פּאָרטרעט פונעם מחבר און צייכענונגען אויס־געפירט פון מנחם בינעצקי, זון פונעם אויטאָר).

אין מיינעם אַן אַרטיקל („מאָרגן־פרייהייט", מאַי 29, 1949) וועגן פּסח בי־נעצקיס ערשטן בוך לידער, אונטערן „קאָפּ": „אַן ערשטע לידער־זאַמלונג פון אַ יונגן פּויליש־יידישן דיכטער אין פּוילן" האָב איך געשריבן: „די מערסטע לי־דער אינעם בוך זיינען האַרציק און רירנדיק", „די לידער זיינען רירנדיק מיט זייער עכטקייט און אויפריכטיקייט".

עכטקייט, אויפריכטיקייט, האַרציקייט זיינען פאַראַן (פאַרשטייט זיך), אויך אין פּ. בינעצקיס נייעם לידער־בוך. דערצו אָבער זעען מיר דעם דיכטער אַ רייף־געוואָרענעם, מיט אַ רייכערן פערזז, מיט אַ רייכערן לשון יידיש, מיט אַ מער אַנט־וויקלטער פערזן־טעכניק.

מיר האָבן אויבן דערמאָנט וועגן דעם נס, דעם וואונדער פון יעדן עכטן ליד. נאָך גרעסער איז דער וואונדער, ווען מיר זעען, ווי דער דיכטער פסח בינעצקי און זיין ליד האָבן זיך אין משך פון עטלעכע יאָר איינגעהיימישט, איינגעביר־גערט, ממש פאַרוואָרצלט זיך אין דער נייער היים, אין ישראל. מיר זעען פאַר זיך דעם געוועזענעם ביאַליסטאָקער וועבער, דעם ערלעכן רעוואָלוציאָנערן קעמ־פער אין אַלטן פוילן, אַ געטרייען צו זיין אידעאַל פון אַ באַפרייטער מענטשהייט, אויך אין דער נייער סביבה, אין דער נייער היים — ישראל.

פאַראַן פיל גוטע, עכטע, וואַרעמע לידער אין אַלע אַכט אָפּטיילונגען פונעם בוך: מולדת, אייביק־גלייביק, מגדל לעניין, אין צער און צאַרן, ביי ברידער צו גאַסט, פון אונדזער האַרץ, יידיש, שפּליטערס. אָבער די קרעפטיקסטע און שענסטע לידער שיינען־אַרויס און זינגען אויפן סאַמע נאַטירלעכסטן אופן פון דער ערשטער אָפּטיילונג: „מולדת" (מאָלעדעט — היימלאַנד).

אין אָט־די פרישע, צאַרטע לידער דערזעען מיר דעם רעוואָלוציאָנערן אַר־בעטער־דיכטער ווי אַן אמתן, געטרייען, קעמפערישן ישראל־פּאַטריאָט אין שענסטן און טיפסטן זין פון דעם דאָזיקן וואָרט. מיר דערשפּירן בפועל־ממש, אַז די „אווירא דישראל" (די לופט פון ישראל) איז געזונט און באַהילפיק פאַר דעם דיכטער, און אַז ער און זיין ליד זיינען געזונט, ניצלעך, שעפעריש און קאָנסטרוקטיוו פאַר „אווירא דישראל" — פאַר דער ישראל־אַטמאָספער.

און נאָך עטוואָס, וואָס איז שטוינענדיק: די „ישראל־לופט", איר נאַטור, איר פייזאַזש, איר סאָציאַלער און פּאָליטישער אָטעם, טיילוויז אויך איר געשיכטע — זיינען שוין פאַראַן אין פיל פון בינעצקיס לידער און פּאָעמען. דער דיכטער לעבט מיט די קאַמפן און מיטן אויפבוי פון זיין נייעם היימלאַנד. ער געפינט די פּאַסיקע רימען, בילדער, אימאַזשן, ניגונים צו באַזינגען דעם עמק (עימעק) און די „אור־אַלטע בערג פון יהודה", דעם ים כנרת און דעם ירדן; די ישראל־נאַטור און דאָס ישראל־פאָלק — דער עיקר, די בויער, די האָרעפּאַשניקעס. ער זינגט זיין ליב־שאַפט צו דער ישראל־ערד און אירע זין און טעכטער. די ישראל־ערד ווערט — „ערד מיינס". ער ווייסט — „וויפיל אוצרות אין דיין אינגעוויד פאַרמאַכט".

„אויסדויער", זעען מיר, איז בינעצקיס אַ וויטערדיקער, געזונטער, געלונגענער המשך פון זיין פריערדיקן יידיש־פּוילישן ליד — נאָר מיט נייע, מונטערע, האָפ־פענונגפולע טענער, אין אַ נייער אַרומרינגלונג, מיט נייע פּראָבלעמען און אויפ־גאַבן, אויף אַ נייער, העכערער שטופע פון זיין דיכטונג. זיין ליד, אָפּט רייך מיט קאָנקרעטע, לעבעדיקע וואָרט־בילדער, מיט אימאַזשן, ווייזט אונדז די ניי־בויאונג פונעם לאַנד, און אויך די סאָציאַלע איבלען און עוולה׳ס. ער אַנטפּלעקט פאַר אונדז די דרעמלענדיקע אוצרות פונעם נגב („און דער נגב, גאָט מיין ליבער! — נאָפט און אייזן אין די גריבער"), די כרמל־שיינקייטן, דעם אָפּקלאַנג פונעם ירדן־„גע־פּליסטער" אין זיין האַרצן, „די מדברס אויסגעבעט מיט סאַמעט־גרינס", דעם „גרעסטן פון די אוצרות" — דעם מענטש, דעם בויער־שאַפער, „אונדזער אוצר", און אויך — דעם דלות, די נויט, די ראַסן־דיסקרימינאַציע, דעם צער פונעם באַ־עוולה׳טן, פון די „בני עניים", די גרויסע אָרעמעלייט.

שוין אין זיין סאַמע ערשטן ליד אינעם בוך „מולדת", רופט־אויס דער דיכטער:

מולדת, פאַר דיין וואויל כ׳פאַרשפּאַר קיין מי נישט.

אַ יעדע עוולה טוט מיר ווי ביז בלוט!
איך זינג דאָס ליד דיר, וואָס איך זינג אויף יידיש,
אַז דו אין פרידן זיין זאָלסטו באַרוט!

מאָלעריש שילדערט דער דיכטער די לאַנדשאַפט פון ישראל:

דער הויקערדיקער שטעג פון קעמל־שפּאַן —
פאַרלוירן אין אַ פעלדזשפּאַלט פון כנען.

מיט ווייטאָק און צער מאָלט ער די אָרעמקייט, דעם הונגער פון די נויט־לײדנדיקע (אין זיינע סאָנעטן „וואַדי סאַליב" — דלות־קוואַרטאַלן אין חיפה):

ווין, קינדעלע, ווין!
ס'וויל דער קרעמער מער שוין גאַרניט באַרגן —
קיינן וועסטו היינט חער מאַמעס זאָרגן,
אויסזויגן דאָס חיות פון געביין...

באַזינגענדיק „אונדזער עמך שער און אייזן — וואונדער קאָן ער דאָך באַ־וויזן", ווייזט דער דיכטער אויך די קעמפער קעגן סאָציאַלן אומרעכט:

וואַדי סאַליב — טרערנדיקער שטעג —
אָנגעהויבן ריידן האָט מיט צאָרן.

דער דיכטער רופט צו מי און יושר:

דו נאָר זיי און פלאַנץ,
אַז די מי זאָל זיין דער העלד דאָ...

ער האָט גלויבן און בטחון אין די קעמפער פאַר יושר. ער ווייסט, אַז — „דער פלאַם פון מודיעין נאָך ברענט"... ער גלויבט אין דעם ענדגילטיקן נצחון פון אמת:

כ'ווייס, אָ, איך ווייס, אַז דער טאָג, ער וועט קומען:
עוולה פון לאַנד, זי וועט ווערן פאַרשניטן.

מיט פעסטע, געמאָסטענע פערזן — מערסטנס דורך קלאַסישן ליד — זינגט ער האָפּערדיק פון זיין באַהאַפטנקייט מיטן אַרבעטער־קלאַס, „דעם קלאַס פון מי און הייליקער יצירה". אייניקע לידער זיינע זיינען אָנגעגליט מיט האַס צו „די אַדל־ריטער פון דעם שקר־גאָט", די פאַלשע פּאַטריאָטן, פאַר וועמען „די מולדת איז אַ פעטער ביסן". דער דיכטער חלומט דעם חלום פון יידיש־אַראַבישער ברודער־שאַפט (שיין און בילדעריש זיינען זיינע לידער צו די אַראַבישע קעמפער־אַסירים איבראַהים און מחמוד שריידי); ער וועבט זיין וויזיע:

אין פייער־גלויבן, אַז די פאָן וועט זיגן —
די פאָן פון ברודערשאַפט אין אונדזער לאַנד!...

ער באַהאַלט ניט די שאַנד פון דער סיני־אַקציע („אַזוי איז געווען אין אָק־טאָבער"), ער לאָזט אונדז הערן „פון קיביע די געוויינען"; ער וואָרנט: „מיין הימלאַנד, זיי געהיט פון זיגן, וואָס מאָנען שפּעטער אַ באַצאָלונג". ער גלויבט מיט די נביאים, אַז — „ציון במשפט תפדה": ישראלס לייזונג וועט קומען דורך גערעכטיקייט.

פון צייט צו צייט זינגט דעם דיכטערס האַרץ מיט בענקשאַפט־לידער — בענק־שאַפט צו פאָלקס־פּוילן, צום געבורטסלאַנד, וואו ער האָט געלעבט, געווירקט, גע־

קעמפט, געליטן, געשאַפן אין זיין יוגנט, — צום לאַנד, וואו דער באָדן איז פאַר־היילוקט געוואָרן מיט פאַרגאָסענעם בלוט פון מיליאָנען יידן, קרבנות פון נאַציזם. עס לויכט־אויף אין דיכטערס געלייטערטן ליד זיין בענקשאַפט נאָך דער „ערד, וואו איך האָב דערזען דאָס ערשטע ליכט". „דו, מיין פוילן־היים, בלייבסט אייביק אייגן".

אָבער די בענקשאַפט ווערט באַהערשט דורך טאָג־טעגלעכער מי, דורך שווערער פּראַצע און געבענטשטער שפּערישקייט אין דער ישראל־היים, וואו — „אַ זון אין נגב אויף די זאַמדן, זיין יוגנט שטעלט ער אויס ניט איין מאָל אין געפאַר".

פונעם דיכטערס גייסטיקן אויג טרעט ניט אָפּ „דער כותל אויף געגשע", דער „אומקום פון יידישע עדות". ער קוקט כסדר אויפן היטלערישן רוצח און אויף זיינע יורשים — „מיט זעקס מיליאָנען בליקן".

פאַראַן אינעם בוך פיל השתפכות־הנפשדיקע לירישע לידער, לידער מיט סאָציאַלער, עפּיש־קינסטלערישער שליחות, לידער מיט אויסגעשטאַלטיקטע איידייען, טרוימען, זעאונגען. פאַראַן אין זיי פייער פון צאָרן, וויטאָקן, גלויביקייט פון אַ מאמין, בטחון אין זיין קראַפט פון אויסדויער (דער נאָמען פונעם בוך) — „און אויב עס גיט דאָס האַרץ אַ פּריר פון שרעק — אין אויסדויער צו אויסהאַלטן כ'געוואוין עס".

דער פּראָלעטאַרישער פּאָעט, וואָס באַצייכנט זיך מיט רעכט „אַ זעלנער בין איך פון מיין אַרבעטס־פּאָלק", דער זינגער פון שלום און פעלקער־פריינטשאַפט, האָט אין זיין בוך אַ צאָל גאָר פיינע לידער געווידמעט דעם ישראלדיקן וואַלד פון רויט־אַרמייער, די קעמפער פון פאָלקס־קובא, דער שענסטער בלום פון שפּאַניעס ערד — „לאַ פּאַסיאָנאַריאַ", דעם רעוואָלוציאָנערן ישראל־דיכטער אַלעקסאַנדער פּען, דער יונג־פאַרשטאָרבענער רעוואָלוציאָנערער ישראל־דיכטערין, חיה קדמון, די פרייהייט־העלדן פון פראַנקרייך, וואו דער דיכטער איז געוועזן אויף אַ באַזוך.

אין בוך גייען אַריין איניקע יוגנט־לידער, וואָס דער דיכטער האָט געשריבן אין 1942 אין אַלמאַ־אַטאַ אין צייט פון דער עוואַקואַציע, לידער, געשריבן, בעת אַ באַזוך אין פוילן אין 1957 און 1959.

מיט זיין נייעם וויכטיקן לידער־בוך פאַרנעמט פּסח בינעצקי, אַ חשוב, פאַרדינסטפול אָרט אין דער מאָדערנער יידישער פּאָעזיע פון ישראל. די לידער ווייזן, אַז אין ישראל, ניט־געקוקט אויף גרויסע מאַטעריעלע שוועריקייטן, האָבן זיך פאַר אים ברייט געעפנט די „שערי יצירה" — די טויערן פון שעפערישקייט.

קרעפטיק איז פּסח בינעצקיס האָפענונג און בטחון. „איך דויער ווי דער פלאַם פון חומש־דאָרן", זינגט ער אין זיין ליד „איך בין אַ ייד!"... זעען מיר אים, ווי אַ געטרייען שאַפער פון ליד און בויער פון לאַנד. לאָמיר שליסן מיט אַ פערז פון בינעצקיס אַ ליד:

אַלץ אין לעבן דאַרף זיין ליד,
אַלץ, און ליד איז דאָס געוועב פון וואָר און חלום.
ווער ס'האָט פאַר דער גוטסקייט זיך געמיט,
וועט דאָס ליד אים זיין פאַר אַ באַצאָלונג.

(„מאָרגן־פרייהייט", זונטיק, דעצעמבער 21, 1963)



# דאָרע טייטלבוים

(געב. 1914)

דאָרע טייטלבוים: „אויפֿן וועג צום מענטש". פֿאַרלאַג „יידיש בוך", וואַרשע,
און „אויפּטניי", פּאַריז. 216 זייטן. צייכענונגען: זשאַן לירסאַ; הילף: ק.
גלעב. 1965.

„אויפֿן וועג צום מענטש", דער נייער בוך לידער פֿון דער פּראָגרעסיווער יידי־שער דיכטערין דאָרע טייטלבוים, איז גלייכצייטיק אַ נייע דערגרייכונג אין איר שאַפֿן און אַ שפּיגל פֿון איר פֿריערדיקן שאַפֿן. אין דעם בוך גייען־אַריין פֿיל לידער, געשאַפֿן אין פֿאַרשיידענע עטאַפּן פֿון איר דיכטערישן וואוקס. זיי גיבן אַ בילד פֿון איר שטייגן אַלץ העכער ווי אַ וואָרט־און בילד־קינסטלערין.

די דיכטערין, וועלכע איז געקומען אין אונדזער ליטעראַטור אין 1940, איז די אויטאָרין פֿון די לידער־ביכער: „אינמיטן וועלט", „הימל און ערד", „מיט אויגן אָפֿענע", „די באַלאַדע פֿון ליטל ראַק", „ס'האָט דער ווינט גערעדט צו מיר יידיש", און פֿונעם בוך רייזע־איינדרוקן „מיטן פּנים צום לעבן". איר איצטיקע לידער־זאַמלונג איז אַ נייער, העכערער שטאַפּל אין איר דיכטונג.

דאָרע טייטלבוימס לידער זיינען לידער פֿון לעבן — און פֿונעם גראַנגל פֿאַר לעבן; לידער פֿון רו און אומרו, פֿון פֿרייד און אומעט, פֿון טרערן, בענקשאַפֿטן, באַגערן; לידער, וואָס באַזינגען דעם מענטש אין זיין שטייגן צו די הימלען און שטערן. דאָס זיינען לידער פֿון „האָף און גלייב":

און אויב דו גלויבסט, איז שוין הערפּון
געבוירן ווערט אַ נייע זון!

יידישע מאָטיוון און מאָטיוון אוניווערסאַלע, אַלמענטשלעכע, גיסן זיך צוזאַ־מען אין איין האַרמאָניע, ווערן איינס אין די מערסטע פֿון אירע לידער. זיי ווערן — איין טרוים, איין קאַמף.

נאַטירלעך איז פֿאַר דער דיכטערין „דער איינגעשפּאַרטער ניגון, וואָס געירשנט פֿון דעם טאַטן", צי דאָס לשון פֿונעם ווינט: „דער ווינט רעדט צו מיר יידיש", ווי נאַטירלעך עס זיינען פֿאַר איר די געזאַנגען וועגן פּאַטריס לומומבאַ, מיסיסיפּי און טענעסי.

די סאָציאַלע לידער אין דעם בוך זיינען לידער פֿון אונדזער צייט, פֿון דער היינטיקער היסטאָרישער צייט מיט אירע ברויזן און שטורעמס. עס שלאָגט פֿון אָט־די לידער מיט ווייַ און אומרו, מיט טיפֿער עמאָציע:

צייט איר ברוכוואַרג טיף אין האַרץ מיינס לאָזט,
ווי טייך אויף דנאָ די שטיינער און דעם ראָסט.

אָדער:

און דאָס האַרץ, וואָס האָט אַ גאַנצן טאָג געשוויגן,
ווי אַ לייב צעברומט זיך מיטאַמאָל.

די לידער־זאַמלונג אָטעמט מיט קעמפערישקייט, מיטן חלום פון שלום. פרידן־ און פרייהייט־טרוימען זיינען אַ קלאַנגפולער ניגון, וואָס קומט צום אויסדרוק אין אַ היפשער צאָל לידער אינעם בוך. אין איר ווענדונג צום ברודער־מענטש רופט־אויס די דיכטערין:

דאָס פּנים פון פרידן — דיין געזיכט,
געוויסן — דיין ריכטער און געריכט.

דער סאַמע הויפּט־מאָטיוו אין דעם בוך, דער לייט־מאָטיוו, איז: מענטש, דער וועג צו מענטש, „בלייבן מענטש", דער גאַנג „אויפן וועג צום מענטש" (דער נאָמען פונעם בוך). זיינען דאָס הויפּטזאַכלעך געזאַנגען צו מענטשן — אין דער בעסטער טראַדיציע פון די בעסטע דיכטער פון אַלע פעלקער, וועלכע שטעלן דעם מענטש אין סאַמע צענטער פון וועלט־באַשאַף, פון זייער טעמאַטיק און פּראָבלעמאַטיק; פון זייער שאַפן. ווייל — „מענטש ס'איז דער גרעסטער פאַרמעגן פון אַלץ וואָס די וועלט נאָר פאַרמאָגט".

מיט ליבשאַפט און פאַרערונג רופט־אויס די דיכטערין:

קום, מענטש,
דיין נאָמען כ'וועל זאַלבן,
אַ קיניגרייך געבן,
וואו ס'האַרץ פון דער מענטשהייט וועט אַ הײמלאַנד דיר זיין.

באַטראַכטנדיק די וועלט און אונדזער עפּאָכע „מיט אויגן אָפענע", זעט און שילדערט די דיכטערין די טראַגיק פון אונדזער לעבן, דעם שווערן און ביטערן סאָציאַלן געראַנגל פאַר אַ בעסער לעבן. אַ וויכטיק אָרט אין איר בוך פאַרנעמען אירע קינות־לידער וועגן דעם גרויסן יידישן חורבן. מיט דיכטערישע בילדער ווייזט זי די —

קרעמאַטאָריע־רויכן, מיט ווינטן פאַרפלאָכטן —
פאָנען צעפלאָטערטע שוואַרצע אין אַלע שטעט פון דער וועלט.

די דיכטערין זעט מערב־דייטשלאַנד — דאָס לאַנד, וואָס איז דורכגעפּרעסן פון נאַציזם־אַנטיסעמיטיזם — ווי „דאָס לאַנד פון דעמאָן גאַרגאָן", ווי —

אַ שלאַנג מיט צונגען ניין
דער וועלט אין פּנים שפּייט אַריין.

אַן אָנגעזעען אָרט אין דער זאַמלונג פאַרנעמען דער דיכטערינס קרעפטיקע, שיינע, נאַטור־לידער, באַזונדערס ים־סאָנעטן און באַרג־לידער. אין האַרץ פונעם לייענער קריגן אַ וואַרעמען אָפּקלאַנג דער דיכטערינס לידער פון בענקשאַפט נאָך רו, נאָך „שטילן פרידלעכן געמיט", אירע שפּיטאָל־לידער און באַזונדערס אירע

